עמנואל רינגעלבלום

# כתבים פון געטאָ

באַנד איינס

## טאָגבוך

(1942 — 1939)

נייע פאַרפולקאָמטע אויסגאַבע

מיט אַן אַריינפיר פון יוסף קערמיש, יד־ושם, ירושלים




פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב, תשמ״ה—1985

**Emanuel Ringelblum**

# WRITINGS FROM THE WARSAW GHETTO

*Volume* I

**(1939 — 1942)**

די ערשטע אויפלאַגע פון בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם
ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע 1961, אין פאַרלאַג „ייִדיש בוך"
און צוגעגרייט צום דרוק און מיט הערות פון:
א. אײַזענבאַך, ט. בערענשטיין, ב. מאַרק, אַ. רוטקאָווסקי
און מיט אַ הקדמה פון א. אײַזענבאַך

פאַרלאַג י.ל. פרץ, תל־אביב, רח' ברנר 14
I.L. Peretz Publishing House
14, Brener Str., Tel-Aviv, ISRAEL

נדפס בישראל, תשמ"ה
Printed in Israel, 1985

אַרויסגעגעבן דורך דעם רינגעלבלום־אינסטיטוט, תל־אביב, מיט דער מיטהילף פון
קרן להנצחת זכרה של יהדות פולין, פון סאָניע און בצלאל קאַסטנער־פאָנד א.נ. פון
מלך ראַוויטש ביים י.ל. פרץ־פאַרלאַג, און פון די חברים: רבקה און יהושע גאָלדבערג
(שיע משעכעווער), ליבער אַנשל (לואים) און גאָלדע קליינמינץ, און ישראל גלאַט,
צום אָנדענק פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי, דער חברטע גיטעלע גלאַט און זייערע
צוויי קינדער, משהלע און חוהלע, דערמאָרדעטע דורך די נאַציסטישע רוצחים.

המילואים בסדר חדש — לינוטור, ת"א, רח' יסוד־המעלה 39
הדפסה — דפוס אופסט „ראם", תל־אביב

**יוסף קערמיש**

# אַ ר י י נ פ י ר

## צו דער נייער פאַרפולקומטער אויסגאַבע

די יידישע וואַרשע, די גרעסטע פון אַלע קהילות אין איראָפּע לויט דער צאָל נפשות, וועלכע איז פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען דער צענטער פון דער יידישער ליטעראַרישער יצירה, וואָס אירע אויסווירקונגען זענען דערגאַנגען און אַלע יידישע מאַסן־ישובים אין דער גאַרער וועלט און אומעטום משפּיע געווען אויף אַלע פאַרשיידנאַרטיקע געביטן פון קולטורעלן רענעסאַנס, אַט די יידישע וואַרשע איז אויך אין די יאָרן פון געטאָ געווען דער וויכטיקסטער צענטער פאַר יידישער יצירה.

נישט געקוקט אויף די סכנות און אויף די שווערע באַדינגונגען אין וועלכע די יידן האָבן זיך געפונען באַלד נאָך דעם ווי די שטאָט איז אָקופּירט געוואָרן דורך די נאַציס, האָבן זיך צווישן זיי געפונען נישט ווייניק אַזעלכע וואָס האָבן געוואַגט אַרויפצובריינגען אויפן פּאַפּיר באַשרייבונגען וועגן די געשעענישן אין יענע שרעקלעכע טעג. דער דראַנג איבערצולאָזן צום אייביקן זכרון דאָס אַלץ וואָס קומט פאַר איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווי ריגנעלבלום שרייבט: „געשריבן האָבן אַלע: זשורנאַליסטן, שרייבער, לערער, געזעלשאַפטלעכע טוער, יוגנטלעכע, אַפילו קינדער. דער רוב האָט געשריבן טאָגביכער ווו די טאָגטעגלעכע געשעענישן זענען באַלויכטן געוואָרן דורך דער פּריזמע פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען".

די דאָזיקע התמדה פונעם יידישן ציבור איבערצוגעבן די קומענדיקע דורות אַן עדות־זאָגן וועגן אַלעם דעם וואָס איז פאָרגעקומען האָט אונדז איבערגעלאָזט גאַנצע אוצרות כּתב־ידן וואָס זיי אַליין זענען דער אויסדרוק פונעם קאַמף, פון דעם קעגנשטעלן זיך אַנטקעגן דעם רעזשים וואָס האָט נישט דערלויבט די יידן צו שרייבן אָדער איבערלאָזן נאָך זיך וועלכע נישט איז עדות, וואָס זאָלן ווען ס'איז דינען ווי באַווייזן פון דעם אַלעם וואָס האָט פּאַסירט.

ליידער זענען בעת דער גרויסער אַקציע אין זומער 1942 און בעת דער שׂריפה און דער פאַרניכטונג פונעם געטאָ נאָך דעם ווי דער אויפשטאַנד איז אונטערגעדריקט געוואָרן, פאַרלוירן געגאַנגען גאַנצע אַרכיוון און זאַמלונגען מיט אַ סך אַקטועלע מאַנוסקריפּטן און צוזאַמען מיט די מחברים וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן קיין טרעבלינקאַ אָדער זענען אומגעקומען אויפן אָרט, זענען אויך פאַרשוווּנדן אַנצאָליקע כּתב־ידן.

אַזוי למשל איז אין די טעג פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ פאַרלוירן געגאַנגען דער אַרכיוו פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע. ס'איז באַקאַנט אַז נאָך דעם ווי דער זיצאָרט פונעם יודענראַט איז אַריבער אין נייעם בנין אינעם קליינעם געטאָ, זענען אויך די אַרכיוו־זאַמלונגען פון

דער קהילה ביסלעכווייז איבערגעפירט און מאַגאַזינירט געוואָרן אין פאַר־שיידענע ערטער. די מיטאַרבעטערס פון אַרכיוו האָבן געאַרבעט עטלעכע טעג ביים רעגיסטרירן דעם מאַטעריאַל וועגן געטאָ (צווישן אַנדערן אויך לידער, דערציילונגען, סאַטירעס און דראַמעס), וואָס איז דערגאַנגען אין קהילה־אַרכיוו נישט נאָר פון וואַרשעווער געטאָ נאָר אויך פון קראָקע און לוואָוו. דער מחבר פון אַ טאָגבוך — אַ מענטש פונעם אַרכיוו — וואָס דער־ציילט וועגן דעם גיט צו: „אַזוי האָבן געשאַפן שרייבערס, געלערנטע, אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען. יעדער איינער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס דער וועלט. איבערגעבן זיין לעצט וואָרט".

אין אַ שפּעטערער תּקופה, אין די טעג פון פּוילישן אויפשטאַנד, איז פאַרלוירן געגאַנגען דער אַרכיוו פון דער ידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין אירע באַזעס אויף פאַנסקע 5 און לעשנאָ 18 און אין אים די קאָרעספּאָנדענץ פון ידישן אונטערגרונט מיט אָפיציעלע פּוילישע פאַקטאָרן, בריוו־אויסטוישן מיט פאַרשפּאַרטע אין קאָנצענטראַציע־און אַרבעט־לאַגערן, זכרונות־פאַר־צייכענונגען און אַן ערך 2000 גבית־עדותן פון ידן אויף דער אַרישער זייט.

דערקעגן איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַ גרויסער טייל פונעם דאָקומענ־טאַרן אוצר פון אונטערערדישן אַרכיוו „עונג־שבת", וואָס איז פאַרגראָבן געוואָרן אין צוויי ערטער: אויף נאָוואָליפּקי 68 און אויף שוויענטאָיערסקע 34. די ערשטע באַהעלטעניש ,די פון נאָוואָליפּקי 68, איז אויפגעדעקט געוואָרן נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען (כּדי צו דערגיין צום קעלער אונטער דעם הויז אויף נאָוואָליפּקי 68, ווו ס'איז פאַרגראָבן געוואָרן דער גרעסטער טייל פון אַרכיוו פון „עונג־שבת", האָט מען געדאַרפט אָפּרוימען אַ מאַסע חורבות). און איז אויפגעגראָבן געוואָרן אין צוויי עטאַפּן — דעם 18טן סעפּטעמבער 1946 און דעם ערשטן דעצעמבער 1950 ; דער דאָקומענטאַציע־מאַטעריאַל וואָס איז פאַרגראָבן געוואָרן אויף דער שוויענטאָיערסקע איז ליידער זעט אויס אין גאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען.

ס'איז אויך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דער אַרכיוו פון ידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אויף דער אַרישער זייט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין המשך פונעם אַרכיוו פון „עונג־שבת". אינעם באַריכט פון קאָמיטעט פון 24סטן מאַי 1944, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד דורכן פּוילישן אונטער־גרונט, איז איבערגעגעבן געוואָרן אַז אינעם אַרכיוו פון קאָמיטעט האָבן זיך אין יענער צייט געפונען קרוב צו 100 טאָגביכער, באַריכטן, כראָניקעס, גביית־עדותן און „טעקעס מיט פאַרשידנאַרטיקע דאָקומענטן".

ס'איז אויך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַ טייל פון די שאַפונגען פונעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ (אַן ערך 20 שאַפונגען האָט דער דיכטער אָנגעשריבן אין דער תקופה צווישן יוני 1940 און דעם אָנהייב 1942, און אַן ערך 10 שאַפונגען פון אָנהייב 1942 ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ). דער גרעסטער טייל זייערער, פון די טעג פון חורבן, האָט אויסגעדריקט דעם יסורים־וועג פון פאָלק, די עינויים, דעם הונגער, די קעלט, די מגפות. דער קלענערער טייל פון זיינע שאַפונגען

האָט געשטאַמט פון פאַר דער מלחמה און אויך אויף זיי איז געלעגן דער חותם פון יענע טעג. דער מאַטעריאַל איז פאַרבאַהאַלטן געוואָרן דורך מרדכי טענענבוימען דעם 20סטן יולי 1942 (צוויי טעג אײדער ס'האָט זיך אָנגעהויבן די „גרויסע אַקציע" אין געטאָ) צוזאַמען מיטן אַרכיוו פון דער „דרור"־באַוועגונג (אין קעלער פון הויז אויף דזשעלנע 34). דאָס באַהאַלטענע איז אויפגעדעקט געוואָרן נאָך לאַנגע זוכענישן, גראָבנדיק אונטער די חורבות פונעם הויז שוין אין פרילינג 1945. עס איז געבראַכט געוואָרן קיין ישׂראל און געפינט זיך אינעם אַרכיוו פון בית לוחמי הגטאות א.נ. פון יצחק קאַצענעלסאָן. עס זענען אויך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן קאַצענעלסאָנס שאַפונגען וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין דער תקופה פון דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ ביז די פאַרלויפעניש פון 1943, שאַפונגען וואָס דריקן אויס דעם טויטזוועג פונעם פאָלק, און וואָס זענען פאַרבאַהאַלטן געוואָרן אין אַרכיוו פון „עונג־שבת".

אין די חורבות פון געטאָ זענען געפונען געוואָרן, פאַרבאַהאַלטענע אין אַ פלאַש, כתב־ידן פון הרב קלונימוס שפּירא, דעם פּיאַסעטשנער רבי, דעם מחבר פונעם באַוווּסטן ספר „חובת התלמידים". (דאָס ספר איז דערשינען אין יאָר תרצ"ב (1932), געשריבן אין אַ סטיל פון אַ דירעקטער ווענדונג צום תלמיד און וואָס איז אין גאַנצן אַן אַנאַליז פון דער נשמה פונעם יינגל). דאָס זענען רייד וואָס דער רבי פלעג לאָזן הערן אין די שבתים און יום־טובים פאַר אַ באַגרענעצטן קרייז חסידים. זיי שפּיגלען אָפּ דעם שרעקלעכן מצב וואָס האָט געהערשט אין געטאָ און דריקן אויס דאָס צעווייטיקטע האַרץ פונעם מחבר.

אויף דער אַרישער זייט איז באַהאַלטן געוואָרן און שפּעטער אָפּגעפונען געוואָרן אַ צאָל חיבורים און טאָגביכער פון אַ גרויסן ווערט, ווי למשל די טאָגביכער פון פאָרזיצער פון יודענראַט אַדאַם טשערניאַקאָוו. פונעם גרויסן שרייבער און פּעדאַגאָג יאַנוש קאָרטשאַק (זיינע טעאַטער־שטיק פאַר קינדער וואָס ער האָט געשריבן אין געטאָ זענען פאַרלוירן געגאַנגען), פון אַהרן קאַפּלאַן, ווי אויך אַ זאַמלונג פאָרשונגען, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין געטאָ, אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר ישׂראל מיליײקאָווסקי, וועגן די רעזולטאַטן פון הונגער און פון פלעקן־טיפוס, אַן אַרבעט וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין די שפּיטעלער פון געטאָ איבער אַ באַזונדערס רייכן קליניש מאַטעריאַל.

עמנואל רינגעלבלומען, יצחק קאַצענעלסאָנען, דעם מחבר פונעם טאָגבוך פון וויטעל און די אַקטיוויסטן פון „עונג־שבת", דער שרייבערין רחל אויערבאַך ווי אויך הירש וואַסערן איז צו פאַרדאַנקען וואָס מיר ווייסן וועגן אַ צאָל אַרבעטן וואָס זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין געטאָ דורך פאַרשידענע מחברים און וואָס זענען נישט איבערגעגעבן געוואָרן צום איבערשרייבן צו „עונג־שבת", נישט געקוקט דערויף וואָס דער אָנפירער פונעם אונטערערדישן אַרכיוו האָט זיך כסדר באַמיט — אונטער אַלע באַדינגונגען — צו אָנטפּלעקן יידישע יצירות, דער עיקר טאָגביכער, און זיי צו קאָנצענטרירן, כדי זיי זאָלן ווערן

אַ קנין פון כלל. אָבער נישט תמיד זענען זיינע באַמיִונגען געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. ער אַליין האָט מודה געווען אַז דאָס איז זייער אַ שווערע אויפגאַבע, מחמת צענדליגער אויב נישט הונדערטער האָבן געשריבן טאָג־ביכער „וויל געדענקען דאַרף מען אַז נאָר אַ קלייגער ברוכטייל פון די שרייבערס פון טאָגביכער האָבן זיך דערצו מודה געווען. דער רוב איז געבליבן פאַרקאָנספּירירט".

אַ שווערער פאַרלוסט פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע איז דאָס פאַרלוירן גיין פונעם טאָגבוך פון יוסף קאַפּלאַנען, פון די אָנפירערס פון „השומר הצעיר", וואָס האָט אַנטהאַלטן הונדערטער זייטן און האָט געגעבן אַן אַרומנעמענדיק בילד פונעם יידישן לעבן אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך. די געהיימע זייטלעך וועגן דער טעטיקייט פון „השומר הצעיר" נישט נאָר אין וואַרשע נאָר אויך אין אַנדערע שטעט אין אָקופּירטן פּוילן האָבן געבראַכט דערצו אַז קאַפּלאַן האָט זיך אַ לאַנגע צייט געוואַקלט צי ער האָט רעכט צו דערלויבן דעם „עונג־שבת" איבערצוקאָפּירן זיין טאָגבוך. ווען ער האָט דערצו מסכים געווען, איז שוין געווען צו שפּעט.

ס'איז אויך פאַרלוירן געגאַנגען דער טאָגבוך פון באַוווּסטן אַדוואָקאַט לעאָן בערענסאָן, וואָס איז געווען אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון די געשעענישן אין יידישן לעבן; דאָסגלייכן זענען פאַרלוירן געגאַנגען די טאָגביכער פון פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן, פונעם עקאָנאָמיסט מנחם לינדער, איינעם פון די איניציאַטאָרן פון דער „יידישער סאָציאַלער אַליינהילף" און פון אי־קאָר, וועלכער האָט אויף די געהיימע סעמינאַרן פון די יוגנט־באַוועגונגען „השומר הצעיר" און „דרור" געגעבן לעקציעס וועגן יידישער עקאָנאָמיק, וועלכער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אונטערערדישער פּרעסע פון „דרור", דער טאָגבוך פונעם באַקאַנטן זשורנאַליסט און זינגער מנחם קיפּניס, די טאָגביכער פון די שרייבערס און זשורנאַליסטן וואַרשאַווסקי, קרימסקי א.אַ. ס'איז אויך זייער אַ גרויסער שאָדן וואָס ס'איז פאַרלוירן געגאַנגען דער העברעיִשער טאָגבוך פון מרדכי אַנילעוויטשן (דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, איינעם פון די רעדאַקטאָרן פון דער פּרעסע פון דער באַוועגונג און לעקטאָר אויף די געהיימע סעמינאַרן), וואָס זיין שרייבן איז געהאַלטן געוואָרן בסוד.

צום גרויסן באַדויערן איז בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד אין אויגוסט 1944 פאַרברענט געוואָרן אַ היסטאָרישע און סאָציאָלאָגישע מאָנאָגראַפיע וועגן דעם לאַגער טראַווניק, וואָס רינגעלבלום אַליין האָט אָנגעשריבן (אַן ערך 200 העפטן־זייטלעך), אין וועלכער ס'איז געווען אַן אַנאַליז פון די לאַגערניקעס לויט זייער עלטער, פאַך, מין, סאָציאַלן אָפּשטאַם, אַ באַשרייבונג פונעם לעבנס־שטייגער אין לאַגער, פון געזעלשאַפטלעכן, רעליגיעזן און קולטורעלן לעבן ווי אויך פון די סאַבאָטאַזש־פּרווון און מעטאָדן פון די אסירים פון לאַגער.

דער גרויסער „אויסזידלונג"־שטראָם קיין טרעבלינקע אין זומער 1942 האָט מיטגעריסן מיט זיך און אומגעבראַכט אויך די כתבים פון די גרויסע

דיכטערס: פון ישראל שטערן, איינעם פון די טיפסטע און באַדייטנדיקסטע דיכטערס אין דער יידישער ליטעראַטור צווישן בײדע וועלט־מלחמות, וואָס האָט אין געטאָ זייער אַ סך געשריבן און פלעג זיינע לידער לייענען פאַר אַן עולם צוהערערס, און פון יחיאל לערער, וועלכער האָט אין געטאָ אָנגעשריבן דעם צווייטן טייל פון זיין באַוווּסטער פּאָעמע „מיין היים"; בלויז אַ פראַגמענט פון דער נייער פּאָעמע זיינער „אויסגעבענקטער פרילינג" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם אונטערערדישן זשורנאַל „דרור" אונטער די ראשי תיבות מ.ח. (משורר חלוצים). עס זענען אויך אַוועקגעקומען די כתב־ידן פונעם באַוווּסטן עסייִסט שלמה גילבערט, פאַר וועמען די געטאָ־תקופה איז געווען דער שעפערישסטער פּעריאָד אין זיינע שאַפונגען, וואָס זענען באַאיינפלוסט געווען דורך דער קבלה־ליטעראַטור. גילבערט איז צוגענומען געוואָרן בעת דער גרויסער „אַקציע" און זיינע כתבים זענען פאַרלוירן געגאַנגען.

ס'איז אויך פאַרלוירן געגאַנגען די ווערטפולע זאַמלונג פון יידישן פאָלקלאָר, צווישן וועלכן אַ גאָר גרויסער מאַטעריאַל פריש געזאַמלטער יידי־שער מלחמה־פאָלקלאָר, פון שמואל לעהמאַנען ווי אויך אַ זאַמלונג לידער פונעם פאָלקס־דיכטער הערשעלע (הערש דאַניעלעוויטש). אין נומער 13 פונעם אונטערערדישן זשורנאַל „דרור" (איר–סיון תש"א) זענען אָפּגעדרוקט צוויי פון זיינע לעצטע לידער.

בלויז אַ טייל פון די שאַפונגען פונעם יידיש־פּוילישן דיכטער וולאַ־דיסלאַוו שלענגעל פון דער דאָזיקער תקופה איז אויפגעהיט געוואָרן. זיין באַוווּסט ליד „קאָנטראַטאַק", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין די טעג פון ערשטן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין געטאָ בעת דער אַקציע פון יאַנואַר 1943, האָט מען זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל.

נישט געקוקט אויף די שווערע פאַרלוסטן אין אָריגינעלע כתב־ידן, קען מען פעסטשטעלן, ווען מיר מאַכן אַ סך־הכל פון די גייסטיקע ווערטן פון דער יידישער וואַרשע אין דער צייט פון חורבן און פון ווידערשטאַנד, אַז דער מאַטעריאַל וואָס איז דאָך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן איז אַ באַטייטיקער און אַז דאָס וואָס איז ביז היינט אָפּגעפונען געוואָרן און איז דערגאַנגען צו אונדז איז גענוג אויף צו באַווייזן ווי ברייט ס'איז געווען דער פאַרנעם פון דער יידישער יצירה פון אַלע סאָרטן אין וואַרשע אין יענער תקופה.

דער עיקר פונעם דאָקומענטאַרן עזבון פון יענער עפּאָכע איז, ווי געזאָגט, געפונען געוואָרן אין די צוויי באַהעלטענישן פון „עונג־שבת".

די מיטאַרבעטערס פון „עונג־שבת" זענען בדרך כלל געצוווּנגען געווען צו קאָמפּלירן דאָס זאַמלען דעם מאַטעריאַל בעת זייערע אָפטע קאָנטאַקטן מיט די הונדערטער פּליטים פון דער פּראָווינץ, ספּעציעל אין די לעצטע חדשים פאַר דער „אַקציע". זיי פלעגן דאָס איבערגעגעבענע אַרויפברענגען אויפן פּאַפּיר נישט אין דער אָנוועזנהייט פון זייערע מיטשמועסערס.

אין משך פון דריי יאָר איז דער אונטערערדישער אַרכיוו „עונג־שבת" אויסבאַהאַלטן געוואָרן פאַר מוסרים וואָס האָבן אין געטאָ נישט געפעלט. נישט געקוקט דערויף וואָס אַ סך צענדליקער מענטשן האָבן געאַרבעט פאַרן

אַרכיוו זענען זיינע באַהעלטענישן נישט אויפגעדעקט געוואָרן. בלויז גאָר ווייניקע האָבן געוווּסט אַז דער צונויפגעזאַמלטער מאַטעריאַל דינט ווי אַ מקור פאַר אינפאָרמאַציע־ביולעטינען וואָס זענען ראָנעאָטיפּירט געוואָרן דורך די מענטשן פונעם אַרכיוו און צעטיילט געוואָרן צווישן געזעלשאַפטלעכע טוערס און די וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די אונטערערדישע פרעסע. דער מאַטעריאַל האָט אויך געדינט פאַר איבערפירן ידיעות צו דער פרייער וועלט וועגן די שוידערלעכע מעשׂים וואָס ווערן אָנגעטאָן דער ידישער באַפעלקערונג (די באַריכטן וועגן די מעשׂים תעתועים און די מאַסן־רציחות איבער דער ידישער באַפעלקערונג וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פוילישער אונטערערד קיין אויסלאַנד כּדי צו אַלאַרמירן דאָס ידנטום אין דער וועלט, זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך די מענטשן פון „עונג־שבת”).

„די ע״ש־גרופּע האָט דערמיט דערפילט אַ גרויסע היסטאָרישע שליחות — שרייבט רינגעלבלום אין זיינע נאָטיצן דעם 26סטן יוני 1942. — זי האָט אַלאַרמירט די וועלט וועגן אונדזער גורל... אונזער מי און מאַטערניש, אונדזער מסירת־נפש און לעבן אין כּסדרדיקן פּחד איז נישט געווען אומזיסט. מיר האָבן דעם שונא געגעבן אַ קלאַפּ” [ער האָט געוואָלט דורכפירן די פאַרניכטונג בסוד].

•

ס'איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין ווי געהעריק די קאָלאָסאַלע אַרבעט פון רינגעלבלומען און זיינע מיטאַרבעטערס אין דער צייט פון דער מלחמה און חורבן, אַן אַרבעט וואָס איז אַן אויסערגעוויינלעכער קאָלעקטיווער אויפטו, אויב מ'קען נישט רינגעלבלומס היסטאָריאָגראַפישע אויפטוען פון פאַר דער מלחמה, אויב מ'קען נישט זיין פאַרשמעטאָד וואָס האָט געצילט אַרומצונעמען אַלע לעבנס־געביטן. אָט דער מעטאָד האָט שפּעטער באַוויזן זיינע מעלות אויך אינעם ווונדערלעכן פאַרנעם פון די פאַרשאַרבעטן וואָס רינגעלבלום האָט אויספּלאַנירט און דורכגעפירט אין „עונג־שבת”, וואָס ביי זיין אויפשטעלן און אָנפירן מיט אים האָט ער אַרויסגעוויזן די גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט נאָך פאַר די מלחמה.

ווי אַ יונגער 23 יאָריקער סטודענט האָט עמנואל רינגעלבלום אויפגעשטעלט ביי דער „אַקאַדעמישער היים” אין וואַרשע אין יאָר 1923 דעם „סעמינאַר פאַר יידישער געשיכטע”, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך יונגע יידישע היסטאָריקערס פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וועלכע האָבן געגריט זייערע דיסערטאַציעס אויף טעמעס וועגן דער געשיכטע פון יידן אין פוילן.

אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָט דער סעמינאַר געביטן זיין נאָמען אויפן „היסטאָריקער־קרייז ביי דער געזעלשאַפט פריינד פון ייִוואָ אין וואַרשע”, וואָס האָט געציילט מער ווי 30 סטודענטן פון דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

די אַנטוויקלונג פון דעם קרייז, אין וועלכן ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די בעסטע יונגע ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן, שפּיגלען אָפּ פיר בענד פאָרשונגען פון זיינע מיטגלידער, וואָס זענען דערשינען צווישן די יאָרן 1926 און 1938; צוויי בענד „יונגער היסטאָריקער" (1926 און 1929), וואָס דער צווייטער באַנד האָט שוין געטראָגן דעם אונטער־טיטל „שריפטן פון אַקאַדעמישן סעמינאַר ביים ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע" — אַן אָנדייט אויף דער ענגער פאַרבינדונג צווישן די גרופּעס וואַרשעווער יונגע היסטאָריקערס און דעם ייִוואָ אין ווילנע, — און צוויי בענד וואָס זענען אַרויס אונטערן טיטל „בלעטער פאַר געשיכטע". אָט דער נייער נאָמען איז אַ באַווייז פון דער אַנטוויקלונג פון דעם קרייז און פון זיין אַמביציע, ווי כּדי אָנצוצייכענען אַז די צייטשריפט איז מער ווי אַן אָרגאַן פון אָנהויבנדיקע היסטאָריקערס.

אַ דאַנק רינגעלבלומס איניציאַטיוו, התלהבות, שטאַרקער עקשנות, אַ דאַנק זיינע גאַנץ ספּעציעלע אָרגאַניזיר־פעיִקייטן און ועל כּולם אַ דאַנק זיין איבערגעגעבנקייט בלב ונפש צום געדאַנק אויפצוהייבן דעם אָנזען פון דער ייִדישער וויסנשאַפט האָט דער ערשטער קרייז פון יונגע ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן פאַרצייכנט זייער גרויסע דערגרייכונגען אינעם צווייטן צענדליק פון דער עקזיסטענץ פון זעלבשטענדיקן פּוילן 1928—1939. ביי דער זייט פון די פריִצדיקע עלטערע היסטאָריקערס ווי באַלאַבאַן און שיפּער איז אַרויף אויף דער בינע אַ גרופּע יונגע היסטאָריקערס, וואָס האָבן אַ שטויס געטאָן פאָרויס דאָס פאָרשן די געשיכטע פון די ייִדן, און אַריינגעבראַכט אין איר נייע מעטאָדאָלאָגישע און קאָנצעפּטועלע שיטות. זייערע מעטאָדאָלאָגישע דערגרייכונגען אין זייערע פאָרשונגען באַשטייען אינעם אויסברייטערן די באַזע פון די מקורות דורך באַנוצן זיך מיט אַקטן און דאָקומענטן פון רעגיאָנאַלע אַרכיוון.

די היסטאָריקערס פאַר שיפּערן האָבן זיך בכלל נישט אָפּגעגעבן מיט דער עקאָנאָמישער געשיכטע. ערשט שיפּער, דער פּילזייטיקער היסטאָריקער, דער עלטערער און צוגלייך דער מאָדערנער, האָט אויסגעברייטערט די ייִדישע געשיכטע, לייגנדיק דעם טראָפּ אויפן עקאָנאָמישן פאַקטאָר. און האָט פאַרלייגט נייע מעטאָדאָלאָגישע יסודות.

דאָס אונטערשטרייכן די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאַקטאָרן אין דער געשיכטע פון פּוילישן ייִדנטום גייט אַדורך ווי אַ רויטער פאָדעם אין אַלע אַרבעטן פון רינגעלבלומען, דעם פאָנען־טרעגער פון דעם יונגן דור ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן, וואָס איז אויפגעשטאַנען צווישן ביידע וועלט־מלחמות. ווי די היסטאָריקערס מיט אַ סאָציאָלאָגישער אָריענטאַציע האָט רינגעלבלום געהאַלטן אַז די געשיכטע ווי אַ סאָציאַלע וויסנשאַפט דאַרף אויפדעקן די סאָציאַלע קאַמפן אין דער געזעלשאַפט, וואָס זענען דער יסוד פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. אויך אינעם היסטאָרישן אַנאַליז פון די יונגע היסטאָריקערס, רינגעלבלומס חברים, האָט בדרך־כּלל נישט געפעלט דער אַנאַליטישער צוגאַנג צו דער סאָציאַלער דינאַמיק פון די היסטאָרישע

פאַרלויפעניש, און ס'האָט אויך נישט געפעלט דער אַנאַליז פון דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן מהות פון די קהילות און פון זייער דעמאָגראַפישן און קולטור־לעבן.

אַ סך פאָרש־אַרבעטן פון עמנואל רינגעלבלומען זענען ערשטיק מיט זייערע אַנטפּלעקונגען. רינגעלבלום פאַרפעלט נישט קיין שום געלעגנהייט אויפצודעקן די סאָציאַלע צעשיכטונג אין דער ייִדישער געזעלשאַפט אין דער פאַרגאַנגענהייט און די סאָציאַלע עוולות וואָס די קהילה־אָליגאַרכיע האָט פאַרשאַפט די פאָלקסמאַסן. ער פאַרמאָגט אויך אַ באַזונדערן חוש פאַרן לעבנס־שטייגער פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן.

אַזוי למשל אין זיינע פאָרשאַרבעטן „וואַרשע אין 18טן יאָרהונדערט", און דער עיקר אין זיין אַרומנעמענדיקער שטודיע וועגן „די פּראָיעקטן און פרווון איבערצושיכטן די ייִדן אין דער עפּאָכע פון קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט" (פּאָניאַטאָווסקי) ברענגט רינגעלבלום אַרויס אויף דער היסטאָרישער אויבערפלאַך דעם גאַנצן עמק הבכא פונעם ייִדישן לעבן אין יענע צייטן: די נויט, די קבצנים, די פאַראָרעמטע קרעטשמערס וואָס זענען פאַרקנעכט צו די פּריצים.

ער באַמיט זיך אויך צו באַלייכטן אין זיינע פאָרשונגען די באַציִונג און די שטעלונג פון פוילישע פּאָליטישע שטרעמונגען און פון שיכטן פון דער פוילישער באַפעלקערונג צו דער ייִדן־פראַגע. אָט די טעמע איז געשטאַנען אין צענטער פון זיינע פאַראינטערעסירונגען פון זיינע ערשטע טריט אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע.

איינער פון די שטריכן וואָס כאַראַקטעריזירן רינגעלבלומען איז דאָס שטרעבן צו אַקטואַליזירן. זייענדיק אַקטיוו אין פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, זעט ער נישט אין דער היסטאָרישער פאָרשונג בלויז אַן אַקאַדעמישע דיסציפּלין. ער לייגט אַרויף אויף דער פאָרשונג אויך אַ סאָציאַלע אויפגאַבע — באַלייכטן די אַקטועלע פּראָבלעמען. אַ היסטאָרישע פאָרשונג איז לויט אים אַ לעקציע מיט אַ מוסר־השכל. נאָך מער. פאָרשן היסטאָריע דאַרף דינען ווי אַ געווער פאַר דעם היינטצייטיקן סאָציאַלן קאַמף. דעריבער האָט ער אַ נטיה צו מאַכן פאַרגלייכונגען צווישן דעם עבר און דעם הווה, צו קאָנפראָנטירן די פאַרגאַנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט.

ער האָט געפאָרשט די געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן און אין דער זעלביקער צייט איז זיין אויג געווען אָפן און זיין אויער אָנגעשפּיצט צו דער איצטיקייט. ער האָט געהערט צו די היסטאָריקערס וואָס באַזירן די ריכטיקייט פון זייערע אָנשויונגען אויף היסטאָרישע באַווייזן.

אין דעם צוזאַמענהאַנג איז כדאי אונטערצושטרייכן נאָך איין כאַראַקטעריסטישן שטריך פון רינגעלבלומען ווי דעם וואָס האָט אָרגאַניזירט דאָס קאָלעקטיווע וויסנשאַפטלעכע ווערק, — ווי מיר האָבן שוין פריִער דערמאָנט — זיין איניציאַטיוו אויפצושטעלן און זיך אָנפירן דעם „סעמינאַר" און דעם „קרייז" פון די יונגע ייִדישע היסטאָריקערס אין וואַרשע. ער האָט ביי די היסטאָריקערס, וואָס האָבן אָנגעהערט צום „היסטאָרישן קרייז", אויפגעוועקט

אַן אינטערעס און אַ ווילן צו דער רעגיאָנאַלער פאָרשונג. אייניקע אַרבעטן און דיסערטאַציעס וועגן קהילות זענען געמאַכט געוואָרן אונטער רינגעלבלומס השפעה. ער האָט זיך איינגעקויפט אַ גאַנץ באַזונדערן פאַרדינסט דערמיט וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט און קאָנצענטרירט אַרכיוואַלן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן אין פאַרשיידענע תקופות.

דאָס איז געווען אַן אַרבעט פון אויסגעפינען און פאַררעגיסטרירן פנקסים פון קהילות און חברות וואָס האָט אַרומגענומען הונדערטער קהילות (פנקסים אָנהויבנדיק פון 17טן יאָרהונדערט ביז 1916). אָבער דער אויסבראָך פון דער מלחמה און דער דוחק אין מיטלען האָט שוין נישט דערלויבט אָנצוהויבן דורכצופירן די צווייטע סטאַדיע פון דער אַקציע, דאָס הייסט אָפּצוקויפן די פנקסים דאָרט ווו דאָס איז מעגלעך געווען אָדער זיי צו קאָפּירן.

גרויס איז אויך געווען רינגעלבלומס אָנטייל אינעם אָרגאַניזירן און אויספורעמען די ייִדישע היסטאָריאָגראַפישע טעטיקייט וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין איינאָרדענען דעם אָפּטייל פאַר ייִדישער געשיכטע אויפן זיבעטן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פאַר היסטאָרישע וויסנשאַפטן וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין אויגוסט 1933.

אין 1935 האָט רינגעלבלום צונויפגעשטעלט אַ גענויע אַנקעטע וועגן די ייִדישע היסטאָרישע מקורות אין פוילן.

אין 1937 האָט ער איניצירט און אויסגעאַרבעט אַ גרויסן אַרבעטפּלאַן אונטערן נאָמען „ייִדן אין פוילן", וואָס האָט געזאָלט אַרומנעמען בערך 1000 יאָר ייִדיש לעבן אין דאָזיקן לאַנד און אַרויסברענגען דעם ייִדישן אָנטייל אין די באַפרייונג־מלחמות פון פוילישן פאָלק.

אין די יאָרן פון פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך רינגעלבלום פאַראינטערעסירט מיט ייִדישע פּראָבלעמען פונעם 19טן יאָרהונדערט און האָט געזאַמלט אַ דאָקומענטאַציע פאַר דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער געשיכטע פון די ייִדן אין דער דאָזיקער תקופה. ער האָט אויך פּלאַנירט פאַרצווייגטע אַרבעטן וועגן היסטאָרישע דערשיינונגען וואָס זענען בכלל נישט געווען באַקאַנט. סומירנדיק, קען מען זאָגן אַז אויף די יסודות וואָס עס האָבן פאַרלייגט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה די היסטאָריקערס משה שאָר, מאיר באַלאַבאַן און יצחק שיפּער, האָבן די היסטאָריקערס פונעם יונגן דור צוזאַמען מיט זיי אויפגעשטעלט אַ וויסנשאַפטלעכן בנין וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין אַנטוויקלען און איז דערגאַנגען צו זיין הויכפּונקט אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן, אין דער בליצייט פון דער ייִדישער קולטור.

דאָס איז געווען דער גלאַנץ־פּעריאָד פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פון דעם ייִדישן שולוועזן, פון ייִדישע פאַרלאַגן און פון דער ייִדישער פּרעסע. דאָס איז געווען דער הויכפּונקט פון דער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער אַנטוויקלונג פונעם ייִדנטום פון מיזרח־אייראָפּע פאַר די לעצטע דורות.

דער חורבן וואָס די דייטשישע רוצחים האָבן דורכגעפירט איבערן פּויליש ייִדנטום האָט אויף איין מאָל איבערגעהאַקט די דאָזיקע אַזוי איינדרוק־

פולע קולטורעלע און וויסנשאַפטלעכע אַנטוויקלונג. אינעם בלוטיקן מבול איז אומגעקומען דער גרעסטער רוב פון די ייִדישע היסטאָריקערס אין פוילן, צווישן זיי יונגע, שטאַרק באַגאַבטע היסטאָריקערס. צוזאַמען מיט זיי איז בגעאַנגען לאיבוד דער רעזולטאַט פון דער לאַנגיאָריקער אַרבעט וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן מיט אַזוי פיל פליס און עקשנות און נישט זעלטן אויך אין יסורים און אין נויט.



רינגעלבלומס קאָלאָסאַלער אויפטו אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע, דער אונטערערדישער אַרכיוו „עונג־שבת", דער גרעסטער פון די אונטערערדישע אַרכיוון, איז אַ יוצא־דופן מיט זיין אינהאַלט, מיט זיין סטיל ווי אויך מיט דעם אופן ווי אַזוי ער איז אויסגעוואַקסן. די מעטאָדן פון ייִוואָ ביי די פאָרשונגען אויף די געביטן פון עקאָנאָמיע, סטאַטיסטיק, פילאָלאָגיע און פאָלקלאָר, דאָס משתּף זיין פשוטע פאָלקסמענטשן ביים זאַמלען מאַטעריאַל — האָט רינגעלבלום אויך אָנגעווענדט אין געטאָ: ביי דער זייט פון פאָרשערס, שרייבערס, זשורנאַליסטן, לערערס, האָט ער אַקטיוויזירט אויך פאָלקסמענטשן, אַרבעטער, באַלמעלאָכעס, וואָס זענען טעטיק געווען אין ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין די ערטער ווו זיי האָבן פריִער געוווינט און זענען פאַרטריבן געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ. ס'האָבן זיך טאַקע צווישן זיי אַנטפּלעקט אַ סך טאַלענטן.

אַ באַזונדערע פאַראינטערעסירונג האָט רינגעלבלום אַרויסגעוויזן אין געטאָ צום אויספאַרטיקן מאָנאָגראַפיעס וועגן היסטאָרישע פרשות און דערשיינונגען, אַריינגערעכנט פאָרשונגען וועגן צייט־פּראָבלעמען, סטאַטיסטישע אַרבעטן, באַריכטן וועגן אונטערנעמונגען, וועגן געהיימע קורסן אדג"ל.

פאַר דער וויכטיקסטער אַרבעט אינעם אונטערערדישן אַרכיוו האָט רינגעלבלום געהאַלטן די מאָנאָגראַפיעס וועגן די קהילות (אין די שטעט און שטעטלעך פונעם אָקופּירטן פוילן), וואָס זענען געשריבן געוואָרן לויט ראשי פּרקים אויסגעאַרבעטע דורכן אָנפירער פונעם אַרכיוו און דעם דאָקומענטאַציע־צענטער וואָס ער האָט אַנטוויקלט. דאָס צונויפשטעלן אַזעלכע מאָנאָגראַפיעס איז דערמעגלעכט געוואָרן דער עיקר דורכן טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט פונעם סעקרעטאַר פון אַרכיוו הירש וואַסער, מיט הונדערטער פאָרשטייערס פון פאַרטריבענע און פּליטים פון אַלע עקן לאַנד. זיי האָבן אַרומגענומען די וויכטיקסטע געשעענישן אינעם לעבן פון דער אָרטשאַפט אין דער תּקופה וואָס צווישן דעם אויסברוך פון דער מלחמה ביזן גירוש, אָדער ביז דער ליקווידאַציע פונעם ישוב, ווי למשל דאָס אַריינגיין פון דייטשישן מיליטער, די פּאָגראָמען, די גירושים, פאַלן פון אַכזריותן אין די טעג פון ייִדישע יום־טובים, די קהילה און איר טעטיקייט, די סאָציאַלע הילף, דאָס עקאָנאָמישע לעבן, די באַציִונג פון די דייטשן און די פּאָליאַקן צו דער ייִדישער באַפעלקערונג, דאָס רעליגיעזע לעבן, ענינים פון אַרבעט און פון אַרבעטפראַגן (אַרבעט־לאַגערן, אַרבעטפליכט, דאָס כאַפּן מענטשן צו

געצוווּנגענער אַרבעט, די אַרבעט־אָפּטיילונג פון יודענראַט, דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די דייטשן צו די ייִדן בשעת אַרבעטן אאַ״וו).

אינעם אַרכיוו געפינען זיך אויך מאָנאָגראַפיעס געשריבענע לויט אַנדערע מוסטערן, אָבער אין אַלע קומען צום אויסדרוק די טראַגישע יסורים פון די ייִדן אין פאַרשיידענע קהילות. אַ געוויסע צאָל קהילות האָט מען געווידמעט עטלעכע מאָנאָגראַפיעס. „מיר האָבן געשטרעבט דערצו — האָט רינגעלבלום געשריבן — אַז די זעלבע געשעעניש, למשל די געשיכטע פון אַ ישוב, זאָל באַשריבן ווערן דורך אַ דערוואַקסענעם און דורך אַ יוגנטלעכן, דורך אַ פרומען ייִדן, וואָס האָט ביי יעדער געלעגנהייט אין זינען דעם רב, די שול, דעם בית־עולם און אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס און דורך אַ וועלטלעך־געשטימטן ייִד, וואָס שטרייכט אונטער אין זיין באַשרייבונג אַנדערע נישט ווייניקער וויכטיקע מאָמענטן״... „דורך פאַרגלייכן די פאַרשיידענע באַשרייבונגען איז דעם היסטאָריקער נישט שווער אויסצושיילן דעם היסטאָרישן אמת, דעםווירקלעכן פאַרלויף פון דער געשעעניש״.

די דאָזיקע ווערטער דריקן וווּנדערלעך אויס דעם אופן פון שרייבן פונעם מחבר.

אַחוץ די אַרומנעמענדיקע מאָנאָגראַפיעס האָט דער אַרכיוו זיך באַמיט צו באַקומען באַשרייבונגען פון איינצלנע וויכטיקע געשעענישן אין פאַרשיידענע שטעט און ישובים, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך מענטשן וועלכע זענען דירעקט אָדער אומדירעקט געווען פאַרבונדן מיט דער געשעעניש ווי אַן עד־ראיה אָדער אויף אַן אַנדערן אופן. די טענדענץ איז געווען אַז יעדע געשעעניש זאָל טראָגן אויף זיך דעם חותם פון אוממיטלבאַרקייט, פון אַן אמתער איבערלעבעניש. דעריבער איז דער מאַטעריאַל פון „עונג־שבת״ אָנגעפּראָפּט מיט סוביעקטיווע פּרטים און באַשרייבונגען פון אויסערסט דראַמאַטישע איבערלעבענישן.

די טענדענץ איז געווען צו שאַפן, דורך אַ צוזאַמענשטעל פון מאַטעריאַלן פון פאַרשיידענע סאָרטן, אַ טעמאַטישע גאַנצקייט, וואָס זאָל דערמעגלעכן דעם פאָרשער צו באַקומען אַ וואָס מער באַגלייבט און אַרומנעמענדיק בילד וועגן דעם באַהאַנדלטן ענין און אַלץ וואָס איז מיט אים פאַרבונדן.

פרוי ד״ר צעלינאַ לעווין האָט אין איר מאָנאָגראַפיע וועגן דעם הויז־קאָמיטעט נאַלעווקי 23 — איינעם פון די עלטסטע און אַמבעסטן אָרגאַניזירטע הויז־קאָמיטעטן, וואָס האָט לאַנגע חדשים געפירט אַן אייגענע קיך — געגעבן אַ בילד וועגן דעם ווי אַזוי ס׳זענען געשאַפן געוואָרן און ווי אַזוי עס האָבן פונקציאָנירט די הויז־קאָמיטעטן אין געטאָ, וועלכע זענען פון קליינע קעמערלעך פאַר סאָציאַלער הילף אויסגעוואַקסן צו אינסטיטוציעס פון עפנטלעכן כאַראַקטער און אויסגעפירט אַ גאַנצע ריי פונקציעס פון אַדמיניסטראַטיוון כאַראַקטער. אויסער דעם האָבן די הויז־קאָמיטעטן אויסגעפילט אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע פונקציע (האָבן צוגעטראָגן קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר זייערע נויט־באַדערפטיקע איינוווינערס, האָבן געזאָרגט פאַר דער ריינקייט פון הויז א.אַ.וו.). צו דעם קומען נאָך צו באַריכטן פון וויכטיקע איינצלנע

געשעעענישן אין וואַרשע און אין פאַרשידענע שטעט, געשריבענע דורך מענטשן וואָס זענען מיט די געשעענישן אַליין געווען פאַרבונדן. די טענדענץ איז געווען אַז די באַשרייבונג פון יעדער געשעעניש זאָל טראָגן דעם חותם פון אומ־מיטלבאַרקייט.

אויפן אָפּשניט פון סאָציאַלער הילף איז כּדאַי צו דערמאָנען די מאָנאָ־גראַפיע פון דער שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך וועגן דער פאָלקסקיך אויף לעשנאָ 40. אין געוויסע צייטאָפּשניטן האָט די דאָזיקע קיך באַדינט ביז 100,000 קאָנסומענטן, ד.ה. אַ פערט־חלק פון די ייִדן אין וואַרשע. באַשרייבנ־דיק דאָס אַנטשטיין פון אָט דער קיך און כאַראַקטעריזירנדיק אירע קאָנסו־מענטן, דערגייט די מחברטע צום אויספיר, אַז צוליב דעם באַגרענעצטן פאַרנעם פון דער סאָציאַלער הילף האָט די קיך נישט געקענט אָפּראַטעווען קיין איין מענטשן פון הונגערטויט.

וועגן דעם סאַניטאַרן געביט זענען פאַראַן עטלעכע אַרבעטן. איינע פון זיי, פון דעם שרייבער און זשורנאַליסט פּרץ אָפּאָטשינסקי, איז געווידמעט איינער פון די מכּות וואָס האָבן געפּלאָגט דאָס געטאָ — דער מכּה פון די דעזינפעקציע־קאָלומנעס. דער שרייבער שילדערט „אַ פּאַרוועקע" אין איינעם פון די הייף פון דער ייִדישער אָרעמקייט אויף וואָלינסקע און ער באַווייזט מיט קאָנקרעטע פּרטים אַז די דעזינפעקציע־קאָלומנעס האָבן פאַרשפּרייט דעם טיפוס צוליב דער קאָרופּציע און דער דעמאָראַליזאַציע וואָס האָבן געהערשט צווישן זיי.

אָפּאָטשינסקי איז געווען איינער פון די טעטיקסטע מיטאַרבעטערס פון געהיימען אַרכיוו, „דער פּליסיקסטער צווישן זיי". אויף זיינע פאַרצייכע־נונגען ליגט דער חותם פון דעם פּובליציסטישן צוגאַנג וואָס זיין עיקר איז דאָס לעבעדיקע שילדערן די מענטשן וועלכע שטייען הינטער זיי, די אַט־מאָספער. אין אַ גרויסן טייל פון זיינע רעפּאָרטאַזשן גייט דער מחבר אַרויס פון תּחום פון געוויינטלעכער פּובליציסטיק און דערהייבט זיך צו דער מדרגה פון אַן אמתער קינסטלערישער יצירה. אָפּאָטשינסקי האָט אויך געשילדערט די געשיכטע פון הויז־קאָמיטעט אויף וואָלינסקע־גאַס, דאָס גרויסע הויז מיטן הויף מיט די פיר גרויסע וווינונגס־בלאָקן, זיינע איינוווינערס און זייערע סובלאָקאַטאָרן אין דער צייט פון דער מלחמה און פון געטאָ. אין דעם דאָזיקן הויז האָט געוווינט דער מחבר גופא. דער חיבור וואָס האָט אין אָנהייב געדאַרפט זיין אַ גענוג באַגרענעצטער איז אויסגעוואַקסן צו אַ געשיכטע פון דעם הויף מיט זיינע איינוווינערס פון די צייטן פון ערב דער מלחמה, פון דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, פונעם אַריינגאַנג פון די דייטשן, פונעם אַנטלויפן קיין רוסלאַנד א.אַ.וו. רינגעלבלום האָט אין אָט דער אַרבעט געזען אַ גרויסע דערגרייכונג. „דער דאָזיקער מיקראָקאָסמאָס — שרייבט ער — קאָן זיין אַ שטיקל אַריינפיר אין דער געשיכטע פון וואַרשע — דעם מאַקראָ־קאָסמאָס".

פּרץ אָפּאָטשינסקי איז אין געטאָ געווען אַ בריוטרעגער פון דער „ייִדישער פּאָסט" און אין דאָזיקן אַמט איז ער געקומען אין טאָג־טעגלעכן

קאָנטאַקט מיט די פּאָלקסמאַסן און געזען פון דער נאָענט די נויט, די דעגענעראַציע און דעם יאוש פון די פאַרמישפּטע צום אומקום. אָפּאָטשינסקיס איבערלעבונגען האָבן באַקומען אַ רעאַליסטישן אויסדרוק אין איינער פון זיינע אויסגעצייכנטע באַשרייבונגען.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט אָפּאָטשינסקי געשאָנקען די אַנטפּלעקונגען פון קעגנזייטיקער הילף און דעם אופן ווי אַזוי ס׳זענען אויפגעקומען אייגענע כּוחות צווישן דער פאַראָרעמטער און צעריסענער ייִדישער געזעלשאַפט אינעם אָפּגעשלאָסענעם געטאָ. שילדערנדיק די טעטיקייט פון הויז־קאָמיטעט אין דער וואָלינסקע־גאַס, דער גאַס פון דער אָרעמקייט און די טעטיקייט פון הויז־קאָמיטעט אין דער פאַרמעגלעכער מוראַנאָווער־גאַס, ברענגט דער מחבר אַרויס אַ רייכע גאַלעריע עסקנים און געזעלשאַפטלעכע טוערס און באַקלאָגט זיך אויף די שוועריקייטן וואָס שטייען אין וועג אויפצושטעלן אַ צענטראַלן קאָמיטעט פאַר קעגנזייטיקער הילף, אַן אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אַרומנעמען די הויז־קאָמיטעטן. „די הויז־קאָמיטעטן זענען פון קעמערלעך פון סאָציאַלער הילף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אינסטיטוציעס פון עפנטלעכן כאַראַקטער, וואָס האָבן אויסגעפירט אַ גאַנצע ריי פונקציעס פון אַדמיניסטראַטיוון כאַראַקטער... נישטאָ קיין איין פראַגע אין ייִדישן לעבן אין דער צייט פון מלחמה וואָס זאָל נישט האָבן קיין שייכות מיט די הויז־קאָמיטעטן. די הויז־קאָמיטעטן האָבן געזאָרגט פאַר די פּליטים, צוריקגעקומענע פון די לאַגערן, פּאַטראָנירט פאַרשיידענע קינדער־אינסטיטוציעס, געזאָרגט פאַר דער ריינקייט פון הויז, געשאַפן קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר זייערע שכנים, ליקווידירט פאַרשיידענע סיכסוכים צווישן די שכנים, און דער עיקר געטראָגן די אַחריות פאַרן גורל פון די נויטליידנדיקע שכנים, וואָס האָבן אין הויז־קאָמיטעט געפונען דעם אַדרעס, צו וועלכן זיי פלעגן זיך ווענדן אין יעדן נויטפאַל״ — שרייבט רינגעלבלום.

אין זיין אַרומנעמענדיקער אַרבעט וועגן די „קינדער פון ברוק״, „די ערשטע וואָס זייער יוגנט איז זיי צוגערויבט געוואָרן נאָך איידער זיי זענען אומגעקומען״, קומט דער מחבר אַרויס מיט שווערע טענות קעגן דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ דערשטוינענדיקע אומבאַהאָלפנקייט און אַ שרעקלעכע קורצזיכטיקייט און האָט נישט באַוויזן, ווען ס׳איז נאָך נישט געווען צו שפּעט, צוצוטראָגן די נויטיקע הילף די פאַרלאָזענע קינדער (יתומים און גאַסן־קינדער), וואָס זענען געווען די אומבאַהאָלפנסטע און שוואַכסטע פון אַלע אין געטאָ.

מיט זיין גרויסער שילדערונג־קראַפט האָט אָפּאָטשינסקי אַרויסגעבראַכט די פּרשה פון דער האַרטנעקיקייט פון געטאָ, און גאַנץ ספּעציעל די העלדישע מעשׂים פון די שמוגלערס, זייער מוט, זייערע איינפאַלן און מיטלען וואָס האָבן אין אַ גרויסער מאָס צו נישט געמאַכט די אויסהונגערונג־פּלענער וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדט.

ס׳זענען אויך פאַראַן איבערזיכטן, פאָרשונגען און מאָנאָגראַפיעס וועגן דער ייִדישער פּאָליציי (פון יעקב זילבערבערג און וויטעלסאָן), וועגן דעם

עקאָנאָמישן לעבן (פון דוד בערלינער, טיקאָטשינסקי, אליהו גוטקאָווסקי, ג. טיטעלמאַן און אַנדערע), וועגן די באַציִונגען צווישן די ייִדן און די פּאָליאַקן (פון ד״ר ע. רינגעלבלום, סט. רוזשיצקי, פּ. אָפּאָטשינסקי); וועגן דער ייִדישער יוגנט, דער ייִדישער פרוי (צעציליאַ סלאַפּאַק, הרב ש. הובער־באַנד), וועגן דעם ייִדישן טעאַטער (סט. רוזשיצקי, יאָנאַס טורקאָוו), וועגן די שולעס (י. זילבערבערג), וועגן דעם רעליגיעזן לעבן (הרב ש. הובערבאַנד), וועגן דער באַטייליקונג פון די ייִדן אין דער קאַמפּאַניע פון סעפּטעמבער 1939 א.אַ.וו.

פון טעמאַטישן קוקווינקל זענען בולט די אַרבעטן וואָס פאַרנעמען זיך מיט די פאַרשיידענע אַספּעקטן פון עקאָנאָמישן לעבן מיט אַלע זיינע אָפּ־צווייגונגען. ס׳זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן גוטע פּלענער מיט פּרטימדיקע פּאַראַגראַפן פאַר אַלערליי עקאָנאָמישע טעמעס און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ ריי גאָר ווערטפולע אַרבעטן. איינע פון זיי, למשל, פון י. ווינקלער, באַהאַנדלט די צופּאַסונג־פעִיקייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צו די געענדערטע ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען בעת דער מלחמה. דער מחבר באַווייזט ווי אַזוי די ייִדן האָבן אין די אומדערטרעגלעכע געטאָ־באַדינגונגען אויסגעבויט אַ גאַנצע ריי פּראָדוקציע־צווייגן, וואָס האָבן באַדינט די פּוילישע באַפעלקערונג. ער שטרייכט אונטער, אַז די וווּנדער וואָס ייִדן האָבן באַוויזן ביים שאַפן דעם רוישטאָף אָדער ערזאַץ־שטאָפן, זאָגן עדות וועגן זייערע אומגעהייערע פעִיקייטן צו געפינען אַן אויסוועג פון די שווערסטע סיטואַציעס, וואָס דאָס איז אַ באַווייז פון דער וויטאַליטעט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט נישט נאָר געשאַפן די דאָזיקע פּראָדוקציע, נאָר האָט אויך אויסגעבויט דעם שמוגל צו דער מדרגה אַז די גאַנצע פּראָדוקציע זאָל קענען אָנקומען צו דער אַרישער זייט.

צווישן די אַרבעטן פון דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג איז כּדאַי צו דערמאָנען די אַרבעט פון אליהו גוטקאָווסקי וועגן וואַלוטע־האַנדל. דעם מחבר איז געלונגען אויפצודעקן די טיפסטע סיבות פון דעם דאָזיקן מסחר. ער שילדערט נישט בלויז די ווירטשאַפטלעכע זייט נאָר אויך דעם שטיי־גערישן מאָמענט, די שפּראַך פון די וואַלוטע־הענדלערס און זייערע פּירעכצן. באַזונדערס וויכטיק איז די טאַבעלע פון די וואַלוטע־שוואַנקונגען טאָג ביי טאָג אין משך פון כּמעט דער גאַנצער מלחמה־צייט.

אין דער אַרבעט פון ג. טיטעלמאַן וועגן דעם אָרגאַניזירטן שמוגל און וועגן דער העלדישקייט וואָס עס האָבן דערביי אַרויסגעוויזן די קינדער וואָס האָבן מיט זייער שמוגלען אַריינגעבראַכט עסנוואַרג אין געטאָ אַריין ווערט געגעבן אַ בילד פון דעם ברייטן פאַרנעם פון דעם דאָזיקן האַנדל אין וואַרשע, וואָס האָט אין משך פון דער גאַנצער עקזיסטענץ פון געטאָ געראַטעוועט פון הונגערטויט דעם רוב פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. פאַר־שטייט זיך אַז ווען די ייִדן אין וואַרשע וואָלטן געמוזט אויסקומען מיט דער פּאָרציע ברויט פון דער אָפיציעלער צוטיילונג, וואָלט קיין זכר נישט געבליבן פון ייִדישן וואַרשע שוין אין ערשטן יאָר פון געטאָ.

אַ ברייט געביט פון דער „עונג־שבת״־אַרבעט זענען געווען די אַרבעט־לאַגערן, אין וועלכע ס׳זענען אומגעקומען טויזנטער פון דער יידישער יוגנט. ס׳איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַ סך מאַטעריאַל כּמעט פון אַלע — בכל אופן פון די עיקרדיקע — אַרבעט־לאַגערן, וואָס זענען אין זייער גרעסטער מערהייט געווען פייניקונג־לאַגערן. איינע פון די וויכטיקסטע און אַרומנעמענדיקסטע באַשרייבונגען איז די אויספירלעכע באַשרייבונג פונעם אַרבעט־לאַגער אין קאַמפּינאָס — איינער פון די וויכטיקסטע דאָקומענטן פון דער נאַצישער אַכזריות איבער די אַרבעטנדיקע יידן.

די אָפּטיילונג פון די באַשרייבונגען פון די איבערלעבונגען אין די תּפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז אַן אָרעמע, צוליב דעם וואָס ווייניק יידן זענען פון זיי אַרויס לעבעדיקע. רינגעלבלומען איז דאָך געלונגען משפּיע צו זיין אויף צוויי פון די וואָס זענען צוריקגעקומען פון תּפיסה זיי זאָלן דערציילן וועגן די גרוילן וואָס זיי האָבן דאָרט דורכגעמאַכט.

„עונג־שבת״ האָט אויך געזאָרגט צו באַקומען מאַטעריאַלן וועגן דער באַטייליקונג פון די יידן אין דער פּויליש־דייטשישער מלחמה אין 1939 און אין די שלאַכטן. דער מאַטעריאַל וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן גיט צווישן אַנדערן אַ בילד פון דעם איבערבראָך וואָס איז פאָרגעקומען אין די שטימונגען פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אויף אַ קורצער וויַיל באַפרייט פון דער אַנטיסעמיטישער פעסט. אָבער די מפּלות אויף די שלאַכטפעלדער און דאָס באַדערפעניש צו זוכן שולדיקע האָט געבראַכט צום ווידער־אויפלעבן פון אַנטיסעמיטיזם. אין וואַרשע, למשל, האָט מען אויסגעטיילט די יידן פון די אַלגעמיינע מיליטערישע אָפּטיילונגען און געשאַפן פאַר זיי ספּעציעלע באַטאַליאָנען, אָן געווער, באַשטימטע פאַר פאָרטיפיקאַציע־אַרבעטן. די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען, וואָס האָבן זיך שוין געלאָזט פילן אין די לעצטע טעג פון דער פּוילישער מדינה, האָבן אויפגעוואַכט און זיך פונאַנדערגעשפּילט אין די לאַגערן פון די קריגס־געפאַנגענע, ווו יידישע זעלנערס האָבן געליטן פון זייערע פּוילישע קריגס־חברים אַ סך מער ווי פון די דייטשישע אויפזעערס. אַ מאַסע אַזעלכע פאַקטן ווערן געשילדערט אין די באַשרייבונגען פון די איבערלעבענישן פון יידישע קריגס־געפאַנגענע.

אַ גאַנץ באַזונדערן פאָרש־מאַטעריאַל שטעלן מיט זיך פאָר די אַנקעטעס וועגן געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און דעמאָגראַפישע פּראָבלעמען וואָס רינגעלבלום און זיינע מיטאַרבעטערס האָבן אויסגעאַרבעט און מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָפט באַנוצט כּדי צו באַרייכערן די זאַמלונגען פון אַרכיוו און „אויפצוכאַפּן יעדע דערשיינונג אין יידישן לעבן ווען זי איז נאָך לעבעדיק און פריש״ — ווי רינגעלבלום פלעג זיך אויסדריקן. אַזוי למשל איז בערך אין דער העלפט פון יאָר 1941 דורכגעפירט געוואָרן אַן אַנקעטע צווישן די איינוווינערס פון 92 הייזער, וואָס האָט צוגעשטעלט וויכטיקע פּרטים וועגן דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער זעלבער צייט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ צווייטע אַנקעטע וועגן דעם פאַרברויך פון עסנוואַרג, וואָס איר עיקר־ציל איז געווען אויסצופאָרשן די הייך

און דעם כאַראַקטער פֿון דעם פאַרברויך ביי פאַרשיידענע שיכטן פֿון דער באַפעלקערונג און אַרויסצוציִען דערפון מסקנות וואָס שייך דעם דורכשניטלעכן פאַרברויך אויף אַ קאָפּ פֿון דער געטאָ־באַפעלקערונג. אַגב, איז אויך אויסגעפאָרשט געוואָרן דער ווערט פֿון די חפצים, וואָס די ייִדן פֿון געטאָ האָבן פאַרקויפט כּדי איינצושאַפן זיך שפּייז־פּראָדוקטן ווי אַ צולאָג צו די הונגער־פּאָרציעס וואָס זענען זיי צוגעטיילט געוואָרן.

צווישן דעם אַנקעטע־מאַטעריאַל פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט די אַנקעטע אונטערן נאָמען „צוויי אַ האַלב יאָר מלחמה”, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אָנהויב 1942 לויטן רעפּרעזענטאַטיוון מעטאָד. די דאָזיקע אַנקעטע האָט אַנטהאַלטן די פראַגע: וואָס טראַכטן אונדזערע גייסט־מענטשן און וואָס טראַכטן די אַנדערע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפעלקערונג וועגן די איבערלעבענישן און אומשטענדן פֿון דער מלחמה־תּקופה און וועגן די אויסזיכטן אויף דער צוקונפט. אויף דער דאָזיקער אַנקעטע האָבן געדאַרפט ענטפערן 50 פֿון צווישן די רעפּרעזענטאַנטן פֿון דער ליטעראַטור, פֿון דער וויסנשאַפט א.אַ.וו. די מיטגלידער פֿון די הויז־קאָמיטעטן ווי אויך פאַרשטייערס פֿון סתם־ייִדן: אַרבעטער, באַלמעלאָכעס, סוחרים א.אַ.וו.

דערגאַנגען צו אונדז איז בלויז אַ טייל פֿון די תּשובות, וואָס זאָגן עדות וועגן דער וויטאַליטעט און דער קאָלאָסאַלער דינאַמישקייט פֿון די ייִדן און וועגן זייער אומבויגזאַמען ווילן אויסצוהאַלטן און בלייבן לעבן.

אַ רייך געביט פֿון „עונג־שבת” זענען די טאָגביכער, אין וועלכע ס׳זענען באַשריבן די טראַגישע געשעענישן אין ליכט פֿון פּערזענלעכע איבערלעבענישן. אַ סך מענטשן אין געטאָ האָבן געפירט פולע טאָגביכער, אַנדערע האָבן זיך באַנוגנט מיט קורצע נאָטיצן, וועלנדיק זיי פאַרענדיקן נאָך דער מלחמה. דאָס רוב פֿון די דאָזיקע טאָגביכער איז פאַרניכטעט געוואָרן בעת דער „איבערזידלונג” (די מחברים זייערע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע). די פאַרבליבענע נאָך זיי כּתבים זענען צוזאַמען מיט זייער גאַנץ האָב און גוטס פאַרניכטעט געוואָרן.

די טאָג־טעגלעכע פאַרצייכענונגען און שפּעטער די וואָכן־ און חודש־נאָטיצן פֿון עמנואל רינגעלבלומען, וועלכע נעמען אַרום דאָס ערשטע יאָר מלחמה און וואָס האָבן זיך אויפגעהיט, פאַרמאָגן אַ גאַנץ באַזונדערן ווערט, מחמת ער האָט זיינע נאָטיצן וועגן די פאַרלויפענישן פֿון דער צייט פאַרשריבן טאָג נאָך טאָג, אין אַ צייט ווען אַנדערע האָבן נאָך קיין טאָגביכער נישט געפירט. אויסער דעם מאַטעריאַל וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן פֿון יענער צייט איז פאַראַן אין די דאָזיקע נאָטיצן אויך אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם וואָס קומט פאָר. צוליב זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט דינען די אָפּשאַצונגען פֿון רינגעלבלומען, דעם מענטשן מיט אַ גאַנץ באַזונדערן היסטאָרישן באַוווסטזיין, ווי וויכטיקע דאָקומענטן, וואָס ברענגען צום אויסדרוק די שטימונגען פֿון ברייטן צבור, מיט אַלע זיינע שיכטן, און דאָס וואָס די מענטשן פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט האָבן געטראַכט וועגן די לויפנדיקע פּראָגעס אין לעבן פֿון געטאָ און פֿון די עקזיסטענץ־פּראָבלעמען און בעיקר

וועגן די אויפטרייסלונגען וואָס זענען פאַרגעקומען אין דער באַגריפן־ אויף־אַסאָציאַציעס־וועלט פון די ייִדן אין געטאָ, אין די פאַרצייכענונגען און אין די כּתבים פון רינגעלבלומען געפינען זיך אַ מאַסע פאַקטן און דערשיינונגען וואָס זענען נישט באַקאַנט פון קיין שום אַנדערן מקור. זיי זענען פול מיטן גייסט און מיטן מהות פון דעם מחבר, דעם היסטאָריקער וואָס איז געווען באַשאַנקען מיט אַ וויטן היסטאָרישן קוק, דעם מעורב עם הבריות.

רינגעלבלום האָט אַ דאַנק זיין ברייט פאַרצווייגטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין געטאָ (אַקטיווער טוער און קאָאָרדינירער־קאָמיטעט פון די אינ־סטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף, לייטער און רוח־החיים פון געזעלשאַפט־לעכן סעקטאָר פון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף, איינער פון די אָרגאַ־ניזאַטאָרן און אָנפירערס פון דער ייִדישער קולטור־אָרגאַניזאַציע — „איקאָר", אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער קאַמפּאַניע צו מאָביליזירן די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט צום אַקטיוון ווידערשטאַנד), געהאַט אַ לעבעדיקן קאָנ־טאַקט מיט מענטשן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן, און איז געווען פון די בעסט אינפאָרמירטע טוערס אין וואַרשע. אַ שאַרפער באַאָבאַכטער, אויסגע־צייכנט באַהאַוונט אינעם גאַנצן מעכאַניזם פון דער אָקופּאַציע־פּראָבלעמאַטיק, אַ היסטאָריקער, וואָס האָט געטראַכט אין טערמינען פון ייִדישן כּלל, פון ייִדישן קיום, האָט ער אין זיינע פאַרצייכענונגען געשריבן אויף דער הייסער מינוט און אָפט מאָל מיט קאָנספּיראַטיווע קיצורים און רמזים, פאַרפיקסירט יעדע דערשיינונג פון ייִדישן לעבן, ווען זי איז נאָך געווען פריש צאַפּלדיק. „דאָס אַלץ — האָט רינגעלבלום געשריבן וועגן זיך — וואָס איך האָב זיך אין משך פון טאָג אָנגעהערט, האָב איך אין אָוונט פאַרנאָטירט און פאַרזען מיט הערות". פון די טאָג־טעגלעכע נאָטיצן האָט זיך במשך פון דער צייט אָנגעזאַמלט אַ חיבור פון הונדערטער זייטן, ענג פאַרשריבענע, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע פּראָבלעמען און געשעענישן פונעם פּוילישן ייִדנטום אין די יאָרן פון דער נאַצי־תּקופֿה.

ווען דער שטאַב מיטאַרבעטערס פון „עונג־שבת"־אַרכיוו האָט זיך אויסגעברייטערט און דערגרייכט גוטע רעזולטאַטן אויפן געביט פון זאַמלע־רישער און פאָרשערישער אַרבעט (די הונדערטער אָפּגעפונענע כּתב־ידן פוןביידע טיילן רינגעלבלום־אַרכיוו, זאָגן עדות וועגן דער גרויסקייט פון די אויפטוען פון רינגעלבלומען און זיינע מיטאַרבעטערס), האָט רינגעלבלום באַשלאָסן איבערצוגיין פון טאָג־נאָטיצן צו וואָכן און חודש־איבערזיכטן, ווי אויך ביאָגראַפישע שטודיעס וועגן באַרימטע מנהיגים און עסקנים (ווי למשל שכנא סאַגאַן, יצחק גיטערמאַן), וויסנשאַפטלערס (ווי למשל: פּראָפ' האַנדעלסמאַן, פּראָפ' באַלאַבאַן, ד"ר שיפּער), ווי אויך מאָנאָגראַפישע נאָטיצן וועגן שרייבערס, קולטור־טוערס און אַנדערע וויכטיקע פּערזענ־לעכקייטן.

אין זיין אָפּשאַצונג וועגן די אויפטוען פון „עונג־שבת", געשריבן אין אַ פּערספּעקטיוו פון דריי און אַ האַלבן יאָר וועגן דער ברייט־פאַרצווייגטער

אַרכיוו־אַרבעט, מאַכט רינגעלבלום אַן אונטערשייד צווישן צוויי טיפּן פאַר־צייכענונגען: טאָגביכער און נאָטיצן. די ערשטע זענען געשריבן אין אַ פאַרענדיקטער פאָרם, בעת די צווייטע האָבן געזאָלט פאַרענדיקט ווערן ערשט נאָך דער מלחמה. רינגעלבלומס פאַרצייכענונגען גופא געהערן על־פּי־רוב — הגם דער מחבר זאָגט דאָס נישט אַליין — צום ערשטן טיפּ.

אין זיינע פאַרצייכענונגען, ווי אויך אין זיינע צאָלרייכע שטודיעס און אָפּהאַנדלונגען (פאָרשערישע אַרבעטן) האָט זיך רינגעלבלום געשטעלט דעם אייגענעם ציל, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט פאַר זיינע מיטאַרבעטערס פון „עונג־שבת", צו געבן אַן אַלזייטיק בילד פון יידישן לעבן אין דער צייט פון דער מלחמה, פון דעם אַלעם וואָס ס'האָבן איבערגעלעבט, געטראַכט און געוויטיקט די יידישע פאָלקס־מאַסן. „מיר האָבן געשטרעבט דערצו — האָט ער זיך אויסגעדריקט — אַז ס'זאָל געגעבן ווערן אין אונדזערע אַרבעטן דער גאַנצער אמת, ווי ביטער ער זאָל נישט זיין. די פאָטאָגראַפיעס אונדזערע זיינען געטריישע, נישט קיין רעטושירטע".

כּדי צו פאַרזיכערן אַ וואָס גרעסערע אָביעקטיווקייט האָט רינגעלבלום געשטרעבט דערצו, אַז די זעלבע פּאַסירונגען זאָלן באַשריבן ווערן איינפאַך און אַחריותדיק דורך עטלעכע מחברים. אין די אויסגעאַרבעטע טעזן, ווי אויך אין די מינדלעכע אָנווייזונגען פאַר זיינע מיטאַרבעטערס האָט רינגעל־בלום כּסדר אַרויסגערוקט די נויטווענדיקייט צו זיין אָביעקטיוו אַפילו לגבי אונדזערע דם־שונאים און געבן אַן אָביעקטיוו בילד פון די באַציִונגען פון די דייטשן צו יידן. דעריבער געפינען מיר נישט ווייניק מאַטעריאַלן אין זיין אַרבעט וועגן מענטשלעכער באַנעמונג פון אַ טייל דייטשן לגבי יידן.

אַזוי אַרום נעמען רינגעלבלומס נאָטיצן און פאַרצייכענונגען אַרום אַלע זייטן פון געטאָ־לעבן.

די גרוילטאַטן פון די דייטשן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג פאַר־נעמען דעם אויבנאָן ביי רינגעלבלומען, אָבער פון אַ גרויסן באַדייט זענען די פאַקטן און פּרטים וועגן אינערלעכן לעבן אין געטאָ, וועגן מענטשן און זייערע האַנדלונגען, זייערע געדאַנקען און געפילן אין דער צייט פון לעבנס־סכּנה. אין רינגעלבלומס פאַרצייכענונגען און כּתבים ווערן נישט בלויז נאָטירט פאַקטן און פּאַסירונגען פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס מאָלן די אַטמאָספער פון יענע אַכזריותדיקע געשעענישן און דאָס שווערע געמיט פון יענע טעג, נאָר עס ווערן אויך אָפּגעשאַצט סיי לשבח, סיי לגנאי, דערשיינונגען פון געטאָ, וואָס האָבן געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט. נישטאָ קיין וויכטיקע דערשיינונג פון יידישן לעבן בעת דער מלחמה, וואָס זאָל נישט האָבן געפונען ביי אים קיין אָפּשאַצונג. זיינע אָפּשאַצונגען און באַלויכטונגען זענען ביז גאָר וויכטיק, ווייל זיי גיבן אָפּ אַ היסטאָריש־סינטעטישן איבערבליק איבער די באַזונדערע פאַזעס פון דער איבערגעלעבטער תּקופה אונטער דעם נאַצי־רעזשים. אַזוי למשל באַטראַכט ער מיט אַן אַנאַליטישער טיפקייט די גרונ־טיקע פאַזעס פון דער אונטערערדישער טעטיקייט אין געטאָ, די פאַרשאַרפטע סאָציאַלע דיפערענצירונגען, די סאָציאַלע און קולטורעלע דינאַמיק פון געטאָ,

די דייטשישע קריגס־סטראַטעגיע און פאַררעטערישקייטן לגבי ייִדן, די פאַר־לוסטן אויפן געביט פון וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט אאַ״וו אאַ״וו, און ער ברענגט צום אויסדרוק דאָס וואָס עס האָבן געטראַכט די איבערגע־בליבענע רעשטלעך פון דער ייִדישער געזעלשאַפט וועגן די לויפנדיקע פּראָגעס פון געטאָ־לעבן נאָך דעם גרויסן חורבן, זומער 1942.

מ׳דאַרף אויך דערמאָנען דעם וויכטיקן טאָגבוך פון אברהם לעווין (דעם מחבר פון בוך „קאַנטאָניסטן״). דער דאָזיקער טאָגבוך וואַרפט אין אַ געוויסן זין אַ ליכט אויפן ציל, אויף דער אַרבעט־פאָרם און אויף די מעטאָדן פון זאַמלען דאָקומענטן פון „עונג־שבת״, וואָס איז טעטיק געווען אין שווערע אונטערערד־באַדינגונגען, אין וועלכע די מיטאַרבעטערס האָבן אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע איבערגעגעבנקייט, זייענדיק כּסדר אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע געפאַרן. ענלעך צו רינגעלבלומען האָט זיך לעווין נישט באַנוגנט מיטן פאַרשרייבן די זאַכן וואָס האָבן פּאַסירט אין וואַרשע. ער האָט אויך פאַרצייכנט אַלץ וואָס זיין אויער האָט אויפגענומען וועגן דעם גורל פון די אַנדערע קהילות — וועגן דעם לעבן און די שווערעליידן פון די ייִדן אין די פּראָווינצשטעט.

לעווין האָט זיך נישט פאַרנומען אין זיין טאָגבוך בלויז מיט באַשרייבן פאַקטן. ער האָט אויך געפּרוּווט מאַכן אַ סך־הכּל און אַרויסציִען מסקנות לגבי דער צוקונפט. ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעהאַלטן פון פאַרמעסטן זיך מיט אַלגעמיינע פראַגן. ס׳האָט אים גאַנץ באַזונדערס אינטערעסירט די פראַגע פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון גאַנצן דייטשישן פאָלק פאַר די פאַר־ברעכנס וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין די מלחמה־יאָרן און ער האָט געפּרוּווט אָפּשאַצן ווי אַזוי ס׳וועלן אויסזען די באַציִונגען צווישן די פּאָליאַקן און די ייִדן נאָך דעם ווי די מלחמה און די אָקופּאַציע וועלן זיך פאַרענדיקן.

לעווין איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן הומאַנישן גייסט. אין דעם צעווילדעוועטן זיך פון דער נאַצישער חיה זעט ער אַ דורכפאַל פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און ער פּרוּווט פאַרויסזען די אויסווירקונגען פון דער דאָזיקער תּקופה פון רציחות אויף דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. דער מחבר איז אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון די שטימונגען אין געטאָ, וואָס ווערן געוואָרפן צווישן אַ געפיל פון דער אַנקומענדיקער אומפאַרמיידלעכער פאַר־לענדונג און אַ געפיל פון פאַלשער האָפענונג אַז דאָס בלוט־פאַרגיסן וועט אָפּגעשטעלט ווערן און די רעשטלעך פון דעם גרויסן ייִדישן ישוב אין וואַרשע וועלן אָפּגעראַטעוועט ווערן.

אויך אין דער תּקופה פון דער גרויסער „אַקציע״ אין וואַרשע, ווען זיין פרוי איז פון אים אַוועקגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע, פלעגט לעווין פאַר־שרייבן זיינע נאָטיצן טאָג־טעגלעך אין באַדינגונגען וואָס ס׳איז זיך שווער פאָרצושטעלן. צוליב דער פּינקטלעכקייט און געטרייקייט ביים איבערגעבן די פאַקטן, דעם טיפן אינהאַלט פונעם טאָגבוך און דער ריינקייט און קאָמ־פּרעסירטקייט פון סטיל („יעדער זאַץ אין דעם טאָגבוך איז ווי אָפּגעמאָסטן״

— שרייבט וועגן אים רינגעלבלום) איז דער טאָגבוך פון לעווינען אַ ווערט־פולער היסטאָרישער און ליטעראַרישער דאָקומענט.

די צאָלרייכע כראָניק־שרייבערס גיבן איבער וועגן די טאָג־טעגלעכע געשעענישן און ברענגען אַרויס אין אַ ברייטן פאַרנעם די פיזישע און גייס־טיקע פייניקונגען פון די וואָס זענען געווען פאַרשפאַרט אין די געטאָס. לאָמיר דערמאָנען צווישן זיי די כתבים פון פרץ אָפּאָטשינסקי, פון הרב שמעון הובערבאַנד, פון מרדכי שוואַרצבאַרד, ש. שיינקינדער און אַנדערע.

זייער שטאַרק אָפּגעשאַצט אין „עונג־שבת" איז געווען די מיטאַרבעט פון דעם יונגן היסטאָריקער הרב שמעון הובערבאַנד, מיטגליד פון דער אָנפירונג פון „עונג־שבת", איינער פון די וויכטיקסטע בייטראָגערס צו די אַרכיוו־זאַמלונגען. ווען ער איז אָנהייב 1940 אָנגעקומען אין וואַרשע פון פיעטריקאָוו, האָט הובערבאַנד גענומען אָפיציעל אַרבעטן אין דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף (ייסאַ) ווו ער האָט אָנגעפירט מיט דער רעליגיעזער אָפּטיילונג. דער עיקר אָבער האָט ער זיך פאַרנומען מיט צונויפזאַמלען דאָקומענטאַרן מאַטעריאַל, מיט פאַרצייכענען נאָטיצן, מיט צונויפנעמען גבֿיית־עדותן פון מענטשן און מיט שרייבן אַרבעטן אויף אַקטועלע פּראָבלעמען. די דאָזיקע אַרבעט זיינע האָט ער נישט אויפגעהערט צו טאָן אַפילו אין די שרעקלעכסטע געטאָ־באַדינגונגען.

די גרעסטע טייל קאָפּיעס פון אָפיציעלע דאָקומענטן — אין דייטש און פויליש — וואָס האָבן אַ שייכות מיטן יודנראַט און מיט די יידן פון פיעטריקאָוו אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע (אָקטאָבער—דעצעמ־בער 1939), וואָס מיר געפינען אינעם אַרכיוו „עונג־שבת", האָט צוגעגרייט הובערבאַנד נאָך בעת ער האָט זיך געפונען אין דער דאָזיקער שטאָט און האָט זיי שפּעטער אַריבערגעפירט קיין וואַרשע.

זיין פלייס, זיין מסירת־נפש, און זיינע פעיקייטן האָבן שוין זיינע בני־דור אָפּגעשאַצט דעמאָלט, אין יענע טעג. אין געטאָ האָט מען הובערבאַנדן צוגע־טיילט אַ פּרייז פאַר איינער פון זיינע אַרבעטן מיט וועלכער ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ קאָנקורס וואָס ס'האָט אָרגאַניזירט די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע (ייקאָר). און אָט וואָס רינגעלבלום שרייבט וועגן אים: „שוין אין די ערשטע חדשים פון מיין צוטרעטן צו דער „עונג־שבת"־אַרבעט האָב איך צוגעצויגן צו דער מיטאַרבעט אייניקע פּערזאָנען. אָבער גרויס מזל־ברכה איז דערפון נישט אַרויסגעקומען. ערשט מיטן מאָמענט פון צוציִען צו דער מיטאַרבעט דעם יונגן היסטאָריקער הרב שמעון הובערבאַנד האָט די „עונג־שבת" געוווּנען איינעם פון אירע בעסטע מיטאַרבעטערס".

הרב הובערבאַנדס מיטאַרבעט אין „עונג־שבת" איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען. קודם־כל האָט מען יעדן טאָג געדאַרפט פאַרצייכענען און פעסט־שטעלן די ריכטיקייט פון די געשעענישן. ער האָט ראשית־כל פאַרנאָטירט אַלץ וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אויגן אָדער געהערט פון באַגלייבטע מענטשן. כראָנאָלאָגיש זענען די ערשטע די פאַרצייכענונגען פון פיאָטרקאָוו־

טריבונאַלסקי און פון די דערבייִקע שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע דער מחבר האָט זיך געפונען בעת דער סעפּטעמבער־קאַמפּאַניע און ביים אָנהויב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די אַ פאַרצייכענונגען אַנטהאַלטן נישט נאָר דאָס וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן, למשל דאָס חרוב מאַכן פון אַ געוויסן בית־כּנסת, ווען ער איז פאַרברענט אָדער צעשטערט געוואָרן, ווען מ׳האָט אים רעסטאַווּרירט, ווי אַזוי ער האָט אַ מאָל אויסגעזען, די לעגענדעס וואָס זענען אַרום אים געשפּינט געוואָרן א.אַ.וו. צווישן די איבערגעגעבענע פאַקטן געפינען זיך אָפט אַזעלכע וואָס זענען אונדז נישט באַקאַנט פון אַנדערע מקורות.

דער מחבר צייכנט זיך אויס מיט זיין אָביעקטיווקייט און מיט זיין באַמי׳ען זיך צו געבן ווי ווייט מעגלעך אַ פול בילד פון יענע טעג. ער שטעלט זיך אָפּ אין זיינע פאַרצייכענונגען נישט בלויז אויף די דערהויבענע מאָמענטן פון יעדער תקופה, נאָר בעיקר אויף די יסורים און לײַדן וואָס די ייִדן זענען אויסגעשטאַנען פון זייערע באַצווינגערס. ער האָט אויך געזען די טונקעלע זייטן פון ייִדישן לעבן, אַ פּראָדוקט פון אָט דער אומגליקלעכער תקופה. ער פאַרמאַכט נישט די אויגן כּדי נישט צו זען די דערשיינונגען וואָס האָבן אים פאַרשאַפט דעם גרעסטן פּיין, דהיינו דאָס באַווייזן זיך פון מוסרים אויף דער ייִדישער גאַס און די פאַלן פון מאָראַלישער געפאַלנקייט פון דער ייִדישער פרוי.

לויטן אַרבעטפּלאַן פון „עונג־שבת״, וואָס האָט פאַרלאַנגט פון זיינע מיטאַרבעטערס גרינדלעכקייט און פאַכמענישקייט און געפאָדערט פון זיי זיי זאָלן באַווייזן מיט דאָקומענטן די געבראַכטע פאַקטן כּדי זיי צו מאַכן פאַרשטענדלעך און איבערצייגנדיק פאַר די קומענדיקע דורות, פאַר וועלכע ס׳וועט שווער זיין צו גלייבן אין די גאַנץ באַזונדערע דערשיינונגען, האָט הובערבאַנד זיך פאַרנומען קודם כּל מיט פאַרשן דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן אין די שרעקלעכע אָקופּאַציע־יאָרן. דער דאָזיקער טעמע האָט ער געווידמעט אַ ריי חיבורים, ווי למשל: ישיבה־בחורים אין דער צייט פון דער מלחמה, ייִדישער לבוש, תשמישי־קדושה, זקנים, מקוואות, רבנים, שמירת־שבת און חילול־שבת, דאָס שעכטן עופות און בהמות, יום־טובים אין דער צייט פון דער מלחמה און נאָך אַנדערע... נאָענט צום דאָזיקן געביט איז זיין חיבור: „די מאָראַלישע ליידן און די מאָראַלישע געפאַלנקייט פון דער ייִדישער פרוי אין דער צייט פון דער מלחמה״. אויסער דעם דאַרף מען נאָך דערמאָנען די וויכטיקע אַרבעטן פון הרב הובערבאַנד: „דער חורבן פון די בתי־כּנסת, בתי מדרשים און בית הקברותן״, „קידוש השם״, „חורבן־קהילות״, „אַרבעט־לאַגער קאַמפּינאָס״, „אַרבעט־לאַגער פאַר ייִדישע פרויען אין לובלין״.

אַחוץ דעם האָט זיך הרב הובערבאַנד „אויף דער עצה פון די היסטאַריקערס ד״ר שיפּער און ד״ר רינגעלבלום״ (ווי ער אַליין גיט עס איבער אין דער הקדמה צו דעם חיבור) — פאַרנומען מיט אַ ברייטערער פאַרשאַרבעט „צונויפצוזאַמלען דעם גאַנצן היסטאָרישן מאַטעריאַל פון שאלות און תשובות

וואָס עס האָבן בשעתם פאַרפאַסט די גדולים אין פוילן"... אין דער הקדמה צום דאָזיקן ווערק „מקורות צו דער געשיכטע פון די ייִדן אין די סלאַווישע לענדער און בעיקר אין פוילן, רוסלאַנד און ליטע" דערציילט דער מחבר אַז די אַרבעט ווערט געטאָן אין די ערגסטע באַדינגונגען, אין דער צייט פון דער מלחמה אין יאָר תש"ב (1942), ווען דער פראָסט איז גרויס און אין שטוב איז קאַלט מחמת עס פעלט הייץ־מאַטעריאַל, קיין עלעקטריע איז נישטאָ און אין שטוב ליגט אַ חולה מסוכן און אויך מחמת די מלחמה־באַדינגונגען, ווען אַלע ביבליאָטעקן זענען צערויבט און פאַרניכט געוואָרן".

נישט אַלץ וואָס הובערבאַנד האָט געשריבן האָט זיך אויפגעהיט. עס זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען די חיבורים וואָס זענען פאַרבליבן אין זיין דירה אָדער אין וואַרשטאַט (שאָפּ) אין וועלכן ער האָט געאַרבעט אײדער ער איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. מיר האָבן אויך נישט די ביכער מיט זיינע באַמערקונגען אויף אַקטועלע ענינים. בדרך־כלל זענען צו אונדז דערגאַנגען הובערבאַנדס כתבים אין דער פאָרם אין וועלכער ער האָט זיי געשריבן. איניקע פון זיינע חיבורים זענען איבערגעשריבן געוואָרן אויף אַ שרייבמאַשין פון זיין כתב־יד אַזוי ווי ס'האָט זיך געפירט אין „עונג־שבת" איבערצושרייבן אויף אַ שרייבמאַשין אַלע כתב־ידן אין עטלעכע קאָפּיעס און זיי שפּעטער פאַרבאַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער, כדי צו פאַרגרעסערן דערמיט די שאַנסן זיי זאָלן זיך אָפּגעפינען. לײדער זענען אַלע פּלענער נישט רעאַליזירט געוואָרן אַזוי ווי מ'האָט זיי אין אָנהויב פאַרטראַכט.

נישט אַלע כתב־ידן זיינע זענען ליינעוודיק, נישט וויניק זייטלעך זענען אַזוי באַשעדיקט אַז מ'קען זיי נישט דעשיפרירן, ווי למשל אַ טייל פון זיין חיבור „יום־טובים אין דער צייט פון מלחמה".

אין געטאָ איז הרב הובערבאַנד קראַנק געוואָרן אויף פלעקן־טיפוס און ווען ער איז ביַיגעקומען די קרענק האָט ער נישט געהאַט די מיטלען איינ־צוקויפן די אַבסאָלוט נויטיקע לעבנסמיטלען כדי זיך צוריקצושטעלן אויף די פיס.

וועגן דעם ווי אַזוי הובערבאַנד איז אומגעבראַכט געוואָרן גיט רינגעל־בלום איבער גאַנץ קורץ: בעת דער „אויסזידלונג" (ד.ה. דער „גרויסער אַקציע" וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ צווישן דעם 22סטן יולי אין דעם 12טן סעפּטעמבער 1942 און וואָס האָט געקאָסט דאָס לעבן פון אַן ערך דריי הונדערט טויזנט ייִדן) האָט הרב הובערבאַנד געפונען אַ מקום־מקלט ביי די בערשטער (אין שאָפּ פון די בערשטער אויף באַני־פראַטערסקע). אין איינער פון די בלוטיקע „אַקציעס" ביי די בערשטער, בשעת וועלכער ס'זענען צוגענומען געוואָרן 1200 מענטשן, איז אויך צוגע־נומען געוואָרן הרב הובערבאַנד. די רוצחים האָבן בשעת דער דאָזיקער אַקציע נישט געקוקט אויף די פּאַפּירן, נאָר אויף די פּנימער פון די קרבנות. דאָס בליכע, אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע פּנים פון הרב הובערבאַנד האָט נישט נושא־חן געווען ביי די ס.ס.־מערדערס. מען האָט אים צוזאַמען מיט די אַנדערע געטריבן דירעקט אין די וואַגאָנען און פון דאָרט אין דעם

טויטן־לאַגער טרעבלינקע. דאָס איז געשען דעם 18טן אויגוסט 1942. אַזוי איז פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט דורך די נאַצישע תליינים אַ יונגער גלענצנדיקער היסטאָריקער, אַ ביישפּיל פון אַן אָביעקטיוון און געטרייען פאָרשער, וואָס איז אַלט געווען נישט מער ווי 33 יאָר.

אין זיין אַרבעט „ווי אַזוי איז אונטערגעגאַנגען די ייִדישע אינטעליגענץ אין וואַרשע", וואָס ער האָט געשריבן אין זיין באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זייט אין דעצעמבער 1942, שילדערט רינגעלבלום די געשטאַלט און דעם אויפטו פון הרב הובערבאַנד מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „צווישן די אומגעקומענע רבנים דאַרפן דאָ געווידמעט ווערן אַ פּאָר ווערטער דעם יונגן וואַרשעווער רב, הרב שמעון הובערבאַנד. דאָס איז געווען אַן איידעלע נאַטור, וואָס איז זעלטן צו טרעפן אין היינטיקע צייטן. הובערבאַנד איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער בקי אין רעליגיעזער ליטעראַטור, ער האָט אויך געהאַט אָנלאַגן פאַר אַ גוטן היסטאָריקער. זיינע סקיצן פון דער ייִדישער געשיכטע אין פּוילן האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע בקיאות אין דעם דאָזיקן צווייג פון וויסנשאַפט. בשעת דער מלחמה איז הובערבאַנד, לויט מיינע אָנווייזונגען, צוגעטרעטן צו באַאַרבעטן די היסטאָרישע מאַטעריאַלן פון די שאלות ותשובות, וואָס זענען שייך צו פּוילן. בלויז אַ טייל פון דעם דאָזיקן אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל איז אויפגעהיטן געוואָרן. דער רוב איז צוזאַמען מיט הובערבאַנדן פאַרשוווּנדן. הובערבאַנד האָט אויך אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון דער אַרכיוו־אַרבעט [אין „עונג־שבת"]. ער האָט אָנגעזאַמלט אַ רייכן מאַטעריאַל וועגן די ליידן און צרות פון דער ייִדישער באַפעלקערונג בשעת דער איצטיקער מלחמה. זיינע מאַטעריאַלן צייכענען זיך אויס מיט אַ גרויסער גרינדלעכקייט און סאָלידקייט. זיי וועלן דינען אַלס וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער פון אונדזער צייט. די פאַרדינסטן פון הרב הובערבאַנד אויף דעם געביט פון דאָקומענטירונג פון ייִדישן לעבן אין דער איצטיקער מלחמה זענען זייער גרויסע. זיי וועלן קענען אָפּגעשאַצט ווערן ערשט דעמאָלט, ווען דער מאַטעריאַל וועט באַקאַנט ווערן דער ייִדישער עפנטלעכקייט אין דער גאָרער וועלט. דעמאָלט ערשט וועט מען זען וואָס עס האָט געלייסטעט דער באַשיידענער רב הובערבאַנד".

וועגן דעם אומברענגען פון הרב הובערבאַנד האָט אברהם לעווין געשריבן דעם 19טן אויגוסט 1942 פאָלגנדיקע ווערטער: „נעכטן אין אָוונט איז אין בערשטער־שאָפּ געווען אַ שחיטה. ס'זענען צוגענומען געוואָרן בערך 1600, צווישן זיי אַ סך באַקאַנטע און ווערטפולע מענטשן, הרב הובערבאַנד און אַנדערע".

אויסער רינגעלבלומען און אברהם לעווינען האָט וועגן הרב הובערבאַנד געשריבן רירנדיקע ווערטער מנחם מענדל קאָן, מיטגליד פון דער אָנפירונג פון „עונג־שבת", אַ זייער טיכטיקער עסקן אין דער סאָציאַלער אַרבעט אין געטאָ, איינער פון רינגעלבלומס געטרייסטע און איבערגעגעבנסטע מיטהעלפערס ביים אויפשטעלן דעם אונטערערדישן ייִדישן אַרכיוו. קאָן איז עס געווען דער וואָס האָט — ווי רינגעלבלום דריקט זיך קורץ אויס — „אַוועק־

געשטעלט די פינאַנסן [דעם בודזשעט פון געהיימען אַרכיוו] אויף דער געהעריקער מדרגה".

אין זיין אָפּהאַנדלונג אונטערן קריפּטאָנים ע"ש („עונג־שבת"), געשריבן אין 1942, האָט רינגעלבלום געגעבן אַן איבערבליק וועגן די דריי יאָר אַרבעט פון דעם געהיימען אַרכיוו און האָט אָפּגעשאַצט זיינע פאָרש־אַרבעטן, די שוועריקייטן וואָס זענען געשטאַנען פאַר זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטערס ווי אויך זייערע דערגרייכונגען. רינגעלבלום איז פול מיט אָנערקענונג פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וואָס קאָן האָט געווידמעט דעם אַרכיוו פון „עונג־שבת". „ע"ש — שרייבט רינגעלבלום — איז נישט קיין פאַראייניקונג פון וויסנשאַפטלער, וואָס קאָנקורירן איינער מיטן צווייטן און באַקעמפן זיך קעגנזייטיק, נאָר אַן איינהייטלעכע קערפּערשאַפט, אַ ברודערשאַפט, ווו אַלע העלפן זיך אַרויס קעגנזייטיק און שטרעבן צו דעם זעלבן ציל... דער טרייער פאָטער און פאַרזאָרגער איז געווען דער האַרצליידנדער אָבער הייס־האַרציקער מנחם ק. [קאָן], וואָס האָט אַרויסגעראַטעוועט פון טיפוס סיי הירש וו. [וואַסער], סיי הרב הובערבאַנד, וואָס האָט אין זינען געהאַט דאָס קראַנקע קינד פון א. ג־סקי [גוטקאָווסקי] און וואָס האָט אויך שטאַרק געהאָלפן דעם שטענדיק הונגער־ליידנדן שרייבער און זשורנאַליסט פּרץ א־סקי [אָפּאָ־טשינסקי]. וואָלט די שטילע טויב דניאל פליגעלמאַן נישט לאַנג שוין אומ־געקומען, ווען נישט די שטענדיקע און וואַרעמע הילף פון דעם טייערן חבר מנחם. וויפל מאָל איז ער מיר דערגאַנגען די יאָרן איך זאָל אַרויספאָרן פון וואַרשע נאָך דער בלוטיקער אַפּריל־נאַכט 1942 ?".

אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן צושטייער פון מנחם קאָן אין דער אינסטי־טוציע „עונג־שבת" זאָגט אויך עדות הירש וואַסער, דער וויסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר פונעם געהיימען אַרכיוו און מיטגליד פון זיין ענגער אָנפירונג. אין זיין טאָגבוך דערמאָנט וואַסער זייער אָפט מנחם קאָנען. כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט איז למשל וואַסערס פאַרצייכענונג פון 27סטן מאַי 1942 : „כ'בין ביז גאָר אויפגערעגט, וואָס אונדזער טייערער מנחם קאָן זיצט נאָך אַלץ אינעם פאַרדומפּענעם געטאָ. ער מוז האָבן לויט אַ דאָקטאָרישער פעסט־שטעלונג סאַנאַטאָריע און לופט. כ'ברעך זיך דעם קאָפּ ווי אַזוי מ'זאָל אים משלח זיין קיין אָטוואָצק. אַלע זיינע באַוואָרעניש, אַלע פון רייך געזעל־שאַפטלעכן כאַראַקטער, מוזן אָפּטרעטן אַן אַ זייט, ווייל זיין געזונט איז די גאַראַנטיע פאַר דער „עונג־שבת"־אַרבעט. אָן אים צעפאַלט זיך אַלץ ווי אַ זייפנבלאָז. אַ מענטש מיט אַזאַ כאַראַקטער און האַרץ ווי חבר קאָן מוז ווערן אָפּגעהיט ווי אַן אבן־טוב. הרב הובערבאַנד זוכט צוזאַמען מיט מיר די עצה. כ'גלויב אַז סוף־כל־סוף וועלן מיר אים איבערצייגן".

זאָל אויך פאַרצייכנט ווערן אַז מנחם קאָן איז געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע מיטהעלפערס פון רינגעלבלומען נישט נאָר אין „עונג־שבת", נאָר אויך אין זיין געבענטשטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין געטאָ, אַזוי ווי דאָס באַווייזט דער פאָלגנדיקער ביישפּיל. אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן יצחק גיטערמאַנען, דעם דירעקטאָר פון „דזשאָינט" אין פוילן, גיט

רינגעלבלום איבער אַז טשערניאַקאָוו האָט אָנגענומען דעם געדאַנק פֿון גיטערמאַנען צו מאָביליזירן גרויסע פֿינאַנסיעלע מיטלען מיטן ציל צו קומען צו הילף דער הונגעריקער באַפֿעלקערונג אין געטאָ. אָט די אַקציע אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון גיטערמאַנען, די געזעלשאַפֿטלעכע טוערס דיר. בלאָך, מנחם מענדל קאָן און ד״ר רינגעלבלום, וואָס איז געווען באַזירט אויף צוואַנגמיטלען (אַריינזעצן פּליטים אין די דירות פֿון די רייכע, צוואַנגאַרבעט פֿון די גבירים) האָט אַריינגעבראַכט איבער אַ מיליאָן זלאָטעס. זי האָט אָבער נישט דערגרייכט דעם עיקרדיקן צוועק, מחמת „די סביבה פֿון פּרעזעס [טשערניאַקאָוו] האָט אַלץ געטאָן כּדי צו נישט צו מאַכן דעם דאָזיקן געדאַנק פֿון צוואַנג־באַשטייערונג פֿון די אויפֿגעקומענע מלחמה־גבירים״. דאָ דאַרף נאָך באַמערקט ווערן אַז הינטער דער קעגנערשאַפֿט פֿון די מיטגלידער פֿון יודענראַט צו דער דאָזיקער סאָציאַלער פּאָליטיק פֿון טשערניאַקאָוו זענען געשטאַנען די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען וועלכע האָבן געוווּסט ווי אַזוי גוט אויסצונוצן די סאָציאַלע קעגנזאַצן אין דער באַפֿעלקערונג פֿון געטאָ כּדי אָפּצושוואַכן די ייִדישע אַחדות.

בעת די צוגרייטונגען צום געטאָ־אויפֿשטאַנד איז געשאַפֿן געוואָרן אַ געזעלשאַפֿטלעכע קערפּערשאַפֿט ביים קאָאָרדינירן־קאָמיטעט, וואָס האָט גענומען אויף זיך דאָס זאָרגן צו מאָביליזירן געלטער פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע ווי אויך פֿאַר אויפֿבויען שוצקעלערס און בונקערס און פֿאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פֿון אַקטיוון ווידערשטאַנד אין אַלע געזעלשאַפֿטלעכע שיכטן. אין דאָזיקן געזעלשאַפֿטלעכן קאָמיטעט זענען אַריין מנחם קאָן, יצחק גיטערמאַן, אַ. בלאָך, דוד גוזיק, לאַנדאַו און יוסף סאַק.

מנחם קאָן האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט זיין אַנטשיידנדיקן אָנטייל אינעם אָרגאַניזירן די אַרבעט פֿון דאָקומענטירונג אין „עונג־שבת״ און אין אָנפֿירן מיט זיינע פֿינאַנסן. ער האָט אויך אַליין געשריבן. ווי איינער פֿון די טעטיקסטע געזעלשאַפֿטלעכע טוערס פֿון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף („ייִס״אַ״) האָט ער אויף דעם געביט אָנגעשריבן אַ ריי אָריגינעלע פֿאַרצייכענונגען (זייער גרעסטער טייל געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון „עונג־שבת״).

גאַנץ באַזונדערס דאַרפֿן דערמאָנט ווערן טיילן פֿון מנחם קאָנס טאָגבוך געשריבענע אין אויגוסט און סעפּטעמבער 1942, בעתן גרויסן גירוש פֿון די וואַרשעווער ייִדן קיין טרעבלינקע. אין די פֿאַרצייכענונגען זענען די שרעקלעכע געשעענישן געשילדערט אין ליכט פֿון פּערזענלעכע איבערלעבונגען. אין דער הקדמה צו דער אַרבעט וועגן גורל פֿון ייִדישן קינד אין דער צייט פֿון דער אָקופּאַציע, האָט קאָן געשריבן צווישן אַנדערן וועגן דעם באַטייט און דער שליחות פֿון דעם אונטערערדישן אַרכיוו: „איך האַלט פֿאַר אַ הייליקן חוב... אַז יעדער, צי ער קאָן, צי ער קאָן נישט, מוז אויפֿשרייבן אַלץ וואָס ער האָט געזען, צי געהערט פֿון די וואָס האָבן געזען די רציחות וואָס די באַרבאַרן האָבן אויסגעפֿירט אין יעדן ייִדישן שטעטל [כּדי], אַז ווען עס וועט קומען די צייט — זי וועט דאָך געוויס קומען — זאָל די וועלט לייענען און וויסן וועגן דעם, וואָס די מערדערס האָבן אָפּגעטאָן. דאָס וועט זיין דער רייכסטער

מאַטעריאַל פאַר דעם מקונן ווען ער וועט אָנשרייבן די עלעגיע פון דער הײנטיקער צייט. דאָס וועט זיין דער שטאַרקסטער שטאָף פאַר דעם נקמה־נעמער פאַר דעם אַלעם..."

באַזונדערס דערמאַנט ווערן דאַרפן די חיבורים און עסייען פון יהושע פערלע, יהודה פעלד, זלמן סקאַלאָוו, לייב גאָלדין, יצחק בערנשטיין און אַנדערע, וואָס גיבן אַן אויפטרייסלענדיק בילד פונעם הונגער, וואָס האָט פאַרשניטן אַזוי פיל לעבנס אין געטאָ. אין די ליטעראַרישע שאַפונגען, וועלכע זענען אַ סך מאָל פיל סוגעסטיווער ווי פינקטלעכע רעפּאָרטאַזשן, ברענגען די מחברים אַרויס אַ גאַנצע ריי געשטאַלטן, אַריינדרינגענדיק טיף אין זייער נשמה, און באַרירן די סאַמע עיקרדיקסטע פּראָגעס פון דער געטאָ־ווירקלעכקייט. זיי גיבן אַ דערשיטערנדיק בילד וועגן דעם קאַטאַסטראָפאַלן מצב אין געטאָ.

*

נאָך צוויי יאָר אינטענסיווער אַרבעט, ווען ס'האָט זיך שוין געהאָט אָנגעזאַמלט אַ מאַסע מאַטעריאַלן, איז ביי רינגעלבלומען און זיינע מיטאַרבעטערס אַנטשטאַנען אַ געדאַנק צו מאַכן געוויסע סך־הכּלען פון דער געטאָ־ווירקלעכקייט און אַריבערגיין פון לויפנדיקן פאַרצייכענען צו אַ סיסטעמאַטיזאַציע און צו פאַראַלגעמיינערונג. זיי זענען דערגאַנגען צום אויספיר אַז כאָטש ס'איז נאָך נישט געקומען די שעה צו מאַכן אַ סינטעז, איז אָבער זייער חוב אונטערצופירן אַ סך־הכּל פון באַשטימטע פּראָצעסן און פון אַלע פאַרשיידענע דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן. דער דאָזיקער פּלאַן איז אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען „צוויי אַ האַלב יאָר" און ס'איז פאַרויסגעזען געוואָרן אַ קאָלעקטיווע אַרבעט וואָס זאָל אַרומנעמען און אויסשעפּן די דערפאַרונג פון צוויי און אַ האַלב יאָר געטאָ־לעבן. די אָנפירערס פון „עונג־שבת" האָבן באַהאַנדלט אַלע פּרטים פון דעם פּלאַן מיטן ציל צו געבן אַ פול בילד פון די געשעענישן אין דער תּקופה און אויב דאָס בילד קען נישט זיין קיין פולס מחמת דעם וואָס די פאַרשערס פון „עונג־שבת" האָבן נישט געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע אַלע נויטיקע דאָקומענטאַרע מקורות, בעיקר די דייטשישע, פאַרמאָגט דאָך זייער אַרבעט די גרויסע מעלה וואָס זי איז דורכגעפירט געוואָרן ממש אין יענע טעג דורך מענטשן וואָס לעבן איבער די געשיכטע אויף זייער אייגענעם לייב. אַזאַ סאָרט פאַרשאַרבעט ווערט קיין מאָל נישט פאַרעלטערט און פאַרלירט נישט איר דאָקומענטאַרישן ווערט.

די דאָזיקע קאָלעקטיווע אַרבעט וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אָנהויב 1942 איז איינגעטיילט אין 4 טיילן: אַן אַלגעמיינעם, אַ ווירטשאַפטלעכן, אַ קולטור־וויסנשאַפטלעך־ליטעראַריש־אַרטיסטישן (פאַרן דאָזיקן פּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ספּעציעלע אַנקעטע וועגן דעם לעבן און דעם שאַפן פון די יידישע קולטור־טוערס אין דער צייט פון דער מלחמה) און אַ טייל געווידמעט דער סאָציאַלער הילף. אויף דורכצופירן דעם פּלאַן זענען צוגע־

צויגן געוואָרן צו הילף נייע כּוחות, פאַכמענער אויף פאַרשיידענע געביטן פון לעבן. די אַרבעט איז פאַרמאָסטן געוואָרן אויף איבער 1000 דרוקבויגנס און האָט געזאָלט ווערן איינער פון די וויכטיקסטע דאָקומענטן אין דער צייט פון דער מלחמה.

עס זענען באַאַרבעט געוואָרן מאַטעריאַלן אויף פאָלגנדיקע טעמעס: די ייִדישע פּאָליציי, קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע אין געטאָ, דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, דאָס שולוועזן און דאָס רעליגיעזע לעבן.

די אַנדערע טעמעס האָבן געדאַרפט אַרומנעמען אַלע געביטן און וויכטיקסטע דערשיינונגען אין ייִדישן לעבן: דעם רעכטלעכן מצב, די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, די סטרוקטוראַלע ענדערונגען, די ראָלעס פון יודענראַט און פון דער ייִדישער פּאָליציי, דעם שמוגל, די אַרבעט־לאַגערן, די באַציִונגען צווישן פּאָליאַקן און ייִדן, די באַציִונג פון די דייטשן צו די ייִדן, פּראָבלעמען פון באַשפּייזונג און געזונטהייט א.אַ.

אַ סך מחברים האָבן אָנגעהויבן אָנגעשריבן זייערע אַרבעטן. יעדער איינער פון די באַטייליקטע האָט געדאַרפט איבערגעבן אין אַרכיוו דעם צוגרייט־מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט. אַזוי למשל, האָט דער מחבר פון דער אַרומנעמענדיקער אַרבעט וועגן דער יוגנט געדאַרפט איבערגעבן די ביאָגראַפיעס פון די יוגנטלעכע וואָס האָבן אים געדינט ווי אַ יסוד פאַר זיין אַרבעט. אויף דעם אופן האָט זיך אין אַרכיוו אָנגעזאַמלט אַ גאַר וויכטיקער מאַטעריאַל אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון דער ייִדישערווירקלעכקייט אין דער מלחמה־צייט.

אָבער ווען אָט די אַרבעט פון „צוויי און אַ האַלב יאָר" האָט געהאַלטן אין ווערן אַן אַרבעט פון „דריי יאָר", איז געקומען אַ ניי אומגליק אויף די קעפּ פון די וואַרשעווער ייִדן — די גרויסע „אַקציע" (גירוש טרעבלינקע).

מ'האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל וועגן טרעבלינקע. אויפן יסוד פון די דערציילונגען פון יחידים וואָס האָבן באַוויזן זיך פון דאָרט אַרויסצוראַטעווען און אויפן יסוד פון די צוריקגעקומענע פון פאַרשיידענע פּראָווינץ־לאַגערן האָט מען געפּרוּווט אויפצושטעלן אַ בילד פון די איבערלעבונגען אין די פּראָווינץ־שטעט אין דער צייט פון דער אויסזידלונג מיטן ציל אַז קיין שום פאַקט פון ייִדישן לעבן אין דער מלחמה־צייט זאָל נישט בלייבן פאַרבאַהאַלטן פאַר דער וועלט.

אין סך־הכּל איז דער „עונג־שבת"־אַרכיוו (רינגעלבלום־אַרכיוו) אַן אומאויסשעפּלעכער אוצר פון דאָקומענטאַציע וועגן דער געשיכטע פון דער תּקופה. ס'איז אוממעגלעך געניי אויסצורעכענען אַלע געביטן וואָס די אַרבעט פון „עונג־שבת" האָט אַרומגענומען. זיי זענען אַזוי צאָלרייך און פאַרשיידנאַרטיק ווי דאָס עצם לעבן אונדזערס. מ'קען זאָגן אַז ס'איז נישט געווען קיין איין וויכטיקע דערשיינונג אין ייִדישן לעבן אין דער צייט פון דער מלחמה וואָס זאָל נישט אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אינעם מאַטעריאַל וואָס רינגעלבלום און זיינע מיטאַרבעטערס האָבן צונויפגעזאַמלט. ס'איז אויך נישט געווען קיין

אין געביט אָדער אַספּעקט אין ייִדישן לעבן אין פּוילן וואָס זאָל נישט ווערן באַרירט אין „עונג־שבת", מחמת „עונג־שבת" איז נישט נאָר געווען אַ דאָקומענטאַציע־צענטער, נאָר איז געווען אַן אינסטיטוט וואָס האָט אין געהיים אָנגעפירט מיט אַ פאַרצווייגטער פאָרשונג־טעטיקייט.

אומגעהויער איז דער ווערט פון די שאַפונגען וואָס זענען פאַרפאַסט געוואָרן אין געטאָ און דאָס נישט נאָר דערפאַר וואָס זיי באַווייזן ווי גרויס ס'איז געווען דער גייסטיקער כוח אינעם ייִדן און ווי שטאַרק ס'איז געווען די וויטאַליטעט וואָס האָט געשטעקט אין פאָלק. די דאָזיקע שאַפונגען זענען איינע פון די אַנטפּלעקונגען פון דעם גייסטיקן אויסהאַלטן פון די צום טויט פאַרמישפּטע און אַן אויסדרוק פון זייער אַנטוויקלטן היסטאָרישן חוש. זיי אַנטפּלעקן גאַנצע קאַפּיטלען פון דער אינערלעכער געשיכטע אין די געטאָס. וואָלט דער דאָזיקער מאַטעריאַל נישט עקזיסטירט, וואָלט לחלוטין פאַרגעסן געוואָרן דער זכר פון אַ סך קהילות וועגן וועלכע ס'זענען נישטאָ קיין דאָקו־מענטן. ביז גאָר גרויס איז די וויכטיקייט פון די אויפגעהיטע דאָקומענטן פונעם אונטערערדישן אַרכיוו פאַר דער פאָרשונג פון געטאָ, מחמת זיי גיבן די מעגלעכקייט צו באַקומען דורך זיי אַ פולע אָפּשפּיגלונג פון די געשעענישן מיט אַלע זייערע איינצלהייטן, מיט זייער הינטערגרונט, מיט די פּערזענלעכע איבערלעבענישן, מחמת זיי דערמעגלעכן אַראָפּצורייסן דעם שלייער אין וועלכן ס'איז געווען איינגעהילט די פאַרניכטונג־אַקציע.

אַ דאַנק ד"ר עמנואל רינגעלבלומען, דעם לעבעדיקן גייסט פון דעם געהיימען אַרכיוו, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער פאַכמענישקייט און געניטשאַפט, זיין אַרבעטזאַמקייט און אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן, איז אין די פאָרש־אַרבעטן פון „עונג־שבת" געלייגט געוואָרן דער טראָפּ נישט נאָר אויף די פייַנען און אויפן אומקום, נאָר ס'איז בעיקר אונטער־געשטראָכן געוואָרן דאָס ייִדישע לעבן אין די פאַרניכטונגס־באַדינגונגען, און גאַנץ באַזונדערס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן די דערשיינונגען פון ייִדישן ווידערשטאַנד און קאַמף.

רינגעלבלום האָט זיין אַרכיוו פאַרוואַנדלט אין אַן אויסערסט נוצלעך געצייג פאַרן אונטערגרונט. ער האָט אין אים געזען איינעם פון די הויפּט־צווייגן פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ס'דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן אַז דער „ייִדישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט" האָט אין די טעג, ווען מ'האָט זיך געגרייט צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין געטאָ, איבערגעפירט צו דער אָנפירונג פון פּוילישן אונטערגרונט אַ פּלאַן און אַ מאַפּע פון די באַהעלטענישן וואָס דינען אָפּצוהיטן דעם אַרכיוו.

ליידער איז אַ גאַנץ קליינער טייל פון די מאַטעריאַלן פון „עונג־שבת" פאַרפאַלן געוואָרן. די דאָזיקע טייערע דאָקומענטן זענען ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן ליגן ווי כתב־ידן, נישט געקוקט אויף רינגעלבלומס פאַרלאַנג, „אַז נאָך דער מלחמה וועט מען דאַרפן וואָס שנעלער זיי פאַרעפנטלעכן".

צום באַדויערן איז די ערשטע אויסגאַבע פון רינגעלבלומס „נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ“ (וואַרשע, ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן, פאַרלאַג „ייִדיש־בוך“ 1952, 352 ז״ז) ווייט פון די עלעמענטאַרסטע פאָדערונגען מיט וועלכע יעדער אַרויסגעבער פון אַן אומגעקומענעמס שאַפונג מוז זיך רעכענען.

נישט געקוקט אויף דער פאַרזיכערונג פון דער רעדאַקציע פון דער אויסגאַבע, אַז זי באַציט זיך צום כּתב־יד ווי צו אַ „היסטאָרישן מקור פון אומשאַצבאַרן ווערט“, און דעריבער האָט זי „נישט געענדערט אַפילו די פעלערן פון סטיליסטישן, אָרטאָגראַפישן און גראַמאַטישן כאַראַקטער, הגם עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פעלערן — מסתּמא צוליב דער בחיפּוזנדיקייט אין די געטאָ־באַדינגונגען“, האָט זי זיך ווינציק גערעכנט מיט דער פּינקטלעכקייט ביים איבערגעבן דעם אָריגינעלן טעקסט. פאַראַן אין דער אויסגאַבע אַן אַ שיעור רעדאַקציאָנעלע ענדערונגען און עס הערשט דאָ אַ פולשטענדיקער ווילקיר אין אָפּקלייב פון מאַטעריאַל.

וואָס אַן אמת, האָט די רעדאַקציע זיך פאַרענטפערט, אַז צוליב אַ גאַנצער ריי טעכנישע שוועריקייטן האָט זי דערווייל נישט געקאָנט פאַרעפנטלעכן אַלע נאָטיצן, און דעריבער האָט זי זיך דעצידירט „איבערצוגעבן דער ייִדישער עפנטלעכקייט דערווייל די פאַרצייכענונגען, וואָס איז געלונגען פולשטענדיק איבערצולייענען“.

אַ פאַקט איז אָבער, אַז עס זענען נישט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער אויסגאַבע אַ גרויסע צאָל זייטן, וואָס זענען פונקט אַזוי לייענבאַר און פאַרשטענדלעך ווי די געדרוקטע. פון די אָפּגעפונענע אין ערשטן טייל „עונג־שבת“־אַרכיוו נאָטיצן, איז מער ווי אַ העלפט נישט אַריין אין בוך. טייל מאָל פעלן גאַנצע שטיקער פון דעם זעלביקן זייטל וואָס עס איז גראָד זייער לייכט איבערצולייענען. אויך נישט אַלע אָפּהאַנדלונגען רינגעלבלומס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, ווי למשל די אַרבעט וועגן דער סאָציאַלער הילף.

הקיצור, אין דער דאָזיקער אויסגאַבע זענען פאַראַן בכּיוונדיקע רעדאַקציאָנעלע ענדערונגען, וואָס פאַרקריפּלען די פאַקטן און זענען אין סתּירה צום געשיכטלעכן אמת. די דאָזיקע פאַרקריפּלונגען און גרייזן בייטן דעם כאַראַקטער פון מקור און פאַרמינערן זיין גרויסן ווערט. די שינויים לאָזן אויך נישט קומען צום אויסדרוק, אין אַ גאַנצער ריי כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן, רינגעלבלומס געפילן, זיינע מיינונגען און באַלויכטונגען.

אין די יאָרן 1951 און 1952 האָט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע פאַרעפנטלעכט אין זיין פּוילישן אָרגאַן “Biuletyn ZIH” אַ גרויסן טייל פון רינגעלבלומס נאָטיצן אין זייער פּוילישער איבערזעצונג. מיר האָבן פאַרגליכן די פאַרעפנטלעכטע אין דער ייִדישער אויסגאַבע פון 1952 מיט די זעלבע נאָטיצן, וואָס זענען געדרוקט אין דער פּוילישער איבערזעצונג און מיר האָבן אָן שום שוועריקייט פעסטגעשטעלט דעם גרויסן אונ־

טערשייד צווישן די ביידע טעקסטן און אַזוי אַרום געשטעלט אונטער אַ גרויסן פּרעגצייכן די געטריישאַפט צום מקור.

דער פּוילישער טעקסט איז וואָס אַן אמת פולער ווי דער ייִדישער, ווײַ עס פעלן די נאָטיצן וואָס זענען געדרוקט אין דער פּוילישער ווערסיע. בלויז פאַר דעם צייטאָפּשניט פון 1940 ביז אַפּריל 1941 פעלן אין דעם ייִדישן טעקסט איבער 60 דרוקזייטן, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער פּוילישער ווערסיע. די רעדאַקציע האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק מודיע צו זײַן וועגן די עצמדיקע שינויים וואָס זי האָט אַרײַנגעפירט אין ייִדישן טעקסט אין פאַרגלייך מיטן פּוילישן. וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דער פּוילישער טעקסט איז געטריי דעם מקור, לײַדער איז אויך די דאָזיקע ווערסיע נישט קיין פולע און מיט אַן אַ שיעור פעלערן און בלויזן, וואָס שטאַמען בכלל נישט פון טעכנישע שוועריקייטן. זיי שטאַמען בכלל נישט פון דער אומקלאָרקייט אָדער נישט־לייענבאַרקייט פון טעקסט. געפינען מיר דאָך די דאָזיקע שטעלן אין דער ייִדישער אויסגאַבע. עס זענען פאַראַן אַנדערע סיבות פאַר אַדורכלאָזן גאַנצע זאַצן און אָפּשניטן אין פּוילישן טעקסט, פאַר נישט דרוקן הן אין דער ייִדישער, הן אין דער פּוילישער אויסגאַבע רינגעלבלומס נאָטיצן פון יאָר 1939 (פון די ערשטע אָקופּאַציע־חדשים), ווען מחמת געהיטקייט האָט זעלטן ווער געפירט אַ טאָגבוך. פאַראַן אויך אַנדערע סיבות פאַר אַדורכלאָזן לגמרי די נאָטיצן פון גאַנצע טעג און אַפילו וואָכן וואָס זענען אַפילו נישט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ייִדישן באַנד, נאָטיצן וואָס זענען שוין אַ מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן, ווי פראַגמענטן אין ייִדישן אָרגאַן פון אינסטיטוט „בלעטער פאַר געשיכטע" (באַנד 1, העפט 1, 1948).

אַנאַליזירנדיק די איבערגעהיפּערטע און אַדורכגעלאָזענע שטעלן, קען מען זיי סעגרעגירן און פונאַנדערטיילן לויט געוויסע פּראָבלעמען, וואָס באַציִען זיך צו די פּויליש־ייִדישע און דייטש־ייִדישע, ווי אויך דייטש־פּויליש־ייִדישע באַציִונגען, די משומדים־פראַגע, פּאָליטישע ענינים, פאַרטייִשע מאָמענטן (סיי ייִדישע, סיי פּוילישע), קיום־פראַגעס, רעליגיעזע מאָמענטן א.אַ.וו. אין די דאָזיקע ענינים האָט די וואַרשעווער רעדאַקציע שטאַרק מקפּיד געווען: זי האָט נישט געדרוקט פּשוט די אַלע שטעלן, וואָס זענען דורך איר נישט אָנערקענט געוואָרן פאַר ראוי צו זען די ליכטיקע שײַן.

אַזוי למשל בנוגע די פּויליש־ייִדישע באַציִונגען איז רינגעלבלום, ווי זײַן שטייגער, אויך אין דאָזיקן דעליקאַטן ענין אָביעקטיוו, ווי ווײַט מעגלעך. ער פאַרנאָטירט אין זײַן טאָגבוך סיי די פּאָזיטיווע מאָמענטן, סיי די נעגאַטיווע: די ייִדן־פרײַנדלעכע דערשײַנונגען (די בעסערע באַציִונג פון דער פּוילישער אינטעליגענץ צו ייִדן, אָפּטע דערשײַנונגען פון רעאַגירן מצד פּאָליאַקן אויף כוליגאַנישע אָנפאַלן), פון דער אַנדערער זײַט פאַרנאָטירט ער יעדן פּרט פון נישט־פרײַנדלעכע באַציִונגען מצד אָנזעעוודיקע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, ווײַטער ייִדן־פײַנטלעכע דערשײַנונגען און דערשײַנונגען פון קעמפנדיקן אַנטיסעמיטיזם; פּאָגראָם־שטימונגען און פּאָגראָמען גופא. די רעדאַקציע האָט סיסטעמאַטיש אַדורכגעלאָזן אַלע נעגאַ־

טיזוע פאַקטן און רעפלעקסן, אַזוי אַז עס באַקומט זיך אַ פולשטענדיק איינזייטיק בילד וועגן דער וויטיקדיקער פראַגע: דער לייענער פון די נאָטיצן אין דער פוילישער איבערזעצונג האָט צו טאָן בלויז מיט גוטע, אָנשטענדיקע פּאָליאַקן. פון די רשעים איז כּמעט פאַרשוווּנדן יעדער זכר.

אין דער אויסגאַבע ווערן געפּסלט סיסטעמאַטיש פון רינגעלבלומס לעקסיקאָן, די באַגריפן „אַנטיסעמיט" און „אַנטיסעמיטיש". אַזוי למשל די נאָטיץ אַז „נאָוואָדוואָרסקי און אַנדערע אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן זיצן צוליב ייִדן" איז קונציק אויסגעטייטשט געוואָרן: „נאָוואָדוואָרסקי און אַנדערע אַדוואָקאַטן". פאַראַן נאָטיצן, וואָס זענען נוגע פויליש־ייִדישע באַציִונגען, וואָס זענען בכלל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן נישט אין ייִדישן, נישט אין פוילישן טעקסט, ווי למשל, די נאָטיץ פון 29סטן נאָוועמבער 1940, אַזוי צו זאָגן: „אין די ייִדישע קרייזן ווערט קריטיקירט די האַלטונג פון דער פוילישער באַפעלקערונג. עס ווערט דערציילט וועגן פּאָליאַקן, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט, וואָס עס איז מקוים געוואָרן דער חלום וועגן וואַרשע אָן ייִדן".

אין איר שטרעבן צו פאַרטושן יעטוועדע פויליש־ייִדישע רייבונגען, האָט די רעדאַקציע אַרויסגעלאָזט וואָגיקע מאָמענטן, וואָס זאָגן עדות וועגן ייִדישן אויסדויער און ווידערשטאַנד־פּרווון, ווי למשל די נאָטיץ פון 20סטן פעברואַר 1940: „די וואַרשעווער ייִדן ענטפערן די קריסטלעכע כוליגאַנעס מיט קלעפּ, הגם דער בײַשפּיל פון נאַלעווקעס 9 באַווייזט, אַז דאָס אָנריר'ן אַ קריסט קען גורם זיין שווערע פּאָלגן".

אין הסכּם מיט די רודף־שלום־טענדענצן זענען אויך אַדורכגעלאָזט געוואָרן ידיעות, וואָס באַציִען זיך צו די דײַטשישע אַרויסטרעטונגען קעגן פּאָליאַקן לטובת ייִדן, ווי למשל די וויטערדיקע: „דער צדיק מן הגוים [אַ דײַטש] האָט אויסגעזידלט דעם פוילישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון גראָכאָוו פאַר איינזעצן אין תּפיסה די חלוצים. געמאַכט אים פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָנרירן אַ האָר פון די זאַכן. געבראַכט פאַר זיי [די חלוצים] אַ האָלענדישע קו. גרויסער סענטימענט פאַר ייִדן [וואָס אַרבעטן] אויף דער ערד".

מיר וועלן אויך אָנווייזן אויף די אַדורכגעלאָזענע נאָטיצן וועגן דער ציוניסטישער טעטיקייט און ציוניסטישע מנהיגים. עס פעלט, למשל, לגמרי די וויכטיקע נאָטיץ פון אָנהויב אַפּריל 1940: „די ייִדישע מאַסע האָט זיך נישט איינגעבראָכן בשעת דער אָקופּאַציע. פּורים געפּראַוועט יום־טוב. די שטימונג נישט קיין געבראָכענע, הגם די לאַגע איז אַ גאַנץ שווערע. די יוגנט שלאָפט נישט. הם נוסעים מעיר לעיר ומדברים ע"ד ארץ־ישראל. יצא כּתב (עת) בלשון פּולני, יידיש ועברי מעניני א"י..."

פון פוילישן טעקסט ווערן ווײַטער באַזייטיקט ידיעות מיט אַ נאַציאָנאַלער באַפאַרבונג, למשל די נאָטיץ פון 18טן מערץ 1941 „דעם הײַנטיקן פּורים האָט מען געפּראַוועט מיט פאַרווײַלונגען. מ'האָפט אויף אַ נײַעם פּורים, וואָס וועט געפײַערט ווערן ווי לאַנג ייִדן וועלן לעבן אויף דער ערד.

דער נייער פורים וועט איבערשטייגן אַלע ביזאיצטיקע אין דער געשיכטע".

דאָס נישט דרוקן אַ גאַנצע ריי נאָטיצן איז פאַר זיך אַליין אַ גרויסע עוולה, אַ גרעסערער חטא איז אָבער דאָס דרוקן אַ ריי נאָטיצן אין אַ נישט־שלמותדיקער, אָדער לגמרי איבערגעאַרבעטער פאָרם, וואָס דערפירט צו פאַרקריפלונגען און פעלשונגען פון מחברס כוונות. אַזוי למשל פאַרנאָטירט רינגעלבלום דעם 23סטן מערץ 1941, אַז „אין קראָקע האָבן אַלע פוילישע פאַרטייען, פון פפ"ס ביז אָנ"ר באַשטייערט זיך לטובת ייִדישע איבערזידלער". די דאָזיקע נאָטיץ איז בכלל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ייִדישער אויסגאַבע און ווידער אין דער פוילישער ווערסיע איז זי אַזוי פרעפּאַרירט געוואָרן: „אין קראָקע האָט זיך די פוילישע געזעלשאַפט באַשטייערט לטובת די ייִדישע איבערזידלער". דעם 6טן אַפּריל 1941 פאַרנאָטירט ביי זיך רינגעלבלום, אַז „די אומלעגאַלע ,וואָלנאָשטש' פאַראורטיילט די האַנדלונג פון פוילישן המון, וואָס האָט פאַרן פאַרלאָזן זייערע דירות אויף דזשיקע, זיי פולשטענדיק חרוב געמאַכט: אַרויסגעריסן פּוטרינעס, טירן, פענצטער, אויוונס, דעכער". די איבערזעצונג פון דער דאָזיקער נאָטיץ איז לגמרי אַ „פרייע". די אומלעגאַלע „וואָלנאָשטש", דער אָרגאַן פון די פוילישע סאָציאַליסטן, ווערט איבערגעזעצט קונציק „פוילישע אונטערערדישע פרעסע". אין דער באַמערקונג „קלערט אויף" די רעדאַקציע, אַז דער מחבר „האָט אין זינען די פרעסע פון די רעוואָלוציאָנערע און לינק־סאָציאַליסטישע קרייזן"; דער פוילישער המון הייסט אין דער איבערזעצונג „אַנטיסעמיטן".

ניִשט דערלאָזבאַר איז דאָס נישט דערפירן דעם זאַץ ביז צום סוף, דאָס איבעררייסן רינגעלבלומס ווערטער אין סאַמע מיטן, ווי למשל, די נאָטיץ פון 18טן מערץ 1941, ווו מיר לייענען: „אַ בילדל: אין אַ ייִדישן הויף, אין אַ באַהאַלטענער דירה ווערט געלערנט. די דירה איז אַ קאָנספּיראַטיווע. מ'עפנט נאָר פאַר די וואָס זענען באַקאַנט מיט דער ספּעציעלער האַסלאָ (אַן אייגנאַרטיקער קלאַפּן). דאָרט זיצט אַ גרעסערע גרופּע ישיבה־בחורים און אַנדערע און לערנען. איינער קוקט אַריין אין „עין יעקב", אַ צווייטער זאָגט אַ קאַפּיטל תהילים, אַ דריטער קוקט אַריין אין אַ גמרא"; אין דער פוילישער איבערזעצונג איז אַלץ וועגן די ישיבה־בחורים פאַרשוווּנדן, אַזוי באַקומט זיך אַ קרום בילד פון רינגעלבלומס „בילדל".

אַ באַזונדערע גרופּע נישט־געדרוקטע בכלל זענען די פאַרצייכענונגען מיט אַ פּאָליטישער באַפאַרבונג, ווי למשל די נאָטיץ פון 6טן יאַנואַר 1940, אַזוי צו זאָגן: „נעכטן געהערט וועגן אַ קאָנצערט פון פאַדערעווסקין אין לאָנדאָן, נאָך וועלכן דער קעניג האָט שטאַרק געדריקט די האַנט פון פאַדערעווסקי", אָדער די נאָטיץ פון 23סטן פעברואַר 1941, אין וועלכער ס'ווערט געזאָגט, אַז „דעם ,בונד' איז ענדלעך געלונגען אַריין אין סיים [אין נאַציאָנאַל־ראַט, אין לאָנדאָן] אַרטור [זיגעלבוים]".

נישט זעלטן האָט אויך די רעדאַקציע אַדורכגעלאָזט נעמען, וואָס זענען איר נישט געווען צום האַרצן.

אין ליכט פון אָט די טענדענציעזע בלזיזן און אומפאַראַנטוואָרטלעכע

פעלערן מיט וועלכע עס ווימלט די וואַרשעווער ערשטע אויסגאַבע פון רינ־
געלבלומס נאָטיצן, זענען אויס כּמעט „אומשולדיק" די היפּשע צאָל פעלערן,
וואָס זענען געמאַכט געוואָרן „נישט ווילנדיק" דורך די אַרויסגעבערס.

אַ ריי איבערגעזעצטע זאַצן זענען אין סתירה מיט דעם פּשט פון מקור
(למשל, דעזינטעריע ווערט איבערגעזעצט „שקאַרלאַטינע", „אַ כוואַליע פון
רשעות" — אַ כוואַליע פון ידיעות אא"וו).

אין 1958 זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַמעריקע די נאָטיצן פון
ע. רינגעלבלום (Graw–Hill Book Company, Inc.) אין דער איבערזעצ־
צונג און „באַאַרבעטונג" אויף ענגליש פון דזשייקאָב סלאָאַן. דער איבערזעצער
האָט זיך באַנוצט מיט די נאָטיצן וועלכע זענען טיילווייז פאַרעפנטלעכט
געוואָרן אין די „בלעטער פאַר געשיכטע" אין יאָר 1948, ווי אויך, דער עיקר,
מיטן בוך וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ייִדיש אין 1952.

סלאָאַנס פּובליקאַציע איז נישט קיין איבערזעצונג אין פולן זין פון
וואָרט ,זי איז אַ מין אַדאַפּטאַציע פונעם דערשינענעם מאַטעריאַל. זי אַנט־
האַלט נישט בלויז די נאָטיצן פון רינגעלבלומען, נאָר אויך דעם אַריינפיר
פון די עדיטאָרן און זייערע הערות, וועלכע סלאָאַן האָט אָן שום באַוואָרענישן
אײַנגעגלידערט אין די נאָטיצן פון מחבר פון טאָגבוך.

אַ יאָר שפּעטער האָט דער גוט באַוווּסטער פאַרלאַג פון ראָבער לאַפאָן
(Robert Laffont) אין פּאַריז אַרויסגעגעבן די „נאָטיצן פון וואַרשעווער
געטאָ" אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג פון לעאָן פּאָליאַקאָוו. אין
1962 האָט דער איטאַליענישער פאַרלאַג פון אַרנאָלד מאַנדאַדאָרי (Arnold
Mandadori) פאַרעפנטלעכט די דאָזיקע נאָטיצן א"נ "Sepolti a Varsovia",
אין דער איבערזעצונג פון קאַרלאָ סאָססי פאַנטאָנעטטי (Carlo Sossi
Fantonetti).

פּאָליאַקאָוו, ווי אויך פאַנטאָנעטטי, נישט באַקאַנט זייענדיק מיט דער
שפּראַך פון אָריגינאַל, האָבן זיך באַנוצט מיט דער עדיציע, פּינקטלעכער
געזאָגט, מיט דער אַמעריקאַנער אַדאַפּטאַציע פון סלאָאַן.

אין סך־הכּל איז צום באַדויערן, וואָס הן דער ענגלישער הן דער פראַנ־
צויזישער און איטאַליענישער לייענער, האָבן באַקומען אַ רינגעלבלום אָן
אַרומגעשניטענעם, אַ באַגרענעצטן, וואָס באַוווּלט קודם־כּל דעם מחבר,
אָבער גלייכצייטיק אויך דעם לייענער, וועלכער באַקומט אַ פאַלש, קרום
בילד פון דעם וויכטיקסטן טאָגבוך פון יענער צייט.

אין 1980 איז דערשינען אַ יאַפּאַנישע איבערזעצונג פון די „נאָטיצן
פון וואַרשעווער געטאָ" אין דער ענגלישער ווערסיע פון דזשייקאָב סלאָאַן.

*

אוודאי איז די צוויי־בענדיקע אויסגאַבע פון רינגעלבלומס „כּתבים פון
געטאָ" (דער ערשטער באַנד: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ 1939—1942,

יידיש־בוך 1961, 394 ז״ז פלוס פאַטאָקאָפּיעס און אינדעקסן פון נעמען און ערטער; צווייטער באַנד: נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען 1942—1943, 1963, 383 ז״ז), וויכטיקער ווי די ערשטע אויסגאַבע פון 1952, וואָס לײדט, ווי מיר האָבן אויבן באַוויזן, פון אַ סך דורכלאָזונגען און רעדאַקציאָנעלע שינויים און ממש פעלשונגען, וואָס בייטן דעם כאַראַקטער פון מקור און פאַרקלענערן זיין גרויסן ווערט.* אָבער אויך די צווייטע אויפלאַגע, די פאַרריכטע און פאַרבעסערטע, איז נישט פריי פון פגמים. פאַראַן צום באַדויערן אין דער פאַרבעסערטער אויסגאַבע אַדורכלאָזונגען, דערונטער טענדענציעזע, אַזוי למשל איז אין דער סטודיע „די פויליש־יידישע באַציונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה״, געשריבן אין פויליש אויף דער אַרישער זייט (אין באַהעלטעניש), וואָס ב. מאַרק האָט איבערגעזעצט אין יידיש (2־טער באַנד, ז״ז 237—383), אַדורכגעלאָזן געוואָרן רינגעלבלומס וויכטיקע מסקנה פון אַ היסטאָרישער באַדייטונג בנוגע דער באַשיידענער ראָל פון „זשעגאָטאַ״ (פוילישער אונטערערדישער ראַט צו העלפן יידן) אַזוי צו זאָגן: „אויף דער איניציאַטיוו פון ד״ר אַ. בערמאַן איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער ראַט צו העלפן יידן, וואָס האָט נישט אויסגעפילט די האָפענונגען וואָס מ׳האָט פון אים דערוואַרט. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט ער געהאַט אונטער זיין אויפזיכט 300 משפחות וועלכע האָבן געלעבט אויף דער אַרישער זייט און וואָס זייער עקזיסטענץ איז אין גאַנצן אָפּהענגיק געווען פון דער הילף פונעם דערמאָנטן ראַט״. עס איז אויך נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון דער דאָזיקער אַרבעט ד״ר רינגעלבלומס אייגנהענטיקע רשימה פון יידישע קאָלאַבאָראַציאָנערן. אַחוץ דעם איז אין דער 2־בענדיקער אויסגאַבע פאַראַן אַן אַ שיעור טעותן און גרייזן, טייל מאָל אויך קאָמישע גרייזן, וואָס שטערן אין לייענען. דאַרונטער אויך „באַלערנדיקע״ פעלערן. אַזוי למשל איז כדאי אָנצוּווייזן אין דער תמציתדיקער מאָנאָגראַפיע „עונג־שבת״ אויף עטלעכע ממשותדיקע גרייזן, ווי למשל ז׳ 79, אַנשטאָט „עס זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען״, דאַרף זיין „פאָרלעזונגען״. ז׳ 90, אַנשטאָט „רויטע שלאַכטן״ — דאַרף זיין „רויטע שליאַכן״. ז׳ 100, אַנשטאָט „וואָס עס האָבן געבראַכט״ — דאַרף זיין „וואָס עס האָבן געטראַכט״. אין דער מאָנאָגראַפיע „סאַגאַן — דער אַרבעטער־טוער בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה״, ז׳ 109, שורה 12 פון אונטן, דאַרף זיין אַנשטאָט „געמוזט געשאַפן ווערן אַ קאַמפּס־ליניע״... דאַרף זיין „געמוזט געביטן ווערן די קאַמפּס־ליניע״.

כדאי נאָך אָנצוּווייזן, לדוגמה, אויף נאָך איין פעלער, וואָס איז נישט קיין דרוקפעלער, נאָר אַ טענדענציעזער אַדורכלאָז. אין דער מאָנאָגראַפיע „ווי אַזוי איז אומגעקומען די יידישע אינטעליגענץ״, ז׳ 72, 4־טע שורה פון אויבן, אַנשטאָט „גראָסער־ביבליאָטעק, „דאָס לעבן״ — דאַרף זיין „גראָסער־

* די קריטישע אָפּהאַנדלונגען פון נ. בלומענטאַל, „גאָלדענע קייט״, באַנד 15, תל־אָביב 1953, ז״ז 235—242 : י. קערמיש, ייוואָ־בלעטער, ניו־יאָרק 1953, ז״ז 282—296.

ביבליאָטעק", אויך די ביכער פון דער קאָמוניסטישער ביבליאָטעק „דאָס לעבן".

עס ווייזט זיך ווייטער אַרויס, אַז נישט אַלע אָפּגעראַטעוועטע כּתבֿ־ידן פון רינגעלבלומען זענען אַריין אין דער 2־בענדיקער אויפלאַגע. קודם־כּל זענען נישט אַריין אין איר נישט נאָר די כּתבֿ־ידן פון רינגעלבלומען, וועלכע הירש וואַסער ז"ל האָט בשעתו געהאַט איבערגעגעבן דעם „ייוואָ" אין ניו־יאָרק, נאָר אויך די כּתבֿ־ידן וועלכע האָבן זיך אָפּגעפונען בעיקר אין צווייטן טייל פון „עונג־שבת"־אַרכיוו, דערונטער אַ גרויסע צאָל פאַרצייכענונגען און נאָטיצן פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער, וועלכע זענען אַנטשטאַנען בעת דעם גרויסן גירוש קיין טרעבלינקע, ווי אויך נאָך דער „אַקציע".

נישט ריכטיק איז די באַהויפּטונג, אַז רינגעלבלומס „סיסטעמאַטישע פאַרצייכענונגען האָבן זיך איבערגעריסן אין יוני 1942 און זענען פאַרטראָטן געוואָרן דורך מער סינטעטישע באַאַרבעטונגען פון געוויסע טעמעס".**

די אָפּגעפונענע כּתבֿ־ידן, דהיינו די האַנט־געשריבענע פאַרצייכענונגען און נאָטיצן, דערונטער ביאָגראַפישע נאָטיצן, ווי אויך איבערזיכטן פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער, טעזן און אַנקעטעס פאַר מאָנאָגראַפישע פאָרשונגען ווי אויך ספּעציעלע אינסטרוקציעס און אָריענטירונגס־פראַגן, ווייטער די צאָלרייכע נאָמענטלעכע רשימות פון די גרויסע אבידות בעת דער גרויסער אַקציע: שרייבערס און זשורנאַליסטן, וויסנשאַפטלערס, פּעדאַגאָגן, מוזיקערס אאַ"וו, זאָגן עדות אַז באַנאַנד מיט סינטעטישע באַאַרבעטונגען פון אַ גאַנצער ריי אַקטועלע טעמעס האָט רינגעלבלום ממשיך געווען די סיסטעמאַטישע טאָג־פאַרצייכענונגען, וועלכע נעמען אַרום אַלע פּראָבלעמען און געשעענישן פון יענער תקופה.

ס'זענען שוין ביז היינט דעשיפרירט געוואָרן כמעט בשלמות די אין אַ גרעסערער צאָל אויפגעהיטע נאָטיצן, וואָס אַנטהאַלטן אָפט טעגלעכע איבערזיכטן, וואָס זענען אַן אומאויסשעפּלעכער גרובן פון פאַקטן און פּאַסירונגען, דערונטער טראַגישע בלעטער מיט סך־הכּלן פון בלוטיקן שניט פון דער ערשטער גרויסער „אַקציע", בעת „מענטשן נאָך 2—3 בלאָקאַדעס זענען פּסיכיש צוזאַמענגעבראָכן".

אין אַ באַזונדער גרופּע קאָן מען אויסטיילן נאָטיצן־רעפלעקסיעס, ווי למשל די נאָטיץ: „מען פילט זיך שולדיק וואָס מיר זענען געבליבן", ווייטער, די נאָטיצן: „די שוואַכע פּאָליטישע טעטיקייט פון דער איבערזידלונג, „דער מאַנגל אין פּאָליטישע פירער", „די שולד פון פּאָליטישער פירונג", „מאַנגל אין כּלי־זין", „דערציִונג פון דער יוגנט צו ביכער און נישט צו שטילעטן", „די יוגנט געבילדעט אין פּאָליטישע עקאָנאָמיק, שטאָט סטראַטעגיק. עם הספר". די דאָזיקע נאָטיצן ווייזן אָן אויף די סיבות פאַר וואָס ס'איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד ביז יאַנואַר 1943.

---

** י. טרונק, געשטאַלטן און געשעענישן (נייע סעריע), תּל־אָביב, פאַרלאַג י.ל. פּרץ, 1983, ז' 61.

מיר באַגעגענען זייער אָפּט אין די נאָטיצן קורץ פאָרמולירטע, אָדער טעזן־אַרטיקע צונויפגעזאַמלטע ידיעות צו אַ געוויסער טעמע, וועלכע רינגעלבלום האָט זיך געגרייט צו באַאַרבעטן. אַנדערע נאָטיצן האָבן אַ כאַראַקטער פון סינטעטישע אָפּשאַצונגען, ווי למשל „די באַציִונג פון פּאָליאַקן — האָבן נישט געהאָלפן", „דער ‚בונד' געווען דער באַשולדיקער פון דער קהילה אין פאַרטיפן ווירטשאַפטלעכע דעמאָראַליזאַציע". „דער זעלבסטמאָרד פון טשערניאַקאָוו צו שפּעט — צייכן פון שוואַכקייט".

זייער בצימצום באַהאַנדלט רינגעלבלום דעם פּראָבלעם „ווי האָט זיך באַוואָרטיקט די יִדישע פאַמיליע [בעתן גירוש קיין טרעבלינקע] : „נישט געוואָלט זיך שיידן". „פאַלן : קינדער אומגליקלעך געמאַכט עלטערן", אָבער ער לאָזט נישט אַדורך אויך דעם „צושטאַנד פון שגעון" און „חיהשן אינסטינקט", בעת קינדער האָבן געהרגעט עלטערן כדי זיך צו ראַטעווען", „פאַרלוירן אַלע מאָראַלישע העמונגען".

וועגן דער פאַרברעכערישער ראָל פון דער יִדישער פּאָליציי [בעתן גירוש] האָט רינגעלבלום געשריבן אַ תּמציתדיקע מאָנאָגראַפיע ; אין די ניי־דעשיפרירטע פאַרצייכענונגען לייענען מיר די וויטערדיקע בקיצורדיקע שטריכן, למשל : „אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן. אַנטדעקט אַ סך באַהעלטענישן, געכאַפּט איינצלנע קינדער, זקנים, פרויען, אַכזריותדיק געשלאָגן, געשלעפּט". דעריבער פאַרנאָטירט ער מיט גענויגטקייט דעם 4טן נאָוועמבער 1942, אָבער ברמיזה : „דער רושם פון לייקינס הריגה" — די פּאָליציי האָט מורא צו כאַפּן [צו דער אַרבעט]. אין דער דאָזיקער קורץ פאָרמולירטער נאָטיץ איז אַ רייד וועגן דעם געלונגענעם אַטענטאַט, וואָס די יִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעפירט, דעם 29סטן אָקטאָבער אויפן פאַרהאַסטן קאָמענדאַנט פון דער יִדישער פּאָליציי. דעם פאַררעטער יעקב לייקין.

אַ שאָד וואָס אַ גאַנצע ריי נאָטיצן, וואָס אַנטהאַלטן רמזים און קריפּטאָנימען, וואָס באַציִען זיך אויך צו דער טעטיקייט פון יִדישן אונטערערד זענען דערווייל געבליבן נישט דעשיפרירט. כדאי אָבער אַרויסצוהייבן אַזאַ קורצע פיל־זאָגנדיקע נאָטיץ : „לויפער געהרגעט אַן עמלק" [אַ דייטש], ווי אויך די ווייטערדיקע סודותפולע נאָטיץ : „מלינעק, טוער פון „בונד", דער עלטסטער „סקיפּיסט" געפונען געלט, וואַלוטע... העראִישער פאַרוואַלטער פון קיך מוראַנאָוו 34. געשטיצט „צישאָ" מיט גרעסערע געלטער".

אַפילו אין די אימהדיקע טעג פון דער גרויסער „אַקציע" זעט רינגעלבלום אַ שטיקל נחמה און טרייסט אין „דער וווּנדערבאַרער צופּאַסונגפעיִקייט פון די מאַסן : שאָפּן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. צענדליקער טויזנטער יִדן אין די שאָפּן".

אויך אין די פאַרחושכטע טעג נאָכן גירוש־טרעבלינקע, אין דעם רעדוצירטן און פאַרקלענערטן געטאָ איז רינגעלבלום ממשיך, באַנאַנד מיט דער „עונג־שבת"־אַרבעט — זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

אַ פאַקט, וואָס איז ביז היינט נישט באַוווּסט, איז אַז ס'איז געשאַפן

געוואָרן אַ נייער ייִדישער הילפס־קאָמיטעט, אין וועלכן דער רוח החיים איז געווען רינגעלבלום, צוזאַמען מיט די באַוווּסטע עסקנים יצחק גיטערמאַן, כאַלאַדענקאָ און אַנדערע. דער דאָזיקער נייער הילפס־קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרקלענערטן געטאָ נאָך דער גרויסער „אַקציע".

אין אַנבליק פון „עגאָיזם פון וואַרשעווער קהילה" [געמיינט דעם נייעם יודנראַט מיט אינזש. ליכטענבאום בראָש], און „די נישט־רייפקייט פון דער וואַרשעווער קהילה־ראַטמענער", טוט דער הילפס־קאָמיטעט אַלץ כּדי צו העלפן די סאַמע נויט־באַדערפטיקסטע, אַנהייבנדיק פון „קינדער־פאַרזאָר־גונג, אין שאַפן — פאַראַנען קינדער־ווינקלען". דער קאָמיטעט מאַכט אויך אַן אָנשטרענג צו שאַפן „אַ צענטראַלן הילפס־קאָמיטעט פון אַלע שאָפּן". ס'איז שוין אַפילו אַ רייד פון אַ „טענדענץ אָפּצוטיילן זיך פון קהילה" [יודנראַט].

אינטערעסאַנט זענען די ידיעות וועגן די דיכטערס יחיאל לערער און יוסף קירמאַן — „געווען גוטע אַרבעטער" און וועגן „גרשון סיראָטאַ־אָוונט".

מיר געפינען אויך אין די נאָטיצן אַזעלכע קוריאָזן, ווי למשל „אין וואַגאָן [פון צוג קיין טרעבלינקע] געהאַנדלט, אַ שטאַרקער גענומען געלט פאַר אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן".

אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די נאָטיץ וועגן דער אומבאַקאַנטער מו־טיקער פוילישער פרוי, וואָס האָט „געשריגן אויף זשאַנדאַרמען: מערדער, דערשאָסן געוואָרן".

פון די ביז איצט שוין דעשיפרירטע בּיאָגראַפישע נאָטיצן דרינגט אַרויס, אַז די תּמציתדיקע אַרבעט „ווי אַזוי איז אומגעקומען די ייִדישע אינטעליגענץ", וועגן לעבן און שאַפן פון דער ייִדישער שאַפערישער אינטע־ליגענץ, איז בלויז געווען אַן אָנזאָג פון אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע אויף דער דאָזיקער טעמע.

רינגעלבלום האָט אונטערן ערשטן איינדרוק פון דעם געפאַלענעם אין יאַנואַר־אַקציע 1943 יצחק גיטערמאַן, „די צווייטע גרעסטע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַוועק פון אונדז בשעת דער איצטיקער איבערזידלונג", זיך אויס־געדריקט אַז „דאָס איז איינע פון די גרעסטע אבידות, וואָס עס האָט געליטן די ייִד(ישע) באַפעלקערונג אין פּוילן". רינגעלבלום באַמערקט אַגב אורחא, אַז גיטערמאַן פלעגט בעת זיינע באַזוכן ביי אים [רינגעלבלומען] אַדורכקוקן די ליסטעס פון די געהרגעטע און אייגנהענטיק צוגעשריבן פאַרשיידענע נעמען".

אין יענער צייט, אין דער תּקופה פון מאַסן־אומקום — „אויב עמעץ פון אונדז וועט איבערלעבן די מלחמה — זענען זיינע ווערטער — על־פּי נס און על־פּי טעות, וועט מען אַרומגיין אויף דער וועלט ווי מענטשן פון אַ צווייטער פּלאַנעט", זענען אויפגעקומען רינגעלבלומס בּיאָגראַפישע נאָטיצן און אַזכּרה־פאַרצייכענונגען, ווי עס איז צו זען פון דעם ווייטערדיקן דאָקומענט, וואָס ער האָט בייגעלייגט צו זיין באַריכט וועגן דער אונטערערדישער טעטיקייט אין געטאָ פון 1טן מערץ 1944, געשריבן „אין אַ מאָמענט ווען 90 פּראָצענט

פון די פוילישע ייִדן זענען שוין אומגעקומען אין די גרויזאַמסטע פּייניקונגען, אין די גאַזקאַמערן פון די שעכטהייזער טרעבלינקע, סאָביבאָר, כעלמנאָ און אָשוויענטשים, אָדער זיי זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן בשעת די אומצייל־באַרע „ליקווידיר־אַקציעס אין די געטאָס און לאַגערן". געציילטע טעג פאַרן אַנטדעקן דורך דער געסטאַפּאָ דעם אונטערערדישן בונקער (אויף דער אַרישער זייט) אין וועלכן עמנואל רינגעלבלום האָט ממשיך געווען זיין שעפערישע אַרבעט און האָט זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין פרוי און זון און נאָך 35 ייִדן, בעיקר פון דער אינטעליגענץ, האָט ער בייגעלייגט אַ רשימה פון 320 דערמאָרדעטע דורך די דייטשן אָנגעזעענע ייִדן אין פּוילן — רבנים, וויסנ־שאַפטלערס, שרייבערס, זשורנאַליסטן, פּעדאַגאָגן, קינסטלערס און געזעל־שאַפטלעכע טוערס, פון אַלע פּאַרטייען און שיכטן. אויף דער דאָזיקער רשימה, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן ווי אַ ביילאַגע צום באַריכט (אונטערגעשריבן דורך ע. רינגעלבלום און אַ. בערמאַן) צו ייוואָ און צום ייִדישן פּען־קלוב, ווי אויך צו די שרייבערס שלום אַש, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו און ד"ר רפאל מאַהלער, דורך דער פוילישער אונטערערד קיין לאָנדאָן, סוף מאַי 1944, האָט זיך בעיקר סומך געווען מ. נײַשטאַט ביים צונויפשטעלן די אַזכרה־פאַרצייכענונג לזכר די „געפאַלענע אויף דער וואַך", אין זיין זאַמלונג פון דאָקומענטן, פאַרעפנטלעכט אין בוך „חורבן און אויפשטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשע".

*

צום סוף איז כּדאַי זיך צו פרעגן פון וואַנען רינגעלבלום האָט געשעפּט די פאַרצוויַיגטע און פאַרשיידנאַרטיקע מקורות פון זיין אינפאָרמאַציע וואָס ער האָט אויסגענוצט צו זיינע אויסשעפּנדיקע אַרבעטן. דער מחבר זאָגט למשל עדות אויף זיך גופא אין אָנהויב פון זיין וואָגיקן חיבור וועגן „די פּויליש־ייִדישע באַציִונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה", אַז ער האָט זיך זייער געמיט זיך מטפל צו זיין מיט דעם דאָזיקן איידעלן פּראָבלעם מיט אַן אַבסאָלוטער אָביעקטיוויקייט און איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט נאָך גרויסע צוגרייטונגען און בדחילו ורחימו, ממש ווי „אַ סופר, ווען ער טרעט צו צו איבערשרייבן די תורה מוז ער פריִער גיין אין מקווה אַריין זיך אָפּצורייניקן פון זיינע זינד". די דאָזיקע ווערטער זענען גילטיק אויך לגבי אַלע זיינע אָפּהאַנדלונגען און פאָרשונגען. איז דעריבער קיין וווּנדער נישט וואָס זיין סטיל איז אַ זאַכלעכער, אַ פּשוטער, אַן איינגעהאַלטע־נער און אַ נישט דעצידירטער ביים אויסדריקן די געפילן וואָס ברויזן אין אים. איין זאַך איז איבער יעדן ספק און דאָס איז אַז ער האָט זיך באַנוצט מיט אַלע מקורות פון יענער צייט, לעגאַלע צי אומלעגאַלע, היות ווי נישט געקוקט אויף די אָנווייזונגען און גזירות האָט דער וואַרשעווער געטאָ אָנגע־האַלטן קאָנטאַקטן מיט די אַנדערע געטאָס ווי אויך מיט פאַרשיידענע אַרבעט־לאַגערן, דאָסגלייכן האָט ער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער „אַרישער" זייט — מיט אַ געווויסער צאָל מענטשן מיט אַ נאָמען און מיט פאַרשטייערס

פון דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. דאָס זעלבע איז נוגע דער ייִדישער און פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע וועלכע רינגעלבלום ציטירט (אָפּט בלויז פון זכּרון), ווי אויך דאָס וואָס די דאָזיקע פּרעסע דערציילט וועגן דער אָפיציעלער דייטשישער און פּוילישער פּרעסע. נישט איין מאָל שטיצט זיך אויך רינגעלבלום אויף בריוו, וואָס פלעגן אָנקומען צו פּריוואַטע מענטשן.

נאָך אַ מקור פאַר רינגעלבלומס ידיעות זענען געווען די געהיימע שליחים וואָס פלעגן געשיקט ווערן דורך די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס פון איין געטאָ אין צווייטן, און אין דער ערשטער ריי געוואַגטע און דרייסטע ייִדישע מיידלעך וואָס פלעגן אַרומפאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער איבערן אָקופּירטן פּוילן, אַהין און צוריק, האָבנדיק ביי זיך „אַרישע" דאָקו־מענטן — און זיי פלעגן דערשיינען ווי פּאָלקעס אָדער אוקראַיִנערינס... די דאָזיקע שליחים פלעגן ברענגען פון פאַרשידענע שטעט מאַטעריאַל פאַרן „עונג־שבת"־אַרכיוו. דער געהיימער אַרכיוו האָט אויך באַקומען דאָקומענטן פון ייִדן וואָס זענען אַנטלאָפן פון ווייטע ערטער, דאָס רוב אויף אומלעגאַלע וועגן.

דעריבער איז נישט שווער צו דערגאַנצן רינגעלבלומס שרייבן מיט דער הילף פון דאָקומענטן וואָס געפינען זיך אין געהיימען אַרכיוו, מיט אויפקלערונגען און באַמערקונגען וואָס טייטשן אויס געוויסע פּרטים וואָס זענען טייל מאָל נישט גענוג קלאָר אין רינגעלבלומס כּתב־יד, סיי צוליב דעם קיצור, סיי צוליב דעם וואָס די צייט האָט געיאָגט און וואָס ס'זענען כּסדר פאָרגעקומען נייע געשעענישן. אויך די זאַכן וואָס זענען נישט דערזאָגט געוואָרן ביזן סוף קען מען גאַנץ אָפט אויפקלערן מיט דער הילף פון אַנדערע מקורות.

מיט איין וואָרט, ווען מיר נעמען נאָכפאָרשן און אַנאַליזירן די מאָס אמת וואָס שטעקט אין דעם וואָס רינגעלבלום האָט געשריבן, קענען מיר זיך נישט בלויז וווּנדערן ווי ווייט און ברייט ס'איז געווען דער קוק און דער באַנעם זיינער, נאָר מיר מוזן קלאָר פעסטשטעלן אַז ער האָט פאַרמאָגט אויסגעצייכנטע אינפאָרמאַציעס און אַז זיינע ידיעות זענען געווען אויסער־געוויינלעך רייכע.

און צום סוף — אין זיינע אומבאַקאַנטע שריפטן פון אַלע קאַטעגאָריעס האָט דער גלענצנדיקער היסטאָריקער אַרויסגעבראַכט נישט נאָר די איבער־לעבונגען פון דעם ייִדישן יחיד, דעם געיאָגטן און געפּלאָגטן פון די דייטשן און זייערע מיטהעלפערס, נייערט ער האָט אויך אַרויסגעבראַכט געשטאַלטן און פּאַסירונגען פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין באַדינגונגען פון קאָנספּיראַציע און אונטערגרונט. דער פאַקט אַליין, וואָס ער איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע סאָציאַלע און קולטורעלע טוערס אויך אין געטאָ, ווי אויך איינער פון די אַקטיווסטע עסקנים אין ייִדישן אונטערגרונט און פון די אויסגעהאַלטנסטע אָנהענגערס פון אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָט אויסגעברייטערט זיין האָריזאָנט און דעם היקף פון די נאָטיצן און אַרבעטן.

דאָס צוגרייטן צום דרוק די דאָזיקע מאַטעריאַלן, דהיינו, די נאָמענטלעכע רשימות פון געזעלשאַפטלעכע טוערס ווי אויך די צאָלרייכע נאָמענטלעכע רשימות פון די גרויסע אבידות בעת דער גרויסער אַקציע, זומער 1942; שרייבערס און זשורנאַליסטן, וויסנשאַפטלערס, פּעדאַגאָגן, מאָלערס, מוזיקערס אאַוו. אַוו. די האַנט־געשריבענע פאַרצייכענונגען, נאָטיצן, דאַרונטער ביאָ־גראַפישע נאָטיצן, ווי אויך איבערזיכטן און אַרבעטן פון פאַרשיידענעם כאַ־ראַקטער, ווייטער טעזן און אַנקעטעס פאַר מאָנאָגראַפישע פאָרשונגען, ווי אויך ספּעציעלע אינסטרוקציעס און אָריענטירונגס־פראַגן, האָט נישט געהערט צו די לייכטע זייטן, ווייל עס זענען געווען גרויסע שוועריקייטן ביים איבער־לייענען דעם שווערן כּתב־יד און ביים פעסטשטעלן דעם טעקסט פון זייער פיל אומקלאָרע ערטער. אַ טייל פאַרצייכענונגען זענען נישט פאַרענדיקטע; אַ טייל נאָטיצן זענען כּלל נישט לייענבאַר, מחמת אַ ריי בלעטלעך האָבן אויסגעבערענטע אָדער דורכגעפוילטע ערטער. חוץ דעם זענען פאַראַן בלעט־לעך מיט בלויז דיספּאָזיציעס, אַנדערע האָבן דעם כאַראַקטער פון שוואַרצ־שריפטן. פאַראַן אויך פאַרצייכענונגען, וועלכע ס'איז געלונגען פולשטענדיק איבערצולייענען, הגם נישט תּמיד זענען זיי פאַרשטענדלעך.

אויב מען נעמט אין באַטראַכט די שווערע באַדינגונגען אין וועלכע ס'איז אַנטשטאַנען דער כּתב־יד (נאָטיצן און פאַרצייכענונגען, נאָמענטלעכע רשי־מות, ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, אאַוו.), בעיקר בעת דער „גרויסער אַקציע", און נאָכן גרויסן בראַך (גירוש טרעבלינקע), איז נישט קיין ווונדער, וואָס דער מחבר האָט נישט תּמיד געלייענט דאָס, וואָס ער האָט פאַרשריבן; צוליב דעם איז אָפט דער זאַץ נישט פאַרשטענדלעך. אַ חוץ דעם איז די שפּראַך פון די נאָטיצן זייער אַ קאָנדענסירטע, פול מיט קיצורים און רמזים, אָפט געמישט צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, מיט קריפּטאָנימען, ווייל בעצם האָט ער צוגעגרייט די נאָטיצן, זיינע האַנט־געשריבענע כּתב־ידן פאַר זיין אייגענעם באַנוץ, פאַר היסטאָרישער פאָרשונג וועגן געראַנגל און אומקום פון די פוילישע ייִדן. רינגעלבלום שרייבט אויך זייער געדיכט און אויפן זעלבן בלעטל זענען פאַראַן — ווי זיין שטייגער — ידיעות און אָפּשאַצונגען פון די פּאַסירונגען; שרייבנדיק וועגן מענטשן גיט רינגעלבלום זייער אָפט אין עטלעכע שטריכן זייער כאַראַקטעריסטיק.

ס'אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז וואָלט דער מחבר געבליבן ביים לעבן, און אַליין צוגעגרייט זיין כּתב־יד צום דרוק, וואָלט ער אָן שום ספק אַריינגעטראָגן היפּשע שינויים און זיכער רעווידירט נישט איין פאָרמולירונג. היות אָבער ער האָט נישט דערלעבט צו קאָרעגירן זיין האַנטשריפט, איז דער מאָראַלישער חוב פון די אַרויסגעבערס צו טאָן אַלץ, כּדי דעם אומגעקומע־נעמס כּתב־יד זאָל דערגיין צום לייענער אַזוי, ווי ער איז אַרויסגעקומען ביים שרייבער בשעת מעשׂה.

*

דער יד־ושם צוזאַמען מיט בית לוחמי הגיטאות גרייטן צו זינט אַ לענגערער צייט אַן אַקאַדעמישע אויסגאַבע, אין דער העברעיִשער איבער־

זעצונג, פון אַלע, אָן אויסנאַם, כתבים פון עמנואל רינגעלבלום (און בתוכם, פאַרשטייט זיך, די אומבאַקאַנטע, ניי־אַנטדעקטע און דעשיפּרירטע כתב־ידן) געשריבן אין די יאָרן 1939—1944, זינט דעם אויסבראָך פון דער מלחמה, ביז דער לעצטער מינוט, ביזן אַריינפאַלן פון רינגעלבלומען אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, דעם 7טן מערץ 1944. ביים צוגרייטן די דאָזיקע שלמות־דיקע אויסגאַבע האָבן געאַרבעט אַ ריי יאָרן נחמן בלומענטאַל און יצחק צוקערמאַן זכרונם לברכה, ווי אויך דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָט אין יאָר 1968 פאַרעפנטלעכט אַ טייל פון די אומבאַקאַנטע נאָטיצן פון עמנואל רינגעלבלום אין „די גאָלדענע קייט"[1] און אין „קובץ מחקרים יד־ושם" (אין העברעיש און אין אַן ענגלישער איבערזעצונג)[2] און אויך אַרויסגעגעבן, צוזאַמען מיט ש. קראַקאָווסקי, דערוויל בלויז אין דער ענגלישער איבער־זעצונג, רינגעלבלומס פאַרנעמיקע אַרבעט „די פּויליש־יידישע באַציונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה"[3].

*

דער י.ל. פּרץ־פאַרלאַג אין תּל־אָביב, אין זיין באַגער אַרויסצוגעבן וואָס שנעלער רינגעלבלומס טאָגבוך און כתבים אין יידיש (אַלע נאָטיצן, ווי אויך דער ווייט גרעסטער טייל פון רינגעלבלומס אַרבעטן אין די מלחמה־יאָרן זענען געשריבן אין יידיש), האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אין אַ פאָטאָגראַ־פירטער עדיציע ביידע בענד, וואָס דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט האָט אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אין די יאָרן 1961 און 1963 און זענען שוין פון לאַנג אויסגעשעפּט. פאַרשטייט זיך אַז די כוונה פון פאַרלאַג איז געווען אַריינצופירן אין דער באַנייטער עדיציע נישט נאָר תּיקון־טעותן נאָר אויך די ניי צוגעקומענע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן. די דאָזיקע איניציאַטיוו האָט געפונען אַ וואַרעמע אונטערשטיצונג ביי פּראָפ. אהרן אייזענבאַך (בעת זיין אַרבעט־באַזוך אין ישראל הארבסט 1984), וואָס האָט אין 1983 אַרויסגע־געבן אין פּויליש מיט אַ ספּעציעלן אַריינפיר און הערות רינגעלבלומס טאָגבוך א.ט.: „כראָניק פון וואַרשעווער געטאָ", סעפּטעמבער 1939—יאַנואַר 1943. (Kronika Getta Warszawskiego, Czytelnik, Warszawa, 1983). אַ טייל פון דעם דאָזיקן אַריינפיר וועט דער לייענער געפינען אין דעם באַנד נאָך זיין ערשטער הקדמה פון דער וואַרשעווער צווייטער אויסגאַבע אַזוי אַרום האָט זיך דער פּרץ־פאַרלאַג געוואָנדן צו דער לייטונג פון יד־ושם, וואָס האָט מסכּים געווען אַנטקעגנצוקומען זיין בקשה און שטעלן אין זיין רשות אַ טייל פון רינגעלבלומס אייגנהענטיקע ניי־אַנטדעקטע און שוין דעשיפרירטע כתב־ידן.

---

1. נומ' 64, ז"ז 149–157.
2. באַנד 7, ז"ז 161–170.
3. Polish-Jewish Relations During the Second World War, Edited and footnotes by Joseph Kermish, Shmuel Krakowski, Introduction by Joseph Kermish. Yad Vashem, Jerusalem, 1974.

אין דעם אָפּקלויב וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ צום ערשטן מאָל געפינען זיך וואָגיקע נאָטיצן אין די טעג נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, צווישן דייטשלאַנד און דעם ראַטנפאַרבאַנד. שוין דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה, דעם 22סטן יוני 1942, שטעלט דער מחבר די גורלדיקע פראַגע: „וואָס וועט מיט אונדז זיין"? „מיר פילן — פאַרנאָטירט ער אין דאָזיקן היסטאָרישן מאָמענט — אַז עפּעס גראַנדיעזעס קומט פאָר, מיר פאַרשטייען אָבער נישט דעם צוזאַמענהאַנג. עדות פון אַ גרויסן געראַנגל פון צוויי וועלט-אַנשויונגען"... אין שייכות דערמיט גיט איבער דער מחבר, אַז „מען פאַרבעסערט די באַשפּייזונג פון דער פוילישער באַפעלקערונג". און אַפילו „מען רעדט וועגן אַ פוילישער מלוכה" (אַוודאי אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון דייטשלאַנד).

אין אַנבליק פון די „פּאָגראָם-שטימונגען לגבי די יידן אין די ערשטע טעג פון מלחמה מיט רוסלאַנד" (דעם ערשטן טאָג פון מלחמה זענען פאָרגעקומען רויבערייען אין פּראַגע), האָט דער מחבר געזען אין די מויערן אַרום געטאָ אַ געוויסע שוץ פאַר פּאָגראָמען און רויב.

מיר פאַרעפנטלעכן דאָ ווייטער, מיט אונדזערע הערות, דריי גרעסערע פאַרצייכענונגען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין אַ פאַרענדיקטער פאָרם מיט רינגעלבלומס האַנטשריפט, אין יוני 1942, אין סאַמע מאָמענט ווען די געשעענישן זענען פאָרגעקומען, ווען זיי זענען נאָך געווען ניי, „צאַפּלדיק", און אונדז איז געראָטן פולשטענדיק זיי צו דעשיפרירן. די דאָזיקע פאַרצייכענונגען, וואָס די וויכטיקסטע פון זיי באַהאַנדלט מיט אַ טיפן אַנאַליז דעם פּראָבלעם „פאַר וואָס טרעט מען נישט אַרויס מיט אַ לאָזונג פון גיין אין די וועלדער, פון ווידערשטאַנד" — זאָגט עדות דערויף, אַז רינגעלבלום ווי אַ מענטש מיט אַ טיפן חוש פון אָבסערוואַציע און אַ שאַרפן אַריינבליק, האָט געטראַכט אין קאַטעגאָריעס פון כלל-ישראל, פון פאָלקס-קיום און האָט אין זייער גאַנצער ברייטקייט באַנומען און ניכטער אָפּגעשאַצט די טראַגישע צייט-געשעענישן.

נאָך דעם אָפּקלויב פון אומבאַקאַנטע נאָטיצן און פאַרצייכענונגען קומען עטלעכע רשימות פון טעמעס, טעזן צו פּראָבלעמען, רשימות פון מיטאַרבעטערס פון „עונג-שבת", רשימות פון מחברים פון טאָגביכער אאַ"וו. ווייטער אַן אויסוואַל פון ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, ווי למשל די ביאָגראַפישע פאַרצייכענונג פון גרויז-גראָען גייסטיקן פירער פון „מזרחי", הרב יצחק ניסענבוים, וואָס וועגן זיין טעטיקייט אין געטאָ זענען פאַראַן קאַרגע ידיעות. ס'איז נאָר באַוווּסט, אַז ער האָט גערופן אין געטאָ צו האַלטן זיך, און זיך נישט לאָזן אומברענגען. ווען ס'זענען באַקאַנט געוואָרן אין יידישן וואַרשע די פּרטים וועגן די ערשטע מאַסן-שחיטות אין די ניי-דעראָבערטע דורך די דייטשן שטחים (אין די ערשטע טעג נאָך אויסבראָך פון דער מלחמה קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד), האָט הרב ניסענבוים גערופן די יידן מקיים זיין די מצווה ק י ד ו ש - ה ח י י ם אַנשטאָט ק י ד ו ש - ה ש ם. אין די פריערדיקע צייטן — האָט ער מסביר געווען — האָט דער שונא פאַרלאַנגט פון יידן זיין נשמה, האָט דער ייד געענטפערט מיט קידוש-השם. איצט פאַרלאַנגט דער

שונא דעם ייִדנס גוף און ס׳איז אַ חוב פון יעדן ייִדן אָפּצוהיטן זיין לייב און לעבן. רינגעלבלומס קורצע ביאָגראַפישע שטריכן וועגן הרב ניסענבוים און אַנדערע אנשי־שם האָבן אַ גרויסן מקורותדיקן באַדייט. ווייטער ווערן פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל רינגעלבלומס אייגנהענטיקע רשימות פון עסקנים פון אַלע פאַרטייען און פּאָליטישע שטרעמונגען, דערונטער געמען פון ביי־אויפגעקומענע מנהיגים פון דער יוגנט־באַוועגונג, פאַרלוסטן־רשימות, בעתן גירוש טרעבלינקע, פון ייִדישע שרייבערס, וויסנשאַפטלערס, זשורנאַ־ליסטן, רבנים, אַרטיסטן, מוזיקערס, אַדוואָקאַטן און ייִדן פון אַ גאַנץ־יאָר.

צום סאַמע סוף ברענגען מיר רינגעלבלומס ביז איצט נישט פאַרפעגט־לעכטן איבערזיכט: „די פּויליש־ייִדישע באַציִונגען אין אָקופּירטן וואַרשע", פון וועלכן ס׳איז צו זען, אַז די דאָזיקע טעמע האָט אים ספּעציעל אינטערע־סירט, און ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן פאַרצייכענונגען שוין אין אָקטאָבער 1939. דער דאָזיקער איבערזיכט ווי אויך די אויסגעצייכנטע אַנקעטע מיט טעזן צום דאָזיקן פּראָבלעם זענען געווען אַן אָנזאָג פון דער שוין דערמאָנטער גרויסער מאָנאָגראַפיע „ייִדיש־פּוילישע באַציִונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה".

מיר האָבן געהאַט בדעה צונויפשטעלן אַ פולע רשימה נישט נאָר פון תיקון־טעותן נאָר אויך פון די אומפּינקטלעכקייטן אין דער צוויי בענדיקער אויסגאַבע פון רינגעלבלומס נאָטיצן און כּתבים, דערונטער אויך טענדענ־ציעזע. אָבער היות, ווי געזאָגט, עס ווערט געגרייט אַ שלימותדיקע עדיציע פון אַלע, אָן אויסנאַם, רינגעלבלומס נאָטיצן און כּתבים אין די יאָרן 1939—1944, גיבן מיר בלויז לדוגמא אַ רשימה פון אומפּינקטלעכקייטן, וואָס מיר האָבן פעסטגעשטעלט ביים פאַרגלייכן עטלעכע אָפּגעדרוקטע טעקסטן מיטן כּתב־יד.

*

איך האַלט פאַר מיין חוב אויסצודריקן אַ טיפן דאַנק די אַלע וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט אין דער דערמאָנטער אַרבעט פון דעשיפרירן און רע־סטאַווירן די שווער לייענבאַרע כּתב־ידן פון רינגעלבלום אַליין און פון אַ גאַנצער ריי מחברים, באַוווּסטע און אַנאָנימע, מיטאַרבעטערס פון „עונג־שבת". קודם כּל וויל איך דאַנקען מיין איבערגעגעבענעם מיטאַרבעטער ישׂראל ביאַלאָסטאָצקי, דעם שרייבער יהושע (סטאַניסלאַוו) וויגאָדסקי, דעם פאָרשער ד״ר משה פּריוועס, די מתנדבים שמואל שולזינגער — באַקאַנטער פאַרלעגער פון העברעיִשע און ייִדישע ביכער, פריינד יצחק בונה — געווע־זענער לייטער פון ייִדישן מדור אין „קול ישׂראל", ווי אויך דער פאָרשערין אַננאַ דרעסנער.

אַ דאַנק דעם איז אָקאָרשט אַריין אין דרוק אַ גרויסער רעפּרעזענטאַטי־ווער באַנד פון „עונג־שבת"־אַרכיוו אין דער ענגלישער איבערזעצונג. די דאָזיקע אַרבעט האָט געקאָנט צושטאַנד קומען אַ דאַנק דער סובווענץ פון

דער וואַרשעווער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין די פּאַראַיניקטע שטאַטן „וואַגראַ“, און איר פּרעזידענט בנימין מיד. מיר מאַכן אויך באַמערקונגען, אַז דער דאָזיקער באַנד זאָל דערשיינען אין עברית און אויך אין דער מקורות־דיקער שפּראַך (ייִדיש). צו דעם צוועק איז אַנטשטאַנען אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט אַרויסצוגעבן די וויכטיקסטע כּתב־ידן פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו, אין וועלכן עס גייען אַריין גדעון האַוזנער, פֿאָרזיצער פֿון דער מועצה יד־ושם, ד״ר יצחק ארד, פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג יד־ושם, יצחק הרכּבי (פֿאָר־זיצער פֿון קאָמיטעט), משה קול, פֿאָרזיצער פֿון „מַשׂואָה“, ישעיהו אברך, דער דיכטער אברהם סוצקעווער, פּראָפּ׳ אהרן אייזענבאַך, פּראָפּ׳ ישׂראל גוטמאַן, פּראָפּ׳ גרשון ווײַנער, פּראָפּ׳ אברהם כּץ, שׂמחה האָלצבערג, סיני לייכטער, נתן גראָס, יצחק בונה, דער שרייבער פֿיוול זיגעלבוים, הרב ד״ר דוד כּהנא, און דער שרייבער פֿון די שורות.

אַ באַזונדערן יישר־כּוח און טיפֿע אָנערקענונג פֿאַרדינט רינגעלבלומס יוגנט־חבר נאָך פֿון די סטודענטישע יאָרן, דער שרייבער שלמה שווייצער, וואָס האָט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט צוגעגרייט די עדיציע צום דרוק. אַ דאַנק זײַן איניציאַטיוו און אומאויפֿהערלעכע דערמוטיקונגען און מאָנונגען ווי אויך די איבערזעצונג־אַרבעטן זײַנע באַקומט דער לייענער און פֿאָרשער די דאָזיקע פֿאַרפֿולקאָמטע ייִדיש־עדיציע פֿון רינגעלבלומס על־פּי־נס אָפּגע־ראַטעוועטע כּתבים, געשאַפֿענע אין די אימהדיקע טעג פֿון חורבן און אומקום.

עמנואל ו־ינגעלבלום איז געווען איינע פון די שענסטע געשטאַלטן נישט
נאָר פון פאַרמלחמהדיקן יונגן דור יידישע היסטאָריקער, נאָר אויך פון גע־
זעלשאַפטלעך־פּאָליטישן און קולטור־אַקטיוו אין דער צייט פון דער לעצ־
טער וועלט־מלחמה. דער „יונגער" היסטאָריקער איז שוין אין די דרייסי־
קער יאָרן שטאַרק אויסגעוואַקסן אַ דאַנק זיינע פאַרטיפטע אָפּהאַנדלונגען
און סטודיעס אויפן געביט פון יידישער געשיכטע. דער אויסברוך פון דער
מלחמה האָט נישט איבערגעריסן זיין שעפערישע אַרבעט. אויף אַן אייגנ-
אַרטיקן אופן, וואָס איז געווען מעגלעך אין יענע טראַגישע לעבנס־באַדינ־
גונגען פון וואַרשעווער געטאָ, האָט רינגעלבלום קאָנטינואירט זיין אַרבעט.
זיינע אינטעלעקטועלע פאַראינטערעסירונגען, זיינע היסטאָרישע פאָרשונ־
גען פלעכטן זיך איצט צונויף און זענען שטאַרק פאַרבונדן מיט זיין ברייטע־
געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אַקטיווקייט. ער ווערט דאָס געוויסן פון
דער צייט. שוין אין די מלחמה־יאָרן לייגט ער די פונדאַמענטן פון אַ וויסנ־
שאַפטלעכער געשיכטע פאָרשונג וועגן דער אָקופּאַציע־צייט. אַדאַנק רינ־
געלבלומען ווייסן מיר פיל מערער און בעסער נישט נאָר וועגן די אָנהויבן
פון יידישןווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וועגן די פּוליש־יידישע
באַציאונגען, אָדער וועגן אומקום פון דער יידישער אינטעליגענץ, נאָר בכלל
וועגן דער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק פון די נאַציס און אינערלעכן לעבן
פון די יידן אין די געטאָס.

די אָקופּאַציע־צייט האָט אַרויסגעבראַכט אין דער פולער מאָס די איי־
דעלע, הומאַנע שטריכן פון רינגעלבלומען, זיין גרויסע ליבע צום פאָלק,
זיין קאָמפּראָמיסלאָזע שנאה צום פאַשיזם, אין קאַמף קעגן וועלכן ער האָט
אַוועקגעגעבן זיין לעבן. רינגעלבלום איז באַקאַנט קודם כל אַלס היסטאָ־
ריקער. מען טאָר אָבער נישט אַרויסלאָזן פון אויג זיין געזעלשאַפטלעך־
פּאָליטישע טעטיקייט, וואָס האָט משפיע געווען די ריכטונג פון זיינע וויסנ־
שאַפטלעכע פאַראינטערעסירונגען.

עמנואל (מנחם) רינגעלבלום איז געבוירן דעם 21 נאָוועמבער 1900
אין בוטשאַטש (מזרח־גאַליציע), ווו ער האָט געענדיקט 4 קלאַסן פאָלקסשול
און די ערשטע קלאַסן גימנאַזיע. נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-
מלחמה האָט זיך זיין גאַנצע משפחה באַזעצט אין נייסאָנץ. דאָרט האָט

עמנואל אין יאָר 1919 געענדיקט גימנאַזיע. אין הארבסט דעם זעלבן יאָר האָט ער זיך פאַרשריבן אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט שטודירט געשיכטע. זיינע לערער אויפן אוניווערסיטעט זענען געווען די פּראָפעסאָרן י. קאָכאַנאָווסקי און מ. האַנדעלסמאַן. אונטער זייער אָנפירונג האָט רינגעלבלום געשריבן די ערשטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. זיין פּאָקטישער מדריך אויפן געביט פון יידישער געשיכטע־פאָרשונג איז אָבער געווען יצחק שיפּער. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט י. שיפּער, אַדאַנק זיין פּיאָנערישקייט אין דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, קודם כל דורך וועגדן די אויפמערקזאַמקייט אויף סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן אין דער יידישער געשיכטע, אדאַנק זיין התלהבות און חברישער באַציונג, שטאַרק באווירקט און דערמוטיקט די יונגע גרופּע יידישע היסטאָריקער אין ווארשע — ער האָט זיי אָנגערעגט אויסצופאָרשן נייע, נישט באַארבעטע פּראָבלעמען פון יידישן עבר. רינגעלבלום איז אין יענע יאָרן, ווען ער האָט צוגעגרייט זיין דיסערטאַציע וועגן דער געשיכטע פון יידן אין וואַרשע בעתן מיטלאלטער, געווען אונטערן שטאַרקן איינפלוס פון י. שיפּער. לויט די אָנווייזונגען פון זיין מדריך האָט ער אויפסניי איבערגעארבעט איניקע קאַפּיטלען פון זיין ארבעט.

אויפן סמך פון דער דערמאָנטער דיסערטאַציע האָט רינגעלבלום אין יאָר 1927 באַקומען אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט דעם דאָקטאָר־טיטל. דאָס איז געווען זיין ערשטע, גרעסערע וויסנשאַפטלעכע ארבעט. זי איז דערשינען אין דרוק ערשט אין 1932 י. אין די ראַמען פון דער באַקאַנטער ביבליאָטעק א. נ. ט. קאָרזאָן, וועלכע עס האָט ארויסגעגעבן און גיט נאָך היינט אַרויס די וואַרשעווער אָפּטיילונג פון דער פּוילישער היסטאָרישער געזעלשאַפט. נאָך פריער זענען איניקע קאַפּיטלעך פון דער ארבעט דערשינען אין יידיש אין די היסטאָרישע און עקאָנאָמישע שריפטן פון ייוואָ.

ע. רינגעלבלום האָט מיט זיין ארבעט אויסגעפילט אַ בלויז אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. ווארשע, די גרעסטע דעמלט יידישע קהלה אין פּוילן און אין אייראָפּע, האָט אייגנטלעך נאָך נישט געהאַט קיין געשיכטע פון איר פריפעריאָד. ערשט רינגעלבלום האָט אָנגעשריבן די מיטלאלטערלעכע געשיכטע פון די יידן אין ווארשע ביז צום גירוש פון 1527, ד. ה. ביזן יאָר, ווען די פּראָווינץ מאַזאָוויע איז נאָך געווען אַ זעלבשטענדיק פירשטנטום. רינגעלבלום שטיצט זיך דאָ פונקט ווי אין זיינע שפּעטערדיקע היסטאָרישע ארבעטן אויף רייכע אַרכיוואַלע מקורות. ער האָט פון זיי ארויס געבראַכט אומבאַקאַנטע פאַר די פריערדיקע פאָרשער פון ווארשע ידיעות וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן, וועגן זייערע האנדלס־באַציונגען מיט אנדערע שטעט פון פּוילן און ליטע, וועגן יידישן קרעדיט, מלאכה און יידישן לאַנד־באַזיץ. רינגעלבלום האָט אויך באַשריבן די רעכטלעכע פאַרהעלטענישן פון יידן אין ווארשע און אין דער מאַזאָווער פּראָווינץ און

ארויסבאַקומען אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן אינערלעכן לעבן פון די יידן אין מיטלאַלטערלעכן וואַרשע.

ע. רינגעלבלום האָט זייט דאַן גענומען אויספאָרשן די געשיכטע פון יידן אין וואַרשע אין דער שפּעטערדיקער צייט. אַזוי אָבער ווי צוליבן פאַר־באָט פאַר יידן צו וווינען אין דער הויפּטשטאָט מערקט זיך אַ וווקס פון וואַרשעווער יידישן ישוב ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 18 י״ה, האָט רינגעלבלום, דער עיקר, זיך קאָנצענטרירט אויף יענעם פּעריאָד. כדי אלזייטיק צו באַלייכטן די געשיכטע פון יידן אין וואַרשע האָט רינ־געלבלום אויסגעברייטערט און פאַרטיפט זיינע שטודיעס וועגן דער געשיכ־טע פון יידן אין גאַנצן לאַנד. ער האָט אָנגעזאַמלט אַ ים אַרכיוואַלע מאַ־טעריאַלן, ער האָט אויסגענוצט די דעמאָלטדיקע פּרעסע און פּובליציסטישע ליטעראַטור. אין רעזולטאַט פון די ברייט פאַרמאָסטענע פאָרשונגען האָט רינגעלבלום אין די דרייסיקער יאָרן געגעבן אַ ריי סינטעטישע אַרבעטן, אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקלען, וואָס זענען פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַלער און קולטור־געשיכטע פון יידן אין פּוילן אין יענעם פּעריאָד.

מען דאַרף דאָ קודם כל דערמאָנען די אַרטיקלען, אין וועלכע רינגעלבלום שטעלט זיך די אויפגאַבע צו באַלייכטן די שטעלונג פון פאַרשיידענע סאָ־ציאַלע שיכטן און פּאָליטישע ריכטונגען אין פּוילן צו דער יידן־פראַגע. דאָס איז דער אַרטיקל „אַ יידישע דעבאַטע אין פּוילישן סיים פון יאָר 1775״ (1931). אַ גרעסער אַרטיקל „יידן אין ליכט פון דער וואַרשעווער פּרעסע״ (1932) און די שטודיע וועגן „די פּראָיעקטן און פּרוּוון איבער־צושיכטן יידן אין דער עפּאָכע פון קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט״ (1934). רינגעלבלום האָט דאָ אַרויסגעבראַכט נייע ידיעות וועגן מצב פון דער יידי־שער באַפעלקערונג, ספּעציעל וועגן דאָרפישן עלעמענט, וועגן דער שווע־רער לאַגע פון די קרעטשמער און אַרענדאַרן און וועגן דער באַציאונג פון די פּריצים צו זיי ער רוקט אויך אַרויס נייע טעזן וועגן יידן אין דער לאַנד־ווירטשאַפט.

אַדאַנק זיינע פאָראינטערעסירונגען מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען האָט רינגעלבלום געוווּסט אַרויסצובאַקומען, בפרט פון די אַרכיוון, נייע פאַקטן וועגן דער קריסטאַליזירונג פון נייע קלאַסן אין דער דאַמאָלטדיקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אין אַרטיקל „אָפּקלאַנגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע״ (1932) האָט ער דער ערשטער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער פאָרמירונג פון דער יידישער בורזשואַזיע, אויף איר קלאַסן־באַוווּסט־זיין און אירע באַשותפותדיקע אינטערעסן מיטן פּוילישן בירגערטום.

שטופנווייז האָט ע. רינגעלבלום אויסגעברייטערט זיינע פאָראינטערע־סירונגען און פאָרשונגס־געביטן. ער אינטערעסירט זיך מיט פּראָבלעמען פון דער צענטראַלער יידישער אויטאָנאָמיע פון אַמאָליקן פּוילן, זאַמלט דערביי נייע מאַטעריאַלן אין די מלוכה־אַרכיוון פון וואַרשע און ווילנע.

רינגעלבלום האָט אָנגעשריבן אַ קורץ־געפאַסטע געשיכטע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט ווי אַ הקדמה צו י. באַרנשטיינס: „בודזשעטן פון יידישע קהלות אין פוילן" (1928).

רינגעלבלום האָט צוזאַמען מיט רפאל מאהלער ארויסגעגעבן אין יאָר 1930 אַ בוך „מקורים צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן און מזרח־אייראָפּע". די קוועלן־אויסגאַבע, וואָס איז דער עיקר געווען באַשטימט פאַר יידישע מיטל־שולן, איז דערשינען אין יידיש און פויליש.

אין די יאָרן 1932—1934 האָט רינגעלבלום פאַרעפנטלעכט אין די „יוואָ־בלעטער" סקיצן צו דער געשיכטע פון יידישן בוך און דרוק אין פוילן אין דער צווייטער העלפט פון 18 י"ה. (אין יאָר 1936 זענען זיי דערשינען צוזאַמען אין אַ בוך־פאָרמאַט). די אָפּהאַנדלונגען זענען גלייכצייטיק אַ וויכטיקער צושטייער צו דער פראַגע וועגן די רעכטלעכע באַגרענעצונגען און שטייער־לאַסטן פון די יידן, ווי אויך צו די אָנהייבן פון השכלה אין פוילן. זייט 19 האָט רינגעלבלום מיטגעאַרבעט אין דער דייטשער *Encyklopedia Judaica* ער האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט עטלעכע צענדליק קורצע מאָנאָגראַפיעס וועגן יידישע קהלות אין פוילן, געשטיצט דער עיקר אויף נייע ארכיוואַלע מאַטעריאַלן. אַ געשיכטע פון יידן אין קרעמעניץ האָט רינגעלבלום פאַרעפנטלעכט אין דער צייטשריפט „לאַנד־קענטעניש" (1934). א גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער „אינעווייניקסטע געשיכטע פון יידן אין אַמאָליקן פוילן" האָט ער אויך אָפּגעדרוקט אין דער קאָלעקטיווער אויסגאַבע *Żydzi w Polsce Odrodzonej* 1־טער באַנד (1932). חוץ דעם האָט רינגעלבלום פאַרעפנטלעכט אַן ארטיקל וועגן יידישע מלבושים אין פוילן אין סוף 18 י"ה. („פון נאָענטן עבר", 1937) און אַ סעריע אַרטיקלען אין „סאָציאַלע מעדיצין" (1931—1938) וועגן יידישע דאָקטוירים אין אַלטן פוילן.

גלייכצייטיק מיט די דערמאָנטע פאַרשאַרבעטן האָט ע. רינגעלבלום געגרייט זיין צווייטן באַנד געשיכטע פון יידן אין וואַרשע, וואָס האָט אַרומגענומען דעם צייט־פּעריאָד ביז סוף 18 י"ה. זייט 1935 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין די אויבן דערמאָנטע צייטשריפטן איינציקע פראַגמענטן פון דאָזיקן באַנד און חוץ דעם א ריי ארטיקלען און שטודיעס, וואָס שטיצן זיך אויף זיינע פאָרשונגען וועגן וואַרשעווער יידן מען דאַרף דאָ דערמאָנען די ארטיקלען „וועגן ווארשעווער גאסן" (1935), וועגן „יידישן טאָג־צעטל אין ווארשע" (1936) וועגן „אינעווייניקסטן לעבן פון די ווארשעווער יידן אין 18 י"ה פון דער פאָרקערטער זייט" (1937), און וועגן „חסידות און השכלה אין ווארשע אין 18 י"ה." (1938).

ע. רינגעלבלום האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן „שמואל זביטקאָווער דעם מנהיג און באַנקיר" („ציון" 1938). ער מאָלט אונדז דאָ אַ בילד פון דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון יידישע סוח־

רים און ליוועראנטן אין פוילן אין דער צווייטער העלפט 18 י״ה. א באַ־זונדערן אָרט פאַרנעמט די גרעסערע אָפּהאַנדלונג: „יידן אין וואַרשע אין 18 י״ה. און זייער רעכטלעך-געזעלשאַפטלעכע לאגע״ (היסטאָרישע שריפטן ייוואָ, 1937). די גלענצענדע אָפּהאַנדלונג איז, ווי עס ווייזט זיך ארויס, אַ פראגמענט פון צווייטן באַנד „געשיכטע פון יידן אין וואַרשע״. רינגעל־בלום האָט דאָ ארויסגעבראכט נייע מאַטעריאַלן וועגן יידישע סינדיקעס, זייערע פונקציעס און קאָנטראָל־אַפּאַראַט, ווי אויך וועגן די מעטאָדן פון זייער הפקר־ווירטשאַפט אין דער האַלב-לעגאַלער קהלה אין וואַרשע.

מען דאַרף דאָ אויפקלערן, אַז אין ארכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינס־טיטוט (אין צווייטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ-ארכיוו) האָבן זיך אויס־געהיט 5 העפטן פארשריבן מיט רינגעלבלומס אייגנהענטיקן כתב, וואָס בילדן דעם צווייטן באַנד פון זיין געשיכטע פון יידן אין וואַרשע. דאָס איז וואַרשיינלעך די ערשטע רעדאַקציע פון רינגעלבלומס ארבעט. זי באַהאַנדלט די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון די וואַרשעווער יידן פון 1527 ביז סוף 18 י״ה. חוץ דעם האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט נאָטיצן וועגן שטייער־לאַסטן פון יידן אין וואַרשע.

אין ענגן שייכות מיט די פאָרשונגען וועגן יידן אין וואַרשע איז רינ־געלבלומס ארבעט וועגן „די פוילישע יידן אין אויפשטאַנד פון קאָשטשושקאָ אין 1794״ (1937). די ארבעט איז דערשינען אין פויליש און יידיש. דאָס איז די ערשטע וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג וועגן אָנטייל פון די וואַר־שעווער יידן, באַזונדערס פון די אָרעמסטע עלעמענטן, אין אפריל־אויפ־שטאַנד, וועגן דער קעגנזייטיקער דערנעענטערונג פון די יידישע און פוילישע מאַסן, וועגן דינסט פון יידן אין דער בירגערלעכער מיליץ, זייער הילף פאר דער אויפשטענדיקער מאַכט דורך ליפערונג, צושטעלן טראַנספּאָרט־מיטלען א. ד״גל.

אין די פאַרמלחמה־יאָרן האָט רינגעלבלום זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט יידישע פּראָבלעמען פון 19 י״ה. ער האָט שוין דעמלט געזאַמלט מאַטעריאַלן צו דער ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער געשיכטע פון יידן אין פוילן אין יענער תקופה און בכלל פּלאַנירט ברייט־פאַרמאַסטענע היס־טאָרישע פאָרשונגען פון 19 י״ה.

שווער זענען געווען די באַדינגונגען אין וועלכע עס איז אויסגעקומען רינגעלבלומען צו גרייטן זיינע וויסנשאַפטלעכע ארבעטן. די פרנסה־ארבעטן און געזעלשאַפטלעכע פונקציעס האָבן אים פארשלונגען די גאנצע פרייע צייט. נישט איינמאָל פלעגן מיר אים נאָך אַ שווערן ארבעטס־טאָג זען לויפן אין מלוכהשן הויפּט־ארכיוו, אין קראַשינסקי־ארכיוו, אָדער שפּעט אין אָוונט, נאָכן צוגרייטן זיך צו די שול־לעקציעס זען ביים ארבעטס־טיש איבער אַ קאַפּיטל געשיכטע.

פיל צייט האָט רינגעלבלומען פאַרנומען מלמדות. אין 1927 האָט ער פאַרבראַכט אין ווילנע, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס לערער פון געשיכטע

אין די יידישע מיטל-שולן. נאָכן צוריקקומען קיין וואַרשע, האָט ער במשך פון 10 יאָר געאַרבעט אַלס לערער פון געשיכטע אין די פוילישע מיטל־שולן פאר יידישע מיידלעך (זאַקסאָוואַ, יהודיה). ערשט אין 1938, ווען רינגעלבלום איז אריינגעצויגן געוואָרן אין דער הילפס־טעטיקייט פון „דזשוינט״ האָט ער פאַרלאָזן די שול־אַרבעט.

רינגעלבלום האָט געפירט אַ ברייטע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ארבעט. ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער פון דער לינקער פועלי־ציון־באַוועגונג, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן פון די יונגסטע יאָרן. נאָך זייענדיק אין נייסאָנץ האָט ער אָנגעפירט מיט אַ שילער־קרייז און איז געווען א לערער אין די בילדונגס־קרייזן פון דער דאָרטיקער פּ״צ־פּאַרטיי. אין וואַרשע איז רינגעלבלום אין די יאָרן 1920—1927 שוין געווען אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע און זיך אַקטיוו באַטייליקט דער עיקר אין דער בילדונגס-ארבעט. ער האָט מיטגעארבעט אין די זשורנאלן און צייטשריפטן, וועלכע די „יוגנט״ האָט ארויסגעגעבן. ער איז געווען טעטיק אין דער פאַרוואלטונג פון דער געזעלשאַפט „אָוונט-קורסן פון ארבעטער״, זייענדיק גלייכצייטיק אַ לערער אין אירע אָוונט־שולן.

ע. רינגעלבלום איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ) פון אָנהייב פון זיין אַנטשטייונג. ווי אַ מיטגליד פון דער היסטאָרישער סעקציע איז ער געווען איינער פון אירע אַקטיווסטע וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער. ער געהערט צו די גרינדער פון וואַרשעווער ייוואָ־אָפּטיילונג און פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן, וואָס האָט אדורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון קהלה־פּנקסים אין גאנצן לאנד. שוין אין יאָר 1923 האָט רינגעלבלום אָרגאַניזירט אין וואַרשע אַ היסטאָריקער־קרייז (ביי דער אַקאַדעמישער־היים, שפּעטער ביי דער וואַרשעווער ייוואָ־אָפּטיילונג), וואָס האָט מיט דער צייט קאָנצענטרירט אלע יינגע יידישע היסטאָריקער אין וואַרשע. דאָס איז געווען אַ קוזשניע פון אַ פּראָגרעסיווער יידישער געשיכטע־פאָרשונג. אדאַנק רינגעלבלומס איניציאַטיוו און ענערגיע האָט דער היסטאָריקער־קרייז ארויסגעגעבן אַן אייגענעם וויסנשאַפטלעכן אָרגאַן „יונגער היסטאָריקער״, שפּעטער „בלעטער פאַר געשיכטע״. צו זיינע טראַדיציעס האָט נאָך דער מלחמה אָנגעבונדן דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט.

וואָס נוגע אנדערע טעטיקייטס־געביטן דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז רינגעלבלום האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די ארבעטן פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאציע (ציש״אָ), אין די דרייסיקער יאָרן, ווען אויף דער יידישער גאַס איז געשאַפן געוואָרן דער יידישער קולטור - פראָנט מיטן אָנטייל פון דעמאָקראַטן, קאָמוניסטן, לינקע פועלי־ציון און אנדערע סאָציאַליסטישע עלעמענטן, האָט זיך רינגעלבלום ארויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון די אקטיווע טוער פון קולטור־פראָנט. רינגעלבלום איז אויך

געוועז טעטיק אין דער „יידישער געזעלשאַפט פאַר לאַנדקענטעניש", מיט ארבעטנדיק אין אירע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס און אויף אירע קורסן. רינגעלבלום איז אויך געווען אקטיוו אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון יידישע מיטל־שול לערער.

אַ דאנק רינגעלבלומס באַמיונגען האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל יידישע היסטאָריקער באַטייליקט ווי אַ באַזונדערע סעקציע אין אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון היסטאָריקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1933 אין וואַרשע. רינגעלבלום האָט אויפן קאָנגרעס געלייענט אַ רעפעראַט: „די סאָציאַלע אוןווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן 18 י"ה." ער האָט אויך אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די דיסקוסיעס איבער אַנדערע רעפעראַטן.

גלייכצייטיק מיט דער ארבעט אין שול איז רינגעלבלום זייט 1929 אריינגעצויגן געוואָרן אין דער טעטיקייט פון דער צענטראַלע פון די גמי־לות־חסדים־קאַסעס (צעקאַבע). ער האָט רעדאַגירט דעם אָרגאַן פון די ג"ח־קאַסעס „פ אָ ל ק ס ־ה י ל ף". אויף דעם פּאָסטן האָט רינגעלבלום אַ סך אויפגעטון פאַר דער אידעע פון אַליינהילף און פּראָדוקטיוויזאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. רינגעלבלום איז געווען אַ פּרעקטיקער אָרגאַניזאַטאָר. ער איז תמיד געווען פול מיט ענערגיע און איניציאַטיוו, אויף יעדן ארבעטס־פעלד האָט ער געוווסט ווי צו קומען מיט נייע רעאַלע פּראָיעקטן.

די פּאָליטישע געשעענישן אין האַרבסט 1938 האָבן אוועקגעשטעלט רינגעלבלומען אויף אַ נייעם פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, צו וועלכן עס האָט אים אַנגאַזשירט דער „דזשוינט" אין פוילן. ווי באַקאַנט, האָט די היטלע־רישע רעגירונג אין סוף אָקטאָבער 1938 ארויסגעטריבן פון דייטשלאַנד העכער 17 טויזנט יידן — פּוילישע בירגער, באַרויבטע פון זייער האָב און גוטס. די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אין דער ערשטער צייט נישט גע־וואָלט די יידן אַריינלאָזן אין לאַנד און קאָנצענטרירט זיי דערווייל אויף דער גרענעץ אין אַ לאַגער ביי זבאָנשין. רינגעלבלום האָט דאָרט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער הילפס־טעטיקייט פאַר די גולים. גלייכצייטיק אָבער האָט ער ווי אַ פאָרשער פאַרשטאַנען צו אָרגאַניזירן צווישן די אַרויסגעטריבענע אַן אַקציע פון פאַרשרייבן גביות-עדות וועגן זייערע ליידן, וועגן די אכזריות פון די נאַציס און וועגן זייער עקסטערמינאַציע-מעטאָדן. אין רעזולטאַט פון דער ארבעט האָט מען — ווי עס גיט איבער מ. קאַזשען, רינגעלבלומס מיטארבעטער אין זבאָנשין — צונויפגעזאַמלט פול ווערטפולע מאַטעריאַלן. נאָך אין סוף 1939 האָבן זיי זיך געפונען אין רינגעלבלומס דירה און עס איז וואַרשיינלעך, אַז ער האָט די מאַטעריאַלן געוואָלט אויסנוצן פאַר פאָר־שונגס־צוועקן וועגן דער לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד פאַרן אויסברוך פון דער וועלט מלחמה.

ראפידע פּאָליטישע ענדערונגען — די היטלעריסטישע אַגרעסיע און אַ חודש שפּעטער די אָקופּאַציע פון פּוילן, האָבן פאַר רינגעלבלומען אַוועק־געשטעלט נייע אויפגאַבן. נאָך אין אויגוסט 1939 האָט זיך רינגעלבלום געפונען אין דער שווייץ, ווו ער איז געווען אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. שוין נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט ער זיך דורך אומוועגן צוריק־געקערט קיין וואַרשע און געשטעלט זיך אין גאנצן אין דינסט פון דער סאָציאַלער הילפס־טעטיקייט. רינגעלבלום האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט נאָך פאַר דער באַלאגערונג פון וואַרשע און אויך שפּעטער בעת דער אָקופּאַציע פאַרלאָזן די שטאָט. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן די צורעדענישן פון זיינע פריינד ער זאָל אַרויספאָרן פון וואַרשע. רינגעלבלום האָט שוין גע־האַט ביי זיך אַ פעסטן באַשלוס, אז ער בלייבט און וועט אָרגאַניזירן די הילפס־טעטיקייט, מיט וועלכע ער איז געווען שטאַרק פאַרבונדן, זיין שטאַרק אחריות־געפיל האָט אים נישט געלאָזט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן.

רינגעלבלום ווערט די נשמה פון דער פאַרצווייגטער הילפס־טעטיקייט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. שוין בעת דער באַלאגערונג פון וואַרשע, אין סעפּטעמבער 1939 אָרגאַניזירט רינגעלבלום די ערשטע הילף פאַר יידישע נשרפים און פליטים, ער אָרגאַניזירט פאָלקס־קיכן, ער איז טעטיק אין צענטראַלן רעטונגס־קאָמיטעט און שפּעטער אין קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון יידישע אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף. אין די יאָרן פון אָקופּאַציע איז רינגעלבלום געווען דער לייטער פון געזעלשאַפטלעכן סעקטאָר ביי דער געזעלשאַפט פאַר סאָציאַלער אליינהילף. און ווידער האָבן מיר דאָ אַ מערקווירדיקע דערשיינונג — רינגעלבלומס אינטערעס פאַר אקטועלע סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען, זיין אַנגאזשירן זיך אין דער געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט, האָבן אים געגעבן דעם אימפּולס פאר נייע היסטאָרישע פאָרשונגען. דאָ ווערט ביי אים געבוירן דער געדאַנק צו זאַמלען מאַטע־ריאַלן וועגן די לויפנדיקע געשעענישן, וועגן לעבן פון דער יידישער באַ־פעלקערונג בעת דער היטלערישער אקופּאציע. עס איז אַ קאָנטינואַציע פון דער פאָרש־און זאַמלארבעט, וועלכע רינגעלבלום האָט אָרגאַניזירט אין נאָוועמבער 1938 יאָר, אָבער אין אַ פיל ברייטערן פאַרנעם. דאָס איז דער־ווייל געווען דער איינציקער אופן, אויף וועלכן ער האָט אין די געענדערטע לעבנס־באַדינגונגען געקאָנט ממשיך זיין היסטאָרישע פאָרשונגס־ארבעט.

דאָ דאַרף מען זוכן די גענעזע פון דעם דורך רינגעלבלומען אָרגאַני־זירטן אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט צוליב קאָנס־פּיראַטיווע טעמים געטראָגן דעם נאָמען „עונג־שבת". שוין אין אָקטאָבער 1939 האָט רינגעלבלום אָנגעהויבן פאַרשרייבן זיינע נאָטיצן. אַ דאנק זיין ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין וואַרשעווער געטאָ האָט רינ־געלבלום געהאַט אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט מענטשן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן. — „אַלץ וואָס איך האָב זיך אין משך פון טאָג אָנגעהערט האָב איך אין אָוונט פאַרנאָטירט פאַרזען מיט מיינע הערות" — שרייבט

רינגעלבלום אין דער אָפּהאַנדלונג „עונג שבת", אין וועלכן ער גיט אַן אָפּשאַצונג פֿון אונטערערדישן אַרכיוו, פֿון זײַנע פּלענער און אַרבעטס־מעטאָדן. ווען די געשעענישן האָבן זיך געענדערט, און די באַדערפֿענישן אויסגעוואַקסן, האָט רינגעלבלום געהאַלטן פֿאַר נויטיק אין מאַי 1940 צו געבן דער זאַמלאַרבעט אַ געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער. עס האָט זיך אים אײַנגעגעבן מיט דער צײַט צו געווינען פֿאַר דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אַ שטאַב פֿון צענדליקער איבערגעגעבענע מיטאַרבעטער פֿון שרײַבער, לערער, געזעלשאַפֿטלעכע טוער. די מיטאַרבעטער האָבן זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו זאַמלען מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואָס זאָלן געבן אַן אַל־זײַטיקן בילד פֿון יידישן לעבן אין דער צײַט פֿון דער וועלט־מלחמה, פֿון דעם אַלעם, וואָס עס האָבן איבערגעלעבט, געטראַכט און געווייטיקט די יידישע פֿאָלקס־מאַסן. „מיר האָבן געשטרעבט דערצו — שרײַבט רינגעלבלום — אַז עס זאָל געגעבן ווערן אין אונדזערע אַרבעטן דער גאַנצער אמת, ווי ביטער עס זאָל נישט זײַן". דעריבער האָט מען זיך באַמיט, אַז די זעלבע געשעענישן זאָלן פֿאַרשריבן ווערן דורך עטלעכע פּערזאָן. „דורך פֿאַרגלײַכן די פֿאַרשיידענע באַשרײַבונגען — מאַכט אויפֿמערקזאַם רינגעלבלום — איז דעם היסטאָריקער נישט שווער אויסצושיילן דעם היסטאָרישן אמת, דעםווירקלעכן פֿאַרלויף פֿון די געשעענישן".

די זאַמל־אַרבעט איז זיך פֿאַנאַנדערגעוואַקסן. אין אַרכיוו האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזאַ ווערטפֿולער מאַטעריאַל, אַז ער האָט שוין געקענט דינען פֿאַר אַ יסוד צו מאַכן סך הכלען פֿון געוויסע פּראָצעסן און דערשײַנונגען אין יידישן לעבן. דעמלט האָט רינגעלבלום אָנגעצייכנט פּלענער פֿון ברייטע פֿאָרשונגען. ער האָט פֿאַר זײַנע מיטאַרבעטער צוגעגרייט טעזן און געגעבן מינדלעכע אָנווייזונגען ווי אַזוי צו באַאַרבעטן די געגעבענע טעמע. עס האָבן זיך אין אונטערערדישן אַרכיוו אָפּגעהיט רינגעלבלומס אייגנהענטיק אָנגעשריבענע טעזן צו אַזעלכע טעמעס, ווי יידישע יוגנט, יידישע פֿרוי, פּויליש־יידישע באַציונגען א. אַ. וו. חוץ דעם זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן טעזן און אַנקעטעס פֿאַר אַנדערע מאָנאָגראַפֿישע פֿאָרשונגען, למשל וועגן לעבן פֿון יידן אין די שטעט און שטעטלעך, אַ ספּעציעלע אַנקעטע איז דורכגעפֿירט געוואָרן צווישן יידישע שרײַבער וועגן פּראָבלעמען פֿון יידישן קיום, אַן אַנדערע ווידער צווישן פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג וועגן פֿאַרברויך פֿון שפּײַז־פּראָדוקטן: עס זענען דורכגעפֿירט געוואָרן אינטערוויוען מיט פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן, קודם כל פֿון דער אינטעליגענץ. עס זענען אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן ספּעציעלע אינסטרוקציעס „אָריענטירונגס־פּראָגן", ווי זיי ווערן דעמלט אָנגערופֿן, וואָס אַנטהאַלטן אָפּטמאָל צענדליקער פּונקטן און זאָגן עדות וועגן דעם ברייטן פֿאַרנעם פֿון די פֿאָרשונגס־אַרבעטן. מען דאַרף נאָך דערמאָנען, אַז כדי צו געבן דער אַרבעט לעגאַלע פֿאָרמען, איז אויסגעשריבן געוואָרן אַ קאָנקורס אויף באַשטימטע טעמעס פֿון יידישן לעבן.

עס זענען שוין אַלגעמיין באַקאַנט די פאָרשונגס-געביטן און אפילו טעמעס פון וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, וואָס זענען אין יאָרן 1942—1941 דורך רינגעלבלומס מיטאַרבעטער צוגעגרייט געוואָרן און צום טייל זיך אָפּגעהיט אין אַרכיוו. די טעמאַטיק איז גאָר אַ ברייטע. זי נעמט אַרום אַלע געביטן און די וויכטיקסטע דערשיינונגען אין יידישן לעבן: רעכטלעכע פאַרהעלטענישן, ווירטשאַפטלעכע לאַגע, סטרוקטורעלע ענדערונגען שול־און־קולטור פּראָבלעמען, רעליגיעזע לעבן, דערנערונג און געזונטהייטס־פראַגן, דערשיינונגען פון קאָרופּציע און דעמאָראַליזאַציע אין די געטאָס, די ראָל פון די יודענראַטן און יידישע פּאָליציי, מאַטעריאַלן צו דער גענעזע פון יידישן ווידערשטאַנד, אַרבעט־לאַגערן פאַר יידן, וועגן דער באַציונג פון דער דייטשער מאַכט צו יידן, פויליש־יידישע באַציונגען. „עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע געביטן, וועלכע עס נעמט אַרום די ע״ש אַרבעט—שרייבט ע. רינגעלבלום—זיי זענען אַזוי צאָלרייך און אַזוי פילפאַכיק, ווי פאַרשידנאַרטיק עס איז אונדזער לעבן... מען קאָן דרייסט באַהויפּטן, אַז נישטאָ קיין וויכטיקערע דערשיינונג אין יידישן לעבן בעת דער מלחמה, וואָס זאָל נישט האָבן קיין אָפּשפּיגלונג אין די מאַטעריאַלן פון „עונג שבת.״

וועגן פאַרנעם פון די פאָרשונגען קאָן עדות זאָגן דער פאַקט, אַז דער פּלאַן „צוויי אַ האלב יאָר״, וואָס האָט געזאָלט אונטערפירן אַסך הכל פון יידישן לעבן אין וואַרשע אין די ערשטע מלחמה־יאָרן, איז געווען פאַרמאָסטן אויף העכער 100 דרוקבויגן. אַ גרויסע צאָל מאַטעריאַלן צו דעם קאָמפּלעקס פּראָבלעמען האָט זיך אָפּגעהיט אין אַרכיוו. עס איז כדאי נאָך צו דערמאָנען, אַז די מיטאַרבעטער פון אַרכיוו האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אָפּצוראַטעווען די יידישע היסטאָרישע קולטור־אוצרות אין פּוילן (כתב־ידן, דרוקן, מוזעאַלע חפצים).

דער אונטערערדישער אַרכיוו, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט רינגעלבלומס נאָמען, איז אַן איינציקער אין זיין מין. דאָס איז בכלל איינע פון די מערקווירדיקסטע דערשיינונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער אַרכיוו איז דאָך נישט אַנטשטאַנען ווי אַ פּועל־יוצא פון אַ נאָרמאַלער טעטיקייט פון אַ באַשטימטער אינסטיטוציע. ער איז גלייך אָרגאַניזירט געוואָרן ווי אַ דאָקומענטאַציע־צענטער, וואָס דאַרף היסטאָריש פאַרפיקסירן די טראַגישע תקופה פון פּוילישן יידנטום אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. די מאַטעריאַלן זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין באַדינגונגען פון שטרענגער קאָנספּיראַציע. דער רייכער היסטאָרישער און סאָציאָלאָגישער מאַטעריאַל האָט שוין די מיטצייטלער, די פאָרשער אין וואַרשעווער געטאָ, געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אָריענטירן זיך אינעם קנויל פון די פּראָצעסן, וועלכע עס האָט אין די געענדערטע לעבנסבאַדינגונגען דורגעמאַכט די יידישע באַפעלקערונג. רינגעלבלום און זיינע מיטאַרבעטער האָבן אויך פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער זאַמל־און פאָרש־אַרבעט פאַר צוקונפטיקע דורות, מען האָט געגלייבט, אַז אויב דער אַרכיוו וועט

אמאָל דערגיין צו די לעבנגעבליבענע, וועט דאָס אפשר זיין דער וויכטיקסטער — אויב נישט דער איינציקער — מקור וועגן דעם ליידנסוועג פון מיליאָנען יידן.

מען דארף דאָ אונטערשטרייכן, אז רינגעלבלום און זיינע מיטארבעטער האָבן אויך געוווסט אויסצונוצן דעם אָנגעזאמלטן מאַטעריאַל פאַר פּאָליטישע אויפגאבן — צו אינפאָרמירן די וועלט וועגן די גרויל־טאַטן איבער דער יידישער באַפעלקערונג. בפרט אין דער צווייטער העלפט 1942, נאָך דער גרעסטער אויסזידלונג פון וואַרשע, האָט מען די ידיעות וועגן די פאַרניכטונגס־אקציעס, וועגן טרעבלינקע און אנדערע טויט־לאגערן אויסגענוצט אין ראדיאָ־ביולעטינען, איבערגעשיקטע קיין אויסלאַנד, בפרט אין ראַפּאָרט פון 15 נאָוועמבער 1942, וואָס איז געווען אדרעסירט צו דער דאַמלטיקער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן און צו די רעגירונגען פון די פאַרבינדעטע מלוכות. נאָך דער מלחמה איז דער רינגעלבלום —ארכיוו געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע מקורות־זאַמלונגען צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן בעת דער וועלט־מלחמה.

לויט דער פאָרם און כאראַקטער איז דער מאַטעריאַל אַ פאַרשידנארטיקער: מיר האָבן דאָ טאָגביכער, זכרונות, רעפעראַטן, באַריכטן, ראַפּאָרטן. און אָפּהאַנדלונגען וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען. מען האָט באַוואָרנט די אָפיציעלע דאָקומענטאַציע, ובכן קאָפּיעס פון דייטשע פאַראָרדנונגען, קאָרעספּאָנדענץ פון דייטשע מאַכט־אָרגאנען, באריכטן, באקאנטמאכונגען פון וואַרשעווער און אנדערע יודנראַטן. עס איז דאָ די אונטערערדישע פרעסע אין פארשידענע שפראכן פון אַלע יידישע ריכטונגען, און אויך די פוילישע אומלעגאלע פרעסע. צווישן די מאַטעריאַלן געפינען זיך אויך ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע שאַפונגען פון אייניקע מחברים פון פאַר דער מלחמה און פון דער אָקופּאַציע־צייט. מיר האָבן דאָ אַ גרויסע זאַמלונג בריוו, אָריגינעלע און קאָפּיעס, א ביסל פאָטאָגראַפיעס און בילדער.

רינגעלבלום און זיינע מיטארבעטער האָבן אויך באַזאָרגט, אַז די זאַמלונגען פון אונטערערדישן ארכיוו זאָלן גוט באַגראָבן און אָפּגעהיט ווערן. נאָך דער מלחמה זענען אויסגעגראָבן געוואָרן צוויי טיילן: דער ערשטער אין סעפּטעמבער 1946, ער נעמט אָרום די צייט ביז דער העלפט אויגוסט 1942 און איז דאַמאָלט באַגראָבן געוואָרן. דעם צווייטן טייל, וואָס אַנטהאַלט מאטעריאלן פאַר דער צייט ביז פעברואר 1943, האָט מען אויסגעגראָבן אָנהייב דעצעמבער 1950.ביידע טיילן פאַרמאַכט אין בלעכענע קעסטלעך און אין מילך־קאַנען האָבן זיך אָפּגעפונען אונטער די חורבות פון הויז אויף נאָוואָליפּקע 68, ווו עס איז ביז דער מלחמה געווען אַ יידישע פאָלקסשול. אַ דריטער טייל פון אַרכיוו פון אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד האָט זיך געזאָלט געפינען אין קעלער פון שווינטאָיערסקא 36, ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעפונען.

אַ וויכטיקן באַשטאַנד־טייל פון אוטערערדישן אַרכיוו בילדן רינגעל־בלומס כתבים. צווישן די כתבים קען מען אונטערשיידן: דעם טאָגבוך (נאָטיצן) און אָפּהאַנדלונגען. ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט האָט רינגעלבלום אָנגעהויבן פאַרשרייבן זיינע נאָטיצן אין אָקטאָבער 1939. אדאנק זיין ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער געהאַט אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט פאַרשיידענע דעלעגאַציעס פון דער פּראָווינץ און אין וואַרשע, מיט מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען. אַלץ, וואָס ער האָט געהערט, האָט ער פאַרשריבן שנעל, בחיפּזונדיק, אויף דער הייסער מינוט, בעתן געשפּרעך, אין אַלע באַדינגונגען. ער פאַרשרייבט מעכאַניש יעדן פאַקט, יעדע ידיעה און אַנעקדאָט, דער זאַץ איז נישט סטיליזירט, די שפּראַך פון די נאָטיצן אַ קאָנדענסירטע, פול מיט קיצורים און רמזים, אָפט געמישט מיט העבּרעאיזמען, אָדער קריפּטאָנימען, כדי ביים אריינפאַלן זאָל מען נישט פאַרשטיין וועגן וואָס אָדער וועגן וועמען מען שרייבט. מען דאַרף אויך געדענקען וועגן די באַדינגונגען, אין וועלכע עס זענען אַנטשטאַנען די נאָטיצן. רינגעלבלום, תמיד אַ פאַרנומענער, אַ פאַריאָגטער, האָט קודם כל געוואָלט פאַרנאָטירן, פאַרפיקסירן די געהערטע ידיעות. נישט תמיד האָט ער געהאַט צייט באריכות וועגן דעם צו שרייבן, מאַכט ער דערווייל אַ קורצע נאָטיץ. ערשט שפּעטער באַשרייבט ער דעם פאַקט אויספירלעכער. נישט תמיד האָט רינגעלבלום איבערגעלייענט דאָס, וואָס ער האָט פאַרשריבן, צוליב דעם איז אַ מאָל דער זאַץ נישט פאַרשטענדלעך, אָדער עס חזרן זיך אין אים איבער איינצעלנע ווערטער. רינגעלבלום באַגרענעצט זיך בדרך כלל צו דער ראָל פון אַ פאַרצייכנער פון דעם וואָס מען זאָגט, פון דעם יש אומרים. אַן אַנדערש מאָל באַשרייבנדיק דעם פאַקט, גיט ער גלייך צו זיינע באמערקונגען און אָפּשאַצונגען פון די פאַסירונגען. שרייבנדיק וועגן מענטשן גיט ער אָפט מאָל אין עטלעכע שטריכן זייער כאַראַקטעריסטיק.

עס זענען דאָ נאָטיצן געשריבן רעגולער, יעדן טאָג, אַנדערע זענען געשריבן מעת לעת. רינגעלבלום שרייבט געדיכט, אויף ביידע זייטן פּאַפּיר. אויף דעם זעלבן בלעטל זענען אָפט פאַראַן ידיעות פון פאַרשיידענע לעבנס־געביטן. די פאָרם פון די נאָטיצן איז אויך אַ פאַרשיידנאַרטיקע. אָפט מאַכט רינגעלבלום די נאָטיץ אין פאָרם פון אַ בריוו צום פאָטער אָדער פריינד.

אין לויף פון דער צייט האָט רינגעלבלום די טעגלעכע נאָטיצן פאַרביטן אויף וואָכן — און שפּעטער אויף חודש־איבערזיכטן. אין רעזולטאַט האָבן זיך אָנגעזאמלט הונדערטער געדיכט אָנגעשריבענע זייטן פון אַ פאַרשידנאַרטיקן פאָרמאַט. „זיי זענען באַזונדערס וויכטיק פאַר דעם ערשטן יאָר מלחמה — קלערט אויף רינגעלבלום — ווען אַנדערע האָבן קיין טאָגביכער נישט געפירט. די וואָכן— און חודש־באַריכטן ברענגען נישט בלויז מאַטעריאַל וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן פאַר דער דאָזיקער צייט, נאָר ברענגען אויך אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם פאַרגעקומענעם. צוליב מיין געזעל־

שאַפטלעכער טעטיקייט זענען די דאָזיקע אָפּשאַצונגען וויכטיקע דאָקומענטן, ווייל זיי ברענגען צום אויסדרוק דאָס, וואָס עס האָבן געטראַכט די איבער־געבליבענע רעשטלעך פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט וועגן די לויפנדע פראַגן פון אונדזער לעבן״.

רינגעלבלומס נאָטיצן זענען נוגע נישט בלויז וואַרשע, זיי נעמען אַרום גאַנץ פוילן, אלע טיילן פון לאַנד. חוץ דעם ברענגען זיי אָפּט ידיעות וועגן פּאָליטישע פּאַסירונגען אין אַנדערע לענדער.

נאָך אַ גרעסערן ווערט, דאַכט זיך אונדז, האָבן רינגעלבלומס נאָטיצן און איבערזיכטן פון די יאָרן 1941—1942, טאקע אַ דאַנק זיין אקטיווער טעטיקייט און פּאָזיציע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע. רינגעלבלום איז נישט נאָר דער לייטער פון געזעלשאַפטלעכן סעקטאָר פון דער יידישער סאָציאלער אליינהילף, ער איז אויך געווען איינער פון די אָרגאַניזאטאָרן און אָנפירער פון דער יידישער קולטור־אָרגאניזאציע („איקאָר״) און אין 1942 האָט ער געהערט צום צענטראַלן אקטיוו פון דער פּאָליטישער אונטער־ערד אין וואַרשעווער געטאָ—צו די אקטיווסטע טוער פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, וואָס איז אַנטשטאַנען אין אָנהייב פרילינג 1942. רינגעלבלום ארבעט שפּעטער אין געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט פון דער יידישער קאָמפּס־ אָרגאַ־ניזאַציע, נעמט אָנטייל אין רעדאַגירן אירע קאָנספּיראַטיווע אויסגאבעס. ער איז וואַרשיינלעך אויך דער מיטרעדאַקטאָר פון דערמאָנטן באַריכט פון 15 נאָוועמבער 1942. פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער אַנטיפאַ־שיסטישער אָרגאניזאַציע האָט רינגעלבלום אָנטייל גענומען אין דער קאָמ־פּאַניע פון מאָביליזירן די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט צום אַקטיוון ווידערשטאַנד.

רינגעלבלומס נאָטיצן פון דער דאָזיקער צייט האָבן בדרך כלל שוין אַן אנדערן כאראקטער. רינגעלבלום פּרוווט שוין דאמאָלט צו געבן אַן אָפּ־שאַצונג פון געוויסע פּראָצעסן אין יידישן לעבן. בפרט איז דאָס נוגע די סאָציאלע אַנטאגאָניזמען אין וואַרשעווער געטאָ און די פאָרמען פון סאָ־ציאַלער אונטערדריקונג מצד די קרייזן פון יודנראַט אין וואַרשע. נאָך דער גרויסער אויסזידלונג פון העכער 300.000 יידן פון וואַרשע, ווען עס איז געקומען — ווי רינגלבלום שרייבט — די צייט פון חשבון־הנפש, פּרוווט ער שוין מאַכן געוויסע סך־הכלען. זיינע נאָטיצן האָבן דאמאָלט א כאראַקטער פון קורצע אָפּהאַנדלונגען, וואָס גיבן אַן איבערזיכט, אָדער אַ סינטעטישע אָפּשאַצונג פון באַשטימטע וויכטיקע צייט־פּראָבלעמען. אָפט זענען דאָס באַמערקונגען צו אַ סינטעטישע ארבעט אויף דער גע־געבענער טעמע. אַזאַ כאַראקטער האָבן רינגעלבלומס קורצע אָפּהאַנדלונ־גען וועגן: דער יידישער פּאָליציי, פאַרוואָס האָט מען איבערגעלאָזט 10 % יידן אין וואַרשע, פאַרוואָס האָט מען זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט, ווידערשטאַנד, וועגן אומקום פון דער יידישער אינטעליגענץ, באַהעלטע־נישן א. א. אַן ענלעכן כאַראַקטער האָבן רינגעלבלומס סקיצן, געשריבן

נאָך אין פריערדיקן פעריאָד: וועגן קלאַסן־פּנים פון יודנראַט, וועגן דער סאָציאַלער הילפס־טעטיקייט אין ווארשע בעת דער מלחמה. דאַקעגן די נאָטיצן וועגן „דער דייטשער קריגס־סטראַטעגיע לגבי יידן", וועגן שאָפּן, צוואַנגס־אַרבעט, סמנים פון מאָדערנע שקלאַפן א. א. — זענען טעזן, אָדער קורץ־פאָרמולירטע באַמערקונגען צו די פּראָבלעמען. רינגעלבלום שטיצט זיך דאָ אויף זיינע אייגענע אָבסערוואַציעס און אנדערע נאָטיצן, ווי אויך אויף די מאַטעריאַלן פון געטאָ־ארכיוו.

פון דער פּערספּעקטיוו פון 3½ יאָר האָט רינגעלבלום אין דער אָפּ־האַנדלונג „עונג שבת" געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון אונטערערדישן ארכיוו אין וואַרשעווער געטאָ, פון זיינע פּאָרשאַרבעטן, זיינע מיטארבעטער, זיי־ערע שוועריקייטן און דערגרייכונגען.

ע. רינגעלבלומס דערמאָנטע כתבים (נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען) געפינען זיך איןביידע טיילן פון אויסגעגראָבענעם אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַר־שעווער געטאָ. חוץ דעם געפינען זיך נאָך אין רשות פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט כתבים פון שפּעטערדיקן פעריאָד, געשריבן אין דער צווייטער העלפט 1943, אָדער אין אָנהויב 1944 יאָר. רינגעלבלום איז וואַרשיינלעך בעת דעם אויפשטאַנד, אין סוף אַפּריל 1943 פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער טראַווניקי (לובלינער געגנט), וווּ ער איז געווען עטלעכע חדשים. אַ דאַנק דער אָנשטרענגונג פון זיינע חברים אין פּוילישן אונטערערד (קודם כל דעם באַן־ארבעטער טעאָדאָר פּאַיעווסקי) איז געלונגען אים פון דאָרט ארויס־צובאַקומען. איבערגעטון אַלס באַן־ארבעטער קומט רינגעלבלום קיין וואַר־שע, ווי ער האַלט זיך אויף אַ צייט אַליין, שפּעטער מיט זיין פרוי יהודית און זיין זון אורעלע אין דער באַהעלטעניש אויף גרויעצקאַ־גאַס 84. אין זעלבן בונקער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן נאָך עטלעכע דרייסיק פּערזאָן. דאָ אַרבעט רינגעלבלום ווייטער און שרייבט נייע אָפּהאַנדלונגען.

לויט ווי עס האָט אינפאָרמירט א. בערמאַן, דער דעמאָלטדיקער מיט־גליד פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט און אונטערערדישער טוער, האָט רינגעלבלום זייענדיק אין בונקער אָנגעשריבן אַ גרויסע מאָנאָגראַפיע וועגן לאַגער טראַווניק. די ארבעט איז פאַרניכטעט געוואָרן בעת דער מלחמה. מעגלעך אַז נאָך אַנדערע אָפּהאַנדלונגען און מאַטעריאַלן זענען דאָרט געווען. האָט דאָך רינגעלבלום (און א. בערמאַן יבל"א) אין זיין בריוו פון אָנהייב מערץ 1944 צום ייווא און יידישע שרייבער אין אַמעריקע געשריבן, אַז מען פירט די אַרכיוו־ארבעט ווייטער. „נישט געקוקט אויף די מוראדיקע באַדינגונגען — שרייבט רינגעלבלום — קלייבן מיר זכרונות און דאָקו־מענטן, וואָס זענען שייך צו דער מאַרטיראָלאָגיע, דעם קאַמף און די איצ־טיקע לעבנס־באַדינגונגען פונעם איבערבלייב פון די פּוילישע יידן" פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָבן זיך בלויז אָפּגעראַטעוועט רינגעלבלומס אָפּהאַנדלונג וועגן „די פּויליש־יידישע באַציונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה", חוץ דעם, ביאָגראַפישע נאָטיצן און קורצע מאָ־

נאָגראַפיעס פון פאַרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ און אייניקע טוער פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. די ארבעטן — ווי שוין דערמאָנט — האָט רינגעלבלום געשריבן אין בונקער אויף גרויעצקע אין די לעצטע חדשים פון 1943. טעזן צו דער טעמע וועגן פויליש־יידישע באַציונגען האָט רינגעלבלום צוגעגרייט שוין אין דער העלפט 1941. די אָנגעשריבענע אָפּהאַנדלונג נעמט אָבער כראָנאָלאָגיש ארום אַ גרעסערן צייט־פעריאָד, אויך מעריטאָריש האָט ער די געמוזט אויסברייטערן און באַרירן פּראָבלעמען, וועלכע דאָס לעבן האָט אין די יאָרן 1942—1943 ארויסגעבראַכט.

די לעצטע צוויי ארבעטן האָט רינגעלבלום דורך דער פאַרמיטלונג פון דער משפחה מאַרטשאַק באַצייטנס איבערגעגעבן א. בערמאַנען און אדאַנק זיין און באַשיע בערמאַנס זאָרג, האָבן זיי זיך אויפגעהיט בעת דער מלחמה און אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. א. בערמאַן האָט זיי אין יאָר 1957 איבערגעגעבן דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אז רינגעלבלום האָט געגרייט נאָך אנדערע ארבעטן און אפשר אַ געשיכטע פון די יידן אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע וואָס זאָל זיך שטיצן אויך אויף די רייכע זאַמלונגען פון אונטערערדישן ארכיוו און זיינע פערזענלעכע נאָטיצן, וועלכע ער האָט געגלויבט צו קענען אַמאָל אויסנוצן. ער האָט נאָך באַוויזן דעם 1 מערץ, ווי שוין דערמאָנט, צוזאַמען מיט אַ. בערמאַנען, אַרויסצושיקן קיין ניו־יאָרק דורך דער פאַרמיטלונג פון דער דאמאלטדיקער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן, אַ באַריכט וועגן דער קולטור און געזעלשאַפטלעכער ארבעט אין די געטאָס און לאַגערן אין פוילן, וועגן אומקום פון דער יידישער שעפערישער אינטעליגענץ. אומגעריכט איז ער פאַרשניטן געוואָרן. טראַגיש איז דער גורל פון יונגן, ערשט 44 יאָריקן עמנואל, דעם גלענצענדיקן היסטאָריקער און אַקטיוון אנטיפאַשיסטישן קעמפער. דעם 7 מערץ 1944 האָט די געסטאַפּאָ אנדעקט דעם בונקער, אַרעסטירט רינגעלבלומען און זיין משפחה און אריבערגעפירט זיי אין פאַוויאַקער תפיסה. דאָרט האָט מען זיי אלע דערשאָסן. עס זענען אויך דערשאָסן געוואָרן מיעטשיסלאַוו וואָלסקי און לודמיר מאַרטשאַק, וואָס האָבן די רינגעלבלומס זייער לאַנג אויסבאהאלטן און געגעבן הילף.

רינגעלבלומס נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען פון דער אָקופּאַציע צייט, זענען אַ זעלטענער דאָקומענט נישט בלויז אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, נאָר אויך אין דער היסטאָרישער וועלט־ליטעראַטור.

רינגעלבלומס נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען, וואָס זענען אָן שום ספק איינע פון די וויכטיקסטע מקורות צו דער געשיכטע פון יידן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען געשריבן אייגנהענטיק דורך אים אַליין. בלויז אַ טייל זענען קאָפּיעס, געשריבן בשעתּם דורך די מיטאַרבעטער

פון אונטערערדישן געטאָ־ארכיוו בלומע וואַסער און מ. שוואַרצבאַרד, אָדער מאַשין־אָפּשריפטן. אין אַזאַ צושטאַנד זענען זיי אַריינגעלייגט געוואָרן אין די בלעכענע קעסטלעך און אַזוי זענען זיי צו אונדז דערגאַנגען. נאָך דעם ווי די מאַטעריאַלן פון ערשטן טייל פון א. ג. רינגעלבלום־ארכיוו זענען געאָרדנט און אינווענטאַריזירט געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן מאַכן צוגרייטונגען צו פאַרעפנטלעכן רינגעלבלומס נאָטיצן. אין די יאָרן 1948—1950 האָט זיך מיט דעם ספּעציעל פאַרנומען נ. בלומענטאַל. אין דער ארבעט, בפרט ביים דעשיפרירן רינגעלבלומס כתב, האָבן אויך פיל געהאָלפן אנדערע מיטאַרבעטער פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, ווי הערש און בלומע וואַסער, יוסף קערמיש, ישעיה טרונק און אנדערע.

אין יאָר 1948, ווען דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט איז צו־געטרעטן ארויסצוגעבן דעם פערטליאַרשריפט „בלעטער פאַר געשיכטע", האָט מען אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן רינגעלבלומס נאָטיצן. מען האָט, נאַ־טירלעך, באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן בלויז אַ קליינעם טייל פאַר די יאָרן 1941 און 1942. אין יאָר 1951 האָט מען אָנגעהויבן פארעפנטלעכן פראַג־מענטן פון די זעלבע נאָטיצן אין דער פּוילישער שפּראַך אין צווייטן פערטליאַרשריפט פון ייה"א *Biuletyn*. ווען אין סוף 1950 איז אויסגע־גראָבן געוואָרן דער צווייטער טייל פון ארכיוו, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך געפונען רינגעלבלומס נאָטיצן, איז באַלד אַנטשטאַנען אַ פּלאַן פון אַ ספּעציעלער אויסגאַבע פון רינגעלבלומס כתבים. נאָך מיפּולע צוגריי־טונגען מצד די מיטארבעטער פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט זענען אין סוף 1952 דערשינען ע. רינגעלבלום: „נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ" (פאַרלאַג „יידיש בוך"). די אויסגאַבע איז געווען אַ נישט קאָמפּלעטע. געשטיצט אויף די טעקסטן פון דער אויסגאַבע זענען אין די יאָרן 1958 דערשינען אין אויסלאַנד אַן ענגלישע און פראַנצויזישע אויסגאַבע, וואָס אַנטהאַלטן אָבער וועזנטלעכע פעלערן פון מעריטאָרישן און שפּראַכלעכן כאַראַקטער.

די איצטיקע אויסגאַבע פון רינגעלבלומס כתבים נעמט אַרום אַלע נאָטיצן, פאַרצייכענונגען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס געפינען זיך אין רשות פון ייה"א. זיי ווערן געדרוקט לויטן כתב־יד, בדרך כלל אָן ענדערונגען. די רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט זיך געהאַלטן שטרענג ביים טעקסט, איבער־געלאָזט רינגעלבלומס סטיל און אָרטאָגראַפיע. זי האָט בלויז טיילמאָל דורכגעלאָזט ווערטער, וואָס חזרן זיך איבער אין זאַץ. די רעדאַקציע האָט אויך אין אייניקע פאַלן געענדערט די אונטערפּונקציע, מחמת דער זאַץ איז געווען נישט פאַרשטענדלעך. דאָרט, ווו דער כתב־יד איז נישט לייענ־באַר אָדער אויסגעמעקט, האָבן מיר די פעלנדיקע ערטער ממלא געווען מיט אַנדערע ווערטער, וואָס ווערן געבראַכט אין קאַנטיקע קלאַמערן. די בלויזן אין טעקסט ווערן פאַרצייכנט מיט צוויי שטריכלעך (טירע), רינ־

געלבלומס באַמערקונגען אין טעקסט האָבן מיר געגעבן אין קיילעכדיקע קלאַמערן. די הערות און אויפקלערונגען אונטערן טעקסט זענען פון דער רעדאַקציע. די הערות צום טעקסט פאַר די יאָרן 1939-40, 1941 און 1942 האָבן אַ באַזונדערע נומעראַציע. די רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט דערביי אויסגענוצט צום טייל די הערות, וועלכע נחמן בלומענטאַל האָט בשעתו צוגעגרייט צום ערשטן טייל פון רינגעלבלומס נאָטיצן, (1940 ביז דער העלפט 1942).

## אהרן אייזענבאַך

**אויסצוגן פון דעם אַריינפיר פון אהרן אייזענבאַך צו דער אויסגאַבע פון רינגעלבלומס „טאָגבוך פון געטאָ" אין אַ פוילישער איבערזעצונג, דערשינען אין יאָר 1983 א.נ. Kronika Getta Warszawskiego.**

...כ'וויס גענוי אַז רינגעלבלום האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצוקריגן פון וואַרשע הן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, הן נאָך דעם ווי די באַלאַגערונג האָט זיך געהאַט פאַרענדיקט. כ'וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם לאַנגן שמועס מיט אים — דעם לעצטן — אין דער נאַכט פון 6טן אויפן 7טן סעפּטעמבער 1939, ווען איך בין — נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזער ווינונג אויף זשאָליבאָזש — געקומען, צוזאַמען מיט מיין פרוי (עמנואלס שוועסטער) און אונדזער טאָכטער, צו אים אַהיים אויף לעשנאָ 18. כ'האָב אים צו וויסן געגעבן אַז אין 2—3 שעה אַרום פאַרלאָז איך וואַרשע. כ'האָב אים צוגערעדט, געוואָלט איבערצייגן מיר זאָלן צוזאַמען אַוועקגיין. ס'האָט געדאַרפט צושטיין צו אונדז אויך זיין יינגערער ברודער לעאָן. מיינע אַרגומענטן ווי אויך די פון פריינד, וואָס האָבן זיך ביי אים פאַרזאַמלט, האָבן נישט געהאַט קיין שום פּעולה. רינגעלבלום איז שוין געווען אַנטשלאָסן צו פאַרבלייבן אין וואַרשע און איבערנעמען אין אויפטראָג פון „דזשאָינט" די אָנפירערשאַפט פון דער סאָציאַלער הילפאַקציע. שפּעטער, אין 1940, ווען כ'האָב זיך געפונען אין בוטשאַטש צוזאַמען מיט דער משפחה, וועלכע כ'האָב באַוויזן אַרויסצוקריגן פון דער אָקופּירטער וואַרשע, האָב איך אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט עמנואלן. כ'האָב אים אינפאָרמירט אַז ד"ר פיליפּ פרידמאַן האָט באַקומען אַ שטעלע פון אַ וויסנשאַפטלעכן אַרבעטער אין דער פיליע פון דער אוקראַינישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן אין לוואָוו. אַלע מיינע אַרגומענטן אים צו באַוועגן צו פאַרלאָזן וואַרשע זענען געווען אומזיסט. וועגן מוהר זיין אויפן אַרויספאָרן האָט ער אויך געשריבן אין מאַי 1940 צו זיין נאָענטן פריינד, ד"ר רפאל מאַהלער, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין ניו־יאָרק. פאַרבלייבן אויפן שוועדן און אַזוי פאַראַנטוואָרטלעכן פאָסטן האָט ער באַטראַכט פאַר זיין הייליקן חוב.

---

**שרייבנדיק וועגן דער גענעזע פונעם אַרכיוו [„עונג־שבת”], שטרייכט רינגעלבלום אונטער אַז דאָס ערשטע ציגעלע האָט ער פאַרלייגט שוין אין אָקטאָבער 1939, ווען ער איז צוגעטראָטן צונויפצוזאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די לויפנדיקע געשעענישן...**

---

צו די מער אַלגעמיינע פּראָבלעמען צו פאָרשן האָט געהערט די טעמע: פּויליש־יידישע באַציִונגען בעת דער מלחמה. רינגעלבלום האָט צו די דאָזיקע פּראָבלעמען אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע פּערזענלעכע פאַראינטערעסירונג. שוין פאַר דער מלחמה האָט ער געפאָרשט די קעגנזייטיקע שטעלונגען און באַציִונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט, באַמערקט די אַנטאַגאָניזמען, אָבער אויך די דערשיינונגען פון ברידערלעכקייט און סאָלידאַרישקייט, הן אין דער צייט פון דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד, הן אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן פון 1846 און 1848, ווען דער פּאָליטישער קלימאַט אין די קעגנזייטיקע באַציִונגען האָט זיך פאַרענדערט. סוף 1941 — אָנהויב 1942 האָט רינגעלבלום באַאַרבעט פּרטימדיקע טעזעס צו דער טעמע וועגן די פּויליש־יידישע באַציִונגען. ער האָט אין זיי גענומען אין אַכט פינף תּקופות פון 1939 ביז 1942 און אין הסכּם מיט אָט דער קאָנסטרוקציע האָט די מאָנאָגראַפיע געדאַרפט אַרומנעמען פינף גרעסערע קאַפּיטלעך. אינעם אַרכיוו האָבן זיך אָפּגעהיט עטלעכע אינטערעסאַנטע נאָטיצן אויף דער דאָזיקער טעמע, פאַרצייכנטע דורך מענטשן פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע ספערן.

---

רינגעלבלום האָט הויך אָפּגעשאַצט די קרבנות־גרייטקייט פון זיינע מיטאַרבעטערס און אין אָנהויב פון 1943, פון דער פּערספּעקטיוו פון אַ צוזאַמענאַרבעט מיט זיי אין משך פון עטלעכע יאָר, האָט ער וועגן זיי געזאָגט אַז זיי „האָבן געבילדעט און בילדן היינט אַן איינהייטלעכע קערפּערשאַפט, באַהויכט פון איין גייסט, דורכגעדרונגען מיט איין אידעע... זיי זענען אַן איינהייטלעכע קערפּערשאַפט, אַ ברודערשאַפט, ווו אַלע העלפן זיך אַרויס קעגנזייטיק און שטרעבן צו דעם זעלבן ציל”. און ער פאַרענדיקט זיין עסיי וועגן דעם אַרכיוו: „יעדער מיטאַרבעטער פון ע”ש האָט געוווּסט, אַז זיין מי און פּיין, זיין שווערע האָרעוואַניע און מאַטערניש, זיין ריזיקירן 24 שעה אַ טאָג מיט דער „טריפהנער אַרבעט” בשעת איבערטראָגן מאַטעריאַלן פון איין אָרט צום צווייטן — אַז דאָס אַלץ איז צוליב אַ הויכן אידעאַל”. אַ דאַנק אָט דעם גלויבן האָבן זיי געקענט ברענגען דעם גרעסטן קרבן אין דינסט פון דער געזעלשאַפט. רינגעלבלום האָט אויסגעדריקט די איבערצייגונג אַז נאָך דעם ווי דאָס לאַנד וועט באַפרייט ווערן וועט די געזעלשאַפט ווי געהעריק אָפּשאַצן זייער מי און „וועט זיי באַלוינען מיט די העכסטע אָפּצייכענונגען, וואָס וועלן זיין אין דער פרייער אייראָפּע”.

**רינגעלבלומס נאָענטסטע מיטאַרבעטערס זענען געווען: דער עקאָנאָמיסט**

און סטאַטיסטיקער מנחם לינדער, דער פּעדאַגאָג אליהו גוטקאָווסקי, דער היסטאָריקער שמעון הובערבאַנד, דער געזעלשאַפטלעכער עסקן מנחם קאָן; צווײ סעקרעטאַרן: דער יוריסט און עקאָנאָמיסט הירש וואַסער און דער לערער ישׂראל ליכטענשטײן. צו דער אָנפירונג פונעם אַרכיוו האָבן אויך געהערט, צוו. אַנד. די געזעלשאַפטלעכע און קולטור־עסקנים: ליפּע בלאָך, יצחק גיטערמאַן, שמואל ווינטער, לײב לאַנדאַו, יהושע ראַבינאָוויטש. מיט דעם אַרכיוו האָט מיטגעאַרבעט אַ גרופּע ייִדישע שרײַבערס וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ: רחל אויערבאַך, פּרץ אָפּאָטשינסקי, יהודה פעלד, יהושע פּערלע, קלמן ליס, יצחק קאַצענעלסאָן, יחיאל לערער, זלמן סקאַלאָוו, צע־ציליאַ סלאַפּאַקאָוואַ און אַנדערע.

אין פרילינג 1942, נאָך דעם ווי ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער אַנטי־פאַשיסטישער בלאָק, האָט זיך פאַרן אונטערערדישן אַרכיוו אַוועקגעשטעלט אַ נײַע פּאָליטישע אויפגאַבע — אינפאָרמירן די רעגירונגען און די עפנטלעכע מיינונג אין די אַלײַרטע מדינות וועגן די גרוילטאַטן קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אָקופּירטן פּוילן. מ׳האָט אויסגעפאַרטיקט ביולעטינען און ראַפּאָרטן וועגן דער אויסראָטונג פון די ייִדן אין די שטעט, וועגן זײער דעפּאָרטאַציע אין די לאַגערן פון כעלמנאָ, בעלזשעץ, און שפּעטער וועגן דער מאַסן־ליקווידאַציע פון 300 טויזנט ייִדן פון וואַרשע און דער אומגעגנט אינעם פאַרניכטונג־לאַגער אין טרעבלינקע. די דאָזיקע ידיעות האָט מען איבערגעשיקט דורך פאַרשידענע קאַנאַלן, דער עיקר דורך דער פאַרמיטלונג פון מענטשן פון דער דעלעגאַטור פון דער רעגירונג [די פּוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן] און פון דער אַרמיאַ קראַיאָוואַ. אין האַרבסט 1942, נאָך דעם ווי ס׳איז אַנטשטאַנען די ייִדישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע (ŻOB) און דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט (ŻKN), האָבן די מיטאַרבעטערס פון אַר־כיוו אויסגעאַרבעט אַ ברײטן ראַפּאָרט א.נ. „די ליקווידאַציע פון ייִדישן וואַרשע“, דאַטירט פון 15טן נאָוועמבער 1942, וועלכער איז ווי אַ דאָקומענט פון די פאַראייניקטע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס פון געטאָ איבערגעשיקט געוואָרן צו דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן און אויך צו די אַלײַרטע רעגירונגען. די ראַפּאָרטן, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וואַרשע־ווער געטאָ, זענען אויסגענוצט געוואָרן אין דער געמיינזאַמער דעקלאַראַציע פון די מדינות פון דער אַנטי־היטלערישער קאָאַליציע פון 17טן דעצעמבער 1942, צווישן זײ דער ראַטנפאַרבאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און ענגלאַנד, אַ דעקלאַראַציע אין וועלכער ס׳איז אויפן קאַטעגאָרישסטן אופן געשטעמפּלט געוואָרן די רוצחישע פּאָליטיק פון דער מאַסן־אויסראָטונג פון ייִדן און ס׳איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַ שאַרפע באַשטראָפונג פון די היטלעריס־טישע רוצחים.

---

די מאַטעריאַלן פון אַרכיוו האָט מען פאַרבאַהאַלטן און פאַרגראָבן אין צען מעטאַלענע קעסטלעך און אין צווײ מילכקאַנען, דער עיקר אין קעלער פון

הויף פונעם הויז אויף נאַוואָליפּקי 68. מיטן פאַרגראָבן דעם ערשטן טייל מאַטעריאַלן פון אַרכיוו, אָנהויב אויגוסט 1942, האָבן זיך פאַרנומען דער סעקרעטאַר ישׂראל ליכטענשטיין און צוויי פון זיינע יונגע תּלמידים, דוד גראַבער און נחום גזשיוואַטש. אַלע דריי האָבן זיך גוט אָפּגעגעבן אַ רעכענונג וועגן זייער מיסיע און אויך גוט געוווּסט אַז זיי וועלן זיכער אומגעבראַכט ווערן צוזאַמען מיט די הונדערטער טויזנטער ייִדן פון וואַרשעווער געטאָ, באַגראָבנדיק די מאַטעריאַלן, האָבן זיי צוגעלייגט צו זיי אַזוי ווי קורצע צוואות פאַר די נאָכקומענדיקע. אַזוי למשל האָט דוד גראַבער צווישן אַנדערן צוגעשריבן: „כ'וויל נישט קיין דאַנק, ס'איז מיר גענוג אַז די קומענדיקע דורות וועלן דערמאַנען אונדזערע צייטן, אַז אין אַ פרייער, סאָציאַליסטישער וועלט וועלן זיי דערמאַנען אונדזערע ליידן און יסורים... מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג אַז מיר מאַכן געשיכטע, און דאָס איז וויכטיקער ווי דאָס לעבן פון אייניקע יחידים... איצט קענען מיר רויִק שטאַרבן, מיר האָבן אונדזער שליחות אויסגעפילט". זיין צוואה פאַרענדיקט דער יונגער דוד גראַבער מיט די ווערטער: „דאָס וואָס מיר האָבן נישט געקענט אַרויסשרייען פאַר דער וועלט, האָבן מיר פאַרגראָבן אין דער ערד... זאָל דער דאָזיקער אוצר אַריינפאַלן אין גוטע הענט, זאָל ער זיך דערוואַרטן בעסערע צייטן, זאָל ער אַלאַרמירן די וועלט, וואָס האָט זיך פאַרלאָרן אין 20סטן יאָרהונדערט"...

דעם צווייטן טייל פון די מאַטעריאַלן פון אונטערערדישן אַרכיוו האָט מען פאַרגראָבן סוף פעברואַר 1943.

אין סעפּטעמבער 1946 האָט מען אויסגעגראָבן דעם ערשטן טייל פון די מאַטעריאַלן וואָס נעמען אַרום די תּקופה פון אָנהויב מלחמה ביזן חודש אויגוסט 1942. דעם צווייטן טייל — פון דער תּקופה יולי 1942 ביז מערץ 1942 — האָט מען אויסגעגראָבן אין דעצעמבער 1950 אויך אויף נאַוואָליפּקי 68. דער דריטער טייל פונעם אַרכיוו, וואָס איז פאַרגראָבן געוואָרן אין הויז אויף שווינטאָקזשיסקע 36, איז, נישט געקוקט אויף אַלע באַמיִונגען אים אָפּצוגעפינען, ביז איצט נישט אויפגעדעקט געוואָרן.

---

אין ליכט פון דעם וואָס מיר ווייסן היינט וועגן דער אָקופּאַציע־צייט איז נישט גאָר באַזונדער וויכטיק צי דער פאַקט וועלכן רינגעלבלום פאַרנאָטירט איז טאַקע אַן אמתדיקער. ער איז גלייבווערדיק אין דעם זינען, אַז אין דעם קרייז פון וואַרשעווער [ייִדישן] געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו האָט מען וועגן אַ קאָנקרעטן פאַקט, ווי למשל וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון די ייִדן פון אַ באַשטימטער שטאָט, וועגן אַן אַרבעט־לאַגער אָדער וועגן דעם לאַגער אין כעלמנאָ, דעמאָלט געוווּסט דאָס וואָס רינגעלבלום האָט פאַרנאָטירט. דעריבער קען דער טאָגבוך אין אַ געוויסן זינען זיין אַן עדות פון דעם אויף וויפל און אין וואָסער מאָס דער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוו — איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט — האָט זיך אָריענטירט אין די דעמאָלטיקע אַלגעמיין־פּאָליטישע פּאַסירונגען און אין דעם אינערלעכן לעבן אין געטאָ. אַזוי אַרום זעט

דער טאָגבוך — וואָס זיין ווערט ווי אַ מקור פאַר דער געשיכטע פון דער היטלער־אָקופּאַציע אין פּוילן איז נישט אָפּצושאַצן — אויס צו זיין אַ גאַנץ באַזונדערער, אייגנאַרטיקער היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס דערמעגלעכט צו באַקענען זיך מיטן גרויסן נאַציאָנאַלן טראַגישן פון וואַרשעווער געטאָ.

דער ספּעציפישער כאַראַקטער און דער היסטאָרישער באַטייט פון רינגעלבלומס טאָגבוך ווערט ערשט בולט ווען מע פאַרגלייכט אים מיט אַנדערע טאָגביכער און זכרונות, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ, פון וועלכע בלויז אַ טייל איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. ס׳איז באַוווּסט אַז אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָבן אַ סך מענטשן געפירט טאָגביכער, געשריבן זכרונות, וועגן וואָס רינגעלבלום דערמאָנט אַגב אין זיין עסיי וועגן דעם „עונג־שבת״־אַרכיוו. דאָס זענען געווען ליטעראַטן, פּובליציסטן, געזעלשאַפטלעכע עסקנים, יוגנט.

...איך וועל בלויז דערמאָנען אייניקע פון די טאָגביכער, וואָס זענען פאַרבאַהאַלטן געוואָרן אין אונטערערדישן אַרכיוו אָדער ביי פּאָליאַקן אויף דער אַנדערער זייט פון דעם געטאָ־מויער, און וועלכע זענען שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די פּובליקאַציעס פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אָדער ערגעץ אַנדערשוו. אַ גרויסן דאָקומענטאַרן ווערט פאַרמאָגט דער אַרומנעמענדיקער „טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ״ פון אברהם לעווין (1893—1943), דעם פּעדאַגאָג און היסטאָריקער, געשריבן טיילווייז אין ייִדיש און אין גרעסטן טייל אין העברעיִש. ער האָט בעיקר אַ שייכות מיט די געשעענישן אין געטאָ אין 1942. אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט איז דער אָפּגעראַטעוועטער טאָגבוך פונעם העברעיִשן פּעדאַגאָג און שרייבער חיים אהרון קאַפּלאַן (1880—1942). געשריבן אין העברעיִש, האָט ער אַ שייכות צו די יאָרן 1936—1938 און 1940—1942. ער באַשטייט פון 4 טיילן. קאַפּלאַן האָט דעם כתב־יד פון זיין טאָגבוך איבערגעגעבן זיינעם אַ געוועזענעם תּלמיד, וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. דער תּלמיד זיינער האָט די העפטן איבערגעגעבן אויף אויסצובאַהאַלטן זיינער אַ באַפריינדטער משפּחה ווויציק. אין 1952 האָט וולאַדיסלאַוו ווויציק איבערגעגעבן דעם טאָגבוך דעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט. **(פראַגמענטן פונעם טאָגבוך אין אַ פּוילישער איבערזעצונג זענען דערשינען אין ביולעטין פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין די יאָרן 1963, 1964, און אין אַ ייִדישער איבערזעצונג אין „בלעטער פאַר געשיכטע״ אין יאָר 1966. אין העברעיִשן אָריגינאַל איז דער טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ 1.9.1939—4.8.1942 א.נ. „מגילת יסורין״, אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך עם־עובד תּל־אביב און יד־ושם ירושלים, דערשינען אין יאָר 1966 אין אַ בוך פון 562 זייטן.)**

אַן אַנדער כאַראַקטער טראָגט דער טאָגבוך, אייגנטלעך דאָס נאָטיץ־ביכל, פון אַדאַם טשערניאַקאָוו, דעם פּרעזעס פון דער ייִדישער גמינע אין אָקופּירטן וואַרשע, וואָס האָט זיך דאָס לעבן גענומען דעם 24סטן יולי 1942. דער דאָזיקער טאָגבוך איז אויך אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן (אין ירושלים אין יאָר 1968 אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג, דורך יד־ושם). אויסער דעם זענען נאָך דער מלחמה דערשינען זכרונות פון די

מלחמה־ און אָקופּאַציע־יאָרן פון מאַרי בערג, הלל זיידמאַן, יאָנאַס טורקאָוו, אַדאָלף בערמאַן. מע דאַרף אויך דערמאָנען די זכרונות, וואָס זענען אויסבאַ־האַלטן געוואָרן אין רינגעלבלום־אַרכיוו, פון דעם שרייבער יהושע פּערלע, פון דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן שמואל ווינטער, די פאַרצייכענונגען פונעם מיטאַרבעטער פון אַרכיוו מרדכי שוואַרצבאַרד, די זכרונות פון סטאַניסלאַוו רוזשיצקי און פון הענריק בריסקער.

דער רוב פון די אַלע וואָס האָבן געשריבן האָט אָבער באַלויכטן די טראַ־גישע געשעענישן דורך דער פּריזמע פון פּערזענלעכע איבערלעבענישן. דערקעגן אין רינגעלבלומס טאָגבוך — און דאָס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן — פעלט לגמרי דער פּערזענלעכער מאָמענט. ער שרייבט נישט קיין זכרונות פון זיין פּערזענלעכן לעבן, פון זיין משפּחה. ער וויל בלויז אָפּראַ־טעווען און אויפהיטן וויכטיקע פאַקטן און געשעענישן פונעם לעבן פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. זיין אויג האָט נישט פאַרזען דאָס פאַרהאַלטן זיך פון פאַרשידענע גרופּעס פון דער באַפעלקערונג אין דער היים, אויף דער גאַס; ער אָבסערווירט דעם סאַניטאַרן מצב, די ענדערונג אין דער קליידונג, ער אינטערעסירט זיך מיט דער סטרוקטור פון דער באַשפּייזונג פון די מענטשן אין די פאַרענדערטע באַדינגונגען פון דער אָקופּאַציע, מיט זייערע התנהגותן, מיט זייער שטייגער, מיט די פאַרשידענע פאָרמען פון קולטור־טעטיקייט און אויך מיט דעם אָנהייב פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ער האָט נישט אויסגעמיטן קיין קיצלדיקע, ביטערע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלע־מען. אַזוי שטעמפּלט ער דעם אָרדענונג־דינסט אין געטאָ, אָבער אויך די שמאַלצאָווניקעס און די גראַנאַט־פּאָליציי אויף יענער זייט פון מויער. ער דריקט אויך אויס אָנערקענונג און דאַנק די פּאָליאַקן וועלכע האָבן צוגעטראָגן הילף ייִדן.

...דעם 26סטן יוני 1942 פאַרנאָטירט רינגעלבלום אין זיין טאָגבוך צוו. אַנד.: „איך וויים נישט ווער עס וועט פון דער גרופּע בלייבן לעבן, ווער עס וועט זוכה זיין בגורל צו באַאַרבעטן די געזאַמלטע מאַטעריאַלן. איינס איז אָבער פאַר אונדז אַלעמען קלאָר: אונדזער מי און מאַטערניש, אונדזער מסירת־נפש און לעבן אין כסדרדיקן פּחד איז נישט געווען אומזיסט".

רינגעלבלומס טיפער גלויבן אין דער ענדגילטיקער מפּלה פון דריטן רייך און פון פאַשיזם קומט צום אויסדרוק נישט נאָר אין זיינע פאַרצייכענונגען אין טאָגבוך, נייערט אויך אינעם פאַקט אַז ער האָט אַן אַנטשלאָסענער, מיט אַ פולן מסירת־נפש, אָפּגעגעבן אַלע זיינע כוחות, כדי איבערצולאָזן אַ רייכע דאָקומענטאַציע ווי אויך אַ צייכן פון זיינע אייגענע באַטראַכטונגען וועגן די אַזוי טראַגישע יאָרן און וועגן דעם יסורים־וועג פון זיין אייגענעם פאָלק פאַר די קומענדיקע דורות אין אַ פרייען און דעמאָקראַטישן רעזשים.

רינגעלבלומס פאַרצייכענונגען נאָך די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס אין זומער 1942 טראָגן שוין אַן אַנדער כאַראַקטער. די ידיעות וועגן די פאַרניכטונג־לאַגערן אין כעלמנאָ, בעלזשעץ און ספּעציעל אין טרעבלינקע, רופן ביי אים אַרויס רעפלעקסיעס וועגן דער פולער אויסראָטונג פון מיליאָנען ייִדן, וועגן

דער טראַגעדיע פֿון דער ייִדישער אינטעליגענציע און גלייכצייטיק וועגן דער שענדלעכער ראָל פֿון דעם אָרדענונג־דינסט [די ייִדישע פּאָליציי] בעת דער דעפּאָרטאַציע ווי אויך די פּייניקנדיקע פֿראַגע: צי איז נישט מעגלעך געווען צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד? געוויסע פֿאַרצייכענונגען זענען דאָ פֿאַרמולירט תּמציתדיק און קלאָר און פֿאַרלאַנגען נישט בדרך־כּלל קיין אויפֿקלערונגען. דערקעגן אַנדערע, אַרויסגעבראַכטע אין דער פֿאָרם פֿון טעזעס, האָט ער געהאַט בדעה שפּעטער ברייטער צו אַנטוויקלען. אָט די אַלע געדאַנקען און רעפֿלעקסיעס זענען אַן עדות פֿון די ענדערונגען וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין די שטימונגען אין געטאָ, וועגן דעם איבערגיין פֿון אַ מאָראַלישער און גייסטיקער מאָביליזאַציע צו אַ באַוואָפֿנטער מאָביליזאַציע, וועלכע האָט אין סוף 1942 און אין אָנהייב 1943 אַרומגענומען די רעשטלעך פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט אין וואַרשע...

---

...צום פֿאַרעפֿנטלעכן פֿראַגמענטן פֿון טאָגבוך איז מען אין ייִדישן וויסנ־שאַפֿטלעכן אינסטיטוט צוגעטרעטן שוין אין 1948 אין דער מאָס ווי מע האָט סעגרעגירט די קאָרטלעך און אָפּגעלייענט דעם מיט אַ דראָבנעם כּתב גע־שריבענעם טעקסט פֿון רינגעלבלומען. די ערשטע טעקסטן זענען פֿאַרעפֿנט־לעכט געוואָרן אין ייִדישן אָריגינאַל אין דער דריי־חודש־שריפֿט פֿון ייִד. ה. אינסט. „בלעטער פֿאַר געשיכטע" אין 1948. שפּעטער, אָנהויבנדיק פֿון 1958, האָט מען אַ באַדייטנדיקן טייל פֿון די פֿאַרצייכענונגען, איבערגעזעצטע אין פּויליש, פֿאַרעפֿנטלעכט שטופֿנווייז אין דעם „ביולעטין פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט". שוין דעמאָלט האָט אַ גרופּע מיטאַרבעטערס פֿון ייִד. היסטאָ־רישן אינסטיטוט צוגעגרייט רינגעלבלומס נאָטיצן צו אַ פּובליקאַציע אין דער פֿאָרם פֿון אַ בוך, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אין 1952 („נאָטיצן פֿון וואַרשעווער געטאָ"). דאָס דאָזיקע בוך האָט אָבער נישט אַנטהאַלטן דעם פֿולן טעקסט פֿון די נאָטיצן, דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער סעלעקציע פֿונעם מאַטעריאַל. אויסער דעם זענען אינעם בוך, מחמת דעם וואָס עס איז צוגעגרייט געוואָרן אויף דער שנעל, אַריין וויכטיקע פֿאַרלעגערישע אומ־פּינקטלעכקייטן. דאָך אָבער האָט דאָס פֿאַרעפֿנטלעכן רינגעלבלומס נאָטיצן פֿאַרהעלטנישמעסיק שנעל נאָך דעם ווי זיי זענען אָפּגעפֿונען געוואָרן אין די חורבות פֿון געטאָ אויסגעפּילט אַ נוצלעכע ראָלע דערמיט וואָס זיי זענען אַזוי אָרום צוגענגלעך געוואָרן פֿאַר די פֿאָרשערס פֿון דער אָקופּאַציע־תּקופֿה און אויך פֿאַר ברייטערע קרייזן לייענערס.

צען יאָר שפּעטער, נאָך דעם ווי רינגעלבלומס נאָטיצן און סקיצן זענען גענוי איבערגעלייענט און דעשיפֿרירט ווי אויך אויסגעסדרט געוואָרן, האָט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אַרויסגעגעבן זיין גאַנצן האַנט־געשריבענעם עזבון פֿון דער צייט פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע אין צוויי בענד (אין ייִדיש).

אויפֿן סמך פֿונעם בוך פֿון 1952 ווי אויך פֿון די נאָטיצן, פֿאַרעפֿנטלעכטע

אין „בלעטער פאַר געשיכטע" און אינעם „ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט", זענען אין אויסלאַנד דערשינען עטלעכע אויסגאַבעס אין ענגליש, פראַנצויזיש און איטאַליעניש... די אַלע איבערזעצונגען גייען אָבער ווייט אַוועק פונעם אָריגינאַל. פאַראַן אין זיי אַ סך אַרויסלאָזונגען פון דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון 1952 און אין רינגעלבלומס טעקסט האָבן די אויסלענדישע אַרויסגעבערס אַריינגעבראַכט אייגענע צוגאָבן. אָפט זענען אומפּינקטלעך איבערגעגעבן געוואָרן נעמען פון פּוילישע שטעט אָדער פון קוואַרטאַלן און גאַסן פון וואַרשע, ס'זענען פאַרענדערט געוואָרן נעמען פון מענטשן וואָס ווערן געבראַכט אין טאָגבוך. אין 1980 איז דערשינען אַ יאַפּאַנישע איבערזעצונג פון דער ענגלישער ווערסיע פון רינגעלבלומס טאָגבוך, וואָס דזשייקאָב סלאָאַן האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1958.

דער עסיי „די פּויליש־יידישע באַציִונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די „ביולעטינען פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט" אין די יאָרן 1959—1958 [אין פּויליש, דער שפּראַך אין וועלכער דער עסיי איז געשריבן געוואָרן] און עטלעכע יאָר שפּעטער אין אַ יידישער איבערזעצונג [פון בערל מאַרק]. [ער איז אויך אַריין אין צווייטן באַנד פון די „כתבים פון געטאָ", דערשינען אין 1963]. די דאָזיקע אַרומנעמיקע אַרבעט איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין דייטש און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1967 אין שטוטגאַרט אונטערן טעותדיקן טיטל: „געטאָ וואַרשאַ, טאָגעביכער אויס דעם כאַאָס" (מיט אַן אַריינפיר פון פּראָפ. אריה טאַרטאַקאָווער). די דאָזיקע פּובליקאַציע אַנטהאַלט אַ סך גרייזן און אַדורכלאָזונגען.

ערשט יד־ושם אין ירושלים האָט אין 1974 אַרויסגעגעבן די דאָזיקע אַרבעט אין אַ זייער גוט צוגעגרייטער ענגלישער איבערזעצונג מיט אַן אַריינפיר און אַ נאָכוואָרט פון ד"ר יוסף קערמיש און הערות פון ש. קראַקאָווסקי.

# 1939—1940

סעפטעמבער 1939.

ערב דער וועלט־מלחמה.

דער ארויספאָר קיין זשענעוו[1]. די שווערע פּערי־פּעטיעס מיט באַקומען דעם פּאַס. נישט קיין אינדיווידועלע פּעסער, נאָר קאָלעקטיווע פון גרופּן צו 10 מענטשן. דער באַאַמטער וואָס גאַראַנטירט, אַז אין סעפּטעמבער וועט קיין מלחמה נישט זיין. די מורא צו פאָרן דורך דעם לאַנד[2]. די שווערקייטן מיט דער וויזע, אָפּגעזאָגט איניקע, שטשופּאַק[3]. די מורא צו פאָרן דורכן לאַנד. די גוטע באַציונג. אין צוג נישט געזען קיין מינד־סטן שפּור פון מלחמה־שטימונג און שנאה צו אונדז. גאַנץ גוטעס עסן אין דעם רעסטאָראַציע־וואַגאָן. דער איבערגאַנג פון איין באַנהאָף צום צווייטן. די קורצע דריי שעה. דאָס געשפּרעך פון יעקב[4] מיטן שאַפער. זיינע דערפאַרונגען. דער קאָנגרעס[5] אונטערן צייכן פון מלחמה. די מורא פון זיין אָפּגעריסן פון לאַנד. דאָס פּרעזידיום צעגערט מיטן פאַרענדיקן דעם קאָנגרעס. די שטימונג אין גאַס און נישט אין זאַל. דער עולם פאַר־ברענגט מער אין קאַפע ליריק (שפּעטער גערופן קאַפע „פּאַניק"), (קאַפע נאַציאָנאַל — קאַפע „טראַזשיק"), ווי אין זיצונגס־זאַל.

די טעמפּעראַטור וואַקסט, זי דערגרייכט איר העכסטע מדרגה, ווען דייטשלאַנד שליסט דעם נישט־אַגרעסיע פּאַקט[6]. דאָס געשפּרעך מיטן צייטונגס־פאַרקויפער, וועלכער פאַרקויפט פּאָליטיק אָבער ער מאַכט נישט קיין פּאָליטיק. פּוילן ווערט צערמירבט אין ציריך. מיינע געשפּרעכן מיט די שווייצער, ווי אַזוי וועט האַנדלען פּוילן. וועט פּוילן זיך אונטערגעבן? גרויסע סימפּאַטיע פאַר פּוילן, אָבער גלייכצייטיק טענות צוליב בעקס[7]

---

[1]) ע. רינגעלבלום איז געווען אין זשענעווע אין צוזאַמענהאַנג מיטן XXI ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין אויגוסט 1939.

[2]) רינגעלבלום מיינט דאָ געווים דייטשלאַנד.

[3]) שטשופּאַק — (שטשופּאַקעוויטש), טוער פון רעכטע פּ"צ, געווען אויפן ציונ. קאָנגרעס, אַוועק 1940 קיין אַמעריקע.

[4]) וואַרשעווער יעקב קענער, מיטגליד פון צ. ק. פון פּ"צ — לינקע.

[5]) געמיינט דעם דערמאָנטן ציוניסטן־קאָנגרעס.

[6]) דער נישט־אַגרעסיע־פּאַקט צווישן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און דייטשלאַנד געשלאָסן געוואָרן 23 אויגוסט 1939.

[7]) יוזעף בעק — אויסערן־מיניסטער פון פּוילן אין די יאָרן 1932 — 1939

פּאָליטיק, די שווייצער פון דרויסן רואיק, אָבער אין דער אמתן — — פאַר זייער גורל. זייער שטאַרקע באַוואָפנונגען אין די בערג. יעדער האָט אַ כלי־זין אין דער היים. — יעדן זונטיק איבונגען. הונדערטער טויזנטער, די מיליט[עריש] צוגעגרייטעטע יוגנט, דערוואַקסענע. די ווילהעלם־טעל־פאָרשטעלונג אויפן פרייען הימל אין אונטערלאַקען. די טויזנטער און טויזנטער פּויערים וואָס קומען יעדן זונטיק אויף דער פאָרשטעלונג. די גרויסע באַדייטונג פון דער פאָרשטעלונג. די שטעלן קעגן דעם אבסאָלו־טיזם און פרעמדהערשאַפט שטורמדיק אפּלאָדירט. מען פילט מיט יעדן וואָרט, יעדער נטיה, די שאַרפע אַקטועלקייט פון דער פאָרשטעלונג. די טענדענץ אונטערצושטרייכן די באַזונדערקייט פון דער שווייץ. איר אייגנ־ארט. דאָס אויך געווען קענטיק אין דער לאַנד־אויסשטעלונג אין ציריך — אַ גרויסער עווענעמענט, די גאַנצע אויסשטעלונג געשטאַנען אונטערן צייכן פון לאַנד־פאַרטיידיקונג. די גרויסע אָפּטיילונג (אגב נישט פאַראַן קיין מיליטערישע סודות, מעלדונגען וועגן איבונגען אין דער פרעסע; מודעות וועגן יעדע גרופּע האָרף זיך מעלדן צו די איבונגען) פון לאַנד־פאַרטיידיקונג זייער שטאַרק באַזוכט. דער רונדגאַנג פון ב——ניש פון דער שווייץ. דאָ אויפשריפטן אויף טריט און שריט. די לאָזונגען: זייער באַזונדערקייט, באַציונג צו אשכנז. געפּרוווט, גערעדט מיט זיי וועגן די פּרוון דורכפרעסן פון אינעווייניק. די השפעה פון די פּראָטעסטן שטאַרק אָפּגעשוואַכט. וועלן נישט האָבן קיין פאַרטרעטער אין שטאָטראַט פון ציריך. דער איינציקער דעפּוטאַט פאַרלוירן. נישט באַגעגנט אינערגעץ קיין השפעה פון זיי. בלויז אין איינציקע טאָג־צייטונג. בשעתן קאָנגרעס[8] 4—5 יונגעליט געמאַכט אַ קליינעם אינצידענט. ווי אַזוי עס האָט דערויף רעאַגירט די פּאָליציי נאָך מיין אינטערווענץ.

די וויצן וועגן די סיבות פון דער שלעכטער לאַגע פון קאָנגרעס צוליב נתנס חברים[9]. די שוועריקייטן פון צוריקפאָר. די א״ידיקע דעלעגאַציע נישט געקענט פאָרן מיט איטאַליענישע שיפן. אונדזער[10] נישט געקענט אויף דעם זעלבן וועג. אונדזער עפּאָפּיי.

די גרענעץ־סטאַציע. אינטערנירט און אָפּגעשלאָסן אין גרויס היץ — דעטערמינירונג. קאָלעקטיווע וויזע נישט אַנערקענט. הגם — — נישט האָבן קיין וויזעס — מיר פאָרן צוריק. — — ארייַנגעלאָזט צוריק אין זשענעווע. די קאָנגרעס־רעדע פון ווייצמאַנען מיט גרויל און שרעק — — אויף דעם גורל פון פּויל[ישן] יידנטום אין פאַל פון מלחמה. די אינטערווענץ פון קאָמאַר־ניצקיס[11] טעלעגראַם: אינטערווענץ אין רוים. אַ וויזע פון דער אַמבאַסאַדע אין בערן. אַ באַגלייטער באַגלייט אונדז איבער גאַנץ איטאַליע. אונדזער

---

8) זע הערה נר. 5.

9) נתן (אַנטאָני) בוקסבוים? פירער פון די פ״צ — לינקע אין פוילן.

10) געמיינט יידן, פוילישע בירגער.

11) געמיינט טיטוס קאָמארניצקי — דעם פוילישן דיפּלאָמאַט.

וואגאָן ווערט צוגעטשעפּעט צו כסדר נייע צוגן. מיר קומען אָן קיין יוגאָסלאַוויע.אויסערגעוויינלעכע פריינדלעכקייט. — ענטוזיאַסטיש אויפגענומען אין זאַגרעב. אין אונגאַרן— —אין בודאַפּעשט אויפגענומען— —אונדז אויף דער באַנסטאַציע — אויף דער גרענעץ די ערשטע סמנים פון מאָביליזאַציע. מיר פאָרן אין א שלאָף־וואגאָן 30 שעה קיין וואַרשע. אַלאַרם. — געמיינט אַז פּרווו־אלארם. די שווידערלעכע דעזאָרגאַניזאַציע. ריזיקע מחנות באלאגערן די סטאַציעס — מען הענגט זיך אָן צוגן, אויף די דעכער. אייניקע פּרווון אַריינצורייסן זיך אין אונדזער וואַגאָן. — די אַנטיסעמיטישע גרוסן אין לאַנד. אונדזער באַשלוס צוריקצוקומען אין לאַנד דיקטירט פון בירגער־געפיל. די וואָס האָבן געוואָלט בלייבן אין לאַנד.

די ידיעה וועגן אָטוואָצקער קינדער־אַנשטאַלט. כסדרדיקע אלארמען פון פּויל[ישן] ראדיאָ. — 32 „פּשעשעדל” [12] — אַזוי אָפּט און אַזוי אומגעריכט, אַז נישט געווען אפילו געמאָלדן וועגן דעם אַלארם. די ס[כ]ראַנעס — לעבעדיקע קברים. דער עולם גייט אין גאַס בשעת אלארמען. די שפּיאָנען־פּסיכאָז. געזען אויף שריט און טריט דיווערסאַנטן־פארשטעלט פאר קוימענקערעס. דורכן ראדיאָ געמאָלדן וועגן דיווערסאנטן וואָס האָבן זיך צעראַפּגעלאָזט. דער ייד[ישער] — — באַוויזט ווונדער. — — ייד[ישע] אנשי חיל אָנערקענונג מצד פּויל[ישע] שררים. — —

— — הונגער בשעת דער מלחמה. 3 וואָכן נישט געווען ברויט. נאָר רייז. דער פּרייז פון קאַרטאָפל פאַנטאַסטיש 400 [?] זל., שפּעטער 20–30 זל. דער קאָמיסאַר [?] קריגט זיך מיט דער מיל[יטער]־מאַכט און דערווײַלע ווערן גרויסע לאַגערן פאַרברענט און דער עולם הונגערט. מען ציט זיך אַראָפּ פון די העכערע שטאָקן. די „אָדקאַזש[איאָנצא] דרוזשינא” [13] ווערט באַנוצט צו זאַמלען מתים. ווי אַזוי מען פירט מתים אויף האַנט־וועגעלעך מיט אַראָפּהענגענדיקע הענט און פיס. צו 200 מתים אין איין הויז. שווידערלעכע געוויינען און געוואלדן פון די פאַרשאָטענע אין די סכראָנעס, למשל אויף אָרלע. לעבעדיקע קברים. דאָס איינגעקאָרטשעטע יינגעלע פאר דער בריק. צוליבן אלארם געוואָלט זיך שיצן. א סך פּערזאָנען קומען פון יענער זייט פראָנט.

סעפּטעמבער 1939

ליבער טאַטע.

איך שרייב דיר פאָלגנדעס: די גרויסע באָמבאַרדירונג אַקעגן פּ.ק.אָ. [14] ניצול געוואָרן מיט [נסים]. דער דאָקטאָר וויל קאָפּיעס פון בריוו. ער

12) בעת די פלי־אָנגריפן פון דייטשע עראָפּלאַנען אויף וואַרשע האָבן די ספּיקערס געמאָלדן דער באַפעלקערונג, אַז דער עראָפּלאַן אין שוין דורכגעגאַנגען („פּשעשעדל”).

13) דעזינפעקציע־בריגאַדע; Odkażająca Drużyna

14) פּאָטשטאָוואַ קאַסאַ אָשטשענדנאָשטשי; Pocztowa Kasa Oszczędnosci פּאָסט־שפּאָר־קאַסע.

געמאַכט ויברח און רעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף האָבן [מוט]. געראַ־טעוועט פון הונגער טויזנטער פּליטים. קאָנטראָלירן יעדן טאָג נייע פּונקטן — נישט געטראָפן די נעכטיקדיקע פּונקטן. פאַרשוווּנדן. די זיצונגען מיט איבעררייסן פון באָמבאַרדירונגען. דער קהלה־פּאָרזיצער אַנטלאָפן [15]. באַטראַכט [דעם] געדאַנק פון איבערטראָגן די אינסטיטוציע פאַר [דער] לאַבוזעריע. מיטאַרבעט מיט ל.אָ.פּ.פּ. [16] — — בריוו ווערן פאַרלוירן אויפן וועג צוליב באָמבאַרדירן — — דאָס אַדרעסן־בוך פון די מיטאַרבעטער יעדן טאָג געמוזט טוישן. אָגאָנקעס בשעת דער גרויסער באָמבאַרדירונג — צילבערט פון לופט־אָנפאַלן. דער — — אין ביוראָ צטלעכע שעה. דאָס כסדרדיקע טעלעפאָנירן, צי געזונט. דער יידישער בירגער־קאָמיטעט... פּאָליטיק. נישט אַריין אין דעם פּוילישן בירגער־קאָמיטעט קיין איין ייד.

די ווילדע קלאַנגען וועגן ענגלישע אַעראָפּלאַנען און פראַנצויזישע. רוסן קומען קיין וואַרשע. אויפן שלאָספּלאַץ געשטאַנען טויזנטער מענטשן אָפּצוואַרטן דאָס אַריינמאַרשירנדע מיט רידזן בראָש.

אַנטיסעמיטישע טענדענצן. — — אין די סכראָנעס דעם אַריער־פּאַ־ראַגראַף, למשל דלוגאַ 16. קריגערייען ביי אָגאָנקעס. די נעכט פון 6—7 סעפּטעמבער טויזנטער און טויזנטער יונגעלייט. איבער 100 טעלעפאָנען צו מיר: „דו גייסט?״. אַלץ צופוס צו דער ווייסל־בריק. די שרעקלעכע הריגה אויפן וועג.

סעפּטעמבער 1939

בשעת דער מלחמה. די מלחמה [האָט אַ טייל פון] די מענטשן אויס־געאיידלט און אויסגעבעסערט, [אַנדערע] אַרויסגעוויזן דאָס רשעות און שלעכטס. [די ציווילע] באַפעלקערונג אַרויסגעוויזן גרויס אָפּפערוויליקייט. געשאַפן הויז־קאָמיטעטן. אין יענע ביטערע צייטן נישט געווען קיין שום פּראָדוקטן, די געשעפטן [געשלאָסן], נישט געווען קיין ברויט. געשאַפן קיכן, [וואָס] האָבן געשפּייזט טויזנטער און צענדליקער טויזנטער פּליטים. דז,ר אלג. קאָמיטעט געשפּייזט... פאַקטיש געווען אין וואַרשע איבער 100 קיכן, געגעבן טיי, רייז — — טיילמאָל גאַנצע בלאָקן — — קריסטן צו וועלכע די באַציונג אַ גוטע. [אין] די פּונקטן געווען אַ סך קריסטן — — אַריינגעלאָזט אין סכראָנעס. געפאַלן אַ... באָמבע, ראַטעווען אַ הויז, גע־קראָכן אויפן דאַך. די קברים אין די הייף, למשל די סינאַגאָגע־ביבליאָ־טעק. שווער געווען אָנצוקומען אין אַ טייל סכראָנעס. דאָס אידעאַל: אַ פּאַרטער־וווינונג און אַ גוטער סכראָן. אין וואַרשע געווען דעמאָלט געציילטע הייזער מיט סכראָנעס. די שוידערלעכע סצענע בשעת געפאַלן אַ באָמבע אויף

[15]) מאַוריצי מייזעל, פאָרזיצער פון ייד. קהלה אין וואַרשע.
[16]) ליגע פאַר שוץ קעגן פלי־אַנגריפן; Liga Obrony Przeciwlotniczej

לעשנאָ 18. די קאָלעקטיווע תפילה אין הויף פון די קריסטן. די דערנענטערונג פון קריסטן און יידן אין געמישטע הייזער, פריינדשאַפטלעכע באַציונגען פון דעמאָלט. די הייזער געוואָרן איין משפחה, אפילו אַ לאָזונג וועגן געמיינזאַמע קיכן, אָבער נישט פאַרווירקלעכט. די פאַרטיידיקונג פון וואַרשע, די באַציונג פון פרעזידענט [17]. די באַציונג פון דער באַפעלקערונג צו דער אַמאָליקער פוילישער רעגירונג. קריטיק און פאַרביטערונג. פריינדשאַפט האָבן זיי געוואַכט — געוואָרן זייער שטאָלץ — —. ץ [?] גענגבעט, אָפּגענאַרט, אומבאהאָלפן.

סעפטעמבער 1939

בשעת דער מלחמה

פרעטענזיעס וועגן מאַנגל פון קאָפּיעס. דערהרגעט פרוי גאָטליב און שערמאַן. געראַטעוועט ארטיסטן, לערער, שרייבער. — די „מאָרדאָווניע" ביים פרודענטיאל[18]. דער וועג פון אייך אָרט צום צווייטן עטלעכע שעה. די זיצונגען מיט איבעררייסן. די גרויסע עליה פון לאָדזש. די קריסטלעכע קליענטן פון די פונקטן. די לאָקאַל-ענדערונג פון יאסנע אויף וויעליקא, דערנאָך לעשנא. דאָס באַראַבעווען די פּראָדוקטן צו אַ קיך אויף נאָוואָליפּקי. די וואַכן אַרום יעדן פּאַק. — די פאַנטאַסטישע פרייזן פון די טרעגערס. דער וווּקס פון דעם אַנטיסעמיטיזם פארן אונטערגאַנג. די סכנות נפשות פון ברענגען די פּראָדוקטן. דאָס קאָנטראָלירן יעדן טאָג די פונקטן, ווייל באָמבאַרדירט און פאַרברענט. געהאָלפן חלוצים-פונקטן. אָרגאַניזירט הויז-קאָמיטעטן.

די ריזיקע זעלבסטהילף פון דער באַפעלקערונג. הויז-קאָמיטעטן פון הייזער און בלאָקן (אָ.פּ.פּ.ל.) [19], געשאַפן קיכן פאַר הונדערטער פּליטים. אַ סך קיכן און פונקטן באַקומען דירעקט הילף בא דעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט. אין זייער שווערע וואָכן אַ גוטע באַציונג. אַ גענצלעכע ענדערונג אין דער פּסיכאָלאָגיע. צוזאַמענלעבן פון יידן און קריסטן. יידן זאָרגן פאַר פוילישע אנשי חיל.

אונדזערע באַשטעטיקונגען באַפרייט פון ארבעט. אַ גרויסע צאָל לערער באַזוכט הייזער-בלאָקן און צוזאַמענגעשטעלט רשימות פון ליידיקע

---

[17]) געמיינט דעם שטאָט-פרעזידענט סטעפאַן סטאַזשינסקי (1893 — 1943). פון 1934 שטאָט-פרעזידענט פון וואַרשע, אין סעפטעמבער 1939 דער ציוויל-קאָמיסאַר פאַר פאַרטיידיקן די הויפּט-שטאָט. אומגעקומען אין א דייטשישן קאָנצלאַגער.

[18]) Prudential ; באַקאַנטע פאַרזיכערונגס-געזעלשאַפט אין וואַרשע. איר בנין האָט זיך געפונען אין דער הויכער געביידע אויף שווענטאָקשיסקע.

[19]) Oddział przeciwlotniczy ; אָן אָפּטיילונג צום קאַמף קעגן לופט-אַנגריפן.

[ווינונגען].מילנע 18. די גאַנצע אַרבעט אין דעם שמאָלן קאָרידאָר. דעם טאָג א נייער קאָמפּלעט מיטאַרבעטער. די פילאָזאָפיע פון פחדנים אלא באָרנשטיין. דאָס טראָגן פון באַשען[20] אין דער נאַכט. די גבורה פון דער יידישער יוגנט. דאָס הויז נאָוואָליפּקי — — לעשנאָ 13. דעם 25 סעפּטעמבער פאַר שרפות אָפּגעראַטעוועט צענדליקער ציינדבאָמבעס. מוראַנאָווסקא 16 — דאָס זעלבע. געקראָכן אויף די דעכער.

9 אָקטאָבער 1939

געוואָרנט, אַז די רוסן קומען — — פריינט און אַז די יידן הערשן.

די ערשטע האָניק־טעג פון אַריינשרייטונג [?] פון די אשכנזים. — די־זופקעס פון „וואָלפאַרטשטעלע הילפסצוג בייערן" — געגעבן 160 טויזנט מיטאָגן. אין די ערשטע טעג אַלעמען, אָבער גאָר אינגיכן [אויפגעהערט] געבן יידן. אַרויסגעוואָרפן יידן פון [די רייען], די רויבערייען אין די לעצטע טעג פון אונטערגעבן זיך. די פאַלשע ווענדונג וועגן [איבערטון] זיך אין ציוויל, מען ראַבעוועט יידישע קראָמען מיט מלבושים, שיך א.א. אויף שוויענטאָיערסקע, עלעקטאָראַלנע. מען ראַבעוועט [דירות]. דאָס פּוילישע חיל צעטיילט — — פּראָדוקטן פאַר דער באַפעלקערונג. וועגן פערד — — פריער דעזאָרגאַניזאַציע אויף שריט און טריט. — אין דריטן טאָג פאַרפעלט אין וואַרשע באַנדאַזשן. זעלנער געהונגערט; נישט געווען קיין פאַרבינדונג. שווידערלעכע לאַגע פון די פאַרוואונדעטע צוליבן מאַנגל אין מעדיקאַמענטן, מאַנגל אין וואַסער, גאַז, עלעקטריע. נישט — — קיין ברונימער — לאַנגע שעהדיקע רייען נאָך וואַסער, דערפאַר נישט געקענט ראַטעווען קיין שרפות, וועלכע זיך אַריבערגעטראָגן צוליבן ווינט פון הויז צו הויז. גאַנצע טעג געברענט גאַנצע בלאָקן. מתים אויף די גאַסן. דער מת צוגעדעקט מיט פּאַפּיר אויף פאַנסקע. מתים ליגן עטלעכע טעג אויף די גאַסן. אין די האָניג־טעג דערשינען — — צייטונגען, צווישן אַנדערע דזשעננִיק — — ראָבאָטניק

1, 6, 7 דעצעמבער 1939

1. XII 200 chlebów tygodniowo[21]

100 זל. געשיקט פאַר קינדער־עניים.

פראַשניץ 3.000 יידן צו דער גרענעץ[22]

6/12 סעראַצקער יידן געשיקט כלומרשט קיין דייטשלאַנד, פאַקטיש זענען [זיי] דאָ אין מילאָסנע אויף 3 צוגן, נויטווענדיק הילף. געקומען

[20]) באַשע טעמקין־בערמאַן, די פרוי פון דעמלטיקן טוער פון „לינק פועלי ציון" ד"ר אדאָלף בערמאַן.

[21]) „200 ברויט יעדע וואָך". —

[22]) די ידיעות באַשטעטיקן זיך אין מיטצייטלעכישע דאָקומענטן.

2 חלוצים פון ווין — אויסווייזן קיין דייטשלאַנד. 7/12 סוואַלק[23] 15.000 יידן אַרויסגעשיקט — א קימפּעטאָרין געשטאָרבן. 800 אויף פּראגע. די באַדייטנדע הילף פאַר ליטעראַטן, זשורנאַליסטן — קיך, פּראָדוקטן, מלבושים, שיך — א טייל באַקומען באַשעפטיקונג. — —

5 — דעצעמבער 1939

אין לאָדזש טאָר מען נישט אַריינגיין צו אַ שכן נאָך 5 נאָכמיטאָג. סימביאָזע פון אשכנזישע און יידישע האַנטווערקער — מען לייט זיך געלט רבות. וולאָשטשאָווא זענען די ערלים פאַררוקן דעם טשאָלנט און פאַרלעשן דאָס ליכט[24]. קלאַנג וועגן 48 שעה זיין אין שטוב. דער הייניקער צוזאַמענטרעף מיטן ה. בובניאַק. איין בידערמאַן — די הענט אין די לופטן, די שומרים געטראָגן יידישע בינדעס. אויסגעצאָלט אלף זל. גענויע רשימה פון די קישנס. פון ה. בובניאַק. דער צעטראָגענער פּראָפעסאָר אונטערגעשריבן בא דער עמעריטור־אויסצאָלונג, אז ער איז נישט קיין ייד. די פּאַקטישע אַרויספירונג פון סחורות פון געגנשע. דער וועג פון צעסיעס און קאַצס באַקאַנטן. ווי אזוי ער מאַכט עס ביי די סמאַרקאַטעריע אין אָסטראָוו 600 יידן, גרויסע און קליינע שרפה פון דער שטאָט. אויסער דער שטאָט מיט מאַשינען־געווער, היהודים עשו את הדבר. די גרויסע סכנה פון שליסן זאַפּיוווקע, וועלכע איז געווען אויסגעהאַלטן דורך דעם מאגיסטראַט. דאָס אָפּשטעלן די סאָציאַלע הילף פאַר די יידן. יידישע שולן נאָכן טיפוס־איבעררייס נישט טעטיק. די קריסטלעכע מלוכהשע שולן ווילן איבערנעמען די יידישע. „יעדער וואָס קען, זאָל זיך ראַטעווען ווי אַזוי ער קען" — דעוויז פון אינספּעקטאָראַט. — די אַנטשטייאונג פון דער עמיגראַציע־קאָמיסיע, אירע צילן און אויפגאַבן. 6.000 צערטיפיקאַטן. אין דער אונטערשריפט א זיגזאַז „שיקט ברויט". אַנטעק אי פראנעק סוויעטניע פּיאָראָן[25]. מען זעט שוין ווידער פיינטלעכע — — דער אַרויספאָר פון דעם וואָלעכישן ברודערן־זון. אַרבעטס־באַטאַליאָן אין וואַרשע 2.500 מענטשן. עס מאַכט אויס 10 מיליאָן זל. בראש פון א 50־ער גרופּע געשטאַנען א ראש. דאָס כאַפּן צו דער אַרבעט דויערט. — וואָס האָט מען פאַרלוירן פון דער יידישער וויסנשאַפט אין וואַרשע? אַרכיוו אויף יעזוויצקאַ, XIX י. ה. 1832 ־ 1863, פּריוויטיס־קאַמפּן, סאָציאַלע באַוועגונגען, ווירטשאַפטלעכע געשיכטע, געשיכטע פון אינדוסטריע. אַרכיוו פון בילדונגס ־ מיניסטעריום, צענזור, שולוועזן. ווײַנלעזעס[25א]

---

[23]) אין סוואַלק, וואָס איז דורך די דייטשן איינגעגלידערט געוואָרן אין אָסט־פּרייסן, זענען דעמלט שוין אזוי פיל יידן נישט געווען. אָבער קיין סוואַלק זענען אויסגעזידלט געוואָרן יידן פון דער אַרומיקער פּראָווינץ.

[24]) נישט קלאָר דער מיין פון מחבר.

[25]) „אַנטעק און פראַנעק וואַשן פּראַכטפול וועש"?

[25א]) יעקב ווײַנלעז, באַוווסטער יידישער מאָלער.

אַלע בילדער, טרונקס [25ב] — כ״י. צעזייט און צעשפּרייט. ווישקאָווער יידן — — א. א. זייער וויכטיק די פראַגע פון אויפזוכן צעוואָרפענע פאַמיליען־מיטגלידער. מגן־דודס אויף די געשעפטן. די שווערע לאַגע פון די 600 קהלה־אָנגעשטעלטע. — טראַגעדיעס פון משומדים צוליב די בענדלעך. ד״ר ווערטהיימס ברודער זיך דערשאָסן. שטר מכירה. אורעלעס [26] דייטש־גאלד. מענטשן דערהאַלטן די ערשטע 100 מאַרק דורך דער פּאָסט. 9 א״י [בירגער] איינגעשבנט. — מען רעדט ווידער וועגן געטאָ. וועגן די שעהן פון 5—8. פאַרדעכטיקע נדבות אין די הייזער. די 53 לעבן נאָך. דער כוח פון אמונה. די בתי־מדרשים נישט טעטיק. גולים. בראש פון די פּראָווינצער גולים אַמאַליקע טוער פון די קאַסעס. די גרויסע געזעל־שאַפטלעכע באַדייטונג פון די קיכן. די אינטעליגענץ און די עסקנים האָבן ברויט אַדאַנק דעם פראַנק — —

זעקסטער אַרויפגעזעצט יידן אויף א שיף אין פּלאָצק און געלאָזט — — אויף דער ווייסל. אַלץ צוגעלקחנט. גירוש פון 2.000 פון ראדזין. די היפּאָטעק פון א פאַרברענט־הויז 600 זל. ווערט געפאָדערט. דער חורבן אין שלאָס, די ביבל פון 17 י. ה. וואָס די פּלאָצקער קהלה געשאָנקען מאָשטשיצקי [27], געוואָלט פאַרקויפן דער וואַרשעווער קהלה. ארבעטסבאַ־טאַליאָן רוימט דעם שלאָס. געריסן דעם מעשענעם דאך, געריסן דעם באָדן, געוואָרפן די בילדער, געוואלגערט אויף דעם באָדן. — באַריכטן פון דער קאָנטראָל. דער באַזוך בא די געסט 3 שעה מיט בידערמאַן [?]. אין דער אלייע פון שוכא גייט מען נישט אַליין, נאָר מיט דער פּרוי־טאָכטער. „האָט רחמנות אויף אן איינגעבערענטן ספּאַלאָני ייד״. שטראָפן פאר נישט טראָגן דאָס בענדל אויף דעם אויבער־אָרעם. געמאָסטן די לענג פון די בענדלעך. דאָס געזעץ וועגן איבערזידלונג. נויטיק פּאַפּירן און מעטריקעס געבוירן אין די מזרח־קאַנטן [28].

זיבעטער דעצ[עמבער] פון לובלין אַרויסגעשיקט דריי טויזנט יידן אין אומבאַקאַנטער ריכטונג [29]. דריי טויזנט יידן פאַרטריבן פון פּראָשניץ [30] אין דער ריכטונג פון דער גרענעץ. א פּערזאָן געזען אין מאלקין דאָס איבערגיין אויף יענער זייט [31]. צוויי יידן לעבעדיקערהייט באַגראָבן ביז

25ב) וואַרשעווינלעך אַ כתב־יד פון דעם היסטאָריקער י. טרונק.

26) אורי — ע. רינגעלבלומס זון, געבוירן אין 1930 יאָר.

27) איגנאַצי מאָשטשיצקי 1867 — 1946. פּראָפעסאָר פון לעמבערגער פּאָ־ליטעכניק — פּרעזידענט פון פּוילן אין די יאָרן 1926 — 1939. אין די שפּע־טערדיקע יאָרן עמיגראַנט אין דער שווייץ.

28) געמיינט די טעריטאָריעס אויף מזרח פון בוג און סאַן, וואָס האָבן זיך זינט 17 סעפּטעמבער 1939 געפונען אין די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד.

29) דער פאַקט געפינט נישט קיין באַשטעטיקונג אין די ביז איצטער צוטריט־לעכע דאָקומענטן.

30) זע הערה 22.

31) מאלקין איז געווען אַ גרענעץ־שטעטל אויף דער סאָוויעטישער זייט, דורך וועלכער עס זענען אַנטלאָפן די פּליטים פון אָקופּירטן פּוילן קיין ראַטנ־פאַרבאַנד.

איבערן קאָפּ. איינער געבליבן לעבן. זיבן און דרייסיק דערשאָסן, ווייל נישט געוואָלט מיט דעם פאַרמעט אַרומבינדן די פּערד און צובינדן מיט די יריעות פון תפילין.

אין לובלין פאָרגעקומען צוויי וואָכן אַן איבערדרייס רעוויזיעס. אַ ידיעה וועגן יידן פון סעראַצק און נאַשעלסק, אַן ערך דריי טויזנט אַרויפּגעלאָדן אויף אָפענע וואַגאָנס־לאָרעס געפירט פון מילאַסנע[32]. נישט געלאָזט דעם דריטן טאָג זיי צו געבן וואַסער צום טרינקען. אַ נייע ידיעה: געפינען זיך אין לוקאָוו, ביאַלאַ, מעזריטש. ווייטערדיקע קלאַנגען וועגן 48 שעה, וואָס מען וועט נישט טאָרן אַרויסגיין. אַ ידיעה וועגן פופציק טויזנט פוילישע פּליטים פון פּויזן אין וואַרשע. אָנגעקומען 2 חלוצים פון ווין. באַקומען אין אָקטאָבער אַן אויסווייז אין דער ריכטונג פון פּוילן. פאַרציילן וועגן דריי טויזנט ווינער יידן, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּוילן[33]. אַ מאַסאַקרע אויפן מזרח־באַן־הויף, די סיבה אומבאַקאַנט. די צרה פון דער גימנאַזיע „זיעדנאָטשעניע קופּצאָוו". אַזוי ווי אין דער „זיעדנאָטשעניע" דאָ קריסטן, דאַרפן זיי אַרויסשטעלן אַ מגן־דוד. דעריבער מוז מען די גימנאַזיע אָפּטיילן פון דער סוחרישער פאַראייניקונג. יידישע פרויען ביי דער גרענעץ גיבן זיך אַן אַלס אַריערינ[ס] — דער עקזאַמען די תּ פּ י ל ה. אַלץ איז פאַראַן אויף יענער זייט. אדיעזשדאַ יעסט? יעסט. דלות יעסט? יעסט. פרוי וווּרצעל אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. די אַרבעט וועגן יידיש פון האַזענפּוס צוגענומען בעת אַ רעוויזיע ביים פּראָפ. ביסטראָן[34]. אָסטערזעצער[35] אַ לערער פון יידיש אין אַ גימנאַזיע. אין אָסטראָוויעץ אַנטלאָפן מער ווי אַ העלפט מענער[36], געבליבן פרויען און קינדער. אַ וויכטיקע פראַגע פאַרן גאַנצן לאַנד, דאָס אַנטלויפן פון דעם לעבעדיקן, אַרבעטנדיקן עלעמענט. אין וואַרש[עווער] אַרבעטס־אָפּטיילונג פון דער קהלה די רעדלפירער די געוועזענע אַסימילאַטאָרן און ענלעכע. אין לאָדזש מיט עטלעכע וואָכן צוריק אויפגעהאַנגען 2 יידן [און] איין קריסט פאַר אַ רויב־אָנפאַל און געלאָזט הענגען אין שטאָט אויפן באַלוטער אַלט מאַרק[37]. פאַר אַן אויסווייז באַצאָלט אַ דייטש 1 זל. אַ פּאָלאַק 2 און אַ ייד 10 — אין לאָדזש — אַריע טאַטאַרקאַ — „אַ ווען זי אַריער זינד". אַרויסגעפירט די אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק. מען מיינט אַרויס־

---

32) דעם 3 דעצעמבער 1939 האָט מען פון נאַשיעלסק אַרויסגעטריבן די יידן קיין לוקאָוו און מעזריטש.

33) עס זענען פאַקטיש אָנגעקומען עטלעכע טראַנספּאָרטן מיט יידן פון עסטרייך.

34) פּראָפּ. סטאַניסלאַוו ביסטראָן, סאָציאָלאָג אויפן קראָקעווער און וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

35) ד"ר אָסטערזעצער, לעקטאָר אין יודאַיסטישן אינסטיטוט.

36) דער פאַקט באַשטעטיקט זיך נישט אין ליכט פון באַקאַנטע דאָקומענטן.

37) די דאַטע ווייזט אָן, אַז די טעראָר־אַקציע איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב פון 11 נאָוועמבער.

פירן דעם הויפּטאַרכיוו. תקווה, אַז וועט אומקערן מיט די נאָכפּרייסישע. — דער צוועק פון שפּרענגען דעם שלאָס, פון וועלכן עס וועט בלייבן בלויז דער גאָטישער טייל, איז „אויפהאַלטן דעם דייטשן כאַראַקטער פון וואַרשע, וואָס איז געווען געבויט דורך דייטשן". אלטשטאָט מיטן שלאָס זאָלן בילדן א גאַנצקייט. — מען פירט אַריבער אויף יענער זייט זייגערלעך, מעדיקאמענטן (אינסולין), מען שרייבט פון יענער זייט וועגן נאָדלען און מאָדעס, זשילעטקעס. אננא גורא, סאגאנס לאָקאטאָר האָט ליב פיש צו עסן. פּראַקטיצירט ביי אים זעצעריי — —פון — — ביי דער צוקונפט. דער־מאָנט שוועדישע שטעמפּעלמאַכערס.

אכטער. הערוויסט זיך פון שמעון ז[ייטשיק][38], אז די שול קעמפּנע פאַרברענט. 3 קל. פון דער גרענעץ. דעם ערשטן טאָג פון מלחמה פאַרנומען, — „קרוטקאָביטקי". די שפּראַך פון די וואַרשעווער לאָבוזעס: שראָדקי פּשעטשיוו טיפּוסאָווי ד"ר מאָנאָפּאָלסקיעגאָ. — פּאַפּיראָסן. — פופצן טויזנט אַרויסגעשיקטע פון סוואלק[39]. אכט הונדערט יידן פון סע־ראָצק[40]. היינט [געווען] אויפן פּראַגער באַן־הויף. נישט באַוויזן צו זיי צוקומען, אַרויסגעשיקט קיין לוקאָוו. אלע יידן פון קאָלאָ אַרויסגעשיקט[41]. אייניקע הונדערט אַריינגעפּאַקט אין דער אָרטיקער אָכראַנקע. געקומען יידן פון ווין, אַרויסגעשיקט, געקומען צו דער רוס[ישער] גרענעץ, אַריבערגעוואָרפן אויפן דייטשן באָדן. די יידן פון פּרזשאַסניש ערלויבט צו האָבן 2 זל. ביים אָנקומען, צו דער צווייטער וואָך באַזוכט און געהייסן אַריינוואַרפן די 2 זל. ווי אויך גאָלד און זילבער אין איין פאַס, אין א צווייטן פאס אָנגעפילט מיט וואסער אַריינגעוואָרפן די דאָקומענטן צעריי־סענע. אַגענציע מ. ז. מען זאָגט. באַווייזן פון מענטשלעכקייט: אַ דאמע באַגעגנט א שר, פאַרוואָס זי טראָגט נישט קיין בינדע, אַנטשולדיקט זיך, צום סוף א קוש אין דער האַנט.

די וואַרשעווער קהלה האָט נישט קיין ברויט [?] — —

די פּראָפעסיע פון פארטרעטערס ביי דער אַרבעט[42]. אויסער דער קהלה איז יעדער בלאָק מחויב צוצושטעלן אַרבעטער. דאָס מאַכט די פויל[ישע] פּאָליציי. אָרעמע גיבן אָן רייכערע אין צערקל און דאַן מעלדן זיי זיך צו יענע אַלס פארטרעטער. אָפט פארלירט מען דערביי דעם פּאַלטן, די קאַלאָשן א. א.

---

38) ד"ר שמעון זייטשיק, קונסט־היסטאָריקער (1900 — 1943).

39) זע הערה 23.

40) די יידן פון סעראָצק האָט מען דעם 6 דעצעמבער 1939 ארויסגעפירט קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסקע.

41) דעם 10 דעצעמבער 1939 אַרויסגעשיקט פון קאָלאָ 1139 יידן קיין איז־ביץ (לובלינער דיסטריקט).

42) פון אַרבעטס־צוואַנג האָט מען זיך געקאָנט אויסקויפן פאַר אַן אָפּצאָל, אַריינגעטראָגן אין דער קאַסע פון יודענראַט.

10 דעצעמבער 1939

## באַריכט פון סאַדאָווסקי

10/12. מעזריטש. — 1.300 פּליטים — וווינען אין פּריוואַטע וווינונגען. דער רוב אין די שולן. פאַראַן מעדיצינישע — פאַראַן אַ קאָמיטעט ביים מאַגיסטראַט — ווערט אויסגעהאַלטן — הילף דורך דער יידישער באַפעלקערונג. 15.000 זל. באַקומען ביאַלאַ — איבער 4.000 פּליטים[43]. אין ראַדזין זאָלן אויך זיין פּליטים, וועלן קומען מאָרגן אָדער איבער־מאָרגן. ביאַלאַ־פּאָדלאַסק 4.000 פון סוואַלק, נאַשעלסק, סעראָצק. אַ גרעסערע צאָל געגומען אין וואַרשע פון וואָקזאַל — — עס ווערן — — הייזער פאַר 5.000 פּליטים. גרייט מען זאָל געבן מעדיצינישע, קליידונג. — צוגעזאָגט צו געבן דעם שפּיטאָל 1.900 זל. עס ווערט אָרגאַניזירט אַ קיך. דרינגענד נויטיק אַ דאָקטאָר 1.500 ביז 2.500 מלבושים.

10, 11 דעצעמבער 1939

צענטער דעצעמבער. דער וויץ וועגן דעם שטשופּאַק, רידז־שמיגלי[44], דאַלאַדיע[45] און טשעמבערליין[46]. דער פיש אין דער וואַנע. רידז געוואָלט כאַפּן דעם פיש און צעריסן זיך די האַנט, דאַלאַדיע אָנגעטון די הענטשקעס — געכאַפּט דעם פיש אָבער זיך אַרויסגעריסן. טשעמבערליין אָנגעהויבן שעפּן דאָס וואַסער מיט אַ קאַווע־לעפעלע. די אַנעקדאָטע וועגן דער פולקאָוונקאָווע פון רוסלאַנד וואָס האָט אָנגעטון אַ נאַכט־העמד אַלס דעקאָראַציע. וו[יינ]טרויב פון לוקאָוו אַ פאַרשמייגערטער ייד מיט באָרד און פיאות, מיטן טלית קטן אין דרויסן יוצא ונכנס — אַלץ ווערט דורך אים ערליידיקט. מיט וואָס ער האַלט דעם בירגערמייסטער, אַ סוד פאַר דער גאַנצער שטאָט. ער באַשטימט ווער און וואָס עס דאַרף אַרבעטן. ער באַשטעלט אַ קאַראַקולענעם פּאַלטן פאַר דער מאַדאַם פון שר העיר. ער מאַכט שותפות מיט אַלע — באַרימט פון אַ סכסוך וועגן אַ רב. אוועקגעשטעלט זיך אינמיטן מאַרק און באַפוילן די פורמאַנעס און דאָראָזשקאַזשעס פאָרן צו דער באַן און אַראָפּנעמען די יידן פון סעראָצק[47].

---

43) געמיינט ביאַלאַ־פּאָדלאַסק.

44) רידז — שמיגלי עדוואַרד (1886 — 1943), מאַרשאַל פון פּוילן, דער שעף און גענעראַל־אינספּעקטאָר פון פּוילישן מיליטער אין די יאָרן 1935 — 1939; הויפּט־קאָמאַנדיר פון פּוילישן מיליטער בעת דער סעפּטעמבער־קאַמפּאַניע 1939.

45) עדואַרד דאַלאַדיע, פּאָליטיקער מיניסטער, פּרעמיער פון פראַנקרייך אין די יאָרן 1924 — 1940.

46) נעוויל טשעמבערליין (1869—1940), פּרעמיער פון ענגלאַנד (1937—1940), ענגלישער דיפּלאָמאַט, קאָנסערוואַטיסט.

47) קיין לוקאָוו האָט מען איינגעזידלט יידן פון סוואַלק, נאַשיעלסק און סעראָצק. די איבערזידלונגען זענען פאָרגעקומען אין נאָוועמבער, דעצעמבער 1939.

עלפטער. די פרטים פון דעם הרגענען דעם 30־יאָריקן אַרבעטער פון דעם אַרבעטס־באַטאַליאָן. ער איז דורכן פענצטער אַריינגעקראָכן אין אינערן־מיניסטעריום באָווי שוויאַט, א ביסל שפּעטער, ווי די איבעריקע חברים, געדאַרפט לאָדן מעבל פאַר אלעי שוכא [48]. דער שומר — — געהייסן אים [?] גראָבן א גרוב — — און געהייסן די חברים באַגראָבן. געהאַלטן א רעדע איבערגעזעצט אויף פויליש, אז דערשאָסן געוואָרן פאַר ניַשט געוויסנהאפטער אַרבעט. פּראָפ. ביאַלאָבזשעסקי פון דער פאָליטעכניק דערשאָסן פאַר האָבן מיקראָסקאָפּן פון דער געוועזענער פוילישער אַרמיי. דערווײַלע געלאָזט די אַרבעטס־ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע אויף זשאָליבאָזש. פּאָלאַקן זאָגן צו די יידן: „נאָך וואָס טראָגט איר די בינדעס"?. גאָסיג [49] נאָמינירט געוואָרן אלס לייטער פון דער עמיגראַציע־אָפּטיילונג ביי דער קהלה. קלאַנגען וועגן איבערזידלונג פון אַנדערהאַלבן מיליאָן יידן פון פוילן, אָנהויבנדיק פון יאַנואַר [50].

ווײַנטרויב האָט א דערלויבעניש אויף כשרע שחיטה.

12 דעצעמבער 1939

טײַערער פרײַנט!

איך קען דיר מודיע זיין, איך וולאָדאווע באַציִונגען צווישן קריסטן און פּאָלאַקן גוטע [51]. די יידן האָבן דאָרט אין 17 י. ה. אויסבאַהאַלטן פוילישע אנשי חייל פאַר די שוועדן. א פוילישער שר געפאָרן דעמאָלט אין ייד[ישע] אָנגעלעגנהייטן קיין וואַרשע. אויסבאַהאַלטן מעות פון יידן. געוועזן דאָרט 1000 [?] פּליטים פון קאָלאָ און קאַליש. טוירן דערוואַרט נייע טראַנספּאָרטן פון פּליטים. די שררות באַפוילן אַלע יידן צו געבן צו עסן מיטאָגן פאַר די פּליכטלינגע. פון כעלם האָבן די שוועדן [51א] אַרויסגעטריבן 1.500 יידן אין די וועלדער נאָכגעשאָסן [?] און עטלעכע צענדליקער דערשאָסן. עס איז געקומען קיין וואַרשע יאַנוש ראַדזיוויל. ער זאָל ווערן א מושל איבער פוילן. א סך פאַלן ווען די שוועדן באַדויערן וואָס מען מאַטערט די יהודים. זאָגן, אַז נישט אַלע שוועדן זענען אַזעלכע. עס ווערט געמאָלדן די פוילישע פּרוּוען, וואָס שטייען אין געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען מיט שוועדן, אַז עס זענען נאָך פריי ערטער אין עפנטלעכע היי־

48) אין דער אַלע שוכאַ נר 25 האָט זיך געפונען דאָס זיץ־אָרט פון דער געסטאַפּאָ אין וואַרשע.

49) ד"ר אַלפרעד גאָסיג (1868 — פעברואַר 1943) ליקווידירט לויטן אורטייל פון דער ייד. קאַמפּס־אָרג. אין פעברואַר 1943 אלס אַגענט פון געסטאַפּאָ.

50) עווענטועלע פּראָיעקטן פון איבערזידלען גרויסע מאַסן יידן איז וואַרשײַנלעך געווען פאַרבונדן מיט די פּלענער פון דײַטשן אָקופּאַנט צו שאַפן אַ רעזערוואַט אין לובלינער געגנט.

51) וואַרשײַנלעך אַ טעות. געמיינט צווישן קריסטן און יידן.

51א) געמיינט די דײַטשן.

זער. דער אופן פון זוכן זאכן ביי די יידן אין פלאָצק: קודם טיילט מען אויס זאכן פון ערשטן סאָרט, דערנאָך פון צווייטן סאָרט און דריטן סאָרט, מען טאַפּט די גאטונג — אַנדערע טאַפּן און זוכן אַרום זייגערלעך. כדי צו באַפרייען דעם ברעג פון פלאָצק פון שמוגלער, אַרויפגעזעצט אויף בערלינקעס די פישער און געשיקט אין וועג. אויסגעלאדן זיי ביינאַכט אין א וויטן אָרט. אין פלאָצק זענען אַלע ייד[ישע] געשעפטן און וואַרשטאַטן געשלאָסן. 7 ראשים אַמטירן ביי די שררות און 3 אין דער קהלה, פאַראָרדנונג, אַז אַלע רעזערוו־אָפיצירן זאָלן זיך מעלדן, כדי צו גיין אין א געפאנגענלאגער — דאָס דראָט מיט צונעמען די גאַנצע אינטעליגענץ. אומרים, אַז עס איז דאָ אַ ניוס — פּעיפּער מיט ידיעות פון ראדיאָ. די יידן[ישע] קהלה אין ווארשע באַקומען א פאַראָרדנונג וועגן צוגרייטן אין עטלעכע טעג צוויי שפיטעלער פאר טיפוס־קראנקע. דאָס איז פאַרבונדן מיט א הוצאה פון הונדערט טויזנט זל. עס ווערט ווייטער אַרויסגעפירט די סינאַגאָגע־ביבליאָטעק.

מיט האַרציקע גרוסן דיין יצחק בערל.

ע. ש. אין פלאָצק א סך פאלן פון הייסן יידן אין טלית און תפילין טאַנצן, שפּרינגען, אַרבעטן [?] וכדומה. מען שאַצט אָפּ די ווערט פון די געפונענע גאָלד, זילבער, ברילִיאנטן אין די שטעט פון פוילן אויף 2 מיליארד זל. (מ׳זאָגט אַז אין איין נאָטארס סייף האָט מען געפונען א מיליאָן זל. אין גאָלד.

כאראקטעריסטיש די באַציונג פון א טייל ענדעקישע פירער צו יידן, פאַרגרעסערט זיך די אויסדרוקן פון מיטגעפיל צוליבן איינפירן פון דער לאטע. זעלבסטמאָרדן צווישן משומדים.

12/12 .1937

13 — 14 דעצעמבער 1939

13 grudnia. Krasnystaw, 1400 ludzi, szkoła. [51b]

קאלושין 3.000 פליטים [52] פון פאביאניץ און לובלין — עס ווערט געשאַפן א רעזערוואט אין לובלינער קרייז[53]. 200.000. אין לובלין ווערן געבויט באראקן.

14/12. לאָדזש, 17.000 יידן ווערן אויסגעזידלט יעדע וואָך — צוזאמען 80 טויזנט. — דער קבלת פנים אין ראדאָמסקאָ — — 1.500 מאַן פון ליפּנע [?] געפירט — די פראקטיק פון הילפּאַנד [?] אין הויף [?]. די שומרים נעמען כאבאר פאַר נישט נעמען צו דער אַרבעט. זיי זאָגן, אַז מען וועט אַרבעטן 7 טעג.

---

[51]ב) פּויליש: 1400 מענטשן, די שול.

[52]) ווארשעווער אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער איבערזידלונג פון ווארטעגאו, אין דער ג. ג. (סוף 1939, אָנהייב 1940).

[53]) זע הערה 50.

14/12. ליפּנע — עס וווינען 500 פֿאַמיליעס איבער 2.000. פֿון 9 אָנגעהויבן די עוואַקואַציע. לאַנדראַט הייסט פֿאָרן — די שומרים לאַוו. ביז 21/12 מוזן אַלע פֿאַרלאָזן. גייען מעג מען פֿון 9 ביז 15. [?] פֿרייוויליקע אויסוואַנדערונג — פּרויען טאָרן נישט אַרויסגיין פֿון די שטובן. פֿאַראַן פֿון 200 — 300 נפשות [?] אין וואַרשע.

14 דעצעמבער 1939

טייערער פֿריינט!

איך האָב דיר פֿאָלגענדעס מיטצוטיילן פֿון פּויזן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פֿאַרמאַכטע וואַגאָנס, צווישן זיי פּראָפֿ. באַרטעל[54] און טיילאָר[55] מיט זייערע פֿאַמיליעס. זיי זענען געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, פֿון דאַנען קיין לוויוויטש און פֿון דאָרט קיין ראַדאָמסקאָ. די ישראלים זיך דערוווּסט און געקומען מיט ברויט, מילך און וואַסער הגם מען האָט זיי אָוועקגעטריבן מיט קאָלבעס, דאָך געגעאַנגען. דאָרט א טייל באַפֿרייט. ער טוט מיר א טובה: דער פּוילישער פּליט, ער וועט זיך נישט — — געזינדל. הגם ער קאָן זיי אַלע פֿון דאָרט. ווי עס טוען עס זיינע קאָלעגן. פֿאַראָרדענונג, אַז מען טאָר נישט טראָגן גיין חייל[ישע] פּויל[שע] מונדירן, אויך נישט קיין שילער־מונדירן.

מיט גרוס

1939

15/12. רעמבערטאָוו 40.000 קאָנטריבוציע

50 מענטשן א טאָג אַרבעטן צו 10 זל. אויף א פּערזאָן, באַשטימט לכתחילה וואָלט געווען — —

לאָדש. דאָקטו[ירים], אַדוואָק[אַטן], לערער, געלערנטע [אַרעסטירט] וואַרשע. קהלה מוז האָבן א קוואַראַנטאַננע פֿאַר טיפּוס־קראַנקע פֿאַר די פֿאַמיליע־מיטגלידער. פֿרוי פֿון מילמאַן מיט די קינדער. אין קאַלושין דאָ 2.000 פּליטים פֿון פּאַביאַניץ, קאַליש א. א. וווינען אין שול, מיל, פּריוואַט — מען וועט אַריינלאָזן אין גאַרבעריי.

15 דעצעמבער 1939

ליבער טאַטע!

איך קען דיר מיטטיילן פֿאָלגנדיקס: אין פּלאָצק צוגענומען ביי די ייד[ישע] שניידער און שוסטער זייערע וואַרשטאַטן און מאַשינען. בעלי־

---

54) קאַזשימיעזש באַרטעל (1882 — 1941), פּראָפֿעסאָר פֿון דער לעמבערגער פּאָליטעכניק, פּוילישער פּרעמיער אין די יאָרן 1926 — 1930 דערמאָרדעט אין לעמבערג אין סוף יוני 1941 דורך די היטלעריסטן.

55) טיילאָר עדוואַרד (געב. 1884), פּראָפֿ. פֿון פּויזנער אוניווערסיטעט, עקאָנאָמיסט.

מלאכות באַהאַלטן זיך אויס מיט זייער אַרבעט. צו באַהאַלטן א ספר־תורה מיט א ש״ס ביי א באַקאַנטן דייטשן לערער אין דער דייטשער קאָלאָניע; זיין שוואָגער באַקומען א כתב, אַז עס ווערט אַריינגעזעצט א קאָמיסאר אין זיין געשעפט (שניידער־צודאטן). דער קאָמיסאר, א פּאָלאַק, האָט רעכט צו פאַרנעמען דאָס געוועלב פאַר א געוויסן פּרייז לטובת דעם מאַגיסטראַט. ער האָט רעכט צוצונעמען זיין וווינונג און דעם ייד איבערזידלען אין באַראַקן הינטער דער שטאָט. — פון לאָדזש טרויעריקע גרוסן: פאַרהאַפטעט אַלע ייד[ישע] אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים און לערער. קאַצ[ענעלסאָ]נען, פרוי און 3 קינדער אינטערנירט. פאַרהאַפטעט די פרויען פון געזעל[שאַפטלעכע] עסקנים מיט די קינדער. לויט אן אויפפאָדערונג דאַרפן יעדן טאָג פאַרלאָזן לאָדזש 1.500 יידן פרייוויליק, אויב נישט, וועלן זיי אָרגאַניזירן די אויסוואַנדערונג. דער פּרייז פון די אויטאָבוסן געשטיגן פון 20 זל. אויף 200 זל. פאַר א פּערזאָן. דריי טעג האָבן יידן נישט געטאָרט פאָרן מיט די באַנען. קלאַנגען וועגן כלומרשטער הריגה של אשכנז חייל דורך א פּאָלאַק. די גאַנצע גורנא־גאַס אָפּגערייניקט פון אַלע איינוווינער יידן און פּאָלאַקן. דאָס סכראָניעניא פּאָדזשוטקווו [56] מיט 600 קינדער אין א שרעקלעכער לאַגע, דער מאַגיסטראַט גיט נישט קיין געלט מיטן 1־טן נאָוועמבער. 100 קינדער אויסגעשטאָרבן זייט דער מלחמה. אָפענע פענצטער, ביי די קינדער פרירן אָפּ די הענטלעך מיט די פיסלעך.

קלאַנגען, אַז מאָנטיק וועט אָנהויבן אַמטירן די סאָוו[יעטישע] איבערזידלונגס־קאָמיסיע און אַז הונדערטער טויזנטער יידן וועלן זיך דעקלאַרירן אַלס אוקראַינער. געטראָפן א פויער פון אָסטראָווער געגנט. זיי קומען פון צייט צו צייט און נעמען צו א חזיר, הייסן זיך געבן אייער, פּוטער א. א. וו. די רויבערייען פון די פויערים ביי דער גרענעץ, באַזונדערס אין סאָקאָלאָוו, ווענגראָוו. אָנפאַלן אויף דורכגייער, זיי ווערן אויך באַשענקט מיט די צוגענומענע זאכן.

דער זעכצנטער. א ידיעה, אַז פון פּויזן אַרויסגעשיקט דעם רעשט טויזנט יידן [57]. קראַנקע פון שפּיטאָל, זקנים, אַלע איבערגעשיקט אין לאַגער אין גלאָוונע; פון דאָרטן אין א צוג אין דער ריכטונג פון אָסטראָוויעץ קיעל[עצקי], צווישן זיי געפינט זיך דער קהלה־פּרעזעס מיט דער פאַמיליע און דער פּויזנער רב, הגם געהאַט א מעגלעכקייט זיך אויסצודרייען. אין שימאַנאָוו, לעבן וואַרשע (נישט ווייט פון ניעפּאָקאָלאַנאָוו) זאָלן זיך געפינען צוויי טויזנט יידן־פּליטים אין א קלויסטער. פּרטים נישט באַקאַנט.

ל. אָ. פּ. (ליגא אָבראָני פּזשעטשיוו לאָפּאַניו — נאַדכאָדזשי, פּזשעשעדל א. א. וו. [58]). זינד זי יודע? — פרעגט א שומר. וואָס דען א טערק?

---

56) פּינדל־הויז.

57) די יידן פון פּויזן זענען דעם 12 דעצעמבער 1939 אויסגעזידלט געוואָרן קיין אָסטראָוו־לובעלסקי און אַנדערע שטעט פון לובלינער געגנט.

58) אַ פּאַראַפראַזע פון נאָמען ל. אָ. פּ. (זע הערה נר. 16), ליגע פאַר שוין קעגן כאַפּעריי (פון יידן צו אַרבעט).

— אך זאָ, טורקע! דאן, ענטשולדיקן זי!״ אין די אָשראַדקי זדראָוויא[59] [איז] דאָ א מעלדונג, אז ייד[ישע] פּראָסטיטוטקעס, וואָס האָבן באַציונגען מיט שומרים באגייען אן אקט פון סאבאָטאזש. ייד [ישע] פּראָסטיטוטקעס ווערן נישט געהאַלטן אין די ביז איצטיקע אָשראָדקעס. אין דעם האפּט־פּאָסטאמט, ווו עס איז דאָ אן אויפשריפט אין פויליש און דייטש, אַז יידן טאָרן נישט געניסן פון דער פּאָסט, שטייען אין דרויסן קריסטן, וואָס זענען גרייט פאַר א גראָשן ערליידיקן פאַר יידן אַלץ וואָס מען באַדאַרף. אינטערעסאנט, אז אנאָנסן אין דער פרעסע, אריער זוכן ביי דער — — פאַרוואַלטונג פון יידישע געשעפטן. קריסטן באַקאַנטע פירן די זאכן פון יידן קיין לאָדזש. פארשפרייט א קלאַנג, אז פארן פרייז פון 12 מיליאָן זל. איז מען גרייט אָפּצושטעלן דעם גירוש פון לאָדזש.

אין ווארשע האָט מען די יידן אין א בית־המדרש אויף טווארדאַ אויסגעטאָן און געהייסן זיי אין א פראָסט לויפן אינדרויסן.

שרעקלעכע וווינונגס־באַדינגונגען פון די פּליטים אויף רינקאָווא 5, נישט מעגלעך צו עטעמען. ענגשאפט, שמוץ. באַזוכט היינט די פּליטים־פונקטן אויף גזשיבאָווסקא, גראניטשנא, אין שטיבלעך. מען קומט דאַוונען און ברענגט אַריין שמוץ. א פילאטעליסט געשיקט א קארטל און אויף דער בריוומארקע פון יענער זייט א קליינע צושריפט וועגן טויטע. — געזען א טרויער־בילד מיט אָנגעצונדענע ליכט. די פאנטאַזיע שפּילט. שוועדן ערקלערט מלחמה דייטשלאַנד[60]. רומעניע פירט מלחמה מיט רוסלאַנד. די — — פּאָרט קיין רומעניע. — 500 זל. פאר א קאַוואַליר, 2.000 פאַר א באווייבטן — — די גאַסן פון ווארשע וועקן.

1939, 12, 15

16 דעצעמבער 1939

זעכצנטער דעצ[עמבער] א צדיק געזאָגט, אַז צום 5 ליכטל פון חנוכה וועט קומען די ישועה. ער זוכט כלי־זין און בינו לבינו נעמט ער צו מעות, און מעבל פון די שטובן און דווקא שיינע בעטגעוואַנד און מלבושים.

18 דעצעמבער 1939

ליבער טאַטע!

אכצנטער דעצעמבער. עס פראקטיצירט זיך לעצטנס דאָס מאסנהאַפטע איבערשיקן פון בריוו. דער פרייז איז פארשיידן. געוויינלעך 15 זל. צאָלבאַר אין צוויי ראטעס: די ערשטע ראטע באַקומט מען ביים איבער־

---

59) פונקטן פאַר מעדיצינישע הילף.

60) אין אָריגינאַל דאָס וואָרט דייטשלאַנד פאַרשטראָכן. ווי באַקאַנט איז שוועדן בעת דער מלחמה נישט געווען אין קריגס־צושטאַנד מיט דייטשלאַנד.

געבן דעם בריוו דעם אַדרעסאַט. די צווייטע נאָכן דערהאַלטן א באַשטעטיקונג, אז דער בריוו איז אָנגעקומען. עס טרעפן אָבער אַפּערעס, אַז מ׳צן נעמט צוויי מאָל פאַר בריוו. די ווענט זענען פול מיט מעלדונגען וועגן אַרויספאָרן קיין ווילנע, גראָדנע, לעמבערג, ביאַליסטאָק א. א. די מעלדונגען זענען אפילו געדרוקטע פלאקאטן נאָר אין פויליש, די אַנדערע זענען געשריבענע. א סך באַראַטונגסשטעלן, א סך אינפאָרמאַציע־ביוראָען וועגן געפאַנגענע, וועגן פאַרלוירענע. דער צוזאמענשטעל פון דער — — איניקע אַרטיסטן, לערער, מיטאַרבעטער פון אינסטיטוציעס. סטאַטיסטיקער צום ערשטן מאָל [געמאַכט] סטאַטיסטיק, למשל אַז א דריטל זענען קינדער.

די אדוואָקאַטן־קאַמער באַקומען דעקלאַראַציעס אויסצופילן וועגן דער אַרישקייט, ד. ה. אַז ייד[ישע] אדוו[אָקאַטן] וועלן געשטראָכן ווערן פון די ליסטעס. אין דער בערלינער אילוסטרירטער צייטונג א בילד ווי אַזוי יידן ווייזן אַן ווו זיי האָבן באַגראָבן מכשירי מלחמה — — אין לאָדזש רעדן רוסיש א סגולה קעגן נישט צונעמען דאָרט זאכן. — אין ווארשע קינדער קענען נישט קומען אין קיך נאָך מיטאָגן צוליבן מאַנגל אין מלבושים. די עמיגראַציע אַ ביסל אָפּגעשוואַכט צוליב פאַרשיידענע סיבות.

די יוגנט פריער געפאָרן שטודירן אויף די הויכשולן, כדי צוצוקומען קיין רומעניע און פון דאָרט קיין א״י. — מען צאָלט נישט קיין דירה־געלט. די שכנים שאַפן קאָמיטעטן, וואָס זאמלען געלט פאר וואסער און שטאָטישע שטייערן. מען רייצט זיך מיטן בעל ־ הבית: אפשר ווילסטו דירה־געלט? געוועזענע בעלי־בתים נעמען צו אַלס אַדמיניסטראטאָרן אריער (קליין דזשעלנע 15). א גליקטאכטער: מער איבערגעלעבט אין פוילן אין 3 וואָכן ווי אין מענדעלסאניע [61] 7 יאָר. די ביבליאָטעקן שטעלן אַרויס העפטן, בלייפעדערס, כדי אָנצוגיין ווי בוכהאַנדלונגען. אין באכולס ביבליאָטעק שוין פאראַן אַן אינדעקס: ביידע מאַנס, צווייג, „נא טראָפּאַך סמענטקאַ״ [62], יאלו קורעק [63], מאלראָ. די פורמאַנעס וואָס האָבן געפירט די ביכער פון דער סינאגאָגע, האָבן פארקויפט ביליק ספרים. לאַגערן די ספרים אין א טרוקענעם קעלער. אין דאָברזשין אויפגעריסן די איבערבעטן און געזוכט מעות. אין ל[אָדזש] איז מען מאָנטיק ווילד נאָך די זונטיקדיקע דרשות. דאָרט פארבאָטן דער אריינטריט אין די אמטן. אין גוווערנעמענט [64] פאראַן א פאראָרדענונג אין צייטונג (זיבנצנטער דעצ[עמ־

---

[61]) געמיינט דייטשלאַנד, דאָס לאַנד פון משה מענדעלסאָן.

[62]) „נאַ טראָפּאַך סמענטקאַ״ — טיטל פון בוך פון באַקאַנטן פוילישן שרייבער מעלכיאָר וואַנקאָוויטש. אַ רעפּאָרטאַזש, וואָס דערמאָנט וועגן פראָבלעם פון דער פוילישער באַפעלקערונג אויף די מאַזורן אין די 30־ער יאָרן.

[63]) באַקאַנטער פוילישער שרייבער יאַלו קורעק, געב. 1892.

[64]) גענעראַל־גובערניע געשאַפן אויפן סמך פון היטלערס דעקרעט פון 12 אָקטאָבער 1939, אַרומגענומען די צענטראַלע פוילישע געביטן, איינגעטיילט אין 4 (שפּעטער 5) דיסטריקטן.

בער], אַז פאַרבאָטן צו רעדן דורכן טעלעפאָן. אין כעלם געטריבן טויזנט פינף הונדערט מענטשן צו דער גרענעץ, אכצן דערשאָסן געשטאָר־בן צווישן זיי ד״ר אקס, ברידער מאַרגוליס. צוריקגעשיקט פון יענער זייט, ווייל דאָס וועט זיין א פרעצעדענס אויף ווייטער, דערקלערט יענער. — אָנגעקומען די איבערזיד[לונגס]־קאָמיסיע, פירער צווילינג, זיין פאָטער דערהרגעט געוואָרן יענע וואָך. פאַרבעסערט די לאַגע. פראָפעסאָר רייכמאַן געוואָלט האָבן באַקומען א ידיעה, אַז די הונדערט מארק צי דאָלער, וועל־כע דער ברודער האָט אים געשיקט, קען ער נישט באַקומען, ווייל ער איז א ייד. מען זאָגט, אז צוליב דעם וואָס די אונטערוועלט געריבט אין מינסק, דערשאָסן 50 מענטשן — — מוזן זיי אַדורכגיין א קאראנטין און אַרבעטן אין די וועלדער. — ריזיקער קולטור־פארלוסט. פארשווונדן די פנקסים פון די שטעטלעך. — אין לאסקאזשעוו פארציקט עטלעכע און צוואנציק. — אין ייד[ישע] געוועלבן מוזן פארקויפן צו יענע [65] צו פאר־מלחמהדיקע פרייזן מיט א ראַבאט פון פינף און צוואנציק פראָצענט. אין כעלם א סך פון די צוגעקומענע געשטאָרבן צוליב דער טרחה פון וועג, עס פעלן נאָך דריי הונדערט פערזאָן, זיך פונאַנדערגעגאנגען. פון מיעלעץ: ערב ראש־השנה אַריין אין שעכטהויז, פאַרברענט די שוחטים, אין — — געשלאָגן און פאַרגוואלדיקט די פרויען דערנאָך אונטערגעצונדן.

האַרציקע גרוסן אייער פייוול [66].

18, 19 דעצעמבער 1939

מיינע ליבע!

אכצנטער דעצ[עמבער]. טרויעריקע גרוסן פון לאָדזש. די קהלה... געוואַלדן, אז דערוויילע אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסשיקן ביזן 1 מערץ, דאָס זאָל קאָסטן פיר הונדערט פופציק מיליאָן זל. ידיעות וועגן דעם, אַז גאַנצע קילאָמעטערס צוגן פאָרן מיט אויסגעוויזענע פון ל[אָדזש]. א סך גייען צופוס, א סך קינדער פאַרפרוירן געוואָרן. — [פון] אַלץ ווערט געמאַכט תמונות [67]. בכלל ווערט דאָס שטאַרק — — די חברות פון וו־ע. דאָס פאר־נעמען די 24, בילדער פון יידן, הייזער — — האָט געבראַכט יידן פון סעראַצק, פילמירט וכדומה. שומרים מיט אַפּאַראַטן. — אין לאָדזש רעדט מען וועגן א קויפוואָך פון דייטשן, איינער זיך געקויפט שטאָף פאַר 10 אַנציגער, א צווייטער מוכאָלאפקעס [68], וואָס — — די הענט. איך בען אַ טוריסט און פאָר קיין לאָדזש...

---

65) „יענע“, רינגעלבלום באַצייכנט סטאַביל מיט דעם וואָרט — צוליב קאָנספּיראַטיווע סיבות — די דייטשן.

66) פייוול, דער נאָמען פון רינגעלבלומס פאָטער.

67) דייטשן האָבן זייער אָפט געמאַכט פאָטאָגראַפּישע אויפנאַמעס.

68) פליגן־פאַפיר.

גיינצנטער דעצ[עמבער]. מען רעדט ווידער וועגן געטאָ אין ווארשע. אין פאַרגלייך מיט פריערדיקן, עס זאָל [גרעסער] ארומנעמען — — פאַראַן א צווייטער קלאַנג וועגן דעם, אַז אלע יידן זאָלן — — עס הויבן אָן קומען מענטשן אויך פון קראָקע. — —

19 דעצעמבער 1939

ליבער טאטע!

גיינצנטער דעצ[עמבער]. עס זענען היינט אָנגעקומען נייע ידיעות: אין איזביץ לוב[עלסק] זענען קאָנצענטרירט 1.120 יידן פון קאָלאָ [69]. א טייל פון זיי ווערן פונאנדערגעשיקט אין די אַרומיקע קליינע שטעטלעך. אין סאָקאָלאָוו פּאָדל[אסקי] זענען דאָ פינף הונדערט יידן פון קאַליש [70], עס ווערן דאָרט דערווארט צוויי נייע טראנספּאָרטן; אויסער דעם איז דאָ א פינפהונדערט יידן פון פּולטוסק, מלאווע, קראסנאָשעלץ. עס איז אויך דאָ א גרויסע צאָל יידן וועלכע עס געלינגט נישט דאָס אַדורכגיין אויף יענער זייט [71]. עס זענען לעצטנס פאָרגעקומען צוויי פאלן ביי דער גרענעץ־וואך. אין אָסטראָוו לוב[עלסקי] איז דאָ 850 יידן פון פויזן [72]. זיי זענען געקומען צופוס פון לעוורטאוו [?]. געגאנגען צוואנציק קילאָמעטער צופוס.

היינט הערשינען אין וו[ארשע] א פאַראָרדענונג וועגן ייד[ישע] פאַר־מעגנס. וועלכע האָבן מער ווי צוויי טויזנט זל. מוז מען דעקלארירן [73]. קלאנגען וועגן שינוי בלאָמבערג [74] בראש פון דעם נייעם סדר. אין וו[ארשע] דאָ אייניקע הונדערט רבנים פון קליינע שטעטלעך; נאָך דער טראגעדיע פון דעם וועגראָווער רב שנהרג, זענען די איבעריקע אנטלאָפן. קאָן [75] פאַרטריבן פון זיין דירה, באקומען א וווינונג ביי זיין גערטנער.

די לאָדזשער אינטעליגענץ איז געשיקט געוואָרן קיין קראָקע און פון דאָרט קומען זיי קיין וו[אַרשע]. עס וואקסט די צאָל פליטים אין וו[אַרשע].

69) זע הערה 41.

70) די יידן פון קאליש האָט מען אַרויסגעשיקט אין דער צייט פון 2 ביזן 9 דעצעמבער 1939. זיי האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע שטעט פון גענ. גובערניע.

71) געמיינט אויף דער סאָוועטישער זייט.

72) לויט אַנדערע קוועלן זענען פון פויזן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אָסטראָוו־לוב. העכער 500 יידן.

73) די פליכט צו דעקלאַרירן דעם גאַנצן פאַרמעגן אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג פון 16 נאָוועמבער 1939 און פון יאַנואַר 1940.

74) ווארשעווער געמיינט דעם גענ. ווערנער עדוואַרד פרץ פאָן בלאָמבערג. פעלדמארשאל 1878 — 1946. זייט 1933 מיניסטער פון דער רייכסווער, קריגס־מיניסטער פון III רייך (1935 — 1938) און אָבער־קאָמאנדיר פון דער ווער־מאַכט.

75) אשר קאָהן, באַקאַנטער טעקסטיל־פאַבריקאַנט אין לאָדזש.

דער פּאַסעק אויף דירות וואקסט. מען פּאָדערט פּאַר א צימער הונדערט פופציק, צוויי הונדערט זל. אין וו [76]. וועט צום ערשטן יאנואַר נישט טאָרן זיין קיין אין יידישער ווארשטאַט, קיין אין יידישע קראָם. לעצטנס דאָ ידיעות וועגן צוגן מיט קריסטן, וועלכע ווערן אויסגעוויזן פון זייערע היימערטער [77].

מיט הארציקע גרוסן דיין יעקב.

דער ערובניק געגעבן שכנא [78] צוויסן, אז אפשר וואָלט מען געקענט פויזנער פון לאָדזש תופס [78א] באַפרייען מיט א סערטיפיקאַט.

21 דעצעמבער 1939

דאָס ייד[ישע] שולוועזן איז אינגאַנצן פארמאכט געוואָרן. דער רוב לערער האָבן געמוזט זוכן אַרבעט מחוץ ווארשע און אויסוואנדערן אויף יענער זייט [79]. נאָכן איינפירן די בינדעס זענען די ייד[ישע] גאסן־הענדלער פאַרשוואונדן פון די געמישטע גאסן.

אין דער לעצטער צייט זענען זייער פּאָפּולער ביי דער פויל[ישער] באַפעלקערונג קאַפע־הייזער מיט אַרטיסטן און ארטיסטקעס אַלס קעלנערס, למשל יאראַטש [80] א. א. אויף דער פויל[ישער] גאס זעט מען נאָך אַמאָל א שמייכל, אויף דער ייד[ישער] טרויער. עס האָבן אויפגעהערט די באַזוכן אין רעסטאָראציעס, קאַפעהייזער. אויף געציילטע פויל[ישע] רעסטאָראציעס די אויפשריפט: פאר יידן פאַרבאָטן דער איינטריט. — שוועריקייטן פון דער טעטיקייט. א ייד טאָר מען נישט אויסצאָלן מער ווי 500 זל. און א ייד טאָר נישט האָבן מער ווי 2.000 זל. [81] די לעגענדע וועגן די לאָד[זשער] אסטאָריע-לייט אַז זיי לעבן [82]. [די] אַגענציע פּ. אי. פּ. — פּעוויען אידיאָטאַ פּאָויעדזיאַל [83]. פּ. וו. א. פּאָלאַקן ווילן אַזוי.

---

76) ווארשעווינלער ווארשע.

77) די טראנספּאָרטן זענען געווען פון פויזנער געביט, וואָס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין רייך (דעקרעט פון 10 אָקט. 1939) און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט מען ארויסגעשיקט פון די געגנטן („וואַרטעגאו") די פוילישע און יידישע באַפעלקערונג.

78) געמיינט שכנא זאגאן, דעם פירער פון פּ"צ — לינקע.

78א) לאָדזשער תפיסה?

79) זע הערה נר. 71.

80) סטעפאַן יאַראַטש, באַוווסטער פוילישער אַקטיאָר.

81) זע הערה נר. 73.

82) „אַסטאָריאַ". דעם 18 אָקטאָבער 1939 האָט אַ גרופּע ס"ס־מענער אַרויסגעפירט פון יידישן רעסטאָראַן אין לאָדזש „אַסטאָריאַ" אַן ערך 100 יידן — אַ קלענעם טייל פון זיי האָט מען דערנאָך פאַר געלט באַפרייט. אַ טייל האָט מען אָפּגעשיקט אין לאַגער אין ראַדאָגאָשטש. דעם גרעסטן טייל אָבער האָט מען שרעקלעך געפייניקט און דעם זעלבן טאָג אומגעבראַכט.

83) „אַ געוויסער אידיאָט האָט געזאָגט".

איין און צוואנציקסטער דעצ[עמבער] געקומען א שומר מיט צוויי יהודים מיט אומזיסטע באַן־בילעטן אָפּצוהיטן זיי פון וו[ארשע]. פון וולאָצלאַוועק אַרויסגעשיקט טויזנט פינף הונדערט יידן און טויזנט פינף הונדערט קריסטן קיין זאמאָשטש (מענער) און שטשעברעש[ין] (פרויען) [84]. די יידן געגעבן אין מאַרק צו עסן די קריסטן, הגם א טייל פון זיי גרויסע אַנטיסעמיטן.

אין באטשקי [Baczki?] לעבן וו[ארשע] ביי 150 יידן פון קאליש 100 אין לעפיאנקי, וווינען אין שול. דער בעל־הבית אראָפּגענומען צען פּראָצענט פאר די גולים. אין לעגיאָנאָוואָ ביי [?] גולים פון נאָווי־דוואָר. אויפגעגעסן טעפּל אין לאסוף פאר מקבל פּנים זיין די גדולים. אין קראָקע געהייסן אראָפּנעמען די שטריימלעך אָבער גלייכצייטיק געהייסן איינפּאקן אין נאפּטאלין. אין ווי[ליצע]ציע [?] טעטיק די גבודישע קאָמיסיע. מען זאָגט, אז פון יידן ווערן קיין בקשות נישט אָנגענומען. אין דער געגנט פון טשענסטאָכאָוו געשאַפן פּאַלעסטינישע עמיגראציע־קאָמיטעטן, אין פּיעטר־קאָוו אַן עמיגראציע־קאָמיטעט [85]. אין די אויסווייזן פון לאָדזש דאַרף מען די שליסל לאָזן שטעקן אין דער שאַפע, די פייגל און הינט ביי שכנים.

צער בעלי־חיים. געזען א וואָגן צופיל מיט קוילן, געהייסן אראָפּווארפן א ביסל כדי לייכטער צו מאַכן דעם פערד.

אין דער מלחמה־צייט האָט עקזיסטירט א „סטראזש אָביוואטעל־סקא” [86], א מין געהילפס־פּאָליציי. אין לאָדזש זיך געמאָלדן א טייל יידן. עס זענען געווען א גרויסער טייל אינטעליגענץ — — אַדוואָקאַטן. די אויפגאַבן זענען געווען האַלטן דיזשור[?] — — אַכטונג געבן אויף ריינ־קייט וכדומה. מיטן וווקס פון אַנטיסעמיטיזם ביים סוף פון סעפּטעמבער האָט מען אָנגעהויבן אַרויסשטויסן יידן פון דער סטראזש. געווען יידן אין דער סטראזש נאָך אין [פאר ?] די צייטן פון [?] אשכנז, פון 1 נאָ[וועמ־בער] אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אין די צייטן פון מלחמה האָט מען די יידן פון דער סטראזש אַרויסגעשטעלט אויף די געפערלעכסטע פונקציעס. דעריבער — א סך געפאלן.

[צושריפט ביים זייט[87]] אז זיי זאָלן אימשטאנד זיין נישט נאָר אויפ־צונעמען און צו העלפן די אָרטיקע נויטבאדערפטיקע, נאָר איינצוגלידערן און אַריינציען אין דער ג״ח־באַוועגונג — —

צוואַנציק טויזנט גולים. פאר מעות טויפשיינען אנגעטאפעל [?] ביזן דריטן דור. מען — — פון דער לעמבערגער דיעצעזיע. גוטע באַציונג פון פּאָלאַקן אין קעגנזאץ צו די ערשטע צייטן ווען געלאַכט, ווען געזען יידן

[84]) די יידן פון וולאָצלאַוועק זענען קיין שטשעבזשעשין אָנגעקומען דעם 18 דעצעמבער.

[85]) די ידיעה באַשטעטיקט זיך אין ליכט פון אַנדערע דאָקומענטן.

[86]) בירגער־מיליץ.

[37]) דעם זאַץ האָט צוגעשריבן נישט רינגעלבלום, ווארשיינלעך איינער פון זיינע מיטאַרבעטער.

פירן צו דער אַרבעט. גוטע שטימונגען. ביי פּאָל[אקן]. גלויבן, אַז אַלץ וועט זיך איינגיכן פאַרענדיקן צום גוטן. כלומרשטע פּאַרטיזאַנער אין סטאַניסלאַ[וּוער] געגנט.

אין דעם ריין פּוילישן ווּלאָכי [88] שלאָגט מען א יינגל, וואָס שרייט „יודע".

טראַגעדיעס פון נישט וויסן [?], ווי די פאַמיליע געפינט זיך: מען ווייסט נישט, ווי די צוגן פירן אַוועק פון פאַרשיידענע שטעט.

מיט קיין שנעלצוג קען מען נישט פאָרן. מוז מען נעכטיקן אויפן וועג קיין איט[אליען]. אין קאַטאָוויץ — — טאָרן קיין יידן נישט זיין.

אין דער גזשיבאָווער חברה [89] געאַרבעט פריער פאַר 4 זל. א טאָג. געזאָגט, אַז צופיל. פאַרקלענערט אויף 3 זל. געפלאָגט און 3 אויפגעגעבן [?] 5 קראנק.

געהאַט די סגולה פאר אַנשים, וואָס געדאַרפט עוקר [?] זיין.... גע־קומען אויף סיענגאַ, געעפנט פאר 3 פּאָלאַקן א נישט באַוווינטע ייד[ישע] וווינונג און צעטיילט די זאַכן צווישן אלטע דינסטן פון הויז. גאַלעען [?] געריווּבט [?] בא יידן שיכלעך [?] און געטיילט פּאָליאַקן — — לעצטנס אין דער גאַס געביטן די — — .

דאָס הויז פון דער פרעסע אין קראָקע באַגנבעט ביי דער נאַכט־עוואַקואַציע.

22 דעצעמבער 1939

ליבער זיידע!

דעם צוויי און צוואַנציקסטן דעצ[עמבער]. קען דיר מודיע זיין פאָל־גענדעס: געקומען א ידיעה, אַז אין פּויזנער געגנט אַלע יידן פון פּויזנער קאַנט צונויפגעזאַמלט. איבער דריי הונדערט פופציק יידן אין גנעזן אין א לאַגער, דאָרט געהאַלטן אכט וואָכן און דערנאָך אַפּגעשיקט — — צווישן — — אַרויסגעשיקט מיט א לאַסטצוג פון פויזן קיין אָסטראָוו לוב. געווען א ייד — — פּאַדערט [?] צוויי יאָר, אַנדערע שוואַכע און קראַנקע נישט אויסגעהאַלטן די לאַסט — —

אין לובלין געפּאָדערט דאָס ליד „לאָמיר זיך איבערבעטן". לאָמיר זיי איבערלעבן. אין וו[ארשע] אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג מיט די שילדן און וויזיט־קארטן אויף דער טיר. האַש. [?] אויפגעשריבן, אַז ער איז א יידנעלטסטער איינזאַץ גרופּע. אין פּיאָטרקאָוו חרוב געמאַכט דעם אלטן בית־עולם אויף אויסצוגלייכן דעם וועג. א קלאַנג, אַז די אַרבעטס־באַ־טאַליאָנען פון דער קהלה זאָלן אויפהערן און דאָס געלט זאָל די קהלה געבן פאַרן מאַגיסטראַט אויף באַשעפטיקן קריסטלעכע אַרבעטסלאָזע.

---

88) Włochy, אַן אָרטשאַפט לעבן וואַרשע.

89) אויף גזשיבאָווסקע 26 האָט זיך געפונען דער יודענראַט.

ביינאַכט שטייען פאר די צערקלען... פאכלייט [?]. וואָס זענען גרייט פאַר 3—5 זל. צו אַרבעטן אין די בלאָקן. אין ל[אָדזש] טאָר אַ ייד נישט אויסקויפן מער קיין זאכן אין לאָמבארד.

פאַראָרדנונג וועגן קאָנפיסקירן אַלע קונסטזאכן הן עפנטלעכע, הן פריוואטע [90]. ביי וועדלען [91] פאַרקויפט מען נישט קיין יידן קיין טשעקאָלאַד. א גדול געזען ווי א שרה אראָפגעוואָרפן צוקערלעך פון [?] א ייִנגל, געגעבן 20 זל. און געזאָגט, אַז די ליידן פון ישראל וועלן זיך אינגיכן ענדיקן. אין ל[אָדזש] געשלאָגן א ייִנגל בשעת דער אַרבעט, משוגע געוואָרן. געקומען ביינאַכט, געצוווּנגען אָפּצוזאָגן זיך פון הויז און אונטערשרייבן זיך, אַז ער וועט באַצאָלן הונדערט זיבציק טויזנט, געמאַכט ויברח. אין גלאָוונע [92] אין לאגער פון די פויזנער־כשוף — — צוקערלעך, לאָקשן א. א. פּראָפּ. קאטארבינסקי [93] זוכט לעקציעס. משומדות פרויען פון ראשים באקומען נישט קיין שטיצע. סימפּאַטישע שטימען פון פּאָל[אקן]. מיר פארשרייבן די נעמען פון די, וואָס ווייזן אָן אויף ייד[ישע] קראָמען און וווינונגען — — זאָגט, נאָך וואָס טראָגט איר די בינדע, נעמט זי אראָפּ.

דער עולם שווייגט נישט. ווען מען נישטערט, גייט מען מיט דער הינטערטיר און רופט די היטער, מען עפנט דאָס פענסטער און מאַכט א ויצעקו, מען וויינט און קלאָגט, געצוווּנגען צו לאָזן די פּעקלעך און אַנטלויפן. הגם די שומרים טאָרן נישט קומען אין קראָמען — — דאָך. דאָס בילד פון דער פרוי, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך א פּאָר דייטשקעס, 2 שומרים פון קרולעווסקע ביז קראָקעווער פאָרשטאָט, אַדורכגעגאַנגען ראשים, קיינער נישט געהערט, דאָס געשריי: „איך בין אַן אלמנה, דאָס איז מיין ברויט [?]". געבן אַ סך נידעריקער די פרייזן אונטערן קאָסטןפרייז. דער קבלת־פּנים פאַר די, וואָס קלאָגן זיך. איר באַליידיקט אונדזער פּאָלק [?]. דאָס זאָגט אויף יעדן שריט און טריט. — קינדער, וואָס זינגען אויפן פראָסט [?]. — — 93א אוממעגלעכקייט צו פירן א קולטור־אַרבעט. דאָס אַרויספאָרן [?] פון... פירער און עסקנים. אינסטיטוציעס געבליבן אָן לייטער. א טייל צוריקגעקומען פון יענער זייט. אין פּיאָטרקאָוו געפאָדערט, אז דער פּראָטאָקאָל [?] פון דער קהלה זאָל זיין געשריבן אין דריי שפּראכן: דייטש, פּויליש און יידיש. אין וואַרשע [?] בשעת — — לכתחילה געפאָדערט אין העברעיש, ווען אויפגעקלערט, אז יידיש אומגאַנגסשפּראַך, מסכים געווען. מען מאכט נישט חוזק פון יידיש, פארקערט, יידן ווערן אָפּט באַנוצט אַלס איבערזעצער. — דאָס איינפירן די ברויט־

---

[90]) אויפן סמך פון הימלער־פאַראָרדענונג פון 16 דעצעמבער 1939.

[91]) געמיינט די באַקאַנטע פירמע ע. וועדעל — שאָקאָלאַד־ און צוקערלעך־פאַבריק אין וואַרשע.

[92]) Głowno, אויף דער גרענעץ פון ג. ג. און וואַרטעגאו.

[93]) קאָטאַרבינסקי טאַדעוש (געב. אין 1886), פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. פילאָזאָף. פּרעזעס פון פּוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע זייט 1957.

[93א]) אומלעזבאַר עטלעכע שורות.

קאַרטן אין גאַס איבערגעגעבן דעם פאַרקויף א קלײנער צאָל יידישע געוועלבן און דאָס נאָר אין יידישן ראיאָן, פאַרקלענערט די פרנסה־מעג־לעכקייטן פון יידן. דאָס זעלבע מיטן קוילן־האַנדל — — פון די — — הורטאָווניקעס, וועלכע פאַרטײלן די קוילן צו דעטאַליסטן, נישט קיין איין ייד. צווישן די דעטאַליסטן זײער ווייניק א. א. וו. באַדייטנד פאַרקלענערט די צאָל יידישע רעסטאָראַציעס, באַזונדערס אין פוילישן געגנט. צוליב דער. — —

25 דעצעמבער 1939

אין וולאָדאַווע באַקומען א באַשטעטיקונג, אז די — — איז אומבא־רירלעך. געקריגן דעם פיר און צוואַנציקסטן דעצ[עמבער] א ידיעה, אַז אויפן גרענעץ־פּאַס ביי מאלקין ליגן אין נייטראַלן פּאַס עטלעכע טויזנט מענטשן, וועלכע קענען נישט אהער און נישט אַהין. די מענטשן ליגן שוין עטלעכע וואָכן. די מענטשן פרירן. געווען איניקע טויט־פאַלן, איניקע פּערזאָן גוססן. דאָ בריוו פון ביאל[יסטאָק] [?], אַז פונעם ערשטן וועלן די שמוגלער אויף יענער זייט באַשטראָפט ווערן מיט טויטשטראָף, די פּער־זאָנען מיט 3 יאָר תפיסה. — די קאָמיסיע אַרבעט איבער דעם, די אומ־זידלונג איז נישט חל נישט אויף יידן און נישט אויף פּאָלאַקן. — א ידיעה פון קעלץ, אַז די אָרטיקע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן א באַשטעטיקונג א ייד מיט א שיינער באָרד, אַז דער אינהאָבער פון דער באָרד א. א. וו. געזען א באַשטעטיקונג פאַר דעם אָנפירער פון די יידן אין קאַטאָוויצער קרייז (סאָסנאָוויעץ, בענדין א. א.), אַז ער קען האָבן צוואַנציק טויזנט זל., אַז ער קען לאָזן פאַרהאַפטן יעדן ייד, אַז ער קען זיך פריי באַוועגן טאָג און נאַכט[94]. — געווען היינט דעם פינף און צוואַנציקסטן א באראַטונג פון איניקע עסקנים (שטיין[95], שכנא[96], שוואַרץ[97], אפּעלבוים[98]) וועגן דער באַציונג צו אלפרעדס[99] איינלאַדונג וועגן עמיגראַציע. געווען א מיינונג, אַז מען דאַרף אים אַרומשטעלן מיט אָרנטלעכע מענטשן, פאַרלייגן דאָס אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד וועגן עוויאַנער קאָמיטעט[100] די מורא

---

94) מ.(אָניעק) מערין — דער לײטער פון עלטעסטע־ראַטן (יודענראַטן) אין זאַגלעמביע און אויבערשלעזיע, וואָס האָט געהאַט דעם זיץ־אָרט אין סאָסנאָוויץ.

95) עדמונד —(מנחם) שטיין (1891 — 1943) — דאָצענט פון יודאיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע, אומגעקומען אין יאַנואַר 1943.

96) שכנא זאגאַן פון לינקע פ"צ. זע הערה 78.

97) פנחם שוואַרץ פון „בונד" איצט סעקרעטאַר פון ייוואָ אין ניו־יאָרק.

98) י. מ. אפּעלבוים, זשורנאַליסט פון „מאָמענט", לײטער פון פאָלקס־קיך אין געטאָ.

99) אַלפרעד נאָסיג. זע הערה 49.

100) אין יולי 1938 איז אין עוויאַן (שווייץ) פאָרגעקומען אַן אינטערנאַ־

באַשטייט אין דעם, אַז אין דעם מאָמענט ווען די ערשטע פּופּציק וועלן נישט לעגאַל פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, וועט מען הייסן הונדערטער טויזנטער אַרויספֿאָרן אויף דעם אופֿן. מען האָט געהאַט פֿאַרבאַהאַלטן וועגן דער פּערזאָן פֿון ח. נ[אסיג], וועלכער איז אויך אַרויסגעשוווּמען בשעת דער לעצטער מלחמה. מען דאַרף פֿון אים פֿאָדערן צו דערמעגלעכן דאָס אָנ־קניפּן דעם קאָנטאַקט מיט די יאַהודישע [?] חלוצים, וועלכע פֿאָרן יעדן חודש צו עטלעכע הונדערט קיין א״י. באַשלאָסן צו דעלעגירן אייניקע „קד־בנות״, וואָס זאָלן מיט אים אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט.

אין דער גאַס באַווייזן זיך פּלאַקאַטן וועגן ווראָזשביטעס ווי פּיפּעלא[101] אַ. אַ. וואָס זאָגן פֿאָרויס וועגן די פּערזאָנען, וועלכע זענען ווייט.

די באַדינגונגען אין דעם לאַגער פֿון די פּויזנער יידן זענען געווען נישט קיין שלעכטע. די יאַהודים האָבן פֿאַרניכטעט אַלע פֿרעמדע וואַלו־טעס אויס מורא, די פּוילישע נישט. אין לאָדזש געווען אין דער לעצטער צייט בלויז איין באַנהאָף: דער קאַלישער צוטריטלעך פֿאַר יידן און פּאָלאַקן, פֿאַר דייטשן, חיל דער פֿאַבריקס־באַנהאָף. די גאַנצע פּויל[ישע] אינטעלי־גענץ, רייכע סוחרים און אינדוסטריעלער אַרויסגעפֿירט פֿון פּויזן, גדיניע א. א. מאָדנע גלגולים. מיט עטלעכע [טעג] צוריק איז געקומען פֿון רוסלאַנד ד״ר גאָלדע, ד״ר מעדיציז, וואָס איז מצד דעם אַגראָדזשאָינט[102] געפֿאָרן קיין רוס[לאַנד] פֿון פּאַריז מיט אַ גרופּע דאָקטוירים. ער איז צוזאַמען מיט די אַלע אין י.1936 באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש[103]. צען טעג האָט מען איינעם פֿון די דאָקטוירים געמאַטערט, נישט געלאָזט אים שלאָפֿן, שטיין און געצוווּנגען אים אונטערצושרייבן, אַז ער האָט גע־טריבן באַקטעריאָלאָגישן שפּיאָנאַזש. אין הער העלפֿט דעצעמבער [1939] באַפֿרייט און צוזאַמען מיט אַ גרופּע דייטשן געשיקט קיין פּוילן. דאָ אַרויסגעלאָזט אויף דער פֿריי. מען דערציילט, אַז אויף יענער זייט ווערט אויפֿגעהערט די גילטיקייט פֿון פּוילישן געלט. מען קען טוישן בלויז 300 זל. מען שיקט צו דער אַרבעט אין אוראַל[104], דער עיקר די וואָס ווינען

ציאָנאַלע קאָנפֿערענץ געווידמעט עמיגראַציע־פּראָבלעמען פֿון יידן. עס איז דאָרט געשאַפֿן געוואָרן אַ סטאַבילער קאָמיטעט (אַ. ג. עוויאַנער קאָמיטעט), אין וועלכן עס זענען געווען פֿאַרטראָטן פֿאָרשטייער פֿון פֿאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, לאַטיין־אַמעריקע, סקאַנדינאַווישע לענדער. דאָס זיץ־אָרט פֿון קאָמיטעט איז געווען אין לאָנדאָן.

101) Pyffello — באַקאַנטער כיראָמאַנט אין וואַרשע.

102) אין יולי 1924 איז ביים אַמעריקאַנער „דזשוינט״ געגרינדעט געוואָרן דער אַגראָ־דזשוינט. American Jewish Joint Agricultural Corporation וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו באַזעצן אַ גרעסערע צאָל יידן אויפֿן באָדן אין דרום־רוסלאַנד.

103) דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע, אין רעזולטאַט פֿון וועלכער ס׳איז אומגעקומען ד״ר גאָלדע און אַנדערע טוער פֿון אַגראָ־דזשוינט.

104) סוף 1939 האָבן זיך אויף די געביטן פֿון מערב־אוקראַינע און מערב־

אין שולן, בתי־מדרשים. פון קאָוונע דערציילט מען — ווי א[ויך] ווילנע — אַז די אַרטיקע אינטעליגענץ האָט נישט מער ווי איין אנצוג, דעם רעשט געשאָנקען די פליטים, וועלכע זענען זייער גוט אויפגענומען גע־וואָרן. נישט אַלע האָבן אָוועקגעלייגט דעם כלי־זין פון וויסנשאַפט. אין פּיעטרקאָוו שטודירט ווייטער הרב הובערבאנד[105], וואָס שרייבט די כראָ־ניק מימי אשכנז. די „ייוואָ"־פריינט זאמלען מאַטעריאַלן פון דער צייט. פון פרידמאַנס מקום[106] ווערן דורך ערלים געבראכט מעות בתורת היזק צען פּראָצענט. וואַרשע איבערגעפּולט, אין יעדער שטוב לאָדזשער, קאַ־לישער א. א. עס שווימט און גריבלט פון פּוילישע א. א. שווינדלערס און אַפּעריסטן, וואָס מסרן און שאַנטאַזשירן מיטן נאָמען פון דער סיטרא אחרא. די מעשה מיט וולאדיסלאַוו דובניאק (דאַוובניא), בוטשאַטש־קאָלאָמיי[107].

מיט גרוס דיין פיזול.

דעצעמבער 1939

ליבער טאַטע!

בשעת דער מלחמה נאָכן איבערגיין פון וו[אַרשע] צום אשכנז איז ביי דער פוילישער באַפעלקערונג געווען אן אינטערעסאנטע באַציונג צו רוס[ן]. זיי האָט מען אויסדערוואַרט אויפן אָרט פון די אשכנזים — עס זענען נישט געווען קיין פיינטלעכע שטימונגען קעגן זיי. די וועשערין האָט זיך דערמאָנט: איז דען ביים רוס געווען שלעכט? דאָס וואָרט „סאָ־וויעצקי פשידאָם"[108] האָט נישט אַרויסגערופן קיין מורא. דאָס איז געווען א רעאקציע אויף דער דערשיטערונג צוליב דעם פונאנדערפאַל פון פוילן, צוליב דעם, וואָס מען האָט געלאָזט הונגערן מענטשן בשעת אין די מאַגאַ־זינען איז געווען פול מיט אַלץ. מען האָט גאַנצע נעכט געוואַרט ביי די בעקערס אינדערפרי זענען געקומען די פויל[ישע] זעלנער און האָבן אַלץ צוגענומען. איך דערמאָן זיך דריי רייען: פון זעלנער און מונדירטע, פון פרויען מיט קינדער און פון עמך. מען פלעגט אָפּשטיין גאַנצע טעג און גאָרנישט באַקומען. די סוחרים האָבן אָדער באַהאַלטן די סחורה אָדער

---

ווייסרוסלאַנד פרייוויליק געמאָלדן פיל פליטים פון פוילן אויף ארבעט קיין אוראל.

105) הרב שמעון הובערבאנד (1909 — 1942). בעת דער אָקופּאַציע געלעבט אין וואַרשע, מיטגעאַרבעט אין אונטערערדישן געטאָ־ארכיוו, מחבר פון א ריי רעפּאָרטאַזשן וועגן שענדן און פארניכטן שולן, בתי־מדרשים און בתי־עלמינס.

קיין אוראל.

106 ד"ר פיליפ פרידמאַן (1902 — 1960). דער באַקאַנטער יידישער היס־טאָריקער האָט דעמלט געלעבט אין לעמבערג.

107) דערווייל נישט אידענטיפיצירט די פּערזאָן.

108) „די סאָוויעטן וועלן קומען".

מורא געהאַט צו שטיין אין קראָם. עס איז אַרויס א פאַראָרדענונג פון שטאָט־פרעזידענט, אַז די קראָמען מוזן זיין אָפן, אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. די געוועלבער פלעגן אַרויסהענגען אין דרויסן אויפשריפטן וואָס זיי האָבן אין קראָם. נישט געווען קיין ברויט, ציאסטקעס, קאַשע, מעל, גרויפּן, רייז. אוגערקעס געזויערטע איז געווען לרוב. פּאַפּיראָסן פאַר זייער א טייערן פּרייז. עס איז צו באַוווּנדערן די אוגערקעס־פאַרקויפער, וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן בשעת דער גרעסטער באָמבאַרדירונג, אַלץ כדי צו פאַרדינען א גראָשן. מיט עטלעכע טעג צוריק [איז] געווען אַן אַרטיקל (דעם דריי און צוואַנציקסטן דעצעמבער) אין „וואַרשאַוער צייטונג" וועגן דער לאַנדווירטשאַפט אין גובערניע. דאָרט איז געווען געשריבן, אַז מען וועט יידן באַשעפטיקן ביי צוואַנגסאַרבעטן ביים אַדורכפירן דעם לאַנדווירטש[אַפטס]־פּלאַן פון דעם מלכות[109].

צענדליקער אנעקדאָטן ווי אַזוי אַדאַנק דעם הערשנדן טיפּוס זענען ווינונגען ניצול געוואָרן פון לקחנות.

פאַרניכטעטע אוצרות מיט ווערטפולע ביכער, אַלטע צייטשריפטן צוליב מורא פאַר די נייע צייטן. איינער רוזש[110]. אַוועקגעלייגט די דאָזיקע ביכער צווישן א באַריקאַדע, אולי טאָמער וועט זיך אַנדערש מאַכן. „ייוואָ" פאַרשרפט א סך מאַטעריאַלן. גאַנצע ביבליאָטעקן נשרפו.

געביטן דעם פּעלץ: מעדזשעשין — חברות — קיכן — משנה שם — משנה מזל. צענדליקער אינסטיטוציעס חרוב געוואָרן. ג"ח־קאַסעס[111], קאָאָפּעראַטיוון־צענטראַלע באַנקראָטירט, די גאַנצע בירגערלעכע פילאַנטראָפּיע־טעטיקייט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, קוראַטאָריומס פון יתומים־הייזער א. א. דער פּרויען־קאָמיטעט פון רעטונגס־קאָמיטעט אויפגעהערט. עמך אָרגאַניזירט זעלבסטהילף סיי בשעת דער מלחמה[112], סיי שפּעטער. די ווענט זענען באַשמירט און פאַרשמוצט מיט האַנטשריפטלעך געשריבענע מעלדונגען, וועגן ווינונגען וכדומה. דערשינען אין דעצעמבער אַ פאַראָרדנונג, אַז אַלע מעלדונגען אין דער דייטשער שפּראַך און אונטן מיט קלענערן שריפט אין פּויליש. אייניקע טעג פאַר חנוכה דעצ[עמבער] און בשעת חנוכה א געוויסע אַנטשפּאַנונג אין דער באַציונג צו יידן. די סיבה? א טייל באַהויפּטן, אַז צוליב דעם, וואָס מען איז פאַרנומען מיט די יום־טוב־צוגרייטונגען, אַנדערע מיט אַלגעמיינע סיבות. און אפשר צוליב דער סאָוויעטישער מיסיע? דאָס געפיל פון נקמה האָט באַהערשט א סך. די האַלוצינאַציע ביינאַכט, די ווילדע פאַנטאַזיעס וועגן הריגה און שפיכת דמים. שפּעלעך ווערן פאַרוואַנדלט אין וועלף. חלומות פון מענטשן.

---

109) געמיינט די פאַראָרדנונג פון גען. גובערנאַטאָר פון 26 אָקטאָבער 1939 וועגן צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידן אין ג. ג.

110) נישט אידענטיפיצירט די פּערזאָן

111) גמילות־חסדים־קאַסעס.

112) געמיינט די צייט בעת דער סעפּטעמבער־קאַמפּאַניע 1939.

וואָס עס וועט זיין ווען — — [113] די ידיעות וועגן טויט און קראַנקהייט פון רוזוועלטן, וועגן זיינע אָפּגעדאַנקטע פּיס און טראַנספּאָזיציעס. שכנאַ[114] ז'ער אָפּטימיסט, וואָס גייט שטענדיק אַרום מיט א שמייכלדיק פּנים, וואָס פאַרלירט קיינמאָל נישט זיין הומאָר. אין די ערשטע צוויי טעג פון דער מלחמה נישט געגלויבט אין דער מלחמה. באַטראַכט די באָמבאַרדירונג פון דעם „צענטאָס" [115] -אַנשטאַלט פאַר א פּראָוואָקאַציע מצד די פּאָל[אקן]. דער ערשטער גרינדער פון דער קיך פאַר פאָלקסמענטשן. בשעת דער באָמבאַרדירונג געקומען יעדן טאָג וועגן פּראָדוקטן, באַזאָרגט מיט וויינונגען, אַרבעט די געקומענע פון לאָדזש א. א. שטעט. נאָך מער, פאַרנדיק א גאַנצן טאָג איבער פוילן נישט געוווסט וועגן דעם אויסברוך פון דער מלחמה. געגלויבט, אַז פּרוור-אַליארם אויפן צוג. געפאָרן מיט פארמאכטע לאָדנס.

דעצעמבער 1939

— — בשעת דער באלאגערונג געווען 6 פאַרגעשלאָגענע טעאַריעס ווי אזוי אויסצומיידן שראַפּנעלן — — גאָרנישט געהאָלפן, ווייל פון אַלע זייטן געשאָסן און באָמבאַרדירט. סטאזשינסקי [116] דערמאָנט די ייד[ישע] באַפעלקערונג וועגן ריינקייט. די שפּורן פון דער מלחמה תיכף באַזייטיקט. דאָס מיסט ווערט פאַרברענט. מען שטייט אָפּ נאָך ברויט פון 7 אין אָוונט ביזן אַנדערן טאָג מיטאָג-צייט. פּ. ק. אָ. [117] צאָלט נאָר אויס צו 50 זל. אָבער אזוי ווי שטאַרק באָמבאַרדירט, מיידט מען עס אויס. מען האלט זיך אָפּ פון פאַרקויפן, ווייל מען האָט מורא פאַר דער נייער וואלוטע. די קלאַנגען וועגן די גרענעץ-ענדערונג אונטער דער אשכנזישער ממשלה. — אין אָנהויב דער קלאנג וועגן פראגע. טויזנטער גייען אויף יענער זייט בריק [118]. הכל יכולים לעשות — אצל כלאַווטאַזש [?] ארשין מאכער. אין די אשכנזישע צייטן נישט געטאָרט גיין לכתחילה פון 7 ביז 5 פרי, שפּע-טער פון 8 ביז 5 פרי [119]. דערשאָסן אנשי שלומנו פאר גיין שפּעטער. פאר דאָקטוירים און קראַנקן-שוועסטערס אַן אויסנאָם. ייד[ישע] דאָקטוירים

113) אַזוי אין טעקסט.

114) זאגאַן. זע הערה 78.

115) „צענטאָס" — צענטראַלע אינסטיטוציע פאַר שוץ פון יידישע קינדער אין פוילן.

116) זע הערה 17.

117) זע הערה 14.

118) אין יענער צייט געווען קלאַנגען, אַז די דייטש-סאָוויעטישע גרענעץ וועט זיין ביי דער ווייסל, נישט ווייט פון וואַרשע. צוליב דעם זענען פיל מענטשן אַריבער אויף פּראַגע.

119) די אָקופּאַציע-מאַכט האָט איינגעפירט פּאָליציי-שעהן פאַר פּאָליאַקן און יידן.

זענען אומזיסטע קרייז־דאָקטוירים, וועלכע האָבן רעכט צו גיין איבער די הייזער און זאָרגן פאר דער געזונטהייט. טיפוס — סיבה פון אָפּלייגן דאָס געטאָ[120]. בשעת דער מלחמה אורעלע[121] געוואָלט זאַמלען שטיקלעך פון שראַפּנעלן. דאָס משוגענע לויפן פון מענטשן בשעת דער באָמבאַרדירונג. אומעטום ברענט. מענטשן לויפן פון איין הויז צום צווייטן. — א טייל געבליבן אין דער נאַכט־וועש. אויפרופן פון צייט צו צייט אין פּויליש וועגן אונטערגעבן זיך[122]. דאָס נאָכמאַכן דעם וואַרשעווער ראַדיאָ פאַלשער נומ.
1. די איינציקע סטאַציע ווילנע פלעגט אָנגעבן רעפּאָרטאַזשן פון וואַרשע פון דער באַלאַגערטער שטאָט. די פאַרוואורפן, אז סטאַזשינסקי האָט אונטערגעגעבן די שטאָט. די — — קהלה־אָנפירער נאָמינירט געוואָרן טשערניאַקאָוו[123]. געהאַט א געוויסע געלט־סומע (די דייטשן געפונען 90 טויזנט) און גאָרנישט געטון בשעת דער באלאגערונג. געווען פאַרמישט און באַשעפטיקט מיט פּאָליטיק. דער פלאַקאַט וועגן דער ציילונג אין דריי [?] שפּראַכן[124]. מיט דער אָפּאַסקע: יידן־ציילונג גענומען צו דער אַרבעט. יאַש[125]. גייט מיט א פאַרפּאַסטן, זיין פרוי, מען זאָל אים נישט כאַפּן[126]. זייע מעטאָדן — מען נעמט פון די שטובן, מען באַהאַלט זיך אין די טויערן. נהרוג פאר אַנטלויפן פון דער אַרבעט. שומרים טאָרן נישט קומען אין קיין קראָמען, אָבער לאוו. צוגעלקחנט געלט „וואָס, דו האָסט דו העזה צו באַשולדיקן אין" — —[127] פאַרטראַכט די ק. אין א טייל פאַלן געהאַט א פעולה.

דעם זעכצנטן דעצ[עמבער] א צוגאָב־פאַראָרדנונג, אז דער מגן־דוד דאַרף הענגען איבער יידישע שפּיטעלער, וווינונגען פון דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און בכלל פרייע באַרופן[128]. די שומרים קויפן יעדע [זאך] אויך

---

120) שוין אין אָקטאָבער 1939 האָט די דייטשע מאַכט געפּלאַנט צו שאַפן אַ געטאָ אין וואַרשע.

121) רינגעלבלומס זון, זע הערה 26.

122) די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגעלאָזט פלוגבלעטער צו דער באַפעלקערונג, ווי אויך גערופן זי דורכן ראַדיאָ אונטערגעבן זיך און נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד.

123) אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַראָרדנונג פון גענ. גובערנאַטאָר ה. פראַנק וועגן יודענראַטן פון 28 נאָוועמבער 1939 האָט גובערנאַטאָר פישער נאָמינירט אַ יודענראַט אין וואַרשע בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען אינזש. אַדאַם טשערניאַקאָוו (1880 — 1942).

124) די פאָלקסציילונג אין וואַרשע איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 28 אָקטאָבער 1939 י.

125) וואַרשעווער אינזש. יוסף יאַשונסקי, מיטגליד פון וואַרשעווער יודענראַט, לייטער פון סטאַטיסטישער אָפּטיילונג.

126) געמיינט כאַפּן צו דער אַרבעט.

127) אַזוי אין טעקסט.

128) שוין דעם 8 סעפּטעמבער 1939 האָט דער שעף פון דער ציווילפאַרוואַלטונג ביים מיליטערישן אָבערקאָמאַנדיר אין קראָקע אַרויסגעגעבן א פאַראָרד־

ביי די מגן־דודס. אין „קוריער וואַרשאַווסקי״ [129] א סעריע ארטיקלען וועגן דער יידישער השפעה אין קינאָ, טעאטער א. א. נישטא קיין אונטער־שריפט — — שרייבער. — — אַרבעט מיט.

אכצנטער דעצ[עמבער]. מען האָט געהוליעט אויף ביעל[אַנסקא], און די משוגעים געשריגן: זאָל לעבן דער פירער א. א. וו.

אין טשענסטאָכאָוו געהאַלטן אויפן בית־עולם פרויען און פאַרמעגלעכע מענטשן, ביז וואַנען מען וועט נישט באַצאָלן די קאָנטריבוציע פון זיבן הונדערט טויזנט. מען זאָגט, אַז זיי האָבן צוגעזאָגט צוריקציען די קאָנ־טריבוציע, אויב די קהלה וועט זיך פארפליכטן, אז 7 טויזנט יידן וועלן אָפּטירן לטובת רוסלאַנד.

דאָ ידיעות פון פארשיידענע שטעט. ראַדאָם, אָסטראָוויעץ א. א. וו. וועגן געדרוקטע פארמולארן, אז מען אָנערקענט זיך אַלס אוקראַינער. אין פלינטראָווא [?] לעבן שעדלעץ. דאָ א ידיעה, אז צוויי טויזנט גולים פון בלאשקי לאגערן אויף א פעלד. די וואַרשעווער קהלה גיט אויס 150 טויזנט זל. אויפן אַרבעטס־באַטאַליאָן [130]. א קלאַנג וועגן אָפּשטעלן די רעס־טריקציעס קעגן די יידן צוליב די באַציונגען מיט אַמעריקע. פון לאָדזש א ידיעה, אז געגומען מענטשן צו דער אַרבעט, דערביי געהייסן אויף דער גאס שרייען, אז דער ייד האָר־בעלישא [131] שולדיק אין דער מלחמה, מיר יידן זענען שולדיק אין דער מלחמה. קלאַנגען וועגן דעם — — טערקיי, איראַק, א״י, פוילן, טשעכיע תחת וועיגאַנד. געהייסן שיידן זיך מיט אונדז. און — — דאָס געשפּרעך מיטן זקן פון זשאָליבאָזש. די טעריטאָריאַלע שיידונג — — — פון יידן און פּאָלאַקן. — דאָס ווערט צוגעגרייט אין משכילים [?] — — שטאָט [?] — — אין יאַנואַר. דאָרט זאָל זיין אָנדערטהאַלבן מיליאָן יהודים, ער לייגט פאָר מוניען [132] מיטצואַרבעטן אינעם עמיגראַציע־רעסאָרט.

1939

מיטאָגן פאר פאראַרעמטע. — —

אין טאָרנע, ווו זיי האַלטן — — סק אויפן כאַריטאַטיוון געביט — — וועמען זיי פאַרדאַנקען זייער גאַנצע קאַריערע — — גיט א סך געלט אויף יידישע צוועקן. צווישן אַנדערן — — יום־כיפור מנדב געווען

---

בונג, וואָס פאַרפליכטעט אַלע יידישע אונטערנעמונגען, געשעפטן, קאַנצעלאַריעס, אַרויסצוהענגען אַ מגן־דוד־שילד.

129) געמיינט דעם „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי“ — אַ היטלעריסטישע טאָג־צייטונג אין דער פוילישער שפּראַך.

130) אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרבעטס־צוואַנג פאַר יידן זענען אין וואַרשע אָרגאַניזירט געוואָרן ביים אַרבעטס־אַמט פון יודענראַט — אַרבעטס־באַטאַליאָנען.

131) ל. האָר בעלישאַ, קריגס־מיניסטער פון ענגלאַנד אין די יאָרן (1937 — 1940), פון יידישער אָפּשטאַמונג.

132) מוניע — עמאַנועל רינגעלבלום.

5.000 זל. פֿאַר דער טלאָמאַצקע — — דערמאָנטע האָבן אויך גבירישע פּאַנטאַזיעס. ווען זיי — — וואַרשע דינגען זיי אָפּ אויף א נאָכמיטאָג אַ פּריוואטע — — זיך און די שותפים פאר עטלעכע הונדערט זלאָטעס —

ביי דער אַרומיקער חזירייַ פון די אַלטע און ניי אויפגעקומענע גבירים אין דער פאַל ווייץ[132] א שיינער אויסנאַם.

דעם 22־טן דעצעמבער האָבן זיך גענומען פּארשפרייטן אין שטאָט קלאַנגען וועגן 8 פּונקטן קעגן יידן. פון וואַנען נעמען זיך די קלאַנגען און ווער פאַרשפרייט זיי — ווייסט קיינער נישט, סיידן יידישע סאַדיסטן, וואָס ווילן פארביטערן יידן דאָס לעבן און טראכטן אויס פון צייט צו צייט פאַרשיידענע קלאַנגען און באָבע־מעשיות. די 8 פּונקטן זאָלן זיין געלע לאַטעס פון הינטן און פון פאָרנט, נישט טראָגן קיין לאַנגע שטיוול, כאָדאַ־קעס אָנשטאָט שיך, פּרויען אָן היטן, אנדערע אפילו געגאָלטע קעפּ, אָן פוטערס. דער גירוש פון 200 טויזנט יידן פון ווארשע וכדומה. אַזעלכע מין קלאַנגען זענען שוין נישט איינמאָל פארשפרייט געוואָרן. דאָס געפּער־לעכסטע דערביי איז דאָס, וואָס זיי קענען דינען אַלס אָנרעגונג פאר די דייטשן איינצופירן די אָדער ענלעכע גזרות. מען דערציילט, אז א ייד איז געגאַנגען צו א דייטשן אָפיציר אין לאָדזש און אים געפרעגט צי מען קען אַדורכגיין. — —

דעצעמבער 1939

דעצ[עמבער]. דער וואגאָן מיט פּוילישער אינטעליגענץ קיין ראַ־דאָמסק, (בארטעל) געווען פאַרדראָטעוועט. עס איז געווען איין קובעל פאר פרויען און מענער. א טייל מענטשן ווערן נסתרים, זיי פארשווינדן און זענען נישט צו זען, למשל דער פירער פון אגודה. איינער פון די 24. א באַזיצערין פון 2 הייזער אין קאַליש קומט בעטן, אז זי וויל נישט לעבן פון קצבה. די באַשרייבונגען אין „ווארטאַוער צייטונג"[133] וועגן די גרויל־טאַטן פון די פּאָלאַקן. מיר ווילן נישט קיין פארברודערונג מיט פּאָלאַקן, ווייל צווישן אונדז און זיי איז אויסגעגראָבן א תהום, וואָס איז אָנגעפילט מיט בלוט — דאָס הערנפאָלק. — די פּאָלאַקן קיין — — געשאַפן די וואַלע בנינים שטעט האָבן — — דייטשן. וועגן די יידן נישט פאראן קיין ארטיקל נאָר נאָטיצן וועגן ייד[ישע] ווּכערניקעס, האמסטערער, פרייזאויפשרויפער. שטראָפן פאַר נישט טראָגן קיין יידישע בינדע.

אין לאָדזש דעם 15 דעצ[עמבער]. געווען נישט מער ווי א העלפט יידן. די יוגנט, די אַרבעטערשאַפט [?] אינגאַנצן פאַרשוונדן. די איבער־וואגדערונג פון — —

---

132) עמיל ווייץ איז טאקע דער גביר=פילאנטראָפּ פון טאָרגע, דערנאָך אין ווארשעווער געטאָ מיטאינהאָבער פון דער בערשטן=פאבריק.

133) אַ טאָג=צייטונג אין דער דייטשער שפּראַך.

אויסגעהאַלטן [?] דייטשן. פויל[ישע] שולן נאָר געעפנט א טייל, די וואָס האָבן דערקלערט די גרייטקייט מיטצואַרבעטן. דאָס געשפּרעך פון ד״ר אַטאַ אַנהויב אָקטאָבער מיט די פּוילישע לערער, גלחים און אינטעליגענץ. ער פאָדערט אויף צו לאָיאַלער מיטאַרבעט [נאָר] נישט געגעבן די האַנט, אַז זיי זענען דערצו גרייט. זיי זענען געבליבן אין אַרעשט. פּ־ן ווערט אויפ־געפאָדערט דורך די שומרים צו געבן א באַריכט וועגן דעם סאַניטאַרן מצב אויף דער יידישער גאַס.

30 דעצעמבער 1939

ליבער טאַטע!

— — עס זענען צווישן די צוריק געבליבענע געווען א טייל — — און וועלכע האָבן נישט געהאַט וווהין זיך אהינצוטון. די פּויזנער קהלה האָט פאַר דער מלחמה אוועקגעשיקט קיין וואַרשע צוויי קאַסטנס מיט זיל־בער און חפצים. דאָס איז געווען אין וואַרשע נאָך דער באָמבאַרדירונג. וואָס איז מיט דעם, איצט איז נישט באַוווּסט. די פּויזנער קהלה האָט א גרויס פאַרמעגן אין פּלעצער — — נישט ווייניקער ווי 5 מיליאָן די ווערט. זי האָט אין א וואַרשעווער באַנק ווערט־פּאַפּירן פאַר א פערטל מיליאָן זלאָטעס. א נייע אַגענץ נ. ג. נ. פּ. נישט געשטויגן נישט געפלויגן, די פּויל[ישע] לערער פון די פאָוושעכנע שולן וואָס זענען טעטיק האָבן באַ־קומען דאָס געצאָלט, זייערע שכירות שטאַרק רעדוצירט. זיי האָבן 20 פּראָצענט אָפּגעגעבן פאַר די חברים, וואָס האָבן געלערנט אין די שולן, ווו עס האָט געהערשט אַן עפּידעמיע. דער פּוילישער טעאַטער — — טעטיק אין וו [134]. דאַקעגן זענען אין אַלע שטעט טעטיק דייטשע טעאַטערן פון דייטשע שטעט. — אין לאָדזש זיצן די פּרנסים אויסער דעם פּאַרזיצער. — די בערזין — — שולן אין לאָדזש געפּלאַנט פון דער קהלה. אין וואַרשע באַשטייערט פון 15 זל. — — יעדן ייד פאַרן אַרבעטס־באַטאַליאָן. אויסער דעם א פערטל [?] עטאַט אָפּצוגעבן דער — — אַנטיסעמיטישע שטימונגען צוליב ביאַליסטאָק, די יידן זאָלן דאָרט — — וכדומה. א טייל פּערזאָנען באַקומען טעלעגראַמעס פון אַמעריקע. מען וויל העלפן — — א טייל פּערזאָ־נען באַקומען די דאָקומענטן פון קאָנסולאַט. רעוויזיאָניסטן ד״ר פעלדשוה און — — מאַכן שבת פאַר זיך. זיי האָבן איבערגעשיקט [?] אַן אייגענעם [?]מעמאָראַנדום. אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג די פאַרמלחמהדיקע סוח־רים און עס קומען אויף נייע סוחרים, אַוואַנטוריסטן — — וואָגן און פאַר־דינען זייער גוט, מען שיקט אַריבער אויף יענער זייט — — סחורות. באַזונדערס מאַנופאַקטור, זייגערלעך, פאַדעם א. א.

פון פּויזן זענען בשעתו — — געשיקט געוואָרן — — אין לובלין ווערן געבויט באַראַקן מסתמא פאַרן יידן־רעזערוואַט. טשענסטאָכאָוו איז

134) וואַרשעווינלער וואַרשע

אויך פאַראַן [?] נישט — — פאראַן א — — די קהלות פון דער געגנט געשיקט א דעלעגאַציע קיין בערלין. אין — — וואַרשע ווערט דערקלערט, אַז פּאַר יידן זענען נישטאָ קיין הנחות בא שטייערן. דעם — — נעכטן איז ווי מען זאָגט, אויסגעפירט געוואָרן א מאָרד איבער א דייטשן זעלנער אין [135] — — און אין וואָליע [136]. טויזנטער יידן און קריסטן זענען געלאָפן אין שטאָט אַריין — — מען זאָגט, אז דאָס זאָל האָבן געמאַכט אַן אומלעגאַלע פּוילישע... אָרגאַניזאַציע. געהערט היינט פאָלגנדיקן פאַקט: א שררה געווען צוליב — —

א טיש, געהייסן יעדן געבן וויפל געלט ער האָט, געווען 41 זל. — — קויפן עסן און טרינקען, דערנאָך געהייסן טאַנצן אַרום דעם טיש און שרייען: פערפלוכטע יודען [?], דערנאָך פערפלוכטע אשכנזים. דאָנערשטיק, דעם 28־טן, פאַרהאַלטן דעם טראַמוויי נומער 4 וואָס גייט קיין פּראַגע אַרויסגעשלעפּט 25 יידן אין שלאָס — — אויסטון נאַקעט און לייגן זיך אויף דער ערד — — ווי הינט — — יעדן טאָג געבן 100 מענטשן צו דער אַרבעט, דאַרפן — — באַדינגונגען גוטע, אַז מען שמירט, פּאָרט מען.

אין פּויזן בשעת דער וויגיליע־נאַכט פאַרהאַלטן עלף טויזנט פּאָלאַקן און — —

מיט גרוסן

28—31 דעצעמבער 1939

ליבער טאַטע!

אכט [?] און צוואַנציקסטער דעצעמבער. אין וואַווער [137] האָט מען דערשאָסן 140 (אַנדערע זאָגן 160) מענטשן, צווישן זיי פערציק (אנדערע זאָגן 8) יידן, פאַר דערהרגענען צוויי דייטשע זעלנער, וועלכע זענען 4 אין דער פרי אַרויס אויף א וואך און שפּעטער האָט מען זיי געפונען טויט. די דערשאָסענע יידן האָט מען געכאַפּט פון דעם — — אין מיענדזילעסיע א. א. מען זאָגט, אַז אויף יעדער זעקסטער ווילע האָט מען דעם אייגנטימער גענומען.

אויף דער — —. לויט זיכערע ידיעות פון קהלה האָט מען פּאָלאַקן און יידן [געקומען אַן ?] אויסוווייז פארבאָטן צו קומען צוריק אין רייך אונטער טויט־שטראָף — וואָס זענען געפאָרן קיין נאַשעלסק דראָט טויט־שטראָף. געקומען — — פון — —.

---

135) וואַרשעווער וואַווער, היינטער וואַרשע
136) א פּראָלעטארישער ראיאָן אין וואַרשע.
137) וואַווער. אין צוזאַמענהאַנג מיט דערשיסן 2 דייטשע אונטעראָפיצירן אין קאַפע פון אַנטאַני באַרטאָשעק אין וואַווער דורך פּוילישע קרימינאַליסטן, האָט דאָס דייטשע שטאַנד־געריכט פאַראורטיילט דעם 26 — 27 דעצעמבער 1939, 97 פּאָליאַקן און 10 יידן.

מען קומט דאָרט יעדן טאָג און נעמט צו יידישע — — און גיט דערויף קוויטלעך. אָבער נאָך געלט הייסט דער לאַנדראַט קומען נאָך דער מלחמה. — היינט פאָרגעקומען א באראטונג פון די פאכלייט וועגן עמיג־ראציע־פראגן.

— — פוילן, אפריקע. א געוויסער עמיגראציע־„באַנז" קאבאצקי איז געווען גרייט נעמען אויף זיך די אַריבערזידלונג אין לובלינער רע־זערוואט [138]. דער מאָרד אין וואַווער איז פאָרגעקומען אין אַ רעסטאַוראציע. דעם — — באַנדיטן, וועלכע האָבן דערהרגעט די זעלבע דאָרט א פויל. פאָליציאנט. דער רעסטאוראטאָר הענגט ביזן היינטיקן טאָג (דעם 31 (?) דעצעמבער). בא זיך רעסטאוראציע. אויף דעם — — וועגן דער סיבה פון אויפהענגען. די דערשאָסענע — — א מאשינען־געווער, אַנדערע זאָגן אַז מען האָט מיט א רעפּלעקטאָר באַלויכטן יעדן פארמשפטן באַזונדער. מען זאָגט אז עס דאָ 120 דערשאָסענע דערפון 12 יידן. אין די תפיסות איז צוריקגעצויגן געוואָרן דאָס רעכט צו באַקומען עסן פון דער היים — — זאָל האָבן געהאלטן א רעדע, אז מען זאָל נישט פארקויפן קיין — — וועלכע — — נישט אַנערקענען שפּעטער און אַז — — באַטייליקן זיך אין — — קויפן.

וועג פון פוילן. דערווייל מערן זיך אין גאַס אנפאַלן פון קריסטן... איז לעצטנס געוואָרן אן אָפּטע דערשיינונג, פונקט ווי עמעץ וואָלט זיי געגייט. היינט געהערט שרעקלעכע ידיעות פון דער גרענעץ. געווען אויפן גרענעץ — פינף טויזנט מענטשן געלעבט אין זייער שווערע באַדינגונגען. זיך — — נישט געלאָזט זיי אויף יענער זייט. די — — אַריינגעלאָזט צוריק. געהערט אַז פון דעם גירוש לאָדזש הונדערט פופציק אָפּגעפרוירן די הענט, די פיס [139]. די טעג האָבן — — דער קהלה, אַז יידן און פאָלאַקן, וואָס זענען אויסגעוויזן געוואָרן פון רייך טאָרן נישט צוריקקומען אין זייערע פריערדיקע וווינערטער. אַנדערש דראָט זיי טויטשטראָף.

מיט גרוס פּיוּול.

אָנהויב 1940

ליבער טאַטע!

די מעשה וואווער איז א ביסל מער אויפגעקלערט געוואָרן. עס איז געווען אַזוי: אין א רעסטאַוראציע זענען געזעסן א פוילישער באַאַמטער

---

138) שוין זייט אָקטאָבער 1939 האָבן די היטלעריסטן געפּלאַנט צו שאַפן אַ רעזערוואַט פאַר יידן אין לובלינער געגנט, אויף מזרח פון דער ווייסל.

139) אין דער העלפט דעצעמבער 1939 האָט די דייטשע מאַכט דורכגעפירט אַ צוואַנג־איבערזידלונג פון אייניקע טויזנט יידן אין טראַנספּאָרט־וואַגאָנען. פיל מענטשן זענען קראַנק געוואָרן אָדער פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט.

מיט זיינע חברים. עס זענען אַריינגקומען צוויי דייטשע זשאַנדאַרן (איינער א וואכמייסטער) און גענומען שרייען אויף די פּאָלאַקן. יענע האָבן אַרויסגעכאַפּט די רעוואָלווערן (אייגנטלעך איינער) און האָבן דערשאָסן די דייטשן. צווישן די דערשאָסענע זענען דאָ באַנדיטן. אָבער דאָך פּאָדערט מען ווייטער דאָס אַרויסגעבן דעם מערדער. דעם אייגנטימער פון רעסטאָראַן האָט מען געהייסן עקסהומירן און אויפהענגען. ער דאַרף הענגען 7 טעג.

די מהומה, וואָס איז געווען פריִיִטיק דעם 30־טן דעצ[עמבער] זאָגט מען, איז געווען א נישט באַגרינדעטע. קיין שום דייטש איז נישט דערהרגעט געוואָרן. מען זאָגט, אַז דאָס זאָל זיין א שטיקל אַרבעט פון די גנבים. אַנדערע זאָגן, אַז אויף טאָוואַראָווע [140] איז אין אָוונט געקומען צו א געשלעג מיט א דייטשן סאָלדאַט, וועלכער איז געפאלן אין חלשות.

די שטערבלעכקייט פון די יידן אין וו[אַרשע] איז אַ שרעקלעכע [141]. עס שטאַרבן א טאָג פון 50 ביז 70 מענטשן. פאַר דער מלחמה פלעגן שטאַרבן א 10 מענטשן א טאָג. די טאקסע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן [פאר א קרקע] באַטרעפט 500 זל. אין וואַרשע און 100 זל. אין פּראגע. אין ראַדאָם[142] זענען פארברענט געוואָרן די שול [?]ווי אויך קהלה־בנין. דאָס זעלבע אין טאָרנע [143]. דאָרט זענען דאָ 1.000 ארויסגעשיקטע פון לאָדזש. אין ריישע זענען דאָ ביי 6.000 — 7.000 פליטים פון קאַליש, לאָדזש, אָבערשלעזיע. [די באַציונג] צו [פון?] די שררות א נישט שלעכטע. מען שמירט, פאָרט מען. אין טאָרנע האָט מען דערשאָסן זעלנער [?] פוילישע, די יידן געהייסן באַגראָבן זיי. צו קיין אַרבעט ווערן יידן [?] נישט [גענומען]. אויף — — געשטאַנען צוויי יידן. פון אן אַדורכפאָרנדיקן אויטא אַרויסגעשפרונגען צוויי שררים און איין יידן אַריינגעשלעפּט אין אויטאָ מיט ארויסרופן: „דו באַנדיט". וואָס ווייטער געשען מיטן ייד איז נישט באַקאַנט. די נאַכט דערשאָסן געוואָרן ד"ר קופּערמאַן פאַר גיין נאָך 8 אזייגער. ער האָט געהאַט אן אויסווייז. עס איז דערהרגעט געוואָרן אַ יידישער אַרבעטער אויף פּראגע פון דעם אַרבעטס־באַטאַליאָן.

א בית־עלמין [?] שטעלט מיט זיך פאָר די אנאָנס־אָפּטיילונג אין

---

140) טאָוואַראָוואַ — אַ גאַס אין וואַרשע לעבן הויפּט־וואָקזאַל.

141) לויט די אָנגאַבן פון דער סטאַטיסטישער אָפּטיילונג פון וואַרשעווער יודענראַט זענען געשטאָרבן: אין דעצעמבער 1939 — 944, אין יאַנואַר 1940 — 1004 נפשות.

142) אין ראַדאָם האָבן די דייטשן אויפגעריסן די שול אויף דער שול־גאַס ערשט אין סוף 1942.

143) אין דער נאַכט פון 9 אויפן 10 נאָוועמבער 1939 האָבן די היטלעריסטן אונטערגעצונדן די גרויסע שול אין טאָרנע.

„לאָדזשער צייטונג" [144]. פול מיט ידיעות פון „טרויהענדער" [145] פון יידישע פירמעס, וועלכע רופן אַלע שולדנער צו מעלדן זייערע חובות [די] אַנט־שפּרעכנדע פירמעס.

א סך גולים שטאַרבן שפּעטער צוליב די שווערע [איבערלעבונגען] בשעת די גרושים. געשטאָרבן אין וואַרשע אַן עלטערע פרוי פון פּויזן, וועלכע איז 70 קילאָמעטער געגאַנגען פון לעוואַרטאָוו קיין אָסטראָוו. צוליב די איבערלעבונגען איז די פרוי געשטאָרבן. די יידישע געוועלבער האַלטן נישט דאָס געלט אין שופלאָד ווי געווייגלעך נאָר אין דער בוי — — קעסטל כלים, גלעזער, טעפּ וכדומה.

[אויף] דעם הויפּט־אַרכיוו אויף דלוגע 26 אַן אויפשריפט: „איינטריט פיר דייטשע סאָלדאַטן פערבאָטן". די גרויסע מורא פאר עפּידעמיעס. אַ גאַנצע ריי גאַסן: שליסקאַ, ריבנאַ און אַנדערע אָפּגעשלאָסן מיט שטעכיקן דראָט. געזען היינט א הויז אויף גזשיבאָווסקאַ, אין וועלכן מען טאָר נישט אַריינגיין און אויך נישט אַרויסגיין. עס זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן צוויי שפּיטעלער פאר עפּידעמישע קראַנקהייטן פון וועלכע די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער טאָרן נישט אַרויסגיין. די קהלה אַדורכגעפירט א זאַמלונג פון וועש און קישן פאַר די שפּיטעלער, אויך פון טשיסטע [146] טאָר מען נישט אַרויסגיין. געוועזן פאַלן ווען געלאָזט שטיין פעקלעך, ווען זיך דערוווּסט, אַז אין שטוב איז געווען [כלומרשט] טיפוס.

דער שוועדישער קאָנסולאַט האָט מיט זעקס וואָכן צוריק ביז אַן ערך אין אָקטאָבער אָנגענומען גרוסן קיין אַמעריקע. לעצטנס באַקומען א סך פערזאָנען אָנפראַגן פון אַמעריקע וועגן זייער געזונט־צושטאַנד. מען קען ענטפערן 25 ווערטער פון פערזענלעכן כאַראַקטער. די פראַגע פון פאַרבינדונג מיט קרובים אין אויסלאַנד אומגעהויער וויכטיק. עס זענען דאָ טויזנטער פאַמיליעס, וואָס פלעגן אויסגעהאַלטן ווערן דורך זייערע קרובים אין אויסלאַנד. איצט איבערגעריסן יעדער קאָנטאַקט מיט אויסלאַנד. די פאַרצווייפלונג פון מענטשן. מען האַלט פאַר גליקלעך מענטשן, צו [?] וועלכע — — פון יענער וועלט. אויפגעהערט איבגאַנצן די געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט. יעדער זאָרגט פאַר זיך. מען האָט מורא אַדורכצוגיין אין גאַס, כדי מען זאָל נישט [כאַפּן צו אַרבעט?]

איצט חזרט מען איבער דאָס ווערטל פון איינעם, אַז בשעת דער נעכסטער וועלט־מלחמה — — א סוף צום ייד[ישן] פאָלק. די ווערטער ווערן מקוים, באַזונדערס אַז מען זעט נישט קיין אויסזיכט אויף קיין בע־

144) אַ טאָג־צייטונג אין דער דייטשער שפּראַך.
145) מיט דער קאָנפיסקאַציע פון יידישן פאַרמעגן האָט זיך דער עיקר פאַרנומען די „הויפּט־טרויהאַנדשטעלע אָסט" (ה. ט. אָ.) געגרינדעט לויט דער פאַראָרדענונג פון גערינגן פון 1-טן נאָוועמבער 1939 יאָר. לויט די אויספיר־פאַראָרדנונגען פון ה. ט. אָ. האָבן די קאָמיסאַרישע לייטער פון יידישע פירמעס (ס'רוב פאָלקס־דייטשן) איינגעמאָנט די חובות, וואָס איז געקומען די פירמעס.
146) דער יידישער שפּיטאָל אין וואַרשע אויף טשיסטע־גאַס

סערונג. די האָפנונג אויף די באַטאַליאָנען פון — — ביטעס אויפגעהערט. דער איינציקער ייד, וואָס האָט מורא געוואָרן — — געשריבן קעגן זיי בראָשורן.

יענעם מאָנטיק האָט מען אין פאַוויאַק צוגענומען דאָס רעכט צו באַ־קומען [פעקלעך?] פון דער היים. די סיבה: יידענעס פלעגן זיך דורך די פענצטער פאַרשטענדיקן מיט זייערע — — זייער הויך געשריגן. איינמאָל אַדורכגעפאָרן א שררה און באַפוילן אָפּשטעלן דאָס — — און איין מאָל אין וואָך. בשעתן אָפּנעמען דעם מת געפילט סימפּאַטיע און — — פון די ווערטער. איינער געקלאָגט זיך, פאַרוואָס געגומען זיין 4־יאָריקן זון צוליב א מעסער. אויף א טייל לאדן ארישעס געשעפט „כזשעסציאנסקא פּיר־מאַ“ [147]. נישט אויסגעשניטן — — דאָס אַריינבויערן אין דער טיר. טולקש [?] געלאָזן אין דער היים צען אלפים מעות... אויסדויער פון פרויען. די הויפּט־פאַרדינערינס. —די מענער גייען נישט ארויס. ווען מען — — שטייט זי נישט אָפּ. זי לויפט נאָך, שרייט, יאמערט, „דער לעבן“ — — זי האָט נישט קיין מורא פאר אנשי חיל. זי שטייט אין די לאַנגע רייען — — טייל — — נעמט מען צו דער ארבעט. פאַרשווונדן די אויסגעפוצטע דאמע... וואָס האָט אמטירט אין „זיעמיאנסקא“ [148]. די פרויען, די גרעסטע — — זיצן אין ביורא און ערלעדיקן אינטערעסאנטן. פאַרשווונדן די עלע־גאַנטע היט — — אין דער צייט פון דער מלחמה דאָס טיכל. ווען מען דאַרף גיין צו די אַלייען [149] אויף — — גייט די טאָכטער אָדער די פרוי. אין ערגסטן פאַל שטייט זי אין האָל און ווארט — — ווען מען דאַרף איבערטראָגן פעקלעך פון געשעפט, ווען מען דאַרף אַריבערפירן זאכן — — גייען מאַן, ברודער; אויף יעגער זייט די פרוי. א סך — — פירן די ווארטן אין די רייען אויף קוילן — — אין דער פוילישער זייט. אומעטום די פרוי, ווייל גענומען צו פארשיידענע ארבעטן — — דורכן ראדיאָ אין שפּעטער דורך די קאָמענדאַנטן. טויזנטער מענטשן בשעת דער באלאגע־רונג גענומען [?] צו די אַרבעטן פון שיטן, גראָבן אָקאָפּעס. גענומען טויזנ־טער מענטשן און — — נישטאָ קיין אַרבעט פאַר אַלע. נישטאָ קיין לאָפּאַ־טעס. — — די ערשטע צייט געווען אַפילו א פּראָיעקט אויפצולעבן דעם ראכיטישן — — איינלאדן צו מיטאַרבעטן נישט געקוקט אויף מאַן — — פאַרלירט נישט דעם מוט [?]. מען גייט דאַוונען — — אין די שטיבלעך — — די גולים. געהערט וועגן א סיום־ספר מיט הערינג און ברויט. דער

---

147) „אַ קריסטלעכע פירמע“. אַזעלכע אויפשריפטן האָבן פיל פוילישע גע־שעפטן אַרויסגעהאָנגען אין די שויפענצטער אין דער צייט פון אַנטי־יידישן באָיקאָט אין די 30־ער יאָרן.

148) אַ קאַפע אין וואַרשע, אין וועלכער עס פלעגן זיך טרעפן פערזאָנען פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער וועלט.

149) געמיינט די אַלייע־שוכאַ אין וואַרשע, וו עס האָט זיך געפונען די געביידע פון דער קאָמענדאַטור פון געסטאַפּאָ. רינגעלבלום באַנוצט אָפט דעם טערמין „אַלייען“ אָדער „גאַלייען“ צו באַצייכענען די געסטאַפּאָ.

פּויזנער רב [149א] — — אָפּגעשוירן די באָרד. געבליבן [?] קוים אַ פּאָר האָר — — פֿאַרוואָס שאיעס [?] חברים, וואָס זיצן דאָ רואיק. דער קערא — — נאָרמאַלע טעטיקייט דער מאַן אַוועקגעפּאָרן און די פרוי געמוזט זיין די איינציקע שפּייזערין — — האָבן קיינמאָל נישט [קיין צייט]. גענומען זיך צו ארבעט, גרייט — — צו ערנסטע אַרבעט.

3,2 יאנואר 1940.

מיינע ליבע!

געהערט פאָלגנדע מעשה, געטראָפן אין לאָדזש פאַבריקע וואָך: געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט, איינעם א שוואכן יינגל פון 15 יאָר אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט סאזשע, אַרום די אויגן מיט רויטער פאַרב, אויפן האַלדז א ווייסע קריזע און געהייסן טאַנצן, דערנאָך אויסגעטאָן אים אין דער קעלט באַקעט און געהייסן א יידן וואַשן אים מיט אַ שלאוך. ווען דער ייד האָט אביסל פארקערעוועט דאָס וואַסער אָן א זייט, האָט מען אים דערפאר געשלאָגן. פרויען ווערן מאסנהאַפט געכאַפּט צו אַרבעט. אין לאָדזש וועט אַנטשטיין א צווייטע ביורא, וואָס וועט צוטיילן צו אַלע אַמטן אַזוי פיל מענטשן, וויפיל עס וועט זיין נויטיק. אין וואַרשע האָבן די לאָבוזעס אויף מיאָדאָווא גאַס געמאַכט א נייע פרנסה. יידן, וואָס גייען אַדורך, כאַפּט מען אַראָפּ די היט, א צווייטער כאַפּט עס שנעל אויף און א דריטער איז עס גרייט צו קויפן פאַר 40 (דיטקי ד. ה. צענערס) גראָשן. די פּיאסקאזשעס [150] ביי דער ווייסל לעבן א גוטן טאָג. זיי פאַרקויפן רייז און מעל, וועלכע זיי האָבן אָנגעראבעוועט פריער. זיי זענען עלעגאַנט געקליידעט אין פוטערס פון די בעסטע געשעפטן. אויף די ריבאַקעס האָבן — קריסטלעכע שכנים פאַרנומען די ליידיקע וווינונגען פון די יידן מיט זייער מעבל.

איצט, ווען א טייל קומט צוריק, געפינען זיי שוין גאָרנישט. אין לימאַנאָווע האָבן די פראנצישקאַנער זייער גוט באַהאַנדלט די טויזנט דריי־הונדערט יידישע גולים (פינפהונדערט פון קאַליש און פינפהונדערט פון לובליק, א דריי הונדערט פון פויזן). זיי האָבן זיי געגעבן וווינונגען אין זייערע בנינים, געגעבן זיי הילף. א גאַנץ קאַלב צום שעכטן און בכלל זייער גוט באַהאנדלט. (מיר זענען ביידע אין איין אומגליק, זענען מיר גלייך), איצט איז דער פונקט ליקווידירט. די יידן זענען איבערגעפירט געוואָרן קיין וויסקיטקי, בלוינע און גראָדזיסק. אין לויוויטש זענען דאָ נייע. די לעצטע טעג (פארן ערשטן יאנואַר) פאַרטריבענע יידן פון לאָדזשער געגנט. עס זענען אויך דאָ ידיעות וועגן דעם, אַז פון קאָנסטאנטינאָוו ווערן יידן באַזייטיקט. עס איז דאָ א ידיעה, אַז די פויזנער יידן האָט מען ווידער פאַרטריבן פון אָסטראָוו דרייסיק קמ. ווייטער. די באגלייטער פון טראנספּאָרט קיין אָסטראָוו געזאָגט: חרפּה לנו גדולה בעד ארצנו. — ידי־

---

[149א] הרב פויזנער?

[150] פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן אַרויסנעמען זאַמד פון דער ווייסל.

עות וועגן דעם, אַז אויך פון קראָסניסטאַוו ווערן יידן באַזייטיקט. די נעמען פון שטעט ווערן געענדערט: פלאַצק פלאָך, ווישאָגרוד — האַבענבורג, ציעכאַנאָוו — ציכענוי א. א. —

די יידן פון שערפּץ האָבן, זייענדיק אויסגעוויזן, מיטגענומען מיט זיך דאָס ערגסטע צוליב מעשה ראַציאָנזש. דאָרט איז געהאַט פּאַרגעקומען, אַז מען האָט פאַרטריבן די יידן אויסער דער שטאָט האָט מען זיי צוגענומען אַלץ, ד. ה. דאָס בעסטע: האָבן די יידן פון שערפּץ געמיינט, אַז דאָס זעלבע וועט זיין מיט זיי. געווען איז אָבער אַנדערש. דער גירוש איז געווען אַן אמתדיקער. — די פויזנער יידן בשעת זיי זענען געווען אין לאַגער, האָבן די דייטשע יידן אַוועקגעוואָרפן געלט, ברילאַנטן א. א. אויס מורא. א טייל פוילישע האָבן נישט מורא געהאַט און דאָס אויפגעזאַמלט. אין וואַרשע האָט מען די לעצטע צוויי טעג געשלאָגן יידן פאַר נישט טראָגן קיין בינדעס. בכלל איז געווען אַ ביסל שלעכט די לעצטע צוויי טעג. — אין פּיאָטרקאָוו האָט מען דעם אַלטן בית־עולם, אַ היסטאָרישן פאַרנוצט אַלס טראָטואַר — דערוווסט זיך וועגן שרעקלעכע חורבות[151] אָפּגעברענט געוואָרן די באַרימטע שול אין פּינטשעוו[152]. ראָזפּזשע, (Rozprza) לעבן פּיאָטרקאָוו, פאַרניכטעט א סך פּנקסים. אין פּיעטרקאָוו פאַרניכטעט געוואָרן דער אַלטער און אינטערעסאַנטער פּנקס פון דער חברה שומרי לבוקר. פאַרברענט האָט אים דער אייגנטימער אויס מורא. אין פּיעטרקאָוו געווען פיר קאָנטריבוציעס. 15, 15325 און די דריטע — אין נאַטור: צוקער, פּוטער, אייער לעדער, א. א. ביי דער גרענעץ פון געטאָ שטייען שווארצע טאָוולען מיט דער אויפשריפט: געטאָ. אין געוויסע שעהן מעג מען אַרויסגיין פון געטאָ. די פאַרבייפאָרנדע יידן טאָרן זיך נישט אָפּשטעלן אין פּיעטרקאָוו. לעצטנס זענען 7 קינדער פון אזא טראַנספּאָרט פאַרברענט געוואָרן. עס זענען אין פּיעטרקאָוו דאָ אַן ערך 12500 יידן, ד. ה. אַן ערך צוויי טויזנט צוגעקומענע פון דער אומגעגנט. אין וואַרשע אַריינגעקומען צו יידן פּאָלאַקן און זיי אַריינגעבראַכט אין אַ וועש־קויש זאַכן פון אַ יידישן שכן. די יידן האָבן גרויסע זאַפּאַסן. בא יידן זענען צוגענומען די זאַכן געקומען מיטגלידער פון אַן אַלפוילישער אינסטיטוציע, זיך פאַרשטעלט [?] און געלאָזן די זאַכן. „פּזשעפּאָוויאַדאַ — — באַלאָניק״ [?] איז דאָ אַן אויפשריפט אויף אַן אנאָנס פון — — עס איז דאָ אסך כיראָמאַנטן און ענלעכע אויף די ווענט.

---

151) נאָך דעם 6 סעפּטעמבער 1939 האָבן זעלנער און אָפיצירן פון דער ווערמאַכט אונטערגעצונדן אַ ריי גאַסן אין יידישן ווינקל־פערטל. 2 טעג פאַר יום־כיפּור 1939 האָבן זיי דעמאָלירט די איינריכטונגען אין סינאַגאָגע און בית־המדרש און אונטערגעצונדן די ספרי־תורות אויפן פּלאַץ נעבן דער שול. צו־מאָרגנס האָבן זיי אין דער סינאַגאָגע אַריינגעפירט פּוילישע קריגס־געפאַנגענע.

152) די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן פּינטשאָוו בעת די קריגס־אָפּעראַציעס.

153) ביז סוף דעצעמבער 1939 האָבן די יידן אין פּיאָטרקאָוו געמוזט באַצאָלן קאָנטריבוציעס: די ערשטע 25.000 זל., צווייטע 15.000 און די דריטע — 350.000 זל. חוץ דעם האָט מען גענומען קאָנטריבוציעס אין נאַטור.

די פּלאַטקע האָט דורכגעלעבט קריג. איטאַליע קעגן אשכנז. ביי דער סאָוויעטישער גרענעץ האָט מען באַזעצט מאַנגאַליש מיליטער, וועלכע לאָזט נישט אַדורך קיין מענטשן. געקומען צוויי אַנשי חיל מיט א מיידל און געהייסן זיך אויסקלויבן קליידער, צוגענומען צוויי קליידער. ביי די פּאַלאַקן א גוטע שטימונג. מען באַשטימט די צייט פון באַפרייונג מיטן קאַלענדאַר, פּונקט ווי עס וואָלט געווען ביז גאָר נאָענט. יידן, פרעמדע בירגער, לעבן גוט. זייערע געשעפטן זענען אָפן און פריי. דער דאָלער שטייט אויף דער שוואַרצער בערזשע 103 זל. מילמאַן 153א פון לאָדזש באַטראַכט אַלס טויטער, אָבער אַנטפּלעקט זיך אין ויברח אויף יענער זייט; מען שרייבט: — — דער קוטנער לינגערמאַן, דער רעזשיסער... דאָס יונגע רבל פון דער סאָציאַלער מעדיצין. אויף יענער זייט. — נעבטן פאַרשפּרייט א קלאַנג, אז ניעדזיאַלאָווסקי 153ב איינגעשבנט. — —

ביז היינט פאַררעגיסטרירט איבער 450 אַרבעטלאָזע לערער פון ווארשע און פּראָווינץ. געעפנט קיכן, אין וועלכע פון דינסטן, קעכינס — אַלץ לערער. דער זבאַנשינער פאַר וועלכן געהאַט אזוי פיל שרעק געקומען קיין ווארשע צוליב זיין קרוב. צוריקגעקומען קיין ווארשע, אויסגעקויפט זיך פאַר 150 זל. אַלעס צוליב דער בינדע. בכלל די גרויסע ווירקונג פון געטאָ אין דער צייט אויף די ייד[ישע] אסימילאַטאָרן. מען האָט דערפילט די יידישקייט און געפּרווט זיך צו דערנענטערן. זייער ווייטאָקדיק איבערגעלעבט אַלע נגישות און רדיפות, זעלבסטמאָרדן אין די קרייזן. די מגפה פון פוילישע שאַנטאַזשיסטן זיך שטאַרק פאַרשפּרייט. א ייד[ישער] אַדוואָקאַט זיך „דערוועגט" אַנצוגעבן זיי אין דער פוילישער פּאָליציי, איר נעבעכדיקייט, שוחד. היינט (דעם דריטן יאַנואַר) געהערט, אַז פאַר דרייסיק טויזנט זל. האָט א ייד באַקומען א יחוס־בריוו מיט אַן ארישער באָבע. פאַר פופציק טויזנט זל. באַקומט מען פון די שררות א צערטיפיקאַט קיין א"י. א דר. געגאַנגען אין א פוטער, געוואָלט עס ביי אים אַראָפּנעמען האָט ער דערקלערט, אז דאָס איז פון א „זויכע" 154, האָט ער רעזיגנירט דערפון. פון לאָדזש האָט מען מיר דערציילט, אז בשעת מען האָט נישט געטראָפן אין דער היים קיין לערער, אַדוואָקאַט אָדער דאָקטער, האָט מען גענומען די פרוי און קינדער. געווען פאַלן, אז זעקס וואָכיקע קינדער. אין מאנכע פאַלן האָבן די באַגלייטער אפילו אַליין געראָטן דעראָזשקעס, געהאָלפן איינפּאַקן די זאכן. אין אנדערע פאַלן נישט דערלויבט צו נעמען דאָס נויטיקסטע, אפילו פאַר קינדער.

נכשל געוואָרן אויף א פאַרזאמלונג פון דער חברה. דערקלערט, אַז עס איז פאַראַן אין ווארשע א פערטל מיליאָן אָרעמע יידן, אויף וועלכע מען דאַרף זיך דערבאַרעמען.

---

153א) טוער פון „בונד" אין לאָדזש.

153ב) פירער פון פ. פ. ס., דערשאָסן דורך די דייטשן.

154) „זויכע" — אָנגעשטעקט מיטן אן אינפעקציע־קראַנקהייט.

היינט ווידער געשלאָגן אויף מילע, נאַלעווקי. אין וואווער פאַרציילט מען, האָט מען ביי דער קאָלייקע פאַרהאלטן אַלעמען און געקוקט אויף די שטיוול. זענען זיי געווען פאַרבלאָטיקט, האָט מען די מענטשן דערשאָסן, ווייל אין דער געגנט פון דער הריגה געווען א בלאָטע. די צוגעקומענע אשכנזים האָבן זייער מורא, וואָס וועט זיין אין דער צוקונפט. זיי נעמען אַלס עדות די אונדזעריקע, אַז בלויז די יונגע זיינען אַזעלכע, דאָס אַלט־ווארג — נישט. אין די טראַמווייען איז זייט אייניקע וואָכן איינגעפירט געוואָרן, אַז זיי פאַרנעמען די פאָדערשטע פּלאַטפאָרם (ציווילע און מיליטער), די אונטערשטע — אַנדערע. איבער 22 נאַשעלסקער (18 מענער און 4 פרויען) הענגט דער טויט־אורטייל, ווייל זיי זענען אהיימגעקומען טראָץ דעם פאַרבאָט פון דער מאַכט. די שרייבער געהערט וועגן דעם ווילנער גן־עדן, וואָס יצחק פאר זיי געמאַכט. געצויגן אהין ווען וואַרשע נישט געקאָנט זיי אַזוי שיצן.

מיט האַרציקע גרוסן דייך פּיוול.

4, 5, 6 יאַנואַר 1940

מיינע ליבע!

דיווירטשאַפטלעכע לאַגע איז זייער א שווערע, עס איז נישט קיין גרונט פאַר א נאָרמאַלן עקאָנאָמישן לעבן. אָפּגעשניטן פון מקורים פון רוישטאָפן, וועלכע ווערן אויך אַרויסגעפירט אין א גרויסער צאָל. די יידישע לאָדזשער סוחרים ברענגען פון לאָדזש סחורות, וועלכע ווערן דאָ פאַרקויפט פאַר א 3־פאַכיקן פרייז, ווייל דאָרט זענען די פרייזן פאַרמלחמה־דיקע. פארן ברענגען די סחורה גיט מען פערציק ביז פופציק פראָצענט פון ווערט פון דער סחורה. די סחורה ווערט פאַרקויפט דורך גאסן־פאַרקויפער און אין פריוואטע הייזער, הינטער דער טיר. דאָס וועט, רעכנט מען, אין א חודש, צוויי אויפהערן, ווייל די סוחרים „באַגנבענען" אין לאָדזש זייערע אייגענע סקלאַדעס, אַרויספירנדיק מיט דער הילף פון שמוגלערס, וועלכע טראָגן די סחורות אויף די פּלייצעס. איך האָב היינט דעם פערטן יאַנואַר געהערט, אז עס זענען געווען פאַלן ווען מען האָט גע־וואָרנט יידן, אַז היינט וועט ביי זיי פאָרקומען א בדיקה[154א] פון יענע לייט. דאָס האָבן אָנגעזאָגט פרויען, מען זאָגט פון א געוויסער חברה[155]. די ידיעה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א ריכטיקע. מען פרעגט זיך אָן וועגן קלירינג אויף עמיגראַציע.

די לאַגע פון דאָקטוירים האָט זיך פאַרערגערט. געווען דאָקטוירים, וואָס האָבן פאַרדינט פריער צו טויזנט זל. א טאָג. היינט איז זייער לאַגע

154א) דאָ געמיינט: א רעוויזיע.

155) ווארשיינדלעך האָט דאָ רינגעלבלום געמיינט די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג.

די לאַגע פון די לערער איז אַזאַ שווערע, אז א טייל גייט איבער צו א סך אן ערגערע. מענטשן האָבן פשוט נישט קיין געלט [אויף] צו היילן. גלעזעריי און זענען גרייט צו טון פארשיידענע שווארצע אַרבעטן, ווי וואָזשנעס, הויזדינסטן וכדומה.

אין לובלין האָט א שומר לעוואנדאָווסקי [156] געמסרט זיבן פוילישע סטודענטן, וועלכע האָבן אינסטאַלירט אן אומלעגאלע ראדיאָסטאַציע דערשאָסן — —א פארוואלטערין פון א פאָוושעכנער שול באַצאָלט 10 זל. פאר נישט טראָגן די יידישע בינדע. אין קאַליש איז פאַרבליבן בלויז עטלעכע הונדערט קראנקע יידן אין שפיטאָל, דער רעשט יידן זענען אַרויס־געפאָרן. די עמעריטורן פאַר די פארזיכערטע איז ז. או. ס. [157] יידן ווערן נישט אויסגעצאָלט, הגם די יידן מוזן ווייטער זיין פאַרזיכערט אין די קראנקן־קאַסעס. די 100 מארק פון אַמעריקע וואָס א טייל פערזאָנען האָבן באַקומען ווערן נישט אויסגעצאָלט, ווייל דאָס גוווערנעמענט [158] איז דאָך אויסלאַנד לגבי דעם רייך. עס איז דעריבער נויטיק צו באַקומען א דערלויבעניש פון אַמעריקע אויסצוצאָלן אין אן אַנדערער וואַלוטע.

היינט האָט מען גערעדט וועגן א קאָנפערענץ פון נייטראלע מלוכות: שווייץ, טערקיי, איטאַליע און בעלגיע אונטער דער עגידע פון די אַליאַנטן. — נעכטן געהערט וועגן א קאָנצערט פון פאַדערעווסקין אין לאָנדאָן, נאָך וועלכן דער קעניג האָט שטאַרק געדריקט די האַנט פון פאַד[ערעווסקין] און צוגעזאָגט אויפצולעבן פוילן. די פוילישע פליטים ווערן פאַנאַנדער־געטיילט איבער די דערפער. יעדע פאַמיליע, וואָס האָט איבער 10 מאָרג ערד, מוז אויפנעמען איין משפחה. פאַראָרדענונג וועגן פלאַקאַטירונג (צווייטער יאנואַר) פאַרבאָטן צו פלאַקאטירן נעקראָלאָגן, 10 פלאַקאטן פארן דרוקן — איבערגעבן צו קאָנטראָל. די באַציונג אַפילו צו דער שכנות־דיקער משוגעים־אַנשטאַלט נישט קיין גוטע. יעדע פאָר טעג נייע פאָדע־רונגען — אַמאָל מעבל, אן אַנדער מאָל קיך־מכשירים א. א. וו. — פון דער שטאָטישער אַנשטאַלט אין נאלענטשאָוו אַרויסגעשיקט די משוגענע, קינדער אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן און צוגעפירט פרעדרי [?] אין א טרויעריקן מצב. דערשינען היינט דעם פינפטן א פאַראָרדענונג, אַז די יידן טאָרן נישט ענדערן זייערע וווינערטער אן א דערלויבעניש פון דער מאַכט [159]. זיי טאָרן אויך נישט גיין צווישן 21 און 5 פרי. די קאָמפּעטענצן פון פארשיידענע מאכטאָרגאנען לגבי יידן. פאָן פאץ־שררות (מענדע קהלה) בלומענטאַל — ייד[ישע] סאָציאלע פאַרזאָרגונג, ביים שול־אינ־

---

156) וואַרשעווער פוילישער פאָליציאַנט.

157) „זאקלאד אובעזפּיעטשען ספּאָלעטשניך“ — (ז. או. ס.) מלוכהשע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט.

158) אויפן סמך פון היטלערס דעקרעט פון 12 אָקטאָבער 1939 איז פון די צענטראלע פוילישע אָקופּירטע געביטן געשאַפן געוואָרן די „גענעראל־גובער־ניע“.

159) אַזאַ פאַראָרדענונג איז פאקטיש דערשינען דעם 5־טן יאנואַר 1940.

ספעקטאָראַט [160] אַן אָפּטײלונג פאַר מינדערהײטן. די מעשה, וואָס איז געווען מיט פּראָפ. באַרטעל און טײלאָר מיט אײניקע וואָכן צוריק, איז פאָרגעקומען נישט אין ראַדאָמסק נאָר אין אָסטראָוויעץ [161].

נעכטן געווען אין וואַרשע פאָלגנדער פאַקט: אין רעסטאָראַן אויף שימעקס גאַס [162] האָט אײנער פון די געסט געבעטן שפּילן עוד לא אבדה תקותנו אויף פּויליש. אַלע אויפגעשטאַנען. באַקומען דעם ערשטן פּאַטש.

אין דעם גרעסטן טײל רעסטאָראַנען אויפגעשריבן: פאַר פּאָלאַקן. ייִדן אײנטריט פאַרבאָטן. אין פּויזן די גאַסן זײער ליידיק. אין טאָרן אויף די גאַסן בײטאָג אײנצעלנע פּערזאָנען. בשעת דער באַרימטער הריגה אין אָסטראָוו [163] א אַלטע פרוי געוואָלט געבן פינף און צוואַנציק טויזנט זל. פאַר לאָזן לעבן איר קינד — צוגעזאָגט. ביי א ייִדישן שנײדער האָט מען צוגענומען דעם אַנצוג, וואָס עס האָט געגעבן [צו] אַרבעטן א קריסט. דער קריסט דראָט מיט דער אַליי[שוכא], אויב ער וועט נישט אָפּגעבן אין משך פון א וואָך.

שאַנזש דע פּראָפעסיאָן: זאַמאַ [164] שטאָט. דירעקטאָר אַרויסגעגעבן מיטאָגן. קורטאַוויאַט [?] וווינונגען. לערער רעגיסטרירט גולים, דאָצענטן פון אוניווערסיטעט — דאָס זעלבע, אָרלעסקאָ [165] — געהילפס־קעלנערין, לערערס — וואַזשנעס, גלעזערס א. א. קלאַראַ [166] טײלט מלבושים. רעדאַקטאָרן — זאַמלען.

נעכטן דעם פינפטן יאַנואַר אַרויס די פאַראָרדענונג וועגן דעם גאַסן־האַנדל [167]. עס ווערט באַגרענעצט דער ייִדישער האַנדל צו די גאַסן פון

---

160) ד"ר רינגעלבלום מײנט דאָ אַוודאי די באַקאַנטמאַכונגען, וואָס זײַנען פאַרעפנטלעכט אין נומ. 2 „אַמטסבלאַט“ פון וואַרשעווער דיסטריקט־שעף פון 22 דעצעמבער 1939, וואָס אײנע (פון 16 נאָוועמבער) איז נוגע די אַרבעט־צוטײלן פון דער דײַטשישער פּאָליציי אין וואַרשע. א צווייטע (23 נאָוועמבער) רעכנט אויס די אַמטן און אָפּטײלונגען, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער „פּירזאָרגע“ בײַם שטאָט־פּרעזידענט.

161) פג"ל הערות 54, 55.

162) וואַרשײַנלעך געמײנט לעשנאָ־גאַס, אויף וועלכער עס האָט געוווינט שמעון לובעלסקי, א באַקאַנטער פּעדאַגאָג און קאָמוניסטישער טוער.

163) אין די ערשטע טעג נאָכן אײַננעמען אָסטראָוו מאַזאָוויעצקי האָבן די דײַטשן אונטערגעצונדן די ייִדישע הײַזער, צונויפגעטריבן אַלע ייִדן פון שטעטל אין צאָל פון 423 נפשות אין דער שול, באַשולדיקנדיק זײ אין בכיוונדיקן אונטערצינדן די הײַזער. אַלע ייִדן זײַנען דערשאָסן געוואָרן. די מאַסאַקרע פון אַן ערך 500 ייִדן איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1939 יאָר.

164) איבערגעשטעלט די טראָפּן: דאַרף זײַן מאַזאַ, די״ר. פון אַמאָליקער ווילנער טרופּע.

165) מרים אָרלעסקאָ — אַרטיסטין פון דער געוו. ווילנער טרופּע.

166) קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, אַרטיסטין.

167) דעם 5־טן יאַנואַר 1940 דערשײַנען א פאַראָרדענונג פון וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט וועגן פאַרבאָט פון גאַסן־האַנדל („אַמטסבלאַט“ פון 14־טן פעברואַר, 1940). די פאַראָרדענונג רעכנט אויס א ריי גאַסן, וו ייִדן קאָנען האַנדלען — נאָכן באַקומען א דערלויבעניש — „אויף פעסטע שטעלן“.

געטאָ, אָנהויבנדיק פון קראָקעווער פּשעדמיעשציע, קאַראָווא, קרולעווסקאַ, שיענגאַ א. א. מען דאַרף האָבן א האַנדלס־צייגעניש. די פאַראָרדענונג וועגן באַגרענעצן דאָס איבערזידלונגס־רעכט פון די יידן ווערט אויסגעטייטשט, אַז דאָס איז געווענדט קעגן דעם יידישן האַנדל, שמוגל, קעגן דעם צוג קיין ווארשע. די, וואָס גיבן אָן וועגן איבערזידלונג אויף יענער זייט קיין רוסלאַנד, אונטערליגן נישט די דאָזיקע באַגרענעצונגען.

אויף פראַנציסקאַנער פאַראַן א גאַנצע ריי איזאָלירטע הייזער. זלמנקי בורשויס־שטוב [167א] ווידער אויפגעלעבט. באיזה אופן נעשה הדבר. די פראַגע וועגן גרויסע ביכער־זאַמלונגען. מיט די ביכער פון „השומר הצעיר" ווערט געהייצט דער אויוון לעשנא 6 דורך די גולים. קאָסאָוו־לאַצקי זענען דאָ טויזנט צוויי הונדערט פּליטים פון קאַליש, ווישקאָוו, סטאָטשעק, טשיזשעוו. דריי זענען געשטאָרבן. עס זענען דאָ אחינו, וואָס פאַרדינען גראָבע געלטער ביים אַרויסבאַקומען געלט פאַר די דורך זיי צוגענומענע סחורות. די פראַגע פון נייע גבירים פון פאַרשיידענע שטעט. אַ טייל פון די פּויזנער געפינט זיך אין וולאָשטשאָווא (צוויי הונדערט). אַלזאָ אין פאָלגנדע שטעט: אָסטראָוו, גראָדזיסק, זשיראַרדאָוו וויסקיטקי, בלוינע. דאָס בילד, וואָס איז געווען אין „בערלינער אילוסטרירטע צייטונג" — געווען אייננגעזשיסירט. געקומען א ספּעציעלער אויטאָ מיט 5 פּערזאָן געכאַפּטע יידן. רב יוסף געמיינט, אַז דאָס מיינט מען דאָס בילד פון דער „פאָלקסצייטונג" [168]. אין דער פאַראָרדענונג וועגן מעלדע־חוב פאַראַן א פּונקט, אַז 24 שעה נאָכן קומען מוז מען זיך איינמעלדן. א ייד, וואָס [האָט] געהאַט א הויז אין בידגאָשטש פאַר הונדערט טויזנט זל. און הייזער אין אַנדערע שטעט, געבליבן אָן א גראָשן. „מרפא"[169] אין אָטוואָצק אַרויסגעהאַנגען אַ מעלדונג, אז ער איז א שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדע קראַנקהייטן. מה כונו — מובן. פאַרשפּרייט זיך א קאַטשקע, אַז די פינען זענען אַריבער די רוסישע גרענעץ און אפילו פאַרנומען לענינגראַד. אונגאַרן און רומעניע האָבן זיך געווענדעט וועגן א פּראָטעקטאָראַט צו איטאַליע. צווישן די דריי און פופציק פון נאַלעווקי [170] איז געווען א צוויי פּויזנער, דאָס זעלבע צוויי אין

---

[167א] זלמן מייזנער, געזעלש. טוער.

[168] דער מחבר מיינט דאָ אַוודאי די 6 אילוסטראַציעס, וואָס זענען דערשינען אין דער „בערלינער אילוסטרירטער צייטונג" נומ. 50, 1939, אונטער א שרייענדיקן קעפּל:
„Waffe in Gräbern versteckt. Der deutsche Sicherheitsdienst bei einer Razzid in Warschauer Getta"

[169] יידישע סאַנאַטאָריע פאַר גייסטיק־קראַנקע אין אָטוואָצק.

[170] עס גייט דאָ וועגן די 53 יידן, וואָס זענען נאָוועמבער צוגענומען געוואָרן פון הויז נאַלעווקי 9, אכט טעג נאָכדעם, ווי פּינקוס יאַנקל זילבערבערג האָט דאָרט דעם 13 נאָוועמבער דערשאָסן א פּוילישן פּאָליציאַנט און א צווייטן פאַרוווּנדעט. די יידן זענען דעם 22 נאָוועמבער 1939 דערשאָסן געוואָרן. דעם 1 דעצעמבער איז געווען א ידיעה אין „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי", אַז מ'האָט די יידן געשאָסן. די צייטונג רעדט וועגן א „פאַרברעכערישער באַנדע יידן" און גיט אָן

„אַסטאָריע"[171]. ביי דער גרענעץ האָט אַ שומר נאָך דער בדיקה אָפּגעגעבן כבוד נתנס שטייגער. אויף וואָס פאַרא אופן מען קאָן אָפּנעמען פון גרובערן [172] אַן אַפּותיקא. מענדעלסאָנס מענטשן [173] זאָגן, אַז איך בין אים שולדיק און אַזוי ווערט עס געדעקט מיט אַ חצי שלי וחצי שלך. אין אַ וווינונג ביי אַ וואָלאָצלאַווקער געקומען דריי מתים [174] און גענומען דאָס גאַנצע געלט מיט די שפּייערס אין די ידים. געבראַכט פון די שכנותדיקע דירות צו חמשה און יותר מעות פּירערליי געוויינלעכע אַנשי חיל, די ווערמאַכט, מתים פאָלקס-מענטשן און פּוילישע. אַ גענוג פאַרשיידנאַרטיקע חברה.

5 11 .1938

מיט האַרציקע גרוסן איער פּיזול.

7—9 יאַנואַר 1940

ער איז משוגע געוואָרן. דער אַלטער פּראָפעסאָר שרייבט זיינע מע־מואַרן. געוועזן היינט אין אַ קאַפע פון אַרטיסטן. זיי עסן צופּיל און טרינקען צופּיל. די קאַסירערין האָט זיך געקריגט מיט דעם קעלנער-קאָמיקער טאָס [175], הלמאַי ער קאָנסומירט צופּיל. אַן אַרטיסט האָט נישט געקוקט אויף מיינע פּראָטעסטן מיר געהאָלפן אָנטון דעם פּאַלטן „מען מוז ערלעך פאַר־דינען". זיי שפּילן ביים פּיאַנאָ און זינגען לידער [176].

די סאָוויעטן האָבן אַ געוויסע צייט פאַרנומען שעדלעץ. בשעתן צו־ריקצוג מיטגענומען דעם מערסטן טייל יתומים. פון אַ 12-יאָריקן יינגעלע געקומען פון האָמעל אַ בריוו, אַז ער איז געווען אַ חודש אין אַ פּענסיאָ־נאַט, זיך גוט פאַרבעסערט. ער באַדויערט, וואָס זיין שוועסטערל געבליבן בא די געַרמאַנצעס. געוויינלעך פלעגן די סאָוויעטן מיטנעמען, ביים ריקצוג די מיליץ, וועלכע איז באַשטאַנען פון אָרטיקע יונגעלייט. עס

---

דעם 27 נאָוועמבער, ווי דעם טאָג פון אויספירן די עקזעקוציע. צווישן די אומ־געקומענע זענען געווען יידן, וואָס האָבן זיך צופעליק אין דעם מאָמענט געפונען אויף דעם אָרט, ווי צ"ב דער רב פון מינסק מאַזאָוויעצקי, און רינגל. אַרכיוו געפינט זיך אַ פּרטימדיקע באַשרייבונג פון דעם פאַקט. פרילינג 1940 האָט מען די אומגעבראַכטע עקסהומירט און מקבר געווען אויפן פּראַגער בית-עולם.

171) זע הערה 82.

172) גרובער איז געווען דירעקטאָר פון פּ. ק. אָ. (פּאָסט-שפּאָר-קאַסע) אין וואַרשע.

173) געמיינט דייטשן.

174) ס"ס-לייט פון דער פאָרמאַציע „טאָטענקאָפּף" מיטן אָפּצייכן „טויטן־קאָפּ" אויפן היטל און קראַגן פון מונדיר.

175) קאָנראַד טאָם, אַ באַקאַנטער רעוויו-אַרטיסט אין וואַרשע.

176) בעת דער אָקופּאַציע האָבן פיל פּוילישע אַרטיסטן רעזיגנירט פון שפּילן אין טעאַטער אונטער דער היטלעריסטישער לייטונג און פאַרדינט אויף פּרנסה, אַרבעטנדיק אין קאַפעען, רעסטאָראַנען אַלס קעלנער. קאַסירער א. א. וו.

קומען לעצטנס צוריק אסך, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָפּטירן. איינע פון די סיבות איז די צוואַנגס־רעקרוטירונג צווישן די אָפּטירטע. אין לובלין ווערן באראקן פון האָלץ געבויט מיט גרויס לוקסוס. אין יעדן איז דאָ עלעקטרישע באלייכטונג, באד צימערן וכדומה, פאר וועמען זיי זענען באַשטימט איז נישט באוווּסט. דעם זיבעטן יאַנואַר פאראן א ידיעה אין דער פרעסע וועגן צוריקטרעטן פון האָרע בעלישע [177] אין ענגלאַנד. די לאָדזשער צייטונג שרייבט מיט קידוש לבנה אותיות: „דער יודע האָרע". דאָס זעלבע די אַנדערע צייטונגען. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן גירוש סקערניעוויץ[178]. אויך פון מלאווע ווערן דערוואַרט נייע פינף טויזנט פליטים [179]. געזען היינט א קעשענע־קאַלענדאר פארן נייעם יאָר מיט דער באַצייכנונג פון עלפטן נאָוועמבער אַלס יום־טוב פון אומאָפּהענגיקייט. דער אַלטער באַקאַנטער ראָזענשטיין איז ווידער אויף דער אויבערפלאך.

געהערט, אז עס זאָל קומען פילאַנטראָפּישע הילף פון דער שווייץ און פון שפּאַניע. צי וועט זי אַריינגעמען די יידישע באַפעלקערונג נישט באַוווּסט. עס ווערט געשאַפן א פוילישער הילפסקאמיטעט פארן גאנצן לאנד מיט ליבאָמירסקי און יאנוש ראַדזשיוויל אין אויפזיכטסראַט און שליווינסקי און מאכניצקין אין דער אָנפירונג. דער פויל[ישער] רויטער קרייץ פאַרבלאָקירט די קאָנטעס, רעקווירירט די לאַסט אויטאָס. אין דער געגנט פון מאָרדי, לאסיץ, שעדלעץ דאָ אויך פויל[ישע] פליטים פון פּאָ־מערן. זיי לעבן אין שווערע באַדינגונגען. לא שכחנו וועגן זיי. קיין שעד־לעץ חמשה אלפים זכו בבירות אחרות [180]. די יידן נישט צופרידן דערמיט. 13 פוילישע בירגערמייסטער לקהנען שוחד פאר נישט אַריינשטעלן געוויסע יידן אין דער רשימה פון אַרבעטנדיקע. די שטייער עמטער מאַכן זיך עס זייער באַקוועם. פון מיין שטייערן־אמט זענען פארברענט געוואָרן די פּאַפּירן, מאָנט מען ביי מיר לאָקאלשטייער פארן יאָר 1937. די שולן זענען געשלאָסן, גיט מען זיך אן עצה אויף אזא אופן, אַז מען שאַפט קאָמפּלעטן, אין וועלכע מען פירט לעקציעס אין די דירות פון די לערער. אין דעם „קוריער ווארשאַווסקי" געווען א נאָטיץ, אַז די פויל[ישע] פּאָלי־ציי וועט דאַרפן לעגיטימירן, צי יידן טראָגן בינדעס, די וואָס וועלן עס נישט טראָגן, וועט מען איבערגעבן דער דייטשער פּאָליציי.

---

177) פג"ל הערה 131.

178) דער גירוש סקערניעוויץ איז פאָרגעקומען בעת דער אויסזידלונג פון אן ערך 70.000 יידן פון די מערבדיקע שטחים פון וואַרשעווער דיסטריקט אין דער צייט פון סוף יאַנואַר ביז מערץ 1941.

179) פאקטיש זענען טייל יידן פון מלאווע, פּשאַשניש און געגנט אַרויסגע־שיקט געוואָרן סוף פעברואַר 1940 אין לובלינער און לובארטאווער פּאָוויאַט.

180) אין יאַנואַר 1940 זענען אָנגעקומען קיין שעדלעץ 5 טויזנט יידן אין מערץ — 1200 יידן.

אין סארנאקי בעת מען באַקומט זיך אריבער אויף יענער זייט פאַר־פרוירן, הייסן די סאָוו[יעטישע] זעלנער נעמען די קראנקע אין שפיטאָל אַריין: נאָכן אויסהיילן שיקן זיי צוריק. איך וואָלט געהאַלטן [זיך] פאר א פאַרברעכער ווען איך וואָלט פאַרלאָזט מיין פּאָסטן-קנעפל [181].ביים אָנהייב פון דער מלחמה געטראָגן דאָס פּעקל פון שטאָק אראָפּ.

עס הייבן אָן צוריקצוקומען אסך מענטשן פון יענער זייט [182]. דאָס אָפּשאַפן פון פויל[ישן] זלאָטי, דאָס צווינגען צו אָפּציע אָדער צו גיין אויף טיף רוסלאַנד באַוועגט אסך צוריקצוקומען. די דאָלארוווקעס [183] ווערן פארקויפט צו 18 זל. די זיעמסקע שטייען בעסער. ברילאנטן א קאראט 8.000 ביז 12000 זל. דער פרייז איז אין א קורצער צייט שטאַרק גע־שטיגן, אין איין וואָך זיך פארטאָפּלט.

מען זאָגט, אז מען האָט ארויפגענומען די טאָוול מיט דער אויפשריפט אויף דער הויפּט פּאָסט, אַז פאר יידן אַריינטריט פארבאָטן, די זעלבע אויפשריפט אראָפּגענומען פון די קינאָס, וועלכע ווערן אָבער נישט באַ־זוכט דורך יידן מחמת מורא. אין גאס געגאַנגען 2 גוט געקליידעטע יידן, באַקומען פלוצים מיט שפיצרוטן דורך א דייטש.

איינע פון די שוועריקייטן ביים אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד איז די פראגע פון באַן־בילעטן דורכן רייך. אין די רייזע ביוראָען זענען קיין בילעטן נישט פאַראַן. אויף דער שווארצער בערזשע קאָסט א באַן בילעט 120 זל. נישט ווייניקער ווי 600. סקווארטשינסקיס [184] ברודער געזאָגט: היינט ליידן מיר ביידע, איז אָפּגעשוואכט געוואָרן דער אַנטיסעמיטיזם. געהערט צו דער גרופּע פון יונגע אַדוואָקאַטן. ווי אַזוי דער ערובניק איז געוואָרן אַן עלטעסטע. זיין מעמד בעניין התחום, מה שחיבר אבל אינה מבין השייכות שלו לדבר הקהלה[185]. עס גייט א גרויסער שמוגל פון יענער זייט. אַ זלאָטי קאָסט דאָרט אַ רובל צוואַנציק, מען פירט סחורות פון דאַנען אַהין. מען רייסט די הויט אין מאָרדי, סארנאַקי, לאָסיץ [186]. מען נעמט פאר א האַלב בעט צוויי זל. פופּציק. ב. א דאָקטאָר אויף זשוראוויע גע־שלאָגן אים בשעת אַדורכפירן אַן אָפּעראציע. נעכטן געשלאָגן א פרוי אויף

---

[181]) קנעפּעל — גוזשיק. וואַרשעווער געמיינט דעם פינאַנס־דירעקטאָר פון דזשוינט אין וואַרשע.

[182]) פון דער סאָוויעטישער זייט.

[183]) דאָלארוווקעס — פאר דער מלחמה אָבליגאציעס פון פוילישער מלוכה־הלואה, גאַראַנטירט מיט דאָלאַרן.

[184]) סטאַניסלאַוו סקווארטשינסקי (1888 — 1940), גענעראל און פּאָליטי־קער, אין די יאָרן 1938 — 1939 שעף פון „אָזאָן“. (פּאַרטיי פון נאַציאָנאַלער פאראייניקונג, אַן עקסטרעם־רעכטע פארטיי מיט א טאָטאליטאַרן און אנטיסעמי־טישן פראָגראַם.

[185]) זיין שטעלונג וועגן תחום (געטאָ): ער האָט דאָס באַארבעט, אָבער ער פאַרשטייט נישט זיין שייכות צו דעם ענין פון דער קהלה.

[186]) גרענעץ־פּונקטן צווישן דייטשלאַנד און ראטנפאַרבאַנד, דורך וועלכע מען האָט געשמוגלט מענטשן און סחורות.

ביעלאנסקא, ווייל נישט געהאַט קיין בינדע. מען זאָגט, אַז אויף דער צווייטער זייט איז הונדערט זל. ווערט צוואנציק רובל. ווידער די קאַטשקע ווענן טויש פון באָריסלאַוו אויף ווארשע.

מען האָט באַפוילן אַרויסציען די וואקלאַדן פון די ייד[ישע] בענק און זיי קאָנצענטרירן אין איין באַנק. דאָס באַפעלן קאָמיסאַרן אין ייד[ישע] געשעפטן, כדי עס זאָל זיין א מעגלעכקייט פון קאָנטראָלירן די יידן. די איבערגעבליבענע ייד[ישע] בענק ליידן דערפון און גייען אונטער. די סאָוו[יעטישע] קאָמיסיע זידלט איבער בלויז ווייסרוסן און אוקראַינער, יידן הייסט מען שיקן וועגדובגען צום קאָנסול און דערצו אויספילן אַזעלכע רובריקן ווי: פאַרוואָס האָסטו זיך ביז איצט נישט באַמיט וועגן פאָרן אהין. געהערט אויטענטישן פאַקט: אַ פליט געהאַט איינגעניית אין אַ צעריסענעם פאלטן צען טויזנט זל. א שרפה אַרויסגעוואָרפן דעם פאלטן פון דער באַן זאָגנדיק, עס איז דיר צו ווארעם. מען האָט באַזייטיקט ווילהעלמס דענק־מאָל אין פויזן. וועגן דער אַרבעט פון טרויהענדער געווען אן אַרטיקל אין דער „לאָדזשער צייטונג“, אָנגעוויזן, אַז איינער גענומען הונדערט טויזנט מארק א יאָר. דעריבער ווערפיצירט אַלע טרויהענדער: א טייל סוחרים זיך באַמיט, אַז זייערע אייגענע אשכנזישע אָנגעשטעלטע זאָלן עס ווערן. די בדיקה אין זשיכלין קומט פאָר פאר ערלים אין צוג, פאר יהודים אין דרויסן. פון צייט צו צייט טרעפט, אז מען הייסט גיין. ביי די סטאַציעס, באַזונדערס ביי דער גרענעץ, נעמט מען צו ארבעט די אויסשטייגענדיקע. דאָס פראָבלעם פון אָנגעבן דאָס פאַרמעגן אם כן לא טוב, אם לאוו לא טוב [187]. די פאָלאקן [צום ביישפיל] פאר אזא פראָבלעם געפאַסקנט אויף לא. טועה געווען ביים קלייבן מלבושים, קריסטן העלפן מיט גייען באַזוכן יהודים. א גרופע גלעזער גרייט צו דאָס גלאָז אויף שויבן. ווי אַזוי איז פאָרגעקומען די בדיקה ביים אלטן מאלערס פרוי באנאכט. געלאָזט אַליין די פרויען אין די נאכט־העמדער, געזוכט אין די קישנס, געוווסט, אז פרויען באַהאַלטן אין די מידערס. דאָס מאָראלישע פראָבלעם פון טראָגן און נישט טראָגן [בינדעס] סאָלידאַרישקייט, דער שונא באַשטראָפט פאַר טראָגן א שמוציקע בינדע. די קהלה געמאכט געדרוקטע בינדעס. לייכט אראָפגעגאַנגען צוליבן רעגן, אַנדערע געהאָפטענע, אפילו זיידענע. קלאַסן־אונטערשיידן אויך דאָ, אנדערע: אויפגעניייטער מגן־דוד אויף העם. געמוזט טראָגן אויף דעם אויבערארבל, א נישט א שטראָף. קאָמבינאַציעס מיט טעטשקעס אויף נישט צו זען. געמישטע געזעלשאַפטן פלעגן אַריינפאלן — — טראָגט דעם רויטן קרייץ געהערט נישט צו אים. די דאָזיקע אינ־סטיטוציע א גוטער ווילן אָבער אַלץ פארפלאָמבירט, קיין שום דעה. גאָרנישט געטון. דער לאנגער מיכאל [188] רוקט אַמאָל אַרויף דעם רויטן קרייץ אויפן מגן־דוד און אַמאָל אראָפּ, אָפּהענגיק פון דער סיטואַציע.

---

187) אָנגעבן איז שלעכט, נישט אָנגעבן איז אויך נישט גוט.
188) ד״ר מיכאל ווייכערט.

דאָס גרינע בענדל[189] געהאָלפן אין איין פאַל אויף פאַרקלענערן דאָס צו־געלקחנטע פעקל פון א גרויסער ביז א קלייניער וואַליזקע[189א]. דעם שליסקער ליטעראַטס[190] זון, א ייִנגל פון 17 יאָר, געיאָגט מיט הינט בשעת דער אַרבעט, געשלאָגן. דער ראש געשלאָגן דעם שלעגער, געבראַכט א מיטאָג. די פוילישע אינטעליגענץ פאַרנעמט זיך מיט האַנדל, מיט פאַרמיטלונג, רעטן [?] ייד[ישע] מעבל, מיט שמוגל, פאַראַן ביי זיי שטי־מונגען וועגן דעם, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן נעמט א סוף צום גאַנצן ענין. ייד[ישע] האַנטווערקער צענעמען די מאַשינען מחמת מורא און שוסטעריי איבערגעגאַנגען צוליב דעם צו האַנטאַרבעט. די קריסטן קויפן אויף די גאַנצע סחורה און אויך די גאַנצע אַרבעט. פון לובלין געקומען פון ועד אין באַגלייטונג פון יענע, באַזאָרגט א וואַגאָן פאַר די פראָדוקטן. לויט די ידיעות פון דער פראָווינץ אין יעדער שטאָט פאַראַן אזעלכע וואָס באַזאָרגן די שררות מיט אַלעם נויטיקן: איינער מיט לעבענסמיטל, א צווייטער מיט מלבושים וכדומה. אין שעדלעץ געהייסן א יידן פאַריכטן זיין הויז, אַריינשטעלן שויבן און איבערגעבן אן אשכנז.

אין טאָמאַשאָוו מאז[אָוויעצק]האָט דער ראש דערקלערט, אַז אויב יהודים וועלן אין משך פון 3 חדשים נישט פאַרלאָזן די שטאָט וועט מען זיי משלח זיין. באַגעגנט אויפן גאַס יענע: אַרויסגעשריגן לאָמיר גיך אַנטלויפן, ווייל מען וועט אייך נעמען צו דער אַרבעט. געקומען דערשראָקן אַהיים. פאַרשפרייט א קלאַנג, אַז ד״ר שוואַרצבאַרד און ליבערמאַן[190א] אַריין אין דער פוילישער רעגירונג. „בילע דאָ וויאָסני"[191]. דאָס שלאָגוואָרט פון אַלע. דער דאָלאַר שטייט היינט דעם ניינטן יאַנואַר אויף דער שוואַר־צער בערזע הונדערט און פערציק זל.

העלפּט יאַנואַר 1940.

האָט געענטפערט זאָרגט נישט — קאָנטריבוציע — די אויסוואַנדע־רונג הויבט אָן פּא — — נישט דערלויבט א ייד צו צאָלן פערזענלעכע שטייערן פון — — האָט באַטראָפן ביי הונדער טויזנט זל. דאָס נעמען 5 העמדער און באַצאָלן 5 זל. — — שטייגערונג פון יקרות אין וואַרשע צוליב דער גרויסער צאָל פליטים. וואַרשע ווערט באַטראַכט דורך זיי פאַר א גן־עדן — מען שערט זיך צו די בערד און פאַרקלענערט זיי צו א מינימום. די יידישע קליידונג — — אויף מילע גאַס נישט אַדורכצוגיין,

---

189) „גרינע בענדל", וואַרשעווער געמיינט די שמאַטע־קליבער, וואָס האָבן געהאַט רעכט פריי צו באַוועגן זיך.

189א) אַן אומלעזבארער זאַץ.

190) דוד צימלין, זון פון אלחנן, און אייניקל פון הלל.

190א) איגנאַצי (יצחק) שוואַרצבאַרד (1887—1960), ציוניסטישער טוער פון גאַל. סיים־דעפוטאַט; הערמאַן ליבערמאַן — פירער פון פ. פ. ס. פון אָפּשטאַם א ייד.

191) פויליש: אבי נאָר ביז פרילינג.

אויף די הויפּט־גאסן אויפגעהערט דער [האַנדל]. אויף דער פּוילישער עקזיסטירט ווייטער הגם פאַרבאָטן פון גאסן־האַנדל. פירמא כושעשציאַנסקא — — ארישעס געשעפט: ביי בליקלען:[192] „יידן זינד אונערווינטשט". יידן טאָרן נישט גיין אין דער צענטראַלער פּאָסט [?] — — גיין צו פּאָסט אויף זאַמענהאָפא — שווערע קאָמוניקאַציע — באַנען גייען אָפּ — — פאַרשפּעטיקונג, אָפּט לאסט וואַגאָנען שטאָט פּערזאָנען וואַגאָנען. יידן גייען — זיצט אין שטוב — דאָס אָפּשליסן גאַנצע קוואַרטאַלן, געזען פלאַקאַטן וועגן—נישט געקוקט אויף דער זויכע געפאַר א סך שומרים אין יידישע גאסן. אומגליקספאלן צוליבן איינלייגן [?] פון — — אויף רינקאָווא אויף גראָניטשנא — קלאַנגען וועגן אַרויספירן 10 טויזנט יידן[ישע] אינטעליגענץ פון וואַרשע. כסדרדיקע בריוו פון מענדעלסאָן, אז דער זיידע איז געשטאָרבן — הלמאי נישט געווען אויף דער שמחה. נאָקאל אין וואָליזיץ — כאָקאל [?] געהערט וועגן אַ ודוי פון אָ. נ. ר.־ישן סטודענט וואָס האָט דערקלערט אַז ער וויל זיך גיין אַנטשולדיקן פאַר יעדן ייד צוליבן חטא וואָס ער האָט באַגאַנגען פאַר זיי. געזען ווי פאַלש עס איז געווען זיין ביז איצטיקע האַנדלונג. שליווינסקי[193] געפאָרן קיין קראָקע וועגן שאַפן א „ראַדא אָפּיעקונטשאַ"[194], וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט זעלבסטהילף אין — געפירט און געוויזן אַלע נישט גוטע ווינונגען — — פון יידן — — עמיגר. נישט אונטערגעשריבן די פּאַספּאָרט ביכל.

17, 19, 20 יאַנואַר 1940.

ליבער טאַטע!

אויפגעקומען לעצטנס אינטערעסאַנטע טיפּן. יונגע עסקנים, נישט עלטער פון דרייסיק, פינף און דרייסיק — — אינגאַנצן אומבאַקאַנט פאַר דער מלחמה, געבליבן דעמלט ווען אַלע זענען אַוועק. גייען אויף אוואַנטורעס. קענען איינשטעלן באַציִונגען מיט יענע, שוחד און אויסקויף פון יענע. פאַרדינען דערביי אויך נישקשה. ערלעך לגבי יידן און טוען טובות פאַר יידן. רינגלען זיך אַרום מיט דרייסטע יונגע חברה — [ספּאָרט לייט וכדומה]. העלפן אָרעמע, שטעלן אַוועק סאָציאַלע הילף אויף א ברייטן מאסשטאַב, באַשטייערן באַדייטנד די רייכע, זיי נעמען ביי זיי צו זהב וכסף. מאַכן רעזערוון אַלץ טאָמער וועט מען דאַרפן האָבן. באַזאָרגט די אָרעמע בשעת דער אויסווייזונג מיט די בעסטע [?] וואַרעמע מלבושים. דערויף גענומען געלט פון רייכע, וועלכע מען האָט אַריינגשטעלט אויף דער רשימה פון די אויסגעוויזענע. גענומען ביי זיי צו עטלעכע טויזנט גילדן. די יידן ווערן דאָרט נישט געכאַפּט צו דער אַרבעט. נעמט אַרום די גאַנצע

---

192) פּוילישע פירמע אין וואַרשע.

193) אַרטור שליווינסקי (1877—1952), באַקאַנטער פּאָליטיקער און היסטאָריקער.

194) „ראַט פאַר סאָציאַלער שוץ", שפּעטער זיך פאַרוואַנדלט אין (R.G.O.) Rada Główna Opiekuńcza

געגנט. האָט אַ רעכט צו מאַכן ווייטע נסיעות. אַרויסבאַקומען א פּאַפּירל וועגן ברענגען לייבן און איזאַקן[195] פון ווארשע אין צוזאַמענהאַנג מיטן בעפאָרשטייענדן גירוש פון יענער געגנט. פאַרן אפּרופן דעם ערשטן גירוש נתנו צוועלף ריבות זהב ומיפורשים כסף[196]. וואָס וועט זיין מיט אים נאָכן שלום פון דער מלחמה? אָדער וואָס וועט אויסוואַקסן, ווערן א גרויסער עסקן אָדער ער וועט ווערן א גרויסער מענטש ווי פריער.

געוועזן שכנא [?] תלמודיסט, פּויל[ישער] אינזשיניער, לויפער באָרד־מאַן פאַרציילט, אז אים פאָרגעלייגט בויונגס סיאקל [?] צו נעמען אויף זיך דאָרט אָרגאַניזירן די איבערזידלונג פון יידן פון ווארשע און פון דריי אָקופּירטע געביטן אין רעזערוואַט. אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער טעכנישער אוממעגלעכקייט פון לאָזן אין באַוועגונג דריי מיליאָן יידן און דריי מיליאָן פּאַלאַקן. די קאָמוניקאַציע שוועריקייט, די סומע פון מיליאַרדן זל., וואָס איז דערויף נויטיק. די נויטווענדיקייט פון שאַפן א גאַנצע מלוכה, ד. ה. איבערשיכטן און שאַפן א שיכט פון יידישע לאַנדווירטן, די נויטווענדיקייט פון אויפבויען הייזער. דאָס איז נישט געווונטשן אין די צייטן פון מלחמה, וואָס וועט אַרויסרופן א שנאה צו זיי, וואָס קען זיין געפערלעך. עס וועט נישט דערגרייכט ווערן דער ציל פון פאַכמענישער צוזאַמענאַרבעט פון פעלקער. מען דאַרף נישט זאָגן, אז דאָס איז אוממעגלעך. מסכים, אָבער פאַראַן די און די שוועריקייטן. מ׳טאָר נישט ענטפערן איך אקצעפּטיר: פּראָלאָנגירן, ער וועט פאָרשן. באַרעכענען. יידן טאָרן נישט צולייגן א האַנט צו אזא קאַטאַסטראָפע. פאַררופן זיך אויפן ביישפּיל פון גריכנלאַנד ווען מיט דער הילף פון אַנדערע מלוכות. געצעגערט עטלעכע יאָר, געוועזן [א] פאָרשלאַג פון ריימיל [?] וועגן פאָרלייגן צו רופן א צוזאַמענפאָר פון קהלות וועגן דער פראַגע. אָנגעוויזן אויף דער געפערלעכקייט פון דעם פראָיעקט, ער דאַרף פאָרשן, באַרעכענען, א צייט צו פאָרשן די לאַגע אין לובלינער געגנט וכדומה.

באַרירט אויך א צווייטע פראַגע: די אויסזידלונג פון הונדערט פופציק טויזנט יידן פון סאָסנאָוויץ, בענדין, קאַטאָוויץ, ציעשין (טויזנט צווייהונדערט נפשות), זאַווערציע[197]. דער פאָרשלאַג נעמט זיך דערפון, וואָס דער דזשאָינט ווען געהאָלפן יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, פאָרגעלייגט צו נעמען אויף זיך די אָרגאַניזירונג פון דער איבערוואַנדערונג. א גרויסער טייל יידן נישט געמאָלדן אין די דאָזיקע שטעט. אין סאָסנאָוויעץ פינף און פופציק טויזנט יידן. צוגעזאָגט צו העלפן משתדל זיין וועגן אָפּשאַפן

195) וואַרשיינלעך געמיינט ברענגען קיין ווארשע לייב נוישטאַט און יצחק גוטערמאַן, די דירעקטאָרן פון „דזשאָינט“ אין פּוילן.

196) וואַרשיינלעך געגעבן גאָלד און אויסגערעכנט אין געלט.

197) אין דער צייט פון 20 — 27 אָקטאָבער 1939 האָבן די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען אַרויסגעפירט 2 טראַנספּאָרטן, אַן ערך 2 טויזנט יידן פון שלעזיע (קאַטאָוויץ, סאָסנאָוויעץ, כאָזשוו, ביעלסקאָ־ביאַלאַ, סקאָטשאָוו א. א.) קיין ניסקאָ בײַם סאַן. פון דאָרט האָבן די ס.ס.־לייט געטריבן די יידן ביז דער גרענעץ און געצוווּנגען אַריבערצוגיין אויף דער סאָוויעטישער זייט.

די פּאַראָרדענונג און העלפן דערצו אויב דאָס וועט נישט געלונגען, וועט ער אָרגאַניזירן די אויסוואַנדערונג. די יידן דאַרפן גיין אין קראָקעווער געגנט. מ'שיקט אַהין אַריין, אָבער די בירגערמייסטערס ווייסן גאָרנישט וועגן דער פאַראָרדענונג. די צאָל נעמט אַרום אַלע יידן. עס איז אויסגעארבעט געוואָרן א פּלאַן פון אויסוואַנדערונג, וואָס דאַרף געדויערן 5 חדשים צו טויזנט, טויזנט פינף הונדערט יידן א טאָג. אויף זייער אָרט דאַרפן קומען יענע. פּאַרציילט, אַז פריער וועט געהאַלטן ביי א גירוש, פאַרגעלייגט צו געבן 4 טויזנט וווינונגען פון יידן אין קאַטאָוויץ. יענע ווילן נישט. האָבן מורא אין גובערניע. אָנהייב יאַנואַר געווען די סכנה פון גירוש פון ציעשין און ווארשע, [?] אָפּגערופן. ער פאָרט קיין מענדעלסאָן[198] צו פועלן דאָס אָפּרופן.

די סאָוו[יעטישע] קאָמיסיע נעמט נישט אָן קיין יידן. א פרוי געווינט אין אויגוסט אין לעמבערג, אליין געבליבן מיט א קינד, שטאמט פון דאָרט, האָט דאָרט עלטערן, געהייסן שרייבן קיין דאַנציק. זייער לאַנגע רייזן, שווער אָנצוקומען. די סוחרים געבן זיך א עצה. מען גיט ארויס סחורה אין קאָמיס צו די געוויינלעכע קונים־קריסטן און אין געוועלב בלייבן ליידיקע פּאָליצעס. אָפּגעשאָפן די בוכהאַלטעריע, ווייל געבליבן וויפל צוגענומען פון לאַגער און וויפל געבליבן. נאָכגעפרעגט זיך אָפיציעל — — און באַקומען די אויביקע תשובה, בלויז צעטיילטע משפחות דאַרפן אָפּגעבן בקשות צום דאַנציקער קאָנסולאט. אַריינגעלייגט אין דער קאָזעטקע און זיך אויף דעם קרבן געזעצט. אין דעם געפאַנגענלאַגער ווערט געשריבן „דער הונט ב.ג..“ דער דאָלאר שטייט היינט, דעם זיבעצטן יאַנואַר 220 זל. דאָס שטייט אין צוזאמענהאַנג מיט דער בעפאָרשטייענדיקער פאַראָרדנונג וועגן אָפּשטעמפּלען דאָס פּוי[לישע] געלט. סאָ. באַקומען א בריוועלע פון מענדעלען, אז מען טאָר נישט „בעטרייען“ איי [?].

געזען א כתב, אז מ. [עריך] האָט רעכט צו נאָמינירן יידן פּאַרוואַלטערס אין קאַטאָוויצער קרייז. לאָזן פאַרהאַפּטן די ווידערשפּעניקע, באַוועגן זיך טאָג און נאַכט, באַזיצן צוואַנציק טויזנט זלאָטעס. צופאַרעפנטלעכן זיינע פאַראָרדנונגען אויף די ווענט. די מעשה מיט די עמיגראַציע־דעקלאַראַציעס אין דער פּראָווינץ קיין רוסלאַנד, א פּראָוואָקאַציע, וואָס האָט פאַר א ציל צו לאָזן אין באַוועגונג גרופּן יידן אין דערנאָך זיי פאַרטרייבן אויף יענער זייט. מען נעמט צו ביי קינדער פון 10 יאָר צוקערלעך. מען זאָגט, אַז די אַרבעטערפּליכט זיין חל אויך אויף די פּאָלאַקן. אין בידגאָשטש טאָרן די פּאָלאַקן נישט גיין אויפן טראָטואַר. ארויסגיין מחוץ דער שטאָט. אָנגעהויבן זיך אויסווייזונגען פון פּאָלאַקן אין שליעזיען — — יידן דערוואַרטעט — — הויז בלאָקן, פון זייערע וווינונגען. אויף איין גאַס גיט מען מער צייט אַרויסצונעמען די זאכן. אויף דער צווייטער ערלויבט מען מיטצונעמען בלויז דעם פּלעצאַק, הערביי האָט מען נישט

198) אין מענדעלסאָנס שטאָט ד. ה. קיין בערלין.

ערלויבט מיטצונעמען אין דעם פלעצאק א לעדערנע טאָרבע, אַלס אַ לוקסוס ארטיקל. יידן פאַרקויפן די רעשט סחורה, פון וועלכע זיי „באַגנבע־נען" זייערע געשעפטן, מאַגאַזינען. עס זענען אויפגעקומען נייע סוחרים. די פאַראָרדנונג וועגן טוישן הונדערטערס און פינפהונדערטערס וועט גורם זיין די פאַרקלענערונג פון יקרות [199]. מ'זאָגט [?] אַז די פאַראָרדנונג וועגן האַנדל דראָט מיט טויטשטראָף — — פאַרקויפן זיי. וווכער פּרייזן. סיי די וואָס קויפן עס. די מורא פאַר׳ אויסשטעלן זיך אין די רייען ביי די בענק. פאַר א סומע פון פינף הונדערט זל. קען מען ווערן באַפרייט צו טראָגן די בינדע. פאַר נישט טראָגן נעכטן פאַרהאַפטעט אויף פיר טעג.

די פלעניקעס, וואָס זענען געפאָרן קיין אָסט־פּרייסן, האָט מען אַראָפּ־גענומען די שטיוול, געפאָרן אין דינע זומערדיקע מלבושים. די וואָס זענען פאַרפאָרן קיין וולאָדאווע הרבה נהרגו ומעט נצלו, מאתיים נשארו. די פאַראָרדנונג וועגן טוישן די הונדערטער און פינף הונדערטער אַרויסגע־רופן א גרויסע מהומה. פאַר טוישן א הונדערטער געצאָלט 15 פּראָצענט און מער. א טייל האָבן אויפגעקויפט די פינף־הונדערטער און געצאָלט פאַר זיי פינפהונדערט פופצן. אנטדעקט א טעראָריסטישע חברה מיט א משומד מיעטשיסלאַוו קאָט בראש. איינגעשיבנט הונדערט אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אינזשיניערן (בראַנסקי, וואהל); די קהלה מוז אין משך פון 48 שעה אַרויסגעפינען דעם אָנפירער (אָנשטיפטער) פון דער חברה [200].

(דער ניינצענטער יאַנואַר). פאַרעפנטלעכט היינט א פּלאַקאַט וועגן קאָהימיעזש אַנדזשעי קאָט, פאַר וועלכן מען גיט 2 טויזנט זל. אויב מען וועט אים כאַפּן אָדער אָנווייזן ווו מען קען אים כאַפּן. ער ווערט באַשול־דיקט אין א פּרווו פון א מאָרד. קאָט איז א משומד. ביי 17 יאָר האָט ער זיך געשמדט אויס איבערצייגונג אַלס אַסימילאַטאָר. מען זאָגט, אַז מען האָט

---

[199]) לויט דער פאַראָרדענונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר פון 10 יאַנואַר 1940 האָט מען קודם־כל די פּוילישע באַנקנאָטן פון 100 זל. און 500 זל. געדאַרפט געבן צום אָפּשטעמפּלען אין באַנק פּאָלסקי. דעם 29 יאַנואַר האָט מען מודיע גע־ווען, אַז די באַנקנאָטן צו 100 זל. ווערן אָפּגעשטעמפּלט און זיי וועלן פון 1 פעברואַר זיין דאָס לעגאַלע מיטל אין ג׳ ג׳. דעם 17 מערץ איז דערשינען א פאַראָרדענונג וועגן שאַפן די עמיסיע־באַנק און אַז פון 8 אַפּריל וועלן די באַנק־נאָטן פון דער באַנק עמיסיע צו 500, 100, 50, 20, 5, 2 און איין זלאָטי זיין דאָס איינציקע רעכטלעכע צאָלונגס־מיטל.

[200]) יאַנואַר 1940 האָט די דייטשישע פּאָליציי אַרעסטירט א געוויסן אַנדזשעי קאָט פאַר אָרגאַניזירן אַן אונטערערדישע ווידערשטאַנד־גרופּע. דעם באַשולדיקטן איז געלונגען צו אַנטלויפן. די פּאָליציי האָט צוליב דעם אַרעסטירט א צוויי הונדערט מענטשן, דערונטער 100 יידן כלומרשט צוליב דעם, וואָס קאָט איז געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג. צווישן זיי האָבן זיך געפונען די אַדוואָ־קאַטן בענקיעל, בריאַנסקי און ביאַלער (ד״ר באַלאַבאַנס איידעם). וועגן די אַרעס־טירטע זיינען קיין שום ידיעות נישט אָנגעקומען. וואַרשיינלעך זיינען זיי אַלע דערשאָסן געוואָרן. וועגן קאָטן האָט מען געשמועסט, אַז אים איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אין אַרכיוו פון יה״א געפינט זיך א רשימה פון עטלעכע צענדליק אַרעסטירטע אין צוזאַמענהאַנג מיטן ענין קאָט.

אויפגעדעקט א פאַרזאַמלונג פון פ.פ.ס. קאָט איז אַנטלאָפן מיט דער הינטערטיר. מען זאָגט, אַז מען האָט אָרגאַניזירט א באָמבן־אַטענטאַט אויף א דייטשן גאַרניזאָן אויף פאָווישליע[201]. מיט איין וואָרט פאַרשידענע קלאַנגען.

היינט דעם 20־טן איז פאַרשפּרייט געוואָרן א ידיעה וועגן א טויט אורטייל אויף 26 מאַן [?] דערפון 5 קריסטן. די פאַרמשפּטע זענען פאַרשיקט געוואָרן אין קלאַרווע [?].

היינט איז נישט געווען אין שטאָט קיין ברויט. די סיבה איז פאָלגנדע: מען פאָדערט אַז די בעקער זאָלן באַקן, פאַרקויפן צו ביליקן פּרייז, בשעת דער פּרייז פון מעל איז העכער. אויס מורא פאַר שטראָפן, פאַר פאַרקויפן פאַר א העכערן פּרייז האָבן די בעקערס נישט געבאַקט קיין ברויט. לאַנגע רייען פאַר די בעקערס, וואָס האָבן געבאַקן. נישט צו באַקומען קיין פּראָדוקטן אין די געוועלבער (צוקער). אין לאָדזש זענען באַגראָבן געוואָרן 13 יידישע פלעניקעס. נישט צוגעלאָזט צו די יידישע וואַגאָנען קיין שפּייז פון רויטן קרייץ. אַ טייל אַרויסגעוואָרפן פון אָסטפּרייסן אָן מענטל אין אָפענע וואַגאָנען. אין וולאָדאַווע באַגראָבן 167 זעלנער. אין פּרייסן זיך דערנערט פון די אָביערקעס, אַזוי ווייניק עסן באַקומען. אויפן וועג באַקומען צו איין ברויט פאַר 5 זעלנער. דער וועג געדויערט פון מאָנטיק ביז פרייטיק. ביים פאָרן מיטן צוג מוז מען באַקומען אן ענטלויזונגס־שיין. מיטן שנעלצוג טאָרן נישט פאָרן נישט יידן און נישט פאָלאַקן, מען מוז באַקומען א ספּעציעלע דערלויבעניש[202].

28, 30 יאַנואַר 1940.

ליבער טאַטע!

נעכטן (אכט און צוואַנציקסטן יאַנואַר) האָבן געהוליעט פּוילישע באַנדעס. מען האָט אַרויסגעשלעפּט מענטשן פון דראָזשקעס און זיי געשלאָגן מיט באַגייקעס אָדער „נא ביקא"[203]. מען האָט געשלאָגן אויף לעשנאָ, עלעקטאָראַלנאַ, אָרלאַ, קראָלעווסקאַ, מאַרשאַלקאָווסקאַ א. א. מען האָט פאַרחתמעט דאָס געשעפט פון די ברידער יאַבלקאָווסקי און אַנדערע קריסטלעכע קראָמען אונטערן אויסרייד, אַז דאָרט זענען דאָ יידישע סחורות. די מעשה מיט די הונדערט טויזנט זלאָטעס פון דער קהלה קאָנטריבוציע איז פאָלגנדע: מען האָט געמאַכט א דעזינפעקציע אין א יידיש הויז, אַ משוגענע האָט געשלאָגן א סאַניטאַריוש, א יעניקע, מען האָט דאָס הויז פאַרמאַכט. ערשט שפּעטער ווען מען האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז א משוגענע, האָט מען באַפרייט די הויז־איינוווינער. ווען מען האָט פאַרציילט אין גן־עדן פון וולאָדאַווע וועגן דעם אויפן פון ממתן די הונ־

---

201) פאָווישליע — אַ פּראָלעטאַרישע וווין־פערטל אין וואַרשע.

202) אַ פאָרמעלער פאַרבאָט צו פאָרן מיט באַן האָט אַרויסגעגעבן דער גענ.־גובערנאַטאָר פראַנק דעם 26־טן יאַנואַר 1940.

203) „נאַ ביקא" — ד. ה. געשלאָגן מיט אַ נאַהייקע געמאַכט פון אָקסן־פּעל.

דערט זעכציק [204], האָט דער שרה צום סוף אַ פרעג געטאָן: און וואָס איז מיט אַ צוואַנציק מצות [?].

היינט דעם דרייסיקסטן איבערגעלעבט אַ שווערן טאָג. אין זאַקסישן גאָרטן האָבן אַ באַנדע פוילישע כוליגאַנעס פון 14 ביז 15 יאָר דערזען מיך מיט אַ בינדע: איך האָב קוים אַ לעבעדיקער באַוויזן פון זיי צו אַנטלויפן. דער וועג איז געווען לײדיק. נישט געווען כמעט קיין מענטשן. די משוגענע קריסטן [זי זאָל זיין אַ רוסין] ווילדעוועט נאָך אַלץ איבער דער מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס. זי לויפט אַרום בראש מיט אַ חברה יונגוואַרג. זי פאַלט אָן פלוצים און שלאָגט זייער שטאַרק. נעכטן געווען שווער פאַרוווּנדעטע פון די כוליגאַנישע אָנפאַלן. ביי איינעם צוגענומען אַ פּאַלטן, ביי מיר געוואָלט צונעמען דעם הוט, אַ דאַנק מיינע שנעלע פיס (די חברה האָט מיך גערופן קוסאָטשינסקי)[205], געלונגען צו אַנטלויפן. געווען היינט ביי מיר צוויי פוילישע פרויען פון געזונדהייטס־אָפּטיילונג פון מאַגיסטראַט וועגן אַרבעט פאַר זייער יידישער אָפּגעזאָגטער חברטע די „באַבטשע" (ראַדלינסקאַ) [206]. גלויבט, אַז צוליב דעם, וואָס אין לעבן זענען פאָרגעקומען טיפע ענדערונגען, וועט דאָס נייע פוילן זיין אַ גאַנץ אַנדערס, אַ שענערס, אַ בעסערס. די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן זענען פון עמעצן געמאַכט. עס באַטייליקן זיך אין זיי די יונגע נייַנצן יאָריקע חברהניקעס. מען האָט מורא צו ענטפערן הגם אין אַ טייל ערטער ענטפערט מען (קאַרמעליצקע). איינער פון יענע אָנגעפירט מיט אַ באַנדע, וואָס האָט נעכטן געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס.

מען איז זייער באַוומרויקט מיט די אַרבעטס־לאַגערן. די קהלה וועט פון דריטן [פעבער] אַדורכפירן רעגיסטראַציע פון אַלע [פון] 12 יאָר אָן. די מאַטעריאַלן וועלן איבערגעגעבן ווערן דעם מאַגיסטראַט. עס וועלן זיין זעקס גרופן, וועלכע וועלן אַרבעטן, פינף אין פוילן און די זעקסטע אין מזרח־פּרייסן. פינף גרופן וועלן אַרבעטן ביי דער רעגולאַציע פון דער ווייסל. מען פאַרציילט כסדר וועגן דעם, אַז שיקאָרסקי [207] זאָל דורכן ראַדיאָ האָבן דערקלערט, אַז מען זאָל נישט טוישן די הונדערטער און פינף־הונדערטער, ווייל זיי וועלן האָבן זייער ווערט [208]. אין לאָדזש איז לויט דער „לאָדזשער צייטונג" פון אייערנעכטן דאָ אויף יעדער יידישער וווינונג אַ געלער מגן־דוד.

---

[204]) דער פאַקט באַשטעטיקט זיך אויפן סמך פון ג"ע פון לעבן־געבליבענע. אין דעצעמבער 1939 זענען לעבן דער סטאַציע בוג וולאָדאַווסקי דערהרגעט געוואָרן 120 יידן.

[205]) אַ באַקאַנטער פוילישער ספּאָרטלער, טשעמפּיאָן פון לאַנגע דיסטאַנסן.

[206]) העלענאַ ראַדלינסקאַ (1876 — 1954), פּעדאַגאָג, געזעלשאַפטלעכער טוער, פּובליציסט. זי האָט אין 1925 געגרינדעט די פרייע פוילישע הויך־שול (װשעכניצע), אַ סטודיע פאַר געזעלשאַפטלעכער בילדונג.

[207]) וולאַדיסלאַוו שיקאָרסקי (1881 — 1943), גענעראַל, פּאָליטיקער, פּרעמיער פון דער פוילישער עמיגראַציע־רעגירונג אין די יאָרן 1939 — 1943.

[208]) זע הערה 199.

אין גאַס רעדט מען וועגן די קוועקערס. מען באַרעכנט שוין די דאָלאַרן, וועלכע זיי וועלן ברענגען. ביים רייניקן דעם שניי זענען באַשעפטיקט דורך דער קהלה טויזנטער מענטשן. זייער צאָל דערגייט ביז צען טויזנט. זיי באַקומען דריי זל. א טאָג. עס טרעפט אָבער, אַז מאַנכע גלעטן דעם שניי. געווען א פאל איינעם געכאַפּט צו דער אַרבעט פון טראָגן קוילן. באַקומען עטלעכע גרויסע שטיק פון די דאָזיקע „ברילאַנטן״.

די מורא צו זיין אָרדענטלעך. געקומען פינף ראשים אין א וווינונג. גענומען פאַרשיידענע זאַכן און שפּעטער זיי אַריינגעלייגט אין וואַליזעס. די משפּחה־מיטגלידער געבעטן צו לאָזן דאָס און יענץ. מסכים געווען, אָבער געבעטן שאַ, שטיל, אָבער שנעלער, אַנדערע זאָלן נישט זען. דאָקטוירים געזוכט מיקראָסקאָפּן ביי א יידישן דאָקטאָר אַנגעמאַכט א חורבן אין דער וווינונג. געווען פאַלן ווען גענומען פון ביבליאָטעקן פון יידישע דאָקטוירים איינצעלנע ביכער. רעפּרעסיעס קעגן א דרוקער, הלמאי געדרוקט אַנטי[פאַשיסטישע] ליטע[ראַטור] פאַר דער מלחמה.

1, 2 פעברואַר 1940

מיינע ליבע!

היינט דעם ערשטן פעברואַר געהערט פאָלגנדע מעשה פון זשעשאָוו. דאָרט זענען די באַציונגען גוטע — — אָבער יענע וואָך נישט צוגעשטעלט, אַנשטאָט הונדערט צוואַנציק בלויז הונדערט צען מענטשן. גענומען די יידישע עלטעסטע און זיי אויסגעשאָסן אינמיטן מאַרק[209]. די שררות געווען בייז אויף דעם חייל, דער דאָזיקער דואליזם קענטיק אין א סך פאַלן פון יידישן לעבן אין פוילן. אין לאָדזש ווערן, לויט די לאָדזשער צייטונגען, די טראַנספּאָרטן איבערגעגעבן דעם יודן־ראַט[210]. דער עולם איז ווייטער אַבסאָרבירט מיט דער רעגיסטראַציע[211]. מען פאַרגלייכט עס צו פיתום און רעמסס. מען וועט פאָרן אָנקוקן וואָס די יידן האָבן געבויט. יידן זאָלן בויען דעם קאַנאַל באַלטיק — דאָס שוואַרצע ים. די [מאַפּערס] נעמען שוין איצט נאָר לאָקשן[212]. קליינע דאָלערס געהאַלטן איבערהונדערט לעצטנס ווידער געשטיגן. דער פּרייז פון חרות — — געשטיגן: צוויי, דריי אלפים, איצט פינף און מער — — עס זענען דאָ בלויז צוויי אנשי חירות פאַרלאַנגען זיי הרבה. איינער פון די אנשי חירות — פון ווין אַן איבערגעטויענער, מען זאָגט, אַז די לעצטנס איינגעשבנטע אַריינגעשיקט קיין

209) די ידיעה באַשטעטיקט זיך נישט אין אונדזערע דאָקומענטן.

210) געמיינט, אַז דער „יידנעלטעסטער״ רומקאָווסקי און זיין בייראַט פאַרנעמט זיך מיטן אַרויסשיקן יידן פון לאָדזש.

211) רעגיסטראַציע פון אַרבעטספּעיקע יידן פון 12 ביזן 60 לעבנס־יאָר, לויט דער פאַראָרדענונג פון גובערנאַטאָר פראַנק פון 26 אָקט. 1939 און אויספיר־פאַראָרדענונגען פון העכערן ס. ס. און פּאָליציי־פירער קריגער פון 11 און 12 דעצעמבער.

212) דאָלאַרן.

מאדלין. „א פינצטער לעבן”, האט מיר געזאגט א ייד אויף קארמעליצקא גאס, ווייל ביז היינט נישטא קיין באלייכטונג. בכלל אויף די יידישע גאסן שטארק פינצטער. מען גייט דורך דער קיכן-טיר, דאס איז דער סימבאל [?] פון דער לעצטער צייט. ביים עולם זיך פארשפרייט א קלאנג, אז עס איז אנגעקומען פון אמעריקע מעל אויף מצות. די אנפאלן אויף יידן קומען פאר אויף פארשיידענע גאסן: כלאדנא, זשעלאזנע. די אנפאלן זענען פארבונדן מיט רויבערייען. דעם היכן פרייז פון חירות (אד. שאמעק) האט מיר דער „העלד” מאטיווירט דערמיט, אז מען דערלויבט נישט אדורכצוקוקן די כתבים פון די איינגעשיבנטע. דאס אליין איז דער מחיר חמשה מאות זהובים.

די פראגע פון ארבעטס-לאגערן גייט נישט אראפ פון דער טאג-ארדענונג. עס זענען שוין דא געלע צעטלעך מיט א גרויסן „ייד” פאר 5 גראשן, וועלכע ווערן פארקויפט אין גאס צו 10 גראשן[213]. קינדער ריידן צווישן זיך אזוי (לויט דער רעלאציע פון אורי[214]): די עלטערע וועט מען דערשיסן, די מיטעלע אין די לאגערן און די יונגע וועט מען אויסשמדן און צעטיילן צווישן די קריסטלעכע פאמיליעס. פאראן פארשיידענע אויסוועגן. א טייל וויל ארויספארן פון וו[ארשע] אין די שטעט פון רייך, ווו קיין ארבעטס-לאגערן זענען נישטא. אנדערע ווילן זיך נישט מעלדן, אנדערע גלויבן, אז עס איז נישט אזוי טראגיש.

היינט דעם צווייטן פעברואר ארויס א געזעץ וועגן אנמעלדן דורך אלע יידן די פארמעגנס[215]. מען זעט אין דעם א נייעם פרווו צוצונעמען דעם רעשט פארמעגנס. מיין באגעגעניש און שימעקס[216] מיטן דאקטאר, וואס רעדט יידיש און א ביסל העברעיש (אין כל חדש תחת השמש). אויסגעלערנט זיך בשעת דער לעצטער וועלט-מלחמה פון זיין יידישן פריזירער. ווען מינקאווסקי[217] האט אים אויף לחיים געענטפערט מיט לחיים, האט ער אים אויפמערקזאם געמאכט — לחיים טובים ולשלום. עלעגאנטער לעבע-מענטש, פריילעך און לעבנסלוסטיק. — —.

לאסאל (היסטארישע שריפטן, ארב. ב. III, 735) האט בשעת דעם דמשקר פאגראם געשריבן: „דער צעטרעטענער ווארעם צאפלט זיך אויך. און דו (יידיש פאלק) בייגסט זיך איין נאך נידעריקער”.

די ווארשעווער יידן ענטפערן די קריסטלעכע כוליגאנעס אויף די יוד[ישע] גאסן מיט קלעפ, הגם דער ביישפיל נאלעווקי 9 באווייזט, אז דאס אנרירן א קריסט קען גורם זיין שווערע פאלגן. ידיעות וועגן א

---

[213] געמיינט אפנים די רעגיסטראציע-צעטלען.
[214] זע הערה 26.
[215] געמיינט די פארארדענונג פון 24 יאנואר 1940 (פארארדנונגס-בלאט פון ג. ג. 1940 I, ז' 31).
[216] שמעון (שימעק) לובעלסקי.
[217] געמיינט ד"ר ישראל מיליקאווסקי, באקאנטן כלל-טוער, לייטער פון געזונטהייטס-אפטיילונג אין ווארשעווער געטא.

שלום־מאכעריי אין דער צאָפּ־געגנט[218]. נהרגו המנהלים של הפבריק של אפר און — כולם אשר באו שם יושבים[218א]. — ארויפגעלייגט מיט איינ־קע וואָכן צוריק די מעלדונגס־פליכט אויף דער ווארש[עווער] קהלה.

געמאַכט א סוף צו גערטנערן[219]. די קעלנער האָבן געמוזט אַרויס־טראָגן דאָס געשיר, די איינריכטונג א. א. זאכן. אין דער פרי קען מען זען יידישע אָפּטיילונגען אונטער דער אָנפירונג פון א סעקציע[220] מאַרשירן צו דער אַרבעט. פאר יעדן נישט געלונגענעם אָדער נישט שנעלן שריט — קלעפּ, אומאויפהערלעכע געשרייען. מען רעדט נישט, [נאָר] מען שרייט. דאָס איז אַזאַ סיסטעם. מען זאָגט, אַז דאָס שלאָגן און שרייען איז אויך אָנגעווענדעט לגבי יענע.

7, 8 פעברואַר 1940

ליבער טאַטע!

זיבעטער פעברואַר. דער איינטריט אויפן קראשינסקיס פּלאַץ אין א געוויסן פּונקט נעבן די געריכטן איז פאר יידן פארבאָטן. יידן טאָרן נישט קומען אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך יידישע פילאַנטראָפּן. איינגעפירט [?] באַזונדערע וואַגאָנען פאַר יידן אין די קאָלייקעס. ביים אַרויסבאַקומען אַן אַנטלויזונגס־שיין — — יידן מוזן דאָס געבן ביים פארן מיט דער באַן (גילטיק [?] צען טעג) — — שבעה אלפים בעד וואָס יידן פון א הויז האָבן נישט געוואָלט גיין צו דיזענפעקציע. שרעקלעכע סצענעס אין די קינדער־קיכן. מען שערט אָפּ די האָר. אומרים שנהרגו רבות מאות של משוגעים. אין לאָדזש אַרויסגעגעבן ביים אָנהויב מלחמה בעלעס אויף סוף — — געהייסן די יידן דעקן די גאַנצע סומע. דעריבער האָבן א סך, וועלכע האָבן דעפּאָנירט געלטער אין דער באַנק אַרויסגענומען דאָס געלט. אַנאַלאָגיעס צווישן די יידישע קהלות אַמאָל און הייַנט. די מעלדונגס־פליכט, דעקלאַראַציע־פליכט פון די יידישע פאַרמע־גנס ביזן 1־טן מערץ אַרויסגערופן א גרויס אויפזען ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אין וולאָצלאַוועק און אַנדערע פּראָווינצער שטעט געווען א טענדענץ אין אָנהויב פטור צו ווערן פון זאכן, פון קראָמען. מען האָט געזוכט דעם נצרך. וואָס קינדער פאַרציילן: מען וועט די מיטעלע נעמען צו דער אַרבעט, די עלטערע וועט מען אויסשיסן, און די יונגע וועט מען

---

218) צ.אָ.פּ.־געגנט — פאַר דער מלחמה האָט מען דעם דרייעק צווישן ווייסל און סאַן אויסגעטיילט ווי אַ צענטראַלן אינדוסטריע־געביט. דעם דאָזיקן אָפּ־שניט האָט מען אויך באַטראַכט ווי אַ צענטער פון פאַרטיידיקונג (C.O.P.) Centralny Okręg Przemysłowy

213א) עס זענען דערהרגעט געוואָרן די לייטערס פון אָפּערס [?] פאבריק. און אַלע, וואָס זענען דאָרט געקומען זיצן.

219) געוו. אייגנטימער פון אַ באַקאַנטן רעסטאָראַן אויף לעשנאָ 1.

220) אַן עלטסטער אין דער יידישער פּאָליציי אין וואַרשע.

אויסשמדן און צעטיילן צווישן קריסטלעכע פאַמיליעס. הסכום הגדול בעד מר שאיעלע [?] סטאַניסלאַוו. יש שאומרים שיושבים אנשים בדבר שיקחו פדיון 220א. געכאַפּט געכטן און היינט פרויען צו אַרבעט. און דווקא אין קאַראַקולענע פּאַלטנס. מען הייסט זיי אויסוויש די פּאַדלאַגעס מיט די מייטקעס, דערנאָך מוזן זיי אָנטון די נאַסע מייטקעס. געשען מיט א צייט, אַז א — — געכאַפּט איניקע יידן צו שלעפּן אן אויטאָ, וואָס איז פאַר־שטעקט געוואָרן, דערנאָך געהייסן זיי אויסשטעלן זיך אין א ריי און זאָגן מזל־טוב. און נישט אויסדרייען זיך. געגאַנגען א לאַנגע צייט און נישט געוווסט, אַז קיינער גייט זיי נישט נאָך. אין דער צייט פון חורבן טראַכט מען וועגן קאָנסטרוקטיווער הילף, מען וויל נישט לעבן פון קצבה, מען לייגט פאָר פאַרשלאַגן וועגן — — די נייע פליטים לערנען זיך א פאַך. אויף שעניקעס אויף דער פּאַדלאָגע. אין דער וואַרשעווער ביבליאָטעק פון ביבעל אין דער ייפּעלסצוועקן [?] פאַרגליכן די יידן צו א בלום, א פּאַראַזיטיקע, וואָס לעבט אויף יענעמס חשבון, דאָס איז ענגלאַנד און די יידן.

מיט האַרציקע גרוסן אייער פּיוויש.

א נייע פאַראָרדענונג. היינט דעם אכטן אין וואַרשעווער צייטונג פאַרעפנטלעכט א פאַראָרדענונג, אַז יידן טאָרן נישט פאָרן מיט די באַנען צוליב שמוגל און צוליב עפּידעמיע [221]. עס איז נויטיק א ספּעציעל דער־לויבעניש פון דער מאַכט. געכאַפּט אן אַמעריקאַנער בירגערין, יידישקע צו דער אַרבעט, מיט קאַראַקולן געהייסן וואַשן די פּאַדלאָגע. אומגעקערט די שררות צען טויזנט זל. און דאָס זייגערל. היינט ווייטער פאַרגעקומען אַנפאַלן פון פּוילישע כוליגאַנעס אויף יידן אין די גאַסן. געווען היינט איי־נער מיט א פאַרשלאַג יעדער ייד חמשה גראם זהב בעד א רעפּרעזענטאַנץ האזרחי בעד חירות מעבודה.

9, 12, 13, 14 פעברואַר 1940

מיינע ליבע!

ניינטער פעברואַר. אין לוויוויטש האָט מען לעצטנס גענומען צו דער אַרבעט ייד[ישע] בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס א. א. פאַרשפּרייט זיך א קלאַנג, אַז אין דער נאָענטסטער צייט וועט פאָרקומען די רעגיס־טראַציע פון פרויען אין וואַרשע: פון 12 יאָר ביז 45. פרויען מיט קינדער ביז 12 יאָר זענען באַפרייט. — מען פירט מעבל פון ייד[ישע] הייזער פון אַלע גאַסן. מען נעמט צו דאָס מעבל פון אַלע ייד[ישע] אַדוואָקאַטן. מען קומט פריער און רעקווירירט, דערנאָך ווערט עס אַרויסגעפירט. פאַלן פון

220א) מען זאָגט, אַז מען האָט אַרעסטירט מענטשן, כדי צו נעמען פון זיי אויסקויפגעלט.

221) דאָס איז געווען א לאָקאַלע פאַראָרדענונג, זע הערה 202.

צונעמען ביי דאָקטוירים זייערע אַרבעטס־מכשירים. לעצטנס שטייען קריסטן אין דרויסן, מען נעמט יידן אַריין אין טויער און דערנאָך לײדיקן יענע אויס די קעשענעס. אַ גרויסן רושם ד׳ דיעה וועגן לאָדזשער געטאָ[222]. מען מעג מיטנעמען נאָר אַזוי פיל, וויפל מען קען טראָגן. ווידער רעדט מען וועגן געטאָ אין וואַרשע. עס זאָל אַרומנעמען פּראַגע און איניקע יידישע] קאָמיסאַריאַטן[223]. מיט א קורצער צייט צוריק אַרויס א פאַראָרדענונג וועגן רעקוויזיציעס, וואָס גיט אויך אמטן און אינסטיטוציעס דאָס רעכט פון רעקוויזיציעס[224]. באַצאָלט געלט פאַר טראָגן א צעקנייטשטע בינדע און פאַר טראָגן א שמוציקע בינדע. אַן אַדוואָקאַט צוגעדעקט די בינדע מיט דער טעקע, אַנגעטון אים דאָס פוטער פאַרדרייט און געהייסן אים אַזוי שפּאַצירן אין די גאַסן. די משוגענע פון מאַרשאַלקאָווסקא וויל־דעזועט ווייטער, זי שלאָגט מיט א העַנטשקע אונטער וועלכער זי טראָגט א שטיין. פאַר דער מלחמה געווען רירעוודיק בשעת [די] אַנטיסעמיטישע העצעס. די מעשה, אַז איר ברודער האָבן דערהרגעט די יידן אין גראָדנע; קיינמאָל נישט געהאַט קיין ברודער. — — א טייל פּליטים זענען אין צו־זאַמענהאַנג מיט דער רעגיסטראַציע אַרויסגעפאָרן אין דער פּראָווינץ. צו דער אַרבעט ווערן גערופן פּוילישע אַרבעטלאָזע. זיי ווערן אַרויסגעשיקט קיין ד[ייטשלאַנד]. צוליב די פרעסט א גרויסער מאַנגל אין פעטס און קאַרטאָפל. די פּרייזן זענען, נישט געקוקט אויף די רעפרעסיעס, נישט געפאַלן. עס קומען אָן א סך באַפרייטע קריגסגעפאַנגענע. שטאַרק געשטיגן די פאַרמיטלונג פון סחורות. זי גייט פון האַנט צו האַנט. א דאָקטאָר אַראָפּגערוקט זיך דאָס רויטע בענדל אויפן יידישן, באַקומען פעטש און שטראָף. סאַדאָווסקי און אַנדערע „סקיס".

צוועלפטער פעברואַר. מען עושהט פּאַפּירן, באַזונדערס די נוצרים[225]. מען כאַפּט לעצטנס טאָג טעגלעך פרויען צו דער אַרבעט. געפונען א לויז אויפן פאַלטן פון א קראַנקן־שוועסטער אין שפּיטאָל און דעריבער אָפּגע־שטעלט דאָס אַרויסלאָזן די שוועסטערס פון שפּיטאָל. פעגנער[226] באַקומט אלף זהובים פון זיין פאַרמעגן. די רעגיסטראַציע פון מענער־יידן נעמט אַרום 120 טויזנט. די פּאָלאַקן אומצופרידן דערמיט, וואָס אויפן פראַנצ[וי־

---

222) די פאַראָרדענונג וועגן לאָדזשער געטאָ איז דערשינען דעם 8 פעב־רואַר 1940.

223) דער ערשטער פּלאַן האָט פאָרויסגעזען צו שאַפן 2 געטאָס אויף דער פעריפעריע פון וואַרשע: 1) אויף דער פאָרשטאָט קאָלאָ — וואָליא (מערב־טייל) און אויף גראָכאָוו (מזרח־טייל). שוין דעם 1 יולי 1940 האָט מען געזאָלט צוטרעטן צום רעאַליזירן דעם פּלאַן.

224) עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דער פאַראָרדענונג פון גענ.־גובערנאַטאָר פראַנק פון 24 יאַנואַר 1940.
אין „אַמטסבלאַט" נר. 2 פון 14 פעברואַר 1940.

225) „אַרישע פּאַפּירן".

226) אברהם געפּנער, באַקאַנטער גביר, דער לייטער פון אַפּראָוויזאַציע־אָפּטייל ביים יודענראַט אין וואַרשע.

זישן]פראָנט זענען לעצטנס געפאלן אַזויפיל פּאָלאַקן. פּעסטער גלויבן אין דעם אָנקומענדיקן פרילינג. וויכטיקע געשעענישן. זאָלן פאלן באָמבעס, אבי אלץ זאָל זיך ענדיקן. א ייד מיט אנגינא פּעקטאָריס געשטאָרבן. צע־שלאָגן דורך די כוליגאַנעס. די באקצילן־פארשפרייטער טאָרן נישט פאָרן אין באַנען [227]. אַזוי האָט געשריבן די וואַרשעווער צייטונג.

די שפּיל אויף די דינאסן [228] ביי דער אַרבעט. מען הייסט שלאָגן איינער דעם צווייטן מיט די קאַלאָשן. א ייד מיט תפילין געמוזט א גאַנצן טאָג אַרבעטן מיטן של ראש. געהייסן א רב שיסן [שייסן?] צו זיך. איין גרופּע מוז זיך באָקסן מיט דער צווייטער. מען נעמט צו פּאַלטנס, כדי די מענטשן זאָלן קומען צו דער אַרבעט דעם צווייטן טאָג. געווען פאַרווונדעטע צוליב די מעשים. מען נעמט אויך קריסטן לעבודה. פאראן א געזעלשאַפט, וועלכע אָרגאַניזירט אומלעגאלע נסיעות קיין א״י. די קרובים צאָלן איין אין אויסלאַנד 100 דאָלאַר.

די משוגענע היינט, דעם דרייצנטן, ווידער פריי. פארטשעפּעט מענטשן פאר נישט טראָגן קיין בינדעס.

היינט דעם פערצנטן שמעתי שבעים נהרגו: ארבעים אנשים לא ידוע אם הם נוצרים. הפנים שלהם פארדעקט מיט צייטונגען [228א]. אין א גרענעץ־שטאָט געקומען א פארשטעלטער קאָמיסאר, פאררעגיסטרירט עטלעכע און פערציק יידן, דעם צווייטן טאָג אַלע נהרגו. געפרוּווירן געוואָרן אין זיין וווינונג א ייד פראנציסקאַנער 6 און פראנציסקאַנער 15.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק דערציילט א מעשה וועגן א ראש, וואָס האָט געגעבן מעות א יידיש קינד, וואָס האָט פאַרקויפט אויפן גאַס און געהייסן אים אהיים גיין. אין גאַס פאַרקויפט מען איצט הייסע בייגל, פּאַפּיראָסן און „ווער טוישט עפּעס" דער פּרייז פון טוישן גרויס געלט [229] איז געפאלן פון 20—25 אויף 12. דאָס איינישבנען פון לויערס [230] פאָרגע־קומען אַזוי, אַז מען האָט געפרעגט די סטרוזשעס צי זענען דאָ אין הויף יידישע אַדוואָקאַטן. צוועלפיאָריקע בחורים ווערן גענומען צו טראָגן מעבל.

מיט האַרציקע גרוסן אייער פּיקול.

---

[227]) זע הערה 221.

[228]) אויף די דינאסן (אַ פּאַרק אין וואַרשע — נעבן אַמאָליקן יידישן קאַמינסקי־טעאַטער) האָבן זיך געפונען גאַראַזשן, וווּ מ'האָט רעמאָנטירט אויטאָס א. א. וו. צו דער אַרבעט פלעגט מען כאַפּן יידן פון דער גאַס. געווען איינס פון די ערגסטע אַרבעט־ערטער. אין רינגל. אַרכיוו פאַראַן איניקע באַשרייבונ־גען — דערונטער אויך פון הויבערבאַנד שמעון.

[228 אַ]) ...געהערט, אַז מען האָט געהרגעט זיבציק, וועגן פערציק נישט באַ־וווסט צי זיי זענען קריסטן...

[229]) נוגע בייטן פּוילישע באַנקנאָטן פון באַנק פּאָלסקי אויף אַנדערע, אַרויס־געגעבן פון „באַנק עמיסיִני" אין קראָקע.

[230]) אַדוואָקאַטן (פון ענגלישן).

15, 18, 19, פעברואַר 1940.

מיינע ליבע!

פינפצנטער פעברואַר. די דינאסן זענען געוואָרן איצט דער שרעקנס־אָרט אין וואַרשע. מען כאַפּט מיט פּריוואַטע אויטאָס אין גאַס יידן. בשעת דער מיטאָג הפסקה פון אַ שעה צייט נעמט מען צו די פּאַלטנס. אסך לאָזן איבער די פּאַלטנס אַבי באַפרייט צו ווערן פון די ענויים. די פרוי באטליי מיט א וואָך געכאַפּט צו דער אַרבעט, געהייסן אָנטון די נאַסע מייטקעס, מיט וועלכע זי האָט געוואשן די פּאָדלאָגע, באַקומען א לונגן אָנצינדונג, געשטאָרבן. אויף די ווענדונגען פון גוווערנער צו די פּאָלאַקן וועגן פאָרן קיין דייטשלאַנד צו אַרבעט אויפגעקלעפּט צעטלעך[231]. אין דער פּרעסע געווען דער אינטערוויו פון ד"ר פראנק וועגן דער לאַגע אין גענעראַל־גוווערנעמאַן. דערמאָנט, אז יידן וועלכע זענען געווען אַרבעטס־שוי, גייען גערן צו אַרבעט. עס ווערן געשאפן קולטור־געמיינדען. ביז איצט געווען קיין שום אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונג. מען וויל אין דעם זען א נייע ווענדונג.

איינגעישבנט אין א גאַנצער ריי פּראָווינץ־שטעט די יידישע קאָמיסיעס פּאַר אומזידלונג. אין סלאַוואָטיטש געקומען א פארשטעלטער קאָמיסאַר פאר אומזידלונג. א 32 פּארשריבענע יידן דערשאָסן.

„איך בין פערנאָמען" (שטאַרק „באַשעפטיקט").

אין סאָסנאָוויעץ אָפּגעשטעלט דעם גירוש פון פופציק טויזנט ביזן ערשטן אַפּריל. אין ערשטן אַפּריל דאַרפן צען טויזנט יידן פון סאָסנאָוויעץ אויסוואַנדערן קיין סלאָוואַקיי. דאָרט זענען שוין דאָ איבער צען טויזנט יידן: פון וויען, בעמען, מערן, דרום־פוילן, באַזונדערס שלעזיען. די יידן ווערן אויסגעהאַלטן דורך די יידישע קהלות, באַקומען געלט פון אויסלאַנד (וואַלוטע). לעבן דאָרט [ווי] אין א קוראָרט. וועגן די צען טויזנט פון סאָסנאָוויעץ ווערן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט סלאָוואַקישער רעגי־רונג. עס איז דאָ דערויף די הסכמה פון דער דייטשער מאַכט, וועלכע געניסט אסך פון די דעוויזן אין דער סלאָוואַקיי. אין סאָסנאָוויעץ איז טעטיק דאָס פּאַלעסטינא־אַמט.

די משפּחה זאמענהאָף[232] פון ערשטן מאָמענט איינגעישבנט אין וואַרשע. אין סיים נהרגו דרך האוזן. אין די לעצטע טעג א גרויסער מאנגל אין דראָזשקעס, צוגענומען אסך פערד. מען זאָגט, אַז אויף פליישׁ. דער פרייז פון קוילן איז ווייטער א הויכער, ביז זיבציק זל. הונדערט קילאָ. מען רעכנט די צאָל לעצטנס איינגעישבנטע יידן אויף הונדערט דרייסיק. זעקס א"ידיקע בירגער איינגעישבנט, אַרויסגעשיקט קיין בערלין אויף

231) די צעטלען האָט אויפגעקלעפּט די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג, וועלכע האָט גערופן צו סאַבאָטירן פּישערס ווענדונג.

232) די משפּחה פון ד"ר לודוויק זאַמענהאָף, באַקאַנטן שעפער פון דעם עספּעראַנטאָ־שפּראַך.

אויסטויש. די שרעקלעכע מורא אַרויסצוגיין אין גאַס. א שרעקלעכע שטימונג. מען גייט אין גאַס און קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן. די קהלה אין ווארשע נעמט צום שניי רייניקן אַלע יידן. די רשימות שטעלן צוזאַמען די זשאַנדצעס [233]. יעדעס הויז מוז ליפערן א געוויסע צאָל פּערזאָנען.

אכצנטער פעברואר. עס זענען לעצטנס צוריקגעקומען צוויי טויזנט פּלעניקעס פון דייטשלאַנד: זיגעסהיים לעבן קאַססעל און פון בייערן. זיי דערציילן וועגן א נישט שלעכטער באַהאַנדלונג. דער רוב פון זיי איז נאַקעט.

די שמאַטע־קלויבער זענען שיקאַניזירט דורך יענע. די קליינע ווערן זייער אויסגענוצט דורך מיטעלע און גרויסע. בויטיק קרעדיטן אויף פאַר־בעסערן זייער לאַגע. אין לובלין האָט ד״ר אלטען, דער פאַרשטייער פון דער ייד[ישער] קהלה, אינטערווענירט וועגן טראָגן די לאַטע נישט פון הינטן נור פון פאָרנט. ווען מען האָט אים עס אָנגערופן „שאַנדבינדע״, האָט ער געענטפערט, אַז דאָס איז אן ערנבינדע. באַקומען דריי טעג ארעשט.

„אים סלאָנצע ווישעי, טעם סיקאָרא בליזשעי״ [234]. זייער פאַרשפּרייט לעצטנס. אויף די פראַנק־מעלדונגען וועגן פאָרן פון לאַנדווירט [!] קיין דייטשלאַנד אויפשריפטן: „פאָוויעמי וואם נא אוכאָ, זשע ז ניעמצאַמי יעסט קרוכאָ״ [235]. אויף די טראַמוואי פענסטער אן אויפשריפט „ביליע דאָ וויאָסני״. אויף וואָלסקא זאָל זיך האָבן געפונען א גרויסער טראַנספּאָרט מיט דער אויפשריפט „פאָוויעמי וואם נא אוכאָ״ מיט א גרויסן אויער. א קלאַנג וועגן אן אויפרוף פון סיקאָרסקין צו מאַכן זאַפּאַסן אויף א חודש צייט.

נעכטן דעם אַכצנטן געווען א בדיקה ביי הירשפעלדן [236]. אויף מאַר־שאַלקאָווסקא, אויף דער ערד געלעגן דאָלאַרן, זייגערלעך א. א. צוגעלקחנ־טע גילדענע זייגערלעך, פאַרשריבן אַלע אַדרעסן. אויפן דוואָזשעץ־זאַ־כאָדני [237], זאָגט מען, איז געווען א שיסעריי צו פויערים, וועלכע האָבן געזאָלט פאָרן א הין און געוואָלט מאַכן ויברח. נהרגו שני יהודים אין דאָרף סטאָק, מיט א חודש צוויי צוריק נהרג אשכנז, נהרגו מאד אכרים, נשרף הכפר. מען לאָזט נישט פויערים פירן האָלץ פון וואלד, מען נעמט צו תבואה. איינגעפירט אין פאַביאַניץ דאָס געטאָ [238]. געווען א ידיעה אין לאָדזשער צייטונג. מען קען מיטנעמען נאָר וואָס מען קען טראָגן. אין די הילפס־אָרגאַניזאַציעס פאַלן פון אונטערוואַרפן שווער קראַנקע, 2 קינדער

---

233) rządcy האָבן געפירט די מעלדונגס־ביכער.

234) „וואָס העכער די זון, אַלץ נעענטער די מיזע“. געמיינט אַז, וואָס נעענטער דער פרילינג, אַלץ נעענטער די צייט פון פוילנס באַפרייונג מיט שי־קאָרסקין בראש.

235) „מיר וועלן דיר זאָגן אויפן אויער, אַז מיט די דייטשן איז שמאָל“.

236) אן אייגנטימער פון אַ גרויסן גאַסטראָנאָמישן אַנשטאַלט אין וואַרשע.

237) דער מערב־וואָקזאַל אין וואַרשע.

238) אין פעברואַר 1940 איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ אין פאַביאַניץ.

נעכטן אונטערגעוואָרפן. ביי א ייד אין גאַס צוגענומען 70 זל. און געגעבן אים א פעקל, מיט שרעק געפּנט, אַרויסגעוויזן, אז געווען דאָרט פּוטערלעך.

ניינצענטער פעברואַר. א ידיעה וועגן א נייער רעגיסטראַציע צו צוואַנגסאַרבעט. אין יעדן לאָקאַל וועט זיצן א יידישער דאָקטאָר וועלכער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דיאַגנאָזע פון קראַנקהייט. די קהלה פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די דערקלערונגען פון די רעגיסטרירטע. יעדער בעל־מלאכה און פאַבריקאַנט וועט דאַרפן אָנגעבן זיינע מכשירים[239]. דערקלערונגען אין דייטש דרוקן וועלן יענע אויפן חשבון פון דער קהלה. אין לאסקאַרזשעוו מיט אייניקע חדשים פריער געווען 27 יידן. געהייסן אויסגראָבן א גרוב, שטייען ביים ראַנד. איינער באַקומען דריי ווונדן, געווען פּאַראַליזירט אָבער געבליבן לעבן. קלאָגנגען וועגן דעמיסירונג פון איטאַליע־נישן קאָנסולאַט אין לאָדזש. קלאָנגען וועגן דעם, אז איטאַליענישער קאָנסולאַט פּאַקט זיך, וועגן דעם, אַז מען האָט מיט א צייט איינגעשבנט אויף אַכט שעה א באַאַמטן פון קאָנסולאַט.

אין וואַרשע אַנדערע ברויט קאַרטן פאַר יידן ווי פאַר דייטשן, פאַר די ערשטע בלויע, פאַר די צווייטע — ראָזע. זיי וועלן באַקומען צו יעדן ברויט א ווייסן זעמל. די קריסטלעכע פּורמאַנעס דאַרפן אַרבעטן אין טאָג אין חודש, די יידן־צוויי טעג. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן איבערגיין אויף יענער זייט, אָבער ווייזט אויס, אַז נישט אין גרויסע מאַסן.

21, 22, 23 פעברואַר 1940

מיינע ליבע!

איין און צוואַנציקסטער פעברואַר. יענע האָבן אַרויסגעוואָרפן א פרוי פון טראַמוויי אין מיטן גאַנג. עס קומען פאַר פאַלן פון כאַפּן צו דער אַרבעט יידן אין די טראַמווייען. גענומען פיל פרויען פון א ריי קאַפּעען („פּאָלאָ־ניע”)[240], מען ווייס נישט ווו, מען זאָגט, אַז נאָך אייניקע טעג צוריקגע־קומען אַן ערך צוויי הונדערט, א טייל אָנגעשטעקט. ביי הירשפעלדן דריי טעג נאָכאַנאַנד. דעם ערשטן טאָג אַלעמען רעווידירט, דעם צווייטן גענומען די פּאַפּירן, דעם דריטן איינגעשבנט. אַראָפּגענומען צירונג, זייגערלעך. פּוילישע פרויען גענומען צו רעווידירן יידישע פרויען. דעם מאַלער אדאם הערשאַפּטס אַטעליע בשעת דער מלחמה פאַרברענט געוואָרן, זעל־טענע אַקוואַרעלען פאַרלוירן געגאַנגען. אין א סך הייזער אויף נאַוואָליפּקי א בדיקה. די מעבל ווערן ווייטער צוגענומען. אין לאַגער געשטאָרבן די

---

239) אויפן סמך פון די פאַראָרדענונגען פון העכערן ס. ס. און פּאָליציי־פירער קריגער פון 11 און 12 דעצעמבער 1939.

240) אַ באַקאַנטע קאַפּע אינעם האָטעל „פּאָלאָניא” אויף יעראָזאָלימסקער אַלייען אין וואַרשע.

פויל[ישע] פראָפעסאָרן: קאָסטאַנעצקי, כזשאַנאָווסקי [241]. מיט עטלעכע וואָכן צוריק די קהלה געהייסן שליסן אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך [242]. א קלאַנג, אז קאַט [243] האָט גערעדט דורכן ראַדיאָ פון פראַנקרייך. פון סלופּצע און זאַגוראָוו ארויסגעשיקט יידן קיין באָכניע און ניעפּאָלאָמיצע. טרויעריקע ידיעות בשעת דער איבערזידלונג [244]. דריי טויזנט אין גרויסן פראָסט געשטאַנען א גאַנצן טאָג. די וואָס געפירט די זאכן אויף וועגעלעך, איינגעוישבנט. דער צוגאַנג צו באלוט אָפּגעשלאָסן מיט שטאכעלדראָט. געמוזט אינטערוועניר̈ן וועגן עפענען די שטאכעלדראָטן. אין באלוט א שרעקלעכע ענגשאפט. אין קליינע צימערן אייניקע פאַמיליעס. ביי די פאָ־לאקן א כוואליע פון אָפּטימיזם. מען האָפט אויפן נאָענטן פרילינג. מען דאַרף אויסדויערן, דעריבער די אָנפירער פון דער אינטעליגענץ געבליבן. גלייכצייטיק אָבער האָט מען שטאַרק מורא. די באַציונג פון פוילישער אינטעליגענץ צו די יידן באַדייטנד זיך געבעסערט. געזען אויף וויעלאָ־פּאָלע [245] אַן איש חייל געהייסן די אַרומיקע צונעמען ביי א יידישן בלעכער. די נישט זיכערקייט באַדייטנד פארקלענערט די צאָל ייד[ישע] קרעמער און סטראַגאַניאַזשעס [246]. פריער געווען א סך און איצט זייער ווייניק, דער עיקר קיישלעך אָבער זייער ווייניק סחורות. דער דאָלאַר געפאלן אויף הונדערט פערציק — פופציק. די סיבה די, וואָס די וועלכע האָבן בשעתן איינטוישן דאָס גרויסע געלט אויף קליינע געקויפט דאָלאַרן, פאַרקויפן זיי איצט, ווייל דאַרפן האָבן אויף צו לעבן. די צאָל משוגעים געוואקסן באַדייטנד. געהערט וועגן א 10־יאָריק שיין יינגל, געשלאָגן אין קאָפּ. אין לובלין איז שוין איינגעפירט דער אַרבעטסצוואַנג. ייד[ישע] בעלי־מלאכות ארבעטן פארן היל, אָבער נישט ביי זיך אין דער היים, נאָר ביי יענעם. זיי באַקומען דערפאר שוואך עסן. דער ווארשעווער חכם באַקומען פון די גאלעען — — דעם דריי און צוואַנציקסטן פארעפנטלעכט א פאראָרדענונג וועגן א צווייטער רעגיסטראַציע פון 10 [14] ביז 60 יאָר אין צוויי עטאַפּן. דער ערשטער איז דעם ערשטן מערץ, פון 16 ביז 25 און דער צווייטער די רעשט. מען דאַרף אָנגעבן די אַרבעטס־מכשירים. די יידן־עלטעסטע פאראַנטוואָרטלעך פאַר די אָנגאבן. — —

---

241) ווארשעווער געמיינט אַנטאָני קאָסטאַנעצקי, פּראָפּ. פון עקאָנאָמישע דאָקטרינעס אויפן ווארשעווער אוניווערסיטעט, און איגנאַצי כשאַנאָווסקי פּראָפּ. פון פוילישער ליטעראַטור.

242) דעם 20 יאַנואַר 1940 האָט די דייטשע מאַכט מודיע געווען דעם יודענ־ראַט אין וואַרשע, אַז צוליב דער עפּידעמיע איז דאָס מתפלל זיין בציבור פאַר־ווערט. דער דאָזיקער פאַרבאָט איז איבערגעהזרט געוואָרן דעם 8 נאָוועמבער 1940.

243) זע הערה 200. די ידיעה איז נישט ריכטיק.

244) עס רעדט זיך דאָ וועגן גירוש פון געטאָ־לאָדזש.

245) געוו. האַנדלס־אָרט אין וואַרשע, נעבן די מיראָווסקע האַלעס.

246) סטראַגאַנעס — קראָמען פון מאַרק־הענדלער.

מספרים שבאיזה מקום נהרגו היהודים החלשים אשר אמרו בשעת הרעגיסטראציע שהם חלשים [246א].

דעם דריי און צוואנציקסטן פעברואַר. מספרים שברחוב באגנא נהרג יהודי דערפאר שבא חצי שעה לגעשעפט אשר נקח ממנו [246ב]. די אַרבעטס־באַטאַליאָנען זאָלן זינגען: היטלעראָוויעץ זלאָטי, ה. קאָכאַני, זא טשאסווו פאָלסקי ביע מיעלישמי ראָבאָטי [247]. די נאַלעווקי זענען היינט געוואָרן א האַליוואַד, ווייל מען זעט דאָרט לויטער שטערן [248].

די אויסטיילונג פון פּראָדוקטן פאר יידן קלענער ווי פאר קריסטן: צוקער פופציק פאר קריסטן, און דרייסיק פאַר יידן. אויב עס וועט נישט זיין קיין צופאר פון פּראָווינץ, וועט מען פארקלענערן די ראציעס פון די יידן אויף א העלפט. בשעת מען האָט באַשטימט, אז יידן מעגן קויפן בלויז אין יידישע געשעפטן, האָבן א טייל קריסטן קעגנגעשטעלט זיך, אָנווייזנדיק, אז זיי וועלן פאַרלירן אלץ. אין וואָלאַצלאַוועק צורר היהודים, אן אמאָליקער אשכנז דונקאָרסט [?] געוועזן א גאַנץ לעבן אינסטרוקטאָר פון „מכבי“ [249], געלעבט פון יידן. דאָס עלפטע געבאָט: „שמד אָפּ דעם זיידן און די באָבע“ [250] די יידן ליידן איצט צוליבן עלפטן געבאָט. מימיקרי, מען נייט זיך היטלען מיט דאשקעס, מען לאָזט זיי אַראָפּ טיף אויפן שטערן. שטיוול אָדער שיך מיט זאָקן. זייער אָפּט ספּאָרט שיך, כדי מען זאָל אויסזען מער גוייש. געמאלטע, געפּודערטע ייד[ישע] פרויען, עלעגאַנט געקליידעטע זענען געוואָרן א זעלטנהייט. אויך ספּאָרט־שיך, וואַרעמע פאַלטנס און מלבושים. עס קומען צו אונדז די פולשטענדיק אַסימילירטע ייד[ישע] אינטעליגענץ — — — לייטערין פון עפנטלעכער ביבליאָטעק — — דינא שטיינבערג, מאַלאָוויסט [251].

אין לובלין הייבט זיך צו קאָנצענטרירן אַ סך יידן. אין די ווינונגען ווערט אַלץ ערגער פון טאָג צו טאָג. לעצטנס זענען דאָרט צוגעקומען טויזנט

---

246א) מען דערציילט, אַז אין א געוויסע אָרטשאַפט האָט מען געהרגעט די שלאַפע יידן, וואָס האָבן בעת דער רעגיסטראַציע דערקלערט, אז זיי זענען שוואַך..

246ב) מען דערציילט, אַז אויף באַגנאַ־גאַס האָט מען דערהרגעט אַ ייד, ווייל ער איז געקומען אויף א האַלבע שעה אין זיין געשעפט, וועלכן מען האָט אים רעקווירירט.

247) „גאָלדענער היטלער, היטלער דער ליבער, אין פוילן האָבן מיר קיין אַרבעט נישט געהאַט“. דאָס דאָזיקע לידל אין דעם אָדער אין אַן אַנדער נוסח האָט מען געהייסן זינגען אויך אין אַנדערע לאַגערן.

248) צוליב דעם, וואָס יידן טראָגן אָרעמבענדער מיט מגן־דודס.

249) „מכבי“ — באַקאַנטער יידישער ספּאָרט־קלוב אין וואַרשע.

250) די „אַרישקייט“ האָט מען געדאַרפט דערווייזן ביזן דריטן דור.

251) פרוי שטיינבערג — קאַטאַרבינסקאַ און מאַריאַן מאַלאָוויסט זענען היינט פּראָפעסאָרן אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

252) דער פאַקט באַשטעטיקט זיך אין אַנדערע דאָקומענטן. די יידן פון שטשעטשין זענען פון לובלין אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די שטעטלעך: פּיאַסקי (533 יידן), בעלזשיצע (300), גלוסק (65) א. א. וו. אַ פערזענלעכע רשימה פון די איבער 1000 שטשעטשינער יידן אין אַרכיוו פון ייה"א.

פינף הונדערט יידן פון שטשעטין.[252] מען דערוואַרט ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן פון רייך. שמעתי בדבר המעשים שבועד ארבע ארצות בוורשא שני אנשים הרוגים אחד ללב והשני לראש. היהודים הנחטפים צריכים לקבר אותם במהירה. ארבע יהודים חוטפים את המת בידים וברגלים. ותושבי הרבה גיים בעירנו. בבית אחד בקאָשיקאָווא כל האישים. בכל יום באים פלעניקעס מאשכנז, בעירים של אויסטריה היה להם טוב. הרבה מהם מתים בעת הפראסט. איש חשוב מהם ספר שעשרה פראָצענט מתים. האכרים הנוסעים שם בתנאים קשים מאוד[252א]. על סטאציע איש אחד שמע געשרייען מהם: — — — כי הם נוסעים אין לאסט-וואַגאָנען. אין דער לאָדזשער צייטונג געווען אַ ידיעה, אַז עס איז אָפּגעברענט געוואָרן די לעבּטשיצער שול.[253] דער „וואַרש[עווער] קוריער" פאַרעפנטלעכט אַ העץ-נאָטיץ קעגן די יידי[שע] אַדמיניסטראַטאָרן.

6 מערץ 1940

מיינע ליבע!

היינט דעם זעקסטן מערץ געהערט פאָלגנדע מעשה: אויף די דינאַסן גענומען צו אַרבעט ר' וועלוועלע. „דו ביסט קיין מענטש, דו ביסט קיין טיער, דו ביסט יודע". געשלאָגן דערפאַר, ווייל אים געהייסן אַראָפּוואַרפן די פולפעדער שפּעטער זי צוגענומען, אָבער אים געהייסן זי זוכן. געלעגן עטלעכע וואָכן אין בעט.

אויף טלאָמאצקע 2, דריי שררות מאנס געווען, געוואלדן אין גאנצן הויף. די גאלעען האָבן אַן אינטערעס פאַר ראַסן-שענדונג, אָבער מען האָט מורא צו מעלדן וועגן דעם. „יידישע גוינעריי" ביים אָנקוקן איציקלס און קנעפּעלעס שילדל.[254] געקומען נעמען בעטן אין אַ לעטשניצע, נישט געקענט צוליב דעם אויבּיקן. יידן טאָרן נישט פאָרן אין קיין טראַמווייען אין לאָדזש, אין קראָקע — לויט „קוריער וואַרשאַווסקי" — נאָר אויף דער הינטערשטער פּלאַטפאָרם. אויסגעוויזן איבער טויזנט מענטשן פון לאָדזש קיין פּיעטרקאָוו. ניין הונדערט פּאָלאַקן און זעקס הונדערט יידן.

---

252 א) געהערט וועגן די געשעענישן אין (דער געביידע) פון וואַרשעווער סיים; צוויי מענטשן האָבן זיי געהרגעט: איינער אין האַרץ, דער אַנדערער אין קאָפּ. די געכאַפּטע יידן מוזן זיי שנעל באַגראָבן. פיר יידן נעמען דעם מת ביי די הענט און פיס. אין אונדזער שטאָט זיך באַזעצט פיל קריסטן. אין אַ געוויסן הויז אויף קאָשיקאָווא אלע מענער. יעדן טאָג קומען פון דייטשלאַנד קריגס-געפאַנגענע, אין די שטעט פון עסטרייך האָט זיך זיי געלעבט גוט. פיל זענען אומגעקומען בעת די פרעסט. זייערס א וויכטיקער מאַן האָט דערקלערט אַז 10 פּראָצענט געשטאָרבן. די פויערים, וואָס פאָרן אַהין אין זייער שווערע באַדינגונגען.

253) מיר האָבן נישט געפונען קיין באַשטעטיקונג פאַר דער ידיעה.

254) געמיינט דאָס שילדל פון „דזשאָינט" (איציק — יצחק גיטערמאַן, קנעפּעלע — גוזשיק. צו יענער צייט האָט נאָך דער „דזשאָינט" געקאָנט ביי זיי דײַטשן — זיי אַן אַמעריקאַנישע אינסטיטוציע — פון געוויסע רעכט.

עס ווערן גענומען צו אַרבעט פּאָלאַקן און אַרויסגעפירט דאָרט. קלאַנגען, אַז מען טוט אַן ייד[ישע] בינדעס סיי אין וו[אַר]שע, סיי אין קראָקע.[255]

די טראַגעדיע פון די פלעניקעס פון וואַרטעגוי. געשיקט אַ טראַנס־פּאָרט פון איבער זעקס הונדערט. אין לובלין די קהלה נישט געקענט זיי אויפנעמען, נישט געהאַט קיין ציוויל־מלבושים, געשיקט ווייטער אויפן וועג קיין פּאַרטשעוו. געשאָסן אויף די וואָס זענען אָפּגעשטאַנען אין וועג. געגאַנגען הילצערנע שיך, וועלכע זענען אפּגעפאַלן, אַ סך פאַר־ווונדעטע דערשאָסן. דערנאָך אַריינגעבראַכט אין צוויי סטאָדאָלעס און איבער צוויי הונדערט מענטשן אַרויסגעפירט פּאַרטיעסווייז צו צוואַנציק מענטשן און נהרגו. פון זעקס הונדערט זיבן און צוואַנציק געבליבן בלויז צוויי הונדערט זיבן און אַכציק. געלונגען עטלעכע און צוואַנציק צו אַנט־לויפן. הרגו שלשה אנשים מיט איין קויל. אין פּאַרטשעוו געוואָלט אַ סך באַגיין זעלבסטמאָרד. הפצו בדרך לעשות מרידה מפני שהשומרים היו שלשה עשרה, אבל אמרו להם שזה יהיה אסון גדול לכל היהודים בפולין. אחד מהם הרג בדרך אנשים אשר הולכים בדרך, ואיאַנצן[256] און אַנדערע. הבטיח להם שיתנו להם כסף ובזה הצליח להציל את הנשארים. הראש ספר להם שהוא עושה זה מפני שהם הפצים להמלט. השומרים השחורים. כאשר באו לביאלא ישאל ואיה הנשארים כלא יודעים. שמעתי שבאו לדירה אחת לקחת שנים: שני אנשי חייל, יהודי ופוני.[257]

צוויי הונדערט קינדער אויסגעשטאָרבן אין וואַרשע[ווער] פינדלינג־הויז. בכפר נאגושעווא ארבע אכרים נהרגו בפני שהלכו ליער לקחת עצים. אַ שטראָף פון פינף הונדערט זל. אין דעם זעלבן דאָרף פאַר נישט צושטעלן אַ וואָגן מיט פערד. אין אַ ייד[יש] הויז אין וו[אַרש]ע געקומען דער סטרוזש מיט אַ קריסט און פאַרלאַנגט ביים בעל־הדירה אַ דירה, אַ נישט געדראָט מיט יענע. די קהלה נעמט צו זעכציק זל. אויסקויף־געלט פאַר 6 טעג אַר־בעט ביים רוימען דעם שניי. מהמעות אשר היו בבאַנק אין פעליקס פרידמאַנס שטאָט[258] גענומען מאתים אלפים בער הקהלה הווארשע מהסכום

[255]) געוועזן אַ געהייסע צייט אַ מיינונג צווישן פּאָליאַקן, אַז יידן איזי בעסער ווי פּאָליאַקן, ווייל יידן כאַפּט מען נאָר אויף אַרבעט אין לאַנד, בשעת פּאָליאַקן שיקט מען אין רייך און אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דעריבער האָבן אַ סך פּאָליאַקן בשעת אַ לאַפּאַנקע אָנגעטאָן אָרעם־בינדעס.

[256—257]) אויפן וועג געוואָלט מאַכן אַ בונט, ווייל עס איז געווען בלויז 13 שומרים; מען האָט זיי אָבער געזאָגט, אַז דאָס קאָן ברענגען אַ גרויסן אומגליק פאַר אַלע יידן אין פּוילן. איינער פון זיי האָט די דורכגייענדיקע מענטשן געשאָסן ווי האָזן. מען האָט זיי צוגעזאָגט צו געבן געלט און אַזוי אַרום האָט מען געראַטעוועט די איבעריקע. דער אָפיציר האָט זיי דערציילט, אַז ער טוט דאָס, ווייל זיי ווילן אַנטלויפן [נאָכן איבערקוקן] די שוואַרצע שומרים. ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין ביאַלע־פּאָדלאַסק האָט ער זיי געפרעגט וווּ זענען די איבעריקע, אַזוי ווי ער וואָלט פון גאָר נישט געוווּסט. געהערט אַז אין אַ דירה זענען אַריינגעקומען 2 מיליטער־לייט: אַ ייד און פּאָלאַק, כדי צו נעמען פאַרשיידענע זאַכן.

[258]) פון די געלטער, וואָס זענען געווען אין פעליקס פרידמאַנס שטאָט (וואַרשע) פון 400.000 זל. האָט מען גענומען 200.000 פאַר דער וואַרשעווער

אַרבע מאות. מהסכום בעד עליה אשר בקהלה מאה אלפים ועשרה לקח זאביס [?] מפני שהם אמרו שאֵין להם מה לעשות עם הכסף. געכאַפּט אַרבעטער פון דער קהלה, וואָס רוימען שניי, צו אַנדערע אַרבעטן. דאָס טראָגן אַ בינדע נישט חל אויף אויסלענדישע יידן. דאלערס איז דאָ לרוב, עס פעלט אויסטויש־געלט.

דעם אַכט און צוואַנציקסטן[259] געכאַפּט אַ סך פּאָלאַקן מהדירות, מהרחובים, מהקפעען. אומרים שהנוצרים שמים בינדעס של יהודים. בלאדזש היה בבאנק מיליאָן מטבע האזרחה וחצי של פולנים. טרויעריקע ידיעות פון לאָדזש, רומקאָווסקי וואַרפט אַרויס אָרעמע משפחות פון זייערע דירות און זעצט אריין רייכע. און דאָך פאָרן אוועק גאנצע משפחות צוריק קיין לאָדזש, זיי ווילן גיכער שטארבן אין זייערע היימען איידער וואלגערן זיך אין דער פרעמד. עס ווערן יידן פון לאָדזש מיט צען מארק אריבערגעוואָרפן אין גווערנעמען. עס קומען אָן טאָג טעגלעך טויזנטער יידן[ישע] געפאנגענע. דאָס פּראָבלעם פון מלבו־שים. זיי טאָרן נישט טראָגן קיין בגדי חייל און האָבן נישט קיין ציווילע.[260] די אינטערעסאַנטע מעשה מיט עליאָ[וויטש], דעם מאלער. גע־כאַפּט אים צו אַרבעט ביי די פאַנצער. גוט איינגעהייצט אין אויוון, גע־פרעגט אים, פון וואַנען קענסטו, איך בין אַ קונסט־מאָלער. געבעטן מאָלן. ער מאָלט שוין די זעקסטע פּערזאָן און אַלץ העכערע. באַקומט שכירות 150 פאַר אַ בילד, אַ באַשטעטיקונג, אויף יעדן בילד אויפגעשריבן דער נאָמען פון מאָלער. פיינע אויפנאַמען.

אַרויסגעגעבן דעם זעקס און צוואַנציקסטן פעברואר די פאַראָרדענונגען וועגן רעגיסטראַציע.[261] שמועות על דבר אכזריות בהועד הפולני.[262] ביום ראשון רק אכזריות בחדר מיוחד אחר כך איבונגען על דבר האופן צו כאַפּן פאות [?]: בידים וברגלים. אם הבגד מהפנים יפול נותנים — — איש אחד געפילט די הידים חמים עוד. הם הורגים באוזן ובראש. שני

---

קהילה. פון די 100.000 זל. אין דער קהילה פאַר עמיגראַציע האָט מען גענומען 10 זל. ווייל זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן נישט וואָס צו טאָן מיטן געלט.
פעליקס פרידמאַן, אַ קונסט־מאָלער (1897 — 1942).

259) וואַרשעווער פעברואַר.

260) דער פאַרבאָט צו טראָגן פּוילישע מונדירן איז פאַרעפנטלעכט אין אַמטס־בלאַט פון שעף פון דיסטריקט וואַרשע נומ. 3 פון 1 מערץ 1940. ייסא און די הויז־קאָמיטעטן האָבן דעמלט דורכגעפירט אַ זאַמלונג פון מלבושים פאַר די באַפרייטע קריגסגעפאַנגענע.

261) געמיינט מסתמא „די באַקאַנטמאַכונג וועגן דער רעגיסטראַציע פון דער אַרבעטספעיקער ווייבלעכער באַפעלקערונג“, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון שעף פון דיסטריקט וואַרשע דעם 21 פעברואַר 1940. פאַרעפנטלעכט אין אַמטס־בלאַט פון וואַרשעווער דיסטריקט פון 15 מערץ 1940. עס רעדט זיך וועגן דער רעגיסטראַציע פון אַרבעטספעיקע פרויען — נישט יידישע — אין עלטער פון 15 — 40 יאָר, וואָס זענען אָן באַשעפטיקונג.

262) געמיינט אַפּנים — די געביידע פון אַמאָליקן פּוילישן סיים, וווהין מ'פלעגט פירן יידן אויף אַרבעט און זיי דאָרט פייניקן.

אנשים הורגים. אנשים באים משם חצי משוגע, עובדים שם שני שבועות. כאשר הורגים היהודים העובדים פונים לכותל. הרב החרים [?] — נוצרים. [263] די מורא פֿאַר זיין גוט. גערעדט וויל, פיין מיט אַ ייד, דערזען אַן אנדערן, א געשריי געטון „אָבער שנעל לאָס" און א קללה. דער פּרייז פֿון גאָלד געפֿאַלן פֿון 80 אויף 40, דער דאָלאַר הונדערט. די פּויל[ישע] אַדוואָקאַטן וואָס האָבן ייד[ישע] פּרויען אָדער ייד[ישע] אַפּליקאַנטן ווערן געשטראָכן. יעדער מוז אונטערשרייבן, אַז קיין מאָל נישט אַרויסגעטרעטן קעגן יענע. די פּאָליטיקער און אנדערע באַקאַנטע פּאָלאַקן געשטראָכן, געבליבן בלויז אַ פּאָר הונדערט פּוילישע אַדוואָקאַטן. אַן ענדעקישער אַדוואָקאַט געשטימט פֿאַר דעם אַריער־פּאַראַגראַף, טראָגט מיט שטאָלץ די שטרייכונג פֿון דער ליסטע פֿאַר האָבן אַ ייד[ישן] אַפּליקאַנט. אַרויסגענומען צוויי הונדערט פּרויען קריסטנס פֿון די קאָפּעס, באו אחר כך, אותם: שמעתי שהדבר היה הרבה פעמים ברחובות של ווארשע[263א]. מאַרשאַלקאָווסקאַ ביינאַכט האַלב ליידיק. ייד[ישע] גאַסן אין דער פֿרי האָבן דאָס אויסזען פֿון ייד[יש] שטעטל, ייד[ישע] אָפּטיילונגען פֿון דער קהלה גייען צו דער אַרבעט. שרעקלעכע אויסגעהונגערטע פּנימער, פֿאַרדינען דריי אַ האַלב זל. אַ טאָג.

9, 12, 15, מערץ 1940

פֿאַרבאָט פֿאַר יידן צו עפֿענען נייע פֿריזיר־אַנשטאַלטן. קראַנקען־קאַסע, עמעריטור נישט פֿאַר יידן. צוואַנגספֿאַרזיכערונג — דאָרט ווו קאָמיסאַרן אין די דירות, מוז מען צאָלן דאָס דירה־געלט אפילו פֿאַר די פֿריערדיקע יאָרן. הם אנסו בתולה בת שש עשרה בבית טלאָמאַצקע צוויי. מען שיקט פּעקלעך מיט ווורשט און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען פֿון ווילנע אָדער קאָוונע (אַ טייל שיקט פֿון דעם, וואָס מען שפּאָרט אָפּ אין הילפֿס־קאָמיטעט). בטלאָמאַצקע צוויי גיות הצילו שתי בתולות, הן היו נאַקעט כבר אבל כאשר הוא החל ללבוש [להתלבש] נסו לקיך ושם הצילם הגויה, היא נשקה את שתיהן ונתנה להם כסף. איך בין געפֿאָרן מיט וועבערן אין לילה נורא (פֿון אַ בריוו פֿון אייטעם, וואָס איז געפֿאָרן קייך א"י). מעות נותנים תחת הרגל או בקרב הגוף — דימענטן תחת האַפּלאָמבעס. אויף אַסך געשעפֿטן אין פּויל[ישער]

---

263) קלאַנגען וועגן אכזריות אין דער סיים־געביידע. דעם ערשטן טאָג האָט מען געפּייניקט אין אַ באַזונדערן שטוב, שפּעטער געוועזן איבונגען, ווי אַזוי צו כאַפּן די פּאות מיט די הענט און פֿיס. אויב דער בגד פֿאַלט אַראָפּ, גיט מען — — איינער האָט געפֿילט, אַז די הענט זענען נאָך וואַרעם. זיי שלאָגן איבער די אויערן און קאָפּ. מען האָט געהרגעט דאָרט 2 מענטשן. מענטשן קומען פֿון דאָרט האַלב משוגע, זיי אַרבעטן דאָרט 2 וואָכן. ווען מען הרגעט מוזן די אַרבעטנדיקע יידן שטיין מיטן פּנים צו דער וואַנט. דער רב געוואָרפֿן אַ חרם (?) אויף די קריסטן.

263א) זענען צוריקגעקומען דערנאָך פֿאַרגעוואַלטיקטע; געהערט, אַז דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל אויף די וואַרשעווער גאַסן.

געגנט אויפשריפט: „פאַר יודן איינטריט פאַרבאָטן”. דאָס געשפּענסט פון וואַרשע ווידער טעטיק.

פון לאָדזש דעם פירטן מערץ טרויעריקע ידיעות: פּאָלאקן פון באלוט ווילן זיך נישט איבערטראָגן, האָבן נישט ווו. זיי ווערן אַרויסגעשיקט. אין לובלין אָנגעקומען פינף הונדערט יידן פון שטשעטשין. היה אסור להם לקחת וואליזעס. באו בלי שום דבר. שווערצענטעטער[264]. פאַרברענט געוואָרן אין אוניווערסיטעט אַלע כתבים, אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן. מען טוט פאַרשידענע זאַכן, כדי צו ראַטעווען די מטלטלים. מען דרייט איבער די קרעדענסן, כדי עס זאָל אויסזען נישט שיין. חילוף המעות היום דעם ניינטן מערץ זיבן און צוואַנציק. ביי די ייד[ישע] דאָקטוירים וועט צו־גענומען ווערן (ביי די וואָס זיינען אַוועקגעפאָרן) זייערע קאַבינעטן. ייד[ישע] דאָקטוירים טאָרן נישט טראָגן קיין רויטן קרייץ. בלאָדזש היה דאָנערשטיק און פרייטיק הריגה של יהודים. אומרים על דבר ששה ועשרים אנשים הרוגים והרבה פצועים. אין וו[אַר]שע האָבן זיך זייט נאָוו[עמבער] דאָס לעצטע יאָר געשמדט איבער צוויי הונדערט יידן. צווישן זיי מארק ארנשטיין, וואַסאָנג[265] א. א. פאַראַן אויסער דאָקטוירים און אַנדערע אינטעליגענטע פאַכן אויך אַ קרעמער פון מאָקאָטאָוו א.א. די סיבה: קיין איטאַליע גיט מען אויפהאַלט־וויזעס פאַר משומדים און אין וו[אַר]שע באַקומט מען ווייסע חלות (54 אין יאַנואר). אומרים שכאשר היה פה פרנק, האָט מען גערופן הראש הורשאי לכתוב שליהודים פה טוב אבל לא חפץ לכתוב. הבטיחו אותו שלא יהיה הבינדע ובכלל יטב המצב של היהודים. מראה כזה: אין דער פרי פאַר אַכט פאָרט אריין אַ לאַסט אויטאָ מיט יענע בשעת אויפן פּלאַץ איז פאַרזאַמלט אַ גרויסע מחנה פון אַרבעטסבאַטאַליאָן. יעדער דראָט מיט עפּעס אַנדערש: ריי[טפּיי]טש רע[וואָלווערן] א. א. דער עולם פאַרלירט זיך נישט. גרו־פּעס פּוילישע טראַמוואַיאַזשעס אויף לעשנאָ שלאָגן ייד[ישע] דורכגייער: פרויען און מענער. איינציקע זעלבסטמאָרדן צווישן דער ייד[ישער] אינ־טעליגענץ פון לאָדזש. אנשי שמירה פולנים געזאַמלט בעד חברם היהודי אשר הלך בבית האשכנזים. שמעתי גם כן על דבר פקידה יהודית בעיריה שבשבילה אספו החברים הנוצרים כסף. יידן מיט גרינע בענ־דער: אָן ייד[ישע] בינדעס. דאָס זיינען שמאַטע־קלויבערס און מע־טאַל אויפקויפער. זיי זיינען פאַרפליכטעט צו זאַמלען אין א געווי־סער צייט אַ באַשטימטן סכום מעטאַלברוך און שמאַטעס. זיי טאָרן נישט גענומען ווערן צו אַרבעט, מעגן פאָרן אין די באַנען וכדומה. יעדער ייד האָט אָדער אַ שוואַך האַרץ אָדער אַ „שיין” — זאָגן יענע.

היינט דעם צוועלפטן מערץ טרויעריקע ידיעות פון לאָדזש. געצוווּנ־

---

[264]) געמיינט מיעטשיסלאַוו צענטנערשווער (1873 — 1944), פּראָפ. פון פי־זיקאַלישער כעמיע אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

[265]) מאַרעק ארנשטיין (אַנדזשעי מאַרעק), וואַסאָנג א. א. זענען געווען באַקאַנטע רעזשיסערן און אַרטיסטן אין פּוילן.

מען עטלעכע טויזנט יידן פון איניקע גאסן צו פארלאזן די שטאט, צווישן אַרבעט אין וו[אַר]שע צום סוף געהייסן זינגען: עק, מעק, בעק — פוילן איז דרעק — אַלע געהען וועק.

זיי זקנים, קראַנקע און שוואַכע, נהרגו הרבה אנשים. גענומען יידן צו

אין דער אַקציע פון מלבושים פאַר פלעניקעס — דער איטאַל[יעני־שער]קאָמאנדאַר געגעבן אַן אנצוג. בשעת הבדיקה לקחו מהילד קטן מהכיס הקטן שבעים גראַשן לקחו גם מן המשרת. די פלעניקעס פון ביאַלאַ פאַד[לאַסקאַ] באו מאמטיץ אצל גאָבין [בראַנדענבורג]. משם באו לשובין ושם היה שמחה גדולה בהעם הפולני.[266]

„„השכיבנו" — שרייט מען, ווען מען זעט א יידן אויף דער גאַס בשעת מען כאַפּט צו דער אַרבעט. עס ווערט אַ גרויסע מהומה. מען כאַפּט יידן צו דער אַרבעט כאשר ראו האדון מיכאל הארוך בחברת הגרמנים והאמעריקאנים מצלם האדום [266א]. „די לופט איז פריי" — זאָגט מען בשעתן כאַפּן.

א קאָמיסאר אין א יידיש געשעפט לעש[נא]. היהודים פיר, אשכנז משם אנערקענט נישט דעם ייד[ישן] בעל־הבית. ער פארשטענדיקט זיך בלויז דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם איינציקן קריסטלעכן אַרבעטער, וועלכער עפנט יעדן טאָג דאָס געשעפט. צו די ייד[ישע] אַרבעטער רעדט ער נישט און גיט זיי נישט קיין אַרבעט.

דעם פופצנטן און זעכצנטן מערץ טרויעריקע ידיעות פון לאָדזש. שם נהרגו הרבה אנשים. בא מלך חדש והוא דבר שהוא יגרש את היהודים לגעטאָ. והוא יתן ליהודים שתי או שלש רגעות [266ב]. דער טעראר האָט גורם געווען, אַז מען איז אַנטלאָפן אין געטאָ אַריין. דאָרט איז א שרעקלעכער געדראַנג. עס ווינען צוואַנציק, דרייסיק מענטשן אין אַ שטוב. עס גייען אין די גאַסן לאַנגע פראָצעסיעס פון מענטשן הין און צוריק. מען קען פשוט נישט אַדורכגיין די גאַס. אין געטאָ איז דאָ ייד[ישע] פאָליציי. מען זאָגט אז צען טויזנט מענטשן גייען צופוס פון ל[אָדזש] קיין וואַרשע. החולים והחלשים אשר לא יכלו לעזוב את הגעטאָ נהרגו. מעשה נורה באָקענציע. נהרגו שני אַשכנזים. לקחו שלשים אנשים יהודים, אשר עובדים בעד הקהלה ותשעים פולנים — כלם נהרגו אומרים [266ג]. אין לובלין דאָ א פלאקאט, אַז דער פויל[ישער]

---

266) פון דאָרט האָט מען זיי געשיקט קיין שיבין, וו די פּאָליאַקן האָבן זיך מיט זיי זייער דערפרייט.

266)א) ... ווען זיי האָבן דערזען דעם הער מיכאַל דעם לאַנגן (וווייבערט) אין דער געזעלשאַפט פון דייטשן און אַמעריקאַנער פון רויטן־קרייץ.

266ב) דאָרט האָט מען דערהרגעט פיל מענטשן. געקומען א נייער מלך און דערקלערט, אַז ער וועט פאַרטרייבן די יידן אין געטאָ, און דערויף וועט ער זיי געבן 2—3 מינוט.

266ג) די קראַנקע און שוואַכע, וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט מען דערשאָסן. אַ שרעקלעכער פאַל אויף אָקענטשע — דאָרט זענען דערהר־

באַפעלקערונג ווערט דערלויבט צוליב איר לאָיאַלער באַציונג צו יענע, צו גיין אין גאַס נאָך צוויי שעה ביז 9, יידן נאָר ביז זיבן. דער גדול פון וו[אַרש]ע [267] בכבודו ובעצמו אַרויסגענומען פון דער דראָזשקע, גע־אַרבעט. געהייסן דער קהלה צו שאַפן מעבל פאַר צוויי הונדערט דירות (פוצן פּאַרטעפיאַנען).

געפּאָרן קנעפּעלע רב לייב (ליאָווע). צוריקגעקומען לייבעלע מיט א קנעפּל (גאָרנישט) [268]. מען האָט צוגענומען בערנזאָנס מוזעאום און אַרויסגעפירט אים. דאָרט געווען די אַזוי גערופענע „ביבליא באלאמוט־נאַ“ און אַנדערע כתבים פון פראנקן [269] געשריבן מיט צינאָבער (רויטער טינט). מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז בלוט מיט וועלכן פראַנק האָט עס אָנגעשריבן אין תפיסה. אַ רב געכאַפּט צו אַרבעט, געהייסן אים טראָגן הונדערט קילאָ קוילן, גלייך אַרונטערגעפאלן אונטער דער לאַסט און געבליבן ליגן. הכו אותו ארבע — חמש שעות. א צווייאָריקע מיידל גע־הייסן פוצן פענסטער אויף א פינפטן שטאָק. א געוואון־דערשיטערונג. ראיתי פלעניקעס פון אללענשטיין (אָסטפּרייסן) אין זומער לאטשן. „וזיירים“ — דריי און זיבציק, ד. ה. גאָלד רובל. דער דאָלאַר קנאַפּע הונדערט, די סיבה די קלאַנגען וועגן שלום. דאָס אָפּשטעלן די פאַרבינ־דונגען מיט מזרח געווירקט אויף דער ירידה פון דאָלאַר. ידיעות וועגן דער מעגלעכקייט פון עמיגראַציע קיין סלאָוואקיי, טראַנזיטלאַנד, 50 דאָל. גאַראַנטיע־געלט, צוואַנציק פּראָצענט פון דעם אַריינגעשיקטן פון אויסלאַנד אויפן וועג פון אָפיציעלן אויסטויש, דער רעשט דריי, פיר מאָל אַזוי פיל אויף דער שווארצער בערזע. מלכות מערין [270] די געגנט פון סאָסנאָוויעץ. די צוגרייטונגען צו עליה ד[ייטשלאַנד] פון צוויי הונ־דערט יוגנטלעכע. מען רעדט וועגן א מאסנהאפטער עמיגראַציע פון צען טויזנט א חודש מיט דער באַן ביז קאָנסטאַנץ. אין א שטעטל אין לוב־לינער געגנט מוזן אַלע ייד[ישע] מאַנסבילן אַרבעטן ביים אָפרייניקן די וועגן פון שניי. אין ווארשע צען טויזנט א טאָג. אין רייך מוזן די יידן יעדן טאָג אכט א זייגער אין דער פרי זיך מעלדן. די בריוו זייער אינטע־רעסאַנטע מאות לרות שטראסע [?] נ״ז פיר. דער ראש הגנבים מוואַרשע

---

געט געוואָרן 2 דייטשן, גענומען הרייסיק יידן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער קהילה און ניינציק פּאָליאַקן; מען זאָגט, אַז מען האָט זיי אַלע דערהרגעט.

267) געמיינט וואַשינגלער טשערניאַקאָוו.

268) רינגעלבלום בינדט אָן צי דער נסיעה פון דער וואַרשעווער דעלעגאַציע קיין קראָקע אין וועלכער עס האָבן צווישן אַנדערע אָנטייל גענומען דוד גוזשיק און לייב נײשטאַט (דירעקטאָרן פון דזשאָינט). ווי באַוווסט, איז די דעלעגאַציע צוריקגעקומען פון קראָקע מיט ליידיקע הענט (מיט אַ קנעפּל...).

269) געמיינט יעקב פראַנק (1726—1791), דער שעפער פון דער „משיחיסטי־שער“ באַוועגונג.

270) זע הערה 94.

אויפגעהויבן און פאַריכט דעם שטעקן מיט וועלכן הכו את היהודים
אשר באו פינף מינוט אחר השעה הששית בבוקר. צענדליקער יידן
פאַרוווּנדעט. דאָס כאַפּן פון טאָג צו טאָג אָפּטער. אין א געשעפט, וואָס
געווען באַקאַנט פון א גוטער באַציונג צו יידן, געצוווּנגען אויפצוהענגען
אַן אויפשריפט: „איינטריט פאַר יידן פאַרבאָטן". דאָס זעלבע אין כמעט
אַלע צוקערניעס. דאָ אויפשריפטן געדרוקטע. אין ביוקע אַ מנין באַ־
שולדיקט אין א פּאָליטישער פאַרזאַמלונג. נהרגו שני יהודים, והשארית
נקח לבית אסורים, באו לחפש במרידת הראש היהודים בסאָסנאָוויעץ.
אויסגעמיטן סכנה גדולה ברחוב אַרוך 27 בבית הפליטים בא שכיר
משלהם אויף די טרעפּ פאַרוווּנדעט. שלמו לו ארבע מאות והוא בא
בערב לאכול מזון 270א. געקומען א ייד אברהם מיט 2 פּאָלאַקן און צוויי
שומרים. געמסרט, אַז דאָ וואַלוטע. געזוכט, נישט געפונען, יענע דער־
ווײַלע געראַבעוועט. ווען די שומרים אַוועק, זענען די קריסטן צוריקגע־
קומען נאָך זאַכן. צעשלאָגן דורך שכנים פון הויז. יענער זיך באַקלאָגט.
גענומען די יידן אָן די מאַנטלען, אין די שלאָפרעק און שפּעטער באַ־
שטראָפט פאַר גיין אין גאַס אָן אַ בינדע. דאָס שותפות אויף זיעלנא:
מען כאַפּט דורך פּאָלאַקן און יענע. אויסקויפגעלט פון פיר זל. און העכער.

27 מערץ 1940

מיינע ליבע!

געהאַט היינט אַן אינטערעסאַנט געשפּרעך מיט משולמן [271]. ער
גלויבט נישט אין דער קראָקאָווער נסיעה און אַז בכלל עפּעס גוטס זאָל
דאָרטן אַרויסקומען. ווען קין האָט געוואָלט הרגענען הבלן נישט געוווּסט
ווי אַזוי, פאַרציילט דער מדרש, אַז ער האָט געמאַכט וווּנדן אין גאַנצן
קערפּער יעדעס שטיקעלע, נישט געוווּסט וועגן דעם מוח, אַז דאָס איז
דער איינציקער אָרט וואָס גענוגט. די רוסן [272] געמאַכט פּאָגראָמען אָבער
פאַרניכטן די יידן ווייסן יענע בעסער. בכלל האָפט ער קיינמאָל נישט
גוטעס פון דעם שונא, פון א קאָנטאַקט מיט אים. ווילדע־קאַטשקעס, אַז
טשערניאַקאָוו איז פראַנקס א שול־קאָלעגע און ער האָט אים איינגעלאַדן
דעריבער צו זיך. ער זאָל דאָרט האָבן פאַרציילט ווי אַזוי ער פאַרברענגט
דעם טאָג, אַז אויפן וועג כאַפּט מען איינמאָל און א צווייט מאָל צו דער

270 אַ) דערהרגעט 2 יידן, די איבעריקע אַרעסטירט. זיי זענען געקומען
אַרעסטירן דעם ראש פון די יידן אין סאָסנאָוויעץ. אויסגעמיטן אַ גרויס געפאַר
אויף דלוגא 27: אין פּליטים־פּונקט איז געקומען אַ דייטש — שיכור, אויף די
טרעפּ איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן. האָט מען אים באַצאָלט 400 זל.; אין אָוונט
איז ער געקומען עסן אָוונט־ברויט.

271) משולם קאַמינער, „אגודה"־טוער, אַ מיטגליד פון וואַרשעווער יודענ־
ראַט, לייטער פון בית־עולם־אָפּטיילונג, אומגעקומען.

272) געמיינט די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד.

דאָס ראַדיאָ אויפצונעמען די אָנקלאַגע פון די יידן אויף דעם וואַרשעווער פּאָגראָם. מען זאָגט, אז מיט 8 טעג צוריק זאָל ביבערשטיין[273] האָבן אַרבעט. אַ קאַטשקע, אַז בשעת געווען אין קראָקע האָט מען אָנגעשטעלט געגעבן א דערקלערונג, אַז די יידן אין פוילן איז גוט, און ענלעכע פּאָדערונג פון סאַפּיעהאַ[274]. דעריבער געשלאָסן די קירכעס.

היינט דעם צווייטן מערץ[275] איז מען שוין צוגעטרעטן אויפצושטעלן די מויערן וואָס אַרום דעם מגפה געביט. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. מען זעט אין דעם דעם אָנהייב פון פאַרווירקלעכן דאָס געטאָ. אין די גאַסן איז אינגאַנצן רואיק. די יידישע באַפעלקערונג וואָס האָט זיך יענע וואָך אינגאַנצן באַהאַלטן אין די שטובן, קריכט אַרויס פון די וווינונגען, מען זעט שוין יידן אויך אין די פוילישע קוואַרטאַלן. מען זאָגט, אַז מען איז אַרויסגעטרעטן קעגן די טרויעריקע געשעענישן. אין קראָקע האָבן די געשעענישן פאַרנומען א גאַנצן טאָג. וועגן אן אינטער-ווענץ ביי דעם ס. ס. פירער קריגער און א דאַנק דעם אָפּגעשטעלט די עקצעסן. עס איז פאַרהאַפטעט געוואָרן א געוויסער פּולאַווסקי, וואָס זאָל האָבן אַ שייכות צו די געשעענישן. געזען מיט אייגענע אויגן, ווי א כולי-גאַן האָט גענומען אָדער געקויפט אַ יידישע בינדע און זי על פי טעות אָנגעטאָן אויף דער לינקער זייט. מען זאָגט, אַז דער דערהרגעטער קריסט אויף פראַנציסקאַנער איז דערהרגעט געוואָרן דורך א טראַמוויי פירער, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון טראַמוויי און געשלאָגן מיט דער קאָרבע. וועגן דער קראָקעווער באַגעגעניש ווערט איבערגעגעבן פּאָלגנדעס: פיר שעה האָט מען רעפערירט די אַלע פראַגן, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער טאָג אָרדענונג: די בינדעס, די זיכערקייט פון פאַרמעגן, די לאַגע פון די קהלות, די סאָצ[יאלע] פאַרזאָרגונג א. א. מען האָט צוגעזאָגט, אז נאָך צוויי וואָכן וועט ד״ר ארלדט[276]. קומען קיין וואַרשע און ווייטער אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט. די באַריכטן פון קראָקע באַגעגנט מען מיט גרויס אַנטוישונג. מען האָט זיך אסך געריכט און גאָרנישט דערגרייכט דעריבער דער קאַצנ־אַמער. אויף דער פראַגע פאַרוואָס טראָגן יידן נישט קיין בינדעס אויף יענער זייט[277] האָט ד״ר ארלדט געענטפערט: „מיר פירן נישט קיין מלחמה מיט יענער זייט״ מען זאָגט, אַז קעגן דעם בויען די מויערן איז דער שטאָט פּרעזידענט ווי אויך

[273]) מאַרעק ביבערשטיין, פאָרזיצער פון קראָקעווער יודענראַט.

[274]) פירסט אַדאַם סאַפּיעהאַ (1867 — 1951) איז געווען קראָקעווער אַר־ציבישאָף און זייט 1926 קאַרדינאַל.

[275]) געמיינט דעם 2־טן אַפּריל.

[276]) פריץ אַרלדט, דעמלט לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר באַפעלקערונגס־און סאָציאַלע הילפס־ענינים אין דער רעגירונג פון דער גענ. גובערניע.

[277]) וואַרשעווער געמיינט דייטשלאַנד, וו מען האָט איינגעפירט די פליכט צו טראָגן אָרעם־בינדעס ערשט דעם 1 סעפּטעמבער 1941.

די מיליטער מאַכט, יענע [278] זענען אָבער דערפאַר און אויך די סאַניטאַרע מאַכט. דאָס וועט מאַכן גרויסע שוועריקייטן אין דער קאָמוניקאַציע, ווייל מען וועט מוזן ווייט אַרומגיין. צווישן אַנדערע [האָט] געזאָגט ד״ר ארלדט, אַז נאָך דער מלחמה וועט דער פירער לעזן די יידנפראגע דורך שאַפן פאַר זיי א פאָטערלאַנד. טשערניאַקאָוו באַשריבן זיינעם א טאָג ארבעט ווי מען כאַפּט אים אויפן וועג, ווי מען כאַפּט אים אין דער קהלה. די אַלע דעלעגאַטן פארציילן אַלץ וואָס זיי האָבן געזאָגט, זיי זאָגן אָבער [נישט] וואָס מען האָט זיי געענטפערט.

עדות פארציילן, אז מען האָט אָנדערהאַלבן שעה גערויבט די אַפּטייק אויף זשאביע 8. עס זענען געווען פוילישע שומרים און יענע שומרים און דאָך האָט דאָס גאָרנישט געשטערט מען זאָל ווייטער רויבן. אַזעלכע בילדלעך: עס גייט א שומר פון יענע און אונטער אים טראָגן יינגלעך גראבעווטע זאכן און מען רעאגירט גאָרנישט. דעם זעלבן געשפרעך מיט א פוילישן אדוואָקאַט: די יידן געווען 7 טעג אין קראָקע, זיי באַאַרבעט און דער רעזולטאַט: מען האָט אָפּגעלאָזט די יידן און זיך גענומען צו די פּאָלאַקן, טויזנטער פארהאַפטעט. אין דער פוילישער „וויאַדאָמאָשטשי פּאָלסקע” פון 27־טן מערץ פון די ענדעקעס, געווען א לייט אַרטיקל וועגן דעם ווארשעווער פּאָגראָם. א פויליש יינגל האָט צוגענומען עפּעס ביי א יידביים איזערנעם טויער און דעריבער אויסגעבראָכן די געשעענישן, מען זאָגט, אַז די שקצים פון יענע באַקומען צו 2 זל. און מער א טאָג. מען זאָל זיי האָבן געבראַכט אין אויטאָ און אויסגעלאָדן אין יידישן געגנט, אָבער דאָס נישט געהערט פון זיכערע קוועלן. פארשפרייט זיך היינט קלאַנגען, אז די ענגלענדער און פראנצויזן האָבן פארנומען בעלגיע. היהודים נתנו עשרה אלפים בעד המלהדים הנוצרים הנלחים [?]. [278א]

די יידישע מאַסע זיך נישט איינגעבראָכן בשעת דער אָקופּאַציע. פּורים געפּראַוועט יום־טוב. די שטימונג נישט קיין געבראָכענע, הגם די לאַגע א גענוג שווערע. די יוגנט שלאָפט נישט. הם נוסעים מעיר לעיר ומדברים על הדבר א״י. יצא לאור כתב בלשון פולני, יידיש ועברי מעניני א״י. [278ב] א געוויסער האָפמאַן (יונגער בחור) באַקומען מיט א אייזן איבערן קאָפּ בשעת דער אַרבעט, געשטאָרבן. זשאָנד־רעגירונג שטאָט [שטייט?] שמעתי בעד חברה יהודית שכהם באים ביום השני לגאלעען עם אגרות הם מוצאים שם הקאָפּיע. נישט אַלע געקענט זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. הם עשו מאמונה שלמה את זה אַשר חפץ הגלעען. למשל ביי דער רעגיסטראַציע הסך הכל אשר אמרו לו אף על פי שזה לא תמיד טוב

---

[278]) ווארשעווער גמיינט די פּאָליציי־אָרגאַנען.

[278א]) יידן געגעבן 10 טויזנט זל. פאַר רעליגיעזער קריסטלעכע, גלחים.

[278ב]) זיי פאָרן פון שטאָט צו שטאָט און רעדן וועגן ארץ ישראל. זיך באַוויזן אַ צייטשריפט אין דער פוילישער, יידישער און העברעישער שפּראַך וועגן א״י.

ליהודים. [278]ג. זיך שטארק געערגערט שיהודים לא נרשמו, געוואָלט טון צי טון. רב געבראַכט פון לאַגער אין סטאַראָגאַרד פון זײַ בית־המדרש א צעריסענע ספר תורה,אלט עטלעכע הונדערט יאָר, און געבראַכט בשלמות קיין ווארשע. אויב אין אָנהייב די ווערמאַכט זענען די פליער־יינגע חברה פון 17—18 יאָר די אָפטע אַריינגייער אין ייד[ישע] הייזער אויף נאַלעווקעס. געווען פאלן, ווען אריינגעקומען אין הייזער פארמאכטע. די פאַרווקעס, ד. ה. דאָס נעמען די גאַנצע באַפעלקערונג פון א הויז אין באָד, זיינען געוואָרן אַ גרויסע צרה. די קריסטלעכע דינער פאַרלאַנגן פון די ייד[ישע] סוחרים, וואָס האָבן באַהאַלטענע סחורה, צו באצאָלן, א נישט וועלן זיי דיזענפיצירן די סחורה. די עפּידעמיע נישט שטאַרקער ווי פאַר דער מלחמה. אָפּגעשלאָסן ווערן נישט בלויז דאָס הויז, ווי די קראנקהייט איז פאַרשפּרייט, נאָר אויך די צוויי שכנותדיקע הייזער, לעצטנס שליסט מען אָפּ גאַנצע גאַסן־טיילן. כאשר נסעו לרחוב דזיעלנא (די אַמעריקאַנער רויטער קרייץ) חפץ האדון שיאמרו שהפונקטים הם דורכגאַנגספּונקטן, אבל כאשר באו שאל המעריקאַנע את הראשון והוא ספר שגרושו אותו מעירו און ער וואלגערט זיך. [279]. דערמיט אויס דורכגאנגספונקטן. אין „פּאָלסקאַ זשיע” [280] אַ לייט אַרטיקל: לאָמיר נישט נאָכמאַכן די וועגן פון יענע. די סיבה פון וו[ארשעווע]ר פּאָגראָם, וואָס א פּויליש יינגל איז אויפן אייזערנעם פּלאַץ דערהרגעט געוואָרן פאר צוכאַפּן אן עפּעלע ביי יידן. דערנאָך זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם. יענע האָבן דאָס אַלץ אָרגאַניזירט. מיר ווייסן וואָס די יידן האָבן אָפּגעטון אויף יענער זייט ביי די באָלשעוויקעס. מיר וועלן דאָס געדענקען, אָבער מיר דאַרפן באַשטראָפן די שולדיקע און נישט דעם כלל. דאָס נייע פּוילן וועט זיך אויך באַפרייען פון די אינוויינינקסטע אָקופּאַנטן. אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון קרעמעניץ ווערן דערמאָנט די יידן, וואָס אַרבעטן אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע. מען זאָגט אז בשעת מען האָט גערויבט אויף קארמעליצקא, האָבן קריסטן אַליין אָנגעוויזן דער פּאָליציי ווער עס האָט גערויבט.

ביי דער זאַמלונג פון שמעלץ ווערן אָפּט נייע מאַשינען צעשניטן אויף שטיקער. היינט דעם 5־טן מערץ ווידער זייער אַקטועל די ידיעות

[278]ג) געהערט וועגן א גרופּע יידן, וואָס קומען מאָנטיק אין די גאלעען מיט דאָקומענטן, און נעמען פון דאָרט קאָפּיעס... זיי האָבן געטון אין דער בעסטער כוונה אַליץ, וואָס די גאַלעען האָבן פאַרלאַנגט. בעת דער רעגיסטראַציע האָבן זיי צ. ב. געטון אַלץ, וואָס מען האָט געהייסן, כאָטש נישט תמיד איז דאָס געווען גוט פאַר יידן.

[279]) ווען זיי זענען געקומען אויף דזיעלנע (דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ), האָט דער דייטש פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלן זאָגן, אַז דאָס זענען דורכגאַנגספונקטן. אָבער ווען זיי זענען געקומען, האָט דער אַמעריקאַנער געפרעגט דעם ערשטן ייד, האָט דער דערציילט, אַז זיי האָבן אים פאַרטריבן פון זיין שטאָט, און ער וואלגערט זיך.

[280]) „פּוילן לעבט“ „Polska żyje” — פּוילישע אונטערערדישע צייט־שריפט

וועגן געטאָ. די קריסטלעכע פּאָסט־באַאַמטע באַקומען א פאַראָרדנונג צו פאַרלאָזן דעם ייד[ישן] געגנט. די טעטיקייט פון די באַנדעס באַגרינדעט אין קראָקע מיט ראסן־שאַנדע מאַמענטן. נאָך דער מלחמה וועט מען [פאָרן] אויף אַן אויספלוג קיין בערלין אונטער דער לאָזונג: לאָמיר אָנקוקן אונדזער מעבל.

23, 28, מערץ 1940

מײַנע ליבע!

לעצטנס ד. ה. אין דער העלפט פון מערץ קומען אָן כסדר גרופן יידישע קריגסגעפאנגענע פון אשכנז. עס איז אָנגעקומען א גרופּע פון אללענשטיין (מזרח פּרייסן), א טייל פאַרציילן וועגן דער זייער גוטער באהאַנדלונג מצד יענע. די באַציונג צו יידן האָט זיך דאָרט מיט דער צייט להלוטין געענדערט. „מיר זענען געקומען ווי פאַרפלוכטע יודען און פאָרן צוריק אָלס באַליבטע קינדער איזראעלס”. אין סטאַרגאַרד (לעבן שטעטין), ווי מען האָט אין די ערשטע טעג כסדר געהערט דאָס שימפּוואָרט „יודע”, האָט מען לעצטנס מער דאָס נישט געהערט. יעדן טאָג זענען אין דער דאָרטיקער צייטונג געווען פאַרעפנטלעכט אורטיילן קעגן די וואכן, וועלכע האָבן פאַר פאַרקויפן א יידן א פאַפּיראָס באַקומען זעקס חדשים תפיסה. א. א. וו. פאַר געבן א האַנט א יידן איז אויך געקומען אַזאַ שטראָף. א פרוי, וואָס האָט פאַרלוירן איר איינציקן זון, האָט דעם יידן, וואָס האָט ביי איר געאַרבעט, אָנגערופן מיטן נאָמען פון איר געפאַלענעם זון. יידן אויף די הייף זענען מיט דער צייט געוואָרן די בעסטע אַרבעטער (וועגן אַן ענלעכן פאל געהערט אין ווארשע). אויף א הויף האָבן יידן געאַרבעט און כסדר באַקומען קלעפּ; מיט דער צייט האָט זיך די באַציונג פון די זעלבע אינגאנצן געביטן. די יידן פירן אָן מיט דער אַרבעט און מען איז מיט זיי שטאַרק צופרידן. אין די הייף פלעגט מען זיך יאָגן נאָך יידישע אַרבעטער. אין א הויף האָט מען אָפּגערופן יידישע אַרבעטער, איז דער איינגעטיימער געפאָרן קיין מאגדעבורג בעטן אָפּרופן די גזירה. דאָס זעלבע געהערט פון דעם יידישן באַקסער (לעבן ברעסלוי). די אַדורכמאַרשירנדיקע יידן פלעגט מען באַוואַרפן מיט שאָקאָלאַד, ברויט און אַנדערע גוטע זאכן. געגעבן א טייל מתנות ווי זייגערלעך, געגעבן קליידונג, שיך און אַנדערע. דאָס איז געוואָרן א מאסנהאַפטע דערשיינונג און דאָס האָט באַוויזן לויט דער איינשטימיקער מיינונג פון אַלע אַרויסצושיקן די יידן צוריק קיין פוילן. גלייכצייטיק ווערט דערציילט, אז אין דער געגנט פון סטארגארד (לעבן שטעטין) האָט מען אין א פּראָסט פון 21 גראַד געשיקט יידישע קריגסגעפאנגענע צו דער אַרבעט. געפרוירן געוואָרן. די באַציונג פון די אַשכנזישע גדולי חייל צו די יידישע א גוטע, חבר׳ישע, דאָקטוירים גערופן „קאָלעגע”: דאַקעגן די פּאָלאַקן נישט פאַר־

געסן. געוואָלט שלאָגן רוסינעקן[281]. פאַר װעלן דעקלאַמירן א ליד פון טוּוימען צוליב זיין יידישקייט.

אַן ערך דעם 20־טן מערץ אַרויסגעשיקט יידן פון שערפּעץ, ריפּין און אַנדערע שטעט און זיי געשיקט קיין גרודזיאָנדז. דאָרט נישט געווען פאַר זיי קיין פּלאַץ, צוריקגעשיקט אַהיים, אָבער שוין נישט געטראָפן זייערע וווינונגען. זיי קאָנצענטרירט אין א לאַגער אויפן אָרט. עס האָבן געטראָפן פאלן פון צונעמען ביי קינדער צוקערלעך. דער ראש הורשאַי[282] באַקומען אַן אויטאָ דורכן נייעם פּרעזידענט פון וואַרשע ד״ר לייסט[283], דער זעלבער וואָס געווען פריער אין לאָדזש.

געזען אַן אויפרוף פון די ענגלענדער אויף פּויליש צו די פּאָלאַקן, ענדיקט זיך: „נאָך איז פּוילן נישט פאַרלוירן״[284]. וועגדונג וועגן געדולד און אויסדויער. די פּויל[ישע] רעגירונג איז טעטיק אין אויסלאַנד. דער אויפרוף איז געדרוקט אין אויסלאַנד. דאָס איז קענטיק פון דעם פעלן פון „ען״ א. א.

געהערט אַז אין אינאָוראָצלאַוו האָט אַ איש חייל וַשכנזי דערשאָסן דעם באַקאַנטן גביר און פילאַנטראָפּ לעווי. יענער האָט אים געוואָלט אַרעסטירן. ער האָט געענטפערט: „מיך אַלס געוועזענעם מאַיאָר פון דראַגאָנען קען פאַרהאַפטן נאָר אַן אָפיציר״. „אַלזאָ דו פאַרוויגערסט און לאָזט זיך נישט אַרעסטירן״. דערשאָסן אים. לעווי געווען א מיליאָנער, אַ פערזענלעכער פריינט פון ווילהעלמען. זיין פאָטער געבויט באַן־ליניעס אַרום אינאָוראָצלאַוו.

א פאַמיליע פון 12 פּערזאָן פליטים האָט אין 12 לאָקאַלן געגומען שטיצע פאַר 64 פּערזאָן.

אַרויס פאַראָרדענונג, אַז מען מוז מעלדן די לעדער און וואָל סחורות[285] דאָס האָט אַרויסגערופן א גרויסע מהומה ביי דער יידישער באַפעלקערונג. דער חילוף פון געלט געשטיגן אויף 33 און אפילו 38—39. „איך דאַנקע דעם קאָמיטעט פאַר 1.500 זל.״ בשעת אין דער אמתן מער. די סיבה: געזעלשאַפט פון יענע און יענע נעמען אַ פּראָצענט. עקשנותדיקע קלאַנגן וועגן שלום מיט עטלעכע טעג צוריק. פאַרבונדן גרויסע האָפענונגען מיט——[286].

די רבנים שרעקלעך מורא פאַר אַרבעט. דעם סאָכאַטשעווער אָפּגע־

---

281) מיכאַל רושינעק (געב. 1904), פּוילישער שרייבער.

282) וואַרשעווער געמיינט דעם פאָרזיצער פון וואַרשעווער יודענראַט א. טשערניאַקאָוו.

283) לודוויק לייסט (געב. 1891), ס. ס. בריגאַדעפירער, דער שטאָט־הויפּטמאַן פון וואַרשע, פאַרמשפּט אין וואַרשע אין 1947 אויף 8 יאָר תפיסה.

284) פּוילישער נאַציאָנאַלער הימן.

285) דאָס איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַראָרדענונג פון 18 אָקט. 1939, וואָס פאַרבאָט יידן צו האַנדלען מיט מאַנופאַקטור און לעדער־סחורות.

286) פעלט דער סוף פון זאַץ.

שוירן די באָרד. א טייל גייען נישט אַרויס גאַנצע טעג. א טייל וווינען אין פאַרמויערטע אָדער אין פארשטעלטע צימערן מיט שענק א. ד. גל. עס פאַרשפּרייט זיך שרעקלעך דער פלעקטיפוס. די שטערבלעכקייט זייער גרויסע, אין שפּיטאָל שטאַרבט יעדער דריטער קראַנקער.

געשטאָרבן דאָקטאָר בעאַטוס, אַ דאָקטאָר פון די פּליטים־פּונקטן. עס ווערן איצט אָפּגעשלאָסן די צוויי שכנותדיקע הייזער אין פאַל פון טיפוס. אַן אויפרוף פון מיליטער קאָמאַנדע אָסט ווענן נישט פאַרקערן מיט דער באַפעלקערונג, באַזונדערס מיט יידן. געווען א פאַל פון רויבן ביי פּאַציענטן פון א דאָקטאָר. די משוגענע „אופּיור וואַרשאַווי" [287] ווילדעוועט ווידער.

היינט דעם דריי און צוואַנציקסטן מערץ געווען רויבערייען אויף לעשנאָ, פּלאַץ זשעלאַזני בראַמי, פון פּוילישע יונגע אכט, ניין יעריקע כוליגאַנעס. ביים רוימען שניי זענען איצט אויף אלע גאַסן באַשעפטיקט ייד[ישע] אַרבעטער. זייער אויסזען א נעבעכדיקער. דער הונגער קוקט זיי אַרויס פון פּנים. די פאַרקויפלעכקייט פון יידישע דאָקטוירים. פאַר נישט באָדן, פאַר נישט גיין אין דער פאַרוווקע [288] נעמט מען צוזאַמען געלט ביי די שכנים. כאשר היה אצלם האדם מאמריקה חפץ החבר, שהפתק טים יהיו רק דורכגאַנגספּונקטן, אבל כאשר בא האמריקני שאל את היהודי הראשון: כמה חדשים אתה פה. די מזוזה געראַטעוועט א ייד פון צוויי וואָכן אַרבעט אין סיים. געפרעגט אים דעם טייטש. פון דער מזוזה און צוליב דעם באַפרייט אים פון אַרבעט. א שרעקלעך בילד ווי א חברה אכט, ניין יעריקע היינט געלאָפן אויף לעשנאָ צו רויבן. אמתע גאַסנקינדער.

די קאַלאָסאַלע וויטאַליטעט פון ייד[ישע] קריגסגעפאַנגענע. אין די שווערסטע צייטן נישט פאַרלוירן דעם הומאָר. אין סטאַרגאַרד (לעבן שטעטין) געווען פאַרזאַמלט צוויי טויזנט פיר הונדערט ייד[ישע] קריגס־געפאַנגענע. דאָרט איינגעאָרדנט א קאָנצערט „באַנקעט" לכבוד דעם אָפּפאָר פון ה. נוס יצחק [289]. די וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונדזער גרופּע פון יענע [290], פונאַנדערגעטיילט אונדז, קריגערייען צווישן אונדז און זיי, א וואַנט טיילט אָפּ. א מלחמה וועגן איניקע צענטימעטער ווורשט צוליב הונגער, אָבער ווען מיר וואָלטן געהאַט צו עסן, וואָלטן מיר זיך נישט געקריגט. אַלוזיע צו דער לאַגע פון יידן אין פּוילן פאַר דער מלחמה. פאַרבראָכנט געוואָרן דאָס שטיבל פון קאָזשעניצער מגיד מיט דעם בעטל, דאָס הייליקטום פון די קאָזשעניצער חסידים. די וויטאַליטעט פון דער ייד[ישער] מאַסע בשעתן געטאָ אין וו[אַרש]ע. שליסקע געזאָלט אַריין אין געטאָ. געטראָפן א ייד א מטופל מיט קינדער. „איך האָב זיי

---

287) „דאָס וואַרשעווער געשפּענסט".

288) פאַרוווקעס — צוואַנג־דעזינפעקציע אין די הייזער אָדער וווינונגען, וו מען האָט פעסטגעשטעלט אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

289) דער מחבר מיינט וואַרשעווער מאַוריצי אָזשעך און יצחק גוטערמאַן.

290) ד. ה. צווישן יידן און פּאָליאַקן קריגסגעפאַנגענע.

אין טאָכעס איך האָב זיבן קינדער, אויסער דעם איז געקומען מיין קרובה מיט אירע קינדער און מחוץ דעם א סובלאָקאַטאָר. איך האָב איין איינזוועג: ווארפן זיך אין דער וויסל און דערצו האָב איך שטענדיק צייט". ייִדן פון די אַרבעטסבאַטאַליאָנען האָבן זיך איינגעלעבט מיט דער אַרבעט.

אָנהויבנדיק פון פרייטיק דעם [22?] מערץ ביז היינט דאָנערשטיק, דעם 28 מערץ, זענען פאָרגעקומען עקצעסן קעגן ייִדן אין כמעט אַלע ייִדישע גאַסן, באַזונדערס אין די גאַסן, וואָס גרענעצן מיט ייִדישן געטאָ ווי לעשנאָ, רימארסקא, זשאבּיא, פּלאַץ באנקאָווי, גראניטשנא, דער פּלאַץ פון דעם אייזערנעם טויער (דאָרט איז אייערנעכטן פאָרגעקומען א מיטינג מיט אַנטיייִדישע לאָזונגען), גזשיבאָווסקא, רינקאָווא, זשעלאזנא, כלאָדנא, מאַזאָוויעצקא א. א. גאַסן. מען האָט אומעטום געראבעוועט ייִדישע געשעפטן (מען זאָגט, אז אויף ניעצאלע אויך פּוילישע, אין אנדערע געגנטן נישט געהערט וועגן דעם). אויסגעראַבירט די קראָמען, אויפגעריסן די שווערסטע אייזערנע שטאַבעס. די ערשטע טעג האָט מען זיך באַגרענעצט צום אויסהאקן שויבן, שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן צו ראבעווען. היינט האָט מען ראבירט קארמעליצקע, פראנציסקאַנער. דאָרט איז פאָרגעקומען א פּשוטע שלאַכט צווישן ייִדן און כוליגאנעס. מען זאָגט, אַז א קריסט איז דאָרטן דערהרגעט געוואָרן. אומרים שלקחו מרחוב הזה הרבה יהודים נישט געמעלדעטע. היינט האָט מען געפירט גאַנצע באַנדעס פאַרהאפטעטע כוליגאנעס. זיי זענען געווען פון פארשיידענעם עלטער. די איבערוואג פון 10, 12 און עלטערע. בראש פון אזא באַנדע איז געפארן א ראָווערִיסט אויך צום סוף. די דאָזיקע פלעגן ארויסגעבן באַפעלן, האַלטן די אָרדנונג. בראש זענען געלאָפן יונגע כוליגאנעס מיט געוואלדעס. אַלע באַוואָפנטע מיט שטעקנס, מיט צוזאמענגעדרייטע דראָטן. ווער שטייט אונטער די עקצעסן? מען האַלט, אז מען האָט געקענט, ווען מען וואָלט געוואָלט, פארהיטן אָדער לכל הפחות אָפּשטעלן די געשעענישן: דער בעסטער באַווייז דער הייִנטיקער טאָג, ווען אָפּגעשטעלט די געשעענישן נאָכמיטאָג. מען האָט פילמירט די געשעענישן, מען האָט פילמירט דעם מאָמענט, ווען אנשי־חייל לויפן אַרויס און פארטרייבן די כוליגאַנעס. געווען אסך פאלן ווען אנשי חייל אַרויסגעשפרונגען פון טראמוויי צו פארטרייבן כוליגאַנעס. געזען היינט א פליער מיט א גרופּע ייִדן בראש אָפפירן זיי א היים.

מיט גרוסן דיין מוניע.

29 מערץ 1940

די שווערע טראגעדיע פון די ייִדישע קינדער. צוליב כלומרשטע מגפה. אין דער אמתן געווען פאַר דער מלחמה יאָרן ווען די מגפה געווען גרעסערע ווי הייַ־יאָר. די ייִדישע שולן נישט דערלויבט. קינדער וואלגערן זיך אויף די גאַסן, גייען אַרום פארצווייפלטע. דאָ אסך פאלן פון אינטערוואַרפן קינדער אונטער געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס. טראגעדיע

פון עלטערן, וועלכע בענקען נאָך זייער קינד, האָבן אָבער מורא צו באזוכן עס אין דעם הויז פון דער געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע. די שפיל מיט קינדער פון איין פאַמיליע, וועלכע ווערן געוואָרפן אין דער אינסטיטוציע און דערנאָך צוריקגעוואָרפן און אזוי כסדר.

בעיר פאלעניץ הראש של עיר געזען א ייגגל פארקויפן פאַפּיראָסן, געשטעלט זיך פאַרקויפן, קיינעם געגעבן קיין רעשט און די גאַנצע סומע איבערגעגעבן דעם ייגגל. אין די גן־עדן שטעטלעך געווען אנשי־חייל, פאר יום־טוב פארלאנגט פון דער קהלה 12 מאן, געענטפערט נישט קראנק אַליין דאָס צו טון. — — כאַפּט מען נישט צו אַרבעט.

דער יידישער בית־עולם מאַכט א שרעקלעכן איינדרוק. אַלע בוימער און עס זענען געווען שיינע טאָפּאָלעס, קאשטאַנעס א. א. זענען אויסגעשניטן געוואָרן. עס זענען צוגערויבט געוואָרן אַלע בענק ווי אויך א טייל מארמאָרענע פליטן. איצט זעט מען דעם גאַנצן בית־עולם ווי אויף די הענט, אָבער דאָס מאַכט אן איינדרוק פון א פליך אויפן קאָפּ. עפּעס ווי נאַקעט און אָרעם וואָלט ער געווען. די שטערבלעכקייט פון יידן איז איצט דריי מאָל גרעסער ווי פאר דער מלחמה אין די זעלבע חדשים פון פאַריאָרן. באַשטימט די מינימאַלע טאַקסע פון קבורה 500 זל. אין פּראַגע דוכט זיך 100 און די אָרעמע אומזיסט.

נהרג בחור האַפּמאַן אשר חכו אותו איש־חיל בשעת העבודה.

היינט דעם 29 מערץ געווען רויקער, נאָר זעלטענע, אייגנטלעך פאַראיינצלטע איבערפאַלן איבער יידן. אין יידישן שפּיטאָל זענען געמאַכט געוואָרן 16 טרעפּאַנאַציעס פון דעם שאַרבן. אויף פּראַטשישקאַנער ישבו הרבה יהודים מפני שנרהג גוי אחד בשעת דעם קעגנזייטיקן שלאָגן זיך. נקחו אנשים, נשים וטף, שפּעטער באַפרייט געוואָרן. היינט זיינען געווען ווילדע קלאַנגען, אַז די פאַרצוימונגען, וואָס נעמען אַרום דעם געטאָ־שטח, זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן מיט מויערן. מען רעדט ווידער שטאַרק אין צוזאַמענהאַנג דערמיט [וועגן] אַ געטאָ אין וואַרשע, ווי אויך וועגן איניקע הונדערט יידישע פּאָליציילייט, וועלכע די קהלה זאָל אַנגאַזשירן. מען איז שוין געלאָפן נאָך פּראָטעקציע אָנצוקומען אויף דער שטעלע. די שטאַרביקייט ביי די פליטים אַ שרעקלעכע.

מען זאָגט, אַז די אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטסבאַטאַליאָן נעמען איבער יענע. די יידן אויס מורא פאַר אָנפאַלן, זיך נישט געשטעלט צו דער אַרבעט. וועגן שנמצאו באַהאַלטענע ראַדיאָסטאַציעס אויף זלאָטא הרבה התישבו פולנים וגם יהודים. ראיתי בעיני כאשר הכו בעל־עגלה יהודי איש זקן עם סוס חלש, הכו אותו מיט דער גראָבער זייט פון בייטש איבערן קאָפּ[290א]. אַ מאָגערע שקאַפּע... צער בעלי־חיים אָבער בלויז צום פערד.

---

[290א] געזען מיט אייגענע אויגן, ווי זיי האָבן געשלאָגן אַן אַלטן, יידישן בעל־עגלה, מיט א שוואכן פערד. זיי האָבן אים געשלאָגן מיט דער גראָבער זייט פון בייטש איבערן קאָפּ.

די גאַסן מאַכן אַ טרויעריקן איינדרוק. שטאָט שויבן — ברעטער אומעטום, אָדער שטיקלעך גלאָז. מען פֿאַרציילט, אַז בשעת אויף זשאַביע האָט מען געראַבעוועט די יידישע הוט־געוועלבן האָבן די אַרומיקע קריסטלעכע געקוקט מיט הנאה. געבליבן איינע אַליין. געלעזן אין „לאָדזשער צייטונג" פֿון 28 ד.מ. „ מאַרשאַלעק שמיגלי רידז — ניע נאַאוטשיל זשידאָוו ניץ, א היטלער זלאָטי נאַאוטשיל איך ראָבאָטיי".[290ב] יידישער אויסדויער: בעשת מען האָט געשלאָגן אין די גאַסן, האָב איך געהערט אַ גלעזער שרייען אויפֿן הויף: שויבן, שויבן! אויף פֿראַנציסקאַנער האָבן די כוליגאַנעס געוואָרפֿן שטיינער אויפֿן דריטן שטאָק אין הויף. אַרבעה ימים בקשו ובדקו אצל שקלאַ ונשתוממו שהוא יצא חוץ לארץ אף על פּי שהוא איש חשוב באיזה אופן הוא עשה את זאת.[290ג]

מיט הערצלעכע גריסן יצחק.

30 מערץ 1940

מיינע ליבע!

המשך פֿון די געשעענישן סוף מערץ. געהערט אָבער וועגן פֿאַקטן ווען הינטער אנשי חיל זיינען געגאַנגען רויבער מיט די צוגערויבטע זאַכן און קיינער נישט געטשעפּעט. געווען אַן איבערפֿאַל איבער דער קהלה. פֿאַרטריבן די כוליגאַנעס מיט דער הילף פֿון דעם אַרבעטסבאַטאַליאָן. געהערט, אַז די אַרבעטסבאַטאַליאָנען אַסך געליטן פֿון די אָנפֿאַלן. ראָזען און ראָזענטאַל[291] געוואָרן פֿאַרוווּנדעט. געהערט וועגן עמפּערונג פֿון אַסך קריסטן. געהערט: זיי באַשמוצן פּוילן, היינט פֿאַלן זיי אָן יידן און מאָרגן.—א טראַמוויי־קאָנדוקטאָר פֿאַרהאַלטן דעם טראַמוויי און אויסגעשריגן: „איר ווייסט וועמענס ווערקצייג איר זייט" מען זאָגט, אַז מען זאָל האָבן גערעדט מיט פּראָפֿ. ציביכאָווסקין דעם פֿירער פֿון „פֿאַלאַנגע"[292] זאָל ער האָבן ערקלערט, אז עס איז אַן אַלטע פּוילישע טראַדיציע צו מאַכן איבערפֿאַלן איבערן יידן. געווען אַסך פֿאַלן ווען קריסטן געוואָרנט יידן נישט צו גיין אין דער אָדער יענער ריכטונג ווייל דאָרט זיינען דאָ כוליגאַנעס. געווען אַ קריסטין, וואָס האָט זייער שטאַרק געשלאָגן די כוליגאַנעס אויף פּלאַץ באַנקאָווי, בכלל

[290ב] (פּויליש): „מאַרשאַל שמיגלי רידז האָט די יידן גאָר נישט אויסגענוצט, דאַקעגן דער גאָלדענער היטלער האָט זיי אויסגעלערנט אַרבעטן".

[290ג] פֿיר טעג האָבן זיי געזוכט און דורכגעפֿירט אַ רעוויזיע ביי שקלאַ; און זיי האָבן זיך געוווּנדערט, אַז ער איז אַרויסגעפֿאָרן אין אויסלאַנד, הגם ער איז געווען אַן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט. ווי אַזוי האָט ער עס געטאָן?

[291] העבריק ראָזען איז געווען לייטער פֿון יידישן אַרבעטס־באַטאַליאָן; ב. וו. ראָזענטאַל האָט אָנגעפֿירט מיט דער סאָצ. הילף, ביידע מיטגלידער פֿון וואַרשעווער יודענראַט.

[292] ציביכאָווסקי, פּראָפֿ. פֿון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט אויפֿן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אַ רעאַקציאָנער און גערמאַנאָפֿיל.

איז דער פּלאַץ פון אייזערנעם טויער און דער פּלאַץ באַנקאָווי געווען די צענטערן פון כוליגאַניזם, פון דאַנען זיינען כסדר אַרויסגעפאַלן באַנדעס איבער אַלע גאַסן. אויף גראַניטשנאַ האָט מען זיך אפילו אַריינגעריסן אין פּריוואַטע וווינונגען און געראַבעוועט. די כוליגאַנעס האָבן אויף דער פּוילישער פּאָליציי געשריגן „יידישע פּאַכאָלקעס", גלייכצייטיק האָט מען מיט צוויי טאָג צוריק שטאַרק בודק געווען די בינדעס און לעגיטימירט אַ סך מענטשן אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ. צווישן די רויבער געווען שילער, גוט געקליידעטע קריסטן.

געהערט פון מענטשן צוריקגעקומענע פון קריגסגעפאַנגענע לאַגערן וועגן אַן איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין באַצוג צו יידן, אַז דאָס איז געשען צוליב דעם דרך־ארץ צו יידישער אַרבעט. יידן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער אַרבעט אַפילו אין לאַנד־ווירטשאַפט. געהערט פון אַ סטאָלער, וואָס געווען לעבן נירנבערג. לכתחילה שלעכט זיך באַצויגן (מען האָט בכלל באַ יידישע קריגסגעפאַנגענע צוגענומען זייערע מלבושים און שיך), ווייל יידן זיינען דאָך בלוטזויגערס און אויסנוצערס. די יידן נישט גענומען צו דער אַרבעט. שפּעטער ווען אין אַ געוויסן מאָמענט געדאַרפט פאַרריכטן די קאַמערן, גענומען יידישע סטאָלערס, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט, דערנאָך רימערס. געחידושט זיך סטייטש: יידן זענען בעלי־מלאכות, נישט געגלויבט אין דעם. ווען זיך איבערצייגט, אַז יידן קאָנען אַרבעטן און אַרבעטן גערן — געביטן אינגאַנצן די באַציונג. געהערט פון די איבער צוויי טויזנט דריי הונדערט יידישע קריגסגעפאַנגענע וועגן דעם, ווי אַזוי מען האָט זיי גוט אויפגענומען אין די פאַרשיידענע דייטשישע שטעט, דורך וועלכע זיי דורכגעגאַנגען. איין דייטש האָט געזאָגט, ווען מיר האָבן אַזוי פיל יידן וויפל איר, וואָלטן מיר געהאַט אין דייטשלאַנד כולו גאָלד. אַ צווייטער דייטש געזאָגט: „איר זייט געקומען צו אונדז ווי פאַרפלוכטע יודען, און איר פאָרט צוריק ווי די ליעבע קינדער דעס פאָלקעס איזראַעל". די קענטעניש פון דייטש געווען אַ וויכטיקע סיבה פון דערנענטערן זיך צו דייטשן. געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף יידישע אַרבעטער אין די דייטשע גיטער.

היינט דעם דרייסיקסטן מערץ באַשטעטיקט די ידיעה, אַז די קהלה באַקומען אַן אויפטראַג צו מאַכן מויערן דאָרט, ווו עס איז ביז איצט געווען שטעכיקע דראָטן וואָס האָבן אָפּגעטיילט דאָס „זויכע געביט" פון אַנדערע געביטן. עס וועט אויך זיין אַ יידישע פּאָסט, וואָס וועט זיין אויף דער גרענעץ פון געטאָ. די פּאָסט וועט אַלץ איבערנעמען פון דער דייטשישער פּאָסט און איבערגעבן צוריק. גאַנצע גאַסן געוואָרן אָפּגעשלאָסן, לקחו שם פּולנים לתפיסה ברחוב ווסאָפּולנע, האָזשע ויחרים 292 א. שטאַרקע קלאַנגען וועגן אַ געטאָ. וואָס שייך דעם אַרבעטס צוואַנג זאָגט מען, אַז בלויז אין וואַרשע

---

292א) ...איינגעזעצט אין תפיסה פּאַליאַקן פון די גאַסן ווסעפּולנאַ, האָזשאַ און אַנדערע.

און ביי דער רעגולירונג פון דער ווייסל. מען זאָגט, אַז אין לאָדזש איז בשעת דער אויסזידלונג נהרג געוואָרן איבער זעקס הונדערט מענטשן. די געשעענישן אָפּגעשטעלט אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון קראָקע. פאַר־שיידענע סיבות פון די וואַרשעווער געשעענישן: דאָס וועלן אָפּשאַפן די פּוילישע שומרים אַלס נישט פּאַסיקע, אַלס גרונט צו שאַפן דאָס געטאָ. געפאָרן אַ מ[אַשין,] געוואָר און הינטער אים אַ פילם אָפּאַראַט וואָס פאָ־טאָגראַפירט ווי אַזוי מען פאַרטיידיקט די יידן.

מערץ 1940

אין די לעצטע טעג הערשט זייער אַ געדריקטע שטימונג. יעדן טאָג קומען צו אַרויסגעפאָרענע אין וואַרשע — דרום פון וּוספּולנע א.א. גאַסן. עס האָבן זיך שטאַרק לעצטנס פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן געטאָ אין וואַרשע, וועגן אַ געשלאָסענעם אָדער אַן אָפענעם, פון וועלכן עס זאָלן אויסגעשלאָסן ווערן די גאַסן: לעשנאָ, עלעקטאָראַלנא, אָרלאַ, זלאָטאַ, סיענאַ א. א. אויף נאַל[עווקיס] 23 געקומען אַ ציווילער קויפן סחורה — גענומען פאַר 1400 און געוואָלט באַצאָלן 600 זל. די סוחרטע ביי אים אַרויסגעריסן די סחורה, געמאָלדן פּאָליציי, אַרויסגעוויזן אַז אשכנז — לא יחרץ־געלט באַקומען די סחורה אומזיסט. אויסערדעם די פּוילישע שומרים 800 זל. פאַר שווייגן.

דער קאָזיעניצער רבי צעבראָכן יענע וואָך אַ קריג, געזאָגט „אויס קריג”, דער עולם עס אויפגעכאַפּט און דערקלערט וואָפנשטילשטאַנד. אין די ייד[ישע] טראַמווייען איז לעבעדיק. אַן עלטערער ייד קומט אַריין אין טראַמוויי מיט אַ ברייטן „גוט אָוונט יידן”. אַ וויץ: אַ ייד נישט געהאַט קיין מנין צום קדיש, אַריינגעגאַנגען אין טראַמוויי און געזאָגט קדיש. יידן פילן זיך פריי אין פאַרציילן אָפן נייעס פון דער וועלט. מען פאַרציילט, אַז דאָס סאָוו[יעטישע] ראַדיאָ גיט אָן: אַראָפּגעוואָרפן 15 ענגלישע אַעראָ־פּלאַנען, 12 אשכנזישע, צוזאַמען 25 פיינטלעכע אָדער 25 לטובת רוסלאַנד. אויף פּאַנסקאַ גאַס — פאַרציילט דער עולם — געבוירן געוואָרן אַ קינד, וואָס האָט גלייך גענומען רעדן: אָנגעזאָגט, אַז ראש השנה קומט ישועה אויף יידן און גלייך געשטאָרבן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טענדענץ פון יידן פאַראויסצוזאָגן אַלע גזרות, פאַרציילט מען, אַז אין לאָדזש האָט אַ ייד געפרעגט אַן אשכנז: צי קען מען דאָרט אַדורכגיין אַזויווי לעבן דעם הויז קען מען נישט אַדורכגיין — יענער געענטפערט, אַז ער האָט נישט גע־הערט וועגן אַזאַ פאַרבאָט „אָבער די אידייע איז אַ גוטע” און טאַקע איינ־געפירט דעם פאַרבאָט צו גיין איבער דער פּיאָטרקאָווסקאַ גאַס. דאָס זעלבע זאָגט מען אין וואַרשע, אַז יידן מאַכן אָן אַלע צרות, ווייל זיי רעדן אַזוי לאַנג ביז וואַנען די זאַך ווערט רייף. מען זאָגט, אַז יידן האָבן זיך גע־פרעגט צי ס'איז אמת, אַז יידן וועלן דאַרפן טראָגן גלעקלעך — געענט־פערט, אַז נישט, אָבער די אידייע איז אַ גוטע. אין לאָדזשער געטאָ זיינען איצט טעטיק — 8 פאַבריקן, געהערן צו דער קהלה. דער עולם גייט מאַסנ־

ווייז אין גאס אָן קאַפּעלושן, ווייל מען שלאָגט פאַר נישט גריסן. מען דערציילט, אַז אין הימל זיינען אָנגעקומען אַ מחנה געהרגעטע אשכנזים און געבעטן אַ פרייעם אַריינטריט, האָט מען זיי געענטפערט, אַז עס קענען אַריינקומען נאָר נײַן, ווייל אין דעם טאָג ווען זיי זיינען געפאַלן, זיינען געווען לויטן קאָמוניקאַט נאָר נײַן געהרגעטע. איינער פון די טרויעריקע סימפּטאָמען, איז די וואַקסנדיקע שנאה צו די יוונים. מען האַלט, אַז זיי זיינען שולדיק אין אַלע ווירטש[אַפטלעכע] גזרות. מען פאַראַלגעמיינערט למשל די אָנפאַלן פון שכורע שקצים פון האַנטווערקער־שולן (למשל פון קאָנאַרסקיס שול אויף לעשנאָ). און מען מאַכט דערפון אַלגעמיינע אויספירן, הגם פאַקטיש זיינען דאָ אַ גרויסע צאָל סימפּטאָמען פון אַקטיוון אַנטיסעמיטיזם. אין אַלע רעוויזיעס פון יידישע סחורות אויף פראַנציסקאַנער א. א. גאַסן, זאָגט מען, זיינען שולדיק יידישע טרעגערס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט מסרן. גייען נאָך די מענטשן, וואָס טראָגן פעקלעך און פאַרלאַנגען לא־יחרץ געלט.

סוף מערץ 1940

מיינע ליבע!

מען שרייבט אין די ציַיטונגען וועגן „שיינער אָרדנונג" — אין דער אמתן הערשט אומעטום אַן אומאָרדנונג. וואָלט געווען די אָרגאַניזאַציע פון יאָר 1914 מיט דער היינטיקער אידעאָלאָגיע וואָלט קיין שריד ופליט פון די יידן נישט געבליבן: אַ סך געזעצן ווערן לחלוטין נישט אויסגעפירט, וועגן צוויי טויזנט גילדן פאַר אַ ייד און פינף הונדערט איינמאָליקע אויסצאָלונג,[293] די מאַקסימאַלע פרייזן.[294] דער ייד קאָן היינט לעבן בלויז אומלעגאַל, קיין לעגאַלע מעגלעכקייטן נישטאָ. כאשר. היו בקראָקע[295], הוא להם אני יודע המצב של הקהלות. ווי לאַנג וועט איר נאָך קענען עקזיס־
אמר להם אני יודע המצב של הקהלות. ווי לאנג וועט איר נאָך קענען עקזיס־
לא נתנו להם עבודה בפני המלחמה, עזרה השפּיטאָלן, בתי־יתומים

---

293) לויט דער פאַראָרדענונג פון 20 נאָוועמבער 1939 האָט אַ ייד געמעגט האָבן ביי זיך נישט מער ווי 2000 זל. דעם עודף האָט ער געדאַרפט אָפּפירן אין באַנק. פון די סכומים, וואָס האָבן זיך געפונען אין באַנק, האָט אַ ייד געקאָנט אַרויסבאַקומען נישט מער ווי 500 גילדן אַ וואָך.

294) די פאָרשריפטן וועגן האַלטן די פרייזן אויף דער פאַרמלחמה־הויך איז דורך דער פוילישער באַפעלקערונג — נישט געקוקט אויף די פאַרויסגעזעענע הויכע שטראָפן — נישט אָפּגעהיט געוואָרן.

295) געמיינט די דעלעגאַציע — אין די פערזאָנען פון אינזש. טשערניאַקאָוו, ד"ר מילייקאָווסקי, אינזש. שטאָלצמאַן, באָרענשטיין און ד"ר מ' וויכערט, וואָס האָט אינטערווענירט אין קראָקע וועגן דער לאַגע פון יידן אין גענעראַל־גובערניע.

אשר נעשו בעד הגבירים היהודים.[296] אין דער לעצטער צייט האָט אויפגעהערט דער סיים־ספּעקטאַקל און אויך אויף אָבאָזשנע.[297] מען זאָגט אויך, אַז מען כאַפּט ווייניקער צו דער אַרבעט. צי איז דאָס אַ פּסיכאָלאָגישע טוישונג, אַ כלומרשטער פּועל־יוצא פון די קראָקעווער געשפּרעכן אָדער דאָס איז אַן אמת, איז שווער אָפּצושאַצן. די אומגעלומפּערטקייט פון דער קהלה (שטאַט־אָפּטיילונג). ביי ברידזש געזעסן 5 יידן, איינער פאַרציילט, זיי האָבן געגעבן 60 זל. עטאַט בשעת געקענט און געדאַרפט געבן 4 טויזנט, בשעת די איבעריקע געקענט געבן צו 6 טויזנט און גאָרנישט געוואָרן אויפגעפּאָדערט. יעדער ייד אפילו דער אָרעמסטער מוז בשעתן אַרויספאָר אַריינגעבן צוויי הונדערט זל. עמיגראַציע־שטייער.[298] עמעץ פאָרגעלייגט דעם ראש צו באַפרייען אַן אָרעמע שניידעריין דורך אומקערן איר די אריינגעטראָגענע צוויי הונדערט זל. פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָצ[יאַלער] הילף. געענטפערט מורא בעד המרגלים מגאלעען. דער לויתן איז צו קליין פאר דער אַרבעט, וואָס איר האָט געלייסטעט ביז איצט, אמר מר יצחק [299] כאשר בא משם. מען מאַכט אין 9 פונקטן פון דער שטאָט, באַזונדערס אויף קראָכמאַלנע, הילצערנע פּלויטן. די סאַניטאַרע מאַכט זאָגט, אַז די קראָכמאַלנע איז די הויפּטנעסט פון די אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. ווען זיי וואָלטן געקענט, וואָלטן זיי דאָס פאַרברענט. אין קראשניק פאַרמויערט אַ גאַנצע גאַס געזונטע מיט קראַנקע.[300] דאָס עסן קאָן מען אַריינגעבן בלויז דורך אַן עפענונג. אויך די עקסקרעמענטן גייען דאָרטן אַרומערט. — געהערט היינט וועגן דעם, אַז אין די קרייזן פון דער פּוילישער אינטעליגענץ איז דאָ אַ מיינונג, אַז די יידן האָבן זיך צוזאַמענגערעדט מיט יענע, אין רעזולטאַט קומען פאָר מאַסן־פאַרהאַפטונגען פון קריסטן. גר[אַף] ראַניקער האָט אין קראָקע בשעת די געשעענישן אין נאָמען פון ר. ג. אָ. [301] איבערגעגעבן אַ נאָטיץ, אין וועלכער עס ווערט געשריבן, אַז עס זענען פאָרגע־

---

[296]) בעת זייער באזוך אין קראָקע, האָט ער זיי געזאָגט: איך קאָן די לאַגע פון די קהילות... וואָס האָבן די יידישע גבירים געטון (געשפּרעכן אין קראָקע) פאַר זייערע חברים די אַרבעטער? פאַר דער מלחמה האָבן זיי נישט געגעבן קיין אַרבעט. הילף אין די שפּיטעלער און די בתי־יתומים זענען געווען פאַר די יידישע גבירים.

[297]) זע הערה 228.

[293]) עמיגראַציע־שטייער. אַזאַ אָפּצאָל געווען אויך באַקאַנט אין אַנדערע אָקופּירטע מקומות, למשל אין עסטרייך. „רייכספלוכטשטייער“.

[299]) ווארשעווער יצחק גיטערמאַן, נאָכן צוריקקומען פון געפאַנגען־לאַגער אין דייטשלאַנד, וו ער איז געווען פאַרהאַלטן, צוזאַמען מיט מ. אָזשעך פון „בונד“, ביים פּרוו אַרויסצופאָרן פון ווילנע קיין סקאַנדינאַוויע, סוף 1939.

[300]) עס איז נישט מעגלעך געווען צו געפינען קיין באַווייז־דאָקומענטן פאַר דער ידיעה.

[301]) ראַניקער איז געווען פאָרזיצער פון ר. ג. אָ.

קומען עקסצעסן, וועלכע זענען געוואָרן פּילמירט (עס ווערט נישט אָנגעגעבן דורך וועמען) און אז די זיכערהייטסמאַכט האָט גאָרנישט געטאָן אָפּצושטעלן די געשעענישן. די נאָטיץ אַרויסגערופן אַ גרויס אויפזען אין קראָקע. ביי אַ מינדלעכן געשפּרעך האָט ער דאָס זעלבע באַשטעטיקט. אין קראָקע — פאַרציילט מען — האָט טשערניאַקאָוו געגעבן אַ געלונגען בילד, ווי עס זעט אויס אַ טאָג אין דער קהלה, ווי מען קומט פון אַלע זייטן מיט טרויעריקע ידיעות. דאָ דערשאָסן עמעצן ביי דער אַרבעט, דאָ געכאַפּט צו דער אַרבעט, דאָ אַנדערע זאַכן, ער האָט זיך אָבער ביים פאַרציילן „פאַרהיקעט״, רעדנדיק וועגן די בינדעס (אגב האָט מען דערפון געמאַכט דעם הויפּטפּראָבלעם, לויט דער מיינונג פון אַ טייל דעלעגאַטן אומגויטיק) האָט ער פאַרציילט, אַז פאַר 500 זל. קען מען זיך דערפון אויסקויפן, ער האָט אָבער נישט געקענט דאָס באַווייזן מיט פאַקטן, דעריבער האָט מען אָנגעוווירן דעם צוטרוי צו אַלעם, וואָס ער האָט דערציילט. לעווין באַהאַלטן זיך אַ גאַנצע צייט. אַזוי אָבער יענע געקומען צו אים, באַשלאָסן אַרויס אין דער גאַס. — אויף טלאָמאַצקע 2 היינט אנשי ז״ל גענומען מעבל מיט אַלץ. אַ קראַנקע פרוי געהייסן פאַרלאָזן דאָס בעט און גענומען עס צוזאַמען מיטן בעטגעוואַנט. איינעם אַזוי שנעל צוגענומען די ביורקע, אַז נישט באַוויזן אַרויסצונעמען דאָס פּאַפּיר, וואָס באַפרייט אים פון רעקוויזיציע. עפּעס האָט זיך געענדערט, זאָגט מען. אויף אָקענציע פלעגט מען די ייד[ישע] אַרבעטער ביז איצט נישט געבן צו עסן, זייט עטלעכע טעג באַקומט מען אַ זעלנערישן מיטאָג און אַהיים ברויט מיט שפּעק. די מעשה מיטן ראש היהודים און דער שפּיצרוטע געווען אזוי. ווען צעבראָכן זי ביים שלאָגן די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרשפּעטיקט, האָט ער געהייסן געבן זי צו פאַרריכטן צו אַ רימער און אַ זייגער 9 ברענגען אין ביוראָ. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער היינט אַרויסגעגעבענער פאַראָרדענונג וועגן טוישן דאָס פוי[ליש] געלט אויף באָנעס[302] איז דער דאָלאַר באַדייטנד געשטיגן ביז 150 זל. מען זאָגט אָן פון פאָרויס אַ שטאַרקן יקרות. די טעג זענען באַפרייט געוואָרן די ערבים פאַרהאַלטענע אין נאָוועמבער.[303] מען זאָגט, אַז נאָר יידן. מען זאָגט וועגן פאַרטיזאַנערקאַמפן און פאַראיינצלטע אָנפאַלן אויף יענע אין קעלצער געגנט. אין אַנין[304] איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק נהרגו שני אשכנזים. מאה פולנים נהרגו. מען זאָגט, אַז בשעת די געשעענישן האָט אַ ייד[ישע] דעלעגאַציע באַזוכט דעם אַרציביסקופּ גאלל,[305] [וועלכער] האָט אויסגעדריקט זיין

302) פג״ל הערה 199.

303) אין חודש נאָוועמבער האָט די דייטשע מאַכט אַדורכגעפירט גרעסערע אַרעסטן.

304) אנין, אַן אָרטשאַפט הינטער וואַרשע.

305) גלח ד״ר סטאַניסלאַוו גאלל — טיטולאַרער ארציביסקופּ, געוו. פעלדביסקופּ אין דער פּוילישער אַרמיי. געשטאָרבן דעם 11 נאָוועמבער 1942. רעאַקציאָנער און שונא ישראל.

עמפערונג קעגן דעם, אָבער נישט אַרויסגעגעבן קיין ווענדונג צו דער פוי[לישער] באַפעלקערונג. מען זאָגט וועגן אַ מרידה אין יענעם חייל אין סקערניעוויץ און יעדער 20־טער נהרג. אין וולאָדאַווע האָט געזאָלט פאָרקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן יענע און די רוסן. אין כעלם און וולאָדאַווע ליקווידירט דאָס פּראָבלעם פון משוגענע אויף אַ ראַדיקאַלן אופן.[306] אין אַ גאַנצער ריי פּראָווינץ־שטעט האָבן די לאַנדראַטן אַרויס־געגעבן אַ פאַרבאָט פאַר קריסטל[עכע] דאָקטוירים צו היילן יידן און אַזוי ווי יוד[ישע] דאָקטוירים זענען דאָרט נישטאָ, דעריבער איז מעדיצינישער הילף. די לאַגע פון די דאָקטוירים אין וו[ארש]ע שלעכט. דער טיפוס האָט לכתחילה געהאַט אַ לייכטן פאַרלויף, איצט אין מערץ דער פאַרלויף אַ „בייזער". פאַרמאַכט אַ גאַנצע ריי פוילישע בוכהאַנדלונגען און צוגע־נומען פוילישע און דייטשע ביכער. אין קראָקע באַקומען די קאָפּיע פון פאַראָרדענונג וועגן דעם, אַז יידן דאַרפן גענומען ווערן צו אַרבעט דורך דער פאַרמיטלונג פון די קהלות, ד. ה., אַז אַנדערע אופנים פון צוואַנגס־אַרבעט זענען נישט דערלויבט. ביזן 5־טן אַפּריל געזאָלט פאָרקומען די רעגיסטראַציע פון אַלע יוד[ישע] האַנטווערקער, בלויז אַ קליינער טייל זיך באַטייליקט אין דעם. סומנער וועללעס[307] זאָל אין געשפּרעך מיט רי־בענטראָפּן האָבן באַרירט די לאַגע פון די יידן אין פוילן. איינע פון די סיבות, וואָס מען רעכנט זיך מיט די יידן אין פוילן, איז די שוועריקייטן, וועלכע עס מאַכן אין אַמעריקע דעם פּאָרזיצער [פון] רויטן קרייץ פון דייטשלאַנד די דאָרטיקע יידן. גאָטענהאפן[303] הייסט היינט טויטענהאַפן, דאָרט איז שטיל, עס איז נישט פאַראַן קיין שום באַוועגונג. אין דאַנציג, זאָגט מען, הערשט אַ פּאַניק. מען זיצט פאַרפּאַקטערהייט, גרייט אָפּצו־פאָרן. ווען מען האָט באַרירט אין קראָקע (27 מערץ) די פראַגע פון גירוש האָט מען דערקלערט, אַז דאָס אָפּשטעלן די גירושים איז אָפּהענגיק פון בערלין. זיי לייגן פאָר צו שאַפן אַ יוד[ישע] טרויהענדער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל איבערנעמען די ליקווידאַציע פון ייד[ישן] פאַרמעגן אויף יענער זייט. איינער געוואָלט מאַכן אימעניגעס, אַזוי ווי איבער צען, דאַרף מען מעלדן, איז ער געגאַנגען אין די גאַלעען, איבערגעלאָזט די רשימה. דעם צווייטן טאָג געזאָגט אים, אַז זיי וועלן זייער מענטש נישט שיקן, ווייל זיי האָבן שוין דריי צווישן די עטלעכע און צוואַנציק.

---

306) די היטלעריסטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיי אומגעבראַכט. פג"ל דעם אַרטיקל פון פּראָפ. באַטאַוויא אין „בוללעטין" פון דער הויפּט־קאָמיסיע צו פאָרשן די היטלעריסטישע פאַרברעכנס, נר. 3.

307) וויצע־שטאַטס־סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

303) די דייטשן האָבן אַזוי אָנגערופן דעם פוילישן פּאָרט, גדיניע.

13 אפריל 1940

דרייצנטער אַפּריל, געהערט פֿאָלגענדע מעשה. אין לובלין געווען אַ מענטש פֿון די גאַלעען בראַנד.[309] געהאַט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ גרופּע יידן אויסגעשטעלט צו דער וואַנט, דערנאָך אַ צווייטע פֿאָטאָגראַפֿיע ווי אַ העלפֿט נהרגו, די דריטע ווי די צווייטע העלפֿט באַגראָבט די ערשטע העלפֿט. דאָרט האָט מען די סטרוזשעס באַפֿרייט פֿון רוימען די טרעפּ אין די ייד[ישע] הייזער. די האָבן אַליין געמוזט רוימען די טרעפּ און דווקא אום שבת אינדערפֿרי.

אין אָקענציע אַ איש חיל אַרויס מיט אַ פֿלאַש ביר און געפֿרעגט ווער וויל ביר. קיינער נישט געהאַט קיין דרייסטקייט צו ענטפֿערן. דאַן דערקלערט, ווער עס וועט געבן אַ ריכטיקע תשובה, דער וועט זי באַקומען. געפֿרעגט איינעם, ווער וועט געווינען די מלחמה, געענטפֿערט, אַז בכבודו ובעצמו. געגעבן אַ פּאַטש, דאָס זעלבע ביי אשכנז, דאָס זעלבע ביי ענגלאַנד און דאַן דערקלערט — די יידן.

וואָס האָבן די הערן געבראַכט פֿון קראָקע פֿון [דער] לעצטער נסיעה? אַן אויסווייז פֿאַר אליהו הנביא אויף צו קענען גיין אין דער סדר־נאַכט אַ גאַנצע נאַכט. בודק געווען ביי די הערן[?]די דירה. געקומען אין אַ צימער ווו קריסטן, זיך אַנטשולדיקט. הייבט געוואָלט כאַפּן אַ ייד מיט אַ טאַפּפערקייט מעדאַל פֿון דער דייטשישער אַרמיי. באַפֿרייט אים, נאָך דעם ווען געוויזן דעם מעדאַל, געפֿרעגט אים פֿון וואַנען האָסטו, געענטפֿערט פֿאַר מיינע וווּנדן אין דער שלאַכט ביי טאַנענבערג, סאַלוטירט און באַפֿרייט. אין לאָדזש זיינען מיט עטלעכע טעג אויסגעברייטערט געוואָרן די גאַסן פֿון געטאָ. די שלאַכטן אין נאָרוועגן האָבן אַרויסגערופֿן אַ שטימונג פֿון גלויבן, אַז די מלחמה וועט זיך גיך ענדיקן.

געהערט פֿאָלגנדע מעשה: אין קראָקעווער געגנט ושם הראש איש חיל [?] גערופֿן די יידן עלטסטע און זיי אַנטוויקלט אַ פֿינפֿיאָר פּלאַן אין שטעטל. געענדיקט דערמיט, אַז דאָס אַלץ מוז אויסגעפֿירט ווערן. נאָך די 5 יאָר וועט קומען אַן אַנדערער, וועלכער וועט אויסאַרבעטן אַ נייעם פֿינפֿיאָר פּלאַן. נאָך דער זיצונג געהייסן בלייבן דעם בעל הבית פֿון זיין וווינונג און געזאָגט: אָבער געדענק: „ווען מען וועט דאַרפֿן לויפֿן, זאָלסטו מיך גוט פֿאַרשטעקן". אויף פּאַוויאַ 69 געווען אַ מעלינע מיט אַ ייד בראש. די באַנדע פּלעגט באַנוצן זיך מיט אַ מונדירטן מאַן, אָבער אין געוויסע פֿאַלן מיט די מונדירן פֿון די אנשי חיל. דעם גאַנצן הויף איינגעשלאָסן און דערנאָך באַפֿרייט. היינט דעם דרייצנטן מערץ[310] איבערגעגעבן דער קהלה פֿון די מתים נאַלעווקי ביין, געווען באַגראָבן אויף די ביעלאַנעס. די פֿאַמיליעס דאַרפֿן דערקענען די קערפּערס. אין לובלין בשעת מען האָט צוזאַמענגערופֿן די גאַנצע מענלעכע ייד[ישע] באַפֿעלקערונג אויפֿן מאַרק

309) אַנטאָן בראַנד (געב' 1907) ס.ס.־האַופּטשטורמפֿירער, דער לייטער פֿון יודנרעפֿעראַט אין וואַרשעווער געסטאַפּאָ.

310) דאַרף זיין אַפּריל.

און געהייסן שטיין אַ גאַנצן טאָג, אין אָוונט געהייסן אַלעמען זינגען די פֿאַרשיידענע לידער ווי „התקוה" און אַנדערע, נישט געפֿעלן געוואָרן, אָבער דאָס ליד „לאָמיר זיך איבערבעטן", אויסגענומען. די יידן אַריין אין גרויס התלהבות און געזונגען „מיר וועלן זיי איבערלעבן". אַ ייד פֿון עמן געקריגט זיך די טעג מיט אַ פּאַלאַק און געדראָט אים: „וואַרט נאָר, עס וועט קומען פּוילן" יענער געענטפֿערט: „קיש מיך". מען האָט זיך שוין צוגעווינט צו כאַפּן צו אַרבעט. אויף סאָלנע די טעג געכאַפּט אַ וואָגן מיט מעבל, דריי שריט ווייטער שטייען יידן אין קיפּקעלעך, וואַרעמען זיך אויף דער זון און האָבן נישט קיין מורא. די לעצטע [טעג] אַ מאַסנהאַפּט כאַפּן צו דער אַרבעט אויף אַלע גאַסן. מען גייט אפילו אין ווינונגען. געהערט אַז אין לאָדזש געפֿינט זיך ביי היינטיקן טאָג אַ פערטל מיליאָן יידן, הגם עס האָט אויסגעוואַנדערט אַ הונדערט טויזנט יידן. אַ טייל טרויהענדער דערלויבן צו פֿאַרווענדן געוויסע סומען פֿאַר ייד[ישע] צוועקן, פֿירמעס וועלכע האָבן געהאַט יעדעס יאָר אַ טראַדיציע צו געבן פֿאַר ייד[ישע] צוועקן. שמעתי שהמשוגעים התופסים בגרודזשאַנדז נהרגו. גם זונות חולות נהרגו בהאַנטגראַנאַטן. מעת לעת הם לוקחים רוצחים רעצידיוויסטן והורגים אותם כדי לעשות מקום להחדשים. כן עשו בחודש דעצעמבער וגם בפעברואר [310]א. א גרעסערע צאָל יידן (מען זאָגט טויזנט) באַקומען גרינע בענדער, באַפּולמעכטיקט צו מעטאַל זאַמלונג. זיי זיינען באַפרייט פֿון אַרבעטסצוואַנג. טראָגן נישט קיין ייד[ישע] בינדעס, וגם סוריץ [311] בתוכם. פּראַוואָסלאַוונע מאַכן פֿאַר אַ קליינער סומע אַריער משומדים. אין לאָוויטש שטאַרק פֿאַרשפּרייט די קראַנקהייטן, אַרומגערינגלט מיט שטעכיקע דראָט, מען קען נישט אַריין און נישט אַרויס.[312]

דעם ניינטן אַפּריל פֿאַרציילט בדבר המרידה נגד האשכנזים ביערים, שם נהרגו חמשה מאות עם האַנט גראַנאַטן וגם בקעלץ יש הרבה לודאָווצעס [312]א. געהערט וועגן דעם, אַז אינדעלמאַנען [313] געפֿרעגט אַסך וועגן זיין פֿאַרבינדונג מיט דער פּוי[לישער] פּאָליטישער וועלט. די מורא פֿאַרן וועלט יידנטום, די אויספֿאָרשער געגלויבט, אַז בשעת די וויכטיקסטע געשעענישן אין פּוילן האָט אינדעלמאַן און בכלל ייד[ישע] זשורנאַליסטן געשפּילט

310 אַ) געהערט, אַז די גייסטיק־קראַנקע אין גרודזשיאַנדז האָט מען געהרגעט, מיט האַנט־גראַנאַטן אויך געהרגעט די קראַנקע פּראָסטיטוטקעס. פֿון צייט צו צייט דערשיסן זיי די קרימינאַליסטן־רעצידיוויסטן, כדי צו שאַפֿן אַ פֿרייען פּלאַץ פֿאַר נייע. אַזוי האָבן זיי געטון אין דעצעמבער און אויך אין פֿעברואַר.

311) אַדוו. מיכאַל סוריץ — טוער פֿון דער פֿאָלקס־פּאַרטיי, מיטאַרבעטער פֿון „מאָמענט".

312) דאָס געטאָ אין לאָוויטש איז איינגעפֿירט געוואָרן אין מאי 1940 יאָר.

312 א) וועגן אַ בונט קעגן די דייטשן אין די וועלדער, צעהרגעט דאָרט 500 מיט האַנט־גראַנאַטן; אויך אין קעלץ זענען פֿאַראַן פֿיל לודאָווצעס (פּויערים־קעמפּער).

313) אלחנן אינדעלמאַן, רעדאַקטאָר פֿון „היינט", געווען אַרעסטירט דורך די דייטשן אין 1939 י. אַלס איינער פֿון די ערובניקעס. נאָכן באַפֿרייען — אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, איצט אין ישראל.

אַ וויכטיקע ראָל, פאַרגעלייענט אים אַרטיקלען פון „העולם" פון פאַר 15 יאָר צוריק. געפרעגט אים ווו געווען ווען געגעבן בעק דעם און דעם אינ־טערוויו וכדומה. אין לאָדזש די גאַלעען גוט באַקאַנט מיט דער ייד[ן]־פראַגע אין פוילן. פאַרשטאַנען דעם אונטערשיד צווישן די רעוויזיאָניסטן און יידנשטאַטלער, געוווּנדערט זיך, פאַרוואָס פאַרקויפט אונדז וויניק שקלים. באַ אַלע באַגעגענישן מיט דער אשכנזישער מאַכט דער גלויבן, אַז יידן האָבן וואַלוטע, גאָלד, בריליאַנטן און שטענדיק אויף די ייד[ישע] פאָדע־רונגען דאָ אַ פאָדערונג: „זאָלן די רייכע יידן געבן". אין מעזריטש ווערן די אַרבעטער פון שטשעצינע באַטראַכט פאַר ווירטשאַפטלעך וויכטיקע יידן. זיי האָבן דערלויבעניש אויף צו פאָרן אין לאַנד. די וואַרשטאַטן האָט מען אויפגעשטעלט אין די גאַסן ווו עס דראָט יידן באַזייטיקט צו ווער'ן צוליב דער טענדענץ פון מאַכן אַ געטאָ. צייטונגספאַרקויפער שרייען: „בוידא של כבודו ועצמו פאַר 20 גראָשן". די ווענט, וועלכע מען האָט אויפגעבויט אין 6 פונקטן פון דער שטאָט, זאָגט עמך, איז דערפאַר, ווייל אם יצאו משם יסגרו כל העם תחת החומות. געשלאָגן אַ ייד דערביי: טראָגסט אַ ענגלישן שטאָף — אַ פאַטש א.א.וו. פראַמעססע הייסט היינט פראָמיסיאָן און אַנדערע זאָגן פראָוויזיאָן. די טעג געווען אויף זאַמענהאָפאַ ראָג מילא א בילד וואָס האָט פשוט דערשיטערט. אַ געדיכטע מחנה פון יידן, מיידלעך און קינדער האַנדלט, וואנדלט. ברודיקע, שמוציקע אויסגעהונגערטע פנימער. עס איז אוממעגלעך אַדורכצוגיין די גאַס, אַזאַ געדיכטע מאַסע שטייט אויף די גאַסן. מען האַנדלט דער עיקר מיט ברויט אָדער אויך מיט זאַפּאַלקעס, פּאַפּיראָסן. דאָס בילד איז אַן אומפאַרגעסלעך. שמעתי מאשה אחת שאיש חייל האָט געוויזן תמונה של משפחה יהודית און געלאַכט דערביי אויף אַ אומהיימלעכן אופן. הוא לא חפץ באין אופן לספר לה מה היה עם האשה הזאת ואיזה השייכות בינו ובין התמונה, אבל מובן שהוא הרג את המשפחה היהודית הזאת 313א. פון א קריגסגעפאַנגענעם דאָקטאָר געהערט, אַז די פּאָלאַקן זיך געפרייט נאָכן הערן ידיעות וועגן רדיפות אויף יידן. איין זאַך וועט אונדז כאָטש בלייבן: מיר וועלן פטור ווערן די יידישע פראַגע אין פוילן. געהערט באַ — — וואָס ווען געהערט עמעצן קלינגען ביי דער טיר, זיינען זיי אַנט־לאָפן דורך דער קיך־טיר. היינט האָט מען זיך שוין צוגעוווינט דערצו. שמעתי שזה שלשה ימים לקחו הכל אצל הברזל באן מהגויים אשר באו לעירנו אויסגעטון נאַקעט ולקחו הכל. שמעתי שבשבוע האחרונה נסע לא"י הרבה מגער 313ב. געוואָלט אריינגיין אין וואגאָן צו זען דעם „אָבערגוינער", ווען אים געווען געזאָגט, אַז ער וועט איפּן וועג קראַפּירן.

313 אַ) געהערט פון אַ געוויסער פרוי, אַז אַ זשאָלנער האָט געוויזן אַ פאָטאָ־גראַפיע פון אַ יידישער משפחה און... ער האָט איר בשום אופן נישט געוואָלט דערציילן, וואָס איז געשען מיט יענער פרוי און וועלכע שייכות איז פאַראַן צווישן אים און דעם בילד. אָבער פאַרשטענדלעך אַז ער האָט דערהרגעט די דאָ־זיקע יידישע פאַמיליע.

313 ב) געהערט, אַז מיט דריי טעג צוריק האָט מען ביי דער אייזנבאַן גע־

געהערט אַן אינטערעסאַנטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם מלך מ[ערין]. ער איז געווען פאַר דער מלחמה אַ שטיקל יורד. פּאָליטיש זיך אַריבערגעוואָרפן פון איין זייט אויף דער צווייטער. אַ געוויסע צייט אַ רעכטער פּ. צ. דערנאָך אַ ציוניסט. געווען אַ געוויסע צייט אַן אָנהענגער פון הרב האַמער[313]. תמיד געווען אַ פּאָליטישער שתדלן. געשפּילט אין קאָרטן און פאַרשפּילט אַ סך געלטער, געגט זיך מיט דער פרוי. פאַר דער מלחמה זיך אָנגעהויבן צו רעהאַביליטירן. אין דעם טאָג, ווען געקומען די אשכנזים (דעם פערטן סעפּטעמבער קיין ס[אָסנאָוויעץ] האָט מען אַלע יידישע מאַנסבילן אין עלטער פון פערצן ביזן טיפן עלטער צונויפגענומען אין אַ קעלער אונטערן ראַטוש. די ענגשאַפט דאָרט געווען אַ מוראדיקע, פון די מענטשן זיך גענאָסן דער שווייס עמערוויַיז. ווען עס וואָלט נאָך געדויערט אַ האַלבע שעה, וואָלטן אַלע דערשטיקט געוואָרן. מענטשן געווען גרייט אויפצורייסן די וואַסער־קאַנאַלן, כדי דערטרינקען צו ווערן. ענדלעך אַרויסגעלאָזט און איבערגעטראָגן אין דער האַלע. דאָרט אויסגעשטעלט די יידן צו 6 אין אַ ריי, געזאָגט, אַז די יידן האָבן געשאָסן צו די אשכנזים פון די פענצטער. אָפּגעשאַרן די בערד און פאות. געשיקט אכט פריזירער נאָך די מכשירים און געדראָט, אַז אויב זיי וועלן נישט קומען אין פופצן מינוט אַרום וועט מען אויסשיסן די זיבן יידישע אינטעליגענטן, וועלכע זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צו דער וואַנט, אוסגעדוגגען ענדלעך אויף אַ האַלבער שעה. די מענטשן האָבן שוין געמאַכט אַ חשבון הנפש, יענע רעפּעטירט דאָס כלי־זין. אין די לעצטע מינוטן די פריזירער געקומען צו לויפן. ביי זיי דער שווייס גערונען פון די פּנימער, אַזוי אַרום געראַטעוועט געוואָרן. געווען אין לאַגער נאָך עטלעכע טעג און דערנאָך פאַמעלעך באַפרייט, צום ערשט די בעלי־מלאכות, דערנאָך אַנדערע. אין משך פון דריי — פיר טעג פאַרלוירן איבער צען קילאָ, אויסגעזען ווי אַ האַלב טויטער. דאָרט נהרגו שלש מאות יהודים. אין ס[אָסנאָוויעץ] ווייס מען נישט צו וועמען געהערט דער איינפאַל פון די גאָלד־ און זילבער־שפּענדונג, געווען חשדים, אַז דער מלך עס געמאַכט. די פוילן געהאַלטן דאָס נישט פאַר פּאַסיק, אָבער די יידן אויסגעטייטשט, אַז דאָס דאַרף פאַרהיטן פאַר רדיפות. די בוכונג פון די באַשטייערונגען פון דעם מין אַ פּראָבלעם. אין בענדין ווערט עס נאָרמאַל געבוכט. דער מלך, אַ וואַרעם יידיש הארץ. אים זייער גוט אויפגענומען אין מעריש — אָסטראָוו און פּראָג.[314] אים געגליקט צו באַפרייען די יידן פון

---

כאַפּט פּאָליאַקן, וואָס זענען געקומען אין אונדזער שטאָט; מען האָט זיי אויסגעטון נאַקעט און אַלץ צוגענומען. געהערט, אַז לעצטע וואָך איז דער געווער רבי אַרויסגעפאָרן קיין ארץ ישראל.

313 ג) האַמער — וואַרשעווער מאַלאַטאַוו.

314) משה מערין האָט געזאָלט אַנטייל נעמען אין דער אונטערהאַנדלונג, וועלכע היידריך האָט אָרגאַניזירט כלומרשט וועגן פּראַגן פון יידישער עמיגראַציע פון די אָקופּירטע לענדער. מערין איז וואַרשיינלעך געווען אין בערלין און געזען זיך מיט אייכמאַנען.

מעריש — אָסטראָװ פון דעם לאַגער אין ניסקאָ. נױטיק געװען דער שטח פאַר אַן אַנדער צװעק, דעריבער אַנטקעגנגעקומען דער בקשה װעגן באַפרײען די ייִדן פון לאַגער. עס האָט אים צוגעשפּילט דאָס גליק אין אַ סך פאַלן. דאָך האַלט מען, אַז צוליב עמיגראַציע גרײט צו טאָן אַלץ און נישט אָפּשטעלן זיך פאַר גאָרנישט. באַמיט זיך לעצטנס װעגן אַ באַפולמעכטיקונג פון די װאַרשעװער עסקנים, מסתמה נױטיק פאַר אים צוליב די דײטשע ייִדן, װעלכע פרעגן „מה[מי] שמך?" לעצטנס זיך קאָמפּראָמיטירט צוליב דעם צוזאָג װעגן צװאַנציק טױזנט סערטיפיקאַטן און פון דעם זיך אױסגעלאָזט אַ בוידעם. דאָס האָט שטאַרק אָפּגעשװאַכט זײַן פּאָזיציע, דאָך אים געלונגען אָפּצוהאַלטן אױף עטלעכע חדשים דעם גירוש פון שלעזיע, איצט דעם 26 אַפּריל האָט דאָך פאָרקומען אַ גירוש פון טעשין, ריבניק, אָדערבערג און אַנדערע שטעט פון מזרח קײן סוכא, טשעביניא, זאַװיערציע — טױזנטער ייִדן פאַרלאָזן זײערע הײמען. מלך מ[עריץ] װיל איצט אַריבערפאָרן קײן קראָקע און װערן דער מלך איבער דער גאַנצער גובערניע און בכלל איבערן אַלטרײך מיטן פּראָטעקטאָראַט. מען האָט זיך מצד די פּױלן אַרױסגעזאָגט קעגן דעם מלך מ[עריץ] אין פלוגבלעטל געשריבן װעגן אים און זײַן סיסטעם. אין אַ צוג געטראָפן אַ פרױ, װאָס האָט גערעדט װעגן מלך װי פון אַ מלאך הגואל. דער װאָס איבערגעלעבט אין ס[אָסנאָװיעץ] דעם פּירטאָגיגן לאַגער, געפילט זיך װי אַ װאָרעם, װעלכער קאָרטשעט זיך אונטערן שטיװל, ער װערט געדריקט און אָט דוכט זיך, אַז ער װערט דערדריקט, איבער אַ װײַלע אױפגעהױבן דעם שטיװל, אָבער אין אַ סעקונדע די שפּיל הױבט זיך אָן פון דאָסניי. דאָרט אין ס[אָסנאָװיעץ] פאַראַן אין לאַגער קאַמערן אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט. פאַרלױרן אין דרײַ טעג צען קילאָ. דאָרט װערט מען צוליב שטראָף אַרײַנגעזעצט. די ייִדן לעבן דאָרט פון האַנדל־װאַנדל. מען פאָרט קײן מישקאָװ בײַ דער גרענעץ,[315] מען קױפט פױליש געלט, מען קױפט באַצוגשײַנען אױף שטאָף — — אַרבעטן — אַ קלײנע צאָל ייִדישע געשעפטן אָפן, דער עיקר קלײנע קראָמען. אין לאַגער נעבן ס[אָסנאָװיעץ] געהײסן אַ דאָקטאָר רײניקן די קלאָזעטן מיט די הענט. אין װאַרשע האָט זיך אין די לעצטע טעג אָנגעהױבן אַ נײַע סדרה כאַפּן. דער אַרבעטס־באַטאַליאָן ליפערט נישט די געהעריקע צאָל. מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן די סעקציע־אָנפירער מיט אַנשי־חיל געכאַפּט אין די גאַסן. לעצטנס אַ נײַער אופן: אַ מאָטאָציקליסט פאָרט פאָרױס און שרײַט: „האַלט יודען". די פאַרהאַלטענע ייִדן װערן געלאָדן אין אַ מאַגיסטראַצקע װאָגן.

אױף זאַמענהאָף זענען הײַנט דעם זיבן און צװאַנציקסטן אַפּריל גע־

---

315) צװישן רײך און ג. ג.: אַזױ װי אין ג. ג. איז געװען פאַרבאָטן דאָס קורסירן פון דײַטשן מאַרק און אין רײך פון פּױלישן זלאָטי, האָט דאָס געגעבן אַ מעגלעכקײט צו האַנדלען מיט װאַלוטע.

שטאַנען צו צוויי אַנשי־חיל אין אַ טויער אפשר אַ שעה צייט און פאַר־האַלטן יידן. דאָס כאַפּן האָט פשוט אָנגענומען אַ געפערלעכן כאַראַקטער.

מיט אַ חודש צוריק געקומען צו רב מענדל פון לעשנאַ, געפרעגט ווו זיי האָבן דאָס געלט? געזוכט און געפונען. — —

אין ס[אָסנאָוויעץ] געווען אַן איש חיל געגאַנגען איבער די הייזער פון יידישע וווינונגען און געצוווּנגען מענער זאָלן האָבן אין זיין קעגנוואַרט געשלעכטלעכע באַציונגען מיט פרויען. נאָך אַ געוויסער צייט איינגעשבנט. די ה. ק.[316]־מענטשן געקומען צו דער אויבערהערשאַפט.

ווי דאַרף מען ציילן די חדשים: יאַנואַר, פעברואַר, ליפּיעץ, שיער־פּיען א.א.וו.[317] די האָפענונג צוליב באָרוועגיע אויף אַן ענדערונג אין פוילן. — אין דער אָטוואָצקער משוגעים־אַנשטאַלט געפינט זיך מיעטעק צוקער פון לאָדזש, וועלכער האָט פאַרטיידיקט זיין פאָטער בשעת אַן אָנ־פאַל פון אנשי חיל, געשלאָגן אים אַזוי לאַנג איבערן קאָפּ ביז משוגע געוואָרן. אַ סך משוגעים דערשאָסן אָן הויזן. דאָס אויסבויען די דיקע מויערן אויף די ראָגעס פון פּרוזשנע, זלאָטע א.א. קאָסט די קהלה אַ פערטל מיליאָן זל. די דערשיטערונגען בשעת דער באָמבאַרדירונג האָבן געווירקט פּאָזיטיוו אויף די קראַנקע משוגעים. די היילונג מיט אינסולינע פון משוגעים באַשווערט; ווייל דאָס קאָסט טייער. די ייד[ישע] אַרבעטס־באַטאַליאָנען באַשעפטיקט אין אָקוענציע[318] ביים לאָדערוען און סאָרטיר־גירן די מעטאַלן. אינדעלמאַן דערציילט, אַז אין לאַגער געגעבן אים פון אַ פושקע הייסע זופּ אָן אַ לעפל, געמוזט מיט די פינגער שלעפּן די גליענ־דיקע קאַרטאָפל. דערויף געלאָזן איניקע מינוט. אויף לעשנאָ שטייען מחנות ייד[ישע] ארבעטער פון באַטאַליאָן און גלייכצייטיק כאַפּט מען אין גאַס. אַז מען באַצאָלט דעם דייטש צוויי טויזנט זל. קאָן מען אַ הויז באַפרייען פון אַ „פּאַרוווקע״. דער דאָקטאָר פאַרדינט אַ חודש 200 זל בעת דער פּאַרוווקע ווערט אַלץ פאַרניכטעט. מען נעמט אויך רייגע וועש. מען זאָגט ,אַז די מויערן וועט מען מאַכן אויך אויף זשאָליבאָזש און סאַסקע קעמפּע, ד. ה. סטראַטעגישע באַפעסטיקונג — —

אויף נאַלעוווקעס האַנדלט מען איצט מיט זומער־אַרטיקלען אויף דער גאַס. די ייד[ישע] — — זיך אַליין. מען לעבט דערפון, וואָס מען שמוגלט איבער. אויף די גאַסן איז איצט אַ שרעקלעכער שמוץ.

---

316) די טויער פון די הויז־קאָמיטעטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון וואַרשעווער געטאָ.

317) ד. ה. די ערשטע העלפט חדשים רופט מען אָן מיט דייטשע נעמען, די צווייטע מיט פוילישע. אַ רמז, אַז צו יענער צייט וועט פוילן שוין זיין פריי.

318) לופט־פלי־פּלאַץ אין וואַרשע. אַ לאַנגע צייט זיינען דאָ געווען באַ־שעפטיקט וואַרשעווער יידן.

דער מאַגיסטראַט זאָרגט נישט פאַר דער ריינקייט באַזונדערס אין יידי־שער געגנט. — אין סיים געזאָגט צו רב מענדלען (?) „דו ביזט שולדיק אין קריג"? — אים דאַרויף געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן גומישטעקעלע איבער דער האַנט. געשוואָלן געוואָרן. — אין דער קהלה געווען איינער פון די קאָמבאַטאַנטן האַזענשפּרונג, פירער פון ארבעטס־באַטאַליאָן און אַ גרויסער אידיאָט. געזאָגט צו א פענגערן [געפענער] „מיט יידן וועסטו גאָרנישט איפּטאָן אָן צוואַנג". די ליניע: אַנוואַרפן אַ פחד אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג, כדי מיט דער הילף פון אַ קליינעם הייפל צו הערשן איבער אַלע.— „פאַגיע פּרעזעס" גערופן באַ יצחקן א) אין לאַגער. — ער גייט אין אַ וועסט, ווייל פארלוירן די מאַרינאַרקע (פלאַט). (ב נישט ווערדיקע האַלטונג פון די פוילן פאַרציילט פון ס. די האַנדלונג נאָכן אַריינקומען פון די אשכנזים. — אייך דער אַלטער רב מאיר פּראָפעסאָר ג) גענומען צו דער אַרבעט אין אַ גאָרטן. געפּנער באַברייט, „זי זינט זאָ זויבער". — דו וועסט זען, זאָגט אַ איש־חיל צו אַ ייד בשעת נאַרוועגיע: דער גדול וועט נאָך שלום מאכן מיט די יידן און געווינען די מלחמה. — לעגאַל מוזן מיר זיך וואַרפן אין דער ווייסל, געזאָגט אַ סוחר. מיר קענען זיך נישט האַלטן אָן די אלע פאַראָרדנונגען. אַ נישט קענען מיר גאָרנישט אַרבעטן. — ערב יום־טוב ארויסגעכאַפּט יידן פון די רייען נאָך אונטערשטיצונג צו דער ארבעט. — געבראַכט איין אויסוייז פאַר אליהו הנביא אויף צו גיין נאָך 9 זייגער אויף דער גאַס. ד) — די גאַסן פון וואַרשע באַזונדערס לעשנאָ געוואָרן באַלעבט. די גאַנצע יוגנט אויף דער גאַס. אָן אַ שיל ווערט זי פאַרווילדעט, שלעכט דערציגן. געזען אויף א מאשין געשריבענע אָרגאַן פון השמור „דרור". ה) (מסתמא מע"ץ נומער). איין לייט אַרטיקל אונטערגעשריבן פון שמעון, אין א צווייטער צייטונג פון השמור „נגד הזרם" נר. 3 אַ שיינער לייט ארטיקל: די מלחמה פאַרוואַנדלט מענטשן אין חיות — איז מען געוווינט צו זאָגן: מיר האָבן נישט געוואָלט און מיר ווילן נישט קיין מלחמה און אין ווילדע חיות וועלן מיר זיך נישט פארוואנדלען, מיר זיינען געווען און מיר ווילן בלייבן מענטשן. — אין די לעצטע טעג (נאָכן 20 אפּריל) גייען ארויס די יונגע פליער מיט סעקציינ׳ פון דער קהלה און כאַפּן פון די וווינונגען

---

א) יצחק גיטערמאַן. אויף דער דאַטע פון דעם פראַגמענט האָט אָנגעוויזן יצחק צוקערמאַן — באַמ. פון די אַרויסגעבער.

ב) ווערטערשפּיל: פלאַט אויף פויליש איז — מאַרינאַרקאַ.

ג) פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן.

ד) די דעלעגאציע, וואָס איז געפאָרן קיין קראָקע, האָט געבראַכט א דערלויבעניש צו גיין נאָך 9 א זייגער אָוונט אין גאַס אין די סדר־נעכט (אליהו הנביא).

ה) א טעות. די אונטערערדישע צייטשריפט „דרור" איז געווען דער אָרגאַן פון דער חלוצישער יוגנט־אָרגאַניזאציע דרור. דאַקעגן השמר הצעיר האָט ארויסגעגעבן: „נגד הזרם", „אל על", „אויפברויז" א. א.

ו) וואַרשעווער שמואל ברעסלאַו.

ייִדן. מען זאָגט, אַז זייער ראש איז אַ אָרענטלעכער מענטש, ווייל ער נישט אליין כאַפּן ייִדן. — אַ באַקאַנטער האָט געזען אין יום־טוב (פּסח) ייִדישע סעקציינ אָן בינדעס מיט קעשענעס פול אייער. דאָס האָבן זיי גענומען אויסקייפגעלט פון די ייִדן. מען זאָגט אויך, אַז זיי נעמען לעצטנס „לעפּקעס". ז) מיט איין וואָרט אַ נייע מאָדע ייִדישע כאַפּערס. — נעכטן אין צווייטן טאָג פּסח געכאַפּט ייִדן פון טראַמווייען. איינער אויסגעשפּרינגען, געשאָסן אין דער לופטן. געוואָלט צו קלאַפּ טאָן מיטן כלי־זין, צעבראָכן עס. מען זאָגט, אַז אין גיכן וועט דאָס כאַפּן אויפהערן. עס ווערט רעגולירט ווערן די פראגע פון ייִדישער אַרבעט. — צופאַל אין ווילקיר. פרוי באך [?] געגאנגען וועגן אויסוויז אין די גאַלעען. דאָס ערשטע [מאָל] אָן א פאַרוואָס געהייסן אהיימגיין. דאָס צווייטע [מאָל] געענטפערט, אַז זי זאָל קומען אין א חודש ארום, הגם דאָס דויערט עטלעכע טעג, דאָס דריטע מאָל הלמאי געהייסן קומען אין אַ חודש ארום, דאָס קומען, דאָס איז עכט ייִדיש, אָבער שנעל איז דאָך (!) דייטש, געענטפערט די פרוי „לאָס". געקומען א פערט מאָל, געבראָכן אָן אנדערן אין באַקומען דעם אויסוויז.

אין די פּוילישע בוכהאַנדלונגען בלויז פאַרמאַכט די ענגלישע און פראַנצייזישע אָפּטיילונגען און ייִדישע אינגאַנצן פאַרמאַכט. נאָך לאַנגע איבעררוועגנצן געלונגען צו עפענען. — אין פּאָלקישן באָאָבאַכטער געווען אַן אַרטיקל וועגן דער אויפפירונג פון „יוד זיס", געפאָרן אין בערלין, כדי אינסצעניזירן דאָס בילד. די ייִדן געזונגען „מיר וועלן זיי איבערלעבן". אויף אזא אופן באַרפֿלמירט דאָס ליד אויף אייביק. — אין קאַטשקע, אַז די גאַלעען געדונגען פיר טויזנט ייִדן אלס אינטערהערער אין יעדן הויף. — געזען די אויסגאַבע „דרור" די מלחמה וועט זיך ענדיקן מיט דער מפּלה פון אלע אימפּעריאַליזמען. — געזען א פיינעם פורים נומער אין פּויליש: „געלעכטער דורך טרערן" (שמיעך פּושעז לזי). — מען זאָגט, אַז גלחים גיבן גערן שמד־אַקטן פאַר אַ קליינע סומע, כדי צו פאַרלייכטערן דעם מצב פון די, וואָס ווילן אָנגיין פאַר אַריער. — אין די ערשטע צייטן האָבן אנשי חיל אַראָפּגעריסן די מזוזות פון ייִדישע וווינונגען זיינען היינט דאָס רוב אָן שילדלעך. אויף אַ טיר פון יודנעלטסטן אין וואַרשע געווען אַ קאָפּיע פון אַ באַפרייונגסדאָקומענט אויף דער טיר, אויב זי וועט נישט באַוויזן דעם אָריגינאַל, ווערט זי געשאָסן. — פאַרבראַכט די צוויי טעג סדר־נאַכט ביי שכנאַ פראָימען ח) געווען א אינטערעסאנטע דיסקוסיע איבער דער נקמה איבער די שונאים. ר. יצחק ט) באַוויזן, אַז דאָס וועט נישט פירן קיינמאָל צו קיין טאָלק. דאָס באַזיגטע פאָלק וועט ווידער טראַכטן וועגן נקמה אין אזוי וועט עס אייביק דויערן. מען האָט ארומגערעדט, אַז דער איינציקער אויסוועג איז אַ מאָראַלישער דערהויבונג פון די מענטשן. ר.

ז) פון פוילישׁ: קעפּלער, ד. ה. — זיי כאַפּן מענטשן.

ח) שכנא=אפרים זאנאן.

ט) יצחק גיטערמאַן.

יצחק פֿאַרציילט, אַז בײַ אים אין לאַגער האָט אַ ייִדישער יונגערמאַן צו־
געגנבעט עפּעס. ליַנק געשטימטע געוואָרפֿן זיך איף אים שלאָגן, בלויז
די חברים ישיבהניקעס י) געוואָרפֿן זיך אים ראַטעווען, די מאָראַליטעט
פֿון דער „פֿערטער שטובע". ווי אַזוי עס ענטשטייט דער ראַט פֿון גריפֿן
און פֿעלקער. זיך געשלאָגן אין לאַגער צוליב עטלעכע צענטימעטער ווורשט.
ליב געהאַט בלויז איניקע פֿון דעם צווייטן לאַגער צימער, די איבעריקע —
„שונאים". אין סטאַראַגראַד זיינען געבליבן 7 ייִדישע פֿאַמיליעס. זיי ווויי־
נען אין איין הויף. די אשכנזים אַרבעטער ברענגען זיי עסן און אַלדאָס
גוטס. זיי האָבן רעכט בלויז איין שעה אין אַ וואָך אַרויסצוגיין איינצוקויפֿן
זיך. די ייִדן זיינען באַשעפֿטיקט אַלס טאָגאַרבעטער. זיי ווערן דערפֿאַר באַ־
ליינט פֿון מאַגיסטראַט. די גרעסטע אַנטיסעמיטן געוואָרן די בעסטע פֿריינט
פֿון ר. יצחק, די ייִדישע נקמה: ייִדן זענען שוין אַלץ מוחל. די אשכנזים
זיינען בלויז מענטשן, מער נישט די גאַלעען. — „זשיראַפּע" — „זשי־
דאָווסקאַ ראַדיאָסטאַציאַ פּאַנטאַסטיטשנאַ". כ) — וואָס הערט זיך נייעס?
קראַנק אַליין זיך אַרויסצוטראַכטן. — געשאַפֿן אין וואַרשע אַ פּוילישע גע־
זעלשאַפֿט: „טאָפּור קזשיזש", ל) וואָס האָט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו באַפֿרייע־
דאָס פּוילישע לעבן פֿון ייִדישן איינפֿלוס. — אין די ערשטע טעג, וואָס עס
האָט זיך באַוויזן דאָס נייע געלט, זיך באַוויזן 50 גראָשן פֿאַלשע. מען האָט
זיי געכאַפּט ווי מצה וואַסער. — די מאָדנע בריות: בראָנקע (ענגלאַנד) התו־
נא געהאַט (מפּלה) העלענע (אשכנז), מיר האָבן געטרונקען 40 פֿלעשלעך
ווײַן פֿון דער פֿירמע ספינות נשברות (נאָרוועגישע מלחמה). דער איש
הגדול באַשטעלט בײַ אַ שניידער אַן אַנצוג. איינער האָט געזאָגט, אַז פֿון
דעם שטאָף קען מען האָבן בלויז אַ מאַרינאַרקע, דער צווייטער אַ גאַנצן
אַנצוג, דער ייִד דרייַ אַנציגער — „בײַ זיי איז ער גרויס, בײַ אונדז איז ער
זייער קליין" — וויפֿל בענדער האָט בראָדעצקיס מ) ענציקלאָפּעדיע אין
דער פּוילישער איבערזעצונג? (ווי הויך שטייט דער פֿונט). — אַרויסגע־
געבן אַ באַפֿעל, אַז יעדע פֿרוי מוז האָבן אַ קינד און אַז נישט וועט מען
אַריינזעצן אַ טרויהענדער. — הײַנט אויף דער מאָנד לירות שטראַסע נומ. 4
מומע תמיתה. נ) בועז וויַב רות (רוסלאַנד) האָט זיך צעקריגט מיטן שותּף
און ווילן אים נישט געבן אַפֿילו קיין עסן). (ס)
די מויערן אַרום דעם זויכן־געביט אין וואַרשע רופֿט מען די פּאַרלענ־

---

י) קרימינאַליסטן.
כ) פֿון פּויליש: ייִדישע פֿאַנטאַסטישע ראַדיאָסטאַציע.
ל) פֿון פּויליש: האַק און קרייץ.
מ) פּראָפֿ. זעליק בראָדעצקי (1888 — 1954) פּרעזידענט פֿון וועד־הקהלות און פֿירער פֿון ציוניסטן אין ענגלאַנד.
נ) אַלפֿרעד מאָנד — לאָרד מעלטשעט (1868—1930), ענגלישער שטאַטס־מאַן און איינער פֿון די פֿירער פֿון דער ייִדישער אַגענץ. לירות — פֿונטן, ד. ה. שטיצע פֿון די ענגלישע ייִדן.
ס) קאָנפֿליקט צווישן ר"פּ און דייטשלאַנד.

גערונג פון דער זיגפרידליניע. — לעצטנס גייען אַרום יידישע כאַפּערס (די סעקציינע) פון דער קהלה. זיי שטייען אין דרויסן פאר א טויער, לויפן פלוצים אריין, יידן באַהאַלטן זיך אין די טויערן און דאָרט וואַרטן שומרים. — מיט אַ וואָך צוריק ד. ה. ארום דעם 30־טן אפּריל שטאַרק געכאַפּט צו דער ארבעט. געשלעפּט פון די טראַמווייען, געשלעפּט פון די וווינונגען. — געהערט, וויאזוי עס איז געהרגעט געוואָרן דער וועגראָוער רב ערב יום־כפּור. מען האָט אים געהייסן קערן די גאַסן. דערנאָך געהייסן זאַמלען דאָס מיסט מיטן קאַפּל, בשעת איינבייגן זיך אים געגעבן 3 שטעך מיטן באַגנעט, ווייטער געאַרבעט און בשעת דער ארבעט געשטאָרבן. — יידן טאָר מען נישט פאַרקויפן קיין האָלץ פון די מלוכה־וועלדער. — עס זיינען דאָ יידן מיט לענטעס „ווירטשאַפטלעכך־ווערטפאָלע יידן”. — געכאַפּט אויף אָקענציע 50 יידן. צוואַנציק געהייסן באַגראָבן א געפייגערטע קאַץ, דרייסיק געהייסן זיך אויסדרייען און דערנאָך געהייסן זיכן דעם קבר. די האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, געזוכט עטלעכע שעה כלומרשט און דערנאָך געפינען. די אנשי חיל געלאַכט. אַ צווייט מאָל געקומען, נישט געהאַט וואָס צו טאָן, געשפּילט אַ מעטש, די יידן געווינען 1 : 2. כאַראַקטעריסטיש, אז אנדערש באַציען זיך איינצלנע אשכנזים, מענטשלעך. דער זעלבער וואַכמייסטער אין יצחקס לאַגער געזאָגט אין זאל מיט אנדערע: די יידן זיינען שולדיקע אַ.א.וו. — דעזינפעקציע אין לאַגער: ליזאָל אויפן קאָפּ און ליך [?] אויפן נאַקעטן קערפּער. — דער בריוו קיין טאַלין: דער פעטער עמך ישראל לעבט אין שלעכטע באַדינגונגען. ער ליידט שטאַרק פון זיין זון יעקי, וואָס פירט זיך אויף זייער שלעכט. ער מאַכט סקאַנדאַלן אין גאַס. ער שלעפּט דעם פאָטער אַרום אַ גאַנצן טאָג. ווייכט דאָך, ווי ער האָט זיך איינגעפירט אין דער היים, איצט שטעלט זיך פאָר, איז דאָס הונדערט מאָל ערגער. דער פאָטער וואָלט וועלן וווינען אויפן דרום, מוז ער אָבער וווינען אין דרום [צפון]. — זייער כאַראַקטעריסטיש זיינען צווישנפאַרטייאישע באַציונגען: דער בונדיסט גוס ע) באַדויערט זייער, פאַרוואָס מען האָט פאַרמאַכט דאָס רייזע־ביוראָ און עס איז נישט מעגלעך די עמיגראַציע. — גיב אָפּ א טייל פון גרוס וואָס די וועסט אָפּנעמען אין פרוי [?] לויט דיין אַיינזען (אידישע בריוו). די זעלבע פאָר הענטשקעס בא אַ יידן טייערער, ווייל דער ייד האָט שוין נישט מער קיין רווישטאָף און ער ווייסט, אז ער וועט מער נישט באַקומען, דעריבער מוז ער נעמען אסאַך טייערער ווי דער קריסט. — אין לאָדזש פירט דורך זגערסקאַ אַ וועג דורכן געטאָ, ביידע זייטן וועג ארומגערינגעלט מיט פאַרקאַנעס פון שטעכיק דראָט, כדי די קריסטן, וואָס גייען אדורך, זאָלן זיך נישט טרעפן מיט יידן. קריסטן טאָרן נישט קומען אין געטאָ. — א מאַרק קאָסט דאָרט 4 זל. — אזא קונץ געמאַכט פאַרן פילם: אין יידישן געטאָ אין לאָדזש אויף זגערסקאַ שטייט אין מיטן גאַס אַן אשכנ־

ע) מויריצי אָזשעד.

זישער שומר, אויף בײדע זײטן יידישע שומרים. מען פארהאלט אן אשכנזישן ראש, ווייל ער גייט שלעכט אריבער און מען הייסט יידישע שומרים אים פארהאלטן און דאס ווערט פארפילמירט.

די לאגע איז אין די לעצטע טעג פון אפריל און דעם ערשטן מאי געווען אן אנגעשטרענגטע, מענטשן האבן זיך באוויזן זעלטן אין גאס, יעדנפאלס איז די באוועגונג געווען א קלענערע ווי פריער. די סיבה די ארעסטן ביי דער פוילישער באפעלקערונג, פון גאיעווסקעס צוקערניע אין פוילישער געגנט ארויסגענומען מענטשן. — אין פאוויאק יושבים הונדערט זעכציק יידן, דערפון א פאר און צוואנציק פרויען. — געהערט וועגן פאלן, אז קריסטן טוען אן יידישע בינדעס. — אין יידישן געגנט קארמעליצקא געפארן אויטאס מיט חיל. געשאסן אין די לופטן. — געהערט, אז פון פאזנאנסקיס שפיטאל אין לאדזש ארויסגעפירט די יידישע קראנקע. מען זאגט, נהרגו. — אין ווארשע די שווערע מכה פון פארוואקעס. הויפן וווּ עס ווערן פעסטגעשטעלט שמוץ, ווערט די גאנצע באפעלקערונג געפירט אין באד אריין. מען קויפט זיך אויס ביי די פוילישע דאקטוירים פון דעם ווי אויך פון סאניטארן דינסט. אויף לעשנע צוויי און דרייסיק באצאלט 200 זל. פאר אויסמיידן די פארוואקע. מען שטעלט אונטער מענטשן וואס גייען זיך באדן. פאראן פאמיליעס, וואס לעבן דערפון, וואס זיי גייען זיך באדן פאר אנדערע. אין דעם זעלבן הויף באצאלט 3.000 זל. פאר באפרייען פון שליסן דאס הויז צוליב א טיפוס־פאל. אין די שמוציקע הייף ווערן פארברענט שטרויזעק, קישנס א.א.

געזען די אויסגאבע פון השמור הצעיר „נגד הזרם”, דארט ווערט ארומגערעדט די באציונג צו ראטנפארבאנד. א״י טאר נישט זיין קיין באזע אין קאמף פון ענגלישן אימפעריאליזם. — בילדלעך פון יידישן לעבן אין פוילן, באזונדערס אינטערעסאנט א מנין אין פעלד. יידן פון א קליין שטעטל ארבעטן אין דרויסן ביים רוימען דעם שניי. אן עלטערער ייד דארף זאגן קדיש. ווען ער באמערקט, אז דער זעלבער האט זיך אפגערוקט, דרייט ער זיך אויס מיט די פלייצעס און א מנין יידן זאגט אמן נאכדעם ווי דער זעלבער ייד האט אפגעזאגט קדיש.

געהערט פון דער צייט פון אקטאבער און נאוועמבער, אז ווען יידן האבן געטראגן פון דערוויטנס וואכער, האבן אנשי חיל אויסגעגאסן דאס וואכער. — די קאטוילישע באפעלקערונג דערלויבט יידן צו ברענגען וואסער פון דעם פאוואנזקער בית־עולם. ארויסגעוויזן א ווייטגייענדע טאלעראנץ. — די פסח אקציע האט געהאט א גרויסע מאראלישע באדייטונג: ארויסגערופן גרויס דרך־ארץ מצד דער פוילישער באפעלקערונג, וועלכע האט באוואונדערט די יידישע סאלידאריטעט. — געהערט פון פיר קינסטלער־קלובן. — ר. יצחק שאצט אפ דעם פראצענט צדיקים אשר אצל האשכנזים אויף 95% בסטארגארד.

צווייטער מאי. נעכטן — דאָס יאגעניש. דער שוסטער פון סמאָטשע. דער געוועלבער פון נאָוואָליפקי. די לעגענדע וועגן 50 באַפרייטע. אַז איטאַ האָט געפאָדן אויף טראָטואַרן — — זאמד און וואסער אויף די דעכער — אפטייקלעך — טויזנט אַרויסגעפירט — די גאַסן ווי אָפּגעשטאָרבן. אייערנעכטן צוגענומען דעם אומבאַקאַנטן זעלנער — קיי־נער לייגט נישט קיין בלומען אויף מיצקעוויטש־קבר[319] — און מען נעמט אַריין א פוילישן קאָמיסאר פון אייגענעם ווילן. כדי נישט צו באַקומען א צווייטן (גאלקא). מען הענגט אַרויס בלויז אויף דייטש „אינטער קאָמיסארישער לייטונג״ כדי נושא חן צו זיין. רעדוצירט די בענסיעס פון פאר דער מלחמה כמעט 75% — — נאָוואָדוואָרסקי און אַנדערע אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן זיצן צוליב יידן. גערופן זיי און געפרעגט זייער באַציונג צו יידן. געענטפערט אַז די פראגע איצט נישט אקטועל. יעדער אַדוואָקאַט דאַרף פאר יעדער געריכטס־פאַרהאַנדלונג דערקלערן, אַז ער איז נישט פון נישט אַרישער אָפּשטאַמונג. פלאווסקי, רעקטאָר פון קראָקע, געוויזן די טיר סטודניצקין ביים וועלן שאַפן אַ רעגירונג אין פוילן. געזען אן ערשטן־מאי־אויפרוף פון די רויטע. קעניג כריסטיאן שטייט אויף זעט ער יידן מיט בינדעס רייניקן שניי — דער־ווסט ער זיך, אַז זיי זענען אין דענעמאַרק.

4.V חושך צוליב דער מפלה אין נאָרוו[עגיע]. די שטימונג געפאלן, — אין זגיערזש געהייסן באַצאָלן דער קהלה פארן בענזין, וואָס אונטער־געצונדן די שול. לעשנאָ 52 זיך איינגעשפאַרט, מיר ווילן נישט געבן געלט פאר א פארוווקע. די טאָכטער פון בעל־הבית געגאַנגען צו א פארוווקע. — נאַלעווקי 23 באַצאָלט 7 טויזנט זל. — ריזיקע סומען באַ־צאָלט. געזעץ און לעבן — פאַרבאָט פון פאַרקויפן ברויט און אין אַלע פענצטער ליגט ברויט צו 23 זל. דאָס זעלבע מיט די העכסט־פרייזן, וועלכע ווערן נישט געהאַלטן. זעקסטער מאַי — געהייסן קומען דעם סעקציינער, וואָס האָט שטאט 52 ייד[ישע] אַרבעטער געבראַכט 38 און גענומען באַ־שטעטיקונגען פאר אַלע. געהייסן קומען דעם סעקציינער מיט די 15 און מיט־גענומען צוויי בייטשן.

טענות הלמאי עס אַרבעטן נאָר אָרעמע יידן, רייכע באַקומען באַ־שטעטיקונגען און דרייען זיך אַרויס.

די שטאָטישע פאַפירן שטייען גוט — די מלוכהשע שלעכט. ייד[ישע] פרויען אין קראָקע טאָרן נישט טראָגן קיין אנדולירטע האָר, קורצע ארבל און הויכע קנאפל. א פאראָרדענונג פון דער מאַכט. די ייד[ישע] ראטמיטגלידער זענען געשלאָגן געוואָרן.

319) געמיינט דעם מיצקעוויטש־מאָנומענט אויף קראָקעווער פאָרשטאָט אין וואַרשע.

אין לובלין זענען פֿאַרגעקומען ישיבות 319א. פון איבער 2.000 מענטשן. דעם דריטן מאַי דריי הונדערט נהרגו. „ייד, קום אַרבעטן, אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס!". „איך בין נישט קיין נאַשער".

ארויסגענומען אַלע יידן פון גערטנערס רעסטאָראַן צו אַרבעט. אין גאַס קיינעם נישט געטשעפּעט. אַרומגערינגלט דעם קערצעלאַק און אַלעמען גענומען צו אַרבעט. דאָס זעלבע פון די טראַמווייען. צוגענומען ביי די קריסטנס צו פּאָר קילאָ קעז, די מילך און פּוטער, פֿאַרהאַלטן אויף אַלע וועגן און צוגענומען דאָס זעלבע. — געהערט אַז דורך די פּאָלאַקן ווערן צוזאַמענגעשטעלט רשימות פון פערזאָנען, וואָס אַרבעטן מיט און דינען.

זיבעטער מאַי. איינגעישבנט קאָמיסאַרן. פּוילישע יונגעלייט פון 15 ביז 25 באַהאַלטן זיך אויס אין די וווינונגען. אין קראָקע העֶרשט אַ גרע־סערע מורא אין וו[אַרשע]. מענטשן האָבן מורא אַ וואָרט אויסצורעדן. קאָפּע גערטנער היינט אַן ארישער. עס קומען לויטער יידן. די קעלנער־קעס יידישקעס מוזן מאַכן אַן אנשטעל פון פּאָלקעס. נישט געענטפערט מיר אויף מיין פראגע אין יידיש.

אכטער מאַי. שוידערלעכער טאָג. אין אַלע גאַסן האָט מען אין די נאָכמיטאָג־שעהן געכאַפּט פּאָלאַקן. יידן האָט מען לעגיטימירט, צי זיי זענען נישט קיין קריסטן. פֿאַרהאַלטן טראַמווייען און אַרויסגעשלעפּט אַלעמען אויפן פּאַוויאַק. פון דאַנען, זאָגט מען, קיין פּרייסן. עס זענען געפאָרן צענדליקער אויטאָס קיין דזשעלנע. אַלע ייד[ישע] פריזירער גענומען צום שערן פון די איינגעישבנטע. נישט בלויז יונגע געכאַפּט, נאָר אויך דערוואַקסענע איבער 40.

2—9 מאַי 1940

מיינע ליבע!

צוויי טער מאַי. פאַרן דריטן מאַי האָט זיך געטון אויף די וואַרשע־ווער גאַסן חושך. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ שרעקלעכע יאָגעניש נאָך פּאָלאַקן. לאַסט־אויטאָס מיט באַוואָפנטע זענען געפלויגן אַ הין און צוריק. די גאַסן זענען געווען פּוסט. אויטאָס אַרויפגעפאָרן אויף די טראָטואַרן און געמאַכט אַ פּאַניק. אַ פּאָר יידן פֿאַרוווּנדעט אויף נאָוואָ־ליפּיע, גענשאַ. מען זאָגט, אַז איבערגעטוענע פאַר מענטשן פון די גאַ־לעען אַרויסגעפירט פון דזשעלנע פּופּציק מענטשן 320. אָבער דאָס נאָר אַ קלאַנג. אַלס נקמה זאָל מען האָבן אַרויסגעפירט איבער טויזנט אַרעש־טירטע. מען האָט געזאָלט הייסן באַזאָרגן זיך מיט וואַסער אויף די בוידעמער ווי אויך מיט זאַמד און הויז־אַפּטייקלעך. געהערט וועגן אַ

---

319 א) אַרעסטן.

320) ד. ה. פּאָליאַקן איבערגעטוענע פאַר ס. ס.־מענער האָבן אַרויסגעפירט פון פּאַוויאַק־תפיסה צווישן די גאַסן דזשעלנע און פּאַוויע 50 אַרעסטירטע.

פּוי[לישן] קאָמיסאַר אין אַ ייד[ישער] פירמע (גאַלקאַס) אויסגעהאַנגען אָבער בלויז אַ דייטש שילדל כדי נושא חן צו זיין. די באַאמטן פון דער פּאָסט און אַנדערע רעדוצירט די פאַרמלחמהדיקע פּענסיעס. — נאָוואָדוואָרסקי [321] און אַנדערע אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן זיצן צוליב יידן, מען האָט זיי אַרויסגערופן און געפרעגט וועגן זייער באַציונג צו דער אַריער־פּאַראַגראַף. געענטפערט, אַז די פראַגע איז בשעת דער מלחמה נישט אַקטועל. געהערט, אַז יעדער אַדוואָקאַט דאַרף פאַר יעדער פאַרהאַנדלונג ערקלערן, אַז ער איז נישט פון אַרישער אָפּשטאַמונג.

געהערט, אַז דער רעקטאָר פון קראָקאָווער אוניווערסיטעט געוויזן די טיר סטודניצקין, וועלכער איז געקומען צו אים וועגן גרינדן אַ פּוילישע רעגירונג [322]. געוויזן די טיר און אַלס פּועל־יוצא איינגעשבנט די קראָקאָווער פּראָפעסאָרן [323]. געהערט וועגן פּויל[ישן] מאַלער און שרייבער וויטקעוויטש [324], אַנטלאָפן פון קראָקע קיין לובלין. דערוויסט זיך, אַז די רוסן קומען אָן. אין אַ וואַלד גענומען אַ שטאַרקע דאָזע וועראָנאַל, איבערגעשניטן זיך די אָדערן, כדי צו שטאַרבן אויפן לעצטן שטריפּן פון פּוילישער ערד. געהערט אַ וויץ. דער דענישער קעניג כריסטיאַן שטייט אויף אינדערפרי און זעט דורכן פענסטער, אַז יידן מיט בינדעס רייניקן שניי, וווהראיה די אַשכנזים זענען דאָ אין דענעמאַרק. די שטימונג אין גאַס אַ שווערע צוליב דעם מלחמה־גורל אין נאָרוועגיע. אין זשירדוש געהייסן דעם רב באַצאָלן פאַר דעם בעגזיק, וואָס איז פאַרווענדעט געוואָרן ביים אונטערצינדן די דאָרטיקע שול (געווען אין ווינטער). לעשנאָ 52 זיך איינגעשפּאַרט, מיר וועלן נישט געבן קיין געלט פאַר דער פּאַרוווקע. די טעכטער פון בעל־הבית געגאַנגען אין באָד. נאַלעווקי דריי און צוואַנציק באַצאָלט זיבן טויזנט זל. פאַר דער פּאַרוווקע. ריזיקע סומען ווערן דורך יידישע הייף באַצאָלט. געהערט אַז צוליב סאַניטאַרע טעמים איז דאָס לאָדזער געטאָ פאַרמאַכט געוואָרן [325]. דער יקרות איז לעצטנס שרעקלעך געשטיגן. אַ קילאָ פּוטער קאָסט 45 זל. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אַלע פּראָדוקטן ווערן אין גראָכאָוו און אַנדערע פאָרשטעט

---

[321] אַדוו. נאָוואָדוואָרסקי, געווען דעקאַן פון וואַרשעווער אַדוואָקאַטן־ראַט. געווען אַן אַנטיסעמיט. זע זייט 125.

[322] וולאַדיסלאַוו סטודניצקי (1865 — 1953), עקאָנאָמיסט, ענדעקישער פּאָליטיקער. אין די 30־ער יאָרן פּראָפּאַגירט צוזאַמענאַרבעט מיטן היטלער־דייטשלאַנד. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע אונטערהאַנדלט מיט די דייטשן וועגן שאַפן אַ פּוילישע קוויסלינג־רעגירונג.

[323] דער אַרעסט פון די קראָקעווער פּראָפעסאָרן שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט א. ג. אקציע B — A, וואָס איז געווען געווענדט קעגן דער פּוילישער אינטעליגענץ און ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

[324] סטאַניסלאַוו איגנאַצי וויטקעוויטש (וויטקאַצי) (1885 — 1939), שרייבער, מאָלער, פילאָזאָף. אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַל פון פּוילן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

[325] דאָס לאָדזשער געטאָ איז פאַרמאַכט געוואָרן דעם 1 מאַי 1940.

צוגענומען. א שרעקלעכע לאַגע אין דעם פאַרמאַכטן טייל פון דער קראָכ־מאַלנע גאַס. נעכטן געשטאָרבן דרייצן מענטשן, מיט צוויי טעג 6 און 5 מענטשן. אין א ווענדונג פון פוי[לישן] רויטן קרייץ וועגן ביכער פאַר פוי[לישע] קריגסגעפאַנגענע צום סוף א צושריפט, אז מען האַרף נישט צושיקן קיין ביכער פון קאָמוניסטישן אינהאַלט און ביכער פון ייד[ישע] מחברים. געטעל[326] פאַרדינט פאַר זיין בוך וועגן פאַשיזם, געהאָלפן שאַפן א קיך פאַר פוי[לישע] ליטעראַטן. מען זאָגט, אַז די גאַלעען גיבן צו הונדערט זל. פאַר די פאָלקס־אשכנזים ציווילע, אַנשי־חיל וואָס וועלן ברענגען יידן אָן בינדעס.

דעם ניינטן מאי געהערט וועגן נעכטן, אַז פאָלאַקן האָבן זיך באַהאַלטן אין קירכעס, אין חורבות פון הייזער, אין הייף. מענטשן זענען געשפרונגען פון טראַמווייען. אַרומגערינגלט דעם קאַפע־קלוב[327] און אַרויסגענומען אַלע פון דאָרט. מען זאָגט, אַז אויך יידן האָט מען גענומען, אָבער בלויז געציילטע פאַלן. מען זאָגט, אַז די סיבה זאָל זיין דאָס איינשיכטערן פון די פאָלאַקן אין צוזאַמענהאַנג מיט די ידיעות וועגן דעם באַלקאַן. אין לאָדזש איז די לאַגע א זייער טרויעריקע. מען וואַרט לאַנגע שעהן אויף אַן אָרט אין א קלאָזעט. מען לאָזט נישט אַריינפירן קיין שום פּראָדוקטן אויסער ברויט. אין וו[אַרשע] בויט מען מויערן נאַלעווקי, קראַמי נאַלעווק[אָווסקיע]. אויך פּזשעיאַזד — נאָוואָליפּיע. מען זעט אין דעם אָן אָנהייב פון א געטאָ, וואָס וועט פלוצים אַראָפּפאַלן. אין לובלין טאָרן די יידן נישט אָנצינדן קיין ליכט ביינאַכט. לעצטנס אין א שענק אין ייד[ישער] געגנט נהרג ראש דורך אַ פויל[ישן] באַנדיט, אכט הונדערט יידן איינגעשבנט. דריי שעה געמוזט שטיין מיט די הענט אַרויף. צוויי הונדערט יידן גענומען צו שווערע אַרבעט אין כעלם. בכלל די לאַגע דאָרט א שווערע. מען פּרוווט אַרויסרוקן אומעטום די אוקראַאינער אָנשטאָט די פאָלאַקן. זיי זענען דאָרט קאָמיסאַרן פון ייד[ישע] אונטערנעמונגען. דער רעפערענט אין דיסטריקט רופט זיצונגען, אויף וועלכע עס ווערט אָנגענומען באַשלוסן וועגן אָפּשאַפן ייד[ישע] מאַגאַזינערן, בוכהאַלטערן, אויסער פאַכמענער, אַן וועלכע מען קאָן זיך דערווייל נישט באַגיין. די פויל[ישע] אַרבעטער אין א טייל פאַבריקן (לויט א דערקלערונג פון א פאַבריקאַנט) נעמען זיך שטאַרק נישט איבער מיט דער אַרבעט, פוילענצן. אין וו[אַרש]ע היינט געפירט די ייד[ישע] אַרבעטער פון אַרבעטסבאַטאַליאָן אויסער דער שטאָט, ווו גע־אַרבעט ביי פאַרריכטן דעם שאָסיי. די פאָלאַקן געזאָגט צו א באַקאַנטן אין ראַדאָם, אַז רוזוועלט האָט האָראָוויצן[328] געגעבן געלט און דערמיט גורם געווען די פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די יידן. געהערט וועגן אַן

---

326) פערדינאַנד געטעל (געב. 1890), פוילישער רעאַקציאָנערער שרייבער, אָנהענגער פון פאַשיסטישן רעזשים.

327) קאַפע־קלוב אין וואַרשע, ביי נאָווי־שוויאַט און יעראָזאָלימער אַלעען.

328) רינגעלבלום באַצייכנט אָפּט היטלערן מיטן וואָרט האָראָוויץ.

אשכנזקע — געזען א פילם [329] ווי אַזוי מען האָט איבערגעטראָגן יידן פון [שטאָט] אין לאָדזשער געטאָ. ביי יידן געלעגן פיש, גענדז אויפן טיש. געזאָגט „שטערט אייך נישט” און געוואַרט ביזן פאַרענדיקן דעם מיטאָג, דערנאָך געגעבן אויטאָס אויף איבערפירן די זאכן. עס ווערן צוגענומען אין די שטעט און דערפער די גלחים, אינטעליגענץ, אַפילו אין די דערפער די אָנפירער פון קאָאָפּעראַטיוון. אין לובלין טאָרן די יידן נישט אַרויסגיין פון 6 אינאָוונט און אָנצינדן ליכט פון 8. אין דער פאָרשטאָט וויעניאַווע אַרויסגעטריבן אַלע פרויען און די מענער געהייסן צונעמען אַלע הייזער. נישט געבליבן קיין איין הויז. צוגענומען די סחורות, וואַלוטע און גאָלד, וואָס געווען איינגעמויערט אין די ווענט. די פּייל. — —

9, 13, 16, 21, 27, 28, מאַי 1940

ניינטער מאַי. בשעת די אָבלאַוועס פון די פּאָלאַקן (היינט ווידער פאָרגעקומען אויף נאָווי שוויאַט) האָט מען פאַרהאַלטן צוויי און זיבעציק יידן, אויף דזשעלנע איינגעשבנט. פּוילישע שומרים נעמען ביי די ראָגאַטקעס צו 5 גראָשן פון אַן איי, ווייל זיי מוזן אויך לעבן (די פּרייז פון אַן איי 70 גראָשן). אין לובלין מוזן די יידן אַראָפּנעמען די היט פאַר די אַשכנזישע שומרים. — דער וויציקער בריוו וועגן דעם מצב אין ווין וועגן דער קאָזע, א שאָד וואָס איר זייט נישט דאָ, ווייל איר וואָלט זיך איבערצייגט וועגן דעם אמת וועגן דער קאָזע. מען פאַרשטייט נישט דעם זין פון די מויערן, וועלכע דעקן זיך מיטן געטאָ. מען האָט מורא, אַז אין מאָמענט פון אַרויסגיין, זאָל מען נישט אונטערצינדן דאָס געטאָ. פון מאַגיסטראַט פאָרגעלייגט פאַר כאַבאַר איבערצורוקן די מויער אויף רימאַרסקאַ לויטן ווונטש פון די סוחרים. — שמעתי אשכנזי אחד בא ליהודי בלאדזש, אויפגעוועקט אים ואמר בא ונלכו לבער (לעשן) מהבית־המדרש בלודזש. הלכו, אבל געווען פאַרבאָטן צו דערנענטערן זיך [330]. געהערט, אַז בשעתן כאַפּן פּאָלאַקן, האָט מען א טייל יידן מיט אַרישן אויסזען געהייסן רעדן יידיש אַלס באַווייז. אין אַ פּליטים־פּונקט איז משוגע געוואָרן א קינד פון 8 יאָר. געשריגן: איך וויל גנבענען, איך וויל רויבן, איך וויל עסן, איך וויל זיין א אַשכנז. פאַר הונגער איז אים דערעסן געוואָרן צו זיין א ייד. — געהערט, אַז אשכנזים זענען אַריין אין דער קירך אויף גזשיבאָוו. דער גלח האָט באַרואיקט דעם עולם, אָבער עס איז געוואָרן א גרויסע פּאַניק,

329) לעני ריפענשטאַל, דייטשער רעזשיסער און פילם־אָפּעראַטאָר, פּערזענלעכער פריינד פון היטלערן.

330) עס רעדט זיך דאָ וועגן די שולן אויף קאָשטשושקאָ־ און וואָלבראָמער גאַסן, וואָס די היטלעריסטן האָבן אונטערגעצונדן אין נאָוועמבער 1939 און פאַרגעשטעלט דאָס ווי אַ כלומרשטע שטראָף מצד די פּאָליאַקן דערפאַר, וואָס יידן זאָלן האָבן צעשטערט דעם דענקמאָל פון קאָשטשושקאָ אויפן פּלאַץ וואָלנאָשטשי. דאָס איז געווען איינע פון די צאָלרייכע פּראָוואָקאַציעס פון די אָקופּאַנטן.

דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע טעג צוריק אין דער קירך פון דריי קרייצן, פון וועלכער מען האָט געכאַפּט צו דער אַרבעט. אין אַ פּאַווישעכנער שול געגומען אַלע קינדער און ביי זיי צוואַנגסווייזע גענומען בלוט. געהערט וועגן דעם, אַז די אַשכנזים אין אשכנז האָבן זיך געלאָזט אויסשטעלן באַשטעטיקונגען פון גוטע באַציונגען צו קריגסגעפאַנגענע, איינגענייט עס אין די שיכעלן פאַר דער צוקונפט.

דרייצנטער מאַי. געהערט וועגן דעם, אַז אויפן טעאַטער־פּלאַץ, מאַר־שאַלקאָווסקאַ א. א. האָבן יענע געהייסן די יידן טאַנצן, די פּרומיקע פּאָלאַקן, וואָס האָבן געלאַכט, האָט מען אַריינגענומען אין געשלעג. היינט אַ נייע מאָדע. מען הייסט יידן אַראָפּנעמען די היטלעך, מען וואַרפט אַראָפּ די היט. געהערט, אַז די מויערן (פראַנקס ליניע) בויט מען אויך אויף נאָווי שוויאַט. דאָס זעלבע האָבן פאַר אַ ציל אויפצוהאַלטן אין פאַל פון שטראַסן־אָנפאַלן.

האַראַוויץ קומט אויף יענער וועלט, זעט ער אין גן־עדן קריסטוסן. „הא, וואָס טוט דאָ אַ ייד אָן אַן אַרעמבאַנד?“ — „לאָז צורו — ענטפערט אים דער הייליקער פּעטער — דאָס איז דער זון פון בעל־הבית“. געהערט, אַז אין ביאַליסטאָק זאָלן העגגען פּלאַקאַטן, וו סטאַלין דריקט ה. [331] ביים קאַרק און פון מויל פאַלן אַרויס טשעכאָסלאָוואַקיי, עסטרייך א. א.

זעכצנטער מאַי. די נצחונות אויפן מערב־פראָנט האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ שרעקלעכע מרה־שחורה האָט באַהערשט דעם עולם. איך קען אַ דר״ין, וואָס האָט זיך צעגעגרייט אַ פלעשל סם אויסצו־טרינקען אין פאַל פון נצחון. דער עולם טייטשט אויס דעם נצחון מיט דעם פאַקט, אַז אַעראָפּלאַנען, וואָס פאַלן אַראָפּ ווערן פאַרוואַנדלט אין טאַנקס. אַנדערע דערציילן, אַז זיי שיסן אַ באָמבע פון געדיכטער לופט, וואָס רינגלט אַרום די לופט־דעסאַנטן, אַזוי אַז זיי זענען ווי מלאכים, וועלכע עס רירט נישט אָן קיין שום קויל. עס פאַרשפרייטן זיך פאַרשידענע קלאַנגען וועגן אַ פּוילישער דעלעגאַציע אין מאָסקווע, וועגן גרינגס אַ רעדע, אַז מיר האָבן נישט קיין מזל צו אונדזערע פאַרבינדעטע און אויב אפילו רוסלאַנד וועט נישט האַלטן דעם אָפּמאַך, וועלן מיר אַרויס זיגער הגם אַליין. געהערט וועגן אַ תקיף אין וולאָדאַווע, וואָס באַשטייערט אַ ייד, וואָס פאַרמאָגט אַ צוואַנציק טויזנט גילדן, מיט טויזנט גילדן אַ חודש אַז די וואָס הערן נישט, ווערן אַריינגעזעצט אין תפיסה. אויף דער פראַגע, וואָס זאָל מען טאָן, אז ער האָט נישט, געענטפערט — טאָ וועט ער פון אונדז באַקומען אונטערשטיצונג. געהערט אז אין ראַדאָם איז ביי דער קהלה איינגעאָרדנט געוואָרן אַ בוררות־געריכט, צו וועלכן עס ווענדן זיך יידן, שטאָט אין מלוכהשע געריכטן. בוררים קענען זיי יידן עלטעסטע, דער סעקרעטאַר קען זיין יוריסט. די הכנסות דעקן די אויסגאַבן, ווי אויך אַ געוויסע הכנסה פאַר דער קהלה. געהערט, אַז פּוילישע פּריצים האָבן

---

331) היטלער.

זיך געוואַנדן וועגן אַרבעטס־הענט, דאָס א וויכטיק פּראָבלעם, ווייל אויב יידן וועלן גיין אַרבעטן, וועט מען אַרויסשיקן גרעסערע מאַסן פּאָ־לאקן צו אַרבעט אין פּרייסן.

אינהאַלט פון אַ בריוו: דער פּעטער בשר קומט נישט אַריין צי אונדז, דאָס זעלבע מיטן שכן חמאה — — יידישע אונטערנעמונגען אין וו[אַרשע]. באַקומען פון ארבעטס־אמט אן אויפפאָדערונג אָפּצוזאָגן ייד[ישע] אָנגעשטעלטע און אויף זייער אָרט נעמען אשכנזים, אָדער פּאָלאַקן.

דעם איין און צוואנציקסטן מאי. אָנגעקומען א טרויעריקע ידיעה, אז אין קראָקע האָט מען געהייסן די יידן צו פאַרלאָזן די שטאָט ביזן 15 אויגוסט [332]. די וואָס וועלן פרייוויליק פאַרלאָזן די שטאָט וועלן קאָנען אַלץ מיט זיך מיטנעמען. עס דאַרפן ארויספאָרן צו 5000 א חודש. עס קאָן בלייבן בלויז 10.000. אָנגעקומען א ידיעה פון שלעזיע, אַז דאָרט איז ווידער אקטועל דער גירוש פון הונדערטע פערציק טויזנט יידן. אין דער קהלה האָט מען יענע וואָך געגעבן צוואנציק שמיץ דעם לייטער פון דעם אַרבעטסבאַטאַליאָן אַדוו. גאָלדפייל, דערפאר ווייל ער האָט נישט צוגע־שטעלט די אַנטשפּרעכנדע צאָל אַרבעטער. געהערט, אַז צוויי יידן געקומען אין קהלה און געוויזן ברוין און בלויע צייכנס אויפן קערפּער, געשלאָגן בשעת דער אַרבעט אין די דינאַסן. אין דער קהלה רעדט מען וועגן באַשטייערן די ברויט־קאַרטן מיט צוויי זל. דאָס וועט אָנרירן קודם כל די אָרעמסטע, וועלכע וועלן נישט זיין אימשטאַנד אויסצוקויפן די ברויט־קאַרטן. מען האָט לעצטנס פארקלענערט די ברויט־ראַציע פון די יידן אויף א העלפט, פון 500 אויף 250 גראַם, בשעת די קריסטן[333] באַקומען 750 גראַם. די יידן באַקומען נישט צוקער, בשעת די קריסטן באַקומען. דער דאָלאַר איז לעצטנס געפאלן, ער האַלט איבער 90 זל. אין רוסלאַנד 60 זל. אין טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצקי טאָרן די יידן לענגער נישט גיין אין שטאָט ווי פון 8 ביז 12 פאַרמיטאָג. די סיבה, כדי די אשכנזים, וואָס גייען אויפן פראָנט, זאָלן נישט מוזן זען קיין יידן. אין טשענסטאָכאָוו אַרבעטן טויזנטער יידן אויסער דער שטאָט ביי שאָסייען. אין הרוביעשאָוו אַר־בעטן יידן זייער שווער אויסער דער שטאָט. בלויז איין מאָל אין וואָך מעגן זיי קומען אין שטאָט אויף אָפּרו, זיי באַקומען דערפאר עסן. דאָס פארמויערן פּשעיאַזד — באָוואָליפּיע האָט געשאַפן אן אוממעגלעכע לאַגע אויף קאַר־מעליצקא. דאָרט איז שרעקלעך ענג, א ריזיקע באַוועגונג. די פערמע ביי טשענסטאָכאָוו איז צוגענומען געוואָרן און פארוואנדלט געוואָרן אין א

---

[332]) די אויסזידלונג פון די יידן אין קראָקע איז דורכגעפירט געוואָרן לויט דער פאַראָרדענונג פון אַפּריל 1940. פון מאי ביז סעפּטעמבער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן 35.000 יידן. מיט דער אויסזידלונג האָט אָנגעפירט דער שטאָט־קאָמיסאר, אָבער־שטורמבאנפירער רודאָלף פּאַוולו.

[333]) געמיינט די פּאָליאַקן.

ספּאָרט־פּלאַץ. געהערט, אַז צוגענומען ביי א ייִדענע סחורה, נאָכגעלאָפן איבערן גאַס און געשריגן בקול רם „גנבו!“. געהערט וועגן א ייִנגל, ביי וועלכן מען האָט צוגענומען די סחורה, אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געשריגן. אין א געוועלב מיט לעמפּלעך איינער באַהאַלטן אין קעשענע 2 לעמפּלעך אַריינגעשטעקט, די ייִדענע אַריינגעשטעלט די האַנט אין קעשענע און געזאָגט: „ביי אונדז שטאָלט מען נישט, אין אונדזער לאַנד איז אַנדערש“. געהערט, אַז אין קראָקע פירט די ייד[ישע] קהלה אונטערהאַנדלונגען און אַז מען איז שוין מסכים, אַז דרייסיק טויזנט יידן זאָלן פאַרבלייבן דאָרט. מען זאָגט, אז שולדיק איז די קהלה, ווייל זי האָט כסדר גערעדט וועגן דער צו גרויסער צאָל פליטים אין קראָקע. מען כאַפּט יידן צו אַרבעט קיין מאַלקין צו גראָבן דאָרט אָקאָפּעס.

געהערט היינט דעם זיבן און צוואנציקסטן פאָלגענדע מעשה: אויף שוויענטאָיערסקא 11 געדאַרפט אויפשטעלן א מויער, האָט מען געענדיקט, האָט מען אָפּגערוקט אויף 13, דאָרט געענדיקט און ווייטער אָפּגערוקט. דאָס זעלבע טוט מען אין אַנדערע געגנטן, ווי למשל: נאַלעווקי, נאָוואָליפּקי, וווּ ביז היינט נישטאָ קיין מויער, ווייל געענדיקט. א הויז אויף מוראַנאָווסקא געווען 15 פאַלן פון טיפוס, דאָס הויז ווערט נישט פאַרמאַכט, ווייל מען נתנט דעם דאָקטאָר אַ חודש 800 זל. ווען די מלחמה וואָלט דויערן צוויי לאַנג, ווי לאַנג די יידן קאָנען אויסהאַלטן, וואָלט געווען שלעכט, ווייל די יידן קאָנען אויסהאַלטן לענגער ווי די מלחמה קאָן דויערן.

28 מאַי. געהערט זייער טרויעריקע ידיעות פון לאָדזש, דאָרט איז מען בלויז אויף ברויט און וואַסער. מען קען נישט אַרויספאָרן. פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ דראָט טויט־שטראָף. די ילדים פון רקיס[334] גימנאַזיע פון 7־טן און 8־טן קלאַס גענומען צו אַרבעט פון דער שול. געטראָפן אויף געזעצע, אז מען האָט צעשלאָגן א פאָלקסאשכנז, איינגעשבנט עטלעכע צענדליקער יידן. אין לאָדזש שמוגלט מען זיך אַרויס פון שטאָט אויף אַזאַ אופן, אַז מען טראָגט אַרויס אין דער מיטה. די יידן מעגן באַגלייטן ביז צו די טויערן פון געטאָ. שרעקלעכע באַדינגונגען אין לאָדזש. לאַנגע רייען ביי די קלאָזעטן, ענגשאַפט, מען לאָזט נישט צו קיין פעקלעך, נאָר בריוו. דאָס אַריבערפירן פון א מענטשן קאָסט א 1.600 און מער זל. עס שטאַרבן א טאָג 60 יידן. עס וווינען נאָך אין ל[אָדזש] צוויי הונדערט טויזנט. עס זענען נאָך דאָ יידן אין קאַליש, די וואָס זענען געבליבן אין די האַלעס.

14, 16, 20, 22 אויגוסט 1940

14/8. דאָס צושטעלן יידן צו דער וואַנט אַלס צוציונגס־מיטל. מען זאָגט, אַז פּאָלאַקן געוואָלט אונטערצינדן דעם צירק פון בוש. כאַפּערייַ — יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן. 1.200 — 500 זיך געמאָלדן פרייוויליק.

[334]) רומקאָווסקי.

ר׳ מאיר[335]. נחמו, נחמו עמי הארצרייסענדע רעדע וועגן קעגנזייטיקער הילף און אונטערשטיצונג. 160 יאנואריקע נהרגו, 95 לעבן. רשימה פון דער קהלה.

די אַסיפות שטאַרקן, וועגן די רדיפות פון די יידן אין די אמאָליקע צייטן — די אַלטע פּאסוסן — —.

מיר נעמען אויף מיט שטאָלץ די לאָזונג „יודען פיר יודען" די קורצע — 1500 פּאר נישט שלאָגן אויף די דינאסן.

פּארבאָטן צו וווינען וויעיסקאַ, נא סקארפּיע, קסיאָנזשענצא[336], ביזן 16 איבערציען זיך אָן מעבל טשערניאקאָוו, סאָלעץ — גרויס אָרעמקייט. זעכצענטער אַבטער. דער דאָלאַר איז געשטיגן. מען זאָגט, אַז דאָס זאָל זיין אַ רעזולטאַט פון דער מפּלה פון די אשכנזים אין ענגלאַנד. דער דאָלאַר האַלט איבער 50. געשטאַנען 35. שוידערלעכע קינדער בעטלעריי אויף די גאַסן, אַז מען גייט אַדורך לעשנאָ, קען מען אויף יעדע 10—20 מעטער אָנטרעפן אויף אָפּגעשליסענע 8—9 יעריקע קינדער, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, וואָס שטרעקן אויס די הענט נאָך אַ גראָשן. אַ סך קינדער זינגען און שפּילן אין די גאַסן. אַסך קינדער האַנדלען מיט בייגל, פּאַפּיעראָסן, ברויט, גאַנצע באַנדעס בעזפּריזאָרנע, קאָנצענטרירן זיך לעבן פּאַרוויילונגס לאָקאַלן.

דעם 15 און 16 עקסצעסן אין פּראַגע, געראַבעוועט פּאָלאַקן ייד[ישע] געוועלבער. די סיבה אַ געשלעג צווישן אַ ייד[ישן] פליישער און אַ קריסט. יענע געהאָלפן אין דער ארבעט. א גרויסע באאומרואיקונג אין די לעצטע טעג (20־טער אויגוסט) צוליב די באַשטימונגען וועגן אַ יידישן שטאָטטייל. די ייד[ישע] באַפעלקערונג זעט אין דעם אַ געטאָ. מען וואַרפט אַרויס פון גאַנצע הייזער אויף קאָשיקאָוואַ, האָזשע, און מאַרשאַלקאָווסקע. מען לאָזט נישט אַרויסנעמען קיין שטובזאַכן, אַ פּאַסעק אויף וווינונגען 150 זל. אַ צימער. גענומען 1200 צו די אַרבעטסלאַגערן אין לובלינער קאַנט. געפּאָרן נאַקעטע, באָרוועסע. מען זאָגט: דאָרט נישט גוט. מען דערלויבט נישט אַראָפּצורייסן די פּיאַווקעס פון די פיס. געשלאָגן דערפאַר.[337] משפט פון ר. זיסקינד וועגן די צוגענומענע זאַכן.

אין קראָקע געענדערט די פריערדיקע רעפערענטן פאַר יידן. פראַגע: צו ד״ר ארדלט, זיבערט א.א. מען זאָגט, אַז עס גייט אַ שלעכטער קורס. דער אָנהייב די רעדע פון ד״ר פראַנק מיט עטלעכע טעג, אַז די יידן מוזן אַוועק פון אייראָפּע און דער גירוש קראָקע [איז] אַן אָנהייב דערפון.

די קהלה וועט דאַרפן אין משך פון 2 חדשים צושטעלן 5.000[338] יונגע

335) מאיר באַלאַבאַן?

336) גאַסן אין צענטער פון וואַרשע.

337) די יידן האָבן געאַרבעט אין זומפּן (ביי מעליאָראַציע־אַרבעטן), אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען פיל פּיאַווקעס.

338) לויט די פאַראַנענע דאָקומענטן האָט די צאָל אַרויסגעשיקטע פון וואַרשע און געגנט אין די לובלינער לאַגערן באַטראָפן אַן ערך 5000 נפשות.

מענטשן. כאַראַקטעריסטיש, אַז 500 זיך געמאָלדן פרייוויליק, אַנדערע זאָגן וועגן 2.000 פרייוויליקע, גענומען אַנדערע כדי צו באַפרייען פאר געלט אין פאַרשיידענע פאָרמען. נישט אויסגעפאָרשט, צי עס שטימט.

צוויי און צוואַנציקסטער אויגוסט. דערשינען אַן ענדעקיש בלעטל, אין וועלכן מען שרייבט: יידן שלאָגט (ביטש) מען, פּאָלאַקן הרגעט (זאַביטש), יידן גיט מען עטלעכע טעג אויף איבערציען זיך, פּאָלאַקן עטלעכע שעה אין פוילן. יידן זעצט מען [איין], אָבער פּאָלאַקן שיסט מען. מיר גראַטולירן אייך אייערע נייע פאַרבינדעטע.

געהערט אַז אין לובלין האָט מען צו צוואַנגסאַרבעט גענומען אויך די פאָרשטייער פון דער ייד[ישער] קהלה, אָבער איצט שוין צוריקגעקומען. איינער אַן אַדוואָקאַט פון דעם באַדראָטן אין וואַרשע געביט גייט אין אַ נייעם אַנצוג אויף יעדן פאַל, טאָמער וועט מען באַזייטיקן פון דאָרט יידן. אַ ראש פאַרהאַלטן אַ ייד אויף מאַרשאַלקאָווסקא, געהייסן פוצן די שטיוול און דערביי פאָטאָגראַפירט. די לעצטע מאָדע. געכאַפט יידן אין טראַמווייז און געפירט צו דער אַרבעט. באַנייט דאָס צונעמען מעבל און אַנדערע זאַכן. תמיד ייד[ישע] מוסרים דערביי דער רוב אשכנזישע יידן. — און שכורין זויף טלאָמאַצקע — יידישע רעוויע. — —

25, 28 אויגוסט 1940

פינף און צוואַנציקסטער אויגוסט

צוויי שנויים. באַרבאַל געוואָרן אין ווין אַן אַנטיסעמיט [339] צוליב דעם, ווייל דער ייד[ישער] פאַבריקאַנט, ביי וועלכן ער האָט אויף ראַטעס געקויפט צוויי קינאָ־אַפּאַראַטן (וואַנדערנדיקע) און זיי פאַרלוירן, ווייל בשעתן קריזיס אין יאָר 1923 נישט געקענט באַצאָלן די ראַטע. דער הונגער ביי אים געוואָרן זייער גרויס. ער פלעגט דאָס ברויט באַהאַלטן זייער הויך אויף דער שאַפע. אין ייִנגל אויף אַ וווּנדערבאַרן אופן אַרויפגעקראָכן אויף דער שאַפע און דאָרט גענומען ברויט. דאָס קען ער נישט פאַרגעסן די יידן. דעמלט וֹוּרײַן אין דער פאַרטיי. איצט באַקענט זיך מיט דער פערמע אין גראָכאָוו, דאָרט קענען געלערנט יידן. פול מיט אַנטציקונג פאַר אַרבעט. דאָרט פילט ער זיך גוט. דאָרט איז דער איינציקער פונקט, ווו ער האָט פאַרגעניגן. ער קען די חברה ביי די נעמען.

שרעמף [340] געקומען קיין גראָכוו. ער פאָרט באַזונדער, און דער ייד־

339 מעגלעך, אַז רינגעלבלום מיינט דאָ באַלענבאַכן, וואָס איז געווען רעפערענט פאַר לאַנדווירטשאַפט אין וואַרשע. געווען באַקאַנט פון זיין גוטער באַציונג צו דער יידישער פערמע אין גראָכאָוו.

340) ד"ר שרעמף, לייטער פון דער אָפּטיילונג „געזונטהייטסוועזן און געזונטהייט־פּאָליציי" ביים שטאָט־פּרעזידענט אין וואַרשע.

[ישער] דאָקטאָר, וואָס באַגלייט אים, פאָרט אויך באַזונדער. ער רעדט נישט צו יידן, נאָר ווייזט מיטן פינגער, מען זאָל אויפהויבן דעם טאָפּ צו זען, צי איז דער טאָפּ פון הינטן ריין.

פון לאָדזש געקומען אַ ידיעה, אַז מערין זאָל ווערן דער אויבערהאַר איבער דעם לאָדזשער געטאָ. געהערט, אַז אין קראָקע קויפט מען זיך אויס פון גירוש. מען באַצאָלט אין דער קהלה שיינע טויזנטער, אַלפאָנסן און ענלעכע טיפן בלייבן, אויסער בעלי־מלאכות א. א. עס איז איין אַן אומלעגאַלן ענדעקישן בלעטל געווען געשריבן, אַז יידן ווערן פּריווילעגירט. יידן שלאָגט מען (ביטש), פּאָלאַקן שיסט מען (זאביטש), יידן כאַפּט מען, פּאָלאַקן כאַרשיקט מען. מיר גראַטולירן אייך אייערע נייע פאַרבינדעטע.[341] (יידן פון קראָקע האָט מען אַרויסגעשיקט אין משך פון עטלעכע וואָכן, פּאָלאַקן אין משך פון עטלעכע שעה).

געהערט, אַז מען האָט נאָכן איינגעמען פויזן באַזייטיקט יידן פון דאָרט, האָט די פויל[ישע] באַפעלקערונג באַגלייט באַזונדערס די זקנים מיט טרערן אין די אויגן. אין לאָדזש, פאַרקערט, האָט מען בשעתן טרייבן אין געטאָ נישט געזען קיין שום מיטלייד פון דער פויל[ישער] באַפעלקערונג.[342] עס מערן זיך אַלץ די פאַלן פון שלאָגן פאַר נישט אַראָפּנעמען די היט פאַר מונדירטע. ביים פּאַלאַץ בלאַנק פאַרהאַלט מען יידן און מען הייסט זיי מאַכן עטלעכע צענדליק פשיסיאַדעס,[343] איינעם ווידער געהייסן שפּרינגען הונדערט מאָל איבער דעם קאַזיאָל.

אין די לעצטע טעג (אַכט און צוואַנציקסטער אויגוסט) אויסווייזונגען אין משך פון אַ האַלבער שעה פון די פוי[לישע] גאַסן (ווילטשע, קאַראָל־קאָוואַ א.א.). צוגענומען בעכטן ביי אַלע ייד[ישע] דאָראָזשקאַזשעס די ליצענצן — מעלדונג פון דער קהלה, אַז אַלע פון 18 ביז 35 מוזן זיין גרייט צו די אַרבעטסלאַגערן, יעדע מינוט קענען זיי באַקומען אַן אויפפאָדערונג צו מעלדן זיך. די מענטשן ווערן געפּאַרשט דורך דער דאָקטוירים־קאָמיסיע. פון סאָכאַטשעוו געבראַכט 143 יידן, נאָר אָנגענומען 100, די איבעריקע שוואַכע. אַ מוטער פון אַ נהרג פון יאַנואַר געשלאָגן אַן אשכנז אין גאַס און געסמט זיך. — רוסיק [344] מאַכט ביזנעס. ער וויל אַראָפּברענגען מענטשן פאַרשיקטע אין טיף רוסלאַנד. פרווון פּרווט ער. געקומען פון מענדעלסאָנס שטאָט. רוסיק פאַרציילט, אַז פערציק טויזנט יידן אַרבעטן אין פאַבריקן של מלחמה. יידן מעגן קויפן צווישן 4—5. אַ גדול פון רעקלאַמע [345] זאָל

341) אַן איבערחזרונג פון פריערדיקער כאַטיץ.

342) די סיבה פון דער שלעכטער באַציונג צו יידן דאַרף מען קודם־כל זוכן אין באַפעלקערונגס־צוזאַמענשטעל פון לאָדזש. אַ גאָר גרויסן פּראָצענט האָבן געבילדעט פאָלקס־דייטשן.

343) פּאַלאַץ בלאַנקאַ האָט זיך געפינען אויף סענאַטאָרסקאַ־גאַס 12.

344) אַדוו. סוריק. זע הערה 311.

345) געבעלס?

האָבן געזאָגט, אַז אויב יענע וועלן געווינען, וועט די יידן־פראַגע זיין געלייזט אין 3 חדשים, אויב פאַרשפּילן — אין איין שעה.

6, 7, 8, 9 סעפּטעמבער 1940

געהערט אין חודש סעפּטעמבער בילדער ווי אַזוי עמך לאָזט זיך נישט בויגן, נאָר האַרט אויף זיינע פּאָזיציעס. אויף וויעלאָפּאָליע האָט מען דערלויבט אויפשטעלן צוריק די האַלעס סיי יידן און קריסטן. די לעצטע זענען אָבער נישט געווען צופרידן דערפון, וואָס אַ טייל האַלעס איז געווען אין פּראַנט. זיי האָבן דעריבער אָפּגעשטופּט די יידן אויף הינטן. אָבער אינגיכן האָט זיך דער גאַנצער האַנדל אַריבערגעטראָגן אויף הינטן. און 120 קריסטלעכע קראָמען זענען פאַרמאַכט געוואָרן. יענע האָבן אָנגעהויבן נעמען נקמה, אָבער די יידן געפאַלן אויף אַ המצאה, געדונגען אַ שומר־אשכנז, וואָס באַקומט 150 זל. שכירות אַ וואָך און קומט צוויי מאָל אין טאָג. ערשט איצט שלום ושלוה.

ווי אַזוי יידן האַנדלען דאָרט מיט מאַנופאַקטור: דער לאָדן איז אַ האַלב ליידיקער, אין שכנות שטייען צוויי שותפים, וואָס האַלטן אונטער דער פאָלע סחורה. ווען עס קומט אַ קונה, דערנענטערט ער זיך.

דער יידן[ישער] עולם אַרבעט איצט אין שטובן. מען אַרבעט אויס ווייניקער, אָבער מען פאַרדינט מערער. למשל ביים אויסאַרבעטן אַ סוועטער, פאַרדינט מען אַ 30 זל. די שטימונג איז לעצטנס אַ בעסערע. דער ייד[ישער] עולם גלויבט, אַז צוליב די לעצטע [באָמבאַרדירונגען] פון אשכנזישע שטעט וועט אין אַ 2—3 חדשים די מלחמה זיך ענדיקן. מען חזרט כסדר איבער די מעשה וועגן נייע שלום־פאָרשלאָגן דורך דער פאַרמיטלונג פון שוועדן, פויפּסט א.א.

פון די אַרבעטסלאַגערן קען מען זיך אָפּיציעל אויסקויפן פאַר 10—25 זל. אויף באַקליידונג פאַר זיין אָרעמאַן. פאַקטיש גייען בלויז אָרעמע. מען זאָגט, אַז ביי אַ מאַכער קאָסט דאָס ביליקער. די גרוסן טרויעריקע פון די לאַגערן, אמערגסטן אין בעלזשיץ.[346] פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן ווערן רעגולירט מיט אַ זייגער. יעדע שעה קענען 12 מענטשן אַרויסגיין. געווען פאַלן פון שיסן פון שוואַכע. געשען מיט אַן אַלטן איבער 60־יאָריקן זקן. פון 600 זענען אין יוזעפּוו 400 קראַנק געוואָרן אויף טשערוואָנקע. קראַנקערהייט זיי אַוועקגעשיקט. יונגע בחורים פון 13—14 יאָר ווערן צוריקגעשיקט אָן פּאַפּירן, אָן אַ בילעט אויפן וועג. זיי גייען צופוס ביז צו דער נאָענטסטער קהלה. עס זענען נישטאָ קיין געהעריקע צאָל בעקערייען. עס פעלט קיך־געשיר, קעסלען, עס קומט אויס צו עסן זייער שפּעט, ווייל די ריי אַ לאַנגע. דאָס עסן איז שוין קאַלט און נישט אַלע באַווייזן צו עסן. עס

346) אַט דער אַרבעטס־לאַגער האָט זיך געפונען אין Bełżyce. מען דאַרף נישט פאַרביטן מיטן טויט־לאַגער אין בעלזשעץ.

מאַכן דערביי די אשכנזישע שומרים ריזיקע געשעפטן, ווייל זיי באַקומען דאָך געלט פאַר דער אַרבעט. די שרעקלעכע גרוסן פון די לאַגערן האָבן גורם געווען, אַז די איינבאַרופענע מעלדן זיך נישט. עס איז דעריבער שוין פאָרגעקומען אַ פאַל פון כאַפן 63 יידן אויף פראַגע, פון וועלכע 13 זענען דורך דער מעדיצינישער קאָמיסיע אָנערקענט געוואָרן פאַר טויגלעכע, אַזוי ווי אין די ערשטע טעג האָט מען גענומען בלויז בחורים, זענען לעצטנס פאָרגעקומען אַ סך התונות.

לעצטנס געהערט, אַז עס זענען פאַראַן איבער 600 מנינים אויף די הייף. געקומען היינט דעם 6 סעפט[עמבער] רומקאָווסקי פון לאָדזש, ווו מען רופט אים „קרול חיים",[347] אַ זקן פון אַ 70 יאָר, אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע אַמביציעס און אַ ביסל אַ צעדרייטער. ער האָט פאַרציילט נסים וועגן געטאָ. עס איז דאָרט אַ ייד[ישע] מלוכה מיט 400 פאָליציי, מיט 3 תפיסות. ער האָט אַן אויסערן־מיניסטעריום און אַלע אַנדערע מיניסטעריומס. אויף דער פראַגע: פאַרוואָס אויב עס איז אַזוי גוט, איז אַזוי שלעכט, פאַרוואָס אַזוי גרויס די שטערבלעכקייט, האָט ער נישט געענטפערט. ער באַטראַכט זיך פאַר אַ גאָט געזאַלבטן.

געהערט וועגן דעם באַרימטן שולץ אויף די דינאַסן. געהייסן אַ ייד זיך אויסצוטוען, זיך איינעם פון די שטעקנס, וואָס האָבן דאָרט געהענגט און דערנאָך אים געשלאָגן אָבער מיט אַ גראָבערן שטעקן. מען רייניקט דאָרט אַוטאָס אין פירט איבער בענזין, ער פאָרט מיט אַן אָפענעם אַוטאָ און כאַפט צו 2 יידן. יעדער ווערט מכבד מיט אַ שטעקן. ווען די קהלה איז פאַרגעלייגט, אַז זי וועט אים געבן יעדן טאָג מענטשן, געענטפערט, אַז עס געפעלן אים נישט די צופעגעריסענע יידן, נאָר ער זוכט דווקא גוט געקליידעטע. איבעריקנס קען ער זיך נישט אָפזאָגן פון פאַרגעניגן פון כאַפן יידן. אין טשענסטאָכאָוו האָט מען געכאַפט יידן צו די אַרבעטסלאַגערן, אַ גרעסערע צאָל אַנטלאָפן, איבער 10 באַצאָלט מיטן לעבן. עס מערן זיך לעצטנס דאָס באַזייטיקן יידן פון דירות פון איינצלנע הייזער, מען גיט אַ האַלבע שעה צייט צום אַרויסטראָגן די זאַכן. אין איין וווינונג געהייסן אין דער האַלבער שעה איבערציען דאָס בעטגעוואַנט שטאָט צו פאַקן זיך. די מעבל און בעטגעוואַנט טיילמאָל מוזן בלייבן. מען מאַכט שוין דערביי געשעפטן, ווייל מען קומט אַפילו אין ייד[ישן] קוואַרטאַל און מען הייסט זיך כלומרשט אַרויסציען. פאַרן פרייז פון געלט לאָזט מען בלייבן אין די וווינונגען. יידן זיצן דאָרט פאַרפאַקט. דאָס שאַפט זייער אַ שלעכטע שטימונג אין גאַס. געהערט, אַז אין אַ שטעטל האָט מען צונויפגענומען אַלע האָרבן און נהרגו. יידן גייען אַלץ זעלטענער אין לאַנגע קאַפאָטעס. עס מערן זיך אויסוווּרפן. געקומען צו אַ סוחר, איינגעשיבנט, אין אַ פאָר טעג געקומען ייד[ישע] מעקלערס און באַפרייט פאַר עטלעכע טויזנט זל.

---

[347] קרול — קעניג. געמיינט מרדכי־חיים רומקאָווסקי.

דער ערשטער סעפּט[עמבער] אַדורך רואיק. די פּאָלאַקן האָבן אַרויסגעגעבן אומלעגאַלע אויפרופן. פּ.פּ.ס.[348] האָט געפאָדערט אַ צוויי־שעהדיקן שטרייק דורך זיצן אין דער היים, די נ. ד.[349] אַ גאַנצן טאָג. אין די פּוילישע גאַסן כמעט קיינער נישט געווען אויף די גאַסן. געווען פּוסט. אין די ייד[ישע] אַ קליינע באַוועגונג. אויף לעשנאָ זענען אַדורכגעגאַנגען עטלעכע צענדליק פּויל[ישע] יונגעלייט, אין די קלאַפּעס געהאַט פון איין זייט: אַ ווייס־רויטן זשעטאָן, אויף דער צווייטער זייט אַן אויפשריפט „ניעך זשיע פּאָלסקאַ"[350] ווען עס איז אַדורכגעפאָרן אַן אַוטאָ, אויפגעהויבן די קאָלנערס און פאַרדעקט די קלאַפּעס. דער ווונטש, זאָגט מען: „זשעבי אַמעריקאַ דאָטשימאַלאַ, אַנגליאַ פּשעטשימאַלאַ, אַ מי וויטשימאַלי".[351]

די אַפּערע מיט די אַרבעטסלאַגערן קלערט זיך אַלץ מער אויף. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אַשכנזישע פירמע, וואָס האָט זיך אונטערגענומען די אַרבעטן, באַקומט 2 זל. אַ טאָג פאַר אַ פּערזאָן און זי דאַרף בלויז אויף עסן געבן 1,08 אַ טאָג. זי מאַכט אָפּשפּאָרונגען אויפן חשבון פון די אַרבעטנדיקע.

די קהלה האָט שוין באַקומען איבער צוויי הונדערט טויזנט אויסקויפגעלט פאַר די אַרבעטסלאַגערן. און זי באַזאָרגט זיי מיט מלבושים, קאַצן א. ד. גל. אַ צווייטע מעשה איז דאָס כאַפּן צו דער אַרבעט (דעם 7, 8, 9 סעפּ[טעמבער]) אין וואַרשע און איינזעצן אויף נאַכט אין פּאַוויאַק, דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס לויט דער לעצטנס אַרויסגעגאַנגענער פאַראָרדענונג טאָר מען נישט באַשעפטיקן יידן אָן געצאָלט ביי צוואַנגסאַרבעט. דאָס געזעץ זאָגט אָבער נישט, אַז [די] איינגעשיבנטע טאָרן נישט באַשעפטיקט ווערן. 1.200 שניידער זיצן היינט אין פּאַוויאַק וואָס אַרבעטן בייטאָג. דאָס טוען גאַלעען, ס. ס. און ענלעכע, וואָס היטן נישט אָפּ די פאַראָרדנונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר.

מען זאָגט אַ וויץ: עס זענען אָנגעקומען טויזנטער העמערלעך פון אַמעריקע כדי מען זאָל זיי אויסשלאָגן לאָנדאָן פון קאָפּ. אין אָטוואָצק האָט מען יענע וואָך געכאַפּט יידן אין אַרבעטסלאַגערן, אין אייניקע ווילעס זענען יידן אַנטלאָפן, נהרגו 6, 18 פאַרוווּנדעט. איינער אין דער שאַפע דורך דער וואַנט. געהערט פון איינעם וואָס געקומען, אַז אין שטעטל שטשעבזשעשין האָט מען אַלע יידן פון 18 ביז 60 יאָר גענומען צו דער אַרבעט. אינטערעסאַנטע פאַקטן פון דער קאָמיסאַרישער הערשאַפט אין אַ טייל הייזער. אַ טייל פאַרווענדעט דאָס גאַנצע איינקאַסירטע געלט פון דירה־געלט

---

348) פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

349) Narodowa Demokracja עקסטרעם־רעכטע, אַנטיסעמיטישע און נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע פּאַרטיי.

350) „זאָל לעבן פּוילן".

351) „זאָל אַמעריקע (דאָס וואָרט) האַלטן, ענגלאַנד דורכהאַלטן און מיר אויסהאַלטן".

אויף טייערע, אומבייטיקע רעמאָנטן, כדי נישט דאַרפן גאָרנישט אײנצאָלן אין דער אשכנזישער קאַסע. דאָס ווערט געטון צוליב פּאַטריאָטישע טעמים. אַנדערע ווילן רואינירן די יידן. דעריבער צאָלן זיי נישט קיין שטייערן, נישט אין די בענק, די היפּאָטעק, כדי צו דערפירן צו אַ רואין יידיש פאַרמעגן. די איינציקע טובה, די בעלי־בתים צאָלן נישט קיין דירה־געלט· ייד[ישע] בעלי־מלאכות אָפּגעשאַפט אין די הייזער, דאָס זעלבע מיט זשאַנדצעס.

געהערט פון אַ פערזאָן, וואָס געווען אין לאָדזש אָנהויב יולי, אין געטאָ זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן די נעמען פון די גאַסן, נאָר געבליבן די נומערן, כדי עס זאָל נאָך מער מאַכן דעם איינדרוק פון אַ לאַגער.[352] די·פּאָסט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן צוליב פאָלגנדן: עס פלעגן אָנקומען אַ סך פּעקל'עך מיט לעבנסמיטל. רומקאָווסקי פלעגט אַ טייל צונעמען פאַרן שפּיטאָל, קינדער־גערטנער א. א. די באַאַמטע פון פּאָסט אים נאָכגעטון. האָט מען זיי געפּאַקט און דערשאָסן. דערנאָך אָפּגעשאַפן די פּאָסט. דאָס איז אַן אומגליק פאַר דער באַפעלקערונג. רומקאָווסקי האָט באַרעכנט, אַז מען גיט צופיל אויס אויף צייטונגען. האָט ער צוליב שפּאָרזאַמקייט פאַרבאָטן צו פאַרקויפן צייטונגען. האָט מען פאַר אַ געשמוגלטער געצאָלט שטאָט 30 פעניג — 3 מאַרק. די מעשה מיט די „חיימוווקעס"[353] איז זיין איינפאַל. ער האָט אַרום זיך 2 שומרים אשכנזישע מיט בענדלעך, וואָס היטן אים, אַזוי פאַרהאַסט. — —

16 סעפּטעמבער 1940

געהערט וועגן איינעם, וואָס איז געזעסן אין פּאַוו[יאַק.]· איידער מען גייט צו דער אויספאָרשונג, טוט מען אָן אין דער צעלע — צוזאַמענגענומען פון חברים — עטלעכע פּאָר וועש, כדי עס זאָל נישט וויי טון. אַנדערע ווידער טוען אָן אַ קילע־בענדל, וואָס איינער פון די ישובניקעס האָט איבערגעלאָזט אין צעלע, דער פערזאָן האָט מען אויסגעהאַקט צוויי ציין.

דער באַרימטער שולץ פון די דינאַסן כאַפּט צו דער אַרבעט באַזונדערס גוט געקליידעטע יידן, ער וויל נישט קיין פאַרלייזטע. ער האָנאָרירט נישט קיין שום באַשטעטיקונגען און ער יאָגט זיך באַזונדערס נאָך אַזעלכע. ער האָט זיך גערימט, אַז דער ראש הקהלה וועט נאָך ביי אים אַרבעטן. ער הייסט די יידן וואָס אַרבעטן ביי אים, קויפן פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע ער באַצאָלט נישט, דעם רב פון עקיבא אייגערס שטאָט[354] האָט דאָס

352) די ידיעה נישט קיין ריכטיקע, מ'האָט דווקא איינגעפירט דייטשע נעמען שטאָט די פריערדיקע פּוילישע. עס זענען אויך געווען פלענער פון נומערירן די גאַסן.

353) געלט־באַנקנאָטן, אַרויסגעגעבן אין לאָדזשער געטאָ מיט חיים רומקאָווסקיס אונטערשריפט.

354) פון פּויזן.

געשעפט געקאָסט 70 זל. דער קבלת פנים פון דעם אַרבעטס לאַגער אין לובלין. געהייסן דעם עולם לויפן מיט שווערע פעק, אונטערגעשטעלט איינעם דעם פוס, אַלע זיך איבערגעקערט, געשלאָגן דערפאַר. געהערט פון עמעצן אז אַן אשכנזקע [זאָל] זיך האָבן אויסגעדריקט, אַז ווען יידן וואָלטן געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי איך אָקטאָבער, וואָלטן זיי זיך מאַסנהאַפט אויסגעסמט. פון די אַרבעטסלאַגערן ווערן באַפרייט מיטאַרבעטער פון געזעל[שאַפטלעכע] אינסטיטו[ציעס]. רבנים און איינציקע שפייזער ווי אויך באשעפטיקטע אין פירמעס. כאַראַקטעריסטיש, אז די קאַנטן אין ייד[ישן] לעבן זענען אָפּגעטעמפּט געוואָרן. אין די הויז־קאָמ[יטעטן] אַרבעטן מיט הארמאָניש אַלע. די העבּרעאיסטן האַלטן פון יידיש אויף זייערע קורסן און זיינען גרייט עס אַרייַנצונעמען אין זייער געפּלאַנטער גימנאַזיע. די האַרמאָניע פון דעם באַשפייזונגסקאָמיטעט פון די געזעלש[אַפטלעכע] שולן. 1.500 מנינים פאַראַן אין וו[אַרש]ע. עס פאַרשווונדן די געהאַקטע קאַפּאָטעס, די היטלעך און די בערד ווערן אלץ קירצער. דער האָגל[354א] וואָס איז געפאַלן אויף משה מענדעלסאָנס שטאָט, האָט ביי די היגע יהודים נישט אַרויסגערופן קיין שום רחמנות. מיט הנאה האָט מען געכאַפּט די צייטונגען, וואָס האָבן דאָס באַשריבן און געבראַכט בילדער פון די חורבות. מען האָט געצאָלט צו עטלעכע זל. ווייל עס האָבן אויסגעפעלט אַזעלכע נומערן. מען האָט זיך געפרעגט ווו זיינען אהינגעקומען די רחמנים בני רחמנים. געזען מענטשן, וואָס קענען ניט אָנרירן קיין פליג, האָבן מיט גרויס פאַרגעניגן דערמאָנט די צאָל געהרגעטע. עס האָט זיך צוליב דעם באַדייטנד פאַרבעסערט די שטימונג (אין די טעג פון 12—13 סעפּ[טעמבער]) און מען האָט אָנגעהויבן האָפן אויף אַ גיכן סוף פון דער מלחמה. די פּאָלאַקן זיינען געוואָרן נאָך מער האָפערדיקער ווי פריער און געמאַכט הויכע באמערקונגען אין די טראַמווייען. מען זאָגט, אַז די הריגה אין אָטוואָצק[355] איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַן אינטערווענץ פון יודן־ראַט, וואָס האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט גיין אין די לאַגערן. מען האָט געבראַכט די ס. ס. כדי זי זאָל באַרויקן דעם אויפשטאַנד קעגן דער קהלה. אַזוי זאָגט מען אין אָטוואָצק. עס זיינען דאָ קלאַנגען, אַז די, וואָס זיינען געווען אויף דער יאַנואַר ליסטע פון הרוגים, לעבן. אין שטאָט האָבן זיך אין די לעצטע טעג פאַרשפּרייט קלאַנגען (זעכצנטער סעפּ[טעמבער].) וועגן אַנטי ייד[ישע] געזעצן, וואָס זיינען גרייט ווי, למשל, אַז יידן וועלן האָבן באַזונדערע ערטער אין טראַמווייען, פאַרבאָט גרויסאינדוסטריע און הורט, בלויז ביז 5 אַרבעטער אין אַן אונטערנעמונג. מען רעדט וועגן 16 פונקטן קעגן יידן. מען זאָגט, אַז אין

354א) די באָמבאַרדירונג פון בערלין דורך די אַליאַנטן.

355) די דייטשן האָבן דערמלט געמאַכט אַ אָבלאַווע און געשאָסן אין די אַנטלויפנדיקע יידן. דער פאַקט ווערט באַשטעטיקט דורך דער פּוילישער „קראַניקאַ אַנדזשעיאַ"

לובלינער קאַנט זיינען שוין דאָ האָלענדישע יידן,[356] פאַרשיקטע צו
צוואַנגסאַרבעט. ביי די פּאָלאַקן פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז אויב יידן
נישט אַזוי שלעכט, איז עס אַ דאַנק די 35 מיל[יאָן] דאָלאַר, וואָס מען
האָט געשיקט פון אַמעריקע. אויף אָקענטשע און אין אַנדערע ערטער האָט
מען היינט ווידער געשלאָגן. אַ סימן אַז עס איז נישט פויגלדיק. אין לאָדזש
געבליבן, דוכט זיך, פאַרזיכערט די כתבים פון בראַנדשטעטער[356]. נישט
געוואָלט אין די לעצטע יאָרן דרוקן זיינע ספרים, ווייל געהאַלטן, אַז ער
קאָן זיך נישט גלייכן מיט ביאַליקן און טשערניכאָווסקין, ער האָט אָבער
געהאַט אַ באַדערפעניש צו שרייבן. פאַראַן אין די מאַטעריאַלן אַסך וועגן
דער געשיכטע פון די יידן אין גאַליציע. טוביִם[357] און אַנדערע יידיש־פּוי־
לישע שרייבער פאַרוועט. ייד[ישע] אַרטיסטן טאָרן נישט אַרויסטרעטן
אין פּויל[יש], אָבער מען טרעט דאָך אַרויס פאַר מזומן.

17, 18, 19 סעפּטעמבער 1940

דעם 17 סעפּט[עמבער] האָט זיך דאָ פאַרשפּרייט אַ קאַטשקע וועגן
16 פּונקטן קעגן די יידן: באַגרענעצונגען אין די טראַמווייען, באַגרענעצונ־
גען פון דער דאָקטוירים־פּראַקטיק. געטאָ (די וואַרשע[ווער] יידן אויף פאָ־
וואַנזעק און קאָלאָ, די פּראַגער אויף גראָכאָוו[358]), באַוועגן זיך ביז 6, זונ־
טיק אינגאַנצן נישט, באַגרענעצונגען פון הורט האַנדל, פון גרויס אינ־
דוסטריע וכדומה. געהערט היינט, אַז עס זיינען באַפרייט געוואָרן אַ 1·200
רבנים פון אַרבעטס פליכט, רביס אייניקלעך וכדומה, קיינמאָל נישט גע־
ווסט, אַז עס איז דאָ אַזוי פיל כלי קודש אין וואַרשע. עס ווייזט אויס, אַז די
סכנה פון געטאָ און דאָס אין די פאָרשטעט האָט טאַקע געהערשט אין וואַר־
שע, אָבער עס איז דערווייל אָפּגעלייגט געוואָרן. גערעדט מיט אַ ייד
פון לאָדזש (שקר), וואָס האָט אַ קאָמיסאַר,[359] ער באַקומט 600 זל. אַ חודש
פּענסיע, דאָס זעלבע באַקומט דער קאָמיסאַר. יעדן פרייען גראָשן דאַרף
מען איינצאָלן אין דער קאַסע, אָבער ער קויפט דערפאַר סחורה. געהערט
אַז אין קאָסוו פּאָדל [אסקי] זיינען אינגאַנצן נישט געבליבן קיין מאַנס־
בילן גענומען אויך פרויען צו דער אַרבעט, יינגלעך פון 16 יאָר, זיי אַר־
בעטן ביי דער רעגולירונג פון וואַסערן.

היינט (דעם 18 סעפּט[עמבער]) האָט מען שטאַרק געכאַפּט צו דער אַר־

---

356) די ידיעה געפינט דערווייל נישט קיין באַשטעטיקונג אין די אונדז
באַקאַנטע קוועלן.

356א) מיכאל בראַנדשטעטער (1888—1943), העברעישער פּעדאַגאָג און
שריפטשטעלער פון לאָדזש, אומגעקומען אין יאַנואַר 1943 אין וואַרשעווער געטאָ.

357) יוליאַן טוווים (1884—1953), איינער פון די באַדייטנדיקסטע פּויליִ־
שע פּאָעטן, פון יידישער אָפּשטאַמונג.

358) די ידעה איז פאַרבונדן מיטן דעמלטיקן פּראָיעקט צו שאַפן 2 געטאָס
אין וואַרשע.

359) וואַרשיינלעך געמיינט אַ קאָמיסאַרישן טרויהענדער. זע הערה 145.

בעט אויף פרויען, אָבער נאָר שטאַרק עלעגאַנטע, שמינקירטע, מען זאָגט, אַז צום גראָבן קאַרטאָפל. די פראַגע פון שולוועזן איז זייער אַקטועל. מען האָט באַרעכנט, אַז דאָס אויסהאַלטן די קינדער (פאַראַן איבער 50 טויזנט) אין שולעלטער דאַרף קאָסטן איבער 300 טויזנט אַ חודש. מען רעכנט, אַז די קהילה וועט איינפירן שול־שטייער אויף צו דעקן די הצטרכותן. די טעג האָט אויף לוואָווסקא 1 פאַסירט פאָלגענדער טראַגישער פאַל: מען האָט געכאַפּט אַ פאַרזאַמלונג פון קאָלפּאָרטערן פון דער צייטשריפט „פאָלסקאַ זשיע״[360], עס איז געקומען צו אַ שיסעריי. איין אשכנז דערשאָסן, די גאַנצע באַפעלקערונג מיט די פרויען און קינדער איינגעשיבנט, אויף לוואָווסקא 9 בלויז די מענער. יש שאומרים אַז אומלעגאַלע ראַדיאָסטאַציע געפונען.

היינט דער 19 סעפּט[עמבער] איז געווען זייער אַן אומרואיקער. מען האָט אַרומגערינגלט גאַנץ זשאָליבאָזש און צוגענומען טויזנטער פּאָליאַקן, יידן האָט מען באַפרייט. דאָס זעלבע איז געווען אויף ראַדזימינסקאַ (פּראַגע), מען האָט אויך געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט. מ'זאָגט שנהרגו אשכנזים באָקענטשע, פון דאַנען די אַרעשטן. אָבער עס איז נישטאָ קיין זיכערע ידיעות וועגן דעם. געפאָרן עטלעכע טעג צוריק מיט דער קליין באַן קיין אָטוואָצק אין די ספּעציעלע וואַגאָנען פאַר יידן. קריסטלעכע שקצים באַוואַרפן די וואַגאָנען מיט בלאָטע, שטיינער א.א. אין טשענסטאָכאָוו האָט מען די קהלה באַאויפטראַגט מיט אויפשטעלן פאַר אַ סומע פון 28 טויזנט זל. אַ בית־הזונות. מען נעמט מאַסנווייז צו מעבל ביי יידן, אפילו אין 2 צימערדיקע וווינונגען, דאָס זאָל זיין פאַר בעסאַראַביער אשכנזים. אין פינאַנסאַמט אויף דלוגאַ זאָל מען האָבן אַנטדעקט אַן אומלעגאַלע פּוילישע דרוקעריי. בגמטריה אויסגעפונען, אַז מות ז'בוטינסקי איז גלייך מות פון אַן אַנדערן האַרן. לויטן ספר דניאל וועט אין יאָר ת״ש זיין אַ וויכטיגער מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער מלחמה, אין תש״א וועט זיך די מלחמה [ענדיקן] — מיט דעם טרייסטן זיך היינט די יידן. אין אויאַזדאָווער שפּיטאָל ליגן 70 פאַרוווּנדעטע יידן אויף 1.500 אין גאַנצן שפּיטאָל. זיי ווערן גוט באַהאַנדלט. די פּוילישע האָבן „כשעסטנע מאַטקעס״,[361] די יידישע נישט. אין „זאַפּיוווקע״[362] איז דאָ אַ 300 קראַנקע, דערפון אַ 200 פון וואַרשע, די איבעריקע פון יענער זייט „רייך״ א. א. צוליב דעם צוגנבענען דעם סיאַטקעווען פאַרקאַן גנבענען זיך קראַנקע אַרויס אַ היים, איינער זיך געוואָרפן אונטער [אויף] די שינעס. פאַראַן דאָרט עטלעכע צוואַנציק קראַנקע אויף אַן אַפריקאַנער אַנשטעקנדיקע קראַנקהייט „אַקווילולאַ״. די מענטשן פוילן ביים לעבן, האַלבע חיות, לויטער פרויען איינגעדאַרטע, צעקרימטע, שוידערלעכע פּנימער, אַ שרעקלעכער געשטאַנק. רעקווירירט פאַר 60 טויזנט פּראָדוקטן, לויט אַ מסירה זאָל דאָס שפּיטאָל האָבן פאַר־

360) „פּוילן לעבט״. זע הערה 279.

361) געמיינט פערזאָנען, וואָס האָבן אַן אפּוטרופּסות איבער איינזאַמע קראַנקע.

362) שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע.

קויפט די פראָדוקטן. מען האָט געמאַכט אַ גרויסע רעוויזיע אין דער גרויסער שול — פאַרציילט מען אַ וויץ — און געזוכט דאָרט משה רבינוס שטעקן, כדי איבערצוגייען דעם ים מיט דער יבשה.[363] מען זאָגט איינעם, גייט נישט דאָרט, ווייל מען כאַפּט דאָרט: מאַ, ווי לאַנג וועט מען כאַפּן. געלייענט אַ בריוו פון לאַגער אין לובלין, וווּ ער שרייבט, אַז איידער צו גיין אין לאַגער, טאָ וואַרף זיך בעסער אַריין אין ווייסל. פון 800 אַרבעטער זיינען 20 געשטאָרבן. זיי אַרבעטן אין יוזעפּוו לוב[עלסקי] אין די שטיינגרובן. די וווּנדן היילן זיך נישט, ווייל זיי זיינען שלעכט דערנערט. עס זיינען נישטאָ דאָרט קיין באַנדאַזשן און מעדיצינען. געקאַטעוועט שטענדיק. ווייניק עס־מכשירים. געהאַט היינט אַ שמועס מיט דרייהאָרנען.[364] ער האַלט, אַז מען דאַרף זיך גייסטיק צוגרייטן צום נצחון פון די אַשכנזים און אַז מען וויל פון אונדז מאַכן אַ פאָלק פון שואבי־מים און [חוטבי] עצים. מען דאַרף צוגרייטן דערצו דעם עולם און אָנהויבן צו שמועסן ווי אַזוי איינצואָרדענען דאָס ייד[ישע] לעבן אויף די דאָזיקע יסודות. די דאָזיקע שטימונג איז אָבער אַן אויסנאַמווייזע. די יידן גלויבן אין אַן אַנדערן נצחון און האָפן, אַז דאָס וועט שוין לאַנג נישט דויערן. אין ביאַלאַ פּאָדל. מוז די קהלה צאָלן די פּראָסטיטוטקעס פאַר יעדן מאָל פון קאָפּולאַציע. אין לאָדזשער געטאָ איז צוריק טעטיק די פּאָסט. רומקאָווסקי, זאָגט מען, נעמט צו גאָלד און וואַלוטע און פאַרווענדט עס אויף שפּייזן די אָרעמע. געהערט וועגן אַ רעוויזיאָניסטישער קבוץ אין דאָרף יורקי (וואַרשע[ווער] געגנט). דער קאָמיסאַר אשכנזישער אָפיציר געשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרבעטספליכט פון די מיטגלידער אַ בריוו צו דער וואַר[שעווער] קהלה, אין וועלכן ער לויבט די יידן און אַז ער האָט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז יידן וועלן אַזוי גוט קאָנען אַרבעטן אויף דער ערד. זיי אַרבעטן 12 שעה. אין דאָרף פּאָקראַקאָוו [?] זיינען דאָ רעליגיעזע רעווירן. זיי האָבן דאָרט אַן אייגענע קיך, אַרבעטן נישט אום שבת. אַ קליינער טייל יידן האָבן איצט אַ מעגלעכקייט אין לאָדזש צו אַרבעטן אויסער דעם געטאָ. מען זאָגט שנהרגו 230 מאַן פון לוואָווסקאַ צווישן זיי פיר יידן. אַלע איינוווינער פון לוואָווסקא 1, 3 און 5 איבער 12 יאָר. מען זאָגט, אַז 4 אשכנזים נהרגו בידי הראשי הפולנים. די חלוצים אין דאָרף יורקי האָבן פאַרברענטע הענט, ווייל זיי מוזן מיט די הענט שיטן קעסטלעך מיסט. עס זענען נישטאָ קיין מאַשינען אויף צו שיטן דאָס מיסט. די אַלע פּראָדוקטן פון דעם דאָרף ווערן אַרויסגעשיקט קיין אשכנז. פונקט ווי פאָלאַקן ווערן דאָ אין מאַסן פאָלקס אשכנזים, ווערן זיי אין פּאָדליאַשער געגנט — אוקראַינער. אין אָטוואָצק האַלט מען ביים צענעמען די שול,

363) אפשר געמיינט די דייטשע מיליטערישע באַמיונגען צו פאַרסירן דעם קאַנאַל לאַמאַנש.

364) אהרן איינהאָרן? דער באַקאַנטער וואַרשעווער זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער פון „היינט“.

מען האָט האָבן ציגל פאַר אן אשכנזישן בנין. דער יידן־ראַט איז גרייט צו קויפן די ציגל, כדי צו ראַטעווען דעם בנין. רומקאָווסקי, ווען געווען אין וואַרשע זיך געריטמט: איר וועט זען אין אַ יאָר צווייי, וועל איך האָבן אַ געטעלע איינעם אין פוילן. דאָס דאָרף זורקי האָט געהערט צו אַ יידישן גוט באַזיצער. מען האָט געכאַפּט יידישע פרויען צו שיילן קאַרטאָפל אין פּאַלענטי. זייט איניקע טעג איז נישטאָ וועגן זיי קיין שום — —

24, 25, 29 סעפּטעמבער 1940

— — די שפּיל. אין אַ געוויסן בנין, ווו עס אַרבעטן יידן זוכט מען אויס פון טעלעפאָן־בוך אַדרעסן פון ייד[ישע] אינטעליגענטן. מען קומט אַריין אין דער וווינונג, מען האַלט אַ גאַנצן טאָג און ביינאַכט לאָזט מען אָפּ. דאָס אַלץ איז כדי צו וואַרפן אַ ביסל שרעק. מען שלאָגט פאַר גריסן: „איך בין נישט דיינער אַ באַקאַנטער". מען שלאָגט פאַר נישט גריסן. אַמאָל טרעפט עס מיט דער זעלבער פערזאָן. די פרומע יידן גלויבן, אַז די מלחמה וועט זיך נאָך דעם חודש ענדיקן. די מאָס איז שוין פול. מען פאַרדרופט זיך אויף פאַרשיידענע גמטריות.

היינט דעם 24 סעפּט[עמבער] האָט זיך איבערן שטאָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין צוזאַמענהאַנג מיט ריבענטראָפּס באַזוך אין רוים, אַז עס איז דערקלערט געוואָרן אַ וואָפנשטילשטאַנד. אַנדערע ווידער פאַרטיילן וועגן אַרויספאָר פון האַראָוויצן קיין ספרד און וועגן אַ ממלא מקום אויף זיין אָרט. מיט איין וואָרט — די פאַנטאַזיע אַרבעט. געהערט וועגן אַ מעשה מיט טשעכע וואָכן אויף קאַרמעליצקאַ: אַדורכגעפאָרן אַן אויטאָ, אַרויסגעשפּרונגען אַ חברה־מאַן, אַנגעכאַפּט אַ יהודי ביי די האָר, אַריינגעשלעפּט אין וואָגן, 3 מענטשן אַכזריותדיק געשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן אויפן גאַס. די איינציקע הילף איז אין אַזאַ מאָמענט: אַלגעמיינער געשריי פון עולם. זייט דעם 23־טן סעפּטעמבער איז די יידן פאַרווערט צו פאָרן מיטן טראַמוויי 9. די סיבה מסתמא, וואָס עס פאָרן אַ סך אנשי חייל.

רומקאָווסקי איז געקומען קיין וואַרשע נעמען קיין לאָדזש יידישע דאָקטוירים. עס פילט זיך דאָרט אַ גרויסער מאַנגל. עס זענען דאָרט סך־הכל פאַראַן אַ 30; בשעת עס איז נויטיק אַ 200. זיי שאַרן דאָרט גאָלד.

געהערט, אַז דעם וואַרש[עווער] ראש הקהל האָט מען אין אַן אַמט געלאָזט 8 שעה שטיין און נישט געגעבן קיין בענקל. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אים פאַר אַ מאַרטירער, וואָס דערפילט ערלעך זיין אויפגאַבע, ער ווערט אָנגעזאָפּט מיטן ריח פון די „גאַלעען", האָט געזאָגט וועגן אים אַן אַלטער עסקן. עס ווירקט די סביבה.

מען רעדט שטאַרק וועגן שולוועזן. פאַראַן אַ פּראָיעקט, אַז דער שכר־הלימוד זאָל איינפליסן אין איין קאַסע און זאָל גלייכמעסיק פאַרטיילט ווערן צווישן אַלע לערער.

די רעוויזיאָניסטן טראָגן טרויער נאָך זשאַבאָטינסקין. אויף שליסקאַ האָט מען באַגאָסן ייד[ישע] מעבל מיט וואַסער, כדי עס זאָל קאַליע ווערן. דאָרט האָט מען ביינאַכט אַריינגעגאָסן וואַסער אין די בעטן. גענומען צו דער אַרבעט דר. געלמאַן מיט אַ האַרב אין אויאַזדאָווער שפּיטאָל. געקאָפּעט אים אַזוי, אַז געפלויגן ביז צו דער טיר.

עס איז פאַראַן אַ פּראָיעקט צו מאַכן אַ געטאָ אין וואַרש[עווער] פּאָוויאַט, צו קאָנצענטרירן די יידן אויף איין אָרט. אַרויס דעם 24־טן סעפּטעמבער אַ פאַראָרדענונג וועגן באַזונדערע וואַגאָנען פאַר יידן. וועגן וואָפּנשטילשטאַנד האָט נעכטן געקאָכט גאַנץ וואַרשע. לצים זאָגן: אויף נאַלעווקעס צענעמט מען [די] מויערן, כאַפּט מען יידן צו דער אַרבעט, האָט מען געגנבֿעט די שומרים, אויפגעהערט צו כאַפּן, אַריינגעגאַנגען אין אַ ייד[ישער] שענק — דעריבער וואָפנשטילשטאַנד. אין אשכּנז געבוירן געוואָרן אַ צווילינג, געגעבן אַ נאָמען האַראָוויץ און משהלע בער. געבאָדן און פאַרמישט, נישט געוווּסט ווער פון זיי האַראָוויץ, געפרעגט אַ דורכגייענדיקן ייד, געענטפערט: ווער עס וועט זיך פריער באַמאַכן, דער איז משהלע [365] — —

עס האָבן זיך היינט דעם 25־טן סעפּט[עמבער] שטאַרק פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן געטאָ און דאָס באַאומרואיקט שטאַרק די ייד[ישע] באַפעלקערונג. עס קומען ווייטער פאָר אויסווייזונגען פון הייזער אויסערן זויכן־געביט. טיילמאָל גיט מען 15 מינוט צייט אויף אַרויסצונעמען די זאַכן.

משהלע האָט זיך געווענדעט נאָך הילף צו די יידן, ער זאָל זיי העלפן אַרויסגיין פון מצרים.[366] אויף אַ באַראַטונג פון האַראָוויצן, משהלען און שטאָלענעם [367] איז געפאַלן אַ באַמבע, ווער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט? די מענטשהייט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באָבע־מעשה וועגן וואָפנשטילשטאַנד האָט מען דערמאָנט די מעשה וועגן איבערדרייען: — — איז אין גאַס — — איז אין גאַס, אין די שיך איז מיר נאַס. מען דערציילט, אַז סקלאַדקאָווסקי [368] איז געקומען קיין א"י און דאָרט אָפּגעשטאַטעט אַ וויזיט גרינבוימען. יענער האָט אים אויפגענומען: „אָווּשעם". [369]

---

365) א רמז אויף מוסאָליני בעניטאָ.

366) דאַרף זיין: זיי זאָלן אים העלפן אַרויס פון מצרים.

367) האַראָוויץ — היטלער, משהל — מוסאָליני, שטאָלענער — סטאַלין.

368) גענעראַל סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, לעצטער פּרעמיער פון פּוילן, באַקאַנט אין דער יידישער וועלט פון זיין אַנטי־יידישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק.

369) יצחק גרינבוים (געב. 1879), פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, פון איר דעמאָקראַטישער פראַקציע „על המשמר". לאַנגיאָריקער דעפּוטאַט פון סיים און גרינדער פון נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק צו די סיים־וואַלן אין די יאָרן 1922 — 1926.

„אָווּשעם" — אויסדרוק פון פּוילישן פּרעמיער געג. סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי אין סיים, אַז „שלאָגן יידן נישט, אָבער ווירטשאַפטלעכער קאַמף קעגן זיי —

היינט דעם 26־טן סעפּט[עמבער] האָט מען געצאָלט מיט 10 גראָשן מער פאַר די אשכנזישע צייטונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט די בילדער פון חורבן. געהערט וועגן אַ שפּיל: מען האָט געהייסן אײן ייד פאַרשטעלן רידזן[370], דעם צווייטן — מאָשטשיצקי, אַ טייל יידן געדאַרפט אַפּלאָדירן,ביידע האָבן געדאַרפט דיסקוטירן צווישן זיך און דערנאָך איינער דעם צווייטן שלאָגן.

משהלע גרייט צו געבן די יידן הילף, אבי זיי זאָלן אים ערקלערן דעם סוד פון יציאת־מצרים. עס גייט דאָס מאַסנווייזע אויסליידיקן פון ייד[ישע] דירות פון מעבל און אַנדערע זאַכן.

האַראַוויץ געפרעגט דעם היגן מושל,[371] וואָס ער האָט אָפּגעטון די יידן, האָט יענער אויסגערעכנט פאַרשיידענע צרות, אָבער געווען פאַר אים אַלץ ווייניק, צום סוף דערמאָנט 10 פּונקטן. דער ערשטער: איך האָב פאַר זיי געשאַפן אַ י.ס.א.[372] נו, גענוג מער דאַרפסטו שוין נישט אויסרעכענען.

מען זאָגט, אַז מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט דער קאָזיעניצער זייער־דיק געשלאָגן דורך יענע, ערקלערט, אַז ווען דער שופר וועט טון אַ בלאָז, וועט פון די אשכנזים ווערן אַ האָז. דער קאָזיעניצער האָט געפרעגט צי אין האָלאַנד זענען דאָ יידן? האָט מען אים געענטפערט, אַז יאָ, אין דע־נעמאַרק, פראַנקרייך, נאָרוועגן — אויב אַזוי איז ער דאָך אין פלען ביי די יידן — —

היינט דעם 27־טן סעפּט[עמבער] פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג וועגן פאַרשמעלערן דאָס געטאָ, דהיינו: זלאָטאַ, סיענאַ, כמיעלנאַ ווי אויך לעשנאָ, עלעקטאָראַלנאַ, אָגראָדאָוואַ. אויף זלאָטאַ האָבן די פּאָליאַקן זיך געוווענדעט אָנווייזנדיק, אַז יידן זענען דאָרט אַ מינדערהייט. געהערט היינט, אַז יידן קומען צוריק קיין קראָקע. מען פאָרט מיט שיפן מיט דער ווייסל קיין קראָקע און מען דינגט זיך דירות. אויף דער ליניע[373] זענען פאַרבאָטן געוואָרן ייד[ישע] געשעפטן. עס האַלט ביי אַ געטאָ. געהערט וועגן אַ פאַל מיט איינעם, וואָס האָט נישט געוואָלט עפענען די טיר, מען האָט מיט אַ האַק אויפגעהאַקט די טיר און אַרויסגעוואָרפן אים פון דער וווינונג אין דער פּידזשאַמע, אַרויסגעוואָרפן אים דורכן פענצטער די הויזן. יידן קענען פון מאָרגן אָן פאָרן מיט געציילטע טראַמווייען. אויף זשאָליבאָזש פאָרט נישט קיין איין טראַמוויי, מיט וועלכן יידן קענען פאָרן. אין דעם וווינונגס־קאָאָפּעראַטיוו[374] טאָר מען נישט אויסצאָלן יידן זיין חלק. געלייענט אַן

---

— „אָזשעם" אדרבה. די אָזשעם־פּאָליטיק — פּאָליטיק פון ווירטשאַפטלעכער דיס־קרימינאַציע פון יידן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

370) געמיינט רידז־שמיגלי. פג"ל הערה 44.

371) געג. גובערנאַטאָר פראַנק.

372) יידישע סאָציאַלע אַליינהילף.

373) געמיינט די דאַטשע אויף דער ליניע וואַרשע־אָטוואָצק.

374) וואַרשעווער וווינונגס־קאָאָפּעראַטיוו, אויף זשאָליבאָזש, וו יידן זענען געווען מיטגלידער און געהאַט וווינונגען אין די געמיינזאַמע בלאָקן. לויט דער

אויסגאַבע פון השומר „פלאָמיעניע",[375] ווו עס ווערט ריכטיק אונטערגע־שטראָכן די נטיה פון אַ טייל יוגנט מקנא צו זיין זיי, די שטאַרקע, די פעסטע, די שטאָלצע, וואָס געניסן פון אַלדאָס גוטס. די טענדענצן פון אַ טייל יוגנט נאָכצומאַכן זיי. די אומזיכערקייט וועגן די וווינונגען, די כסדרדיקע סכנה פון אַרויסטרייבן פון די וווינונגען רופט אַרויס ביי אַ טייל דעם ווונטש — עס זאָל שוין זיין געטאָ, ווו יענע זאָלן נישט קענען אַריינ־קומען.

היינט דעם 29־טן סעפּט[עמבער] געקריגן אין די ציין פאַר נישט גריסן. היינט זיך באַוויזן ייד[ישע] טראַמווייען מיט געלע קאָלירן און אַ מגן־דוד פון אַלע זייטן מיט דער אויפשריפט „בלויז פאַר יידן". אין טראַמוויי אריינגעלאָפן א שגצל און געוואָלט טיילן קאַלענדארן אומזיסט און געמאכט אנטיסעמיטישע אויסרופן, קיינער נישט גענומען די קאַלענ־דארן און איינער אים געהייסן תיכף פאַרלאָזן דעם טראַמוויי. א רבי האָט פאַרויסגעזאָגט, אַז דעם 27־טן סעפּט[עמבער] וועט עפּעס וויכטיקעס פאַר־קומען און די יידן וועלן אויסגעלייזט ווערן. ווירקלעך: יאַפּאַן געמאַכט דעם אָפּמאַך. צווישן די באַדראָטע גאַסן געפינט זיך זלאָטאַ,[376] ווו אַ סך יידן האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק, און די לעצטע טעג האָבן יידן פון דרום, זיך דאָרט באַזעצט און געקויפט פאַר עטלעכע טויזנט זל. וווינונגען. אין אַטוואָצק איז שוין פאַראַן די פאַראָרדענונג, אויף וועלכע גאַסן יידן מעגן וווינען.[377]

סעפּטעמבער 1940 [378]

מיין ליבער פריינד!

סעפּטעמבער 1940. דער רוב משוגעים זענען אויפן פּאַליטישן באָדן. באַקאַנט אַ פּאַל מיט דר. בערלינסקי פון לאָדזש. איין טאָג האָבן די אש־כנזים גענומען די יידן פון הויף אויף אַרבעט, דערביי געהאַלטן דרשות לכבוד יענעם און געהאַלטן, אַז יידן ווילן נישט אַרבעטן. מען האָט [אים] שפּעטער געפירט אין סאַניטאַר־אַמט, דאָרט האָט ער דערקלערט, אַז יע־נער איז דער אויסלייזער פון דער וועלט. אויף דעם יסוד האָט מען אים אָנערקענט אַלס משוגע און איבערגעשיקט אין זאָפּיוווקע. געווען דאָרט און

פאַראָרדענונג פון די אָקופּאַנטן געמוזט פאַרלאָזן די דירות און נישט געקאָנט צוריק באקומען דעם איינגעצאָלטן פּאַי, ווי דאָס איז געווען פאַרויסגעזען לויטן סטאַטוט פון קאָאָפּעראַטיוו.

375) „פלאמען", א אונטערערדישע צייטשריפט.

376) וואָס דאַרפן עווענטועל אַרויספאַלן פון געטאָ.

377) אין אָטוואָצק האָט מען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם געטאָ סוף סעפּ־טעמבער 1940. עס זענען דאָרט געווען 2 געטאָס: אַרום דעם אַנשטאַלט פאַר גייס־טיק־קראַנקע „זאָפּיוווקע", און אין דער שטאָט. אין נאָוועמבער האָבן די געטאָס שוין עקזיסטירט.

378) האַנט־קאָפּיע, איבערגעשריבן דורך בלומע וואסער.

געהערט פאַרשיידענע לידער און אויסרופן לכבוד יענעם. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז כמעט אַלע חזרן דאָס איבער און דערמאָנען זיין נאָמען. זיי באַגריסן זיך אויך מיט יענעמס גרוס. דאָס פּראָבלעם פון משוגעים איז זייער געפערלעך. צוליב זייער אַגרעסיווער האַלטונג לגבי יענע. עס טרעפן אָבער אָפּט פאַלן, ווען מען מוז צוריקשיקן אַהיים, ווייל זיי האָבן נישט קיין געלט אויף אויסהאַלטונג. מען האָט עטלעכע טעג צוריק געכאַפּט קהלה־באַאַמטע (פאַרן 9 סעפּט[עמבער]) און זיי באַשעפטיקט בייטאָג און ביינאַכט. איינגעישבנט אין פאַוו[יאַק].

אַלס אילוסטראַציע צום שרעקלעכן עקאָנאָמישן חורבן פון יידן קען דינען דער פאַקט, אַז פון יעדע טויזנט ייד[ישע] שיך־געוועלבער האָבן באַקומען קאָנצעסיעס 12 — — די ענדערונג אין באַציונג פון דער סאַניטאַר־מאַכט נאָכן דירעקטן באַקענען זיך מיט די ייד[ישע] אַנשטאַלטן און ייד[ישע] הייזער. איבערצייגט זיך וועגן די לעגענדעס פון ייד[ישן] שמוץ. די געכאַפּטע אין די לעצטע טעג אָפּגעשיקט אין פּאַלענטי, אַ גוט פון ס.ס., זיי נעכטיקן אין פּאַוויאַק, באַקומען גוט עסן. ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש די קאָנקורענץ און סכסוכים צווישן פאַרשיידענע טיילן. קאָמפּעטענץ־שטרייטן. זייט אַ וואָך טאָר מען נישט גיין אויפן זאַקסישן פּלאַץ — געענדערט איצט זיין נאָמען א. ה.[379]

פון איין זייט זענען דאָ א סך סימנים פון אַנטיסעמיטיזם, ווי למשל די מעשה מיט דער קאָמיסאַרשטשיכע אין ייד[ישע] הייזער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך פּוילישע אַרבעטלאָזע ריכטער און אַדוואָקאַטן, פון דער צווייטער זייט אָבער הערט מען כסדר וועגן אַ נייער באַציונג אין די שטייעראַמטן, ווו די שטייערן ווערן פאַנאַנדערגעלייגט, ווו עס ווערן געגעבן גוטע עצות, ווי אַזוי צו געניסן פון הנחות, וועגן אַ גוטער באַציונג אין די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן וכדומה.

געהערט אין לובלין זענען פאַראַן יידיש־דייטשע שילדן. די בקשות פון יידן צו דער דייטשער מאַכט מוזן זיין געשריבן בלויז אין דייטש. אויף פראַנטשישקאַנער 30 האָט מען די טעג אַנטדעקט אַ קעלער, ווו [ס'איז] געווען פאַרמויערט אַ סך לעדער, צוליב דער פייכקייט קאַליע געוואָרן. מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט מען בשעת דער רעגיסטראַציע פון פּוילישע אָפיצירן, יידן — געהייסן שטיין און פּאָליאַקן האָט מען געגעבן בענקלעך. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער געוו[עזענער] פירער פון אָ.נ.ר.[380] אין וואַרשעווער שטאָטראַט קאָזיאָלקעוויטש רעדט היינט וועגן יידן גאַנץ אַנדערש ווי פאַר דער מלחמה, פּשוט נישט צו דערקענען. מ'גיט אויך איבער וועגן דעם ליבעראַלן טראַקטירן דורך אַ טייל הויז־קאָמיסאַרן די פריערע

379) אַדאָלף־היטלער־פּלאַץ.

380) „אָבוז נאַראָדאָווא־ראַדיקאַלני“ (אָ. נ. ר.) — א פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע פּוילישע אָרגאַניזאַציע.

חובות פון די ייד[ישע] לאָקאַטאָרן. מ׳האָט היינט אויסגעפּועלט אַ גרויסע זאַך: נאָר די וואָס אַרבעטן אין פּאַלעצנטי מעג מען שיקן פּעקלעך. אָפּטע פאַלן פון באַשטייערן זיך פון פּאָלאַקן אויף יידישע צוועקן. דר. רוסיץ מיטן גרינעם בענדל מאַכט גרויסע געשעפטן מיטן צוזאָגן צו דערליידיקן עניינים, וועלכע ער איז נישט ביכולת צו דערליידיקן. עס האָט געשריבן ר׳ אַשר [380א]. פון שווייץ — טשאַפּניקן [381] גייט יעס שלעכט. א סך יידן האָבן געגעבן צו באַהאַלטן זייערע חפצים, עס טרעפט אָבער אָפט, אַז די מענטשן ווילן נישט אָפּגעבן צוריק די זאַכן; דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען מיט סחורות אין לאָדזש. אין דער „גאַז[עטאַ] זשיד[אָווסקאַ]״ [382] איז געווען אַן ארטיקל וועגן דער הומאַניטארער פאָרם פון גירוש קראָקע. אייגער פון די מיטאַרבעטער הלל זיידמאַן. באַקאַנט א אַלטער יידישער זשורנאַליסט מיט אַ נאָמען, רויזן פ.[382א], וואָס האָט אָפּגעזאָגט מיטאַרבעטן אין דער צייטונג. ער וויל נישט אויף דער ערטער באַפלעקן זיין נאָמען.

אויף דער לויה פון די עפּעלעך פון וואָלסקא האָבן די קינדער פון אינטערנאַט וואָלסקאַ געלייגט אַ קראַנץ מיט דער אויפשריפט: „אָד גלאָדויאָנציך דזשעטשי — דליאַ דזשיעטשי קטורע זגינעלי ז גלאָדו״.[383] אַ טייל הויפן זענען אָפּן, ווייל מען האָט אַרויסגעריסן די הילצערנע טויערן.

2, 3, 4, 5 אָקטאָבער 1940

מיינע ליבע!

דער הייגטיקער ערב ראש־השנה (אָקטאָב[ער]) איז געווען זייער א טרויעריקער. מען האָט היינט גענומען מעבל אויף לעשנאָ 4, 6, 8, אויסער־דעם געהייסן אויסרוימען וווינונגען אויף פּלאַץ זשעלאַזנעי בראַמי 8, אַ הויז וואָס געפינט זיך אין די טויערן. מאָרגן ראש־השנה וועלן אַ טייל מנינים דאַווענען שוין 6 אַזייגער פרי. אין אַ גאַנצער ריי הייף אין דער ייד[ישער] געגנט איז דאָ אויפגעשריבן „לשמוע אל הרינה״ — מיט איין וואָרט: מען האַנדלט מיט פלעצער. געהערט אַ סך גוטע גרוסן פון דער אויפפירונג פון די קראָקעווער יידן לגבי די אַרויסגעשיקטע פון לאָדזש (געקומענע פון ראַדאָגאָשטשער לאַגער). געקומען האַלב נייַן אינאָוונט קיין קראָקע. אין

[380א]) ד״ר אַדאָלף זילבערשיין?

[381]) היטלער.

[382]) „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“, די איינציקע יידישע לעגאַלע צייטונג אין דער פּוילישער שפּראַך, אָרגאַן פון יודענראַטן, דערשינען 2 — 3 מאָל אין וואָך אין קראָקע אין די יאָרן 1940 — 1942. דער ערשטער נר. דערשינען 23 יולי 1940, דער לעצטער אין אַפּריל 1942.

[382א]) ראָזענפעלד, „באָנטשע“? דערנאָך האָט ער דאָ מיטגעאַרבעט.

[383]) „פאַר די קינדער, וואָס זענען אומגעקומען פון הונגער — פון די קינדער וואָס הונגערן“. אין יתומים־אַנשטאַלטן, וואָס אויף וואָלסקע, זענען געשטאָרבן פיל קינדער פון הונגער. מיטן אַנשטאַלט האָט פאַרוואַלטעט די יידישע קהלה.

אַ האַלבער שעה געווען אַלע אין וווינונגען. דריי טעג געפּאָרן מיט דער באַן אָן עסן און טרינקען.

היינט האָט זיך אָנגעהויבן אויך די אויסזידלונג פון פּאָלאַקן פון גע־וויסע גאַסן אין דרום: פּאָזנאַנסקאַ, ווספּולנאַ, וואָס שייך די יידן, אויב מען נתנט אַ ביסל מעות, לאָזט מען אַ ביסל לענגער צייט און מען דער־לויבט אַלץ אַרויסצונעמען. די אומרואיקייט ביי דער ייד[ישער] באַפעלקע־רונג] איז אַ שווידערלעכע. קיינער ווייסט נישט, צי ער וועט מאָרגן שלאָפן אויף זיין געלעגער. מענטשן אין דרום זיצן אַ גאַנצן טאָג אין דער היים, וואַרטנדיק אויפן מאָמענט, ווען מען וועט קומען און פאַרטרייבן. די פּראָ־צעדור פון נעמען מעבל, זאַכן, אַזעלכע: מען פאַרמאַכט אינדערפרי דעם טויער און מ׳לאָזט קיינעם נישט אַרויס. מען פאַרציילט וועגן רומקאָווסקין, אַז ער פלעגט רעדן צו זיי בזה הלשון: „צי מעג דער יודע רעדן".

היינט דעם 3 אָקטאָבער, ערשטער טאָג ראש־השנה, געווען אַ שלעכטע שטימונג. מען האָט געהייסן די יידן פון דזיעלנע 31 פאַרלאָזן דאָס הויז אין משך פון אַ קורצער צייט. פאַר דער דערלויבעניש אַרויסצוטראָגן די וואַליזע האָט מען דעם סטרוזש געצאָלט 10 זל. אויך דער פּוילישער שומר האָט געמאַכט געשעפטן. יידן האָבן אַריבערגעוואָרפן זייערע זאַכן איבערן פּלויט. — די מעשה מיטן פּלאַץ זשעל[אַזנעי] בראַמי 8 געווען אַן אַפּערע. עס האָט זיך געענדיקט מיט איינצאָלן צו 150—200 זל.

סצענעס אין טראַמוויי — אַ ייד מיט אַ דאַשיק און אַ רויטע פּאַטשיילע אויפן האַלדז רופט זיך אָן צו אַ יידישער פרוי, וואָס רעדט צו אים פּויליש: — „אין יידישן טראַמוויי רעדט מען יידיש". רופט זיך אָן אַ צווייטער: „און העברעיש? — העברעיש אויך". אַן אַלטער ייד גייט אַרויס פון טראַמ־וויי און זאָגט צום עולם: „אַ גוט יאָר יידן". מיט איין וואָרט: מען פילט זיך היימלעך. מער נישט, עס איז אַ ביסל צו ענג. קאָנדוקטאָרן מאַכן אויך געשעפטן מיט יידן: מען גיט נישט קיין בילעטן און מ׳נעמט דערפאַר געלט. — די צענניקעס אין די ייד[ישע] רעסטאָוראַציעס מוזן זיין אין יידיש. אַן אויסל[ענדישער] בירגער אָן אַן אַפּאַסקע געוואָלט אַריינגיין אין יידישן טראַמוויי, אָבער דער קאָנדוקטאָר האָט אים נישט אַריינגעלאָזט.

די חזיריי פון די וואַרש[עווער] גבירים. ווען פאַראַיאָרן געהאַלטן ביי אַ געטאָ און געווען באַשטימט אַ קאָנטריבוציע פון 300 טויזנט זל., האָט דער פּעטער [384] געמוזט געבן איבער 100 טויזנט, די וואַרש[עווער] גבירים געגעבן צו 20 זל. איצט אין אָקט[אָבער] זאָגט מען, אַז די סאַניטאַרע מאַכט און חיילישע איז קעגן דעם געטאָ. אין זויכן־געביט וווינען 350 טויזנט יידן און 150 [טויזנט] פּאָלאַקן, אויסער די מויערן 75 טויזנט יידן, די גע־דיכטקייט איז אין שפּער־געביט 9 מאָל גרעסער ווי אויסער דעם. אויס־פאַרקויף איז די וויכטיקסטע הכנסה־קוועלע פון טויזנטער, טויזנטער יידן.

---

[384] דער דזשאָינט.

עס איז דאָ, זאָגט מען, אַ גענעראַל־גוווערנעמאַן און אַ גענעראַל־באַמ־באַרדעמאַן (איבעריקנס אשכנז)· אין פראַגע אויפן בית־עולם זענען הונדערטער קריסטן עולה רגל צו דעם קבר פון אַ מאַמע מיט 7 קינדער, וואָס זענען געפאַלן בשעת דער באָמבאַרדירונג. דער מאַן, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, האָט איר געלאָזט מאַכן אַ מצבה, אויף וועלכער עס איז אויסגעקריצט זיין פערזאָן, ווי ער באַוויינט די פרוי מיט די קינדער.

געהערט היינט וועגן גירוש פון (4 [אָקטאָבער]) יידן פון זגיערזש.[385] די יידן מעגן ווינען אין די אַרומיקע דערפער, אָבער די פויערים טאָרן נישט פאַרקויפן מער ווי איין קילאָ קאַרטאָפל. אויך די יידן פון ריישע זענען פאַרטריבן געוואָרן. געהערט וועגן אַ פויל[ישן] פראָפעסאָר אין אָראַניענבורג,[386] וואָס אין לעבן געווען אַ מלאך, האַלט שאין שום עצה לאשכנזים מהדור החדש רק להשמיד.[387] אַ פשוטער ייד פון א קליין שטעטל איבערגעלעבט שווערע פורעניות, געזאָגט, אז מסתמא מוזן זיין אין אשכנז שולן פון פייניקן, אַ נישט פאַרשטייט ער נישט ווי עס נעמט זיך צו מענטשן אַזאַ חיהשקייט. די פאַמיליע פרייזדליין, 3 טעג נאָכן 27־טן סעפט[עמבער], דעם טאָג ווען מען האָט דערוואַרט דעם טויט פון אַ גרויסן רשע אין דייטשלאַנד, זיך איינגעבראָכן נאָכדעם, ווי עס איז נישט דערפילט געוואָרן און באַגאַנגען מיט דער פרוי זעלבסטמאָרד. מיט עטלעכע טעג צוריק געכאַפּט צו דער אַרבעט יידן פון בית־עולם (ערב ראש־השנה). — אַ קריסטין וויל איינשטייגן אין ייד[ישן] טראַמוויי. מען לאָזט זי נישט, שרייט זי: „קוקט נאָר, זיי טראַמוויי איז אויך נאָר פאַר יידן". אַן עלטערע יידענע מיט אַ טשיפּעק רופט זיך אָן צו ייד[ישע] קינדער: „דאָ מעגט איר דאָך רעדן יידיש". נעכטן האָט מען אָפּגעשטעלט דעם ייד[ישן] טראַמוויי און גענומען יידן צו דער אַרבעט. פאַר אַריינלאָזן א קריסט אין טראַמוויי, צאָלט דער קאָנדוקטאָר 1 זל. שטראָף. פאַראַן פאַלן ווען קריסטן ווילן דווקא פאָרן מיטן ייד[ישן] טראַמוויי. „איך בין נישט קיין אַנטיסעמיט" — שרייט איינער. אַ טייל יידן זאָגן: „מיר האָבן דערלעבט אַ טראַמוויי מיט אַ מגן דוד". אַנדערע מאַכן אַ וויץ: „אפילו מיט אַ מזוזה". אין דעם קוטנער געטאָ אין קאָנסטאַנציאַ איז מיטן הסכם פון דער מאַכט פאָרגעקומען אַ געדענק־טאָג נאָך הערצלען ווי אויך נאָך זשאַבאָטינסקין.

לעצטנס ביים אַרויסנעמען מעבל פון ייד[ישע] שטובן זענען באַשעפטיקט בלויז אשכנזים, צו יידן האָט מען נישט קיין צוטרוי, ווייל זיי פלעגן אַראָפּטראָגן און אַרויפטראָגן.

---

385) בעתן גירוש פון זגיערזש 27 דעצעמבער 1939 זענען איבערגעזידלט געוואָרן העכער 2.500 יידן קיין גלאָוונע.

386) קיין אָראַניענבורג זענען אין נאָוועמבער 1939 פאַרשיקט געוואָרן די פראָפעסאָרן פון קראָקעווער הויכשולן, בלויז איינצלנע פראָפעסאָרן זענען באַפרייט געוואָרן.

367) פון העבעריש: נישטאָ קיין שום עצה אויף די דייטשן פון נייעם דור. (נאצים) זיי נאָר אויסראָטן.

היינט דעם 5־טן אָקטאָבער איינגעשיבנט איבער הונדערט לאָדזשער יידן. יש שאומרים, וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס געטאָ, אַנדערע: וואָס האָבן געשמוגלט סחורה אָדער אַרויסגעפירט זייערע זאַכן מיט דער הילף פון אשכנזים, וועלכע האָבן זיי געמסרט. אויסערדעם איינגעשיבנט עלטערן, אפילו יידן איבער 60 יאָר, וואָס זייערע קינדער האָבן זיך נישט צוגעשטעלט אין די אַרבעטסלאַגערן, אויך גענומען די לאָקאַטאָרן, וואָס די סובלאָקאַטאָרן זיך באַהאַלטן.

אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן מעגן גיין אין געטאָ ביז 9 פון 7 פרי, אויסערן געטאָ פון 8 ביז 7, פאָליאַקן ביז 11. א יידענע אריין אין ייד[ישן] טראַמוויי: „ז נאָווים טראַמווייעם שטשענשטשא".[388]

אין ראש השנה האָט מען גענומען צו דער אַרבעט אויף ראַקאָוויעצקאַ זייער אַ סך עלטערע יידן מיט גראָע האָר. פראַנק אָדער לייסט האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין כוח אין אַזאַ טעמפּאָ [דורכצופירן] דאָס אַלץ, וואָס יידן טראַכטן אויס (געטאָ א. א.). אַנדערע זאָגן, אַז יענע שרייבן אונטער דאָס, וואָס יידן טראַכטן אויס. בשעת עס איז געווען אַקטועל די פראַגע פון געטאָ, האָבן די קריסטלעכע בעלי־מלאכות פון זויכן־געביט זיך געווענדעט צו דער מאַכט: צוליב דעם איבערזידלען וועלן זיי פאַרלירן זייער ביזאיצטיקע ייד[ישע] קליענטעלע, מיט וועלכער זיי זענען ענג פאַרבונדן. גאַלגען־הומאָר ווערטלעך: נאָך וואָס דאַרפן די אשכנזים באָמבאַרדירן לאָנדאָן און פאַרלירן בענזין, בעסער זאָלן אשכנזים ב־רלין און יענע לאָנדאָן. קריסטן קענען אַריינגיין אָן באַגרענעצונגען אין הויפּט־פּאָסט־אַמט, יידן בלויז צו צען, דעריבער אַ גרויסע ריי אין פרייסן דער עיקר פון פרויען. די יידן האָבן געוואָלט די מלחמה — די יידן זענען שולדיק אין דער מלחמה. דאָס איז א פּזמון, וואָס חזרט זיך איבער אין אַלע שמועסן מיט יענע, אפילו די בעסטע. — געווען אין אַ קיך, געהייסן אַראָפּנעמען די אויפשריפט: „אַ פריילעכן יום־טוב".

די ריין יידישע טראַמווייען, ד. ה. איינצלנע וועגן, האָבן אַ טאָוול מיט אַ גרינעם קאָליר. ווען עס פאָרן צוויי וואָגנס אין איין צוג: איינער פאַר יידן, אַ צווייטער פאַר קריסטן (דער יידישער דער הינטערשטער), דאַן איז דער טאָוול האַלב געל. אַ סך פירמעס, ווי „ווערדעל" א. א. האָבן אַראָפּגענומען די אויפשריפטן: „יידן זענען נישט געוווּנטשן". כאַראַקטעריסטיש, אַז ביי דער ייד[ישער] פירמע „פּלוטאָס" געווען אַן אויפשריפט: „יידן זענען נישט געוווּנטשן". מיר באַקאַנט אַ פירמע, וווּ געצווּנגען די אָפּגעזאָגטע ייד[ישע] אַרבעטער צו קומען, ווייל נאָך נישט באַהערשט אַלע סודות פון דער פאַבריק און געדראָט מיט גאַלעגען, אויב זיי וועלן זיך נישט מעלדן. אין אַ טייל אַמטן אין דיסטריקט נעמט מען יידן אַזוי [אויף]: „וועג, וועג!" — און מען מאַכט מיט די הענט: די „שמוציקע" יידן זאָלן נישט צוגיין צו נאָענט. — „מאַכן זי דאַסס, זי

---

388) גליק־וווּנטשן מיטן איינפירן נייע טראַמווייען.

פערשווונדען״ — צו אַ יידישער פרוי אין דיסטריקט, יענע געענטפערט: „איך בין נישט קיין לופט, איך זאָל פאַרשווונדן״. געהערט וועגן אַ גדול, וואָס האָט זיך ביים ייד[ישן] אַריינגייער פאַרזיכערט אולי, טאָמער.

אַ ייד פון איבער 60 געאַרבעט שווער אין ראש השנה, געבעטן ביי יענע וואַסער, געענטפערט, אַז אַ ייד דאַרף שטאַרבן און נישט באַקומען קיין וואַסער. — אויף נאַלעווקעס גיט מען צו וויסן וועגן כאַפּן דורך פליער: „אַליאַרם לאָטניטשי נאַ מיאַסטאָ וואַרשאַווען, אַליאַרם טרוואַ, נאַדכאָדזשי, פשעשעדל״.[389] זייער אינטערעסאַנט די קעגנזייטיקע הילף: מען זאָגט אַלע מענטשן אויף דער גאַס, אַז מען כאַפּט דאָרט און דאָרט. קריסטן זאָגן אָן, למשל, אַז מען שלאָגט און הייסט אַראָפּנעמען דעם הוט פאַר נישט גריסן.

דעם [הער] פירער־פּירנציפּ געפעלט אַ טייל יידן. געזען אַן אָנפירער פון 6 האַנטווערקער־פאַריינען, ער גייט אין שטיוועלעך און רעדט אין אַ טאָן פון אַ זעלבסטהערשער. ער שטרייכט אונטער אַ סך מאָל דאָס וואָרט „איך״, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ גאָט־געזאַלבטער. די סיבה פאַרוואָס יידן מעגן אַרויסגיין ערשט 7 אַזייגער איז אַן עקאָנאָמישע, מען וויל נישט יידן זאָלן אויסקויפן פּראָדוקטן ביי פּויערים, וואָס קומען אָן פון די דערפער. אַ ייד האָט געדאַווענט שלעכט ראש־השנה. אויף דער פראַגע פאַרוואָס, [געענטפערט]: וואָס פאַר אַ יאָר, אַזאַ דאַווענען. אשכ־נזים באַזוכן וואַרשע, זעען דאָ חורבות, זאָגן זיי: ווייזט אויס, אַז אויך דאָ זענען געווען פּיראַטן...

דער קאָזיעניצער רבי האָט געזאָגט וועגן דעם „לאָבוז פּראַצי״,[390] געהערט היינט גרוסן פון די אַרבעטס־לאַגערן. אַמבעסטן איז אין טי־שאָוויעץ און שעדלישטש.

די וואַרש[עווער] קהלה ווייזט אַרויס דעם קלענסטן אינטערעס צו אירע לייט. אַמבעסטן ארבעט ראַדאָם, וואָס שיקט אָפּט אַרויס מענטשן מיט ברויט, מעדיקאַמענטן א. א. עס ליגן קראַנקע וואַרשעווער, וועלכע מען האָט אָבער נישט אויסגעטוישט אויף אַנדערע, און זאַבלודאָווסקי[391] זאָגט, אז עס איז „אָל־רייט״. אַ ייד אין טישאָוויעץ האָט זיך אונטערגענומען צו באַשפּייזן די לאַגעריסטן צו 65 גראָשן אַ טאָג. געלייענט מיט עטלעכע וואָכן אַ בריוו פון בעלזשיץ: „איידער דו וועסט דאַרפן גיין אין לאַגער, וואַרף זיך אַריין אין דער ווייסל״. און דאָך איז ביי די פּאָלאַקן פאַראַן

---

389) „דער לופט־אַליאַרם אויף דער שטאָט וואַרשע דויערט, ער קומט אָן ער איז אַדורך,,.

390) אַ ווערטער שפּיל „לאָבוז — אָבוז (פּראַצי)״.

391) בנימין זאַבלודאָווסקי, ראַטמאַן פון דער וואַרשעווער קהלה פאַר דער מלחמה. אין דער געטאָ־צייט מיטגליד פון וואַרשעווער יודענראַט, לייטער פון פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג, טשערניאַקאָווס רעכטע האַנט. געשטאָרבן דעם דריטן יאַנואַר 1942. זאַבלודאָווסקי געווען אויך מיטגליד פון זיבנפּערזאָניקן פּרעזי־דיום פון יי. ס. אָ.

די איבערצייגונג, אַז די לאַגע פון די ייִדן איז אַלץ בעסער ווי זייערע. געהערט וועגן אַ גאַנצער ריי פאַקטן, אַז פויל[ישע] קונדן שיקן פעקלעך מיט לעבנסמיטל צו זייערע ייד[ישע] סוחרים אין לאָדזשער געטאָ, אַלס דעקונג פון זייערע חובות. געהערט וועגן דעם רירנדיע דערציילונגען.

צום באַדויערן איז דער ייד[ישער] טראַמוויי שמוציקער ווי דער נישט ייִדישער. ווער איז שולדיק? אָדער די טראַמוויי־פאַרוואַלטונג, וואָס זאָרגט ווייניק פאַר דער ריינקייט, אָדער די ייִדן, וואָס פילן זיך צו היימיש. — היינט האָט מען אויף מאַרשאַלקאָווסקא אָפּגעשטעלט דעם ייד[ישן] טראַמוויי, געהייסן די ייִדן אַרויסגיין, איבערגעדרייט די טאָוול אויף ווייס און די אויפשריפט „נאָר פאַר ייִדן“ אַרויסגעוואָרפן אויפן ברוק, און געפאָרן אנשי חייל. עס קומען לעצטנס פאָר פאַלן, אַז ייִדן פון דרום טוישן וווינונגען מיט קריסטן פון דער צפון־געגנט. די ייִדן זיצן אין דרום אויף די וואַליזקעס און וואַרטן אויפן מאָמענט, ווען מען וועט זיי הייסן אַרויסגיין פון דאָרט. אשכנזישע אַגענטן, גערופן אַספּיראַנטן — האָט מען מיר געזאָגט — באַקומען נישט קיין שכירות; זיי מוזן דעריבער אַליין זיך שאַפן פרנסה אין משך פון 3 יאָר, וואָס עס דויערט זייער אַספּיראַנטור. פון דאַנען די מעשה מיטן פלאַץ זשעלאַזנעי בראַמי 8, ווו מען האָט אויסגעקויפט זיך די כלומרשטע באַזייטיקונג מיט 100—200 זל. פון אַ דירה. דער עולם וואַרט, אַז אַמעריקע זאָל צוטרעטן צו דער מלחמה, אָבער גלייכצייטיק שרעקט מען זיך, וואָס מען וועט טון מיט די ייִדן. די גרעסטע אָפּטימיסטן הויבן אָן צו ספקענען, צי מען וועט דאָס אַלץ איבערלעבן. הגם סוף־כל־סוף גלויבט מען אין אשכנז מפלה. אייגנטלעך איז שווער צו וויסן, אויף וואָס מען האָפט און ווי אַזוי מען שטעלט זיך פאָר די לייזונג. מען זאָגט, אַז צווישן די אַנשי חייל זאָל מען האָבן געטיילט אויפרופן וועגן מאַכן אַ סוף צו דער מלחמה. אָבער די ידיעה איז נישט קיין זיכערע. דערווייל אימפּאָנירן די אַנשי חייל מיט הענטשקעס, מיט גלאַנציקע שטיוול, גלאַט ראַזירטע, גוט דערנערטע, מיט עלעגאַנטע פון בעסטן שטאָף מונדירן.

מען פאַרציילט, אַז אַ ייד פאָרט מיטן טראַמוויי, ווען מען קומט צום פלאַץ ענטפערט ער אמן. די נאָטיץ אין „שטירמער“,[392] אַז מיטן מאָמענט פון צוטרעטן פון אַמעריקע צו דער מלחמה, וועט מען מאַכן אַ סוף צו דער ייִדנפראַגע אין אייראָפּע, האָט דאָ געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. פראַנק האָט געהאַלטן [?] זאָגט מען — אַ רעדע פול מיט שנאה צו ייִדן. מען דערוואַרט מאַקע אַ נידיזשע — — די ידיעה וועגן באַגרענעצן די אויפהאַלטס־שעהן פון די ייִדן אויסער די מויערן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק. מען רעכנט, אַז זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָר אויף די טעג פון פראַנקס אויפהאַלט אין וואַרשע. געוועזן

392) „דער שטירמער“, היטלערישע צייטשריפט, רעדאַגירט דורך יוליוס שטרייכער, זיך אויסגעצייכנט מיט ווילדן אַנטיסעמיטיזם.

היינט אַ בילד: שילער פון קאָנאַרסקיס מיטלשול שלאָגן יידן אויפן גאַס. עלטערע קריסטן שטעלן זיך אַנטקעגן און אין גאַס אַנטשטייט צוליב דעם אַ צוזאַמענלויף. דאָס זענען זייער אָפטע דערשיינונגען: פון רעאַגירן דורך פּאָלאַקן אויף אָנפאַלן מצד קריסטן — דערשיינונגען, וועלכע מען האָט נישט געזען פאַר דער מלחמה. פראַנק האָט דעפּעשירט צו טשערניאַקאָוון, די יידן זאָלן נישט פּראָדוצירן אַזויפיל גזירות, ווייל ער איז נישט אימשטאַנד דעם נאָכצוקומען. די קריסטן פון אַלטשטאָט מיטן גראַף טאַרנאָווסקי האָבן אונטערגענומען אַן אַקציע אַרויסצונעמען דאָס אַלטשטאָט פון געטאָ. ווי אַזוי עס איז בטל געוואָרן די געטאָ-גזירה אין וואַרשע? גראַף ראָניקער [393] האָט אינטערווענירט אין קראָקע ביי דער אַנטשפּרעכנדער מאַכט (קונדט,[394] פון דער אַמאָליקער טשעכאָסלאָוואַקיי). אין צימער זענען געווען 4 פאָטעלן. קונדט איז געווען אויפגעבראַכט, ווי וואַגט ער צו אינטערווענירן פאַר יידן. אין אַ געוויסן מאָמענט, האָט זיך דערהערט אַ זיפץ. דאָס האָט אַ גרויסער הונט אַ זיפץ געטון, דערנאָך האָט ער אַ צווייט מאָל אַ זיפץ געטון און דערמיט האָט זיך געביטן די שווערע שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין דעם גרויסן זאַל און די גזירה פון געטאָ איז אָפּגערופן געוואָרן.

היינט איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן גיין אויסערן געטאָ פון 8 ביז 7, ווי אויך וועגן אָפּטרעטן דעם פּלאַץ אויף אַ זיכטבאַרן אופן פאַר אַן איש חייל דורך אַראָפּגיין פון טראָטואַר. געזען אין אָוונט אַ בילד אויף זאַמענהאָפּאַ, ווי איינער זיך געלאָזט ווילגיין. יידן זאָגן, אַז דאָס אַרט זיי גאָרנישט, ווייל זיי זעען אַזעלכן, באַהאַלטן זיי זיך אין טויער. דער פאַרבאָט אַרויסצוגיין פריער פאַר 8 איז אַ שווערער קלאַפּ פאַר די יידישע קליינהענדלער, וואָס מוזן גיין איינקויפן אין די פאָרשטעט. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן יידישע בעקערס אויסצובאַקן ווייס ברויט, דאָס איז אַ שווערער קלאַפּ פאַרן גאַנצן פאַך. יידישע בעלי־מלאכות, אויב זיי באַנוצן נישט זייערע מאַשינען, ווערן זיי פונאַנדערגעטיילט. אין דער וואַרשעווער צייטונג געווען אַ באַריכט וועגן אַ קאָנפערענץ פון דאָקטוירים, וואָס האָט אָנערקענט, אַז עס איז דרינגענד נויטיק צו איזאָלירן די יידישע באַפעלקערונג פון דער אַלגעמיינער דורך אַ געטאָ.

היינט פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז עס זאָל אַרויס אַ פאַראָרדנונג וועגן דעם, אַז יידן וועלן מוזן טראָגן סאַמעטענע היטלעך און פרויען — טיכלעך. היינט איז פאָרגעקומען דאָס אַרויסוואַרפן די יידן און פּאָלאַקן פון אָרעמע הייזלעך אויף פּאָווישלע, דער טערמין איז 3 טעג. געהערט היינט, אַז דער רוב טרעגערס פון נאַלעווקעס זענען מוסרים, זיי גייען נאָך נאָך סוחרים, וואָס

---

[393] גראַף ראָניקער געווען לייטער פון ר. ג. אָ., זע הערה 301.

[394] ערנסט קונדט (געב. 1897). אין 1939 געווען קרייזהויפּטמאַן אין טאַרנע, איז אין 1940 געווען אונטערשטאַאַטס-סעקרעטאַר אין דער רעגירונג פון גענ. גובערניע. זייט האַרבסט 1941 — גובערנאַטאָר פון ראַדאָמער דיסטריקט.

טראָגן פעקלעך און מסרן דערנאָך. די וואָס מסרן נישט, גייען אויס פון הונ־גער. געווען אַ פאַל: גענומען 100 זל. פאַר נישט מסרן און אין אַ שעה אַרום געקומען מיט אַן אויטאָ און אַלץ צוגענומען. געהערט די נאַכט וועגן אַזאַ סצענע. דריי ביינאַכט ראשים אנשי חייל געשלאָגן אַ ייד: „דו האָסט געזאָגט, אַז ער האָט בריליאַנטן און ווו זענען זיי?". א סך מענטשן פון דרום־געגנט האָבן דאָפּלטע וווינונגען: אין דרום און אין צפון.[395] ר' יצחק[396] אויסגעלייזט געוואָרן פון אַרבעט פון הענט סעקציינ' פאַר 20 זל. פאַראַיאָרן סוכות זענען געווען לאַנגע רייען צו די אתרוגים. נישט ווייסנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבן אויך קריסטן זיך איינגעשטעלט אין דער ריי. יידן גייען אויך פרייוויליק צו דער אַרבעט אויפן דאָרף, כדי צו באַפרייען זיך פון די אַרבעטס־לאַגערן. געהערט וועגן גריצע. דאָרט אַרבעט אַ גרופע יונגעלייט פרייוויליק ביי אַן אַשכנזישן פריץ. אַ מאַסע יידן פון קראָקע צוריקגעפאָרן אַהיים. דאָרט קענען זיי זיך מעלדן בלויז אויף צייטווייליקן אויפהאַלט, זיי באַקומען נישט קיין באָנעס וכדומה. לויט אַ פאַראָרדנונג פון דער מאַכט מוז מען ביז סוף אָקטאָבער ווענדן זיך נאָך אַ דערלויבעניש צו קענען באַשעפטיקן אַן אַרישע דינערשאַפט, אָדער צו באַפרייען.[397] געהערט וועגן אַ משומדישע פאַמיליע, וואָס האָט באַקומען 8 חדשים תפיסה פאַר נישט טראָגן דעם שאַנד־באַנד. געהערט וועגן אַן אַשכנז, וואָס זעענדיק אַ ייד אַראָפּגיין פון טראָטואַר אויף האָזשע, האָט ער אים געפרעגט נאָך וואָס ער האָט עס געטון, אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און אָפּגעפירט צו דער וווינונג. אַן אַנדערער האָט פון דער־ווייטנס געמאַכט מיט דער האַנט, דער ייד זאָל אַראָפּגיין פון טראָטואַר. דאָס צווינגט די יידן צו גיין אין יענע געגנטן זיגזאַגווייז פון איין טראָטואַר אויף דער צווייטער זייט און צוריק.

אַרום 10 אָקטאָבער 1940

צי איז פאַראַן אַן אָפּאָזיציע גרעסער ווי פריער. דער פּלאַן פון מאַדאַ־גאַסקאַר[398]. באַציונג צו יידישער עמיגראַציע פון דער אמל. לייטונג אין דער פּאַרטיי. 50 פּראָצענט אַשכנזים יידן אין אַרבעטסדינסט. 100 פּראָצענט יידן אין אשכנז. דערפון אַ העלפט איבער 55 יאָר, פרויען צוואַנג ביז 35. מענער ביז 55, ביז 70 פאַר די וואָס באַקומען אונטערשטיצונג. געלע אַרעמבינדעס מיט אַ מגן דוד. 72 פעניג אַ שעה. איין פּסיכאָלאָגישער קלאַפּ גענוג צו צעברעכן.

---

395) ד. ה. אין פּוילישן און יידישן ראַיאָן.

396) ד"ר יצחק שיפּער (1884 — 1943) באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער.

397) לויט פראַנקס פאַראָרדענונג פון 19 סעפּט. 1940.

398) דער פּלאַן פון די היטלעריסטן אין 1940 האָט פאָרויסגעזען די דע־פּאָרטאַציע פון עטלעכע מיליאָן אייראָפּעישע יידן אויף דעם אינדזל מאַדאַגאַס־קאַר. דעם אינדזל האָבן געזאָלט איבערנעמען די היטלעריסטן און איינאָרדענען דאָרט אַ גיגאַנטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר יידן.

— דער איינדרוק פון פאַרנעמען פראַנקרייך, פון וואפנשטילשטאַנד. סלאָוואַקיי. אַרויסגעשלאָסן פון שולן. אונטערגעצונדן די שולן. ווישי [399] באַזייטיקט די יידן פון אַמטן. פרעמדע יידן אינטערנירט. קאָנפיסקאַטעס ביי אָנגעזעענע יידן אויף א סכום פון 825 מיל. באַנק מאַריאַן [?] פאַרמאַכט. דער גוווערנער פון מאַדאַגאַסקאַר אברהם שראַמעק [?]אַרעסטירט. 4 סעפּטעמבער עקסצעסן אין מאַרסייל און ריוויעראַ 30 טויזנט יידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. צווישן זיי 3.500 פון בעלגיע און 1.500 פון עלזאַס. פאַרבאָטן אומצוקערן די, וואָס אַנטלאָפן אין ווישי. צוזאַמען הונדערט טויזנט אָן הילף. נישט באַזעצט פראַנקרייך. באַצייכנט די יידישע געוועלבער. געלע אַרעמבינדע. אין באָרדאָ, אין אַר — — פאַפירן מיט א ספּעציעלער אָפּצייכנונג. מאַכינאַציעס פון יידישע פירמעס. שחיטה פאַרבאָטן. פאַרניכטעט די שול אין שטראַסבורג. אַלזשיר, אָפּגעשאַפן די ציווילע פראַנצויזישע רעכט —אַשכנז, ייד(ישע) געטאָ סכראָנעס אָדער ייד(ישע) בענק אין די סכראָנעס.

— — יידן קיין אַפריקע. אונדזער אַן אַשכנז אין מיליטער. 9 טויזנט יידן פון בייערן און פּאַלאַטינאַט אין דעם נישט באַזעצטן טייל פון פראַנקרייך. 300 הכשרניקעס. אין אונגארן באַזייטיקט יידישע דעפּוטאַטן. פאַרבאָטן קאָרעספּאָנדענץ אין יידיש און העברעיש. פאַרמאַכט אַלע אָרגאַניזאַציעס. לאַגער פאַר 70 טויזנט יידן. בודזשעטן [?] אין די לעצטע יאָר פאַרקלענערט זיך מיט 10%. דזשוינט 600 טויזנט דאָלאַר אין לעצטן זומער. טראַנסילוואַניע דריי טויזנט יידן פון דער רומענישער אַרמיי צוריקגעשיקט 6%, צוגענומען[?] איטאַליע פאַרבאָט צו פאַרקויפן שולביכער, גאָלדוואַרג. פאַרקלענערט די אויסהאַלטונג פון די אויסלענדישע אינטערנירטע יידן.1650 יידן אינטערנירט, 1350 אויף דער פרייהייט. אין פאַלענצוי (דרום) אַ לאַגער פון 2000 יידן. 300 עולים קיין א״י אומגעקערט הינטער שטעכיקן דראָט. לאַטיין־אַמעריקע, באָליוויע פאַרבאָט פון עמיגראַציע [אימיגראַציע?]. אַרעשטן פון נאַציס אין — דרום אַמעריקאַ. „אונדזער וועג״ — אַ חודש זשורנאַל פון פּוילישע יידן אין אורוגוויי. לידע אָפּגעלייקנט די ידיעה וועגן שליסן ישיבות. „אָרט״ אין ווילנע לעגאַליזירט — — לוקסעמבורג 3000 יידן געזאָלט געשיקט ווערן אין לובלינער רעזערוואַט. האָלאַנד. — — יידן פון עפנטלעכע אַמטן. אין דרשות פּראָטעסטירט קעגן דעם. רעגיסטראַציע פון די פאַרמעגנס. באַזייטיקט פון שולן. קאָנטריבוציע פון — — אויף די יידן פון האַג. אין 6 שעה פאַר אויסבאַהאַלטן ענגלישע פליער.

399) אין ווישי איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון דער קאָלאַבאָראַציאָניסטישער פראַנצויזישער פעטען־לאַוואַל־רעגירונג. די ווישי־רעגירונג האָט אַדמיניסטרירט אין דרום־פראַנקרייך, דאַקעגן דער צפון־טייל איז געווען אָקופּירט דורך דער דייטשישער אַרמיי.

מיינע ליבע!

געהערט היינט, אַז ביי דער פּ. פּ. ס. זענען פֿאַראַן אָפּנויגן אין צוויי ריכטונגען: איינע צו וויטאָסן [400] אויף רעכטס, די צווייטע אויף לינקס. די צווייטע גרופּע הייסט „ס פּ אַ ר ט אַ ק ו ס". [401] עס זענען דאָ השערות, אַז געוויסע גרופּן ווערן געפירט דורך די גאַלעען. אַ טייל אויסגאַבן, זאָגט מען, ווערן דורך זיי אַרויסגעגעבן. זיי באַקומען אַפילו שפּייז־דעפּוטאַטן. דער צוועק איז צו וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי די פּאָליאַקן. מען זאָגט, אַז אויך געוויסע גרופּן צווישן יידן זענען אונטערגעפאַלן אונטער דער דאָזיקער השפּעה. קיין באַווייזן זענען נאַטירלעך נישטאָ. די טרעגער, האָט מען מיר איבערגעגעבן, זענען אין 95% א ווערקצייג אין די הענט פון מוסרים. דער עיקר זענען דאָס געוועזענע רייטע „פראקעס", [402] וואָס האָבן געוואַנדערט פון פּאַרטיי צו פּאַרטיי, היינט זענען דאָס די ערגסטע מנוולים, וואָס מאַכן פאַרשידענע קאָמבינאַציעס. זיי קומען צו יידן אין וווינונגען און ראַבעווען בשותּפות מיט די אשכנזים. היינט שבת דעם 12 אָקטאָבער איז געווען אַ שרעקלעכער טאָג. דער מעגאַפאָן האָט אָנגעזאָגט די איינטיילונג פון דער שטאָט אין 3 חלקים: אַן אַשכנזישן, וואָס נעמט אַרום מיטשטאָט מיט נאָווי שוויאַט, אַ פּוילישן טייל און אַ יידישן. ביזן סוף אָקטאָבער מוזן אַלע אויסער די אַשכנזים זיך איבערציען אָן מעבל. געווען חושך ביי אונדז אין הויף. די בעלי־הביתטע וווינט שוין 37 יאָר אין דער וווינונג, וועלכע זי מוז אָן מעבל פאַרלאָזן, טויזנטער קריסטלעכע געשעפטן און אונטערנעמונגען וואָלטן דורך דעם חרוב געוואָרן. געהערט וועגן אַ ראש, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון טראַמוויי, זעענדיק ווי די תלמידים פון קאָנאַרסקיס שול האָבן געמאַכט אַן אָנפאַל אויף יידן, נאָכגעלאָפן זיי און אויסגעשאָסן אין דער לופט. דער פינאַל נישט באַקאַנט. אין יידישן געביט וווינען 140 טויזנט פּאָלאַקן, אויסער דעם יידישן געביט וווינען 60 טויזנט יידן. געהערט פון פּאָלאַקן וועגן פאַרמשפּטן אין טוירן [403] פּאָלאַקן אויף אַזאַ אופן, אַז מען האָט צוגעבונדן די העליקוועצן צו אַ מאָטאָציקל, זיי געבונדן די הענט און די פיס, ביז זיי האָבן אויסגעהויכט די נשמה. עס ווערט פאַמעלעך געשאַפן אַ יידיש געטאָ. דעפּעשן גיט מען אויף דורך דער פאַרמיטלונג פון קהלה, דאָס זעלבע בנוגע באַן־פּשעפּוסטקעס.

400) ווינצענטי וויטאָס (1874 — 1945), דער פירער פון דער פּויערים־פּאַרטיי, געווען עטלעכע מאָל פּוילישער פּרעמיער.

401) די אינפאָרמאַציע נישט קיין ריכטיקע. „ספּאַרטאַקוס" איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע אָנגעפירט דורך קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן. געמיינט געווים די שפּאַלטונג פון פּ.פּ.ס. אויף רעכטע וו. ר. נ. און לינקע ר.פּ.פּ.ס.

402) די אָפּגעשטעלטע רעכטע גרופּע פון דער פּ. פּ. ס. א.ג. „פראַקציא רעוואָלוציאַ".

403) Toruń

די „מתנה", וואָס איז היינט יום־כיפּור געגעבן געוואָרן פאַר די יידן איז אַ ביטערע. א טייל האַלטן אָבער, אַז פאַר די פּאָלאַקן„ וואָס האָבן אין געטאָ א סך אונטערנעמונגען, נאָך אַ שווערערע. די זיכערהייטס־פראַגע איז אויף דער וואָלוווקע געלעזט געוואָרן אויף א פשוטן אופן: אין א דאָרטיקן קאַפע זיצט אַן אשכנז אין א מונדיר. ער באַקומט 100 זל. א טאָג און דערפאַר איז ער מחויב אין יעדן פאַל פון רויב תיכף צו העלפן. א גרויסער קלאַפּ פאַר דער ייד[ישער] באַפעלקערונג איז דער פאַקט, אַז אין פראגע טאָרן יידן נישט אַרויסגיין נאָך 7 א זייגער.

דער היינטיקער טאָג זונטיק דעם 13 אָקט[אָבער] האָט געמאַכט א מאָדנעם איינדרוק. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז 104 טויזנט יידן פון דרום און פון פראגע מוזן פאַרלאָזן זייערע היימען און זיך איבערטראָגן אין יידישן געטאָ. אַלע פאָרשטעט זענען אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן. 140 טויזנט קריסטן דאַרפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. די פראגע פון קריסטלעכע אונטערנעמונגען אין ייד[ישן] געטאָ איז נאָך נישט אויפגעקלערט. מען האָט היינט א גאַנצן טאָג געפירט מעבל. די קהלה איז געווען באַלאַגערט דורך הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט געוואָר ווערן, וועלכע גאַסן עס נעמט אַרום דאָס געטאָ. מען זאָגט, אַז אַ גרופּע אַסימילירטע לערער איז געגאַנגען זוכן יושר ביי די פּוילישע אינספעקטאָרן, הלמאי די יידן ווילן איינפירן יידיש אין די פאָלקסשולן.

די טרעגער נוצן אויס יעדע סומאַטאָכע אויף צו פאַרדינען. בעת מען האָט פאַרמאַכט דאָס הויז דזשעלנע 31 האָבן זיי איבערגעוואָרפן די זאַכן איבער א פּלויט, דאַן האָבן די טרעגער פאַרמאַכט דעם טויער און פאַרלאַנגט פון יעדן פּעקל צו 2—3 זל. דאָס אַריבערטראָגן די יידן פון די פאָרשטעט ווי אויך פון דער אָרעמער פראגע באַטייט פאר זיי א פולשטענדיקע רואין, זיי וועלן אַפילו נישט האָבן קיין געלט אויף איבערזידלונג. מיט די קריסטלעכע דינסטן האָבן א טייל גרויסע צרות... מען קען זיי נישט אָפּזאָגן אָן דעם אַרבעטסאַמט, טוען זיי וואָס [זיי] ווילן. געווען פאלן, אַז זיי האָבן אָנגעטון די זאכן פון די בעלי־הביתטעס. די קריסטן פון פּאָווישלע, וואָס באַשטייען פון פּיאסקאזשעס, זאָגן אַז זיי וועלן זיך נישט רירן פון אָרט, אַפילו בלוט זאָל זיך גיסן. דער היינטיקער טאָג איז געווען א מאוימדיקער. דאָס בילד פון יידן וואָס פירן איבער זייערע בעבעכעס, האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. מען האָט געפירט מעבל, הגם עס איז [געווען] פאַרבאָטן די יידן אַרויסצופירן זייער מעבל. געווען פאַלן ווען מען האָט פאַרהאַלטן די פורן מיט מעבל און עס צוגענומען. אין וואַרטעגוי 403א. איז פאַראַיאָרן פאַרגעקומען אַזאַ פאַל: מען האָט געהייסן אַן עדה יידן פאַרשיטן דעם ראש הקהל אָדער דעם רב פון שטעטל. ווען עס האָט געהאלטן ביים האַלדז. האָבן יענע דערקלערט, אַז דאָס איז א וויץ. דער ייד האָט אָפּגעטרייסלט די ערד און א זאָג געטון: איך האָב זיי אין דער ערד. געהערט וועגן א

403א) מערב־טייל פון פּוילן, וואָס איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דײַטשישן רייך.

דראָונג מצד יענע, אַז אויב עס וועט זיך פאַרשפּרייטן דער טיפוס, וועט מען פאַרמאַכן דאָס געטאָ.

די קהלה האָט דערקלערט אַ וועֶרבירונג פון 1000 ייד[יישע] פּאָלי־ציאַנטן. דערוויילע וועלן זיי דערפילן זייערע פונקציעס ערנאַמטלעך. די פּוילשטעטענדיקע אומבאַהאַלפנקייט פון דער קהלה. מיט אַ צווייוואָכן צוריק האָבן אים [404] די 24 ראַדצעס גראַטולירט צוליב זיין נצחון; דאָס אָפּשלאָגן דאָס געטאָ. נאָך פּרייטיק, ד. ה. אַ טאָג פאַר דער גזרה האָט מען אין דער קהלה דערקלערט, אַז אַזאַ סכנה איז נישט פאַראַן. אַ טייל קריסטלעכע בעלי־בתים אין פּראַגע לאָזן נישט אַרויסנעמען קיין זאַכן אַן אָפּצאָלן דירה־געלט פאַר אָקטאָבער. אַנדערע לאָזן גאָרנישט אַרויסנעמען. „וועסאָלי קאַנציק" [405] הייסט די זייט אין די פּיפּערס וועגן דער מאַרמעלאַדע. אין אַ הויז אויף ציעפּלאַ האָבן ס. ס. לייט אַרויסגענומען מעבל, אַנטקעגן האָט געזונגען און געשפּילט אַ יידישע טרופּע. זיי האָבן געהייסן שפּילן אַ וואַלץ און געטאַנצט אינמיטן גאַס. יידישע דורכגייער גוט געקליידעט האָבן זיי געהייסן געבן 5 זל. אַרעמע 10 גראָשן און מער.

געכאַפּט אייניקע פּרויען, זיי פאַריינגעפּירט אין קעלער. דאָרט זיי גע־הייסן צופּן פעדערן, נאָך דער אַרבעט אויסגעטון נאַקעט און געגעבן צו 30 קלעפּ. לויטן נייעם געזעץ פון ד"ר פישער, גובערנאַטאָר, מעגן פּאָלאַקן בלייבן אין דייטשן שטאָטטייל, אָבער זיי טאָרן זיך דאָרט נישט אַריינ־ציען [406]. עס איז אַ מורא, אַז די פּאָלאַקן וועלן זיך פון ייד[ישן] קוואַרטאַל נישט אַרויסציען. דאָס אַרויסציען זיך פון פּוילישן קוואַרטאַל איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. אַ טייל קריסטן זאָגן, אַז זיי וועלן זיך נישט אַרויסציען. זיי וועלן אונטערצינדן די הייזער פאַרן אַרויסציען זיך. פון טשענסטאָכאָוו אַרויסגעטריבן די יידן אין אַ געגנט לעבן בית־עולם, וווּ עס קאָן וווינען זייער אַ קליינער טייל. אין אָטוואָצק דערוויילע אָפּגעלייגט דאָס אויספירן פון געטאָ [407] — —

היינט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עס וועט נישט זיין קיין קראַנקן־קאַסע. מען רעדט וועגן אַ ייד[ישע] זיטן־פּאָליציי אין וואַרשע. די גאַנצע שטאָט איז אויסגעקלעפּט מיט ווייסע צעטלעך וועגן טוישן דירות פון יידן און קריסטן. לעבן דעם קוואַרטיר־ביוראָ פון דער קהלה איז די וואָגנט ווייס. די פּאָלאַקן מאַכן פאַרשיידענע קונצן, כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל הייזער פון פּוי[לישן] קוואַרטאַל. אזוי למשל, פאַרמויערט מען די טויערן פון הייזער, ווען זיי גייען אַרויס אין ייד[ישער] געגנט און מ'לאָזט איבער נאָר דעם טויער אין פּויל[ישן] טייל. ביי דעם פּויל[ישן] המון איז

404) טשערניאַקאָוו.

405) „פּרייליכער ווינקל" — באַצייכנט די זייט אין די צייטונגען, ווו ס'זענען געדרוקט די נעקראָלאָגן נאָך די געפאַלענע דייטשע זעלנער.

406) לודוויק פישער — דער גובערנאַטאָר פון וואַרשעווער דיסטריקט.

407) אַדורכגעלאָזן עטלעכע אומלעזבאַרע שורות.

פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז די יידן האָבן צונויפגעזאמלט 5 מיליאָן זל. און געגעבן יענע, כדי עס זאָל געגעבן ווערן די יידן א גרעסערער פּלאַץ, ברייטע גאַסן וכדומה. באַזונדערס שווער איז דער מצב פון די יידן אין דייטשן טייל, ווייל זיי האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו טוישן זיך מיט די וווינונגען. אַ טייל פּאָלאַקן קלויבן זיך אויס ייד[ישע] וווינונגען און קומען מיט רעקוויזיציע־באַפעלן פון מאַגיסטראַט. אַזוי אַרום נעמט [מען] ביי די דאָזיקע יידן צו דאָס רעכט פון טוישן זיך מיט וווינונגען מיט קריסטן. אין פּרושקאָוו איז געמאַכט געוואָרן א געטאָ[408]. א טייל יידן עפּענען נישט, ווען עס קומען יענע. איינער געדאַווענט און געהאַלטן אין מיטן שמונה־עשרה. נישט געוואָלט מפסיק זיין אינצווישן, זענען זיי נישט דערוואַרטנדיק זיך אַרויס. וועגן ברענער[409]: וואָס האָט מען דאָרט גערעדט: „בעניטאָ־זביטאָ, אוי, אַדאָלף, מען דאַרף א הילף, אוי דוטשע פּוטשע, מיר זענען קאַפּוטשע, הייל ה[יטלע]ר, איך זוך א פּאַרמיטלער. און אויב אַזוי מ[וסאָלינ]י ביסט א גרויסער שוויניע, האָסט צו מיר א טענה, גיי צו טשיאַנאָ, אוי, אוי, דאָס האָט אָנגעמאַכט ריב[ענטראָ]פּ א קללה אויף זיין קאָפּ".

20 אָקטאָבער 1940

— — ווי איבערגענומען דעם דינסט. — — [410] זיי רעגולירן די באַוועגונג אין די גאסן. אויף קאַרמעליצקא האָבן זיי איינגעפירט א גוטע אָרדנונג. זיי זיצן שוין אין די קאָמיסאַריאַטן, דערווייליקע דיזשורירט נאָך דאָרט די פויל[ישע] פּאָליציי. דעם 31 ד. ח. גייען זיי אַרויס. מען זאָגט, אַז די נאַכט האָט מען אויף כלאָדנאַ אַריבערגעפירט אַ גרויסן טראַנספּאָרט צוקער. די ביידע שומרים האָבן באַקומען חמשה אלפים. נישט געקוקט דערויף וואָס די אשכנזים מוזן האָבן פּשעפּוסטקעס ביים אַריינגיין אין געטאָ, האָט מע היינט ווייטער געריבט אין אַ טייל גאַסן און צוגענומען בעטגעוואנט — — וכדומה. לאַנגע רייען פון מענטשן שטייען פאַר די אַפּטייקן, וועלכע ווערן פשוט אויסגעקויפט. אויך די הייף קויפן איין גרויסע סכומים... דער גרויסער מאַנגל אין מעדיקאַמענטן אין לאָדזשער געטאָ, ווו פאַר א לעפל ריצין האָט מען געצאָלט א סך געלט בעת דער דיזינטעריע.

די לאָדזשער, אָנגעלערנט דורך דעם געטאָ, האָבן איינגעקויפט באַזונדערס גרויסע סכומים פּראָדוקטן. שטאָט קוילן קויפט מען איין מאסנווייז האָלץ.

היינט געווען אַ געמיינער אַרטיקל אין דער פּוי[לישער] שמאַטע[411] וועגן די שיבערס, שמוגלערס, שבת־גויים, וואָס ברענגען פּראָדוקטן פאַר

408) דאָס געטאָ אין פּרושקאָוו איז פאַרמאַכט געוואָרן דעם 25 יאַנואַר 1941.

409) אין ברענער איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף פון היטלערן מיט מוסאָלינין.

410) עס רעדט זיך וועגן דער יידישער פּאָליציי אין וואַרשע.

411) פּוילישע טאָג־אויסגאַבע פון דייטשן פּראָפּאַגאַנדע־אַמט „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי".

יידן אין געטאָ. עס ווערט געבראַכט א סעריע פאָטאָגראַפיעס פון די פערזאָנען.

געהערט וועגן דער גרופּע, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן קיין פּולאווו אונטער ייד[ישער] לייטונג, אַז די באַדינגונגען זענען דאָרט גוטע. פאַרדינען 3.20, דערפון 1.20 אויף אויסהאַלטונג, דעם רעשט פאַר דער פאַמיליע. וווינען אין שטיינערנע קאַסערנעס, די דירות געווען וואַרעם, אויפגענומען מיט א פרישטיק. איבערגעשיקט די יידן פון העכריקאָוו און שכנותדיקע שטעטלעך אויף לאַנדווירטשאַפט, דאָס זעלבע אין ראַדאָמסקער געגנט. — דער עולם וויל גיין אויף אַרבעט אויף אַקענטשיע. מען קויפט זיך אויף צוריקוועגס א פאָר ברויט און פאַרדינט זיך א ביסל געלט. דער צדיק מן הגויים [412] אויסגעזידלט דעם פויל[ישן] פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון גראָכאָוו פאַר איינזעצן אין תפיסה די חלוצים. געמאַכט אים פערזענלעך פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דעם אַנרירן א האָר פון די זאַכן. געבראַכט פאַר זיי א האָ־לענדישע קו. גרויסער סענטימענט פאַר יידן, [וואָס אַרבעטן] אויף [דער] ערד. די שטרעבונג פון דער קהלה איז נישט צו שאַפן אן אייגענעם באַשפּייזונגס־אַפּאַראַט, נאָר דער מאַגיסטראַט זאָל זיך דערמיט ווייטער באַשעפטיקן. דאָס געפינט א פאַרשטענדעניש ביי די פּאָלאַקן. זייער ראש האָט צוגעזאָגט צו העלפן אין דער פראַגע. יאַנוש קאָרטשאַק אַרעסטירט פאַר נישט טראָגן א בינדע [413]. היינט האָבן די אשכנזים דערקלערט, אַז מען וועט נישט אַריינלאָזן אין געטאָ קיין קאַרטאָפל, ווייל די יידן האָבן געמאַכט גרויסע זאַפּאַסן. זיי וועלן ערשט שפּעטער באַקומען.

20 אָקטאָבער 1940

אַ יידישער מיטגליד האָט אים [...] פרעג געטון אפשר איז דאָס געווען בלויז טראַנזיט. היינט אַריינגעפירט א פור מיט זאַמד, אונטערן זאַמד חזיר־פליייש. פון איצט אָן אונטערליגט די ייד[ישע] קהלה שיינען ביי דעם אומזידלונגס אַמט [414].

מען זאָגט, אַז דאָס אונטערשרייבן דאָס שאַפן דאָס געטאָ איז פאָרגעקו־מען אין דעם רעסטאָראַן „פּאָד באַקכוסעם". פאַרטאָג שיכורהייט האָט מען באַשטימט די וואכן, וואָס זאָלן נישט אַרויסלאָזן קיין יידן פון געטאָ. אין קראָקע טאָרן קיין יידן נישט אַרויספאָרן אָן א דערלויבעניש. די וואָס זיינען

412) אַ דייטש, וואָס האָט זיך גוט באַצויגן צו די יידן; געאַרבעט אויפן געביט פון גראָכאָוו; אַ קעגנער פון היטלעריזם.

413) יאַנוש קאָרטשאַק (ד"ר הענריק גאָלדשמידט) (1878 — 1942) באַ־קאַנטער פּעדאַגאָג און שרייבער איז אַרעסטירט געוואָרן אין האַרבסט 1940 פאַר אָפּזאָגן צו טראָגן די אָרעם־בינדע מיטן מגן־דוד.

414) וואַלדעמאַר שעין (Schöhn), געב. 1904. איז געווען דער לייטער פון אומזידלונגס־אָפּטיילונג און אַמט פון גובערנאַטאָר פון וואַרשעווער דיסט־ריקט.

דאָרט מוזן האָבן אויסוויזן און די איבעריקע צווישן 15 און 50 יאָר וועלן אַרויסגעשיקט ווערן אין די לאַגערן.

היינט דעם 20 אָקט[אָבער] זיינען פאַרשפרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז אין מעגאפאָן זיינען געווען ידיעות וועגן א סורפריז פאַר יידן אין שבתדיקן טאָג. עס זיינען פאַראַן פאָלגענדע השערות וועגן דעם: אדמ.[?] געלט, גאַז 4 מאָל אַ טאָג, עלעקטריע ביז 9 אין אָוונט וכדומה. דער שמוגל גייט ווייטער, באַזונדערס אויפן בית־עולם. די קינדער טוען אויך אַריבערלויפן די גרענעץ און קויפן פּראָדוקטן אויף יענער זייט. אין מיטן טאָג האָט מען אין גאַס אַריינפירן אַ וואָגן מיט צוקער, נאַטירלעך פאַר ממתקים. מען האָט אויפן בית־עולם אַריינגעשמוגעלט אויך קי. מען רעדט געשמאַק וועגן א טראנס־פער פון יענער זייט אין געטאָ.

היינט האָט מען ווידער גענומען מעבל אין ייד[ישע] הייזער, אָבער די רויבערייען האָבן דערוויל אויפגעהערט. מען שטעלט שוין נישט אַריין יידן קיין טעלעפאָנען און די שוין פאַראַנענע וועט מען אַראָפּנעמען. עס זיינען יידן פון לודוויסין, הענריקאָוו (לעבן ווארשע) אַרויסגעשיקט געוואָרן אין א דאָרף אויף לאַנדווירט. מען קלערט איצט איבער א פּראָיעקט איינצופירן די צוכט פון דער אַלט־יידישער חיה־קאָזע. דאָס שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פולשטענדיקן מאַנגל פון מילך. מען פירט דערוויל נישט אַרויס דאָס מיסט פון געטאָ, דעריבער באַפוילן די הויז־קאָמיטעטן צו פאַרברענען עס. מען זאָגט, אַז פערזאָנען, וועלכע באַקומען רעקוויזיציע באַפעלן פון דער קהלה, קאָנען זיך באַפרייען דערפון פאַר א נדבה פון 100 זל. און מער. אסך וואר־שטאַטן און אונטערנעמונגען געבליבן אין פּראגע פאַרזיגלט. מען האָט גע־מיינט, אַז מען וועט קענען אהינקומען, דערווילע האָט מען פּלוצים אַלע פאַרטריבן בימי הגעטאָ. עס איז געפאָרן מאָלאָטאָוו [415]. און צוריק געקומען „מאלאָ־טוב״. עס איז [?] קומען ווידער אן בריוו וועגן דעם קומען פון יענע.

23, 24 אָקטאָבער 1940

היינט דעם 23 אָקט[אָבער] איז ווידער געווען דורכן מעגאפאָן א ידיעה, אז וואליצווו און צעגלאנא זענען אָפּגעפאלן און גלייכצייטיק איז אָפּגעלייקנט געוואָרן די ידיעה, אַז מען וועט פאַרלענגערן דעם טערמין אויפן נאָכן 31 אָקט[אָבער], ד. ה. ביזן 15 נאָוו[עמבער]. די מענטשן גייען אַרום משוגענע, ווייל מען ווייסט נישט וווהין מען זאָל זיך ציען. קיין שום גאַס איז שוין נישט זיכער, ווייל אומעטום איז דאָ עפּעס, וואָס שטעלט אין געפאר די גאַס. אויף צעגלאנא איז דאָ אולריכס פאבריק, וואָס האָט דעצידירט, אַז די גאַס זאָל אַרויספאלן פון געטאָ. מען זאָגט, אַז דער ראש פון אומזין לונגסאמט איז שען, וואָס איז באַקאַנט פון דעם אָרגאַניזירן דאָס לאָדזשער געטאָ [416]. מען האָט מורא, אז עס זאָל זיך נישט איבערחזרן אין וואַרשע דאָס זעלבע,

---

[415] סאָוויעטישער אויסערן־מיניסטער.

[416] ווי עס איז היינט באַוווסט, האָט שען נישט אָרגאַניזירט דעם לאָדזשער געטאָ, ער האָט בלויז שטודירט דעם אופן פון זיין אַנטשטיין און אָרגאַניזאַציע,

וואָס אין לאָדזש. היינט האָט וואָלסקא אַריינגעשיקט אירע קינדער נאַקעטע און באָרוועסע אויף טלאָמאצקי 5 [417]. דאָס האָט געזאָלט זיין א דעמאָנסטראַציע קעגן דער קהלה, אָבער דאָרט האָט מען זיי פאַרטריבן, האָבן זיי פאַר־קירעוועט דעם וואָגן. א שוידערלעכע אומזיכערקייט האָט אַלעמען אַרומ־געכאַפּט. מען ווייסט נישט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן זיך קריסטן אַריינגעריסן אויף זשעלאַזנע 43 [49 ?] און מיט געוואַלט פאַרנומען ייד[ישע] וווינונגען. זיי האָבן אויפ־געהאַנגען אַ צלם און געזאָגט: „פּרוווט דאָס רירן". ווען עס איז מיט עטלעכע טעג צוריק באַוווסט געוואָרן, אַז זשעלאַזנע מיט די אַלע שכנותדיקע גאַסן: לוצקא, וראָניא סוף שליסקא, פּאַנסקא א.א. פאַלן אָפּ, איז די פאַרצווייפלונג געווען אין לשער. יידן האָבן געזאָגט: בעסער לאָז מען אונדז אויססמען מיט גאַז איידער אַזוי מאַטערן. אין יענע גאַסן האָבן זיך געהאַט אַריבערגעצויגן איבער 7 טויזנט יידן פון די שכנותדיקע גאַסן ווי אויך פון פּראַגע. דאָ זענען געווען קליינע וווינונגען, מיט וועלכע עס פלעגן זיך טוישן יידן פון פּראַגע. קריסטן, וואָס האָבן זיך איבערגעצויגן אין ייד[ישע] וווינונגען פון דרום, האָבן געטוישט זייערע וווינונגען אויף גרעסערע, דאַקעגן די יידן האָבן פאַר־קערט, געטוישט בלויז אויף קלענערע. אויף וואַרעצקא 9 האָט אַן אשכנז בודק געווען וואָס יידן טראָגן אַרויס. יעדעס שטיקל באַזונדער. דאָרט האָט אַ ייד, וואָס אַרבעט אין קהלה, געבראַכט אַן אשכנז פון די גאַלעען און פאַרן פרייז פון אָנוויזן 40 ייד[ישע] וווינונגען מיט מעבל באַקומען פריי זיין דירה און אויך די מעבל זיינע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן מיט דעם וואָגן. — אַ טייל רייכע יידן האָבן איצט פאַרלוירן אינגאַנצן זייער געלט. למשל ברילִיאַנטן געקויפט צום פרייז פון 100 טויזנט זל. און איצט ווערט 5 טויזנט. דאָלאַרן צו 250 איצט ווערט 30 זל. האַבערבוש [418], זאָגט מען, האָט באַקומען בלומען פאַר אָפּראַטעווען פאַר די קריסטן אַ טייל גאַסן, ער זאָל האָבן אינטערווענירט אין בערלין. מיט עטלעכע טעג צוריק איז אויפגע־שווומען אַ פּראָיעקט צו פאַרנעמען מילנא און דורכדעם האָבן אַ וועג צום עוואַנגעלישן שפּיטאָל. מען האָט אַדורכגעפירט אַ בליץ־ציילונג פון די גאַסן. עלעקטאָראַלנאַ 1 און 3 אויסגעשלאָסן פון געטאָ. פאַרמויערט דעם אויס־גאַנג אויף עלעקטאָראַלנאַ, געעפנט אויף פשעכאָדניאַ, וואָס געהערט נישט צום געטאָ. די ייד[ישע] באַפעלקערונג האָט מיט אַ גרעסערן שוידער אויפ־גענומען די מעשה זשעלאַזנע (30 טויזנט יידן) ווי דאָס געטאָ, ווייל צו דעם איז מען שוין געווען צוגעוווינט. די הייזער פון גראַניטשנא זענען פאַרמוי־

כדי איבערצוטראָגן אויפן וואַרשעווער געביט געוויסע מעטאָדן ביים איינשטעלן דעם וואַרשעווער געטאָ.

417) אויף וואָלסקע איז געווען אַ יתומים־הויז, אויף טלאָמאַצקע 5 איז געווען די געזעלשאַפט פאַר יידישער אַליינהילף. היינט איז דאָ דער ייד. היסטאָ־רישער אינסטיטוט.

418) באַקאַנטער אייגנטימער פון דער גרעסטער ביר־ברויעריי אין פּוילן (האַבערבוש און שילע).

ערט געוואָרן פון דעם זייט און געעפנט אַן אויסגאַנג אויף סקוזשאַנאַ, אָבער [געראטעוועט די] מיט הייזער פאַרן געטאָ.

אין די ייד[ישע] טראַמווייען איז א שרעקלעכע ענגשאַפט און אויך נישט איבעריק ריין. עס איז פשוט פריקרע צו פאָרן מיט אַזאַ טראַמוויי. גלחים זאַמלען אין אַלע גאַסן אונטערשריפטן, אַז מען זאָל געמישטע גאַסן איבערלאָזן אויסערן געטאָ. אַפילו נאָוואָליפּקי, א ריין־ייד[ישע] גאַס, ווערט געפאָדערט אַרויסצונעמען צוליב דעם קלויסטער.

דעם 21 אָקט[אָבער] א פריינט געזען א 20 יידן שטיין אויפן מוראַנאָווער פלאַץ, העגט אויפגעהויבענע. יענע רוצחים האָבן זיי זיכער געוואָלט באַראַבעווען. נעכטן דעם 22 אָקט[אָבער] האָט א פּאָלאַק אָדער א גרופּע באַנדיטן דערשטאָכן אויף טויט א ייד אויף נאָוואָליפּיע. אין פּראַגע זיך דערוווסט, אַז אין יאַנואַר האָט — — פרידמאַן — — זיך איינגעשטעלט פאַרן רב ביים כאַפּן אים צו אַרבעט און שלאָגן אים. מען האָט אים דערשאָסן דערפאַר אויפן אָרט. — אויף פּשעביעג האָט מען ביי מיינעם א באַקאַנטן 2 אַנשי חייל געפאָדערט 50 זל. אויסלייז־געלט; נישט געהאַט, געפירט אים עטלעכע קילאָמעטער אויסער דער שטאָט און דאָרט אַראָפּגענומען פון אים דעם פּאַלטן. ייד לאַכט פון שלאָף און שרייט הויך, די פרוי וועקט אים אויף. ער איז בייז און פאַרציילט: עס האָט זיך מיר געחלומט אויף די ווענט אויפשריפטן: שלאָגט די יידן, בידער מיט דער ריטועלער שחיטה וכדומה. וואָס איז די שמחה? וואָס הייסט? אונדזערע זענען געקומען.

צוויי אַדוואָקאַטן קאָראַל און טיקאָטשינסקי האָבן צוליב דער איבערזידלונגס־גזרה באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דער ערשטער איז געווען יוריסט־קאָנסול פון דער פראַנצויזישער אמבאַסאַדע.

די רעגיסטראַציע פון די וווינונגען דורכגעפירט דורך דער קהלה האָט געווירקט, אז דער פּאַסעק אויף וווינונגען האָט געפּלאַצט. מענטשן זוכן נאָענטע און באַקאַנטע אויס מורא די קהלה זאָל נישט אַריינזעצן קיין נישט אַנטשפּרעכנדע. מען זאָגט, אַז דאָס לאָדזשער געטאָ ווערט געעפנט. דאָס געטאָ אין קוטנע איז שוין געעפנט [419]. שטאָט פאַר מלחמה: „יידן קיין פּאַלעסטינע" איז היינט דאָ אַ מגן־דוד אין וואַרשע און די פּאָלאַקן אין א"י.

שוויענטאָיערסקא גאַס איז אָפּגעראטעוועט געוואָרן א דאַנק דעם ה. צוקערמאַן, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואך און נישט געלאָזט קיינעם זיך רירן פון אָרט — א נישט וואָלט די זאך געווען א פאַרשפּילטע. געוויינלעך פלעגט מאַסגעבנד זיין די לעצטע ציילונג פון לעצטן טאָג.

„זשידי דאָ פּאַלעסטיני" [420]. היינט איז פּאַלעסטינע אין פּוילן [מגן־דוד]

---

[419] אין קוטנע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געטאָ דעם 15 יוני 1940.

[420] „יידן קיין פּאַלעסטינע" — לאָזונג פּראָפּאַגירט דורך פּוילישע אַנטי־סעמיטן.

און פּאָלאַקן זענען אין א״י. אויף סמאָטשע איז פּייפּער, אויף נאָוואָליפּקי אַ קירך, מילנא שפּיטאָל, הענעבערג כלאָדנא[421].

די שענסטע אינטערנאַטן חרוב געוואָרן אין וואַרשע: קאַרטשאַק — קראָכמאַלנע. זקנים־הויז. 800 ספרי־תורות איבערפּירן. די יידן פון די פאַרשטעט פאַרבונדן מיט די דערפער. און אומבאַשרייבלעכע קאַטאַסטראָפע, ווייל זיי ווערן אָפּגעריסן פון דעם ביז איצטיקן פרנסה־מקור.

אין טראַמווייען עולם פון בעטלער און ברודיקע מענטשן — מען פירט איבער אַלע סחורות דורך די טראַמווייען. קלאַנגען, אז אין געטאָ וועט מען פאַרלאַנגען גאָלד און וואַלוטע פאַר פּראָדוקטן.

היינט דעם 24 אָקט[אָבער] איז די צעגלאַנאַ צוריק צוגעטיילט געוואָרן צום געטאָ. עס גייט אלזאָ א טאַנץ אהין און אַהער און קיינער ווייס נישט, ווען דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן. געווען אַזאַ פאַל: איינער געטוישט די דירה פון מאַרשאַלקאָווסקאַ אויף וואָגניאַ. אינצווישן איז באַוווסט געוואָרן, אַז זשעלאַזנאַ און די שכנותדיקע גאַסן געהערן נישט צום געטאָ, דעריבער געבליבן אין דרויסן, די זאַכן האָט מען אים צוגענומען אינצווישן. די קריסטן פאַרלאַנגען אין א סך פאַלן אָפּטרעטגעלט און באַקומען עס אויך. דער ייד[ישער] שפּיטאָל זאָל איבערלאָזן זיין רייכע איינריכטונג און איבערטראָגן בלויז די קראַנקע. עס איז דאָ א מורא, אז ווען דער פלעק־טיפוס וועט אויסברעכן — און ביי דער געשאַפענער סיטואַציע מוז עס קומען — וועט דאָס געטאָ ווערן געשלאָסן. מען וואַרפט פאַר דער קהלה, אַז זי טוט גאָר נישט. זי איז אינגאַנצן נישט אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר. וועגן אַרויסנעמען זשעלאַזנע האָט זיך די קהלה דערוווסט פון הילכער. פאַרצווייפלט איז די לאַגע פון די משומדים, וועלכע מוזן זיך איבערציען אין געטאָ.

25, 26, 27, 28, 31 אָקטאָבער 1940

מיינע ליבע!

דער ענין געטאָ שאַפט גרויסע קאָמפּליקאַציעס און שוועריקייטן פאַר ייד[ישע] אונטערנעמונגען, וואָס אַרבעטן אונטער א קריסטלעכן נאָמען. ווי לאַנג די פירמע איז אין געטאָ, האָט ער א מעגלעכקייט פון קאָנטראָל און בלייבט בעל־הבית. מיטן מאָמענט, ווען די פירמע טראָגט זיך איבער, פאַרלירט דער ייד[ישער] בעל־הבית אייגנטלעך זיין גאַנץ פאַרמעגן. „דו ייד[ישער] שווינדלער" האָט געזאָגט א איש חייל צו א ייד, וועלכער האָט פאַרבאַהאַלטן פאַר אים, אַז ער האָט ביי זיך געלט. די מעשה מיט דער

421) פּייפּער — אַ גאַרבעריי, הענעבערג — אַ פאַבריק. צוליב די דאָזיקע אָביעקטן און צוליב דער קירך און דעם שפּיטאָל האָט געזאָלט נאָך מער פאַר־קלענערט ווערן דער געטאָ־שטח.

פאַטשעווקע פון סדום־פראגע, אַז מען וועט זי איבערקערן וועט זי ווערן סדום.

היינט דעם 25־טן אָקטאָבער, שמחת־תורה האָבן יידן פאַרבראַכט ווי אַלע יאָר. מיינער אַ באַקאַנטער האָט געזען: אַ גרופּע יידן אין זיידענע קאַפּאָטעס, אומקערנדיק זיך פון די שולן טאַנצנדיק און זינגענדיק אין גאַס. מיט איין וואָרט — מען האָט געפראַוועט א יום־טוב. עס איז נעכטן פאָרגעקומען אַ יידיש־פוילישע קאָנפערענץ מיטן גראף ראָניקער. דער לעצטער איז אַרויס־געטראָטן קעגן דער טענדענץ פון א טייל פּאָלאַקן צו פאַרנעמען אַלץ מער גאַסן פון געטאָ. לויט זיין מיינונג דאַרף געפירט ווערן א בשותפותדיקער קאַמף קעגן דעם געטאָ, אָבער נישט אַ מלחמה פון די צוויי פעלקער: גע־הערט וועגן אַן אָנגעזעעענעם פּאָלאַק, וואָס האָט אויסגעדריקט זיין אַנטציקן, אַז נאָך יאָרהונדערטער איז מקוים געוואָרן דער חלום וועגן אַ געטאָ. יעדן טאָג ווערן פריש פונאַנדערגעקלעפּט מעלדונגען פון לייט וועגן די גרענעצן פון געטאָ, וועלכעס נעמט אַרום זשעלאַזנא אַ[ון] אַ[נדערע] גאַסן. מען זאָגט, אַז דאָס איז אַן ענטפער אויף באַמיאונגען פון די גאַלעען צו פאַרקלענערן דאָס געטאָ. לייסט דערקלערט, אַז ער וועט זיך נישט לאָזן טעראָריזירן דורך דער פּויל[ישער] באַפעלקערונג. אויף לוצקע געווען פאַלן, אַז פּאָלאַקן, וואָס האָבן זיך פאָרמיטאָג אַרויסגעצויגן, זענען נאָכמיטאָג גע־קומען נאָך דער מעלדונג פון מעגאַפּאָנען און פאַרטריבן די יידן פון די דיר־ות. צונעמענדיק גלייכצייטיק די זאַכן. דורכן מעגאַפאָן איז נעכטן געפירט געוואָרן א העצע קעגן די יידן: זיי זענען די מגפה, וואָס דאַרף אויסגעוואָרצלט ווערן. עס מערן זיך כסדר פאַלן פון שלאָגן פאַר נישט גריסן, דעריבער איז אַלץ אָפּטער דאָס גריסן. איצט קאָן מען שוין נישט גיין מיט א בלויזן קאָפּ ווי פריער. אויף אַן אָרט געווען א פארזאמלונג. נאָך דער פאַרזאַמלונג גע־שטאַנען אַן אויטאָ און געכאַפּט צו דער אַרבעט. איינער געשטעלט זיך בראש, אויסגעשטעלט דעם עולם אין 4 רייען און אַרויסגעפירט בשלום פון דער געפאַר. געהערט פאלגענדיקע אמתדיקע מעשה: געכאַפּט 200 יידן צו דער אַרבעט, יעדער באַקומען אַ נומער, געהייסן וואַרטן ביים באַן, דאָרט אָנגעקו־מען 200 פאַמיליעס קיין וואַשכנז [422]. יעדע פאַמיליע געהאַט אַ נומער. דער ייד אָפּגעפירט די גרופּע אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס און דאָרט געווען אַן איינגעהייצטע וווינונג מיט אַן אָונט ברויט אויפן טיש. עס קומען ידיעות פון פּראָווינץ וועגן איינפירן דאָרט געטאָס. פון סאָקאָלאָוו איבערגעפירט די יידן קיין ווענגראָוו [423]. פון טאָמאַשאָוו [424] טרייבט מען אַרויס כסדר צו עט־לעכע הונדערט יידן. דאָרט ווו יידן אַרבעטן — פאראַן צוויי גרופּן יידן:

---

[422] וואַרשעווער פון אשכנז.

[423] פון סאָקאָלאָוו־פּאָדל. האָט מען זייט אָקטאָבער 1940 איבערזידלט יידן, ס׳רוב גולים, קיין ווענגראָוו.

[424] דאָס איז נוגע טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, פון וועלכן מען האָט אין אָק־טאָבער 1941 אַרויסגעשיקט עטלעכע הונדערט יידן.

אייגענע, וועלכע ווערן גוט באַהאַנדלט און פרישע, וואָס ווערן געשלאָגן (שוץ־יידן).

היינט, דעם 26־טן אָקטאָבער זיינען ווידער געווען קלאַנגען, אַז טייל זשעלאַזנע גייט צוריק צום געטאָ, כדי עס זאָל זיין א פארבינדונג צווישן געטאָס [425]. עס איז אויסגעגאַנגען אין אויטאָ בענזין, האָט מען געהייסן אַ גרופּע יידן שלעפּן דעם וואָגן. געשטאַנען אן איש חיל און געהייסן אַלעמען אַראָפּנעמען דעם הוט. אַדורכגעפאָרן אַ ייד מיט אַ וועגעלע, געהאַט צו אים טענות, הלמאי ער נעמט נישט אַראָפּ דאָס היטל. געפרעגט א ייד דעם וועג, דער ייד האָט פאַרלוירן בשעת דער מלחמה זיין גאַנצע פאַמיליע [פון] 9 פערזאָן, געשלעפּט אים 15 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, דאָרט אים ארויסגעזעצט און געלאַכט. עס גייט א מאַסנהאַפטעס אויפקויפן פון פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן פאַר לאָדזש. די פאַרמיטלער זיינען יידן. ווען אַ ייד האָט זיך געבעטן, מען זאָל אים עפּעס איבערלאָזן פון זיינע זאכן, האָט מען אים געענטפערט: ווען ענגלאַנד וועט זיגן — וועסטו אַלץ צוריק באַקומען. אין א סך הייזער זיינען געמאַכט געוואָרן סוכות אויפן דאַך, באַלקאָן, הייף א. א. וו. מער נישט, מען האָט דעם פּזשאַדאָוניק געגעבן 10 זל. מען האָט אומעטום געטאַנצט און געזונגען פונקט ווי קיין מלחמה וואָלט נישט געווען. מען האָט דרייסיק יידן געכאַפּט צו דער אַרבעט פון בית־מדרש. געהערט, אז א טייל משומדים בלייבן אויסערן געטאָ. זיי קענען ביי זיך נישט פועלן איבערציען זיך אַהער. איינציקע יידן באַקומען פאר מעות דאָס רעכט צו וווינען ביזן ערשטן יאנואר אויסערן געטאָ. א גרויסע מהומה איז היינט געווען צוליב דעם, וואָס א גלח האָט געהאַלטן א דרשה אין קלויסטער און געהייסן די קריסטן פון לעשנאָ נישט צו רירן זיך פון אָרט, כדי דערמיט צו פאַרהאַלטן לעשנאָ פאר די קריסטן. ער זאָל אויך האָבן פארשפרייט פלוגבלעטלעך וועגן דעם. עס איז פאַרשטענדלעך, וואָס פאַראַ אומרואיקייט עס האָט באַהערשט די ייד[ישע] באַפעלקערונג, ווען מען ווייס נישט ביז היינט, ווהין מען קען זיך ציען. דער אַלטער נערגעפּ [426] קומט יעדן טאָג אין זיין מיליאָניקן ביורא, הגם ער האָט גאָרנישט דאָרט צו טון. ער וויל דערמיט אויסדריקן זיין פּראָטעסט קעגן דעם צונעמען אים זיין פאַרמעגן. זיין קומען אהין אַליין איז פאַר זיך גענוג, כדי דערמיט אונטערצושטרייכן דעם שטומען פּראָטעסט. ער גייט אָבער נישט פון פאָרנט, ווייל דאָרט באַקומט מען אַמאָל קלעפּ פון יענע, נאָר דורך דער הינטערטיר. די פוילישע דינערשאַפט זאָגט אים אָבער „גוט מאָרגן”.

היינט דעם 27־טן אָקט[אָבער] זיינען אין פראגע אַרומגעגאַנגען פויל[ישע] פּאָליציאַנטן און געמאָלדן, אַז די יידן, וואָס וועלן זיך נאָכן 31

425) פאַקטיש איז אַ טייל זשעלאַזנע־גאַס איינגעשלאָסן געוואָרן אין געטאָ. אַ בריק איבער דער כלאָדנע־גאַס האָט פאַרבונדן ביידע געטאָס.

426) אברהם געפּנער, באַקאַנטער יידישער אינדוסטריעלער אין וואַרשע, געזעלשאַפטלעכער טוער. בעת דער אָקופּאַציע געווען דער לייטער פון דעם פאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלט.

אָקט[אָבער] געפינען אין פּראגע, וועלן דערשאָסן ווערן. דאָס האָט אַרויס־גערופן זייער א גרויסע פּאַניק אין שטאָט. געהערט פון איינעם, וואָס איז געקומען פון טשענסטאָכאָוו, אַז דאָרט ביי דער אַרבעט געלאָזט איינזעצן יידן און דאָרט מיט זיי געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן דער הויך פון קאָנטריבוציע (300 טויזנט זל.), וואָס זיי מאָנען איין.

היינט, דעם 28 אָקט[אָבער] [427] איז אַרויסגעשפּרונגען א נייע מעשה: טייל ציעפּלא, ווו עס געפינען זיך פּאָליצײ־קאַמערן, ווערט אַרויסגענומען פונעם געטאָ, פאַרשטענדלעך, אַז דאָס ברענגט צום וווקס פון נישט זיכער־קייט. היינט איז קלאָר געוואָרן, אַז די איבערזידלונגס־אַקציע ווערט פאַרלענגערט ביזן 15־טן נאָוועמבער. דאָס אַראָפּנעמען די היט ווערט ממש א צוואַנג, פון וועלכן עס איז נישט מעגלעך זיך אַרויסצודרייען. דער, וואָס מאַכט דאָס שלעכט, דעם הייסט מען דעפּילירן און אַראָפּנעמען דעם הוט. היינט האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז ביים אַרויסגיין אויסערן געטאָ וועט מען דאַרפן האָבן אַ פּשעפּוסטקע.

היינט, דעם 31 אָקט[אָבער] ווידער א נייעס: אָפיציעל פאַרלענגערט דאָס איינפירן דאָס געטאָ ביזן 15־טן נאָוועמבער, גלייכצייטיק זיינען צוגעגעבן געוואָרן די גאַסן: לעשנאָ, ווראָניאַ, זשעלאַזנא־גזשיבאָווסקא.

אַן איש־חייל געקומען אין קהלה, ער וויל נישט רעקווירירן די דירה, כל זמן ער וועט נישט באַקומען קיין דירה פאַר דער ייד[ישער] דענטיסטקע, וועמענס וווינונג ער פאַרנעמט. געהערט א סך מעשיות ווי אַזוי פּאָליאַקן געפּאַסקעוועט מיט יידן בנוגע דירות. פאַרלאַנגט אָפּטרעט־געלט, אונטערשייד פון דירה־געלד: איבערפירן די זאכן, רעמאָנט וכדומה. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז 70—80 טויזנט יידן האָבן זיך איבערגעצויגן אין געטאָ. די אייליקייט דערקלערט זיך צוליב דער מעשה לאָדזש פון פאַריאָרן, מיט א צוויי טעג צוריק א שרעקלעכער אַרטיקל אין „ליצמאַנשטאַטער צייטונג”. די יידן האָבן געגנבהט אין לאָדזש, מיר וועלן זיי נישט אַרויסלאָזן, ביז וואַנען זיי וועלן נישט אומקערן אַלץ, וואָס זיי האָבן צוגענומען. זיי וועלן בויען די אויטאָ־סטראַדע פראַנקפורט־לאָדזש. אַלע מענער, נאָר פון מענלעכן געשלעכט, אין נישט אין מאַי, נאָר אין יאַנואַר און אויך פרויען וועלן דערביי זיין באַ־שעפטיקט.

היינט איז אַרויס א פאַראָרדענונג וועגן דעם, אַז יידן, וואָס ווילן פאָרן מיט דעם טראַמוויי, מוזן אויסקויפן א לעגיטימאַציע פאַר 5 זל. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז קעגן דעם געטאָ אין וו[אַרשע] זיינען לייסט, דער דיסטריקט, גאַלעען [428], פאַר — די פּאַרטיי און זי האָט געזיגט. יידן טאָרן נישט קויפן קיין סעריעס פון נייע מאַרקעס פאַר פילאַטעליסטן.

---

427) נישט קלאָר אין אָריגינאַל 25 צי 28.

428) געמיינט די פּאָליציי (לייסט), דעם אַדמיניסטראַציע־שעף (דיסטריקט) און געסטאַפּאָ (גאַלעען).

מיינע ליבע!

דאָס געטאָ רופט מען אין וואַרשע „מיאַסטאָ־אָגרודי טשערניאַקאָווא[429]. די פּרנסה פון דעם מושל איבער דינאַסי באַשטייט אין דעם, אַז די געכאַפּטע יידן מוזן ברענגען מתנות ווי אַנציגע — — א. א. זאַכן, ער האָט דערפון אַ זייער שיינע פּרנסה. מאָזעס (מישלאָגורסקי[430]) אַ ייד פון קאַלאָ, ווערט באַצאָלט פון דער קהלה. קלעפּ באַקומט פון אים בכבודו ובעצמו. געקומען אַ גרופּע געוועזענע קריגסגעפאַנגענע און פאַרלאַנגט מאַנטלען, דראָענדיק מיט ס. ס. באַ וועלכע זיי אַרבעטן. בלאָקירט צוויי מיטאַרבעטער. יענע וואָך אַ משומד באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. געשפּרעך מיט אַ ראש פון דינאַסן, ער ווייסט, אַז די יידן זיינען אַן אומגליקלעך פאָלק און האָט מיט זיי מיטלייד. אין ענגלאַנד און אַמעריקע זיינען דאָ איינצעלנע יידן שלעכטע, אָבער דער כהן גדול ווייס וואָס ער טוט. ער קען יידן פון אַשכנז אָרנטלעכע, גוטע מענטשן, ער האָט צו זיי גאָרנישט. ווי נאָר דערזען אַ צווייטן איש חייל, זיך גלייך אָפּגעטראָגן. אַן ענלעך געשפּרעך: אייער גליק איז, וואָס מיר זיינען אַ קולטורעל פאָלק, אַ נישט וואָלט געווען ביטער פאַר יידן באַ דער איינשטעלונג צו זיי. אויך לעשנאָ געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט: „איר ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ ראָלע עס שפּילט ביי אונדז 100 יידן, געדענקט דעריבער זיך גוט צו באַציען צו סאַקסנהויז[431]. דאָס טון אים עפּעס הייסט סאַבאָטאַזש לגבי דעם חיל. די אנשי חיל וואָס אַריין אין הויז האָבן אין איין מינוט אַלעמען תיכף געהייסן אַרויסגיין, אַ טייל אַרויס אין שלאַפראָקן, אויך די קינדער געמוזט אַרויסגיין און דאַן געהאַלטן פאַר זיי אַ דרשה. היינט זיינען פאַרהאַפטעט געוואָרן. מען פירט איבער מאַנופאַקטור אין קינדער וועגעלעך.

איינציקע יידן איז געלונגען צו ווערן אויסלענדער, ליטווינער, עסטן, טשילער א. א. מען זאָגט אַז דאָס האָט נישט קיין סך געקאָסט. אַזעלכע יידן דאַרפן נישט טראָגן קיין בענדער[432]. וועגן אַ טייל זאָגט מען, אַז זייער בירגערשאַפט־דערקלערונג איז אַן אומגילטיקע, ד. ה. די פרעמדע מלוכות זיינען זיך נישט מודה. אַ טייל אויסלענדישע יידן טראָגן צוליב סאָלידאַריטעט אָרעמבענדער. זיי טראָגן אין לאַץ צייכנס פון פרעמדע מלוכות. זיי האָבן נישט איין פאַרמעגן אָפּגעראַטעוועט. לעצטנס זיינען אַ סך אַמעריקאַנער בירגער אַרויסגעפאָרן.

---

429) „אַ גאָרטן־שטאָט טשערניאַקאָוו", איראָנישע באַצייכענונג פון וואַרשעווער געטאָ אין שפּיץ פון וועלכן עס איז געשטאַנען טשערניאַקאָוו. טשערניאַקאָוו איז אויך אַ שטאָט־פערטל אין וואַרשע.

430) מעגלעך, אַז עס גייט וועגן אַ דייטשן אַגענט.

431) אַ דייטשער ייד, אַ געסטאַפּאָ־אַגענט אין וואַרשעווער געטאָ.

432) וואַרשיינלעך איז דאָס געווען — אַן אינערלעכע פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט.

דער פירער פון פּאַלענטי הייסט פינדנאַגעל, אַ פּעלדפעבל, אָבער אַ הויכע שישקע אין דער פּאַרטיי און דאָס דעציִדירט. אַ גאַנצע צייט אַנדערש אין צפון, אַנדערש אין דרום. דאָרט האָט מען כסדר געשלאָגן אָדער סתם פאַרטשעפּעט דורכגייער, פאַרלאַנגט צו גריסן באַזונדערס זונטיק. אין דרום טשעפּעט מען נישט, מען כאַפּט אויך נישט צו דער אַרבעט, וואָס איז אַ „מכת־מדינה" אין צפון. דאָקומענטן אַמטלעכע, אויסווייזן האָט מען גערופן „שיר המעלותן" און „דער אָדלער" „אַ פויגל" (פּטאַשקעס)[433]. מאַנסבילן קענען נישט אַרויסגיין פרי פון דער היים. מען מוז וואַרטן ביז 10—11 ווייל מען כאַפּט צו דער אַרבעט.

היינט דעם 1 נאָוו[עמבער] איז ווידער געמאַכט געוואָרן אַן אינטערווענץ וועגן פאַרלענגערן דעם טערמין פון איבערזידלונג, מען האלט עס אָבער אין אויסזידלונגס־אַמט פאַר יידישע דריידלעך, דעריבער האָט מען נישט געוואָלט פאַרלענגערן און געדראָט מיט דערשיסן די, וואָס וועלן בלייבן. די גרעסטע טראַגעדיע איז אין פּראַגע, ווו עס ליגן אַ 20 יידן[434], וואָס זיינען רעזיגנירט און גרייט אויף אַלעם. אַן ענלעכע לאַגע איז ביי די פּאָלאַקן, באַזונדערס אין דער געגנט, וואָס איז לעצטנס אַרויס פון געטאָ. עס הערשט דאָרט אַ גרויסע קאָפּלאָזיקייט. די מויערן, וואָס זיינען שוין געווען אויסגעבויט אויף רימאַרסקאַ, זיינען געהעכערט געוואָרן, זיי מאַכן דעם איינדרוק פון אמתע תפיסה־מויערן. מען גייט אונדז פאַרמויערן לעבעדיקערהייט, דאָס איז די שטימונג ביי די יידן, דער גאָלדענער דאָלאַר און דער פּאַפּירענער איז געפאַלן. די סיבה: די מורא פאַר אַ געשלאָסענעם געטאָ און דער ביישפּיל פון לאָדזש, ווו דער דאָלער האָט נישט קיין שום ווערט. די נסיעה פון מאָלאָטאָוו האָט אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון פּעסימיזם. אויך די סטרוזשעס מוזן אַרויס פון ייד[ישע] פּערטל. אין די טראַמווייען פאָרט מען מיט מלינאַרסקיס (באַנק עמיסיִני) בילעטן. די זאַמלער פון שמאַטעס רופט מען אויף יידיש „לומפּען", דאָס איז אַ וואָרטשפּיל וואָס נעמט זיך פון לומפּענזאַמלער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ סך מענטשן, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן מיט די ספרים, האָבן זיי פאַרברענט. די קהלה, וואָס האָט רעכט פון רעקוויזיציע פון וועגן, האָט דאָך גאָרנישט געטאָן אין דער פּראַגע. די ייד[ישע] געשעפטן מאַכן זייער אַ טרויעריקן איינדרוק. ווו מען שטייט און ווו מען גייט, זעט מען נאָר שפּייז־געוועלבער. אַ גרויסע מאַסע צוקערניעס, דאָ און דאָרט אַ זייגערמאַכער, זעלטן, זעלטן זעט מען אַ גרעסערע אויסלאַגע. דער רוב זיינען די אויסגעבראָכענע פענצטער פאַרטרעטן מיט ברעטער, צווישן וועלכע עס באַהאַלטן זיך ווי שעמעוודיקע קוואַדראַטן פון גלאָז — אַ מין אויסלאַגע. נאַלעווקעס און גענשאַ, וואָס זיינען שטענדיק געווען באַרימט פון די גרויסע סקלאַדעס פון סחורות, זיינען היינט איין גרויסע חורבה. די באַוועגונג אויף

433) געמיינט דעם פּוילישן אָדלער, דעם עמבלעמאַט פון דער פּוילישער מלוכה.

434) וואַרשייִנלעך 20.000 יידן.

די ייד[ישע] גאסן אַ מוראדיקע. מענטשן פאַרפלייצן נישט בלויז די טראָ־
טואַרן, נאָר אויך דעם גאַנצן וועג. עס איז זייער שווער זיך אַדורכצושטופּן.

2, 5, 6 נאָוועמבער 1940

מיינע ליבע!

1 נאָוו[עמבער], נעכטן איז דורכן מעגאַפאָן, וואָס האָט פריער פאַר־
שפּרייט גיפט קעגן יידן, געזאָגט געוואָרן, אַז צוליב דער לאָיאַלקייט פון די
יידן בעתן אריבערטראָגן זיך אין געטאָ, איז אויסגעברייטערט געוואָרן די
גרענעץ פון געטאָ און עס איז פאַרלענגערט געוואָרן דער טערמין פון איבער־
טראָגן זיך. געהערט אַז אַ טייל יידן פון פראַגער פאָרשטאָט טראָגן זיך אי־
בער אין די שכנותדיקע שטעטלעך: רעמבערטאָוו און אַנדערע. עס טרעפן
צאָפּט פאַלן, ווען מענטשן נעכטיקן אייניקע טעג אין דרויסן דערפאַר, ווייל
זיי ווערן פּלנצים אַרויסגעפירט פון אַשכנזישן ראַיאָן. אַ בילדל: אין דער ווי־
נונג פון אַ ייד[ישן] דאָקטאָר קומט אריין אַ ראש איש — חיל און זאָגט:
מלחמה האָט אירע געזעצן, פאַרהאַפטעט, אַזוי ווי דאָס ביכל איז אָפן, זאָגט
ער אַ שאָד צו פאַרמאכן עס, ווייל ער וועט עס שוין נישט פאַרענדיקן צו
לייענען. אויפן אָרט שטייט אַ קופּקע יידן וואָס באַרויקן אים: „דו דאַרפסט
אין אַ האַלבער שעה אויסריייניקן דעם אויטאָ. מיר וועלן דיר העלפן פאַרן
פּרייז פון 20 זל.” דאָס אַלץ כדי אַנצוואַרפן שרעק. דער נאָמען גענומען פון
טעלעפאָן־בוך. אַ סך אנשי חייל ענטפערן ביז גאָר העפלעך ביים באַגריסן
דורך יהודים. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שטיקל אומלעגאַלע עמיגראַ־
ציע קיין רוסלאַנד. עס האָט זיך אַפילו פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז צוליב דער
אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועט די גרענעץ זיין אָפן צוויי וואָכן.

די „אגענץ” יי.וו.אַ.[435] גיט איבער וועגן אַן אינטערווענץ פון רוזוועלטן
ביי יענעם וועגן דער לאַגע פון די יידן מיט דער דראָונג ארויסצושיקן די
8 מיליאָן אשכנזים פון אמעריקע. די יידן ווערן נישט ארויסגעגעבן קיין
דובליקאַטן פון דאָקומענטן אין די וואַרש[עווער] הויף־שולן, אַן אויסנאַם
מאַכט די ווּשעכניצע[436]. מען זאָגט, אַז מענטשן האָבן זיך ווידער געלאָזט
קיין רוסלאַנד דורך אַן אומלעגאַלן וועג. דאָס קאָסט 1.400 ביז 1.500 פון
קאָפּ. אַנדערע זאָגן, אַז ביליקער. מען האָט געמאָלדן טשערניאַקאָוון, אַז
מנינים זיינען קאַטעגאָריש פאַרבאָטן און אויב זיי וועלן ווייטער פאָרקומען,
וועט מען אים איינזעצן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. די מעשה נאָוואָליפּיע־
מילנאַ. יידן האָבן פאַרגעלייגט דעם פּאַסטאָר צו מאַכן אַ קאָרידאָר דורך דער
ייד[ישער] טעריטאָריע אויף פשעיאַזד 5. געזאַמלט עטלעכע טויזנט זל. און
דערמיט אוממעגלעך געמאַכט דאָס טוישן מיט דעם שפּיטאָל אויף טשיסטע.
אין ייד[ישן] רעוויר זיינען פאַראַן אַ גאַנצע ריי אומלעגאַלע פאַבריקן פון

435) יידן ווילן אַזוי (יי. וו. אַ.).

436) אַ געזעלשאַפטלעכע פּוילישע הויף־שול אין וואַרשע.

קאָנסומציע, זיי וועלן זיך מוזן פארמאכן אין פאַל, ווען דאָס געטאָ וועט ווערן פארמאכט, ווייל מען וועט נישט קענען באקומען אומלעגאלע רוי־שטאָפן. אין גלאָוונע געהערט פון איינעם, אז דאָרט איז זייט 6 חדשים א געטאָ[437]. ביי דער גרענעץ שטייען יידישע און פוילישע פאָליציאנטן. מען לאָזט ארויס נאָר יידן, וואָס האָבן פשעפוסטקעס פון דער גמינע. מען קען אַרויסגיין ווען מען האָט א קאָנקרעטן אמטלעכן ציל. יידן ארבעטן דאָרט אין די ארומיקע גיטער, למשל ביי איינעם, וואָס דער פאָטער איז אַן אַשכנז און טאָמער קומען די פאָלאַקן צוריק, איז דער זון א פאָלאַק. פאַר 14 שעה ארבעט באקומט מען 2 זל. אַזוי ווי די יידן קענען נישט אַזוי שווער אַרבעטן, באַקומען זיי פאַר 7 שעה — 1 זל. פאַר דעם געלט באַקומט די קהלה אַ פשידזיאַל פון פראָדוקטן פאַר אַ נאָמינאַלן פרייז.

פאַראַיאָרן בשעת דער באָמבאַרדירונג די איינציקע פיליע פון דער עפנטלעכער ביבליאָטעק, וואָס איז געווען טעטיק, אַ יידישע[438]. דאָרט האָבן אַ 30 פערזאָן דערפון 25 יידן באַקומען ביכלעך, נישט געקוקט אויף די געפאַרן, מיט וועלכע עס איז געווען פאַרבונדן דאָס צוקומען צו דער ביבליאָטעק. דער גרויסער וויסן־און לייען־דורשט פון דער יידי[שער] יוגנט. פאראן געוויסע דיגניטאַרן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס רעדן נישט מיט קיין יידן, נאָר טוען דאָס דורך דער פארמיטלונג פון דעם פוילישן וויצע. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס פאַרטרייבן די יידן פון די הייזער דזיעלנאַ 31 און 33 לעבן תפיסה איז געווען אַן אַפערע. איינע פון די פילע. דאָס שלאָגן פאַר נישט גריסן ווערט אַ מכת מדינה. עס דערמאָנט זיך די רעדע פון ווייצמאַן, עס נעמט אים אַרום אַ גרויל ווען ער טראַכט וועגן דעם גורל פון די פוילישע יידן אין דער אָנקומענדיקער מלחמה. די ערשטע קאַנדידאַטן אויף די פאָסטנס פון סטרוזשעס אין ייד[ישע] הייזער זיינען די הויז־אייגענטימער. די פוי[לישע] סטרוזשעס האָבן זיך אין אַ טייל הייזער איבערגעצויגן אין פויל[ישער געגנט] זיי זיינען אין די הייזער ביז 9 אין אָוונט, דערנאָך גיבן זיי איבער די פונקציעס די הויז קאָמיטעטן. די פויל[ישע] גרופירונגען „זוו[יאָנזעק] אָבראָנצווו אויטשיזני"[439] באַשיידענער אַנטיסעמיטיזם. זוו[יאָנזעק] וואַלקי זברוינעי[440]: ענדעקעס און אָ. נ. ר. „יאַק וויציאָנגאל

---

437) דאָס געטאָ אין גלאָוונע איז אַנטשטאַנען — פונקט ווי אין אַנדערע שטעט פון לוויטשער קרייז — אין מאי 1940. עס איז געלעגן אויף דער פעריפעריע פון שטאָט. סוף יאָר האָבן דאָ געוווינט 5220 נפשות.

438) אין דעם ערשטן אָקופּאַציע־יאָר זענען אין דער יידישער געגנט געווען 2 פיליעס פון דער פוילישער עפנטלעכער ביבליאָטעק: אויף לעשנע 67 (ליקווידירט אין נאָוועמבער 1940) און אויף כלאָדנע 34 (ליקווידירט אין פעברואַר 1941).

439) „פאַרבאַנד פון די פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקער".

440) „פאַרבאַנד פון באַוואָפנטן קאַמף" אונטערערדישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון פוילישער עמיגראַציע־רעגירונג. שפּעטער זיך פאַרוואַנדלט אין א. ק. (אונטערערדישע לאַנדס־ארמיי). א טעות: אָ. נ. ר. האָט צו דער אָרגאַניזאַציע נישט געהערט.

היטלער רענקע דאָ גוויאַזדי סיעדמיאָראַמיעגני, טאַק וויציאָנגניע אָן קיעך־דיש דאָ גוויאַזדי סיאָגו״ [441]. „ליבערום קאָנספיראַראָ״ דאָס איז די פרייהייט פון שאַפּן גרופּן און גרופּקעס, וואָס קאָנקורירן צווישן זיך. אויף נאָוואָליפּי־ן 18 איינגעישבנט אַ יידישן פריזירער, וואָס פלעגט פאַרשפרייטן ראַדיאָ־ידיעות, געגומען פון אַ מאַגלאַרקע פון דעם זעלבן הויף. איינגעישבנט אַ גאַנצע גרופּע יידן, דערנאָך קליענטן.

היינט דעם 5 נאָוו[עמבער] איז פאָרגעקומען אַ מעשה מיט טשערניאַקאָוון. אַ סעקציייני [442] וואָס איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער אַרבעט, האָט געבראַכט די ס.אַ.־לייט, מען האָט פאַרנומען באַאַמטע און טש[ערניאַקאָוון] אָן אַ מאַרינאַרקע. מען האָט צונויפגערופן די איינוווינער פון לעשנאָ 35 און צו זיי געהאַלטן אַ רעדע, זיי זאָלן זיך גוט באַציען צו די סעקצייני, אַ ניט — יהרגו. אין אַ געזעלשאַפט געווען אַ געשפּרעך צווישן אשכנזים וועגן געטאָ. אַרויסגעזאָגט זיך קעגן דעם. פישער זיך אָנגערופן, אַז אין געטאָ איז נאָך די יידן בעסער, ווי די אַשכנזים אין זייער עיר־הבירה. מען האָט היינט און בכלל די לעצטע טעג שטאַרק געכאַפּט צו אַרבעט, ווייל מען שטעלט זיך נישט צו דער אַרבעט צוליב דער איבערזידלונג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די פּאָלאַקן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 11־טן נאָוועמבער [443].

היינט דעם 6־טן נאָוו[עמבער] פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דאָס געטאָ וועט נאָך נישט איינגעפירט ווערן אין לעבן. געהערט היינט פּרטים וועגן פּאַלענטי. דאָס גוט [וואָס איז] לעבן וואַרשע, נאָך ראַשין, געהערט צו איינעם פון דער תפיסה־פאַרוואַלטונג פּאַוויאַק, דעריבער באַקומט מען פון דאָרט באַשפּייזונג פאַר די, וואָס אַרבעטן אין פּ[אַוויאַק]. אין זומער געאַרבעט דאָרט 400 יידן. די אַרבעט־צייט איז 8 וואָכן. מען באַקומט נישט קיין באַלוינונג. די באַשפּייזונג אַ גוטע, אויך די באַהאַנדלונג. אַ טייל יידן איז באַשעפטיקט ביים פישפאַנג און ביי דער יאַגד פון ווילדע קאַטשקעס און האָזן: די איבעריקע ביי דער לאַנדווירטשאַפט. דאָס ערשטע ווען מען קומט אַהין, איז דאָס אויסטון דעם בענדל. דאָ זיינען נישט קיין יידן נאָר אַרבעטער. דער עולם זינגט דאָרט דאָס ליד: „אוי, אוי, טאַטע ליבער, ווען ווערט מען פון זיי פּטור״. מען אַרבעט זיך דאָרט נישט איבער. דער טראַמוויי־וואַגאָן, וואָס פירט די יידן פון אָקענטשיע אין שטאָט, הייסט ביי יענע טיפוס־וואַגאָן. וווּרשט, פּוטער, קעז א.א. זאַכן נעמען די פּאַליענטער צו ביי די אַדורכפאָרנדיקע פּויערים. די פּעסימיסטן זיינען איצט אין דער מינדערהייט. איצט שטעלט מען אויפן גריכישן פערדל. מען גלויבט, אַז די מלחמה וועט זיך אינגיכן ענדיקן.

---

441) „אַזוי ווי היטלער האָט אויסגעצויגן די האַנט צום זיבן־עקיקן שטערן, אַזוי וועט ער אַמאָל אויסציען די האַנט צום ציון־שטערן״.

442) אַן עלטערער פון אַ גרופּע יידישע פּאָליציאַנטן.

443) 11 נאָוועמבער — טאָג פון פּוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב אין דער צייט צווישןביידע וועלט־מלחמות.

8 נאָוועמבער 1940

מיינע ליבע!

עס וואַקסט לעצטנס זייער שטאַרק דאָס היסט[אָרישע] באַוווסטזיין. מען קניפּט אָן אין צענדליקער פאַקטן צו דער געשיכטע. מען קערט זיך אום צום מיטלאַלטער. — גערעדט מיט אַ ייד[ישן] געלערנטן, די יידן געשאַפן פאַר זיך אַן אַנדערע וועלט, אין איר פאַרגעסן אָן די אַרומיקע צרות, נישט אַריינגעלאָזט קיינעם אינעווייניק. וואָס שייך פאַראַלעלן, זאָגט מען, אַז דער איצטיקער גירוש איז איינער פון די ערגסטע אין דער ייד[ישער] געשיכטע, ווייל תמיד געווען אַן ערי־מקלט. איינער מיר געזאָגט: עס איז שלעכט צו לייענען די ייד[ישע] געשיכטע, ווייל מען זעט, אַז גוטע יאָרן געווען אַ זעלטנהייט, שטענדיק צרות און פורעניות. איינע פון די היסט[אָרישע] רעמיניסצענצן די מכה פון מוסרים, אויך איצט פילט מען זי שטאַרק. מעשה סאַקסענהויז, וואָס געווען 3 חדשים אויסגעהאַלטן אין דער דירה פון אַ ייד[ישן] עסקן נער געפ[444]. איינגעזאַפּט אין זיך זייער קולטור און פון אַ רואיקן מענטשן זיך אויסגעגליטשט. די מעשה סאַקסענהויז דערמאָנט דאָס שפּריכוואָרט: שלאָגסטו מיין ייד, שלאָג איך דיין ייד.

אין דער ייד[ישער] קהלה נישט איין מאָל געקומען ראשים און געפאָדערט געלט פאַר די ייד[ישע] אַרבעטער. נישט געהאָלפן די קמיע אויף דער טיר, אַז אַלץ דאַרף גיין דורך לייסטן. דער עולם מאַכט זיך גאַרנישט פון צוגעמען די זאַכן, ווייל מען גלויבט אין בעסערע צייטן. מען וויל נאָר איבערקומען די איצטיקע צייט. דער פאַקט וואָס ביי יידן איז דאָ אַ סך בעלי־מלאכות, רופט אַרויס די גרעסטע באַוווּנדערונג ביי יענע. די שמאַציאַזשעס אין לאָדזשער געטאָ, ווי אויך מעטאַל־קלויבער ווייזן אויסערן געטאָ, זיי האָבן רעכט צו פאָרן מיטן באַן[445]. די סטרוזשעס נוצן אויס די סיטואַציע פון די לעצטע טעג פון שאַפן אַ געטאָ אין וו[אַרשע] זיי זענען די דירות־פאַרמיטלער; זיי האַנדלען מיט פּראָדוקטן. דער פאַרשטאַרקטער טיפוס אַ רעזולטאַט פון דער פאַרדיכטונג פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג. געווייגלעך אין די אַמטלעכע דאָקומענטן דער „יודע", אין אַנדערע „העבר". אָבער זייער זעלטן. — איך באַוווּנדער די פרומע יידן, וואָס זענען זיך מקריב טראַגנדיק בערד אין סאַמע־מעטנע קאַפּעלושן. אין דער קהלה געזען די שפּורן פון בלוט פאַרגאָסן פון אַדוו.[אָקאַט] פּאָפּאָווער, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן אַ פּסק־דין קעגן סאַקסענהויזן פאַר רעקווירירן אַ ייד[ישע] דירה. סאַקסענהויזן געהאַלטן פאַר יענע אַ רעדע וועגן דער נויטווענדיקייט איינצופירן אַן אָרדנונג אין דער קהלה. לעצטנס פאַרמערט זיך טיפוס־פאַלן (35). געהערט וועגן איינעם, וואָס 7 מאָל זיך איבערגעצויגן צוליב די וואַקלונגען פון די געטאָ־גרע־

(444) געמיינט געפּנער. זע הערה 426.

(445) די פאַראָרדענונג איז חל געווען אויף דער גאַנצער גענ. גובערניע.

נעצן. איינער 4 מאָל: פון האָזשאַ אויסגעוויזן, פּרעטאַ, גזשיבאָוו 68 און פון דאָרט דאָס פערטע מאָל. די לאַנגע מויער ביי וויעלאָפּאָליע מאַכט דעם איינדרוק פון אַ תפיסה־מויער. עס דויערט לעצטנס אַ שעה צייט און מער דאָס קומען אין ביורא. מען מוז וואַרטן אַ לאַנגע צייט אין די טויערן ביז די סכנה גייט אַדורך. אַז מען כאַפּט אויף לעשנאָ, ווייסט מען מאָמענטאַל אויף מוראַנאָוו. געהערט פון איינעם, אַז אין לאָדזשער געטאָ איז נישט געווען וואָס צו עסן, אַזוי, אַז איינער נישט לאַנג אַ רייכער ייד געקומען צו אַ צווייטן ער זאָל אים געבן דעם אָדוואַר פון קאַרטאָפל 446, כדי ער זאָל פילן דעם טעם פון קאַרטאָפל. אין די לאָדזשער זעלבסטאויסהאַלטונגסקיכן איז אַ קעלנער קאַמינסקי, אַ באַקאַנטער פאַבריקאַנט.

היינט דעם 8 נאָוו[עמבער] ווידער זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דאָס געטאָ וועט אָפּגעלייגט ווערן ביז אַפּריל. אין פּאַלעסטינע הייסט מען יידן, וואָס ווערן באַפרייט צוליב זייער עלטער אָדער באַשעפטיקונג, צו טוישן זיך מיט די שיך אָדער אַנדערע קליידונגסשטיק מיט די וואָס בלייבן איבער אין לאַגער. אין פּאַלעסטינע האָט מען אַ יונגן, 20־יאָריקן יונגערמאַן מיט אַ באָרד, געהייסן מעלדן אַלע ייד[ישע] גרופּן, ווי ער איז 20 יאָר אַלט און דערנאָך שרייען: „אָהנע בערוף" אַלץ העכער און העכער. צום סוף האָט אים אַ ייד געמוזט אָפּשערן די באָרד. יעדע אַשכנזישע אינסטיטוציע האָט זיך אירע יידן, וועלכע ווערן גוט באַהאַנדלט בשעת אַנדערע שלעכט. למשל אין די דינאַסן איז דאָ איינער, וועלכן מען רופט דאָרט „מאָזעס", אים גלייבט עס נישט איין ייד צו באַפרייען פון דער אַרבעט.

היינט איז אָנגעקומען אין דער קהלה אַ שרייבן, ווי די יידן מוזן זיך אַרויסציען ביז 15 נאָוו[עמבער]. דערמיט אַ סוף צו די אַלע קלאַנגען וועגן אָפּלייגן און פאַרלענגערן דאָס געטאָ. די מורא פאַרן געשלאָסענעם געטאָ וואַקסט באַזונדערס, אַז היינט האָט מען פאַרציילט, ווי מען האָט געהייסן דער פּויל[ישער] פּאָליציי זיך אַרויסטראָגן פון געטאָ. מען מאַכט זאַפּאַסן וועגן און וויפל עס קען נאָר. דער קאָמענדאַנט פון פּאַלעסטינע נעמט צו פּראָדוקטן ביי די פּויערים: „פיר מיינע יודען".

געווען אַ ראש ביי אַ ייד[ישער] פאַמיליע, געוואָלט צונעמען זאַכן. די פרוי געוויינט, אַז זי איז אַן אַלמנה מיט אַ קינד. יענער געזאָגט, אַז ער וועט גאָרנישט צונעמען, אויב זי וועט געראָטן, וואָס פאַר אַן אויג עס איז אַ קינסטלעכס. זי האָט געראָטן, אַז דאָס לינקע; אויף דער פראַגע פון וואַנען געוווּסט, געענטפערט, ווייל דאָס איז זייער מענטשלעך.

נעכטן זאָל מען האָבן דורכן הילכער איבערגעגעבן, אַז עס איז פאַרבאָטן צו באַנוצן דאָס וואָרט „ייד[יש] געטאָ", נאָר „ייד[ישעס] וווינפירטל" פונקט ווי דייטשער אין פּוילישער. היינט ביי אַ ייד[ישן] שניידער אויף אָרלע צוגענומען זאַכן. געווען אַ יידישער באַגלייטער, וואָס האָט געדיסן קאָלנערס פון פּאַלטאָס און באַהאַלטן אין בוזעם. חיים גראָזשני רופט מען

446) דאָס וואַסער נאָכן אָפּקאָכן די קאַרטאָפל.

רומקאָווסקין. פּ. ק. פּ. פלאַטש קאָנדוקטאָראָווי פּאָלאָווען 447 — ריפּט מען די הייבטיקע ייד[ישע] טראַמווייען, וועלכע גייען האַלב ליידיק. צוגעגאַנגען צו איינעם און געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס פּוטער: „איך וואָלט דיר געדן געגעבן, אָבער איך בין אָקאָרשט אַרויס פון שפּיטאָל. איך בין געלעגן קראַנק אויף טיפוס”448. געהערט, אַז עס זענען פאַראַן אַ 200 געשטאָרבענע אָדער געהרגעטע פון די ארבעטס־לאַגערן. בלויז אין בעלזשיץ 80 געשטאָרבענע פון דיזענטעריע אין אַזויפיל דערהאַרגעטע ביי דער אַרבעט.

צוליב דער ידיעה, אַז עס וועט זיין אַ רעקוויזיציע פון וווינונגען, זוכט מען באַדיי פאַר ביליק דירה־געלט לאָקאַטאָרן, כדי צו פאַרפולן די דירות. די וואָס מסרן, באַקומען 10% פון דעם רויב. אין אַ יידיש געשעפט זיינען נאָלעווקעס געקומען פיר יענע מיט א ראש, וועלכער געווען אַן אָרנטלעכער מענטש; די איבעריקע געפּאַקט וועש און אַנדערע זאַכן אין די הויזן און אַרויס פול אָנגעשטאָפּטע ווי בערן. „הויטע טאָג אָהנע אויסוויזען”, ד. ה. אַז היינט כאַפּט מען צו אַרבעט אַפילו די יידן, וואָס האָבן אויסווייזן, וועלכע באַפרייען זיי פון אַרבעט (אַ וויץ). אַזוי זאָגן אַ טייל פון די כאַפּער. עס טרעפט אָפט, אַז ווען יידן גריסן, מאַכן יענע מיט דער האַנט „נישט בויטיק”. דער רוב גייט אַדורך אַזוי ווי עס זאָל זיי נישט אָנגיין. דאָס ערגסטע, ווען עס גייען 2—3 יידן און בלויז איינער גריסט. זייער אָפט דאָס סאַמע העפלעכסטע ענטפערן אויף אַ גרוס.

דאָס געטאָ אַ סך שמערציקער ווי אין מיטלאַלטער, ווייל מיר זענען געווען אַזוי הויך און איצט אַזוי שטאַרק געפאַלן. דער אַפּעל צו אַנטוויקלען די מידות טובות פון געטאָ: די טענדענץ צום אויסגלייכן למשל שטייער פון זייד, פון מלבושים, די קענגזייטיקע הילף און דאָס שטאַרקע געזעלשאַפטלעכע לעבן. עס ווערן זייער אינטענסיוו געמויערט מויערן אַרום דעם געטאָ. דער וועג לעשנאָ — גזשיבאָווסקאַ באַשווערט. די באַוועגונג אויף סאָלנאַ, ציעפּלאַ זייער אַ גרויסע, נישט מעגלעך אַדורכצוגיין.

---

447) „צאָל דעם קאָנדוקטאָר אַ העלפט”. אין די „יידישע” טראַמווייען פלעגן יידן מוזן צאָלן פיר מאָל אַזוי פיל, וויפל אויף דער „אַרישער” זייט. ד. ה. אַ גילדן און דערפאַר באַקומען פיר בילעטן (צו 25 גראָשן). זיי פלעגן אָבער געבן דעם קאָנדוקטאָר נאָר 50 גר. און באַקומען איין בילעט. אַזוי־אַרום האָט דער ייד זיך איינגעשפּאָרט 50 גר. און דער קאָנדוקטאָר האָט פאַרדינט 25 גר.

448) די אָקופּאַנטן האָבן מורא געהאַט פאַר אָנשטעקנדיקע קרענקהייטן, און יידן האָבן דאָס אויף פאַרשיידענע אופנים אויסגענוצט. געווען אַ סך אַנעקדאָטן וועגן דעם און שווער היינט צו זאָגן, אויף וויפל זיי שפּיגלען אָפּ די ווירקלעכקייט.

מיינע ליבע! 449

30.500 דאָל. געזאַמלט אין די לעצטע צוויי יאָר דורכן דזשאָינט פֿאַר־לעסטיין אַפּיל. אין נאַשיאָנאַל רעפֿודזש סערוויס, אין 1941 די זעלבע אַק־ציעס — 3371, יידישע קהלות באַטייליקט אין די אַקציעס. פֿון סעפּטעמבער 1939 ביז אָקטאָבער 1940 אויסגעגעבן 3269 דאָל. אויף הילף, דערפֿון 2600 אין די מלחמה פֿירנדע לענדער. „הדסה" געזאַמלט 1 מיליאָן דאָלאַר בשעת דער מלחמה. ציוניסטישע און פּראָציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן צו זאַמ־לען אין 41 יאָר 15 מיל[יאָן]. בייצא 450 אויף אַ געשלאָסענער קאָנפֿערענץ פֿאַראורטיילט די פּאָליטיק פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. קרן־היסוד זייט דער גרינדונג אויסגעגעבן 45 מיל. — מאַסנמיטינג קעגן ווישע. יידישע וועטעראַנען פֿאָרגעלייגט צו שטעלן מחוץ דער געזעלשאַפֿט די קאָמוניסטן. דורכן ראַדיאָ דער 80 געבורטסטאָג פֿון הענריעטע שאָלד 451, 84 געבורטס־טאָג פֿון לואי בראַנדיס 452. 8 יידן אין קאָנגרעס. געשטאָרבן סערגיי ברוין, שאול גינזבורג, דוד שאַפּירא פֿון „טאָג" 453.

בעלגיע באַזייטיקט קינדער פֿון עפֿנטלעכע שולן. פֿאַרבאָט צוריקצוקו־מען. באַזייטיקט יידישע פּראָפֿעסאָרן און סטודענטן. בעלגישע ראַדיאָ פֿון לאָנדאָן אינפֿאָרמירט די בעלגיער אויסצודריקן סימפּאַטיע די יידן. די קריסטן זיך באַווייזן מיט מגן־דודס. היסט[אָרישע] ביבל[יאָטעק] פֿאַרניכ־טעט. יידישע קריסטלעכע תּפֿילות אין די סכראָנעס. פֿאַרלייכטערונגען פֿון דער אינטערנירונג. 600 וויסנשאַפֿטלער און איזשיניערן האָבן פֿאָרגעלייגט טשערטשילן זייערע דינסטן. קאַנאַדאַ 1700 אויסלענדישע יידן אינטערנירט. קאַנאַדער „יידישע וואָכנבלאַט" פּראָסאָוויעטיש. 3000 קאַנאַדער יידן דינען אין דער אַרמיי. בולגאַריע אַנטי־יידישע געזעצן. פּראָטעסט פֿון 20 קריסטלע־כע פּראָפֿעסאָרן בא פֿעטען [?] פֿראַנקרייך. 2000 פֿון באַדען און פּאַלאַטינאַט אין דעם נישט אָקופּירטן פֿראַנקרייך אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס איז אַ טייל פֿון אַ פּלאַן פֿון פֿאַרטרייבן אַלע יידן פֿון דייטשלאַנד, עסטרייך און

---

449) אַ קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

450) נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געשאַפֿן דורך זשאַבאָטינסקי.

451) הענריעטע שאָלד (1860 — 1945), שעפֿערין פֿון דער יידישער פֿרוי־ען־אָרגאַניזאַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן „הדסה", בויערין פֿון היילאַנשטאַלטן אין ארץ ישראל און קעמפֿערין פֿאַר יידיש־אַראַבישער דערנענטערונג.

452) לואי בראַנדייס (1856 — 1941), פֿירער פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג און מיטגליד פֿון העכסטן געריכט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

453) אברהם בראון, פּסעוודאָ — „סערגיי" (1881 — 1940), פֿירער פֿון „בונד" אין לעטלאַנד, זינט 1938 אין אַמעריקע;

שאָול גינצבורג (1866 — 1940), יידיש־רוסישער היסטאָריקער, זינט 1932 געוווינט אין אַמעריקע.

טשעכיע. היצעם [454] אַריינגענומען זיי אויף דער ליסטע פון עמיגראַציע. יידן עמיגרירן קיין צפון אַפריקע. באַזייטיקט יידן פון דער אַרמיי און פּאָליציי. א גרופּע „פאַרדינטע״ יידן ארויסגענומען פון די אנטי־יידישע געזעצן: בערגסאָן [454א] זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אויסנאַם.

באַזעצט פראַנקרייך, באַזייטיקט יידן פון הערבסט־אויסשטעלונג. אין עלזאַס פאַרטיילט דאָס יידישע פאַרמעגן צווישן אַרעמעלייט. די קאָמוניס־טישע „פרייע פרעסע״ דערשיינט אין פאַריז לויט אַ באַריכט פון „יידישן אָדלער״.

דייטשלאַנד. 220 יידן פון די באַזעצטע געביטן אויף צוואַנגסאַרבעט אין דייטשלאַנד. פון 6 ביז 8 פאַר פינף פעניק אַ שעה. 2000 יידן פון מינכען צו צוואַנגסאַרבעט. ווין, יידישע באַפעלקערונג פאַרקלענערט פון 180 אויף 48 [טויזנט] דערפון צוויי דריטל פרויען. 121 עמיגרירט, דערפון 28 קיין אַמע־ריקע, אַנדערע לענדער 20, אייראָפּע לענדער 54, א״י 8000.

אונגאַרן, יידישער אַרבעטסבאַטאַליאָנען אין טראַנסילוואַניע, 500 טויזנט אַקר קאָנפיסקירט, דר. יוריס אין פערו. די פירער פון רעוויזיאָניסטן: קראָל, מעדיאַנסקי און בעגין אַרעסטירט. דער „יעאַס״ אין ווילנע זייט 4 דעצעמ־בער באַגייט די עמיגראַציע פון ליטע קיין אויסלאַנד. 11 נאָוו. פּראָטעסט פון עטלעכע הונדערט פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע. אוניווערסיטעט אין ליידן געשלאָסן פאַר 48 שעהדיקן פּראָטעסט־שטרייק. א״י טויזנט יידן אָנגעקו־מען זייטן אויסברוך פון מלחמה, נישט אַריינגעלאָזט 1771 אומלעגאַלע עולים, דעפּאָרטירט אין אַ בריטישער קאָלאָניע. דעפּאָרטירט 15000 עולים. שערטאָק באַריכטעט, אַז 6500 יידן זיינען פרייוויליק אין דער אַרמיי. יידישע פּרייווי־ליקע אין גריכנלאַנד אין ליביע. שטרייק כּאַר 37½% א הוספה. הסתדרות באַשפּייזט 10 טויזנט אַרבעטסלאָזע. אין 1925, 4 טויזנט מיטגלידער אין הס־תדרות, היינט 120 טויזנט 1940 געזאַמלט 523 טויזנט פונט (62% פון אַמעריקע). קרן היסוד—אַרבעטסלאָזיקייט 12.000 — קרן־קימת 608 טויזנט פונט. אַראַביש־יידישע באַציונגען פאַרבעסערט. ווענדונג פון אַ באַרימטן אַראַבישן געלערנטן צום העברעישן זשורנאַליסטן פאַריין צו שאַפן אַ געמיינ־זאַמע סעמיטישע קולטור. יידיש־אַראַבישער סוחרים־פאַריין. סמילאַנסקי אָפּגעזאָגט זיך פון אַמט, רוקח זיך אָפּגעזאָגט פון פּרעזידענט פון כופר־הישוב, אורי צבי גרינבערג פאַרהאַפטעט. פּוילן פון 8 נישטאָ קיין גאַז און עלעקטריע. ראַדאָם 2000 [455], קראָקע, געטאָ וואַרשע. אַרעסטן פון טראָצ־קיסטן. 100 טויזנט יידן פאַרשיקט קיין סיביר. סטאַנטשיק [455א] דערקלערט

---

[454]) פאַראייניקונג (אין 1925) פון די עמיגראַציע־געזעלשאַפטן: היאַס, איק״א און עמיגדירעקט.

[454א]) אנרי בערגסאָן (1859 — 1941), באַרימטער יידיש־פראַנצויזישער פילאָזאָף.

[455]) אין די טעג פון 3 — 5 דעצעמבער 1940 האָט מען אויסגעזידלט אַן ערך 2000 יידן פון ראַדאָם אין די שטעטלעך פון בוסקער און אָפּטער קרייזן.

[455א]) אַ טוער פון פּ.פּ.ס. אין לאָנדאָן.

סטאריקאָטוויצע [?] פּראָפּאַגאַנדע. אין אָקטאָבער געשאפן א פאראייניקטע קערפּער שטאָפּט פון אלע יידישע פּארטייען אויסער דעם בונד. א"י באַגריסט דורך דער פּוילישער רעגירונג. פּאָליטישע און פילאַנטראָפּישע אויפגאַבן. זאַגורסקי ערן וויצע קאָנסול אין ניו־יאָרק.

תקופה ביז נאָוועמבער 40.

15 נאָוועמבער 1940

— — מען האַלט, אַז נישט מער ווי אַ העלפט וועט בלייבן לעבן. אַ קלייַנער טייל פילט מיט, דער רוב איז פּאַסיוו. אַ טייל זייַנען צופרידן און גלויבן, אַז דאָס וועט צווינגען די פּאָלאַקן אויסצולערנען זיך דעם האַנדל. אַ בילדל: ביי דער גרענעץ פון געטאָ אויף עלעקטאָראַלנאַ פּאַרפּאָרט אַ גרויסער אויטאָ. עס שטייגן אויס יידן מיט פּעקלעך, ברויט, ווורשט א. א. די אַשכנזים העלפן זיי אַרויסגיין און מען רייבט זיך גאָר הארצלעך די הענט און געזעגנט זיך ווי די בעסטע פריינט. די שומרים קוקן פון חידוש אויף דעם בילד. ביי די פּאָלאַקן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס איצטיקע געטאָ איז אַ צייטווייליקס, וויל מען בויט באַראַקן אויף זשאָליבאָזש. מען זאָגט, אַז דאָס פּלוצלומדיקע שאַפן פון געטאָ איז אַ רעזולטאַט פון מאָלאָטאָווס אומקערן זיך מיט ליידיקע הענט. עס האָט געזאָלט אָנקומען אַ דעפּעשע פון מענדעליזאָנס שטאָט וועגן אַיינריכטן דאָס. אנדערע זאָגן, אז אזוי ווי אמעריקעס האלטונג לגבי אַשכנז איז פּאַקטיש אַ קריגסבאַטייליקונג האָט מען דורך דעם געטאָ געוואָלט פּראָוואָצירן אַמעריקע צום אַקטיוון אַרויסטריט.

אויף עלעקטאָראַלנאַ 32 וווינט דער משומד ברייערזאָן [?], זייַנע טעכטער שטאַרקע אַנטיסעמיטקעס מוזן טראָגן דעם יידישן באַנד. אַנדערע משומדים אַרויסגעפאָרן אין קליינע שטעט, געענדערט די אַדרעסן, די נעמען וכדומה. צוליב די ענויים אויף כלאָדנאַ, אַ פּאַבריק געעפנט אַ דורכגאַנג דורך דעם הויף פאַרן פרייז פון 20 גראָשן. מען גייט פון קראָכמאַלנע ביז כלאָדנע. אויף ציעפּלע אָרדענטלעכע שומרים, ווען עס ווערט פינסטער לאָזט מען אדורך יהודים אין [אָן?] בינדעס. די גערעכטיקייט אויף קאַרמעליצקא איז נישט צו באשרייבן, אויף ביידע זייטן טראָטואר ווי אויף דעם שאָסיי איז פיל מיט אַ כוואַליע פון מענטשן. אַדורכפאָרן דאָרט איז זייער שווער און דויערט זייער לאַנג. די האַלעס אויף לעש[נאָ] 40 זייַנען פאַרמאַכט געוואָרן דורך אַ פוילישן פּאָליציאַנט, וועלכער פאַרלאַנגט 1000 זל. מען זאַמלט פאַר אים דאָס געלט.

אין טאַרנע האָט מען פאַראַיאָרן פאַרברענט אַן אַלטע שול. איצט צענעמט מען די מויערן מיט דינאַמיט. עס גייט אָבער נישט. דער דינאַמיט צעזעצט נישט די מויערן נאָר מאַכט אַ לאָך. די יידן זעען אין דעם גאָטס גבורה, די אַשכנזים זאָגן, אַז דאָרט שטעקט דער טייוול. אין קראָקע זייַנען איצט דאָ 20 טויזנט יידן[456]. מען זאָגט, אַז מען וועט זיי ווידער נעמען

---

456) נאָך אין יוני 1940 האָבן געלעבט אין קראָקע 67.000 יידן.

טרייבן. מען האָט מורא, אַז דאָס געלונגען פון וואַרש[עווער] געטאָ וועט גורם זיין אַז אויך אין אַנדערע שטעט זאָל פאָרקומען דאָס זעלבע. די אַר־גומענטן פון די יידן וועגן רוים קנאַפקייט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט באַרעכטיקטע, דאָס זעלבע אַז די יידן וועלן נישט באַוויַזן. מען זאָגט אַז אין היינטיקן מעגאַפאָן, אַ זייגער 10 פרי ( 15 נאָוו[עמבער]) איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז עס זיינען נישט ריכטיק די ס. אָ. ס. רופן פון דעם ענגלישן, שווייצאַרישן און מאָסקווער ראַדיאָ וועגן פאַרמויערן אַ האַלבע מיליאָן יידן. עס איז נישט קיין געטאָ, נאָר אַ געשלאָסענער ווינפערטל, וועלכער וועט ווי פריער באַזאָרגט ווערן דורכן מאַגיסטראַט מיט לעבנסמיטל. עס איז איצטער אַ גרויס אויסכאַפעניש אויף מעדיקאַמענטן. מען פאַרזאָרגט זיך אָן אָ מאָס מיט מעדיקאַמענטן, וואָס עס טוען די הויז־קאָמיטעטן ווי אויך יחידים. באַ די אָנפירער פון קראָקאָווער גובערניום איז מען קעגן דעם געטאָ. שוין, דער אָרגאַניזאַטאָר פון געטאָ, איז אַדורכגעפאַלן ביי די וואַלן פון דער פאַרטיי. מען האָפט, אַז דאָס וועט האָבן אַ ווירקונג אויף דער לאַגע פון די יידן אין וואַרשע. די דייטשן זאָלן האָבן אָנגעגעבן אַלס סיבה פון שאַפן דאָס געטאָ די נויטווענדיקייט פון שיצן די יידן קעגן פאָלאַקן. ווען עס איז געקומען א יידן[יש] פוילישע דעלעגאַציע וועגן דעם געטאָ אין קראָקע, האָט מען עס אָנגערופן „אַנטאַנט קאָרדיאַל“.

מען רעדט וועגן שאַפן אַ קלירינג קאַמער, דורך וועמענס פאַרמיטלונג די יידן זאָלן פאַר וואַלוטע קויפן פראָדוקטן. די אַשכנזים זאָגן, אַז אין געטאָ איז דאָ גענוג זאַפאַסן פון שפייז. עס זענען דאָ מאַסנהאַפטע פאַלן פון גנ־בענען פון די קעלערס. „באַטאַליאָן טשאָלגווו“ [457] רופט מען די אָפטיילונג פון דער ייד[ישער] מיליץ, וואָס האָט אַ שעה צייט געאיבט אין בלאָטע. די שענגע גאַס הייסט די נעאָפיטן שטראַסע, ווייל דאָרט וווינען אַ סך משומדים דאָס זעלבע אויף עלעקטאָראַלנאַ, באַזונדערס נר. 11, וווּ עס הענגען אַ סך בילדער פון קריסטוסן און ענלעכע זאַכן. אַ פוילישער פריינט גייט מיט אַ ייד אויף כלאָדנאַ, ווען ער מוז אַראָפנעמען דעם הוט, האָט יענער פאַרביסן די ליפן, אַז עס האָבן זיך באַוויזן טראָפנס בלוט אויף דער ליפ. מען זאָגט, אַז דער „ביולעטין אינפאָרמאַציייני“ [458] איז פון דער פוי[ישער] רעגירונג. די יידן פראַגע ווערט דאָרט באַהאַנדלט ליבעראַל. למשל עס ווערט באַשריבן ווי אַזוי מען האָט יידן אַוועקגעפירט פון לעמבערג קיין רוסלאַנד, יידן האָבן געזונגען „ניע דאַמי זשעמי סקאָנד נאַש רוד“ [459].

נאָך וואָס האָט מען איבערגעלאָזט דעם קלויסטער אויף גזשיבאָוו? פאַר משומדים. אויף ביאַלאַ מאַכט מען אַ ברייטן פאַרקאַן, כדי צו מאַכן אַ צוגאַנג צו די געריכטן, אָגראָדאָווא וועט דורך דעם ווערן אָפגעטיילט.

---

457) באַטאַליאָן פון טאַנקען.

458) „אינפאָרמאַציע־ביולעטין“ — אָפיציעלער אָרגאַן פון א. ק. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ).

459) „מיר וועלן נישט אָפגעבן די ערד פון אונדזערע אבות“ — די ערשטע שורה פון פוילישן נאַציאָנאַלן ליד (מחבר קאָנאָפּניצקאַ).

19, 20 נאָוועמבער 1940

מיינע ליבע!

דער שבתדיקער טאָג פון איינפירן דעם געטאָ איז געווען (16 נאָוו [עמבער]) אַ שרעקלעכער. די גאַס האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס געטאָ וועט זיין פאַרמאַכט, דעריבער איז ווי אַ דונער אַראָפּגעפאַלן דאָס געשלאָסענע געטאָ. אויף אַלע ראָגן פון גאַסן זענען געשטאַנען וואַכן פון אַשכנזישע, פוילישע און יידישע שומרים, וואָס האָבן בודק געווען ווער עס האָט רעכט דורכצוגיין. יידישע פרויען האָבן געפונען די האַלעס געשלאָסן פאַר זיי. עס האָט גלייך אויסגעפעלט ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. זייט דעמאָלט שפּילט זיך אָפּ אַן אמתדיקע וואַקכאַנאַליע פון יקרות. עס שטייען לאַנגע רייען ביי אַלע שפּייזגעוועלבער און מען קויפט אַלץ אויס. אַ סך פּראָדוקטן זענען פּלוצים פאַרשוואונדן פון די געוועלבער. טוואַרדע מיט לעשנאָ האָבן נישט קיין פאַרבינדונג. מען מוז גיין דורך זשעלאַזנע. ייד[ישע] געשעפטן אין דעם אַרישן שטאָטטייל זענען פאַרחתמעט געוואָרן, כדי מען זאָל זיי נישט צעראַבירן. ייד[ישע] דאָקטוירים האָבן נישט שבת און נישט זונטיק נישט באַקומען קיין פּשעפּוסטקעס, וועלכע די קהלה באַשטייערט מיט אַן אָפּצאָל פון 5 זל. ייד[ישע] אַרבעטער האָט מען שבת נישט אַרויסגעלאָזט צו זייערע פּלאַצוווקעס אויסער דער שטאָט. — דעם ערשטן טאָג האָבן אַ מאַסע קריסטן געבראַכט ברויט פאַר זייערע ייד[ישע] באַקאַנטע און פריינט, דאָס איז געווען אַ מאַסן־דערשיינונג. דערווײַלע ברענגט מען אַריין פּראָדוקטן מיט דער הילף פון קריסטל[עכע] באַקאַנטע.

אויף ראָג כלאָדנאַ און זשעלאַזנאַ [460] גימנאַסטישע איבונגען מיט שטיינער אָדער ציגל, פאַר די, וואָס האָבן פאַרשפּעטיקט אַראָפּצונעמען די היט. מען הייסט אויך עלטערע יידן מאַכן פּשיסיאַדעס. מען צעוואַרפט פּיצלעך פּאַפּיר און מען הייסט אויפקלייבן פון דער בלאָטע, דערביי קאָפּעט מען די אָנגעבויגענע. אין די פּויל[ישע] גאַסן הייסט מען יידן זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד און איבער זיי גייט מען אַדורך. אויף לעשנאָ אַדורכגעפאָרן אַן איש חייל אויף אַ ראָווער, גענומען שלאָגן אַדורכגייענדיקן ייד, געהייסן אים ליגן אין דער בלאָטע און קושן דעם טראָטואַר. אַ כוואַליע פון רשעות אין דער גאַנצער שטאָט פּונקט ווי אַ ווינק פון אויבן. גלייכצייטיק דאָ אַמטלעכע אָפּטימיסטן, וואָס גלייבן נאָך אַלץ, אַז קיין געטאָ וועט נישט זיין קיין געשלאָסנס. געהייסן דעם ייד[ישן] אָרדנונגסדינסט, (באַווייזן זיך דעם 16 נאָוו.[עמבער]) אויף דער גאַס מ[illegible]צן אויף אייך פּוס אַרום אַ גרופּע גימנאַסטיקירנדיקע יידן. מען זאָגט, אַז אין דער קהלה ווערט צוגעגרייט אַ פּלאַן פון אַ פּאָסט, אַפּראָוויזאַציע און יידיש געלט. צוליב דעם שליסן דאָס געטאָ, דעם פּיבערהאַפטן

[460] דאָ געווען דער גרענעץ־פּונקט פון געטאָ און „אַרישן“ טייל שטאָט. דורך נאַלעווקעס איז געגאַנגען דער „אַרישער“ טראַמוויי.

איינקויפן איז אויף אַלע ייד[ישע] גאַסן געוואָרן אַ שרעקלעכע באַוועגונג. עס איז פשוט אוממעגלעך אַדורכצוגיין די גאַס. אַדורכגייער פאַרפּלייצן די טראָטואַרן און דעם שאָסיי. פרייטיק ביינאַכט פאַרהאַפטעט פּראַגער יידן און זיי אַרויסגעפירט אין אויטאָס אויף מוראַנאָוו און אַנדערע גאַסן, זיי נעכטיקן אויף די טרעפּ אין הייף. נישט מיטגענומען נאָר אַ האַנט־געפּעק. שבת גע־יעגן גרופּן יידן פירן פון פּראַגע. פאַר זיי איינגעאָרדנט עטאַפּן־הייזער אין שולן, טאַנץ־זאַלן א. א. די קהלה רעקווירירט איינצלנע צימערן ביי יידן, וואָס האָבן גרעסערע וווינונגען. אַ סצענקע: ראָג כלאָדנע — זשעלאַזנע[461] געזעגנט זיך אַ ייד[ישע] פאַמיליע מיט אַ פּוילישער. מען קושט זיך, מען מאַכט מיט די הענט, מען דערמאָנט: „קומט די אַנדערע וואָך". ביי דעם עק טלאָמאַצקע — ביעלאַנסקע שטייט אַ לאַנגער רייע טראַמווייען. מען איז בודק, צו זענען קיין יידן נישטאָ אין וואָגן. מען הייסט אַלעמען אַרויסגיין און מען פאָרשט נאָך די פּאַפּירן. עס זעט אויס ווי אַ גרענעץ־פּונקט. דער טראַמוויי שטייט אַמאָל 10—15 מינוט. „גרעקאָ באַנדיטאָ מוטטאָ פּערדיטאָ, פּופּאָ פּאָביטאָ, בעניטאָ". צו די גריכישע מפּלות פון מיליטער. פאַרציילט וועגן אַ גרופּע אַרבעטער פון אַרבעטסלאַגער. שאָטנס פון מענטשן, אָן שיך, מיט אַרומגעבונדענע מיט שמאַטעס אויף די פיס. די מעבל, וואָס ווערן רעקווירירט אין ייד[ישע] דיי־רות, ווערן געפירט אין קינאָ „ספּלענדיד" (ספינקס) און דאָרט קאָן מען זיי טיילווייז אָפּקויפן. אַחינו בני ישראל העלפן דערביי צו. די עקלהאַפטע מסירה אויף מוניען[462]. איינע פון די טרויעריקע דערשיינונגען פון איבערזידלונג דאָס מאַסנהאַפטע באַווייזן זיך פון בעטלער (יידן פון פאָרשטעט). אַ גרופּע ייד[ישע] אַרבעטער מיט אַן אָנפירער האָט אויף ראָג לעשנאָ און זשעלאַזנע געמוזט מאַכן גימנאַסטיק. די דאָקטוירים, וואָס זענען זונטיק געפאָרן אין שפּיטאָל אויף טשיסטע, האָט מען אַרויסגענומען פון טראַמוויי און אַ שעה צייט געאיבט. אַ ייד, אַן עלטערער אַדורכגעגאַנגען לעבן די שומרים אויף טוואַרדע און נישט אַראָפּגענומען דאָס היטל, הגם די ייד[ישע] שומרים האָבן אים געוואָרנט, געמאַטערט אים אַ לענגערע צייט. נאָך אַ שעה צייט געטאָן דאָס זעלבע, „איך האָב זיי אין דער ערד".

אַ סך יידן האָבן מקורים פון פרנסה אויסער דעם געטאָ און איצט ווערט דאָס אָפּגעשניטן. מען זאָגט, אַז די פירמעס אונטער קאָמיסאַרישער לייטונג וועלן זיך מוזן אַריבערטראָגן, ד. ה. אַז אויב יידן האָבן נאָך דערפון געהאַט אַ ביסל פרנסה, וועלן זיי שוין פאַרלירן. מען, זאָגט, אַז דאָס געטאָ וועט זיין האַלב אָפּן ביזן 25, דערנאָך בא איש גדול לאדם[463] ראש היהודים נשק אותו.

---

461) דאָ געווען דער איינציקער אַדורכגאַנג פון קליינעם געטאָ צו גרויסן אויפגעבויט דערנאָך דאָ אַ בריק.

462) עמנואל (מוניע) רינגעלבלום. אים האָבן מודיע געווען צוויי פּאָ־ליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, אַז זיי האָבן פאַרהאַלטן אויף דער פּאָסט אַ בריוו אין געסטאַפּאָ מיט אַ מסירה אויף אים. רינגעלבלום האָט זיך צוליב דעם אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן.

463) אַדאַם טשערניאַקאָוו.

בכה ואמר שהוא לא מסכים עם התחום המושב. מען צאָלט שוין 2.500 זל אָפּטריט־געלט פאַר פאַרוואַלטונג מיט די יידישע הייזער, דאָס זעלבע פאַר קאָנצעסיעס פון מאָנאָפּאָל־אַרטיקלען. אין די הייף רעדט מען אַ סך וועגן קאָלעקטיוון קאָכן פון אַלע שכנים, צוליבן מאַנגל אין האָלץ און קוילן.

אין לאָדזש דאָס זעלבע, דאָרט איז גלייך דעם דריטן טאָג געמאַכט געוואָרן אַ קעסל אַפילו פאַר קאָכן קאַווע. געהערט ווי אַזוי רומקאָווסקי (חיים מרדכי) האָט אויסגעראָטעט די לאַפּוּוקעס ביי די אָרדנער [464], אַריינגעקומען אין צימער און אַראָפּגעריסן די שליפעס ביי די ערשטע 10 אָרדנער, געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין צייט אויף קיין סלעדזטוועס [465]. זייער גוט אָדורכגעפירט די איבערזידלונג אין לאָדזש. געהאָט צו הילף די אַשכנזישע שומרים, וואָס זענען געקומען צו הילף אין פאַל פון קעגנזעצן זיך מצד קריסטסן. דעמאָלט אומגעקומען אַיין נאַכט 7, די צווייטע 70 און די דריטע 133, צוזאַמען 300 (אין לאָדזש).

נהרג היינט דעם 19 נאָוו[עמבער] אַ קריסט, וואָס האָט אַריבערגעוואָרפן אַ זאַק ברויט איבער דער מויער. דער ווענגראָווער רב איז געשטאָכן געוואָרן פאַראַיאָרן, דאָס בלוט האָט גערונען און ער האָט ווייטער געאַרבעט אַזוי 4 שעה, ביז ער איז אויסגעגאַנגען אין בלוט. אַ סך יידן פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן ביז איצט נישט געגעבן קיין גראָשן אויף דער זעלבסטהילף, האָבן פלוצים אָנגעהויבן געבן גרעסערע געלטער אויף פּראָדוקטן פאַר די אָרעמע פון הויף. די שפּיל וועגן דעם געטאָ דויערט ווייטער. מען זאָגט, אַז אין דעם לאָדזשער געטאָ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די עלעקטריע. יידן מוזן זיצן אין דער פינצטערניש. פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז די עלעקטריע פאַר יידן וועט קאָסטן 4 מאָל אַזויפיל ווי פאַר קריסטן, דאָס זעלבע גאַז. אַ גוטע אידיי.

היינט דעם 20־טן נאָוו[עמבער] אַ קלאַנג, אַז דאָס געטאָ וועט געעפנט ווערן אויף 5 טעג און דערנאָך וועט עס הערמעטיש (נאָכן 25) פאַרמאַכט ווערן. אַ קלאַנג, אַז זיי ווילן באַשפּייזן דאָס געטאָ בתנאי, אַז מען וועט צאָלן מיט גאָלד און וואַלוטע. מען זאָגט, אַז דאָס לאָדזשער געטאָ איז געעפנט געוואָרן. — דאָס גיהנום אויף ראָג כלאָדנאַ — זשעלאַזנאַ דויערט ווייטער. מען הייסט גאַנצע גרופּן מיטאַמאָל זייער שנעל אַריבערגיין, מען טרייבט ווי הינט. אַפילו פון דראָזשקעס ציט מען אַראָפּ דעם עולם. אַ גרופּן ייד[ישע] אָרדנער האָט מען אַ לענגערע צייט געאיבט אויפן טעאַטער־פּלאַץ. 50 אָרדנער זענען צוליב דעם אַלעם אַרויסגעטראָטן. מען זאָגט, אַז די סחורות פון ייד[ישע] געשעפטן אויסערן געטאָ זענען שוין צוגענומען געוואָרן טיילווייז דורך דער מאַכט.

עס קומט אָפּט [פאָר], אַז יידן רעקאָמענדירט דורך גאַלעען באַקומען דורך זייער רעקוויזיציע דירות. צוויי יידן געבליבן אין זשאָליבאָזש ביי זיי־

464) יידישע פּאָליציי=אָרדנער.
465) פון פּויליש: אויספאָרשונגען.

ערע קריסטלעכע שכנים — — נישט געהייסן זיך אַרויסציען — — קומען מיט רעקאָמענדאַציע־בריוו פון די גאַלעען וועגן באַקומען מאָנאָפּאָל־ליצענצן.

21, 23 נאָוועמבער 1940

אין אָטוואָצק איז איינגעפירט געוואָרן צוויי געטאָס: אַ קור־געטאָ און אַ וווינונג־געטאָ[466]. פון שבת 8 אין אָוונט ביז מאָנטיק א זייגער 8 טאָר מען נישט אַרויסגיין אין גאַס. אַזוי מעג מען פון 10 ביז זעקס אַרויסגיין מחוץ דעם געטאָ. די ייד[ישע] הענדלער פירן פּראָדוקטן, עופות וכדומה פון דער[467] ווייסל־ליניע קיין וואַרשע. מען צאָלט אָפּ פון וואַגאָן. דער קאָסט 250 זל. — זאָגט דער קאָנדוקטאָר, דער צווייטער קאָסט 300 זל. געווען אַ קאָנטראָל פאַרמאַכט בײדע טירן און נישט געלאָזט אַריין. אויך אַן אַשכנז איבערגע־קויפט פאַרן פּרייז פון 40 זל. אַ טייל וואַרשעווער יידן פאָרן אַרויס אין דער פּראָווינץ. ביים איבערציען זיך אין געטאָ האָבן באַקאַנטע געשיקט בלומען. קיינמאָל נישט פאַרקויפט אַזוי פיל בלומען ווי דעמלט. ביים אָנהויב פון מלחמה אָדער פאַרן באַזעצן דורך אַשכנזים אָדער אין די ערשטע וואָכן האָבן די בעלי־בתים געגעבן זייערע אָנגעשטעלטע זייער אַ סך געלט ביים ליקווי־דירן די געשעפטן. עטיגאָן אין לאָדזש פאַר אַ יאָר, אַנדערע פאַר 6 חדשים און מער, אַנדערע געוואָלט געבן די אָנגעשטעלטע סחורה, אָבער זיי נישט געוואָלט — — פּראַגער פּליטים האָבן זיך איבערגעפירט אַזוי: מ'האָט אָנגעלאָדן אַ וואָגן מיט בעבעכעס און זיך אַליין און די מענטשן געלאָזט אײנער — —

בשעת דער באָמבאַרדירונג איז אין אַ טייל פּאַרטער־וווינונגען, אָדער אויף די נידעריקע שטאָקן פון הויכע הייזער. געווען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די באָמבעס. אין איינער אַזאַ וווינונג, לעשנאָ 5, נישט געוואָלט אַריינלאָזן דעם בעל־הבית, ווייל עס איז דאָ צופיל מענטשן. מען איז געשלאָפן אין קאָרידאָרן, אין צימערן אַן פענצטער, גאַנצע פּילאָ־זאָפיעס, ווי אַזוי מען קאָן זיך אויסהיטן פון באָמבעס.

די שומרים פון וואַרש[עווער] געטאָ זענען לאָדזשער שומרים. אויס־געאיבט אין דער מלאכה. היינט געווען די לאָזונג: „לאַנגזאַם, נישט לויפט ווי נעכטן". געהייסן אַ יידן קניִען און אים אָפּגעפּישט. מען האָט אויף כלאָד־נע געשלאָגן אויך פרויען. ביי די פּאָלאַקן האָט דאָס געטאָ אַרויסגערופן גרויסע באַאומרואיקונגען, זיי האָבן מורא, אַז איצט וועט מען זיך נעמען צו זיי: מ'וועט באַשטימען טרויהענדער, צונעמען מעבל וכדומה. היינט געווען אַ קלאַנג, אַז דאָס ענגל[ישע] און ר. פ. [ראַטנפאַרבאַנדישע] ראַדיאָ אָנגע־געבן יעדע האַלבע שעה: „אַ האַלבער מיליאָן יידן ווערן איינגעמויערט אין

466) זע הערה נר. 377.

467) ד. ה. אָן באַן־בילעטן, נאָר מיט באַנקנאָטן פון באַנק עמיסיִני, וואָס מיט זיי פלעגט מען איבערקויפן די קאָנדוקטאָרן.

אַ געטאָ"[468]. וואָס איז דער שכל מיט מאַכן גימנאַסטיק מיט די ציגל אויף כלאָדנע? מען גיט צוויי ציגל, איינע אַ לייכטערע, די צווייטע אַ שווערערע. ביים איינבייגן זיך קען נישט דערהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט. סדי אויסצומיידן דעם ראָג זשעלאַזנע—כלאָדנע גייט מען אַראָפּ טיף אין כלאָדנע און פון דאָרט דורך כלאָדנע 29 קומט מען אַרויס אויף קראָכמאַלנע. מען האָט זיך וועגן דעם דערוווסט און צוגעמויערט דעם דורכגאַנג דורך דעם הויף.

די צוריקגעקומענע פון די אָבאָזן אַ טייל געקומען אין די גאַטקעס. נעכטן דעם 20־טן נאָוו[עמבער] צוגענומען איבער 800 יידן פון די בעטן אין די אַרבעטס־לאַגערן, צוגענומען אויך קראַנקע און נישט געשיקט צו דער מעדיצ[ינישער] קאָמיסיע. געהערט וועגן צוויי פאַלן, ווען פרויען אָפּגע־טרעטן פון וועג אַנשי חייל, יענע געוווּנדערט זיך און געזאָגט, אַז זיי ווייסן נישט. וועגן אַזאַ פאַראָרדנונג. — אויף די גאַסן איז ווייטער אַ שרעקלעכע באַוועגונג. דער עולם [לויפט] פול מיט שרעק, אָבער די יוגנט שפּאַצירט ווייטער אויף לעשנאָ.

אין זאַפּיווקע דאַרפן אָנקומען 150 יידן פון בערלין. בכלל איז נישט געווען קיין שום פאַרבינדונג צווישן די פוילישע יידן און די יידן פון אַנדערע לאַנדטיילן פון רייך. אויך די קריגסגעפאַנגענע האָבן זעלטן ווען געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט די יידן פון די אַנטשפּרעכנדיקע שטעט.

דער יקרות וואַקסט פון טאָג צו טאָג. קאַרטאָפל קאָסטן היינט, צוויי טעג פאַרן שליסן דאָס געטאָ (23 נאָוועמבער), 95 זל. בשעת פריער 30 זל. ברויט איז נישט צו באַקומען, דער פּרייז איז 4 זל. אַ קילאָ, דאָס זעלבע מיט מעל און אַנדערע. מען קויפט אויס אַלע געוועלבן.

דער רבונו של עולם האָט אַראָפּגעשיקט אַ מלאך אויף דער ערד, ער זאָל זען וואָס עס טוט [זיך]. ער איז צוריקגעקומען און פאַרציילט: אין דייטש־לאַנד, איטאַליע און יאַפּאַן זענען אַלע מונדירט און רעדן וועגן שלום. אין ענגלאַנד גייען אַלע ציוויל און רעדן וועגן מלחמה, אין פוילן גייען אַלע אַרום באָרוועס און גלויבן אין נצחון (די יידן אין פוילן זאָגן, אַז עס וועט גוט זיין).

„באַטאַליאָן טשאָלגווו" — רופט מען די יידן, וואָס מוזן אַדורכגיין אין פירן דורך זשעלאַזנע.

היינט האָט מען נישט אַריינגעלאָזט קיין קריסטן מיט פּראָדוקטן. די סיבה די — — [אָנקלאַגע] פון די פּאָלאַקן, אַז אַלץ ווערט אַרויסגעפירט פון דאָרט אַהער. — מען רעדט וועגן אויפבויען צוויי בריקן (וויאַדוקטן) צווישן סאָלנאַ און ציעפּלאַ און צווישן באָניפראַטערסקע און פּשעביעג.

די ס. ס. האָט פון 800 יידן, וואָס זענען ביי איר באַשעפטיקט, נישט געקוקט אויף די ענערגישע ווענדונגען צום באַשעפטיקן פּאָלאַקן, בסך הכל

---

468) וועגן פאַרשפּאַרן אַ האַלבן מיליאָן יידן הינטער די געטאָ־מויערן אין וואַרשע האָט אויך געשריבן די פוילישע אונטערערדישע צייטונג „וואָלנאָשטש" („פרייהייט"), וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן די גרופּע פון פּפּס „גוואַרדיאַ", אין איר נומער 2 פון 10 פעברואַר 1941.

רעזיגנירט פון 50, אָבער נישט גענומען אויף זייער אָרט קיין קריסטן, אַ מענטש, וואָס האָט באַזוכט יענע גאַסן, פאַרציילט וועגן דעם גרויסן אונטערשייד. דאָרט פרייע באַוועגונג. מענטשן באַוועגן זיך פריי, עלעגאַנט געקליידעט, די קאַפּעען פול מיט מענטשן, די גאַסן פרייע נישט אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן ווי אין געטאָ. מען מאַכט שלעכטע האָראָסקאָפּן וועגן ייִדן.

26, 27 נאָוועמבער 1940

— — דאָס זעלבע אויף קראָכמאַלנע. צוויי מונדירטע אָנגעפאַלן אויף גרייז־גרויען שווערצענטער[469] און אַראָפּגעוואָרפן דעם הוט מיט אַ קלאַפּ. בלומזייד [?] דעם לאָמען געהייסן אויף כלאָדנע מאַכן גימנאַסטיק, אַראָפּגעצויגן פון דראָזשקע (אַ זעץ אויף זייער אויטאָ [?]) געהייסן שטיין בלייבן, נאָכגעשאָסן, אַוועקגעפלויגן.

היינט דעם 26 נאָוו[עמבער], דעם לעצטן טאָג פון אָפענעם געטאָ, זייַנען געקומען מאַסן קריסטן, כדי צו קויפן סחורות אויף נאַלעווקעס און אַנדערע גאַסן. אין אָוונט האָט מען געקענט זען ווי ביי די טראַמווייען מאַסן קריסטן מיט פעקלעך און וואַליזקעס. אויף די הייפן אַנשטייען קרייזן פון לערנען קאָכן. ביי די פּלאַקן איז פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס געטאָ איז באַזאָרגט מיט פּראָדוקטן אויף 1½ יאָר. געהערט פון אַ עבֿד, אַז אויפן פּראָנט האָט מען אַ סך יידישע אַנשי חיל דערהרגעט, אינווייניק איז די באַציִונג צו זיי געווען אַ נאָרמאַלע. היינט האָט דער מעגאַפאָן געזאָלט אָנגעבן, אַז דאָס געטאָ ווערט פאַרמאַכט. אין די ערשטע טעג פון געטאָ איז אָנגעקומען אַ סך דעפּעשן פון אַמעריקע צו קרובים מיט דער אָנפראַגע וואָס צו שיקן. מען דערמאָנט איצט, אַז געוויסע פאַראַנטוואָרטלעכע אַשכנזים דיגניטאַרן האָבן דערקלערט מיט אייניקע חדשים צוריק, אַז קיין געטאָ וועט אין וואַרשע נישט זיין. אַפילו אָרענטלעכע קריסטן גיבן נישט אָפּ די זאַכן, וואָס זיי האָבן גענומען ביי ייִדן. זיי פאַרלאַנגען געלט פאַר אָפּהיטן די זאַכן: אַנדערע דערקלערן, אַז וועלן אומקערן נאָך דער מלחמה. אַ מעשה מיט אַ דענטיסטישן קאַבינעט, נישט געוואָלט אומקערן. היינט געווען אַ סך קריסטן זיך געזעגענען מיט זייערע יידישע פריינט. אין די לעצטע טעג אַ מאַסנהאַפטע דערשיינונג, אַז קריסטן געקומען צו זייערע ייִדישע פריינט מיט שפּייז־פעקלעך, בלומען אין די נייע וווינונגען.

דער פרייז פון קוילן איז מוראדיק געשטיגן, היינט באַטרעפט ער פאַר אַ טאָן... מען האָט מורא מען זאָל נישט אָפּשטעלן די גאַזאָווניע און עלעקטראָווניע אין ייד[ישן] פירטל. עס הערשט ביי די אַשכנזים דער טיפער גלויבן, אַז ייִדן זענען שולדיק אין מלחמה. בשעת אַן אויספאָרשונג געזאָגט צו איינעם: צוליב אייך ייִדן איז דערהרגעט געוואָרן אַ מיליאָן אַשכנזים. צוליב אַ פאַבריק אויף קראָכמאַלנע געמוזט טיילן די גאַס אויף צוויי טיילן

469) צענטנערשווער.

און אַרומנעמען מיט אַ לאַנגן פּאַרקאַן און דערביי צוגענומען אַ גרויסע צאָל געוועלבער פון מיראָווסקאַ.

היינט דעם 26 נאָוו[עמבער] האָט די ייד[ישע] פּאָליציי געמאַכט אָרד־נונג אויף קאַרמעליצקאַ, געמאַכט אַן איינזייטיקע באַוועגונג. געהערט, אַז צו אַ פּוילישן פּראָפעסאָר געקומען זיין אַשכנזישער פריינט אויף מיטאָג, געקענט אים פון צוזאַמענפּאָרן, פּאָרגעלייגט אים אין אָוונט צו גיין ווילן זיך. דער פּאָלאַק געענטפערט, אַז היינט ווילן זיי זיך נישט, דערויף יענער גע־ענטפערט, אַז נישט געמיינט קיין לאָקאַל, נאָר שלאָגן יידן אין ייד[ישן] קוואַרטאַל. מען זאָגט, אַז שטאָט זונטיק וועט דער רוטאָג אין געטאָ זיין שבת. מען זאָגט, אַז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער שמוגל דורך הייף, מויערן וכדומה. היינט אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז טראַמווייען מיט אַריער וועלן זיך נישט טאָרן אָפּשטעלן אין ייד[ישן] רעוויר. אַ קריסט האָט היינט פאַרקויפט פּוטער אויף אַזאַ אופן: ער האָט געהאַט 12 קעשענעס אונטערן פּאָלטן, איז וועלכע עס זיינען געלעגן פּעקלעך פּוטער. די ייד[ישע] פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען קאַשקעטן און זיי באַגריסן די — — [470].

היינט איז ווידער געווען באַדראַט לעשנאָ 70—78. די שול קאָנאַרסקי וויל זיך נישט אַרויסציען, האָט מען געזאָגט. אויך אויף באַגנאָ זיינען איי־ניקע הייזער באַדראַט.

אַ יידישער אַרבעטער געאַרבעט אויף אַן אָרט, ווען קיינער נישט געזען, צוגעגאַנגען צו אים אַ איש חייל... און געזאָגט „דו ביסט נישט קיין ייד, נאָר אַ חבר", געדריקט אים די האַנט. אַ גרויסער אוצר פון ספרים פאַרברענט בשעת אָקטאָבער זיינען צוליב דעם פאַרשוווּנדן. האָבן פאַרניכטעט וויכ־טיקע רוסישע און אַנדערע אויסגאַבן, גאַנצע ביבליאָטעקן.

היינט דעם 27 נאָוו[עמבער] האָבן קאַרטאָפל געקאָסט 7 — 8 זל. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שמוגל פון דרויסן, אַ הויף אויף שליסקע איז דערפאַר אָפּגערייניקט געוואָרן פון ייד[ישע] לאָקאַטאָרן. מען שמוגלט דורך פאַד־קאָפּן אין א טייל הייזער, דורך חרוב געוואָרענע הייזער ווי עק לעשנאָ ווו מען האָט פאַרנאַכט איבערגעוואָרפן עטלעכע זעק מיט מעל אויף עלעקטאָראַלנאַ—כלאָדנאַ שטייט אַ חברותא פון 30—40 ייד[ישע] קינדער, וואָס לויפן אַריין אין די האַלעס און קויפן דאָרט ברויט און אַנדערע פּראָ־דוקטן, ווען דער שומר דרייט זיך אויס.

דער אונטערשייד פון פרייזן צווישן געטאָ און דרויסן: ברויט 4 זל. אַ קילאָ, דאָרט 2,50; פּוטער — — קוילן קאָסטן ביי 1000 זל אַ טאָן. פעטס 60 [?]. טיילמאָל ווערט אַריבערגעוואָרפן איבער די מויערן. אַ געוויסער שמוגל איז געפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער האַנדל, אַפילו 8 קי זיינען דאָרט פאַרקויפט געוואָרן. די שומרים האָבן געמאַכט אַ סוף און איצט ווערט שוין אַרום געמאַכט אַ מויער. די ייד[ישע] פּאָליציאַנטן האָבן שוין כמעט — —

470) דער רעשט זאַץ נישט לייענבאַר.

## 29 נאָוועמבער — 2 דעצעמבער 1940

מיינע ליבע!

דער שמוגל דויערט היינט ווייטער (דעם 29 נאָוו[עמבער], באַזונדערס אויפן בית־עולם, ווו מען האָט דערלויבט די ייד[ישע] פּרויען אַריבערגיין אויף יענער זייט און קויפן דאָרט 3 ברויט. מען האָט אַריבערגעוואָרפן אַפילו קי איבער די מויערן. מען פירט אויך אַריין סחורה אין גאַנצע וועגעלעך. דער יקרות וואַקסט שטאַרק. צוקער קאָסט 13—14 זל. ברויט איז אביסל געפאַלן, 4 זל. א קילאָ, ווייל מען שמוגלט אריין אָן מאָס. דער דאָלאַר איז געשטיגן, 39 פּאַפּירענער, 72 דער גאָלדענער, אין לאָדזש 12 און 18.

ווען א ייד[ישער] פּאָליציאַנט שפּרייט אויס די הענט, הייסט דאָס „אוי יידן, ס'איז נישט גוט". ווען ער הויבט אויף, זאָגט ער: „אַז גאָט וועט נישט העלפן", אראָפּלאָזנדיק די הענט: „ליגן מיר אין דער ערד". מען זאָגט, אַז יידן זאָלן מער נישט אַרבעטן אויף די פֿאַרשיידענע פּאָזיציעס, זיי וועלן פאַרטרעטן ווערן מיט פּאָלאַקן. קאָרטשאַק האָט דערקלערט, אַז ער טראָגט נישט און וועט נישט טראָגן קיין אָפּאַסקע. מען שיקט אים אַרויס קיין לובלין אין א לאַגער.

די רעליג[יעזע] יידן, די רבנים האָבן נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן ניצוץ פון קידוש השם. געצוווּנגענערהייט אונטערגעצונדן בתי־תפילה אין א טייל פּראָווינץ שטעט. היינט האָט מען ווידער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם אַריינקומען פון די רוסן אין דער גובערניע. דאָס זאָל פאָרקומען דעם 10 יאַנואַר. דאָס איבערזידלען פון די אשכנזים פון וואַרשע זאָל שטיין אין צוזאַמענהאַנג דערמיט. אין די ייד[ישע] קרייזן ווערט קריטיקירט די האַלטונג פון דער פויל[ישער] באַפעלקערונג. עס ווערט דערציילט וועגן פּאַלאַקן, וואָס האָבן אין טראַמוויי אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט, וואָס עס איז מקוים געוואָרן דער חלום וועגן וואַרשע אָן יידן. מען ווייזט אָן, אַז ווען מען האָט אין אַנטווערפּן איינגעפירט בינדען פאַר יידן, האָט די גאַנצע באַפעלקערונג אָנגעטאָן די בינדען און צוליב דעם האָט מען דאָס אָפּגעשאַפן. אין פּאַריז, ווו מען האָט יידן געהייסן גיין אויף דעם שאָסיי, האָבן דאָס אויך די פראַנצויזן געטון און דערמיט גורם געווען דאָס אָפּשאַפן. ביי די פּאָלאַקן איז דאָס נישט געווען, פאַרקערט, דאָס וואָרט „יודע" האָט מען אָפט געהערט. עס הערשט א גרויסע באַאומרויקונג צוליב דעם, וואָס מען גיט נישט די יידן קיין קאָנטיגענט־קאַרטאָפל און נישט קיין אַנדערע פּראָדוקטן. עס דראָט א סכנה, אַז די קיכן זאָלן זיך פאַרמאַכן. אין דעם „קוריער וואַרש[אווסקי"] ווערט לעצטנס פאַרעפנטלעכט א ריי אַרטיקלען וועגן דער פוילישער רעגירונג און וועגן די הינטער קוליסן פון דעם פּרעזידענט א. א. פון צייט צו צייט ווערן דאָרט אַריינגעמישט יידן און משומדים און נאַטירלעך, אַז די יידן זיינען אין אלעם שולדיק. יידן ווי ד"ר גאָראָדינסקי, זאַגייסקי, זאַגאַיעווער א. א. האָבן געמאַכט גרויסע און גוטע געשעפטן מיט דער הילף פון

דער פּרעזידענט־משפּחה. אָנגעקומען כלומרשט א בריוו פון אַמעריקע, ווו מען פרעגט זיך, צי עסט מען ווי אין יום־כפור, צי וויינט איר ווי אין סוכות, צי גייט איר אָנגעטון ווי אין פּורים. קאַרטשאַק האָט דערקלערט אין געריכט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געטראָגן קיין בינדע און וועט אויך נישט טראָגן אין דער צוקונפט, ווייל ער איז א פּוילישער ראָש [471]. דאַרדאַנעלן — רופן די יידן דעם דורכגאַנג דורך כלאָדנאַ־זשעלאַזנע. אין לאָדזשער געטאָ זיינען מענטשן געשוואָלן געוואָרן צוליב דעם מאַנגל אין פרישע ירקות, וויטאַמינען האָבן געפעלט.

היינט דעם 2 דעצ[עמבער] דערהאַלטן א ידיעה, אַז מען האָט איבער 500 יידן פון קראָקע געכאַפּט אין גאַס אַן אויסוויזן און געשיקט קיין מעזריטש. דער אונטערשייד אין פּרייזן צווישן געטא און אַרישן זייט איז פּאַלגנדיק: פלייש א קילאָ 7 און 12—13, פּוטער 24 און 27—30, ברויט 2.50 זל. א קילאָ און 4זל. צוקער 7 זל. און 10 זל. דער שמוגל נעמט אָן גרויסע דימענזיאָנען, א דאַנק דעם איז נאָך דאָ ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. געהערט, אַז מען האָט צונויפגעזאַמלט פון די בוכהאַנדלונגען די ווערק פון ייד[ישע] מחברים אין פּויליש און זיי פאַרברענט, קאָנקרעט וועגן אַ בוכאַלטעריע פון א יידישן מחבר.

בהמות זענען געפלויגן איבער די דעכער. דאָס גס האָט פּאַסירט אין וואַרשע בשעת דעם שמוגלען בהמות און חזירים אין געטאָ. פּאַראַיאָרן, ווען דער לובאַוויטשער רבי איז אַרויסגעפאָרן, די גאַלעען באַקומען אָנפראַגעס פון פאַרשיידענע אַמבאַסאַדעס: לעטלאַנד, אַמעריקע א. א. געקומען אָנפרעגן אפשר דאַרף מען האָבן געלט אויף אַרויספאָרן. לעצטנס פאָרן איינצעלנע פּערזאָנען קיין אַמעריקע. מען זאָגט, אַז עס וועלן זיין אויסוויזן. עס מערקט [זיך] א קאָלאָסאַלער אונטערשייד בנוגע דער ריינקייט צווישן די ייד[ישע] און נישט ייד[ישע] גאַסן. עס ווערט נישט זייט עטלעכע טעג פאַרקערט. דאָס מיסט ווערט נישט אַרויסגעפירט אַזוי, אַז עס אַנטשטייען עפּידעמיעס. לע[שנאָ] 13 געשאַפן אַן אָפּטיילונג צום קאַמף מיט וווכער [472], אָפּהענגיק פון די גאַלעען. אַליאַ „שמענדריקווו” הייסט די שענגאַ גאַס. א טייל פאַמיליעס זיך געמוזט טיילן, דער קריסטלעכער טייל איז אַריבער אויף יענער זייט, דער ייד[ישער] איז געבליבן אין געטאָ. די פּאָלאַקן דאַרפן איצט צושטעלן פּאַפּירן פון אַרישער אָפּשטאַמונג ביזן 4־טן דור. א יונגער־

---

471) קאַרטשאַק איז געווען אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי.

472) אין ראש פון דער געסטאַפּאָ־אַגענטור זענען געשטאַנען אברהם גאַנצוויך, דוד שטערנפעלד. — דאָס א. ג. „דרייצנטל” איז אַנטשטאַנען אנהייב דעצעמבער 1940 און זיין אָפיציעלער נאָמען איז געווען: „פּרייז־איבערוואַכונגסשטעלע”. יידן האָבן עס גערופן „דרייצנטל”, ווייל די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט זיך געפונען אויף לעשנאָ 13. דער אַמט האָט כלומרשט געדאַרפט באַקעמפן אין געטאָ די צו הויכע פרייזן, דעם וווכער, שמוגל א. א. פאַקטיש איז ער געווען נישט מער ווי אַ יידישע עקספּאָזיטור פון געסטאַפּאָ. די אינסטיטוציע איז ליקווידירט געוואָרן דעם 17 יולי 1941.

מאַן [?] באַזוכט געוואָרן מאַסנווייז דורך זײַנע קריסטלעכע קאָלעגן, געבראכט אײַער, פּראָדוקטן און פעטס. אַזאַ בילד: אויף דער געדיכט באַזעצטער לעשנאָ־גאַס גייען צוויי שומרים, פאַר זיי גייט א יידישער שומר און הייסט אַלעמען אַראָפּנעמען דעם הוט, ווייל עס דראָען מלקות פאַר די, וואָס האָבן נישט באַמערקט יענע. מען זאָגט, אַז אין דער מויער אַויף זימנא־גאַס האָט מען פאַרטאָג געפונען א גרויסן לאָך, דורך וועלכן מען האָט געשמוגלט פּראָדוקטן. אויף דער גאַס האַנדלט מען איצט שטאַרק מיט שטיקער ברויט. אויף יעדן שריט און טריט שטייען אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אויסער די גרענעצן פון געטאָ. זיי ברענגען גאַנצע טאָרבעס מיט ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. אויף א גאַנצער ריי גאַסן: זשעלאַזנע, קאַרמעליצקא דאַרף אַדורכגעפירט ווערן אן איינזייטיקע באַוועגונג. דאָס איז אַ גאַנץ גוטע זאַך, ווייל אַנדערש איז נישט מעגלעך אַדורכצוגיין די גאַס. בדרך כלל פילט זיך דער עולם זיכערער, ווען נישט די מורא פאַר דעם מאַנגל אין לעבנסמיטל און קוילן, וואָלט מען געקאָנט ווי נישט איז לעבן. מיט א וואָך צוריק אין די הייסע טעג פון זשעלאַזנע־כלאָדנע האָט א שומר געהייסן א יידן קניען און אים באַפּישט. געהערט, אַז ווען דער וואָלאַצלאַווקער יידן־ראַט איז אויפגענומען געוואָרן דורך א מושל, האָבן זיי זיך פאַר שרעק באַפּישט (אויטענטיש). די דאָקטוירים פון ייד[ישן] שפּיטאָל, וואָס איז דערווײַלע אויסערן געטאָ, האָבן נאָך נישט קיין פּשעפּוסטקעס אויף יענער זייט. א דאָקטאָר (יאבלאָנסקי) געמאַכט א טרעפּאַנאַציע פון מוח און דעם צווייטן טאָג נישט געקאָנט צוריקקומען, דער פּאַציענט איז וואַרשיינלעך געשטאָרבן. מען זאָגט, אַז אויף גשיבאָוו איז דעם זונטיק פאָרגעקומען א גאָטעסדינסט פון די משומדים אין דאָרטיקער קירך, מען האָט דערוואַרט א רעדע פון אַ גלח, אַז די משומדים וועלן קאָנען אַרויס פון געטאָ. דאָס איז אָבער נישט געשען. עס טרעפן אָפּט פאַלן פון אַדורכלאָזן קינדער, וועלכע קויפן אויף יענער זייט ברויט. אין חודש דעצעמבער וועט דער מאַגיסטראַט באַשפּייזן די ייד[ישע] באַפעלקערונג, פון יאַנואַר די קהלה.

פאַרוואָס האָבן די גריכן געזיגט אין אַלבאַניע? ווייל אונטער יעדן בוים איז געשטאַנען אן ענגלענדער, וואָס האָט געמאַכט אן אָנשטעל פון א גריך. מען זאָגט, אַז די פויל[ישע] ליַנקע האָבן באַשלאָסן צו העלפן דער יידי[שער] באַפעלקערונג. יעדער וועלכער האָט נאָר א מעגלעכקייט, קומט אַרײַן אין געטאָ און ברענגט פּראָדוקטן צום פּרייז פון אויסערן געטאָ. צו איינעם געבראכט צוויי קילאָ חזיר־שמאַלץ. די [יידישע] אונטערנעמונגען אויסערן געטאָ (4.000) וועלן ווערן אָפּגעשאַצט און דורך א טויש־שטעלע פאַרקויפט ווערן. מסתמא וועלן די ייד[ישע] אייגנטימער נישט באַקומען מער ווי 10% 20% פון ווערט. די געמיינקייט פון א רב איינעם קאַצענעלבאָגן געטראָגן א רויטן קרייץ, כדי אויסצומיידן אומאַנגענעמלעכקייטן.

ווי עס איז געווען פאָרויסצוזען, האָט דער שמוגל שוין געבראכט די ערשטע קרבנות. מען האָט אַרייַנגענאַרט אויף יענער זייט אָקאָפּאָווע (אַשכנזישע שומרים) יידן און דאָרט נהרגו. א ייד[ישער] מיליציאַנט נהרג דער־

פאַר, ווייל געוואָלט געבן כאַבאַר. ייד[ישע] שומרים איינגעישבנט. דערוויי־לע איז אַלץ געוואָרן ביליק אין די געשעפטן. עס האָט אויפגעהערט דאָס מאַסנהאַפטע איינקויפן, ווי דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון געטאָ. חברה ווייסע שטייען ביי די ראָגן פון די גאַסן און כאַפּן זיך אַדורך אויף יענער זייט. קריסטן קויפן אויס מאַסנווייז ביי יידן סחורה. אויף מוראַנאָוו, נעבן זאמענהאָפאַ, געפּרוווט אַריינשמוגלען קי. ייד[ישע] טרעגערס פאַר־לאַנגט 500 זל. 6 נישט געוואָלט געבן, געמסרט, צוגענומען די קי און דעם פּויל[ישן] פּאָליציאַנט איינגעישבנט.

היינט אָנגעקומען אויף פורן יידן פון פּיאַסעטשנאָ, פרוּיען און קינדער אויף וועגעלעך, מענער גייען צו פוס. דאָס נעמען כאַבאַר אין קהלה בליט. דער פּאָסטן פון א פּאָליציאַנט קאָסט 300 זל., פון פּאָסט 500 זל., אַנדערע 1000 און מער. עס קומען [פאַר] טאָג טעגלעך פאַלן פון פאַרוווּנדן ייד[ישע] קינדער ביים שמוגלען ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. די פּרייזן זיינען אין די לעצטע טעג געפאַלן. די מעשה פּיאַסעטשנאָ איז פאָלגענדע: די קהלה געגנתנט דעם בירגערמייסטער, ער זאָל ערקלערן, אַז עס איז נישט מעגלעך צו שאַפן קיין געטאָ. דאַן געכאַפּט יידן אין גאַס און דערנאָך פאַרלאַנגט 1000 יידן צום אַרויסשיקן. די קהלה אָנגעגעבן די קאָנסומענטן פון דער אַרטיקער פּאָלקס־קיך, אַזוי אַרום געקומען קיין וואַרשע די סאַמע אָרעמסטע.

פאַרגעקומען א סאניט[אַרע] קאָנטראָל אין אַלע הייזער, כדי פעסטצו־שטעלן, צי זיינען נישט פאַראַן קיין טיפוס קראַנקע. פעסטגעשטעלט, אַז עס זיינען נישט פאַראַן קיין קראַנקהייטן. אין פּוי[לישן] טייל יעדן טאָג אַנ־דערע טיפוס פאַלן הגם יידן נישטאָ. אַפילו די טעאַריע, אַז יידן זיינען באַ־צילן־טרעגער פון טיפוס נישט געהאָלפן. געהערט וועגן א פּ.פּ.סישן אויפ־רוף קעגן געטאָ. אין דעם אויפרוף ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז געליטן האָבן נישט בלויז יידן, נאָר אויך פּויל[ישע] אַרבעטסמענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע וואַרשטאַטן.

7 — 10 דעצעמבער 1940

מיינע ליבע! [473]

היינט דעם 7 דעצ[עמבער] האָב איך געהערט, אַז מ׳האָט אַרויסגעטריבן 2.000 מאַן פון ראַדאָם און געשיקט אין די שכנותדיקע קליינע שטעט־לעך [474]. באַרוך איז איינגעישבנט געוואָרן פאַר נישט טראָגן קיין בינדע. ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט נישט טראָגן קיין בינדע און אַז ער האָט קיינמאָל נישט געטראָגן, ווייל ער באַטראַכט דאָס פאַר א באַליידיקונג. מ׳האָט אים געשיקט קיין אָשוויענטשים, דאָרט איז ער געשטאָרבן. פון א

473) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.
474) זע הערה 455.

סך מענטשן פון דאָרט זענען אָנגעקומען באַפעלן, אַז די פאַמיליע זאָל אָפּנעמען דאָס אַש פון די פארשטאָרבענע. — בשעת אין קראָקע איז געווען א ייד[ישע] דעלעגאַציע און פאַרציילט וועגן דער גימנאַסטיק, האָט ער געפרעגט וויפל יידן, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז 20% האָט ער דערקלערט, אַז מ'מוז צוגעוווינען די יידן צו אָרדנונג. מען פאַרציילט, אַז קריסטלעכע דינסטן האָבן נישט קיין פשעפוסטקעס, געווען אויפגעבראכט, הלמאי מען האַלט מענטשן, וואָס האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק געמאַכט פאָגראָמען אויף יידן. אין אַרישן טייל פון ווארשע איז שטאַרק פאַרשפרייט דער טיפוס, דעריבער האָט מען געמאַכט א קאָנטראָל אין אַלע יידישע דירות, צי זענען נישט פאַראַן קיין פארבאהאלטענע פאלן, אָבער מ'האָט נישט אַנטדעקט קיין איינעם. געהערט, אַז די משומדים ווילן האָבן אן אייגן געטאָ אין די ראמען פון געטאָ.

אין ריפין האָט מען צוגענומען די מצבות און פאַראַקערט דעם בית־עולם. נעכטן האָט מען ביי יידישע אַרבעטער, וואָס קומען פון יענער זייט, צוגענומען מער ווי 2 ברויט און אריבערגעוואָרפן צו די פאָלאַקן. א קרום בילד וועגן געטאָ בילדן די צאָלרייכע צוקערניעס, וואָס זענען לעצטנס אויסגעוואָקסן אויפן אָרט פון די מאַנופאקטור־געשעפטן. נאָכן 15 דעצעמבער, זאָגט מען, וועט מען נישט אריינלאָזן קיין ציטונגען אין דעם געטאָ. אין קראָקע קומט פאָר א מאסנהאַפטע באַזייטיקונג פון יידן פון דער שטאָט. אין סאָסנאָוויעץ האָט געזאָלט זיין א געטאָ, אָבער די גזירה איז אָפּגערופן געוואָרן. אין קוטנע איז אן אָפענע געטאָ. שומרים זענען פארווערט געוואָרן און זיי לאָזן [דאָך] אַרויס דעם עולם. מיט דער פאסט ווערן אָנגענומען פעקלעך פון יענער זייט, מען קאָן אַלזאָ שיקן אַ פעקל פון ביעלאַנסקע אויף טלאָמאַצקע [475]. נעכטן האָט מען אַריינגעפירט א לאַסט־אויטאָ מיט פיש, פרייז פיר אלפים שוחד. אַ געוויסער ערליך [476] איז געקומען צו אָבמאַן מיט אַ בריוו פון די דייטשן, אין וועלכן ס'איז געווען געשריבן, אַז ער דאַרף באַשעפטיקן 25 זיינע מענטשן. דער פילאָזאָף [477], דער אוהב ישראל, איז געקומען אַ טאָג פאַרן שליסן דעם געטאָ זיך געזעגענען מיט אחינו בני ישראל. ער זאָגט, אַז אין דער שטאָט ווערן געבויט באַראַקן. דער עולם ווייסט נישט פאַר וועמען. די שפראך פון די קהל־לייט איז ביי יעדער געלעגנהייט קאווענטשינסקא, אַרבעטסלאגער וכדומה [478]. „דו וועסט ברענגען דאָס געלט

---

475) צוויי שכנותדיקע גאסן אין ווארשע. איינע אַן „אַרישע", די צווייטע אַ יידישע.

476) יאָסל ערלעך, „יאָסל קאַפּאָטע". אַ געסטאַפּאָ־אַגענט אין וואַרשעווער געטאָ.

477) געמיינט ווארשעווער פּראָפ. קאָטאַרבינסקי.

478) אויף קאַווענטשינסקאַ — אַ גאַס אויף פּראַגע — איז ביזן פאַרמאַכן דאָס געטאָ געווען דער זאַמלפּונקט, פון וואַנען מ'פלעגט אַרויסשיקן אין די אַרבעטס־לאַגערן, ד. ה. די קהלה־לייט האַלטן אין איין דראָען פאַר יעדער קלייניקייט מיט אַרויסשיקן אין אַ לאַגער.

אין די ציין". הויראקעס, ווילע יונגען אין לאַגגע שטיוול האָבן איבערגענומען די ממשלה אין דער קהלה. די פּאָסטנס פאר לאַפּוּוּקע. סטרוזש 300 זל. פּאָסט 500 זל., יעדער דינסט קאָסט געלט. פאר 600 זל. איז איינער דעם זעלבן טאָג געוואָרן איינגעאָרדנט. א חברה מאכערס און קאָמבינאַטאָרן האָבן געוועלטיקט אין דער קהלה אָן שום קאָנטראָל. די לייטער זענען טיילווייז אָרנטלעכע, אָבער אָן שום געזעלשאַפטלעכן צוגאַנג. איינער פון די שומרים האָט געזאָגט צו זיין ייד[ישן] חבר: „דאָס האָט דער טייוול אויסגעטראכט דעם פּלאַן צו דערשטיקן 400.000 מענטשן". א טייל מאַכן זיך בישט זעענדיק, ווי מען גייט אריבער אויף יענער זייט און מ'ברענגט פּראָדוקטן.

די דאָקטוירים און פּערסאָנאַל פון ייד[ישן] שפּיטאָל (צוזאַמען טויזנט מענטשן) האָבן לכתחילה באַקומען 75 פּשעפּוסטקעס, איצט 200, דער רעשט מוז 7 פרי קומען אויף טוואַרדע 6 און פון דאָרט גייט מען אין רייען אין שפּיטאָל אויף טשיסטע. ס'פעלט אויס סוראָוויצע אין געטאָ, ווייל פּריוואטע פּערזאָנען האָבן אַלץ אויסגעקויפט. מאַנכע יידן באַקומען רעקאָמענדאַציעס פון יענע אויף פארשיידענע קאָנצעסיעס אין געטאָ. דאָס זעלבע אויך פּאָסטנס. הייגט האָט מען אויף ראָג לעשנאָ און זשעלאַזנע געהייסן אז מענער און פרויען זאָלן טאַנצן און א אַדורכגייענדיקע קאַפּעליע האָט געשפּילט. אויסער דעם אַ סך גימנאַסטיק. די קהלה האָט געוואָלט נעמען צו עטלעכע הונדערט זל. פון די אַדמיניסטראַטאָרן, אָבער לעשנאָ 13 (אָפּט[יילונג] צום קאַמף קעגן ליכווע) איז נישט מסכים און פאַרבאָטן עס. זיי זענען אויך געווען קעגן דעם, אַז 25 פּראָצענט פון זיי זאָלן זיין ייד[ישע] אַדוואָקאַטן (קעגן פריוווילעגיע פון איין פּאַך). דאָס ביוראָ לעשנאָ 13 וועט זיך פאַרנעמען מיט מאַכן סקלאַדעס פון סחורות. דאָס ביוראָ האָט באַקומען די פאַרוואַלטונג פון ייד[ישע] הייזער אויף לעשנאָ. אויך שאַפט זי עפּעס אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע.

געהערט וועגן די גרויסע העלדישקייטן פון יידן בשעת דער מלחמה. אין דער געגנט פון מלאָווע זענען געשטאַנען איניקע זעניטוווקעס. בשעת אַן אַליאַרם זענען אַלע אַוועק, געבליבן זענען בלויז די יידן און אַראָפּגעשאָסן 17 אַעראָפּלאַנען. אַן אַנדער פּאַל: פויל[ישע] אַרטילעריע איז באַשאָסן געוואָרן, אַלע אַנטלאָפן, געבליבן בלויז איין ייד, וועלכער האָט אַליין באַדינט אַ האַרמאַט, שפּעטער זענען צוגעקומען אַנדערע, ער איז געוואָרן פאַרוווּנדעט, ליגנדיק נאָך באַדינט דעם האַרמאַט. דער דאָקטאָר האָט אים געהיילט אין שפּיטאָל. אַזעלכע פאַקטן זיך אָנגעהערט אַ סך אין געפאַנגענשאַפט. די יידן זענען געווען אַ מוסטער פון אויסדויער און העלדנטום. אַ יידישער דאָקטער פון מאַרשאַלקאָווסקאַ (געזוכט שפּעטער דורך דער דאָקטוירים־קאַמער) געשטעלט זיך בראש פון אַן אָפּטיילונג נאָכן טויט פון קאָמענדאַנט, געפירט די אָפּטיילונג צום אַטאַק, געפאַלן.

היינט דעם 10 דעצ[עמבער] האָט מען אין דער פרי צוגענומען ביי יידן אויף בלאַדנע — זשעלאַזנע זעק מיט ברויט, פּעטס א. א. לויט אַ מסירה פון אַ פּוילישן שומר, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז שמוגל. שפּעטער זענען

געקומען יידישע שומרים און אנגעוויזן, אַז די ייִדן זענען געגאַנגען אין ייד[ישע] גאַסן. אין רעזולטאַט האָט מען דאָס ברויט צעטיילט צווישן אַרע־מע לייט. דער יידישער שפּיטאָל ווערט עוואַקואירט ביז אַפּריל. אין וואַרשע זענען דאָ 750 יידישע דאָקטוירים. דער דאָלאַר איז ווידער שטאַרק געשטיגן ביז 108. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, אַז דער עולם קויפט סחורות נישט גלויבנדיק אין ווערט פון געלט, אויך זאָלן יענע אויסקויפן מאַסנוויז דאָ־לאַרן. מען זאָגט, אַז אויף יענער זייט זאָל מען האָבן געהרגט 4 פון די דייטשן, דערמיט דערקלערט זיך, וואָס עס זענען אָפּגעשניטן אייניקע גאַסן. די וואַנט דאָרט איז דער סימבאָל פון כאַבאַר אין דער קהלה, אַזוי זאָגט מען בשעת מען מאַכט פּאַרוווקעס אין יידישע דירות און מען וויל נעמען כאַבאַר. נעכטן איז אַרויסגעשפּרונגען אַן איש חייל פון אויטאָ און געגעבן אַ יינגל מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ. דאָס יינגל איז געשטאָרבן. אויף גזשיבאָוו איז נעכטן געווען אַ מאַסאַקרע. יענע שכורע האָבן געשלאָגן און געהרגעט צענדליקער ייד[ישע] דורכגייער. מען שאַצט אָפּ 100 פּאַרוואונדעטע, צווישן זיי אַ יינגל דערהרגעט. עס קומען אָן מאַסנהאַפט דעפּעשן פון אָשוויענטשים וועגן טויט פון דאָרט פּאַרשיקטע. דאָרט מאַכט מען טעגלעך 3 שעה איבונגען אונטער וואַסער־שלויכן און דאָס רופט אַרויס לונגען־אָנצינדונגען און דערנאָך דעם טויט. פּאַראַן קאַרטלעך פון דאָרט וועגן דער שווערער לאַגע, אַז מענ־טשן ווינטשן זיך דעם טויט.

געהערט היינט אַן אינטערעסאַנטע אינטערפּרעטאַציע פון דער נייער מאָ־דע פון לאַנגע שטיוול. עס אימפּאָנירט דער כוח פון יענע און זייער האַל־טונג. מען וויל זיך אַרויסרוקן פון דעם כלל און אים אימפּאָנירן. די הפקר־יונגען פּאַרן אַרום איבער דער שטאָט און שלאָגן מיט בייטשן אומשולדיקע דורכגייענדיקע יידן. דער דאָלאַר געשטיגן, איבער 100 ווייכע, 115 האַרטע, ברויט 3.50 אַ קילאָ, קאַרטאָפל 5—6 זל. די קהלה אָרדנט איין דאָס טראַנס־פּער־ביוראָ פּאַר 150 טויזנט זל. רעמאָנט. אויף די פּענצטער, וואָס גייען אַרויס אין געטאָ, ווערן געמאַכט שיאַטקעס.

12, 13, 14 דעצעמבער 1940

מיינע ליבע! 479

געהערט, אַז יענע וואָך האָט דער גלח געהאַלטן אַ דרשה אין גזשיבאָ־ווער קלויסטער פּאַר די משומדים אין די אָפּאַסקעס, אַז ער נעמט אונטער זיין שוץ, ער וועט מאַכן פּאַר זיי אַ קיך וכדומה. ער וועט זיך באַמיען זיי איי־בערצוטראָגן אויף יענער זייט. געשטאָרבן אַ משומד אויף שיענגאַ, מען האָט אים אַרויסגעפירט אויפן פּאָוואָנזקער צמענטאַזש. גזשיבאָווסקי 48 געווען אַ קריסטלעכע ווילטעטיקע אינסטיטוציע. פּאַר איבערטראָגן זיך אַלץ וואָס נאָר אַ ווערט צוגענומען, אַרויסגעריסן די פּוטרינעס פון פּענצטער, אויסגע־האַקט אַלע שויבן, צוגענומען די אייוון א. א. וו. איצט איז דאָרט אַ גרויסער

479) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

רעמאָנט. ביי די פּאָלאַקן — קלאַנגען, אַז דעם 15 דעצ[עמבער] צעלאָזט מען די קריגס־געפאַנגענע און גלייכצייטיק ווערבירונג אין פּוילישן לעגיאָן קעגן רוסלאַנד. מ׳זאָגט, אַז בראש פון דער רעגירונג וועט שטיין אַלס רעגענט פירשט פּלעס, אויסערדעם ראַניקער און ביספּינג[480]. געהערט, אַז אין ענדעקיש בלעטל געווען אַן אַרטיקל קעגן דעם געטאָ. אויף לעשנאָ 13 באַשעפטיקט זייער אַ סך לאָדזשער. בשעת מען האָט ווערבירט דאָרט מענטשן, האָט מען אויסגערעדט אויף דער קהלה. געוויזן אַ רשימה פון אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, וואָס אַרבעטן אין דער אינסטיטוציע.

געווען נעכטן אין יידישן טעאַטער. דער ניווא אַ מיטלמעסיקער. פאַראַן שיינע נומערן פון פּיוּוישעס, גלאַטשטיין. אויסגעפירט עפּעס רוסישע סקעטשן. מען זוכט צו אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט. סאַמבערג, דיאַנא בלומענפעלד, קורץ — גלאַנצן. דער לאָקאַל אַ שיינער. מען פאַרגעסט אויף 2 שעה וועגן דער אַרומיקער, טרויעריקער וועלט. געווען בלויז איין אַקטאָרעלער סקעטש: קריטיק פון דזשאָינט, קהלה א. א. וו. מען צערייסט אַ פּאָר שיך ביז מען באַקומט אַ פּאָר זוילן. די טראַגעדיע פון אַ יידישן אוניווערסיטעט פּראָפעסאָר, וועמענס פרוי און טאָכטער (פון אַן אַנדער מאַן) נאָך פון פאַר דער מלחמה געשטרעבט צו יענע, ווייל מאַן פון יענער אָפּשטאַמונג. די טאָכטער פלעגט קויפן אין געוועלבער פאַרשיידענע סחורות און דעם חשבון צושיקן דעם שטיפפאָטער. איצט איז די פרוי אויף יענער זייט. ער האָט מורא, די טאָכטער זאָל אים נישט מסרן. זי פאַרקערט מיט יענע ראַשים. ער איז געבליבן איינזאַם. געלייענט אַן אינטערעסאַנטן בריוו פון ווילנע, ווי די גאַנצע מלחמה באַשריבן ווי אַ באָקס־מעטש, צי קען טאַקע זיין, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ באָקס. עס מאַכן זיך פייערלעכן איינדרוק די פענצטער מכל טוב בולקעס, זעמל און אַנדערע גוטע זאַכן, עס רייצט דעם הונגעריקן, אויפן גאַס גייט אַ ריזיקער האַנדל מיט ברויט, באַזונדערס מיט סיטקאָווע. מען נעמט ווייטער מעבל פון געטאָ, אָבער ווען מען פאָרט אויפן פּאַוויאַק, שטעלט מען זיך אָפּ אויף אַ 10—15 מינוט און נעמט צו אַלעס.

דער יידישער שפּיטאָל מוז פאַרלאָזן[481] די בנינים דורכפירן אַ ריזיקן רעמאָנט, צווישן אַנדערן מוז מען אויפבויען אַ וועשעריי און אַ בעקעריי, וואָס זיינען בשעת דער מלחמה פאַרניכטעט געוואָרן. דאָס וועט קאָסטן אַ סך געלט (איבער 100 טויזנט זל.).

היינט דעם 12־טן דעצ[עמבער] איז אַ טייל שיעננאַ: פון מיטן [?] ביז סאָסנאָווא אַרויסגעפאַלן פון געטאָ, פאַר דעם וועט מען באַקומען אַ טייל לעשנאָ ביז וראָניאַ און אַ טייל נאָוואָליפּיע. אין דעם ביוראָ צום קאַמף מיט וווכער און שלייכהאַנדל האָט מען געזאָגט די 100 פערזאָן, אַז שמוגל זאָל מען

480) ביספּינג גאַללען־קאַזשימיעזש, גוטבאַזיצער, געוו. אָרגאַניזאַטאָר פון דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער פּוילישער אַרמיי אין רוסלאַנד אין יאָר 1917, מיטגליד פון לעצטן פּוילישן סענאַט (1938).

481) דער יידישער שפּיטאָל איז געווען אויף טשיסטע־גאַס, וואָס איז געווען מחוץ דעם געטאָ.

טאָלערירן, נאָר ביי מאַגאַזינען, וואָס זיינען געשאַפן צוליב וווכער, וועט מען צונעמען 25 פּראָצענט פאַר די פאָלקס־קיכן, 25 פּראָצענט פאַר דעם ביוראָ און 50 פּראָצענט פאַרן סוחר. זיי וועלן קאָנטראָלירן די פרייזן אין די געוועלבער וכדומה.

קלאַנגען וועגן אַ שלום־ווענדונג פון טשערטשיל צום איטאַליעניש קעניג. דאָס משומדים פּראָבלעם געוואָרן זייער אַקטועל אין געטאָ. אין דער מעדיצינישער וועלט געקומען זייער פעאיקע מענטשן, פאַרנומען אָנפירנדע שטעלעס אין פוילישן לעבן און יעצט פּרעטענדירן זיי צו דער אָנפירונג אין יידישן לעבן. מעכעס — האָט מיר געזאָגט דער סענטימענטאַלער דאָקטאָר [482] מינדערוועטיקייטס־געפיל לגבי קריסטן און מעגאַלאָמאַניע לגבי יידן. מיר קענען זיי געבן ברויט, זיך טיילן מיטן לעצטן, אָבער קיין טאָנגעבער אין יידישן לעבן וועלן זיי נישט זיין. די פּרוּי פון דעם באַקאַנטן היסטאָריקער משומד [483], אַן עכט סעמיטישער טיפּ, גייט נישט אַרויס פון שטוב, זי וווינט ביי איר אַרישן איידעם. איר מאַן, וואָס זעט אויס ווי אַ פּוילישער פּריץ, גייט יאָ אַרויס. אַ טייל פּאָלאַקן זיינען מודה אין געשפּרעכן, אַז כאַראַקטער ווייזן זיי נישט אַרויס. יאַנוש [484] האָט דערקלערט, אַז זייערע געזעצן לגבי יידן זיינען נאַרישע. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון עסקנים איז אַ משומד אַרויסגעטרעטן קעגן יידיש. מען האָט שפּעטער משלח געווען. די משומדים רוקן זיך, צום [אומ]גליק אַרויס אין יידישן לעבן. ווען מען האָט אַ טייל משומדים געפרעגט, הלמאי זיי גייען זונטיק אין קלויסטער מיט די אָפּאָסקעס, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי טוען דאָס אויס געוווינהייט. ביי די דאַרדאַנעלן [485] דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע יידישע געזעלשאַפט. אַלע אַראָפּגענומען דעם הוט אויסער אַ ייִנגל פון 10 יאָר. ער איז געווען זייער שטאָלץ. היינט געווען קלאַנגען, אַז איינע פון די באַדינגונגען [פון] דער פויל[ישער] רעגירונג איז עפנען דאָס געטאָ, איבערלאָזנדיק אַ יידיש ווינפּערטל. דערווייל ווערן אַלץ נייע גאַסן פאַרמויערט, למשל, ראָג טשיעפּלאַ — האַלע א. א. די צאָל דורכגענג איז זייער אַ קליינע. נעכטן האָט מען די יידן פון טלאָמאַצקע 3 אויפגעוועקט אַ זייגער פיר און גענומען זיי ביז 7 אויף אַרבעט אויסצורוימען אַ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

די יידישע מיליץ באַשטייט פון זייער העפלעכע, סימפּאַטישע מענטשן. דער עולם פאַרשטייט אָבער נישט תמיד, פאַרוואָס זייער באַוועגונג מוז זיין אַן איינזייטיקע און מען בייזערט זיך אויף זיי. אין צוזאַמענהאַנג מיטן געטאָ געענדערט די יורידישע לאַגע. די קהלה פאַלט אַרונטער אונטער דער טראַנספערשטעלע [486] פון דעם אומזידלונגס־אַמט, וואָס דאַרף געבן די דער־

---

482) מילייקאָווסקי?

483) פּראָפ. מאַרצעלי האַנדעלסמאַן?

484) קאָרטשאַק.

485) די שמאָלע קאַרמעליצקע האָבן די יידן הומאָריסטיש אָנגערופן דאַרדאַנעלן.

486) „טראַנספערשטעלע" — דייטשער אַמט, געשאַפן אָנהייב דעצעמבער

לויבניש אויף אַריינפירן פּראָדוקטן וכדומה. די פריערדיקע צייטן, ווען מען איז געווען אָפּהענגיק פון יענע, ווערט באַטראַכט פאַר אַ גן־עדן. איבער אַ וואָך צייט זיינען נישט טעטיק די קיכן צוליב אַ דערלויבעניש אויף קאַרטאָפל, און עס װאַרט קיינעם נישט, וואָס מענטשן הונגערן. די אויבן דער־מאָנטע כלומרשטע פאָדערונג פון דער פּוילישער רעגירונג וועגן עפּענען דאָס געטאָ ווערט מאָטיווירט דערמיט, וואָס דער מסחר אויף יענער זייט האָט איינגאַנצן אויפגעהערט. אין דעם ענדעקישן בלעטל קעגן געטאָ איז מען אַרויסגעטרעטן קעגן די פּאָלאַקן, וואָס שמייכלען צוקוקנדיק די עניים פון די יידן. די וואָס טוען דאָס, פאַרגעסן וועגן די פויל[ישע] געטאָס אין פויזן.

היינט דעם 13־טן דעצ[עמבער] איז אָנגעקומען אַ שריפט פון אַרבעטס־אַמט אַז אין יידישן רעוויר וועלן די אַרישע פאַבריקן העכסטנס באַקומען אויסווייזן פאַר מייסטערס, דער רעשט וועט מוזן זיין יידן. דערווייל פעלן נישט קיין לעבענס־מיטל אין געטאָ. ברויט איז אַ ביסל געפאַלן, אַזוי שטאַרק איז דער שמוגל. די וואַכן לאָזן אין אַ טייל פונקטן אַדורך די פרויען און קינדער נאָך ברויט. עס טרעפן פון יענער זייט פאַלן, אַז פּוילישע ווייסע חברהניקעס רייסן אַרויס פעקלעך פון די הענט פון די יידן. אַנדערע באַגע־גענען מיט ברוך הבא „יודע". מען נעמט צו מעבל, טישן, געשיר א. א. מען זאָגט, אַז פאַר דעם שפּיטאָל אויף טשיסטע. אַ טרויעריקן איינדרוק מאַכן די מחנות יידישע פרויען און יונגוואַרג, וואָס באַלאַגערט מחנותוויז די גרע־נעצן, וואַרטנדיק אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט אַדורכצושמוגלען זיך אויף יע־נער זייט.

דעם 14־טן דעצ[עמבער] האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דעם, אַז עס ווערן געמאַכט שטאַרקע באַמיונגען צו לאָזן די יידן אַ פאָר שעה אַרויס פון געטאָ. אויף טלאָמאַצקע האָט די וואָך אַרויסגעלאָזט גרופּן פרויען און קינדער אויף צו קויפן ברויט. זיי האָבן דערלויבט אַרויסצוגיין גרופּן צו 30 מענטשן. אויף סאָלנע האָט די מאַכט דערלויבט צו קויפן ברויט דורך דער פאַרמיטלונג פון קריסטלעכע יינגלעך, דערביי האָבן זיי פעסטגעשטעלט דעם פּרייז פון 20 גר. פאַר ברענגען דאָס ברויט. עס ווערן אַריינגעפירט גאַנצע וואַגאָנען מיט מעל. דער פּרייז: יענע צו 20 זל. פאַר אַ וואַגאָן, פּוי־ל[ישע] 50 זל. יידישע 100 זל. אָנגעשריבן גרויסע פּאָעמע „יזכור"[486א], ווי עס ווערט אָנגעזאַמלט די איבערלעבונגען אין פוילן. א שמועס פון צוויי טרעגער: „דו האָסט אַ זאַפּאַס אויף ווינטער?" „אַוודאי, אַ זעקל מעל האָב איך ביי גרונמאַן אויף דער און דער גאַס, אַ זאַק צוקער ביי פלוני און דאָרט" א. א. וו. יענע ראש געזאָגט אין רמאס שטאָט[487] בעת אַן אינטערוועניץ וועגן געטאָ, אז אויב נאָך 7 יאָר פון דעם רשעס תורה הרגענען יענע נישט יעדן ייד, איז עס אַ גרויס גליק.

---

1940. ער האָט געהאַט די פולע השגחה איבער די ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען פון געטאָ מיט דער אויסן־וועלט.

486א) דער מחבר פון דער פּאָעמע: יצחק קאַצענעלסאָן

487) קראָקע.

וואַרשע טיילט זיך אין דריי טיילן: יחות — לעשנאָ, עלעקטאָראַלנע כלאָדנאַ, מעכעס—סיענגע, פּאַרכעס — דער רעשט. אויף דער יידישער קהלה איז אַרויפגעלייגט געוואָרן א פליכט צו מאַכן א קאָסינא פאַר די באַאמטע אין פּאַלע ברילל[488]. דאָס וועט אָפּקאָסטן דער קהלה א פערטל מיליאָן זל. די קהלה אָרדנט איין די טראַנספּערשטעלע אויף קרולעווסקא. מען האָט שוין 3 מאָל געריסן טאַפּעטן, ווייל זיי זיינען נישט געפעלן געוואָרן. עס קאָסט שוין ביז איצט איבער 100 טויזנט זל. געהערט, אַז יענע שומרים האָבן אין איניקע פאלן אויסגעדריקט זייער עמפערונג קעגן דעם אויסהונגערן א האַלבן מיליאָן יידן. ביי די גרענעצן זיינען אַרויסגעשפּרייט שטעכיק דראָט אויףביידע זייטן טראָטואַר. קאַרמעליצקע הייסט די דאַרדאַנעלן, זשעלאַזנע, כלאָדנע — גיבראַלטאַר און די גרענעץ — מאַלקין. יידישע פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען מעשענע נומערלעך, בלויע היטלען מיט א מגן־דוד. זיי טראָגן געוויינלעך בורקעס.

15, 17, 20 דעצעמבער 1940

**מיינע ליבע!**

מען האָט די לעצטע טעג (15 דעצ[עמבער]) געעפנט ייד[ישע] געוועלבער אויף יענער זייט. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען געווען ליידיק. מען איז משער, אַז די „גנבים” זענען געווען אייגענע בעלי־בתים. ייד[ישע] בעלי־מלאכות וועלן קענען איבערפירן אַהער פון יענער זייט זייערע מכשירים און פאַמיליע. אנדענקען, אָבער נישט די סחורה. היינט געווען אויף אַ ייד[ישן] וואָרט־קאָנצערט אין יודאיסטישער ביבליאָטעק, עס זענען אַרויסגעטראָטן ייד[ישע]אַרטיסטן, וואָס זינגען צום ערשטן מאָל יידיש. דער פּראָגראַם אינגאַנצן אין יידיש. אפשר איז דאָס אַן אָנהויב פון „מיטן פּנים צו יידיש”. מען זאָגט, אַז מען האָט נישט אַדורכגעלאָזט ביי דער וואך דעם גלח, וואָס איז געגאַנגען זונטיק אויף א דרשה אין קירך צו די משומדים. פאַראַן משומדים, וואָס האָבן זיך מיט 40 און 60 יאָר צוריק געשמדט און איצט מוזן זיי אָפּריכטן גלות אין געטאָ. א טייל משומדים האָבן זיך געזעגנט [צעגיין] מיט זייערע אַרישע פרויען, וואָס זענען געבליבן אויף יענער זייט.

איינער אַדורכגעגאַנגען מיט א פּשעפּוסטקע די וואך אויף גזשיבאָווסקע, גענומען אין דער וואך־שטוב, 2 שעה געפייניקט, געצוווּנגען צו טרינקען אורין, באַציונגען מיט א שיקסע, געמאַכט אים עטלעכע לעכער אין קאָפּ און אָפּגעווישט מיט א באַרשט צום קערן. די צווייטע טור באַצויגן זיך צו אים מענטשלעך, געגעבן אים עסן און טרינקען. די קהלה פּאָרגעלייגט עטלעכע און דרייסיק קאָמיסארן איבער הייזער צו באַשטעטיקן, געשטראָכן 20 און פאָרגעלייגט אַנדערע. יענע האָבן מאכערס געגעבן צו 3 טויזנט זל. פאר אַ

488) פּאַלאַץ בריל האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ פּאַסקי און פּרעדראַ־גאַס 3, דאָ האָט זיך געפונען דער אַמט פונעם גובערנאַטאָר.

פּאָסטן. היינט ווערן אָנגערופן אַנדערע אין דער פּוילישער רעגירונג, דהיינו בנינסקי [489].

צווישן די מיטאַרבעטער פון לעשנאָ 13 [490] זענען דאָ אויך אַרנטלעכע מענטשן. — עס דערמאָנט זיך, אַז מיט א צייט צוריק זענען געגאַנגען מסירות אויף אדמען [491]. די „ווילע" האָבן געזאָגט: „מיר וועלן שוין אויס־געפינען דאָס געלט פון די רייכע יידן, איר וועט האָבן, מיר וועלן האָבן". אויף אַן ענלעכן שטייגער גייען לעש[נאָ] 13, וועלכע ווערן אונטערשטיצט דורך ס. ס., זיי ווילן ווערן אַ צווייטע קהלה און זאָרגן פּאַרן כלל, נישט פאַרגעסנדיק וועגן זיך. עס זענען דאָרט דאָ אַ סך טונקעלע פּאַרשוינען. די קהלה האָט איבערגענומען די פּאַרוואַלטונג מיט ייד[ישע] הייזער. מען זאָגט, אַז די וואָס וועלן נישט צאָלן קיין דירה־געלט, וועלן ווערן אין באַראַקן.

געהערט פּאָלגנדן וויץ: יענער[491א]. איז געקומען צו א וורוזשקע אין קליי־דונג פון א שאָפער און געפרעגט, וואָס וועט זיין מיט אים. געענטפערט די וועסט נישט האָבן קיין בענזין, די אקס וועט דיר פּלאַצן און מען וועט דיר צונעמען די פיר־קאַרטע. נעכטן געווען א גרויסע אַוואַנטורע אין דער קהלה, מען האָט פאַרטיילט די פּאָסטן פון אדמיניסטראַטאָרן צווישן אייגענע. קאַמינער האָט זיינע טעכטער פאַרטיילט די גרעסטע הייזער, ווי שוויענטאָיערסקאַ 34, 32, 28 וכדומה. אויף עק לעשנאָ — זשעלאַזנע געגאַנגען אַן עלעגאַנט מיט אַ מעלאָניק, נישט אַראָפּגענומען דעם הוט, געשלאָגן אים, אַראָפּגעוואָרפן דעם מעלאָניק, אָבער יענער זיך נישט פאַרנייגט. אַן אָריגינעלער אופן פון שמוג־לען מילך. אויף ביידע זייטן גרענעץ ביי די האַלעס שטייען: אויף דער יידישער — א יידישער וואָגן מיט ליידיקע קאַנען, אויף דער אַרישער — אַן אַרישער מיט פולע קאַנען. נאָך א געוויסער צייט, ווען ביידע שומרים זענען פאַרנומען, ווערן די קאַנען געטוישט און ביידע וואָגנס פאָרן זיך אַוועק. דער פראָסט איז היינט דעם 17 דעצעמבער זייער א שטאַרקער, 14 גראַד און קיין קוילן איז נישטאָ. קוילן קאָסטן 1.000 זל. א טאָן. די שפּיל מיט אָפּנעמען אויף לעשנאָ — זשעלאַזנע ברויט פון יידן און פאַרטיילן עס צווישן קריסטן דויערט ווייטער. דער שמוגל דויערט דערוויל ווייטער. די באַזע, זאָגט מען, געפינט זיך אין לאָקאַל פון די געריכטן אויף לעשנאָ. די פּאַלאַקן האָבן אַן איינגאַנג פון איין זייט, די יידן פון דער צווייטער זייט. די אויס־פירער פון די טראַנזאַקציעס זענען יענע ראשים. מען האָט די לעצטע אַריינגעפירט א גרויסן סכום ווייץ, וואָס ווערט געמאָלן אין מילן אין געטאָ. נעכטן שטאַרק געשלאָגן דעם פראַגער רב דערפאַר, וואָס ער האָט אפילו אַראָפּגענומען דעם הוט, אָבער געטראָגן די יאַרמולקע. די טראַנספּאָרט־פיר־מע „האַרטוויג" מאַכט גלענצנדע געשעפטן. זי פירט אַרויס סחורות און

---

489) אַדאָלף בנינסקי (Bniński) קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט פון פּוילן אין 1926, פירער פון דער רעאַקציאָנערער אָרגאַניזאַציע „אַקציאַ קאַטאָליצקאַ".

490) זע הערה 472.

491) אַדאַם טשערניאַקאָוו.

491א) היטלער.

ברענגט אריין רווישטאָף. דער אונטערשייד אין פרייז פון קוילן זייער אַ גרויסער: דאָ איבער 1.000 זל. דאָרט 400 זל. געזען איינעם פון געַר [?]. ער וויל גאָרנישט פאַרציילן, מער נישט עס איז אים אָפּגעקומען 24 קילאָ (פון 82 אויף 58). דאָ לעבן מענטשן און דאָרט לעבן מענטשן, מען שטאַרבט אויך דאָרט. פאַראַן אַזעלכע אַ 90 אין לאַנד. יידן זענען אָפּגעזונדערט פון אַנדערע. מען זאָגט, אַז מען וועט קאָנען פאָרן, מער נישט די קרובים וועלן מוזן געבן 700 דאָלאַר. פאר 300 זל. קען מען דינגען דעם לאַסט־אויטאָ און אריינברענגען אַהער סחורה פאר וויפל מען וויל נאָר.

ביי די פּאָלאַקן שטאַרק פאַרשפּרייט פאַרשיידענע ווּרוזשבעס וועגן דער צוקונפט און וועגן דעם ענדגילטיקן נצחון. געזען אַזאַ נביאות אין גראַמען, אָבער אָן טאַלאַנט. מיט אַ צייט צוריק געהערט אַ מעשה מיט אַ ייִנגעלע אויף פאַנסקאַ, וואָס האָט נביאות געזאָגט וועגן דער גאולה — דאָס דערמאָנט אַ מעשה פון 17 י.ה. (אין ציִנבערס 4־טן באַנד) וועגן אַ ייִנגעלע פון גריי־דעק, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע ייד[ישע] וועלט. ענלעכע באַדינ־גונגען שאַפן ענלעכע סיטואַציעס. דער עולם ציטערט פאַרן 31 דעצ[עמבער] מען האָט מורא דאָס געטאָ זאָל נישט ווערן הערמעטיש פאַרמאַכט. דער־ווייַלע קען מען נאָך דורך דער פּאָסט אַלץ באַקומען, אויך געלט. די סיבה, וואָס ביי יידן איז נישט פאַרשפּרייט דער טיפוס און ביי די קריסטן יאָ איז אַ גאַנץ פּשוטע: ביי זיי עסט מען אַ סך פּרוכטן, דאַקעגן ביי די יידן זייער ווייניק. נעכטן איז דערשאָסן געוואָרן אַ ייד[ישע] פרוי. עס האָט זי אַרויס־לאָזט אַ גוטע וואַך, ווען זי איז צוריקגעקומען, איז שוין די וואַך געווען גע־ענדערט. זי איז אַנטלאָפן, האָט מען איר נאָכגעשאָסן און געטראָפן.

געזען היינט אַ גאַנצע אָפּטיילונג ייד[ישע] אַרבעטער אָנגעלאָדן פון אַלע זייטן מיט ברויט און אַנדערע גוטע זאַכן. קליינע 9—10־יעריקע יידישע קינדער אָן בינדעס זעט מען אַ סך אין יענע גאַסן. אין די צוגן וואָס קומען אָן אַהער, ווערט ביי די קריסטן אַלץ צוגענומען. קריסטן קויפן אַ סך סחורה אין וואַרשע. זיי צאָלן יעדן פרייז. עס איז דעריבער געשטיגן סחורה, אויך ברילִיאַנטן, וואָס ווערן געקויפט דורך קריסטן. אַפריקאַ ליסיעיע, באָ וואָלאָסי וויכאָדזאָן[492]. אין טשענסטאָכאָוו זענען די באַדינגונגען גאַנץ גוטע. מען כאַפּט נישט צו דער אַרבעט. הימלערס שוואָגער איז דער שטאָט־קאָמענדאַנט. יידן האַנדלען און וואַנדלען. אויב מען דאַרף עפּעס האָבן, גיט עס די קהלה. ווי אַזוי אַ יידענע שמוגלט פון אָטוואָצק סחורה? ווען זי קומט צוריק, טוט זיך אָן די אָפּאַסקע און שטעלט זיך מיט דער פלייצע צום געטאָ. דער שומר הייסט איר נאַטירלעך גיין צוריק, זי טוט עס, ווען עס זאַמלט זיך אָן אַ גרע־סערער עולם אַרום דעם שומר. ווען זי גייט אַרויס, טוט זי אויס די אָפּאַסקע און שטעלט זיך אַנידער פאַרקערט.

---

[492]) אַ ווערטשפּיל אין פּויליש, האָט אַ שייכות צום אַנטלויפן פון די אי־טאַליענער פון אַפריקע, באַשטייט אויף דער צווייִדייטיקייט פון וואָרט „וולאָסי" (האָר און איטאַליענער) „אַפריקע באַקומט אַ ליסינע", ווייל די האָר קריכט פון איר אַרויס.

היינט דעם 20 (נאָוו[עמבער][493] שבת, איז פאַרפאָרן אויף געגנשע מיט ייד[דישע] אַרבעטער. די ייד[ישע] אַרב[עטער] זענען אויסגעשטיגן, האָט זיי יענער שומר געהייסן זינגען, האָט זיך איינער פון זיי, א חזן פון באַרוף, אַוועקגעשטעלט אויפן אויטאָ זינגען „אל מלא רחמים" — די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן. אין געריכט אויף לעשנאָ קאָסט דער אַדורכגאַנג 5 זל. פּאָלאַקן גייען אַריין אין געטאָ אַנטועדיק בינדעס. אין געריכט גופא טרעפן זיך יידן מיט פּאָלאַקן ערלייַדיקנדיק זייערע ענינים. א בילד: ער איז אַן אַריער, זי א יידישע, זיי באַגעגענען זיך ביי דער גרענעץ. די וואך רוקט זיך אָפּ דיסקרעט אָן א זייט און זיי פירן זייער אינטים געשפּרעך. די משומדים שאַפן זיך איצט ווייַנאַכט־ביימער. מען זאָגט, אַז „קאַריטאַס"[494] פירט לטובת זיי אַ הילפאַרבעט. — פאַרשאַוויאַק[495] אַרבעט אויף לעשנאָ 13. גאַנצוויַיך וועט האַלטן א רעפעראַט וועגן חנוכה. א פראַגע אין א בריוו וויפל עס קאָסט א דאָלער: אונטער וועלכן נומער פון טוואַרדע ווייַנט פלוני און אונטער וועלכן זיין שוואָגער[496]. געענטפערט 48 און 90. דער ייד[ישער] שפּיטאָל מוז זיך אַרויסציען אין די נאָענטסטע חדשים. זיי טאָרן נישט מיטנעמען די זאַכן, וואָס זענען צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט (און דאָס דער רוב טייערסטע מאַשינען). דאַקעגן די סקאַרבאָוועס נעמען אַרויס פון שפּיטאָל אויף לעשנאָ אַפילו די קראַנען, וואַשבעקנס און אַלץ, וואָס לאָזט זיך נאָר אָפּשרויפן. לעצטנס שטאַרבן 12—14 יידן אַ טאָג, פאַר דער מלחמה עטלעכע און צוואַנציק. זעלבסטמאָרדן פאַר דער מלחמה 7 א וואָך, איצט 3—4.

23, 24 דעצעמבער 1940

מיינע ליבע![497]

23.12 דעם 17 דעצ[עמבער] א זייגער 3.30 נאָכמיטאָג איז אויף סמאָטשע 22 א טאַקסוווקע צו [צו] א קליינהענדלער פון שניידער־צודאַטן. עס איז פון דאָרט אַרויס א יון מיט יידישע באַגלייטער. זיי האָבן דאָס געוועלבל אויסגעליידיקט. נאָכן פאַרענדיקן דאָס שטיקל אַרבעט זענען זיי אַוועק ווייטער. מיט א זעלטענער רואיקייט האָט פלוצים דער יון פון געסטאַפּאָ אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אין המון יידן, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. דאָס זענען אַלץ געווען הענדלער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער קעגנאיבערדיקר זייט. אין רעזולטאַט איז אַן 11־יעריק

---

493) אַ טעות, דאַרף זיין דעצעמבער.
494) „Coritas", אַ קאַטוילישע כאַריטאַטיווע הילפס־געזעלשאַפט.
495) געמיינט יהודה וואַרשאַוויאַק, יידיש־העברעישער שרייבער, מיטאַרבעטער פון „13־טל".
496) טוואַרדע (האַרטע) — גאָלדענע דאָלער, „שוואָגער", וואַרשעווער „וויבע" (פּאַפּירענע דאָלאַרן).
497) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

ייִנגל געבליבן טויט אויפֿן אָרט, א פֿרוי פֿון דזשעלנע גאַס איז געבליבן ליגן שווער פֿאַרוווּנדעט. נעכטן איז ביי דער גרענעץ אויף טלאָמאַצקע צוגעקומען אַן אויטאָ און עס זענען פֿון אים אַרויס איניקע יונים. זיי האָבן אָנגעהויבן שרעקלעך שלאָגן אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען. געשלאָגן האָט מען שרעקלעך און א ייד איז געוואָרן פֿאַרוווּנדעט. מען האָט געוואָלט אַרויסרופֿן א דאָקטאָר, אָבער וואָס שטעלט זיך אַרויס, אַז אין געטאָ איז נישט טעטיק די גיכע הילף. מען האָט אָנגעהויבן זוכן אַ דאָקטאָר, אָבער אויך אַזעלכן האָט מען נישט געפֿונען און עס האָט לאַנג געדויערט ביז מען האָט געקאָנט געבן די ערשטע הילף. היינט האָט מען ווייטער געשלאָגן אויף קאַרמעליצקע גאַס. עס באַווייזט זיך אַן אויטאָ פֿון ס.ס. די יונים, וואָס געפֿינען זיך אין דער הינטערשטער טייל פֿון דעם לאַסט־אויטאָ האָבן אין דער האַנט[498] — —

געפֿאָרן א לאַסט־אויטאָ פֿון די טויטנקעפּ. זענען פֿון אים אַראָפּ די יונים און שרעקלעך געשלאָגן אַלע יידן וואָס האָבן זיך געפֿונען אין גאַס. דער עולם איז שנעל אַנטלאָפֿן אין די טויערן, שטופּנדיק און טרעטנדיק איינער דעם צווייטן. אין א טייל טויערן האָבן זיך געמאַכט גאַנצע הויפֿנס מיט מענטשן. שפּעטער זענען די יונים צוריק אַרויף אויפֿן אויטאָ און ווייטער געפֿאָרן. ביי דער גרענעץ כלאָדנאַ — זשעלאַזנאַ רופֿט זיך אָן דער יון צום ייד[ישן] שומר: „דו ווייסט, אונדזער קאַמעראַד איז שוין גאַנץ קאַפּוט". דער ייד האָט מורא זיך אָנצורופֿן און ציט מיט די אַקסלען, דער יון זעט דאָס און רופֿט זיך אָפּ: „דו פֿאַרשטייסט דאָך, אַז איך מיין די איטאַליענער, זיי זענען קיינמאָל נישט געווען קיין גוטע זעלנער". א פּאָר מינוט שפּעטער רופֿט ער זיך ווייטער אָן: „ווען איך וואָלט געווען א ייד, וואָלט איך באַגאַגען זעלבסטמאָרד . אַזאַ דערנידערונג ווי יידן מאַכן דורך, וואָלט איך נישט אויסגעהאַלטן". דער שומר האָט זיך שוין נישט געקענט ווייטער איינהאַלטן און רופֿט זיך אָן: „יידן זענען אַן אַלט פֿאָלק און האָבן שוין א סך דורכגעהאַלטן". דער יון רופֿט זיך אָן: „דו האָסט רעכט". דער שמועס האָט אָבער גאָרנישט געשטערט, אַז דער יון זאָל באַלד אָפּשטעלן יידן און זיי הייסן מאַכן איבונגען מיט ציגל איןביידע הענט.

24/12. מען דערציילט, אַז נעכטן איז אויף לעשנאָ ווייטער געשען א פֿאַל. עס איז דורכגעפֿאָרן א לאַסט־אויטאָ מיט טויטנקעפּ, פּלוצים האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט און זיי זענען אַראָפּ אין גאַס, עס איז געוואָרן אַ שרעקלעך געלויף. א טייל יידן זענען געבליבן שטיין און אַראָפּגענומען די היט. די יידן האָט מען נישט געשלאָגן. דאַקעגן האָבן זיי נאָכגעיאָגט די אַנטלויפֿנדע און שרעקלעך געשלאָגן. איין ייד האָבן זיי אומגעוואָרפֿן אויף דער ערד און מיט די פֿיס געטראָטן און געשלאָגן ביז בלוט. היינט האָט זיך ווידער באַוויזן אַן אויטאָ אויף קאַרמעליצקע, עס זענען אַראָפּ די יונים און שרעקלעך געשלאָגן אַלע יידן. מ'האָט געשלאָגן מענער, פֿרויען און קינ־

498) די פֿאָלגנדיקע שורות זענען אויסגעבראָכן אין אָריגינאַל.

דער. עס איז דורכגעגאַנגען אויפֿן טראָטואַר א פרוי מיט א קינד, דאָס קינד האָט באַקומען א קאָפּע מיט אַזאַ קראַפט, אז עס איז געפאַלן אין מיטן גאַס. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז מענטשן האָבן געוויינט און ספּאַזמירט בלויז צוקוקנדיק זיך צו דעם, וואָס קומט פאָר.

לעשנאַ 13 מאַכט ווייטער באַמיונגען אַריינצוציען אַנגעזעענע מענטשן פון פאַרשיידענע ריכטונגען. מען שיקט ארויס ספּעציעל צו ווערבירן. עס גיט זיך אָבער נישט איין. מען דערציילט, אַז ווער עס נעמט אָן א פּאָסטן, קען זיך שוין מער נישט אָפּזאָגן. עס דערציילט א פרוי, דאָס פֿריִיקע יאָר דעם 19/12 האָב איך דורכגעלעבט פאָלגנדן פאַל: איך בין געפאָרן מיט דער באַן פון לאָדזש נאָך װאַרשע, דער וואַגן האָט געפירט דורך קוטנאָ און אויפגעזעצט האָט מען זיך אויפֿן קאַלישער וואָקזאַל. אויף קיין אַנדערן וועג האָבן דעמלט יידן נישט געקאָנט פאָרן. צו יענער צייט האָבן יידן געטראָגן לאַטעס פון פאָרנט און הינטן, געמעגט גיין אין גאַס פון 8 ביז 5 נ. מ., מ׳האָט דעריבער געמוזט לויפן אין— — [499] נאָך וואַרשע געדאַרפט אָפּגיין 10 בייטאָג. אַלע זענען אַריין אין װאַרטע־זאַל, וואָס איז געווען זייער פול, ווייל דאָס איז געווען די צייט פאַר יום־טוב. יידן איז נישט געווען קיין סך. אין א צייט שפּעטער האָבן זיך באַוויזן גאַנץ יונגע יונים און דערקלערט, אַז די יידן איז אין זאַל דעמפּיק און זיי זאָלן אַרויס אויף פרישער לופט. די יידן האָבן געמוזט אַרויסגיין צו דער זייט, וואָס פירט אין שטאָט. דער עולם האָט זיך געזעצט אויף די באַגאַזשן. שפּעטער זענען די זעלבע יונים אַרויס און אָנגעהויבן שרעקלעך שלאָגן די מענער. דאָס שלאָגן איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די יידן האָבן איבערגעלאָזט די באַגאַזשן און אַנטלאָפן. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן שרעקלעך שלאָגן די פרויען. געשלאָגן האָבן זיי אין פּנים. קיין איין פרוי איז נישט אַרויס גאַנץ, פון אַלע האָט זיך געגאָסן בלוט. צווישן די יונים האָבן זיך געפונען צוויי, וואָס האָבן גאַנץ אויפגערעגט אָנגעהויבן פּאַרוואָרפן, פאַרוואָס זיי שלאָגן. דערויף איז געקומען דער ענט־פער, אַז יידן זענען שולדיק, וואָס די דייטשן און פוילן האָבן זיך געפונען אין אַזאַ קריטישער לאַגע. די צוויי האָבן געענטפערט, אַז דאָס זענען נישט שולדיק די יידן, נאָר דאָס איז געווען די פּאָליטיק פון דער רעגירונג. די שלעגער זענען אַרויס און מיט זיי אויך די צוויי פאַרטיידיקער. דיביידע זענען כסדר אַרויסגעקומען, ספּעציעל איינער פון זיי האָט זיך מיט אונדז פאַראינטערעסירט. זיי האָבן געבערענגט וואַסער מיר זאָלן אָפּוואַשן דאָס בלוט און אויסגעדריקט זייער מיטגעפיל. ער האָט דערקלערט, אַז ער גייט אינטערוועניר ן, אַז מען זאָל אונדז אַריינלאָזן אין וואַרטע־זאַל. זיי זענען אַוועק, אָבער נישט צוריקגעקומען. דאָס האָט באַטייט, אַז זיי האָבן דאָס נישט אויסגעפֿועלט. אַרום 3 ביינאַכט איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיט אָפיצירן. עס זענען ארויס צו אונדז די זעלבע יונים, וואָס האָבן געשלאָגן און באַפוילן אַרויסטראָגן די זאַכן פון די אָפיצירן. איך האָב באַקומען צו שלעפּן א קאָ־

---

[499] זע הערה 498.

פּער, נאָך אַ פּאָר טריט האָט זיך דער אָפיציר, זעענדיק ווי איך, פאַרווונדעט פון פריער, שלעפּ אַזאַ שווערן קאָפער, אָנגערופן, אז דער קאָפער איז צו שווער פאַר מיר און אַליין אים גענומען. איינער פון די צוויי יונים, וואָס האָבן אונדז פאַרטיידיקט, האָט זיך צו אונדז אָנגערופן: „וואַרט צו, די לומפּן פאַרן גלייך אַוועק, וועט איר קאָנען אַריינגיין" (דאָס האָט ער געמיינט די יונים, וואָס האָבן געשלאָגן). אין אַ צייט אַרום האָבן זיי אונדז דערקלערט, אַז זיי וועלן זען, אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן וואַרטן אויפן צוג ביז 10 א זייגער. צום גליק האָט זיך באַוויזן אַ ספּעציעלער אויסעראָרדנטלעכער צוג. שוין 6 אַזייגער, ווי מען האָט אונדז דערקלערט אויף דער סטאַציע, איז דער צוג געלאָזט געוואָרן אויף א ספּעציעלער אינטערוועגץ פון זעלנער. — —[500]

1940 יאָר

מיין ליבער פריינט,[501]

רומעניע. יידן פאַרריכטן די פּאַרניכטעטע פון ערדציטערניש געביטן. נאָך דער קבורה פון קאָדריאַנו[502] אַנטי יידישע פּאָגראָמען. דעלעגאַציע ביי אַנטאָנעסקו[503]. 14 טויזנט בעסאַראַבישע יידן אין רומעניע געווענדעט זיך וועגן אַריינלאָזן. 50 טויזנט יידן עמיגרירט פון רומעניע קיין בעסאַראַביע. אויפגעלייזט דעם „יונייטעד דזשואיש אַפּיל". ל. לערער[504] — יידישקייט און אַנדערע פּראָבלעמען. גאָלאָמב[505] — יידן און יידישקייט אין אַמעריקע. דעסעקולאַריזאַציע. א געשריי וועגן דעם, אז די שפּראַך קען נישט זיין די איינציקע מאָס. פּולליט[506] קעגן די פּליטים אלס שפּיאָנען. אייניקע בראָשורן וועגן דער פינפטער קאָלומנע. די דעראָבערטע אייראָפּע שטעלט זיך אַנטקעגן דעם נאַצי אַנטיסעמיטיזם. די הילף פאַר יידן און דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אַלס הילפס־פאָרם פאַר יידן. אין מאַרסעל קאָנפיסקירט אַ צייטונג וואָס קריטיקירט די אַנטי־ייד[ישע] געזעצן. אין די אַנאָנ־

---

500) נישט לייענבאַרער טעקסט.

501) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

502 קאָרנעליו קאָדריאַנו (1899—1940), פירער פון דער פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע „אייזערנע גוואַרדיע" אין רומעניע, אָרגאַניזאַטאָר פון אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין 1937 און פון מאָרדן פון רומענישע פּאַטריאָטן און פּאָליטיקער אין 1939.

503) יאָן אַנטאָנעסקו (1882—1946), רומענישער מאַרשאַל, זינט 1940 שעף פון דער רומענישער רעגירונג, אָנטיילגענומען אין היטלערס קריג קעגן ראַטנפאַרבאַנד, פאַרמשפּט אין 1946 צום טויט דורכן רומענישן פאָלקס־טריבונאַל.

504) לייבוש לערער, יידישער פילאָלאָג, קולטור־טוער.

505) אברהם גאָלאָמב, יידישער פּעדאַגאָג און געזעלשאַפטלעכער טוער.

506) וו. בוליט, אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט, אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך (1936 — 1940).

סן געמאָלדן, אַז די רעדאַקציע קאָן געבן דערקלערונגען וועגן דעם צענזורירטן אַרטיקל. אינגיכן דער אַרטיקל פאַרשפּרייט אין גאַנץ וואַרשע.

ב ע ל ג י ע. א טאָג פאַרן אונטערדריקן בילי־קער פאַרקויפט יידן, דערהרגעט וואָן אַפּעל [507], אַן אַנטיסעמיטישער שרייבער מיט א צעטל: געוועזן יידן גלייכצייטיק גרויסע בעלגיער, מיר וועלן ערן זייערע נעמען — א טורים צו אַזעלכע בעלגיער. די גייסטלעכקייט אין האָלאַנד און בעלגיע פּראָטעסטירט קעגן די אַנטיידישע רדיפות. אין פראַנקרייך באַנייט די הור־גענאָטישע טראַדיציעס. „אויסדויער" זייער לאָזונג. אין א שטאָט האָט א גלח געלייענט „מגילת אסתר". ביי המנען געצויגן „ה". די וואָס ווילן פאַרניכטן יידן — מוזן פאַרשווינדן. לייענט די מגילת אסתר. צוזאַמען וועלן מיר זיך אַנטקעגנשטעלן דעם טיוול. דעם טאָג אַלע געהאָלפן די ייד[ישע] פּליטים. „לאַ־קרוא" [508] געוואָרנט די יוגנט, וואָס האָט אויסגעבראָכן די פענצטער אין ייד[ישע] קראָמען אין מאַרסעל.

האָלאַנד. שוועריקייטן ביים קאָמפּלעטירן די פאַרזאַמלונגען פון די קאָמפּאַניעס, פון וועלכע מען האָט באַזייטיקט ייד[ישע] דירעקטאָרן. בעלגישע פּריוואַטלער העלפן די געטרויפטע יידן. פּראָפעסאָר פון ראָטערדאַם פאַרמשפּט פאַר אויסלאַכן די נאַציִשע תורה. א סך פּראָפעסאָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. פאַרמאַכט די אוניווערסיטעטן אין ליידען און אוטרעכט פאַר שטרייקן לטובת יידן. סטודענטן אין אָסלאָ באַזייטיקט אַנטי־יידישע אויפשריפטן פון געשעפטן. אין פּראַג טשעכישע סטודענטן אויסגעמעקט אַנטיסעמיטישע אויפשריפטן אין די קאַסעס און רעסטאָראַנען. פאַרניכטעט קיאָסקן מיטן „שטורמער", דעמאָנסטרירט מיט אויפשריפטן „נידער מיט אַנטיסעמיטיזם", 2 טויזנט אַרעסטירטע.

אויף אַ רעדע פון סייסן [509] וועגן נייאָרדנונג געענטפערט אַ באַקאַנטער געלערנטער: מיר זיינען קענער פון אַלע ראַסן־טעאָריעס. לאָזט אונדז בלייבן נידערלענדער, מיט אונדזערע שפּינאָזעס און אַנדערע ייד[ישע] געלערנטע. די ייד[ישע] אָנג[עשטעלטע] און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ווערן געהיט דורך אומלעגאַלע וואכן קעגן היימישע פאַשיסטן. אַרויפגעלייגט אויף יידן אין האג [א קאָנטריבוציע פון] 50 טויזנט גילדן. די סימע איינגעצאָלט קריסטן. שפּינאָזעס מאָנומענט ווערט כסדר באַזוכט און פול מיט בלומען. אין אמסטערדאַם געשלאָסן מוסערטס אָנהענגער [509א], וואָס געפּרוווט מאַכן אַן אָנפאַל אויף יידן. מוסערט דערקלערט זיך קעגן אָנווענדן אַנטי־יידישע געזעצן קעגן געבוירענע האָלענדישע יידן. דער פילם גרענאַדירשטראַססע

---

507) דער אַטענטאַט איז אויסגעפירט געוואָרן אויפן באַפעל פון דער בעלגישער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע.

508) „דער קרייץ", אָפיציעלער פּרעסע־אָרגאַן פון דער קאַטוילישער קירכע אין פראַנקרייך.

509) Artur Seyss Inquart (1892 — 1946), פאַרטרעטער פון גענ. גוב. פראַנק.

509א) האָלענדישע נאַציס.

געמוזט אראָפּגענומען ווערן אין אָסלאָ צוליב פּראָטעסטן. טשעכישע פּאָליציי אויפגעריסן אַנטי־יידישע מיטינגען פון היימישע נאַציס. די צוויי רעסטאָ־ראַציעס פאַר יידן אין פּראַג האָבן מער קריסטן ווי יידן. סלאָוואַקישע פּוי־ערים האַנדלען מיט יידן. אין א שטעטל אין פראנקרייך געוואָלט נעמען פינף יידן צו צוואַנגס־אַרבעט, געשטעלט זיך אינמיטן מאַרק און סקאנדירט: „אַ טויט די פארפאָלגער פון יידן".

1940 סוף

נאָרוועגיע. באַזייטיקט יידן פון אַלע פאכן. אָפּצייכנס פאַר ייד[ישע] געוועלבער. רעליגיע־פאריין פאַרבאָטן צו לערנען. סטודענטן פאַריכט יידישע געוועלבער פאַרניכטעט[ע] דורך יענע.

א"י 9 סעפּט[עמבער]. לופט אָנפאַל אויף תל־אביב פאַר דער ייד[ישער] אַנטיאיטאַליענישער פּראָפּאַגאַנדע. 127 פערזאָן, דערפון 107 יידן. פאַרניכ־טעט דעם בית־עולם. 45 הייזער פאַרניכטעט, 2 טויזנט פונט שטיצע פון דער רעגירונג, געזאמלט געלט פאַר 6 — א"י אינפאנטעריע. די יידן ווילן שאפן אן אומאָפּהענגיקע ייד[ישע] ארמיי.

טערקיי. 5 יאָר קיעווער „שטערן" געפייערט — 8 אָקט[אָבער]. דר. הענריק שיפּער, יידישער היסטאָריקער, אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע פאר געשיכטע. 200 פוי[לישע] פליטים אין — — פוי[לישע] רעגירונג ראטשקעוויטש, סטראָנסקי וויצע פּרעמיער, זאלעווסקי, קאָץ — פינאנסן. גענ[עראל] האַלער, סאָסנקאָווסקי, לאדיש — (פויערים־פּאַרטיי), סיידא, סטאנטשיק, ק. פערדינאנס [?] קאָץ. ד"ר שטראסבורגער [510], א סיים פון 24 מענטשן, ד"ר שוואַרצבאַרד [511] און אַרטור [512]. אין „גלאָס פּאָלסקי" בלעטער פון א פאַרטיידיקער פון וו[אַרשע], גרינגשעצנד וועגן יידן ווי אַזיאטן ווי פּראָפּעסיעס, יידן געשלאָגן אין די פוילישע לעגיאָנען. 18 טויזנט יידן פון פראנקרייך, בעלגיע, ענגלאַנד און האָלאַנד געווען אין דער אַרמיי. „יעסטעס פּאָלאַקעם" [512א] אן אָנפאל אויף דער היילער [?] — —. מודה געווען, אַז די פּאָליטיק לגבי די מינדערהייט געווען א פאלשע „פּאָלסקא וואלטשאָנצאַ".

מנחם באָריישא[513]. דער קריזיס ביי יידיש.

---

[510]) מיטגלידער פון דער פוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן.

[511]) ד"ר איגנאַצי שוואַרצבאַרד (1888 — 1961), באַקאַנטער ציוניסטישער טוער, מיטגליד פון פוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן.

[512]) שמואל זיגעלבוים („אַרטור") (1895 — 1943) טוער פון „בונד" און יידישע פּראָפאַריינען אין פוילן, מיטגליד פון פוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין לאָנדאָן דעם 12 מאַי 1943, אַלס פּראָטעסט קעגן דעם שטילשווייגן פון דער וועלט לגבי דעם פעלקערמאָרד איבער די יידן אין פוילן.

[512א]) אַ פוילישע רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע צייטשריפט אין ענגלאַנד.

[513]) מנחם באָריישא (1888 — 1949) יידישער דיכטער אין אַמעריקע.

א״י. וווקס פון עלעקטריע פון 20 מיליאָן אויף 27. דימענט־שלייפונג דורך פליטים פון בעלגיע. ערשטע 6 חדשים 600 טויזנט אינוועסטיציע אין אינדוסטריע, 500 אין בוי, 300 אין געמישטע לאַנדווירטשאַפט, 200 אין טראַנספּאָרט, פּאַמעראַנצן עקספּאָרט געפאַלן פון 80 מיליאָן אויף 70. פרויען און קינדער קיין ירושלים צוליב דער באָמבאַרדירונג. מיליטערישע אַרבעטן: בריקן־וועגן א. א. 9 נייע ישובים, וווקס פון פּראָדוקציע פון מילך, אייער און ירקות. 24.000 עולים אין ערשטן מלחמה־יאָר. אויסגעשלאָסן די באַזיצער פון עסטרייכישע און דייטשע פעסער. די פּאָליטיק פון ענגלאַנד לגבי א״י נישט געענדערט. 4.000 יידן אין דער ענגלישער אַרמיי. בלוטיקע קאַמפן צווישן — — און א״י. 42,000 פונט פּאַלעסטיין עקאָנאָמיק קאָרפּאָריישן אַף ניו־יאָרק. צוזאַמענאַרבעט פון — — באַזיצער יידן און אַראַבער. אַראַביש־יידישע ספּאָרט־מאַטשן — 16 אַראַבער אויפן אי — —541.

514) די ווייטערדיקע שורות אומלעזבאַר.

# 1941

31 דעצעמבער 1940 — 5 יאנואר 1941

**מיינע ליבע!**

געהערט אַז אין די לעצטע טעג זיינען פאָרגעקומען אין די פוילישע גאַסן דעמאָנסטראציעס מיט דער לאָזונג: „ווארשע אָן יידן”. גלייכצייטיק געהערט, אַז אין אַלע קירכעס געווען דרשות, מען זאָל פאַרגעסן וועגן די מיספארשטענדענישן מיט די יידן, פאַרקערט, זיי לעבן איצט פארמאַכט הינטער מויערן. מען זאָל זיך נישט לאָזן אָנדרייען דורך די שונאים, וואָס ווילן זייען שנאה צווישן פעלקער. לעצטנס זיינען פאָרגעקומען מאַסן־פאַרווילונגען אין די הייזער, מען טרינקט וויין און בראָנפן און מען ווילט זיך. — עס איז לעצטנס וייער פארשפרייט די טראָטשינעס־איזועלעך. אַזאַ אייוועלע קאָסט 40 זל. א טאָג איינהייצן קאָסט 2 זל. אַמאָל; בשעת מיט קוילן 7 — 6 זל. אויסער דעם איז די ווארעמקייט א היגיענישע. — דאָס געטאָ האָט געשפאָלטן פאַמיליעס. די פרוי איז אַוועק אויף יענער זייט צו איר ברודער, א משומד; די טאָכטער זיך געשמוגלט אַלס קריסטן אין א שטעטל, וויל נישט געוואָלט בלייבן אין געטאָ. דער פאָטער געבליבן מיט צוויי טעכטער. — אין ראָדעם האָט מען אין 3 טעג געזאַמלט 150 טויזנט זל. פאַר די 2.000 יידן, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון דאָרט אין די אַרומיקע שטעטלעך[1]. — מען זאָגט, אַז א סך מענטשן שרייבן זכרונות. געבעפּ[2] א. א. — דאָס ליד „יזכור”[3] מאַכט א שטאַרקן איינדרוק, הגם קינסטלעריש נישט געהויבן. דער דיכטער פאָדערט נקמה פאַר די צרות, [אַנקות] ואנחות, ער פארציילט וועגן דער כאַפּעניש, דעם טויטשרעק אין גאַס, די ארבעטלאַגערן (פיאַוקעס, וואָס זויגן די אין בלאָטע אַרבעטנדיקע, אין זומפּן), פון וועלכע מען קומט נישט צוריק. די מעשים תעתועים פון די קהלניקעס, וואָס זיינען טיילמאָל ערגער פאַר יענע. דער צער פון קינדער אָן שולן. און דער־

---

1) דעם 3—5 דעצעמבער 1940 האָבן די דייטשן אויסגעזידלט פון ראדאָם לערך 2.000 יידן.

2) אברהם געפּנער זע הערה 426 (1940).

3) א פּאָעמע געשריבן אין ווארשעווער געטאָ דורך דעם באַקאַנטן העברעיש־יידישן דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן (1866—1943; אומגעקומען אין אוישוויץ). דער טעקסט פון „יזכור” איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

ציונג. די הריגות פון קדושים, דאָס קינד, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן צוליב זיין שיינקייט.

אין דעם נייעם טעלעפאָן־בוך איז אונטער יאראָסליי [?] אויף יעזואיטן־שטראסע אָנגעגעבן דער טעלעפאָן פון א באָרדעל פאר יענע. רומקאָווסקיס נוסח: ער האָט צו זיינע מענטשן צוגעטיילט דירות און גענומען דערפאַר צו עטלעכע טויזנט מאַרק פאַר סאָצ[יאלער] פארזאָרגונג. אים איז געלונגען ביז איצט צו באַקומען א 5 מיל[יאָן] מאַרק פון יענע. די הויפּט־הכנסה איז ביז איצט די בלאָקירטע ייד[ישע] קאָנטעס, א טייל פון דירה־געלט וואָס רומק[אָווסקי] מאָנט איין סיי פון די ייד[ישע] און סיי פון קריסטלעכע הייזער. — אויף לעשנאָ 6 וווינט אַ משומד. ער גאַרט זיך צוזאַמענצולעבן מיט יידן. ער אַרבעט טאָג און נאַכט אין קאָמיטעט.

היינט דעם 31 דעצ[עמבער] איז אויף ראָג ניסקא און זאַמענהאָף דערשאָסן געוואָרן א ייד[ישע] פרוי ביים שמוגלען די גרענעץ. עס געלונגט דאָך הונדערטער אריבערצוגיין אויף יענער זייט, כדי צו קויפן דאָרט פראָדוקטן. — היינט האָט מען פאַרבאָטן די יידן צו מאַכן סילוועסטער־פייערונגען. — דער ענין שעננע שטינקט שרעקלעך [5]. קאָמבינאַטאָרן פון דער קהלה זיינען דערין פאַרמישט. מען זאָגט, אַז דעם גאַנצן ענין האָבן אַרויסגערופן די קהלה־לייט. געהערט פון איינעם, וואָס איז געווען אין דייטשלאַנד אין א קריגסגעפאנגענעם־לאַגער, אַז ער האָט געזען א באַשטעטיקונג פון א ייד, אַז ער איז דער בעסטער מעלקער. ער האָט געהאַט מעלקער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, דער בעסטער איז אָבער דער ייד. די וואקכאנאליע פון פארוויילונגען גייט איבער אַלע גרענעצן. מען האָט מיר פארציילט, אַז מען זעט 6—7 אין דער פרי צוריקגיין פון טאַנץ־זאלן, פון באַלן מיט באַלאָנען אין די הענט, הַלב שיכור, זינגענדיק אין גאַס, ווי אין די גוטע פאַרמלחמה־יאָרן. די קהלה האָט געהייסן פארשטעלן אַלע פענצטער פון פאָרנט — מסתמא, כדי נישט צו רייצן יענע מיט די באַלויכטענע פענצטער. צענדליקער יידן גייען צופוס קיין אָטוואָצק און ברענגען פון דאָרט פלייש. ווי אַזוי זיי קומען און ווי אַזוי זיי קומען אַהין ווייסט מען נישט. מען זאָגט, אַז אין לאָדזש איז אין די לעצטע טעג געווען א פאָגראָם [6]. קיין פּרטים דערפון און א באַשטעטיקונג זענען נישטאָ. אין די לעצטע טעג זיינען יענע געקומען אויף סיענע 16 אין דעם מאָדערנעם רעסטאָראַן און געמאַכט אויפנאַמעס ווי יידן ווילן זיך. דאָס זעלבע האָט מען פאָטאָגראפירט פלאַקאַטן מיט דער

---

4) אויף יעזואיטן־גאַס 4 (אין וואַרשע) איז געווען א רעסטאָראַן און א קאַבאַרעט פאַר דייטשן. קיין נאָמען יאראסליי איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן. נישט אין טעלעפאָן־בוך פון יאָר 1939, נישט פון די יאָרן 1940—1941 פיגורירט נישט אזא נאָמען.

5) עס האַנדלט זיך אין דעם, צי מען זאָל די שעננע־גאַס אַרויסנעמען פון געטאָ.

6) וואַרשיינלעך א נישט־פּינקטלעכע ידיעה. זי נעמט זיך אפשר פון דעם, וואָס אין דעצעמבער 1940 זענען אין לאָדזשער געטאָ פאָרגעקומען אומרוען.

אויפשריפט „זאבאווא קארנאַוואַלאָווא“. היינט לכבוד דעם פּראָסט האָט מען געקאָנט אַדורכגיין דעם גיבראלטאַר [7] נישט אַראָפּנעמענדיק דעם הוט. — אין א יידישער מעלקעריי אויף מוראנאָוו ווערט יעדן טאָג געטוישט די קו, די פריערדיקע ווערט געשאָכטן. דאָס קומט פאַר אַזוי: פּויערים קומען יעדן טאָג. ביי דער וואך דערקלערן זיי, אַז די באַשייניקונג אויף אַריינפירן די בהמה האָבן זיי איבערגעלאָזט אין דער היים. זיי גיבן 700 זל. זאלאָג, ביז זיי וועלן ברענגען דעם באַוויז. דערנאָך פארגעסן זיי עס צו ברענגען. — מען פאַרקויפט אין דער גאַס הערינג, דאָס טוען די משומדים, וועלכע האָבן עס באַקומען פון דער קאַטוילישער אָרגאַניזאציע „קאריטאס“ [8] — ניעמצי — נעם צו, אלאמיין — אַלעס מיין [9].

געהערט היינט דעם 5 יאנ[ואַר] וועגן איינעם, וואָס האָט באַזוכט לאָדזשער געטאָ. די מענטשן מאַכן אַן איינדרוק פון בעטלער, איינגעהויקערטע, אויסגעהונגערטע. אסך מענטשן באַקומען איצט בריוו וועגן טויט פון זייערע קרובים. — אין גאַס געטראָפן א באַקאַנטן לאָדזשער פאבריקאַנט מאנדעלטאָרט אן איינגעהויקערטן מיט א שטעקן אָנגעשפּאַרט ווי א בעטלער. מען זאָגט, אז רומקאָווסקי האָט אַלעמען געהייסן געבן זיך די פוטערס, אונטער דראָאונג פון תפיסה. אין לאָדזש האָבן מענטשן אַלץ אויספאַרקויפט פאר שפּאָט ביליק, למשל פאַר א פוטער, פאַר וועלכן מען קען אין ווארשע נעמען טויזנט זל. האָט מען איצט גענומען 50 מאַרק [10]. — אין גאַס זעט מען היינט א מאַסע קינדער אין שמאַטעס וואָס בעטלען, — מען זאָגט, אַז 80% פון די איינגעוויקלטע אין [שמאַטעס] קינדער אין די פליטים־פּונקטן בעטלט אין גאַס. אויף לעשנאָ זעט מען יעדע פאָר שריט מענטשן געפרוירענע, וואָס ליגן אין די ווינקלען און בעטלען. אויף יענער זייט געזען ווייניק אַזעלכע פאקטן אויף מאַרשאַלקאָווסקא. — גאנצווייך, זאָגט מען שאַפט א קולטור־בונד צוזאמען מיט סטופּניצקין און קאצענעלסאָנען [11]. ווען מען האָט זיך געווענדעט וועגן אַריינלאָזן שטרוי פאַר די פליטים־פּונקטן, האָט די טראנס־פערשטעלע פארלאַנגט א נאָמען.

---

7) די שמאָלע גאַס קארמעליצקא, ווו עס איז געווען א גרויסע באַוועגונג און די דייטשן פלעגן דאָ מאַכן אנפאלן, האָבן די יידן גערופן „גיבראלטאר“ (און אויך „דארדאַנעלן“).

8) א פּויליש־קאַטוילישע פילאנטראָפּישע געזעלשאַפט.

9) אַלעמאן — אין פראַנצויזיש באַדייט עס דייטשלאַנד. אין יידיש פאָנעטיש — אַלעס (אַלץ) מיין.

10) אָפיציעל איז א דייטשישער מאַרק געווען גלייך צו 2 זלאָטעס. אין לאָדזשער געטאָ איז איינגעפירט געוואָרן ספּעציעל געלט, פאקטיש — קוויטונגען וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אומגאַנג מחוץ דעם געטאָ.

11) שאול סטופּניצקי (1876—1942), באַקאַנטער פובליציסט, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט“, אומגעקומען בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ.

לעצטנס באַמערקט זיך פּראָסטיטוציע אויף די גאַסן. נעכטן האָט מיך פאַרהאַלטן א זייער לויטן אויסזען אָנשטענדיקע פרוי. די נויט טרייבט צו אַלעם. געהערט וועגן א פּליט, וואָס פלעגט אַרבעטן אַלס פּאַרטרעטער [12] פאַר 2 — 3 זל.; אין די טעג, ווען ער האָט נישט געהאַט קיין פּאַרטרעטונג, געארבעט פארן עסן, וואָס ער פלעגט באַקומען ביי די ס. ס.

— די ידיעה וועגן שימעקן באַשטעטיקט [13]. אויך וועגן שיען — סטאַניסלאַוו [14].

אין די לעצטע טעג (אָנהויב יאַנואַר) געהערט וועגן א טראַגישער געשעעניש אין לאָדזש. פאַרהונגערטע האָבן זיך געוואָרפן צו באַראַבעווען די קהלה־מאַגאַזינען. נישט קענענדיק זיך געבן קיין עצה האָט די קהלה גערופן די פאָרשטייער פון דער מאַכט. עס זיינען געפאלן עטלעכע הונדערט מענטשן און עס זיינען א גרויסע צאָל (טויזנטער) פאַרוווּנדעט געוואָרן[15]. געווען אן אָבלאַווע אויף די גאַסן. מען האָט אַרויסגענומען מענטשן פון גערטנערן [16], געכאַפּט מענטשן אויפן גאַס; אין א צוקערניע אויף נאָוואָליפּקי האָט מען צוגענומען אין שאַטניע אַלע פּאַלטנס. — געהערט ווונדער וועגן דעם שמוגל דורכן ייד[ישן] בית־עולם. דאָרט האָט [מען] אין איין נאַכט איבערגעפירט 26 קי. עס זענען פאַראַן שיפּרען צווישן די שמוגלער, וועלכן מען שרייט אַריבער דורכן — — .

15, 16 יאַנואַר 1941

היינט דעם פינפצנטן יאַנואַר אָנגעקומען די ידיעה וועגן דער אויסווייזונג פון הונדערט פופציק טויזנט יידן פון סאָסנאָוויעץ און בענדין[17]. הם חפצים שאַנחנו נעשה את הדבר ובתנאי הזה תהיה האפשרות להציל את הממון של האַנשים האלה[18]. דאָס איז אַן עיקר־פראַגע, צי זאָל מען מיט אייגענע הענט טאָן אַזאַ זאַך. יידן זיינען נאָך פאַראַן אין די אַנשטאַלטן פון דרעווני־

---

12) פּאַרמעגלעכע מענטשן אין געטאָ פלעגן באַצאָלן פאַר פּאַרטרעטן זיי ביי דער צוואַנגס־אַרבעט און ביים אַרויסשיקן אין די אַרבעטס־לאַגערן.

13) דער גימנאַזיע־לערער שמעון לובעלסקי, אַ קאָמוניסט, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אין שייכות מיטן ענין אַנדזשעי קאָט. זע די הערות 200 און 216 (1940).

14) וואַרשעווער — אַדוו. סטאַניסלאַוו בענקעל, באַקאַנטער טוער פון פּ. פּ. ס., א ייד, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די פאַרדעכטיקטע אין דער מעשה קאָט.

15) פון 11 יאַנ. 1941 זענען אין לאָדזשער געטאָ פאָרגעקומען גאַסן־דעמאָנסטראַציעס צוליב פאַרגרעסערן די שפּייז־צוטיילונגען, דער המון האָט ראַבירט שפּייז פון די וואָגנס.

16) אַ פּאָפּולערער יידישער רעסטאָראַן אויף לעשנאָ 2.

17) דאָס זענען געווען קלאַנגען.

צאַ[19]און פון — —. מען האָט חשק צוצונעמען זאַפּיוווקע[20] מיט 400 קראַנקע. די אָפּגעלאָזנקייט פון דער קהלה, גיט נישט קיין גראָשן פאַר דעם אַנשטאַלט. אַ שררה צעשלאָגן אַ יהודי און דערביי צעקלאַפּט דאָס זייגערל, געקומען פאָדערן הונדערט זל. פאַר דער באַשעדיקונג. ספּר לי קנעפּל [21] שבכל אמצי כוחותיו הוא עמל שלא להכות אותו כאשר היה בגלריה. [22] דאָס וואָרט פאַרפלוכטע, דרעקיקע פערדאַמטע יודע נישט אַרויס פון זיין מויל. די פאַראָרדענונג וועגן צוואַנגס־אַרבעט פון יידן, באַזונדערס פון 12 יאָר, און די דערציונגס־אַרבעט, וואָס דאַרף געבן פּרוכטן, דערמאָנט ביי אַלעמען די קאַנטאָניסטן[23]. — געהערט פון סעתיעע [?], אַז די צוואַנגס־אַרבעטן זייענען אַ יש. מען וועט יידן באַנוצן צו רייניקן, אויפבויען די חרוב־געוואָרענע שטעט אין גובערניע, צו לאַנדווירטשאַפט. און ווי עס דרינגט ארויס פון אייז קוריערס אַרטיקל[24] — צו וואַסער־רעגולאַציע.

דעם זעכצנטן יאַנואַר פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז האשכנז הולך בדרך לוואָוו [25] קיין רוס. [לאַנד]. אויך די שטעט ביאַליסטאָק און גראָדנע זאָלן אַריבער צו אַנדערע. מען זאָגט, אַז דאָרט הערשט אַ גרויסע פּאַניק, מען מאַכט ויברח קיין טיף רוסלאַנד. מען איז צוגעגאַנגען צו אַ גרופּע טרעגער און גענומען ביי זיי צו חמשים גראָשן. — נעכטן צוגענומען ביי איינעם 15 דעקאָ פּוטער. געווען ביי מיר אַן אַרבעטסלאָזער אַ דערפינדער פון אַן אויטאָ אָן בענזין. זיינע אַרבעטן געמאַכט ביז איצט אין דריי פאַרשידענע שטעט צוליב סוד. פאַרגעלייגט אים צו פירן קיין א״י, אויב עס וועלן זיין סערטיפיקאַטן. געהערט פון איינעם, אַז יידן טאָרן נישט ווענדן זיך צו די ראשים, טיטולירנדיק זיי. געהערט וועגן דעם יידן מיט דער באָרד. בשעת דער געטאָ־מעשה געקומען אַ ראָש און געפרעגט וואָס מיטן געטאָ. די

---

19) העברעיש: זיי ווילן, אַז מיר זאָלן מאַכן די זאַך, אונטער דעם באַדינג, וועט זיין די מעגלעכקייט צו ראַטעווען דאָס פאַרמעגן פון די דאָזיקע מענטשן. אין טעקסט איז פאַראַן א טעות: אַנשטאָט „תהיה האפשרות" איז דאָ „יהיה האפשרות".

19) אן ארטשאפט אין ווארשעווער דיסטריקט, וו עס איז געווען אן אַרבעטס־לאַגער פאַר יידן.

20) א יידישער הייל־אַנשטאַלט פאַר נערוועיש־ און פסיכיש־קראַנקע.

21) דוד גוזשיק, אייגער פון די דירעקטאָרן פון „דזשוינט" אין וואַרשע. גוזשיק אויף פּויליש איז דער טייטש — קנעפּל. זע הערה 181 (1940).

22) העברעיש: עס האָט מיר דערציילט קנעפּל (גוזשיק), אַז ער האָט געאַרבעט מיט אַלע כוחות, כדי ער (דער דייטש) זאָל אים נישט שלאָגן, ווען ער איז געווען אין דער גאַלעריע (ווייזט אויס, געווען געכאַפּט אויף אַרבעט).

23) אין דער צייט פונעם צאַר ניקאָליי I פלעגט מען כאַפּן יידישע קינדער, זיי פאַרשיקן אין ווייטע מקומות און זיי דערציען פאַר סאָלדאַטן, אָפּטמאָל זיי צווינגען צו שמד. מען האָט זיי גערופן „קאַנטאָניסטן".

24) „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי", זע הערה 129 פונעם (1940)

25) העברעיש: דער דייטש גייט מיטן וועג דורך לעמבערג (אויפן ראַטנפאַרבאַנד).

תשובה [:] כדי די יידן זאָלן פריוויליק אַרויס, דאַרף מען זיי שלאָגן און טרייבן — דאָס קענען מיר נישט טאָן. וואָס טוט איר, ווען יידן קומען זיך פרעגן. מיר ראַטן זיי נישט צו רירן זיך פון אָרט. געדונערט, אָבער שפּעטער געזאָגט צו אַן אַנדערן עלטסטן: ווער איז דער בראַוועד מאַן וואָס האָט מוט?. די טאַקטיק לגבי יענע. זאָגן, אַז מען איז מסכים אויף די סאַמע אוממעגלעכסטע פאָדערונגען און שפּעטער באַווייזן, אַז צוליב טעכנישע סיבות אויסגעפירט בלויז אַ טייל. די מעשה מיט צוויי טויזנט שטולן פון שימעקן. מסכים געווען. געבראַכט דעם צווייטן טאָג פופציק, דעם רעשט דאַרף מען באַשטעלן אין ראַדאָמסק. דערויף אַן אויסוויין א. א. פון מאַנסן[26].

מיט האַרציקע גרוסן אייער פּיוויש

19 פעברואַר 1941.

מיין ליבער פריינט!

אין לובלין איז מיט אַ צייט צוריק (דעצעמבער 1940) אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן טאָרן נישט גריסן יענע מיט אַראָפּנעמען דעם הוט. וועגן דעם זענען דאָ פּלאַקאַטן אין גאַס. אַ טייל, וועלכע מ׳גריסט נישט, שלאָגן דערפאַר, אַנדערע, וועלכע מען גריסט, שלעפּן צו צום פּלאַקאַט און ווייזן, אַז מ׳טאָר נישט גריסן. אין שייכות מיטן פּלאַקאַט איז איינגעזעצט געוואָרן דער ראַט־מיטגליד ד״ר אלטער [אַלטען].

וועלכע זענען די מאָטיוון פון איינפירן דאָס געטאָ: פאַראַן סברות, אַז מען וויל אַלע יידן פון פּוילן קאָנצענטרירן אויף פיר ערטער: וואַרשע, קראָקע, קעלץ און ראַדאָם. דאָס זאָל געשען אין פאַל פון אַ מלחמה מיטן מזרח. מען זאָל האָבן אַ זיכערע סיטואַציע. אין קראָקע איז די לאַגע זייער אַ שווערע. מען שיקט אַרויס כסדר יידן, בעיקר פאָרן זיי קיין מערב־גאַליציע[27]. מ׳כאַפּט יעדן טאָג יידן אָן קענקאַרטן און מ׳שיקט זיי אויף מאָגילסקאַ (נאָמען־אָמען[28]). — אין לאָדזש צענעמט מען אַ סך הייזער,

26) אָטאָ מאָנס איז אין יאָר 1940 געווען דער פאַרטרעטער פון שען, דעם לייטער פון אומזידלונגס=אָפּטייל ביים דיסטריקט=אַמט אין וואַרשע. זינט דעם 1 אָקטאָבער 1941 איז ער געווען דער לאַנדסקאָמיסאַר אין שטעטל ראַדזימין הינטער וואַרשע.

27) אין אַפּריל 1940 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרויסשיקן פון קראָקע, אַלס הויפּט=שטאָט פון דער גענעראַל=גובערניע, עטלעכע צענדליק טויזנט יידן. די גענעראַל=גובערניע האָט אַרומגעכאַפּט פיר אָקופּירטע דיסטריקטן: וואַרשעווער, קראָקעווער, ראַדאָמער און לובלינער. נאָכן אָקופּירן מזרח=גאַליציע איז זי אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער גענעראַל=גובערניע.

28) מאָגילסקאַ — אַ נאָמען פון אַ גאַס אין וואַרשע, שטאַמט פון וואָרט מאָגילאַ, וואָס באַטייט — אַ קבר.

דער עיקר אָפּיצינעס, בכדי ס'זאָל נישט זיין ענג. אויף נאָוואָמיעיסקאַ צענעמט מען די וועגט זוכנדיק וואַלוטע, גאָלד, בריליאַנטן. אין לאָדזש זענען דאָ איינציקע יידן, וואָס אַרבעטן אין פאַבריקן. זיי טאָרן נישט פאַר־לאָזן דאָס וווינאָרט. די שמאַטשאַזשעס[29] זענען שוין נישט פאַראַן דאָרט. — ביי די טויטע חסידים[30] אויף נאָוואָליפּיע פאַראַן אַ גרויסער אויפשריפט: „געוואַלט, יידן, זייט זיך נישט מיאש". די יידן טאַנצן דאָרטן ווי פאַר דער מלחמה. אַ ייד, וועמענס טאָכטער עס איז אַ טאָג פריער געשטאָרבן, האָט דעם צווייטן טאָג געטאַנצט נאָך דער תפילה. — עס זענען דאָ אַ טייל פּעסימיסטן, וואָס דריקן אויס די מורא, אַז די ענגלענדער זאָלן נישט קומען אויף די קברים און אָנזאָגן אַ בשורה: „מיר האָבן געזיגט". — אויף קוישן[31] קען מען היינט באַקומען שפּאָט־ביליק ייד[ישע] ביכער, שמאַטעס פון לאַטיינער[32] און בכלל איינאַקטערס ווערן געזוכט מיט לעכט. מען באַ־צאָלט דערפאַר צו 10 זל. פאַר אַן עקזעמפּלאַר, ווייל מען שפּילט אין די הויז־קאָמיטעטן. אויף קראָכמאַלנע שפּילט מען „ציפּקע פייער" [33]. — בעת פראַנק איז עטלעכע וואָכן צוריק געווען אין וואַרשע (יאַנואַר)[34], האָט מען פון די שויפענסטער אָפּגערוימט די טשיאַסטעס. 48 שעה איז געווען פּאָ־גאָטאָוויע פון דער יידישער פּאָליציי. ער איז געווען אויף זאַמענהאָף 7 אין אַ ייד[ישער] דירה. — אין מעלאָדי פּאַלאַס איז פאָרגעקומען אַ קאַרנאַ־וואַל מיט אַ קאָנקורס פון די שענסטע פיס. דאָס געטאָ טאַנצט (דער קאָנג־רעס טאַנצט)[35]. געוואָלט שטערן די שמחה דורכן אָרדנונגסדינסט, אָבער אַרויסגעשטעלט האָט זיך, אַז די שותפטע איז פון יענע און מען קען זי נישט רירן[36]. דאָס זעלביקע איז מיטן רוב יידישע פאַרוויילונגס־לאָקאַלן.

---

29) שמאַטע־קלייבער.

30) טויטע חסידים ווערן אָנגערופן די חסידים, וואָס זענען אָנהענגער פון ר' נחמן בראַסלאַווער און האָבן נישט אויסגעקליבן קיין נייע רביים נאָך ר' נחמן בראַסלאַווערס טויט. זייער שטיבל אין וואַרשע האָט זיך געפונען אויף נאָוואָליפּיע גאַס.

31) אין וואַרשעווער געטאָ האָט מען געהאַנדלט מיט ביכער אין די גאַסן. די ביכער האָט מען ס'רוב געהאַלטן אין קוישן.

32) יוסף לאַטיינער (1853—1935), מחבר פון שונד־פּיעסן.

33) „ציפּקע פייער" — א פּאָפּולערע יידישע אָפּערעטע (קאָמעדיע אין 4 אַקטן מיט געזאַנג, דערשינען א רעדאַגירטע דורך ראובן מאַנדעלבוים־מאַרסאַ־לאָוו אין וואַרשע אין 1925, אינעם פאַרלאַג פון ש. גאָלדפאַרב).

34) דעם 20 און 21 יאַנואַר 1941 איז אין וואַרשע געקומען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק און האָט אָפּגעהאַלטן א קאָנפערענץ מיט די לייטער פון וואַרשעווער דיסטריקט־אַמט.

35) דאָס איז דער נאָמען פון א פילם, געמאַכט אינעם צווישנמלחמה־פּע־ריאָד, א. ד. ט. פונעם ווינער קאָנגרעס פון יאָר 1815.

36) די שותפטע פון דעם טאַנץ־לאָקאַל „מעלאָדי פּאַלאַס" איז געווען פרוי יודט (יודטאַווא), וועלכע האָט געהאַט פערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט די דייטשן. וועגן איר זע ווייטער ביי רינגעלבלומען.

מען טאָר נישט שפּילן די אַרישע מוזיקער און פון די יידישע די, וואָס זענען ערן־אַריער, ד. ה. עס ווערן געשפּילט מענדעלסאָן, קאַלמאַן, ביזעט און מייערבער. עס קומען לעצטנס אָן מאַסנווייז פּעקלעך פון רוסלאַנד און יוגאָסלאַוויע. די פּעקלעך (צוויי טויזנט אַ טאָג) זענען זייער גוטע: פּעטס, קאַווע וכדומה. זיי זענען אַ וויכטיקער דערהאַלטונגס־מאָמענט פאַר דעם עולם. דער עולם נעמט זיך אָן פאַרן ייד[ישן] פּאָליציאַנט: „דעם פּוילישן וואָלסטו געהערט, א יידישן נישט". פאַראַן אינטעליגענטע פּאָליציאַנטן, וואָס שטערט צו באַפעלן, נעמען זיי דיסקוטירן און איבערצייגן. פון לאָדזש ביי־טערע ידיעות: צוליבן מאַנגל אין הייצמאַטעריאַל פאַרברענט מען די מעבל, די פּאָדלאָגעס. די גמינע פאַרקויפט הייס וואַסער. פון רומקאָווסקין[37] א מעשה: מיר האָבן אין געטאָ גאָלד־וואַלוטע, יענער רופט זיך אָפּ פאַרחידושט: „ווי אַזוי?" ער הויבט אויף די פויסטן און זאָגט: „אָט די אַרבעט פון אונדזערע הענט איז אונדזער גאָלד־וואַלוטע". „דאָס איז דאָך אַ דייטשע טעאָריע", „מיר לערנען טאקע פון אלע" — ענטפערט ער. — פויל[ישע] פּאָ־ליציאַנטן האָבן זיך אין יאַנואַר געמאַכט אַזאַ פּרנסה. זיי פלעגן איינזעצן יידן אַפילו מיט פשעפּוסטקעס און אַזוי אַרום באַקומען ביי זיי 10 זל. עס איז אין יאַנואַר אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז פאַר גיין אויף יענער זייט געטאָ אָן אַ פשעפּוסטקע דראָט אַ שטראָף פון טויזנט זל.[38] אין לובלין האָבן זיך די פויל[ישע] סוחרים געווענדעט וועגן צונעמען ייד[ישע] געשעפטן. — די איבערשריפט פון א דיסטריקט־באאמטן: נישט אַזוי שנעל. אויף א בקשה פון אַ יידישער פאַמיליע צו באַפרייען זייער זון פון לאַגער איז אָנגע־שריבן: און ווי איז געווען אין בידגאָשטש?[39] דער באַקאַנטער פּראָפ[עסאָר] סעראַפים[40] האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט ר' מייערן[41] צוגענומען די בעסטע יודאי־קע פון אַדעלבערגן[42]. ער האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַ צו גרויסן אייפער.

---

37) מרדכי־חיים רומקאָווסקי, דער יודנעלטסטער אין לאָדזשער געטאָ.

33) דער פאַרבאָט אַרויסצוגיין פון געטאָ געפינט זיך אין דער „אַנאָרדע־נונג" פון לייסט, דעם „בעאויפטראַגטען דעם דיסטריקטס פיר די שטאַדט וואַר־שאַו איבער דען יודישען וואָהנבעצירק אין וואַרשאַו" פון 14 יאַנואַר 1941.

39) די היטלעריסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אָנהייב דער מלחמה מיט פּוילן פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז אין בידגאָשטש זענען א סך דייטשן דערמאָרדעט גע־וואָרן דורך פּאָליאַקן און יידן. די ווערמאַכט האָט דעם 3־טן סעפּטעמבער 1939 איינגעאָרדנט אין דער שטאָט א שחיטה פון פּאָליאַקן און יידן.

40) דער באַקאַנטער היטלעריסטישער „געלערנטער" פּראָפ. פּעטער־היינץ סעראַפים, א „ספּעציאַליסט" אין דער יידן־פראַגע, האָט צוגערויבט די רייכע יודאיסטישע ביבליאָטעק פון סאמועל אדעלבערג (זע ווייטער הערה 42). איז איצט א פּראָפעסאָר אין מערב־דייטשלאַנד.

41) וואַרשעווער לעך: פּראָפ. מאיר באלאבאן.

42) סאמועל אַדאַלבערג (1875 — 1940), געלערנטער, מחבר פון בוך פון פּוילישע שפּריכווערטער Księga przysłów polskich לאַנגיאָרי־קער רעפערענט פאַר יידישע ענינים ביי דער פּוילישער רעגירונג, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין געטאָ.

אין לובלין אַרבעטן זיבן הונדערט קריגסגעפאַנגענע פון יענער זייט (רוס־לאַנד) [43], מען האָט זיי לעצטנס געוואָלט אַנטאָן בינדעס, אָבער זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט אַפילו ווען מען זאָל זיי דערשיסן. לעצטנס אין חודש פעברואַר זאָגט מען, אַז ברילליאַנטן זענען געשטיגן. די סיבה: יענע קויפן אויף מאַסנווייז. היינט דעם 19 פעברואַר אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז אונטער אַ שטראָף פון טויזנט זל. טאָר מען נישט פאַרקויפן, שענקען, איבערגעבן יידן קיין זאַכן[44]. אויף סטאַווקי ווערן געבויט באַראַקן, ווו עס וועט פאַר־קומען דער טראַנספּער מיט דער ייד[ישער] באַפעלקערונג. דאָרט וועלן פאַרפאָרן וואַגאָנען דירעקט פון דער באַן. אויף קראַכמאַלנע 17 האָט גע־האַנגען אַ פּלאַקאַט: אַ מעסער אין בויך דעם, וואָס וועט געבן איין זל. פאַר דער שטשעפּיאַנקע פון דער קהלה. דער רוב בעטלערקעס אין די גאַסן זענען פון די פּונקטן פאַר פּליטים.

27, 28 פעברואַר 1941

אויף יענער זייט בית־עולם געשאַפן זיך פּויל[ישע] יוגנטלעכע רווי־בער־באַנדעס, וואָס פאַרטשעפּען אויף קריסטן. געווען פאַלן, אַז דאָרט האָט מען אויסגעטון יידן און ביי [זיי] אַלץ צוגענומען. וועגן פּלאָנסק געהערט פאָלגנדע מעשה: אין דער דאָרטיקער היסטאָרישער שול פאַראַן אַ היס־טאָרישער ארון, האָט מען אַ גרופּע יידן פאַרמאַכט אין שול, פאַרשלאָסן פון דרויסן און אַזוי לאַנג געהאַלטן, ביז וואַנען נישט צעהאַקט דעם ארון־קודש אויף שטיקלעך[45]. — געהערט פאָלגנדע ערקלערונג: עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דעם, אַז עס זאָלן נישט בלייבן קיין שפּורן פון יידישן עבר אין פּוילן. דאָס איז נויטיק, כדי צו באַווייזן, אַז יידן זיינען אַ צוגעקומענער עלעמענט, וואָס האָט נישט קיין אחיזה. די קראָקעווער רבנים, וואָס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, לעבן שוין נישט. זייער חטא: זיי האָבן זיך געווענדעט מיט אַ מעמאָראַנדום צום מעטראָפּאָליט סאַפּיעהאַ און גראַף ראָניקער וועגן דער פראַגע פון גירוש[46]. אין די לעצטע טעג

---

43) אויף ליפּאָווע־גאַס אין לובלין האָבן די דייטשן געשאַפן אַ לאַגער פאַר יידישע קריגס־געפאַנגענע, געוו. סאָלדאַטן פון דער פּוילישער אַרמיי, וועל־כע האָבן געשטאַמט פון מערב־אוקראַינע און מערב־ווייסרוסלאַנד. אויפן שוועל פון 1939 — 1940 האָבן די דייטשן עטלעכע טראַנספּאָרטן פון דעם לאַגער אויסגעמאָרדעט.

44) דער פאַרבאָט פון פאַרקויפן צו יידן איז פאַראַן אין דער „אַנאָרדענונג" פון „בעאויפטראַגטן דעם דיסטריקטסשעפס פיר די שטאָדט וואַרשאַו" פון 13 פעברואַר 1941.

45) דער דאָזיקער ארון קודש האָט וואַרשיינלעך געשטאַמט פון דער צווייטער העלפט 17־טן י"ה.

46) אין דעצעמבער 1940 האָבן זיך דריי יידישע עסקנים, דערונטער צוויי רבנים — שאול קורניצער, שבתי ראַפּאָפּאָרט און מאיר פרידעריק — אין קראָקע געווענדט צום ארציביסקופּ סאַפּיעהאַ און דעם פאָרזיצער פון דעם פילאַנטראָפּישן הויפּט־ראַט (ר.ג.אָ.) גראַף ראָניקער וועגן אַן אינטערווענץ פאַר אָפּשטעלן דעם

איז פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן די פּראַגע פֿון גירוש קראָקע. בלויז זיבן טויזנט ייִדן האָבן „קענקאַרטן", די איבעריקע צוואַנציק טויזנט מוזן פֿאַרלאָזן קראָקע. קיין אָפּאָלע זענען אָנגעקומען טויזנט ייִדן פֿון ווין[47]. — מען האָט אַרויסגעפֿירט סמעט אַלע וויכטיקערע פּוילישע מוזעאומס. — אויף קאַזשלע גאַס גייט דער שמוגל דורך אַ טיר אין אַ וואַנט, וואָס גרענעצט מיט דער אַרישער זייט. אַדורכגיין קאָסט 5 זל. דער ייִד מאַכט גילדענע געשעפֿטן. מיט עטלעכע טעג צוריק (23 — 27) פֿעבר. פֿאָרגעקומען קבלת פּנים פֿאַר די איבער 20 פֿאַמיליעס פֿון משומדים, וואָס זענען געווען אויף ראַניקערס ליסטע[48]. צווישן זיי בענעדיקט הערץ, פּראָפֿ. הירשפֿעלד, ד"ר ווערטהיים א. א.[49]. אין דער קהלה האָט מען פֿאַר זיי צוגעגרייט אָפּאַסקעס. די טעג איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ פֿאַרבאָט צו פֿאַרקויפֿן ייִדן סחורה[50]. דער־ביי דראָט ביידע זייטן אַ שטראָף פֿון טויזנט זל. דאָס איז אַ שטאַרקער קלאַפּ פֿאַרן האַנדל באַזונדערס פֿאַרן שמוגל. — אין צוזאַמענהאַנג מיט די באַ־שטעלונגען פֿאַרן דרויסן אין געטאָ ווערט דערלויבט צו פֿאַרמאָגן מער ווי צוויי טויזנט זל[51]. די לובאַוויטשער חסידים האָבן באַקומען וויזעס פֿאַר 50 חסידים אַרויסצופֿאָרן קיין אַמעריקע. עס גייט אַן אינטענסיווע קולטור־אַרבעט. אין איבער 90 הייף זײַנען פֿאָרגעקומען מענדעלע־אַקאַדעמיעס. עס זײַנען אין צענדליקער הייף פֿאַראַן ביבליאָטעקן פֿון ייִד[ישע] און פּוי־ל[ישע] ביכער. צוויי טויזנט חסידישע יונגעלייט לערנען נישט בלויז, נאָר

ייִדן־גירוש פֿון קראָקע. זיי האָבן אויך דערלאַנגט א מעמאָריאַל דעם גובערנאַטאָר פֿון קראַקעווער דיסטריקט. די ייִדישע עסקנים זענען תיכף אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשיקט קיין אוישוויץ, וו זיי זענען אומגעקומען. סאַפּיעהא האָט, אגב, אָפּגעזאָגט צו העלפֿן.

47) דאָס שטעטל אָפּאָלע ליגט אין לובלינער דיסטריקט.

48) גראַף ראַניקער האָט איבערגעגעבן דער דײַטשישער מאַכט, אויף איר פֿאַרלאַנג, א ליסטע פֿון קריסטן פֿון ייִדישן אָפּשטאַם, וועלכע האָבן זיך באַמיט, דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון .R. G. O צו באַקומען א דערלויבעניש צו בלייבן וווינען מחוץ געטאָ. די דײַטשישע פּאָליציי האָט, אויסנוצנדיק די ליסטע, אַרעס־טירט אַלע משומדים און זיי אַריבערגעפֿירט אין געטאָ. זייער פֿאַרמעגן איז צע־רויבט געוואָרן.

49) בענעדיקט הערץ (1872 — 1952), א באַקאַנטער פּוילישער משלים־ און מעשהלעך־שרײַבער און סאַטיריקער, געשטאַנען נאָענט צו פּפּס. פּראָפֿ. לודוויק הירשפֿעלד (1884—1954), באַרימטער באַקטעריאָלאָג און סעראָלאָג, אָרגאַניזירט אין געטאָ העכערע מעדיצינישע קורסן, מחבר פֿון אן אויטאָביאָגראַפֿיש בוך („די געשיכטע פֿון איין לעבן", אין פּויליש), וואָס איז טיילווייז געווידמעט דעם געטאָ. ד"ר אַלעקסאַנדער ווערטהיים — געוו. אָרדינאַטאָר פֿון ערשטן כירור־גישן אָפּטייל פֿונעם ייִדישן שפּיטאָל אויף טשיסטע, אין געטאָ אָרדינאַטאָר אי־נעם שפּיטאָל אויף לעשנא. אַלע דרײַ משומדים.

50) זע הערה 44 (1941).

51) ביז אויגוסט 1941 האָט א ייִד געמעגט פֿאַרמאָגן ביז 2000 זל. מזומן. אין אויגוסט 1941 איז אַרויס א פֿאַראָרדענונג, אַז מען מעג פֿאַרמאָגן מער ווי 2000 זל. דער ציל פֿון דער ענדערונג איז געווען, מען זאָל דערמעגלעכן די ייִדי־שע סוחרים צו קענען גרינדן האַנדלס־ און אינדוסטריע־געזעלשאַפֿטן.

פירן צו קעגנזייטיקע הילפס־אַרבעט. אַ יידישער שרייבער (גילבערט) [52] קומט אַריין אין אַ ביוראָ — זיין איינציקע בקשה 20 מינוט זיך אָנוואַרעמען. אַ בילדל אויף לעשנע 5: אין דעם אָפּגעבראָכענעם פּאָסט־בנין שטאַרצט אַרויס פון אַ קעלער־לאָך דער קאָפּ פון אַ יידישן שמוגלער. דאָס דערזעען שומרים [53]. זיי רופן צו צוויי יידן און באַפוילן זיי אַרויסצושלעפּן דעם ייד. זיי טוען עס, באַקומען אַ קאָפּ איבערן וועג און איצט הייסן זיי דעם שמוגלער אַריינקריכן צוריק און פאַרווונדן אים דעם קאָפּ מיט די באַגנעטן. זיין געשריי הערט מען אין דער שטילקייט פון דער גאַס. אַ צווייט בילדל: אין יידישן שפּיטאָל ביי די סקאַרבאָווצעס [54] קומט פאָר אַן אָפּעראַציע. עס קומען אַריין די באַאַמטע פון עלעקטראָווניע: די סקאַרבאָווצעס זענען שולדיק זעכציק טויזנט גילדן פאַר עלעקטריע. דער ד״ר באַרקאָווסקי [55] בעט זיך 5 מינוט צייט, כדי צו קענען פאַרענדיקן די אָפּעראַציע. „עס מאַכט נישט אויס — ענטפערן די באַאַמטע פון דער עלעקטראָווניע — וועט זיין מיט איין ייד ווייניקער״. די אָפּעראַציע האָט געמוזט פאַרענדיקט ווערן ביי ליכט.

היינט דעם 27 פעבר. איז דערהרגעט געוואָרן אַ ייד[ישער] יונגערמאַן דורך דעם ייד[ישן] אָרדנונגסדינסט, ער האָט געקאָפּעט אַ ייד[ישן] פּאָליציאַנט, האָט מען [אים] אין קהלה־בנין דערטליקעט צום טויט. — אויף דער פּראָווינץ נעמט מען שטייערן ביי יידן אויף אַזאַ אופן: מען נעמט צו אַ מלבוש און מען גיט אַ טערמין פון צוויי וואָכן צום אויסקויפן — ווערט דאָס נישט געטון, ווערט דאָס מלבוש פאַרקויפט. יענע וואָך פאָרגעקומען אַ מעשה מיט דריי יידן שנהרגו על ידי שומרים [56], געוואָלט צעטרייבן אַ גרופּע וואָס געשטאַנען ביים ראָג לעש — זשעלאַזנע, דערווייל די ביקס געפאַלן אויף דער ערד און צעבראָכן געוואָרן. פון אַדורכפאָרנדיקן [אויטאָ] געשאָסן און געהרגעט 3 צופעליקע יידן.

היינט שבת דעם 28 פעבר. דערוווסט זיך וועגן פּלאַקאַטן פון יענער זייט, אַז עס זאָלן זיך מעלדן אַריער נישט אַשכנזים צום לאַגער־דינסט אייבער יידן פון וואַרש[עווער] דיסטריקט [57]. דער עולם עס פאַרשטאַנען, אַז

[52]) שלמה גילבערט (1885—1942), יידישער שרייבער, אומגעקומען בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ.

[53]) שומרים — אין דעם פאַל: דייטשישע וואַך.

[54]) לאָקאַל פון דעם שטייער־אַמט און פון ספּירט־מאָנאָפּאָל אויף לעשנאָגאַס נומער 1, וווהין עס האָבן זיך אַריבערגעצויגן די כירורגישע אָפּטיילונגען פון דעם יידישן שפּיטאָל פון טשיסטע־גאַס. וועלכער איז געצוווּנגען געוואָרן צו באַצאָלן די אַלטע שטייערן און עלעקטריע־חובות.

[55]) ד״ר איגנאַצי באַרקאָווסקי, אָרדינאַטאָר פון דער דריטער כירורגישער אָפּטיילונג אין שפּיטאָל אויף לעשנאָ 1, אומגעקומען אין געטאָ אין אַפּריל 1943.

[56]) העברעיש: וועלכע זענען דערהרגעט געוואָרן דורך דייטשישע וואַכליים.

[57]) דעם 27 פעברואַר 1941 האָט דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר לודוויג פישער אַרויסגעלאָזט אַ „באַקאַנטמאַכונג“ וועגן ווערבירן צום לאַגערשוץ פון די

וואַרש[עווער] יידן ווערן אויסגעזידלט און אַוועקגעשיקט אין באַראַקן, דעריבער אַ גרויסע באַאומרואיקונג. אין דער אמתן פאַרבונדן מיט דער אַרבעטס־פליכט. צווישן די אָנגעקומענע משומדים געפינט זיך פראָפ. הירשפעלד, אַן אייראָפּעישער נאָמען אויפן געביט פון באַקטעריאָלאָגיע ווי אויך נאַטאַנזאָן [58]. טשערניאַקאָוו געוויזן אים דאָס בילד פון זיין זיידן דעם געוו. וואַרש[עווער] ראש קהלה [59]. דאָס איניקל מודה געווען, אַז דער זיידע בעסער געטון ווי ער. אָנגעקומען אַ ידיעה פון טויטן אַ ייד [אַ]משומד פון אָשוויענטשים. זיין חטא און פון צוויי אַנדערע חברים איז, אַז ער האָט געזאָגט צו אַ פויל[ישן] פּאָליציאַנט, אַז ער איז ערגער פון אַן אַשכנז. אָנגעקומען 8 טויזנט ווינער יידן — אין אָפּאָלע 2,000, קעלץ א. א. שטעט [60]. דער פּרייז פון פּוטער איז געשטיגן אויף 35 זל. קיין גראָדזשיסק זיינען צוריקגעפאָרן איבער 50 ייד[ישע] בעלי־מלאכות, זיי דאַרפן צורעכט מאַכן די דאָרטיקע הייזער פאַר די אַשכנזים, וואָס קומען אַהין. — צו אַ ייד, וואָס האָט פאַרלוירן די בינדע, רופט זיך אָן אַן אַשכנזישער ראש: „זיע יודע זיע האַבען פערלאָרען דאָס צוואַנציקסטע יאַרהונדערט". די אינטערעסאַנטע דעפּעשן פון קאַרלסבאַד צו סקלאַדקאָווסקין פון יאָר 1937 וועגן די ייד[ישע] פּאָגראָמען אין 1937 און די באַמערקונגען פון פּאַפּראָצקין וועגן אַריינשטעלן די פערזאָנען אויף דער שוואַרצער ליסטע [61]. — פון איינס ביז 3 אַזייגער ווערט ספּעציעל פאַרשטאַרקט די אָרדנונג אויף קאַרמעליצקאַ, בכדי נישט צו געבן יענע אַ גרונד צו שלאָגן יידן אויפן וועג צום פּאַוויאַק. מען זאָגט, אַז יעדן טאָג פאָרן זיי אַהין כדי צו שלאָגן די אַרעסטירטע. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שבת־רו האָט זיך אין דער קהלה געשאַפן אַ קוריאָזע לאַגע:

---

יידישע אַרבעטס־לאַגערן מענער פון „נישט דייטשישע פּאָלקס־גרופּן (פּאָליאַקן, אוקראַינער און ווייסרוטענער)".

58) דאָס איז איינער פון די אָפּשטאַמיקע פון דער באַקאַנטער רייכער אַסימילירטער משפּחה די נאַטאַנסאָנס (זע ווייטער הערה 59), א גרויסער אונטערנעמער און משומד. זיין פרוי איז געווען באַקאַנט פון איר איבערגעטריבענער קאַטוילישער פרומקייט.

59) ד"ר לודוויק נאַטאַנסאָן (1821 — 1896), א באַקאַנטער גינעקאָלאָג, איז געווען אין די יאָרן 187‎1 — 1896 פּרעזעס פון דער יידישער קהלה אין וואַרשע. זיין ברודער, דער פאַרלעגער און בוכהענדלער הענריק נאַטאַנסאָן, איז געווען פּרעזעס פון דער גרויסער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע. ביידע זענען געווען פאָרשטייער פון דער אַסימילאַציע.

60) די דייטשן האָבן פּלאַנירט איבערצוזידלען 10 טויזנט ווינער יידן. עס איז אונדז באַוווּסט וועגן זיבן טראַנספּאָרטן: דעם 15 פעברואַר 1941 קיין אָפּאָלע (טויזנט נפשות), דעם 28 פעברואַר קיין אָפּאָלע (טויזנט נפשות), סוף פעברואַר קיין קעלץ (טויזנט נפשות), דעם 7 מערץ קיין מאָדליבאָזשיצע (אין יאַנאָווער לובלינער פּאָוויאַט 1035 נפשות), דעם 13 מערץ קיין אָסטראָוויעץ (טויזנט נפשות), דעם 27 מערץ אין אפּטער פּאָוויאַט (טויזנט נפשות) און דעם 10 אַפּריל קיין ראַווא מאַזאָוויעצקא (טויזנט נפשות).

61) אין יאָר 1938 האָט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס געשיקט א פּראָטעסט־דעפּעשע צו דער פּוילישער רעגירונג (פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי) קעגן די פּאָגראָמען. סטעפאַן־יוזעף פּאַפּראָצקי, דער דירעקטאָר פון בּיוראָ פאַר נאַציאָנאַליטע־

די אַגודה־לייט זענען געווען פאַר איינהאַלטן די זונטיק־רו, ווייל זי איז באַשטימט געוואָרן דורך דער פריערדיקער מלוכה. די משומדים זענען געווען פאַר שבת־רו און אַזוי איז טאַקע געשען[62]. אין די צוקערניעס און קאַוויאַרניעס איז דאָ אַ נייע פּרנסה: עס שטייט אַ פרוי וואָס לייט די אָפּאַסקע די אַריינגייער. דערפאַר באַקומט מען 10—20 גר. לעצטנס טרעפט כמעט יעדן טאָג, אַז אויף די גאַסן ליגן אינמיטן טראָטואַר מענטשן פאַרחלשטע אָדער טויטע. דאָס מאַכט כמעט שוין נישט קיין איינדרוק. די גאַסן זענען כסדר פול מיט צוגעקומענע פּליטים. די הויכע פורן אָדער אויטאָס אָנגעלאָדענע מיט בעבעכעס פון אָרעמע יידן מאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק[63]. די גרויסע אסיפה וועגן ייד[ישער] קולטור־ארבעט. איבער 90 מענדעלע־פייערונגען אין די הייף. אַ גרוס פון יענער וועלט: די רעקאָרדס [?] דערוויסט זיך, אַז דעם בונד איז ענדלעך געלונגען אַרייַן אין סיים (אַרטור)[64] — אַ פּליטקע אויף דזיעלנע 7 געווינט אַ גאַנץ יאָר אין פונקט, געהאַט שמוק,מטבעות וכדומה אין ווערט פון 120 טויזנט זל. אַ בילד פון אָפּפּערווילעקייט: אַ פּליט פון שלעזיע, עפּשטיין אויף ספּאָקאָינע[65] פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט דאָרט, כדי צו היטן ייד[ישע] פּליטים פון דער עקספּלאָאַטאַציע פון פּויל[ישע] פּאָליציאַנטן. דערוווסט זיך, אַז זיי ווילן נעמען פון יעדן פּעקל צו 5 זל. צוזאַמען געוואָלט האָבן אַ רויב פון 1.500. אויפגעוועקט דעם פּויל[ישן] לייטער און אַפּעלירט צו זיין געוויסן, דערקלערט די פּאָליציאַנטן אַז כל־זמן ער לעבט וועלן זיי דאָס געלט נישט באַקומען — און אויסגעפועלט, באַוויזן דעם אַנטיסעמיטישן דירעקטאָר צו באַזייטיקן די פּערזאָנען, וואָס [האָבן] גענומען כּאַבאַר ביי די פּליטים. בכלל נישט איינמאָל אויסגעקומען די עסקנים צו טראָגן פּעק אויף לעש 109 און ספּאָקאָינע אונטער די קלעפּ פון די שומרים, וואָס האָבן געהאַלטן אַז עס געדויערט ביי זיי צו לאַנג דאָס איבערטראָגן קראַנקע אָדער אַלטע פון די וועגנס. עס זענען אין וואַרשע פאַראַן 107 אינוואַלידן פון יאָר 1939. זיי האָבן אַלע באַשטעטיקונגען פון פּ.צ.ק.[66]. דער לעצטער ליקווידירט זיין טעטיקייט אויפן שטח פון געטאָ.

---

טן־פּאָליטיק ביים פּרעזידיום פון מיניסטאָרן־ראַט, האָט אַריינגעשטעלט די פּראָטעסט־שיקער אין א שוואַרצער ליסטע.

62) נישט פּינקטלעך. די אגודה איז פאקטיש געווען פאר שבת־רו.

63) אין די לעצטע טעג פון יאַנואַר, אין פעברואַר און תחילה מערץ 1941 האָט מען איינגעזידלט אין וואַרשעווער געטאָ די יידן פון דעם מערב־טייל פון וואַרשעווער דיסטריקט.

64) נאָך לאַנגע פּאָדערונגען האָט איצט דער „בונד" באַקומען א פאָרשטייער אין דעם פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן. דעם „בונד" האָט דאָרטן רעפּרעזענטירט שמואל זיגעלבוים („ארטור").

65) דאָ האָט זיך געפונען דער באַד־אַנשטאַלט, וו מען פלעגט דורכפירן די דעזינפעקציע פון די זאכן, וואָס די פּליטים און גולים האָבן מיט זיך געבראכט. דאָס איז געווען אַן אָרט פון פאַרשיידענע שיקאַנעס. אויף לעשנאָ 109 איז געווען די „קוואַראַנטאַנע".

66) פּאָלסקי טשערוואָני קשיזש (P.C.K.) — פּוילישער רויטער קרייץ.

### מיין ליבער פריינט![67]

אויף מלאַווסקאַ איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ הילצערנע בריק, וואָס פאַרבינדעט איין גאַס פון געטאָ מיט דער צווייטער. די צוויי ייד[ישע] טראַמוויען 15 און 28 זענען סקאַסירט געוואָרן. איצט (פעברואַר) גייט בלויז איינער מיט אַ גרויסן מגן־דוד. די קריסטל[עכע] אַפּטייקן האָבן אַ גרויס לייזונג. זיי ווערן פּשוט אויספאַרקויפט. עס איז גרויס די סכנה פון שווינדזוכט, וועלכע פאַרשפּרייט זיך צווישן ייִדן. צוליבן פאַרשפּאַרט זיין אין געטאָ דראָט, אַז די קראַנקהייט זאָל זיך שרעקלעך פאַרשפּרייטן. אָפטע פאַלן פון אַרויסשלעפּן רעשטלעך עסן פון די מיסטקאַסטנס. אין דער זעלבער צייט פאַראַן דירות, ווו מען עסט יעדן טאָג מאַראַנצן 25 זל. אַ קילאָ, ווייַנטרויבן וכדומה. עס אַנטשטייען אַלץ מער און מער לאָקאַלן פאַר פאַרווײַלונגען. די שותּפים זענען אָפט פאָלקס־אַשכּנזים[68]. געמוזט צושטעלן אין דער טראַנספּערשטעלע אַ גרויסן נאַכט־טאָפּ. פאַראַן ייִדן וואָס אַרבעטן ביי ס.ס., ס.אַ. און אַנדערע שטעלן. זיי קומען טיילמאָל אין ייד[ישע] אינסטיטוציעס און פאַרלאַנגען אין זכות פון יענע מלבושים וכדומה. ביי דער קלענסטער געלעגנהייט דראָען זיי מיט יענע. מען דערציילט גאַנצע לעגענדעס וועגן ד״ר שובערט[69] פון דיסטריקט. ער איז דער אַפּוטרופּס פון גאַנצווילכן. ער טוט אָן אַן אָפּאַסקע און גייט אין געטאָ. מען זאָגט, אַז ער ראַטעוועט טיילמאָל אָפּ יידיש פאַרמעגן. ער איז אַ באַפּטיסט. דער ייד פון פראַנציסקאַנער מיט דער מצבה מיט זיין בילד, האָט מיט מזל חתונה געהאַט.

מיזעריקאָרדיאַ עט יוסטיציאַ[70], די לאָזונג פון דער אינקוויזיציע. לעצטנס זייער שטאַרק פאַרשפּרייט די סוויעזשבע[71], סיבה — מאַנגל אין זייף. געטראָפן אַ שוידערלעכן פאַל מיט אַ 3־יאָריק קינד פון אַ פּליט. דער שומר האָט בשעתן פאָרן אַריינגעוואָרפן דאָס קינד אין שניי. די מוטער אַראָפּגעשפּרונגען און געוואָלט ראַטעווען דאָס קינד. דער שומר געדראָט מיט אַ רעוואָלווער. די מוטער האָט אָבער דערקלערט, אַז אָן קינד האָט איר לעבן קיין שום ווערט נישט. דעמלט געדראָט צו דערשיסן אַלע ייִדן פון וואָגן. די

---

67) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

68) פאָלקסדויטשן, ד. ה. פּאָליאַקן פון דייטשישן אָפּשטאַם, אָדער סתם רענעגאַטן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די היטלעריסטישע א. ג. פאָלקס־ליסטע.

69) אין וואַרשע זענען געווען צוויי דייטשישע באַאַמטע מיטן נאָמען שובערט: שובערט ריכאַרד — אין דעם פּראָפּאַגאַנדע־אַמט פון וואַרשעווער דיסטריקט, און שובערט (נאָמען נישט באַוווּסט) — א רעפערענט אין אינערן־פאַרוואַלטונג פונעם דיסטריקט.

70) לאַטיין: רחמנות און יושר.

71) פּויליש: אויסשיט אויף דער הויט.

פרוי געקומען קיין וואַרשע און דאָ אַראָפּ פון זינען. אין דער פּראָווינץ נעמט מען גרויסע באַשטייערונגען. אין ראַדאָם געשאַפן במשך פון 3 שעה 50 טויזנט פאַר 500 אויסגעזידלטע פון דאָרט. מען זאָגט, אַז מען האַלט ביים קאָנצענטרירן די יידן אין 4 ערטער: וואַרשע, לובלין, ראַדאָם און קעלץ. אין וואַרשע וועט מען אַריינוואַרפן די יידן פון וואַרשעווער דיסטריקט אַ 200 טויזנט[72]. די סיבה אַ פּאָליטישע. אין פאַל פון אַ מלחמה מיט רוסלאַנד זאָל מען האָבן קאָנצענטרירט אַלע יידן אויף 4 ערטער. שען איז אין יאַנואַר געווען אין די גייע אַזילן, געזידלט די רייכע יידן, געדרשנט וועגן ציווילי־זאַציע וכדומה. אַנדערע זאָגן, אַז די סיבה פון אויסזידלונג פון וואַרש[ע־ווער] דיסטריקט איז דאָס אָנקומען פון פאָלאַקן פון פּאָמערן. באמת זענען טאַקע אָנגעקומען קיין פּיאַסעטשנע אין אַ קורצער צייט נאָכן אויסזידלען די יידן, פאָלאַקן פון פּאָמערן. מיט אַ קורצער צייט צוריק (אָנהויב פעברואַר) זענען קיין גריצע אַרויסגעפּאָרן אַ גרופּע פון 20 יידן אין אַ דאָרף פון אַ דייטש אויף לאַנדווירטשאַפט פון דעם פּאָוויאַט, פון וועלכן מ׳האָט פאַר־טריבן די יידן. אַרבעט האָט אַלזאָ געפינט די טויערן פון געטאָ.

נישט לאַנג איז אין דער טראַנספּאָרטשטעלע פאָרגעקומען אַ גרויסע אַוואַנ־טורע צווישן אַ הויכן ראש וועגן ייד[ישע] אַרבעטער, וועלכע יענער וויל נישט אַרויסגעבן קיין פּזשעפּוסטקעס. דער ראש וויל נישט באַשעפטיקן קיין פאָלאַקן אויס מורא פאַר סאַבאָטאַזש. אויף קראָכמאַלנע 17 אַרויסגעהאָנגען אַ פּלאַקאַט: אַ מעסער אין בויך דעם, וואָס וועט געבן אַ זלאָט אויף אַ שטשע־פּיאָנקע אין דער קהלה. עס זענען פאַראַן אומלעגאַלע באַוועגלעכע ביבליאָ־טעקן, וואָס ברענגען אַהיים ביכער פאַר דעם לייענער. עס איז פאַראַן אַ תלמוד־תורה פון 700 תלמידים מיט רבנים אַלס מלמדים. „שאַפּאַ גראַ" איז דאָס פּאָפּולערסטע ווערטל וועגן דער קהלה. אַז מען וואַרפט אַריין אין דער שאַפּע, שפּילט זי. אין פעברואַר געענדערט די נעמען פון אַ טייל גאַסן. זאַמענהאָף — צוריק דזשיקאַ. מייזעלס — קורזשאַ[73]. סיענגאַ־גאַס איז ווידער איינגעשטעלט[74]. יידן מוזן דערפאַר באַצאָלן 160 טויזנט זל. אין גאָלד. מען האָט געגעבן פּזשעפּוסטקעס יידן אויף יענער זייט איינצוקויפן גאָלד: רינגלעך, שמעלץ וכדומה. דאָס געלט גייט אויף ווינטער־הילף פאַר דער פּאַרטיי. איינער געווען אויף אַ בדיקה[75] ביי אַ ייד. גאָרנישט גענומען. געבעטן אַ ייד[ישן] ספר אַלס צמולעט. די גאַסן־פאַרקויפער פון לענטעס שרייען: אויב ׳שוין קויפן די שמאַטע, קויפט אַ ריינע. בעטלער מאַכן אַ לעבן אויף פאַרשיידענע אופנים: דער פּולטוסקער חזן שטייט מיט זיין משורר און גאָרגלט זיך מיט אַן אל מלא רחמים א. א. וו. אַן אַנדערער ווידער

72) פאַקטיש האָט מען דערמלט איינגעזידלט אין וואַרשעווער געטאָ איבער 50 טויזנט יידן פון וואַרשעווער דיסטריקט.

73) די גאַסן זאַמענהאָף האָבן די דייטשן געהייסן אָנרופן צוריק דזשיקאַ (ווילדע) און מייזעלס — קוזשאַ (הינער־גאַס).

74) שענגא־גאַס האָט געדראָט אַרויסצופאַלן פון געטאָ.

75) דאָס העברעישע וואָרט בדיקה באַטייט אין דעם פאַל: רעוויזיע.

האַלט גאַנצע דרשות. ער איילט זיך, ווי עמעצער וואָלט אים געיאָגט און וואַרפט מיט די הענט ווי אויף דער בימה. אַ מוטער געבעטלט און געהאַלטן ביי דער זייט אַ קינד, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר טויט. עס בעטלען אין גאַס קינדער 3 און 4 יאָריקע און דאָס איז דאָס פיינלעכסטע. אַ טייל בעטלער שטודירט טעאַטראַלע פּאָזעס צו מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק. דער דראַנג צו שרייבן מעמואַרן איז אַזוי שטאַרק, אַפילו אין אַרבעטס־לאַגערן האָבן יונגעלייט געשריבן מעמואַרן. מ׳האָט געפּאַקט, די פּאַפּירן צעריסן און געשלאָגן. אַ משוגענער לויפט אַרום און שרייט אין די גאַסן: אַלע גלייך[76] — דאָ אין געטאָ זענען אַלע גלייך — עס האַלט נאָך נישט דאַביי, אָבער עס איז נישט ווייט. מען זאָגט, אַז דער שטאַב פון ליובאַווי־טשער חסידים באַקומען איינרייזע־דערלויבענישן קיין אַמעריקע און פאָרן אַוועק אַ ליאַדע טאָג. די אויפנאַמען פון יידן אין די אַמטן [איז] זייער אַ גערייצטע צוליב אַמעריקעס באַציונג. אַ באַאַמטן נישט דערלויבט זיצן אין וואַרטע־זאַל. אַ ייד קען אויך שטיין. עס קומען לאָדזשער אשכנזים, וועל־כע קויפן איין פוטערס, ברילִיאַנטן, גאָלד און וואַלוטע. מען וויל זיך פאַר־זיכערן. מען קויפט עס אויף אין וואַרשעווער געטאָ. דעריבער איז געשטיגן דער פרייז פון ברילִיאַנטן. כאַראַקטעריסטיש, אַז מ׳האַנדלט מיט הייזער אין געטאָ. עס קומען אָן אַ סך פעקלעך פון רוסלאַנד און אַנדערע לענדער ביז צוויי טויזנט אַ טאָג. די רוס[ישע] פעקלעך זענען אויסגעצייכנטע און זיי זענען אַ שטיצע נישט פאַר איין משפחה. גראַף ראָניקער, זאָגט מען, מאַכט באַמיונגען וועגן דערלויבן אַ טייל משומדים בלייבן אויף יענער זייט. ער האָט צוגעשטעלט דער מאַכט אַ ליסטע, די מענער פון דער ליסטע זענען איינגעשיבנט געוואָרן, די פרויען — אויסגעזידלט אין געטאָ. אויף סיענגא זאָלן זיך געפינען אַ סך פון די משומדים. אין אַ שטעטל יידן געשריבן בריוו צו דער הילפס־אינסטיטוציע און געענדיקט מיט ס. אָ. ס. איינגעשיבנט דורך קרייזהויפטמאַן. לעצטנס פאַסירט אָפט, אַז מען פאַרמאַכט הייף, אייגנט־לעך גאַנצע גאַסן פאַר נישט איינצאָלן דירה־געלט. מ׳לעשט אויס די עלעק־טריע. קאַרמעליצקאַ מאַכט אַ מוראדיקן איינדרוק. צוליב דער פינצטער־ניש קריכט איינער דעם צווייטן אויפן קאָפ. דער עולם שאַפט לידלעך וועגן דער קהלה, וועגן די ברידער ליכטנבוים, וואָס מאַכן מויערן און פאַרדינען דערביי מיט דער הילף פון דעם פאָטער און מאַכן גרויסע מאַיאָנטקעס. דער פאָטער גיט אַרויס אַרבעט זיינע צוויי זין[77]. פאַר רעפאַרירן דאָס סוחרים־הויז אויף פראָסטע ליכטנ[בוים] פאַרלאַנגט 60 טויזנט, אַנדערע אַ פערטל פון דער סומע. אויף יענער זייט זאָגט מען, אַז מען וויילט זיך ווי אין געטאָ.

---

76) דאָס איז געווען דער פאָפולערער אין וואַרשעווער געטאָ משוגענער און לץ רובינשטיין.

77) די זין פון אינזש. מאַרעק ליכטענבוים, דעם מיטגליד פון יודענראַט — פרעזידיום, האָבן זיך געחברט מיט דייטשן און זענען געווען פאַרדעכטיקט אין מיטאַרבעט מיט זיי.

דאָס גוטע טאַנצט; עס קומען צו כסדר נייע נאַכט־לאָקאַלן. אויף זשעליאַז־נאַ — פּאַלערמאָ מיט קאַבינעטן, קאַסאַנאָווא — אויף נאָוואָליפּיע 18 (דורך דער חברה פון לעשנא 13). איז בענדין, סאָסנאָוויעץ נעמט מען געלט מיט דער הילף פון „שלעפּערס", וואָס באַזעצן די דירה פון דעם באַשטייערטן, ביז וואַנען ער באַצאָלט נישט די פולע סומע.

פּעברואַר 41

10 מערץ 1941.

מיין ליבער פריינט![78]

אַ בילדל: עס פאָרט אַן אַן אויטאָ מיט יענע. אויף קאַרמעליצקע פאַר־שטעלט דעם וועג אַ יידיש האַנט־וועגעלע. ער קען ווייטער נישט פאָרן. עס שטייגט אויס איינער פון זיי און נעמט שלאָגן דעם ייד. פון יידס פּלייצע הויבט זיך אויף אַ קאָרזש[79], רופט זיך אָן אַ צווייטער: לאָז אים אָפּ, דאָס איז דאָך ריינע עפּידעמיע. דער ערשטער פאַרטראַכט זיך און לאָזט אָפּ דעם ייד. — פאַר עטלעכע טעג האָט אויף ראָג זשעלאַזנע — גזשיבאָווסקע פּאַ־סירט אַ טראַגישע מעשה: אויפן ראָג איז געשטאַנען אַ גרעסערע גרופּע יידישע אָרעמעלייט, וואָס האָבן געזוכט זיך אַריבערצושמוגלען אויף יענער זייט. אַ שומר ווענדט זיך צום יידישן פּאָליציאַנט, ער זאָל אין 5 מינוט אַרום אָפּריינִיקן דעם פּלאַץ. דאָס געלינגט אים אָבער נישט. ער שיסט אויס און עס פאַלן 2 אָדער 3 קרבנות (אָנהויב מערץ). — מיט עטלעכע טעג צוריק איז אַנטדעקט געוואָרן אַ געהיימער טיפוס־שפּיטאָל אין אַ נישט קאַנאַליזירט הויז. עס זענען דאָרט געלעגן 8 קראַנקע, דערפון 2 פון אַן אַנדער הויז. אין דעם ענין זענען אַריינגעמישט 2 דאָקטוירים און אַ פעלד־שער. — הגם עס ווערט געמאַכט אַ גרויסע טרעוואָגע מיטן טיפוס (ריזיקע פּלאַקאַטן מיט אַ „שטירמער"־ייד[80] מיט דער אויפשריפט: „זשידזשי — ווּשי — טיפוס פּלאַמיסטי"[81] — אַ גרויסע לויז קריכט אַריין אין באָרד פון דעם יידן. די פּלאַקאַטן זענען אויך אויסגעהאָנגען אין אַרישע טראַמווייען. די פּלאַקאַטן זענען אומעטום אין יידישן געטאָ אָפּגעריסן געוואָרן. הגם מען האָט לכבוד זיי אויסגעקלעפּט די מעלדונגס־ברעטער מיט ווייסע פּאַפּירן,) — פאַרשפּרייט זיך דער טיפוס זייער שוואַך צווישן יידן. ס'איז פּויר־

---

78) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

79) פּויליש: א שטויב.

80) „דער שטירמער" פלעגט דרוקן קאַריקאַטורן פון יידן צוליב נאַציש־טער פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן.

81) פּויליש: יידן — לייז — פלעק־טיפוס.

אָרדנט געוואָרן, אַז יידישע אַרבעטער אויף אַשכנזישע פּלאַצוווקעס[82] מוזן זיך יעדן טאָג באָדן פאַרן גיין צו דער אַרבעט. מען זאָגט אויך, אַז יעדער ייד, וואָס וועט האָבן אַ פּזשעפּוסטקע, וועט גלייכצייטיק מוזן ווייזן אַן ענט־לויזונגס־שיין. אין שייכות מיט דער טיפוס־געפאַר וויל מען דאָס געטאָ אַזוי ענג פאַרמאַכן, אַז קיין פויגל זאָל נישט קענען אַדורך. — אין אַן אַש־כנזישן אַנשטאַלט זיך פאַרלאָפן פאָלגנדע מעשה: אַ ייד, וואָס קומט דאָרט אַריין אַ גאַנץ יאָר, ווערט באַגריסט דורך אַ דאָרטיקן באַאַמטן בלויז מינדלעך, נישט דורך האַנט רייכן. ער רופט אַריין דעם יידן אין אַ חדר־מיוחד און אַנט־שולדיקט זיך. ער האָט גאָרנישט קעגן דעם ייד, מער נישט עס איז מלחמה. דאָס יידנטום איז קעגן יענע. קען ער נישט געבן די האַנט קיין שום יידן. פערזענלעך האָט ער אָבער גאָרנישט קעגן דעם ייד. — די באַפרייונגס־פאַבריק פון די אַרבעטס־לאַגערן אַרבעט שוין. געמישטע קאָמיסיע פון יענע און יידן באַפרייען שוין פאַר אויסקויף־געלט; מען זאָגט. אַז ס'וועלן נויטיק זיין איבער 50 טויזנט יידן. — מען האָט מיט עטלעכע טעג דערקלערט, אַז די איבערזידלונגס־אַקציע וועט ביזן סוף מערץ איבערגעריסן ווערן.

היינט דעם 10־טן איז אָבער אָנגעקומען אַ צוג מיט צוויי טויזנט יידן פון דאַנציג, בידגאָשטש, בכלל פון פּאָמערן. פרייטיק ביינאַכט האָט מען זיי אויפגעוועקט צוויי אַזייגער און געהייסן אין 2 שעה זיך צונויפּפּאַקן. מען האָט זיי דערלויבט מיטצונעמען 20 מאַרק, וועלכע זענען אויף דער גרענעץ אין טשעזו פאַרטוישט געוואָרן אויף אומגילטיקע 40 זל. (אַרויסגעצויגענע פון קורס 20־ער זל.).

עס אַנטשטייען אַ טייל קאַוויאַרניעס, וואָס זענען אַ שותפות פון אַ גרעסערער צאָל משפחות, ווי, צ. ב. „שטוקאַ” (לעשנא 2) עטלעכע צוואַנ־ציק משפחות. — דער שמוגל גייט אין אַ גרויסן טייל דורך די טראַמווייען. בשעתן דורכפאָרן דורכן יידישן קוואַרטאַל שפּרינגען קריסטן אַראָפּ מיט פעקלעך, באַזונדערס אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ. דאָרט צאָלט מען דעם קאָנ־דוקטאָר מיטן פּאָליציאַנט פאַר אַ קורס אַ הונדערט זל. ער פאָרט אַ ביסל פּאַמעלעכער און מען שפּרינגט אַרויס מיט גאַנצע זעק קאַשע אָדער מעל. אויפן בית־עולם גייט אַ ריזיקער שמוגל, אַ גרופּע קריסטן קומט אַריין אין געטאָ און יידן גייען אַרויס. די „באָסאַקעס” זעט מען ווידער אין שטאָט. — אַ גרוס פון לאָדזש. דאָרט איז די אַפּראָוויזאַציע אַ נישקשהדיקע. מען באַ־קומט 400 גראַם ברויט טעגלעך אויף אַ פּערזאָן. דאָרט הערשט אָרדנונג און ריינקייט. אויף יעדן, וואָס קומט פון דאָרט מאַכט וואַרשע אַן איינדרוק פון אַ באַלאַגאַן. דאָרט אַרבעטן אין פאַבריקן מחוץ דעם געטאָ 15 — 16 טויזנט פּערזאָן[83]. אייניקע טויזנט זענען פרייוויליק אַרויסגעפאָרן צו בויען

---

[82]) דייטשישע אַרבעטס־פּלעצער מחוץ דעם געטאָ, וווּ עס פלעגן אַרבעטן יידן, וועלכע מען האָט צוליב דעם אָנגערופן — פּלאַצוווקאַזשעס.

[83]) דעם 24 יאַנואַר 1941 איז אין לאָדזשער געטאָ פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ פּלאַקאַט, אַז מען וועט באַקומען 400 גראַם ברויט.

אין אשכנז וועגן. געהערט פון יידן פון גלאָוונאָ, אַז די פויערים האָבן זיי ממש אויסגעהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער, נישט געווען קיין פאל, אַז אַ ייד זאָל אַרויס אין דאָרף און נישט צוריקקומען מיט אַ זאַק קאַרטאָפל. — אין וואַרשע קומען פאָר אָפט פאַלן פון פאַרקויפן פלעצער און הייזער דורך יידן. די אָפּמאַכן ווערן פאַרשריבן ביי אַדוואָקאַטן, לעצטנס קומט דאָס זעל־טענער פאָר. דאַקעגן פאַרקויפט מען נחלות אין א״י. געהערט וועגן אייניקע אַזעלכע פאַלן. — אין די לעצטע דריי טעג, זייט דעם 7־טן, דעם דער־הרגענען איגאָ סימען[84], לעבט וואַרשע איבער שווערע טעג. ס'זענען איינ־געשפּאַרט געוואָרן 220 פּאָליאַקן. די גרעסטע פּוילישע קינסטלער — סטעמ־פּאָווסקי, יאַראַטש, מאַליצקאַ, פּשיבילקאָ־פּאָטאָצקאַ, פּראָפ. מיכאַלאָוויטש, פּראָפ. ראַדלינסקי, געבעטנער, ספּיס, פּאַקולסקי[85], ריכטער, אַדוואָקאַטן א. א. וו. עס דראָט זיי אַלעמען דער טויט, אויב דער מערדער וועט זיך נישט מעלדן. מען זאָגט, אַז נעכטן האָבן זיך געמאָלדן 44 פּוילישע פרויען. צווישן אַנדערע דערציילט מען, זאָל זיך האָבן געמאָלדן די קינסטלערין בזשעזשינסקאַ בריוולעך און זיך פאַרסמט. מען דערציילט וועגן אַן ענלע־כער געשיכטע אין לוויוויטש, ווו די גאַנצע פּוילישע אינטעליגענץ איז איינ־געשפּאַרט געוואָרן.

10 ,3 ,41

.1941 18 מערץ

מיין ליבער![86]

די צאָל טויטע וואַקסט אין וואַרשע פון טאָג צו טאָג. מיט צוויי וואָכן צוריק איז געשטאָרבן אַ 200 יידן אַ וואָך. די לעצטע וואָך (אָנהויב מערץ) איבער 400. זיי ווערן אַריינגעלייגט אין מאַסן־קברים. איין מת איז אָפּגע־טיילט פון צווייטן מיט אַ ברעטל. דער רוב מתים, געבראַכטע פון שפּיטאָל, ווערן אַריינגעלייגט נאַקעט. אין מיין הויז איז אין איין טאָג געשטאָרבן פון הונגער: אַ פאָטער, אַ מוטער און אַ זון. פינקערט, דער מלך פון מתים, עפנט

---

84) דעם 7 מערץ 1941 איז דער פּוילישער אַקטיאָר איגאָ סים, וועלכער איז געווען פאַרדעכטיקט אין מיטאַרבעטן מיט דער דייטשישער געהיים־פּאָליציי, דער־שאָסן געוואָרן דורך א קאַמפס־גרופּע פון דער פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אונטער דער אָנפירונג פון ראָמאַן ראַזמילאָווסקי (פּסעוודאָ „זאַוואַדאַ"). וואָס איז שפּעטער געווען א מיטגליד פון א. ק. (קאָנספּיראַטיווע לאַנדס־אַרמיי) און איז געפאַלן בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד, אין אויגוסט 1944. תיכף דעם 7 מערץ איז די געסטאַפּאָ צוגעטראָטן צו מאַסן־אַרעסטן צווישן דער פּוילישער אינטעלי־גענץ, בפרט צווישן דער טעאַטער־וועלט.

85) סטעפאַן יאַראַטש (1883—1945), באַוווּסטער פּוילישער שוישפּילער און רעזשיסער, אַן אַסיר פון אוישוויץ; מאַריאַ מאַליצקאַ און פּשיבילקאָ־פּאָטאָצ־קאַ — פּוילישע שוישפּילערינס; פּראָפ. מיכאַלאָוויטש — מעדיצין־פּראָפעסאָר; פּראָפ. ראַדלינסקי — געאָגראַף; געבעטנער — קונסט־קענער; ספּיס — אינדוס־טריעלער; פּאַקולסקי — אינהאַבער פון א גרויסן סחורות־הויז; אַלע פון וואַרשע.

86) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

כסדר נייע פיליעס. ער האָט לעצטנס געעפנט אַ פיליע אויף סמאָטשע, ווו ער דערליידיקט די קבורה מיט „לוקסוס" (ד. ה. מיט באַגלייטער אין ספעציעלע מונדירן) פאַר 12 זל. אַ בילדל: אין אַ יידישן הויף אין אַ באַהאַלטענער דירה ווערט געלערנט. די דירה איז אַ קאָנספּיראַטיווע, מען עפנט נאָר פאַר די, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער ספּעציעלער האַסלאָ[87] (אַן אייגנאַרטיקער קלאַפּ). דאָרט זיצט אַ גרעסערע גרופּע ישיבה־בחורים און אַנדערע און לערנען. איינער קוקט אַריין אין אַן עין־יעקב, אַ צווייטער זאָגט אַ קאַפּיטל תהילים, אַ דריטער קוקט אַריין אין אַ גמרא. — יעדן טאָג אַ העצע אין דער פּוילישער צייטונג [88] קעגן יידן אין שייכות מיט טיפוס. יעדן טאָג איז דאָ אַ לאָזונג, אַז מען דאַרף זיך האַלטן ריין און אויסמיידן יידן, ווייל זיי ברענגען מיט טיפוס, דער עקלהאַפטער פּלאַקאַט וועגן טיפוס און יידן הענגט אויך אין יידישן טראַמוויי. — לעצטנס איז אַ נייע מאָדע ביי פרויען: אַנשטאָט היטן טראָגט מען טיכלעך. מיט איין וואָרט, די מאָדע בליט. דער משוגענער רובינשטיין גייט איבער די גאַסן און שרייט: „אַלע גלייך, — אין געטאָ, אלע גלייך". „עס לאָזן זיך אויס די גבירים — וועט זיין שמאַלץ". דער דאָלאַר איז אין שייכות מיט די קלאַנגען וועגן מאָביליזאַציע אין רוסלאַנד (דער קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט דעם 13 מערץ) געשטיגן מיט 4 פונקטן. — צווישן די משומדים אין געטאָ איז דאָ די באַרימטע אַנטיסעמיטישע, ענדעקישע טוערין און שרייבערין וואַנדאַ ראַבסקאַ[89]. אין דער פּאָליציי דינען אַ הונדערט משומדים אויף עקספּאָנירטע פּאָסטנס. זיי רייסן זיך אויך צו בענקלעך אין די הויז־קאָמיטעטן, באַזונדערס אין פינפטן רעוויר. צווישן די שכנים גייט אַ דיסקוסיע, צי דאַרף מען זיי צולאָזן צו וויכטיקערע אַמטן. אין קלויסטער אויף גזשיבאָוו האָט איינער פון די פּאָליציאַנטן־משומדים אויסגעשריגן: נידער מיט די יידן. מען האָט נישט געקאָנט פעסטשטעלן, ווער דער פאַרשוין איז. דאָס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר זייער חוצפּה. אין די לעצטע טעג פאַרגעקומען אַ גירוש פון פּלאָצק ביי זייער שווערע באַדינגונגען. מען האָט ביינאַכט אויפגעוועקט די יידן און געטריבן ממש נאַקעטערהייט. אַ טייל, וואָס [האָט] זיך נישט צוגעשטעלט, אויפן אָרט דערהרגעט, אַנדערע אויפן וועג. זיי געפינען זיך היינט אין ראַדאָמסק. דעם היינטיקן פּורים האָט מען געפייערט מיט פאַרוויילונגען. מען האָפט אויף אַ נייעם פּורים, וואָס וועט געפייערט ווערן ווי לאַנג יידן וועלן זיין אויף דער ערד. דער נייער פּורים וועט איבערשטייגן אַלע ביז איצטיקע אין דער יידישער געשיכטע. — מען האָט די לעצטע טעג צוגענומען אַלע פערד ביי די יידישע דראָזשקאַזשעס אַזוי, אַז איצט איז נישט

87) פּויליש: לאָזונג, פּאַראָל.

88) „נאָווי קוריער וואַרשאַווסקי" — זע הערה 129, (1940).

89) אַ מאָבמער פון ייִדיש־פּוילישן היסטאָריקער אַלעקסאַנדער קראַוזהאַר. און פרוי פון ענדעקישן שריפטשטעלער ראַבסקי. זי איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1960.

פאַראַן קיין אַנדערע קאָמוניקאַציע אַ חוץ די ראָוועַר־וועגעלעך. דאָס זעלבע זאָל האָבן פאָרגעקומען אין אַרישן טייל. היינט פאַרשפרייט זיך אַ קלאַנג וועגן גרויסע ענדערונגען אין געטאָ. עס וועלן אַרויספאַלן אַ טייל גאַסן פון געטאָ: סיענגא, וויעלקא, פּרוזשנא א. א. און עס וועלן צוקומען: אַ טייל דלוגע, פּושעיאַזד, זאַקראָטשימסקא א. א. אין די לעצטע טעג (אַן ערך דעם 10־טן מערץ) איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט יידן פון דאַנציג, קעניגסבערג, בידגאָשטש. זיי זענען ביינאַכט איפגעוועקט געוואָרן און אין צוויי שעה האָבן זיי זיך געזאָלט איינפּאַקן. זיי האָבן געמעגט מיטנעמען נאָר 10 מאַרק. אויף דער גרענעץ אין טשעוו האָט מען געטוישט די מאַרקן אויף 20 זל., וואָס זענען שוין נישט גילטיק. מען האָט זיי זייער וואַרעם אויפגענומען אין וואַרשע[90]. געשאַפן פאַר זיי אַ גוטן פּונקט (פּראָסטא 14). איינער, אַן אַלטער פּאָסט־באַאַמטער (40 יאָר) האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען וועט יידן נישט צולאָזן צו דער רייכספּאָסט, וווּ ער האָט 40 יאָר געדינט. איין וואַגאָן מיט לעבנסמיטל, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט, איז איפן וועג פאַרפאַלן געוואָרן. אין די לעצטע טעג שפּרינגען שטאַרק די פּרייזן פון פּראָדוקטן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מעשה איגאָ סים[91] איז געוועזן געשלאָסן דער צוטריט צום געטאָ פאַר אַריער אין די פּרייזן פון ברויט און אַנדערע אַרטיקלען זענען געשטיגן. דער שמוגל קומט לעצטנס פאָר אויף פאָלגנדן אופן: קרישטאָלענע יינגלעך שפּרינגען פון די טראַמווייען מיט פּעקלעך קאַרטאָפל, מעל. זיי פליען אַריין פלינק אין אַ טויער, אַנטלויפנדיק אַן אָפּאַסקע און גייען אַרויס אין גאַס. מאַקסימיליאַן, דער דייטשער קיסר האָט געהאַלטן, אַז יידן זענען הינער, וואָס לייגן גאָלדענע אייער, דעריבער דאַרף מען זיי גוט היטן און איינזעצן אין תּפיסה, כדי זיי זאָלן נישט אַנטלויפן. די חוצפּה פון אַ טייל קהלה־באַאַמטע, לאַפּוווקע־נעמער דערגרייכט דערצו, אַז אַ פּאָסט באַאַמטער, וויסנדיק, אַז אַ יידן[ישע] משפּחה באַקומט אַ סך פּעקלעך, איז ער מיט זיין פרוי געקומען און פאַרלאַנגט, מען זאָל אים פאַרקויפן פּראָדוקטן צו ביליקע פּרייזן. דאָס אונטערוואַרפן קינדער אין די לאָקאַלן פון די אינסטיטוציעס, יידישע פּאָליציי קאָמיסאַריאַטן אַ מאַסנהאַפטע דערשיינונג, ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס גרינדן די קינדער־היים פאַר קינדער־בעטלער, ווו ס׳געפינען זיך 100 קינדער. די בעטלעריי פון קינדער דויערט וויטער און האָט זיך נישט פאַרקלענערט. לעצטנס אַ נייער פּזמון פון די בעטלערס: „עס פעלט אים צען גראָשן צום נאַכטלעגער, אויפן גאַס קאָן מען נישט שלאָפן”. נאָך דער ידיעה וועגן גירוש פון לובלין[92] (15 טויזנט יידן באַזייטיקט) האָט די יידישע באַפעלקערונג אין וואַרשע באַהערשט אַ שטאַרקע בהלה שטימונג. קראָקע, לובלין, ראַדאָם — יעצט די ריי אויף

90) די יידן האָבן זיי וואַרעם אויפגענומען.
91) זע הערה 84.
92) פאַרן שאַפן אַ געטאָ אין לובלין האָט מען פון דאָרטן אויסגעזידלט 15 טויזנט יידן אין פאַרשיידענע שטעטלעך פון לובלינער דיסטריקט.

וואַרשע, מע דאַרף גרייטן די פּלעצאַקעס. די לובלינער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פּאָוויאַט: רעיאָוויעץ, בעלזשיץ, פּאַרטשעוו. דער רוב אַרויסגע־שיקטע פרויען, ווייל מענער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. האָט מען אין די גאַסן געכאַפּט פרויען און זיי אַרויסגעשיקט. לעצטנס פאַרקויפט מען אין די גאַסן בינדעס מיט דער אויפשריפט „אָרדנונגסדינסט" פאַר קינדער. מיט איין וואָרט — די פּאָליציי איז אין דער מאָדע. „יינגל האַלט אויס, די הילף קומט" — אַ פאָלקס־לידל, האָט גרויס דערפאָלג. אַ טייל משומדים וווינט אין דעם פּאַראַפיע־הויף פון „אַלע הייליקע", לעבן דער גזשיבאָוו קירך[93] די משומדים ווילן נישט קענען יידן. זיי באַקומען הילף ביי דער קאַטויליי־שער געזעלשאַפט קאַריטאַס.

די ליטעראַרישע פּראָדוקציע קעגן דער קהלה וואַקסט. פּאָפּולער דאָס ליד וועגן די ברידער ליכטענבוים, וואָס הערשן אין דער קהלה צוזאַמען מיט זייער פאָטער. דאָס ליד איז לויט טווימס אַ ליד. — די דאַנציגער פּליטים אין וואַרשע גלויבן, אַז אַזוי ווי דער פירער האָט דערקלערט, אַז די מלחמה וועט זיך נאָך היי־יאָר ענדיקן, וועלן זיי זיך אומקערן אין דער היימאַט. דער הונגער איז אַזוי גרויס, אַז אָרעמעלייט כאַפּן אַרויס ברויט פון די אָרעמע ברויט־פאַרקויפערס. גלייך ווערט דאָס ברויט צעריסן אויף צוויי טיילן און איינגעביסן. אַזאַ ברויט קאָן מען שוין ווייטער נישט פאַרקויפן. — דאָס געריכט — איז דער טרעף־פּונקט פון יידן מיט קריסטן[94]. אויב אַ ייד האָט אַן ענין אין געריכט, רופט ער אַרויס טעלעפאָניש אַן אַדוואָ־קאַט און רעדט זיך מיט אים דורך וועגן דעם ענין. דאָרט טרעפט זיך דער פּראָפעסאָר מיט זיינע אַסיסטענטקעס[95]. — אין אָנהויב מערץ די ידיעה וועגן אויסטיילן גזשיבאָוו מיט פּרוזשנע. די סיבה: אַ גרויסע פירמע פון אַלטאייזן, סוויעצאַ, האָט אַ מאַגאַזין. עס דאַרף לאַנג דויערן, ביז זי וועט איבערפירן דעם לאַגער אויף יענער זייט. לויטן פאָרשלאַג פון סוויעצאַ האָט די קאָמיסאַר זיך באַמיט וועגן אויסטיילן גזשיבאָוו פון געטאָ. די טרעגער צעשלאָגן דערפאַר סוויעצאַ. ביי די דאַנציגער זאָל מען האָבן צוגענומען אַ האַלבן מיליאָן מאַרק. קלאַנגען וועגן אָנקומען פון יידן פון דרויסן: ווין, בעלגיע און האָלאַנד. „טשאָלנט" איז לעצטנס זייער פּאָפּולער געוואָרן אין

---

93) אין וואַרשעווער געטאָ זענען געווען פאַר משומדים צוויי קירכעס: איינע אויפן גזשיבאָווער פּלאַץ א. נ. „ווסיסטקיך שווענטיך" (פון אַלע הייליקע), א צווייטע אויף לעשנאָ־גאַס א. נ. „נאַיסווענטשעי פּאַני מאַריי" (פון דער הייליקסטער מאַריע).

94) דער גרויסער געריכט־בנין אויף לעשנאָ 56 איז געווען א טרעף־פונקט פון פּאָליאַקן און יידן. פּאָליאַקן האָבן געהאַט אַהין אַן אַרייַנגאַנג פון דער „אַרי־שער" זייט דורך דער ביאַלער גאַס, די יידן — פון דער אַקעגנדיקער זייט פון לעשנאָ־גאַס.

95) פּראָפ. טאַדעוש קאָטאַרבינסקי, באַוווסטער לאָגיסט און פילאָזאָף. געוו. קוראַטאָר פון דעם יידישן סטודענטן־פאַרבאַנד „וזאַיעמנאַ פּאָמאָץ" (קעגנזייטיקע הילף) אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, איצט פּרעזידענט פון דער פּוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

געטאָ; אַפּילו אַ פּראָלעטאַרישער טשאָלנט. עס ווערן געשטעלט צענדליקער טויזנטער טשאָלנטער. די צאָל גנבים וואַקסט. לעצטנס געטראָפן גנבות און נישט געקאָנט ביי די גנבישע פאַריינען צוריקקויפן די זאַכן. די סיבה: די נייע גנבים זענען נאָך נישט אָרגאַניזירט אין די פאַריינען. עס מערן זיך קאָמבינאַטאָרן, וואָס באַגנבענען דירות אויף אַ קונציקן אופן. אין דער פּאָליציי איז לעצטנס אַזאַ מנהג: דאָס שוחד־געלט ווערט יעדע וואָך געטיילט דורכן פּלוטאָן[96]. עס ווייזט זיך אָבער [אַרויס], אַז דאָס בחפּזון געכאַפּטע געלט, איז פאַלש. אין איין פּלוטאָן איז אויסגעפאַלן צו 80 זל אויף אַ פּערזאָן. עס האַלט ביים אָפּקויפן אַ ניין קריסטלעכע אַפּטייקן[97]. יידן וועלן צונויפזאַמלען אַ קאַפּיטאַל פון 300 טויזנט זל. און פאַר דעם געלט אָפּקויפן זיי. לעצטנס אָנגעקומען 4 טראַנספּאָרטן מיט ווינער קיין קעלץ, צוזאַמען 6.500 מענטשן. זיי קומען מיט עלעגאַנטע וואַליזעס אין ספּעציעלע וואַגאָנען. אויף יאַגעלאָנסקע אַ גרויסער לאַגער מיט סחורה, ווו געאַרבעט 300 יידישע אַרבעטער. דער טעגלעכער פאַרדינסט 4,80, לעצטנס ווערט זיי אויסגעצאָלט מיט 15 פּראָצענט ווייניקער, ווייל 10 פּראָצענט נעמט די טראַנספערשטעלע, דער רעשט אַלגעמיינער אָפּצאָל פון אַרבעטער. לעצטנס געווען אַ גנבה, ווערט יעדן אַרבעטער אַראָפּגערעכנט 1 זל. אַ טאָג פון פאַרדינסט, לעצטנס געאַרבעט ביים אויסגראָבן די קאָפּצעס פון קאַרטאָפל. זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע פערמענטירן. געווען צו וואַרעם אין די קאָפּצעס, ווייל געמאַכט זיי צו וואַרעם: געגראָבן טיף אין דער ערד, אַריבערגעלייגט אַ פּאָר שיכטן קאַרטאָפל מיט ערד און שטרוי — לויט כללים פון וויסנשאַפט, אָבער נישט צוגעפּאַסט צום פּוילישן ווינטער, וואָס געווען דאָס יאָר מילד. די שכירות באַקומען זיי אין דער קהלה דורך די טראַנספערשטעלע.

נעכטן דעם 17 מערץ געזען אַ בילדל: צוליב אַ חטא (מסתמא שמוגל) האָבן איניקע קינדער צו 7 — 8 יאָר און אַ קריסטלעכע פרוי געמוזט איבער אַ שעה מאַכן גימנאַסטיק, (כסדר זיך בייגן אין דער ערד). די פּוילישע און יידישע שומרים אַריינגענומען שפּעטער די קינדער מיט דער פרוי אין אַ קאַפּע און זיי אָנגעקאָרמעט. איין קינד זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. דאָס בילד פון קינדער, וואָס בוקן זיך כסדר צו דער ערד און דאָס געשריי פון די שומרים איז נישט צו פאַרגעסן. די משומדים פירן זיך אויף עקלהאַפּט. איינער ד״ר שעניצער בייזערט זיך אין שפּיטאָל אויף די פאַרשיווע יידן. מען זאָגט, אַז ד״ר ווערטהיים, דער באַקאַנטער כירורג, האָט זיך געווענדעט צו דער מאַכט, אַז ער איז געשמדט נישט 20 נאָר 30 יאָר און זיין

96) דאָס געלט פלעגט גיין אין אַ בשותפותדיקער קאַסע („פּולע“) און דערנאָך לויט א שליסל געטיילט ווערן צווישן די מיטגלידער פונעם פּאָליציי־פּלוטאָן, נישט אויסמיידנדיק דעם קאָמענדאַנט פונעם פּלוטאָן. מיטן געלט, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן ביי די יידן, האָבן זיך אָפט געטיילט דריי שותפים: דער דייטשישער, פּוילישער און יידישער פּאָליציי־מאַן.

97) דער יודענראַט אין וואַרשעווער געטאָ האָט איבערגענומען 13 אַפּטייקן, וועלכע ער האָט פאַרדונגען צו פּריוואַטע אונטערנעמער.

באַציונג צו יידן איז נישט קיין ליבעראַלע נאָר אַ פֿיינטלעכע און ער איז געוואָרן אָרדינאַטאָר אין יידישן שפּיטאָל. זייט מאָרגן וועלן די טראַנזיט־טראַמווייען גיין נישט דורך לעשנאָ, נאָר דורך כלאָדנאַ, כדי אויסצומיידן דעם שמוגל. די שאָפּן פֿון שניידער, היטלמאַכער זענען דערווייל נישט טעטיק. די בעל־מלאכות האָבן אויסגעבראַכט אַ סך געלט אויף דער איינאָרדנונג פֿון די שאָפּעס, אָבער דערווייל אָן רעזולטאַטן[98]. דער רוב מאַשינען פֿון יידישע פֿאַבריקן און בעל־מלאכות זענען דעמאָנטירט און באַהאַלטן. כמעט יעדן טאָג זע איך אַ צוויי דריי מענטשן פֿאַלן אויפֿן גאַס פֿון הונגער. די איינוווינער פֿון פּרוזשנאַ האָבן שוין באַקומען באַפֿעלן צו פֿאַרלאָזן די דירות ביז סוף מערץ. מען ליידיקט ווייטער אויס יידישע דירות פֿון מעבל. דאָס אויסערלעכע אויסזען פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג זייער אַ טרויעריקעס. מען זעט אויף טריט און שריט מענטשן אָן מלבושים, אין צעריסענע פּאַלטנס אָדער פּאַלטנס פֿאַרשפּיליעטע מיט אַ פֿאַרזיכערונגס־נאָדל, כדי צו פֿאַרדעקן, אַז מען טראָגט נישט קיין העמד. די פֿראַגע פֿון מלבושים ווערט פּשוט אַ טראַגישע. יידן גייען אַרום פּשוט נאַקעט. לעצטנס שותּפֿותן פֿון בעטלער: איינער ליגט אויף דער ערד, אַ פֿאַרחלשטער אָדער אַן אָפּגעריסענער, און אַ צווייטער רופֿט דעם עולם, מען זאָל רחמנות האָבן אויף דעם ליגנדן.

23 מערץ 1941.

די יידישע קהילה אין וואַרשע איז אויסער אַ סך אַנדערע „מעלות" אַ נעסט פֿון עקלהאַפֿטער אַסימילאַציע. 95 פּראָצענט באַאַמטע רעדן מיט די פּעטענטן פּויליש אַפֿילו ווען זיי פֿאַרשטייען עס נישט. היינט דעם 23־טן מערץ געווען אַ באַזוך פֿון דער מאַקדאָנאַלד הילף קאָמיסיע[99], האָבן די יידישע באַאַמטע פֿון דער קהילה נישט געקאָנט אָנגעבן וויפֿל אותיות זענען דאָ אין יידישן אלף־בית. און די, וואָס האָבן יאָ אָנגעגעבן ציפֿערן, האָבן אָנגעגעבן פֿאַלש (24)[100]. די באַגלייטער פֿון מאַקדאָנאַלדן האָבן זיך נישט געקענט אָנחידושן, אַז באַאַמטע פֿון אַ יידישער אינסטיטוציע פֿאַרשטייען נישט יידיש. אין שייכות דערמיט איז אינטערעסאַנט דער אינצידענט צווישן מיר און אברהם זקן סוחר[101], וואָס האָט מיר פֿאָרגעוואָרפֿן דעם מאַנגל אין פּאַטריאָטיזם און נישט לאָיאַלקייט לגבי פּוילן. אַסימילאַטאָר בלייבט אַסימילאַטאָר. היינט געהערט פֿון אַ זיכערע קוועלע, אַז עס זענען פֿאַרבאַרייט פּראָיעקטן פֿון גי־

---

98) די שאָפּן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָנהייב יאַנואַר 1941.

99) דער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט דזשיימס מאַקדאָנאַלד איז געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דער קאָמיסיע פֿון הילף פֿאַר פּליטים ביים פֿעלקער־בונד. אין די יאָרן 1948 — 1951 איז ער געווען אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מדינת ישראל.

100) דער יידישער אלף־בית האָט 22 גרונט־אותיות.

101) העברעיש: אברהם דער אַלטער סוחר, וואַרשעווער אברהם געפּנער.

רוש וואַרשע און די פּאָוויאַטאָווע שטעט פון כעלם, לובלין און אנדערע נאָענט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. די גירושים זאָלן פאָרקומען לויט גאַסן. די ערשטע לעשנאָ, אָדער לויט פּאכן (אינטעליגענץ און סוחרים). די בעלי־מלאכות דאַרפן פאַרבלייבן — דאָס איז דערוויילע בלויז פּראָיעקטן. אינטערעסאנט אין צוזאמענהאנג מיט מאקדאָנאלדס באזוך אין געטאָ האָט מען באַזייטיקט די בעטלער, גאַסן־הענדלער א. א. פון די גאַסן. מען האָט ענערגיש גערייניקט די גאסן דורך וועלכע עס דארף אדורכפאָרן די דעלעגאַציע. אויף דער גאַס שפּילן זיך אָפּ טרויעריקע אָבער באַמערקונגסווערטע סצענעס. אויף לעשנאָ ליגט אויף דער גאַס אַ טאַטע (שטאַרק פאַרוואַקסן מיט האָר) מיט דריי קינדער אַרום אים, וואָס מאַכט אַ מוראדיקע לארם. אויף אַן אַנדערן אָרט ליגט אַ קינד מיטן קעפּל צו דער ערד. מיט איין וואָרט: יעדער בעטלער אן אנדערע פּאָזע, דער רוב „שפּילן" גוט קינסטלער. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז מענטשן זענען געוואָרן פאַרהאַרטעוועט אין גיבן ווייניק. לעצטנס ווערן אונטערגעוואָרפן קראַנקע אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, דער רוב קאָמיסאַריאַטן, וועלכע שיקן זיי איבער אין שפּיטאָל, וועלכער שיקט זיי צוריק אין די קאָמיסאַריאַטן. אין רעזולטאַט בלייבן די מענטשן ליגן אויף די טרעפּ פון די קאָמיסאַריאַטן. אַ טייל יידישע דראָזשקאַזשעס האָבן פאַר דער מוסטערונג פון די פערד באַהאַלטן די גוטע פערד, געקויפט פּגרים און געשיקט זיי צו דער מוסטערונג. צום יידישן טראַמוויי, דעם מגן־דוד און אנדערע אָפּצייכענונגען פון יידישקייט קומט צו שבת־רו אין די יידישע אַנשטאַלטן. עס האַלט דערביי, אַז שבת זאָל איינגעפירט ווערן שבת־רו אין די יידישע אונטערנעמונגען ווי אין תל־אביב. מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן יענע געטיילט ברויט, פּאַפּיראָסן, פון לאַסט־אויטאָס; נאַטירלעך, אַז דאָס אַלץ האָט מען פאָטאָגראַפירט. דער פּרייז פון ברויט איז געשטיגן פון 50 גראָשן אויף 60 גראָשן, צוליב די 15% טראַנספּער, וואָס קומען פון דער טראַנזאַקציע. קאַרטאָפל באַקומט מען נישט אויף קיין קאַרטן. דעריבער איז דער פּרייז דאָרט 90 גר. דאָ[102] 1.40 זל. די גענשע גאַס איז צוליב טיפוס־פאַלן אָפּגעשלאָסן געוואָרן פאַר די דורכגייער. אין קראָקע האָבן אַלע פּוילישע פאַרטייען אָנהויבנדיק פון פּ. פּ. ס. ביז אָ. נ. ר. באַשטייערט זיך לטובת יידישע איבערזידלער[103]. די חברה פון לעשנאָ 13 באַקוקט קעלערן אין דאָרט וווּ מען טרעפט שמוגלער הייסט מען זיך באַצאָלן. אין איין פאַל האָבן זיי גענומען עטלעכע טויזנט זל. די אומלעגאַלע פּוילישע פּרעסע, האָט אויפגעפּאָדערט די פּאָליאַקן נישט אָננעמען די פונקציעס פון שוץ־לאַגעריסטן (איבער די יידישע לאַגערן), גלייכצייטיק איז אויסגעדריקט געוואָרן די גרעסטע אָנערקענונג פאַר די שמוגלער, וועלכע ווערן דערקלערט אַלס העלדן, ווייל זיי נעמען צו ביים שונא די לעבנס־מיטל. אויך איז פאַרבאָטן געוואָרן יעדער מין אַנטיסעמיטיזם, אַלס באַשלוס פון דער

102) דאָרט — „ארישע" זייט, דאָ — געטאָ.

103) די דאָזיקע ווערסיע באַשטעטיקט זיך נישט פולשטענדיק.

פּוילישער רעגירונג. לעצטע וואָך פאַרגעקומען אייניקע טויט־פאַלן פון יוגנטלעכע בשעתן שמוגל: אויפן בית־עולם און אויף ראָג גזשיבאָווסקאַ־זשעלאַזנאַ, וווּ באנדעס שמוגלערס, דער רוב פרויען און יוגנטלעכע וואַרטן אויף אַ שמייכל פון דעם וואַרטאָווניק[104], כדי צו קענען אַריבער אויף יענער זייט און עפּעס איינקויפן. עס טרעפן פאַלן, ווען די וועכטער ווענדן זיך צו די יידישע שומרים[105] אַדורכצולאָזן אויף יענער זייט די שמוגלערס איינצו־קויפן זיך לעבנס מיטל. דער שמוגל גייט דורך חרובע הייזער, דורך די לע־כער אין די מויערן דורך וועלכע עס דאַרף אַדורכגייך דאָס וואַסער כדי נישט אונטערצושווענקען די מויערן. די אָרטאָדאָקסיע צופרידן מיטן געטאָ. זי האַלט (דער רב פון שמואל זביטקאָווערס אַ קינד)[106], אַז אַזוי דאַרף זיין. יידן צווישן זיך. מער נישט, זי[107] איז נישט צופרידן פון די באַגלייט־דער־שיינונגען פון דעם געטאָ. דאָס פעלן פון קידוש השם, פאַלן פון צערייסן ספר־תורות דורך פרומע יידן און ענלעכע סצענעס און נישט איינגעשטעלט דאָס לעבן דורך אַנטקעגנשטעלן זיך. קידוש השם היינט סובלימירט אין דער שטרעבונג אויפצוהאַלטן די יידישע באַפעלקערונג. געהערט פון אַ נישט זיכערע קוועלע וועגן מאכט־פאַרטיילן אויף די פיר גדולי־הדור: אדאם[108], הענדל[109], שערינסקי[110], שטערנפעלד[111] צולים די באַציונגען מיט די גאַ־לעען. דער אורטייל זאָל האָבן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם קאָמוני־קאַט פון פּ. אָ. וו.[112] דער אורטייל זאָל זיין א דעמאָנסטראַציע. לעצטנס פאַר־

---

104) פּויליש: וואכמאַן.

105) אין דעם פאַל — שומרים: די יידישע פּאָליציי (די א. ג. אָרדנונגס=דינסט).

106) וואַרשעווער גערעבענער דעם וואַרשעווער רב חיים פאַזנער, דעם זון פון שמואל=בער.

107) די אָרטאָדאָקסיע.

108) טשערניאַקאָוו.

109) מאַריאַן הענדעל, געשטאַמט פון לוואָוו, שטעלפאַרטרעטער פון דעם קאָמענדאַנט פון דער אָרדנונגס=דינסט שערינסקי. לעבט אין דרום=אַמעריקע.

110) יוזעף=אַנדזשעי שערינסקי — א משומד, דער פריערדיקער ייִדישער פאַמיליע=נאָמען: שענקמאַן. געווען פאַר דער מלחמה אַ פּולקאָווניק אין דער פּוילישער מלוכה=פּאָליציי, געאַרבעט אין דער הויפּט=קאָמענדאַטור און זינט 1936 טשערטרעטער פון קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי אין לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. אין געטאָ: קאָמענדאַנט פון דער אָרדנונגס=דינסט. לויט אן אורטייל פון דער יוד. קאַמפּס=אָרגאַניזאַציע פאַרמישפּט צום טויט. דעם אורטייל האָט אויסגעפירט

דער קעמפער ישראל קאַנאַל דעם 25 אויגוסט 1942. שערינסקי איז דאַן פאַר=וווּנדעט געוואָרן. אין יאַנואַר 1943 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

111) דוד שטערנפעלד — א געסטאַפּאָ=אַגענט, א מיטאַרבעטער פון גאַנצווייכס 13=טל.

112) פּ.אָ.וו. — פּאָלסקאַ אָרגאַניזאַציאַ וואָיסקאָוואַ (פּויליש: פּוילישע מילי=טערישע אָרגאַניזאַציע), דאָ געמיינט וואַרשעווער די פּוילישע אונטערערדישע מיליטערישע פאָרמאַציע ק. ב. (קאָרפּוס בעזפּיעטשענסטוואַ, זיכערקייט=קאָרפּוס), וואָס איז געווען א טייל פון א. ק., געשטאַנען נאָענט צו גענ. שיקאָרסקי און גע=

שטאַרקט זיך די „מגפה" פון מסירות. לעש 13 האָט פשוט אויפגעלעבט און געעפנט דעם קאַנאַל פון בייזע אינסטינקטן. לעש 13 האָט פשוט רע־האַביליטירט און מעגלעך געמאַכט אַזעלכע טענדענצן. לעצנטס די קראָם פון „באַקאַנטן געמסרט ר. 311 געקומען גלייך און ארויסגענומען פאַרשיי־דענע זאכן פון דער באהעלטעניש. דער פאַרך[114] שיקט זיינע קאָמיסאַרן שטאט דער גמינע אָבער נישט אָנגעשטראַשעט[115].

מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מעלדונג וועגן דער מוסטערונג פאַר די אַרבעטס־לאַגערן פון 18 ביז 60 יאָר. אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרודערונג צווישן דער באַפעלקערונג. דער באַרימטער סאַק־סענהויז איז איינגעשיבנט געוואָרן. לעש 13 באַלעבאַטעוועט לעצטנס. עס מערן זיך דראָונגען וועגן אויספרעסונגען פון רייכע יידן, עס קומען יידישע מעקלערס וואָס וואָרענען, אַז אויב מען וועט נישט באַצאָלן כך וכך וועט מען איינישבנען. דער אינטערעס פאַר יידישער קולטור וואַקסט. אויף די אימפּרעזעס פאַרנעמט יידיש אלץ אַן אָנגעזעענעם אָרט. די רבנים זיינען מודה, אַז לעצטנס איז שטאַרק געפאַלן דאָס כשרות. עס איז שווער אָפּצו־היטן בשעת היינטיקע באַדינגונגען. אַ חוץ דעם איז שפעק ביליגער ווי כשר פלייש. דער משוגענער רובינשטיין פון לאָדזש גייט ארום אין די גאַסן מיט אַ נייעם רעפּערטואַר: „איך דאַרף נישט יענע וועלט, איך דאַרף נישט די וועלט, איך דאַרף די רוזוועלט". (נאָך רוזוועלטס באַרימטע רעדע)[116]. ער פאַרלאַנגט באַנעס פון די מתים וועלכע מען פירט איבער אויף ראַווע־רישע וועגלעך (די בייסטע ערפינדונג פון קעניג פון די מתים — פינקערט)[117] די יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס באַקומען נישט קיין פּענסיעס, פאַרפולן די עלעגאַנטסטע לאָקאַלן מיט שיינע פרויען. אויף אַלע אימפּרעזן זיינען זיי די טאָן־געבער. זייערע עלעגאַנטע גלאַנציגדיקע אָפיציר־שטיוול

---

האָט אַן אָפּטיילונג אין געטאָ, וועלכע האָט פאַרפאָלגט געסטאַפּאָ־אַגענטן און מוסרים.

113) וואַרשעווער געמיינט אברהם יעקב רעשאל, אַן אַדוואָקאַט, דעם שעף פון דעם אויספאָרשונגס־קאָמערל ביים „דרייצנטל".

114) געמיינט גאַנצוויכן.

115) דער יודענראַט האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשרעקן דורך גאַנצוויכן, וועלכער האָט אונטער אים געגראָבן אין אַנטשפּרעכיקע דייטשישע פּאָליציייִשע אַמטן.

116) אין מערץ 1941 איז דער פרעזידענט פון פשא פראַנקלין רוזוועלט (1882—1945) אַרויסגעטראָטן אויפן אַמעריקאַנער קאָנגרעס מיטן פּראָיעקט פון „לענד־ליז" — צו געבן אַלס אויסליי אָדער אין אַרענדע געווער, אַמוניציע, סטראַטעגישן רוישטאָף, שפּייז און אַנדערע מאַטעריאַלן צו די לענדער, וואָס נעמען אַנטייל אין דער מלחמה קעגן היטלער־דייטשלאַנד, דאָס איז געווען דער ערשטער פּראַקטישער שריט פון אַמעריקע אין דער מלחמה קעגן היטלער־דייטש־לאַנד. אָפיציעל איז פשא אַריין אין דער מלחמה אין דעצעמבער 1941.

117) מאָטל פינקערט, דער לייטער פון דער לויה־געזעלשאַפט „חסד של אמת". מען האָט אים גערופן: קעניג פון די מתים.

אימפּאָנירן ווייזט אויס די פּרייען. די פראגע פון מצות אַבסאָרבירט די יידישע עפנטלעכקייט. דאָס אריינברענגען פון די שכנותדיקע שטעטלעך הייאָר אוממעגלעך. אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייטונג דאָס באַזאָרגן די אָרעמע באַפעלקערונג מיט שפייז אויף יום־טוב. די נאָטיץ אין דער אונטערערדישער פּרעסע וועגן דעם העלדנטום פון שמוגל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער העצע פון דעם קוריער ווארש[אַווסקי] וועגן די שמוגלערס אַלס שבת־גויים. פאַריאָרן האָט דער אוזשאַנט האַנדלאָווי [118] נישט מסכים געווען אויסצושליסן די יידן פון דער קאַמער.

מערץ 1940

דער באַקאַנטער באַזיצער פון איינער פון די גרעסטע העבראַיקאַ־ביבליאָטעקן רייטנעמער[119] איז די טעג געשטאָרבן. די סיבה איז געווען: די בענקשאַפט נאָך זיין ביבליאָטעק, וועלכע איז געבליבן אויף יענער זייט אין צוויי גרויסע צימערן. דאָס פאָרען זיך אַרום די ספרים איז געווען זיין לעבנס־אינהאַלט. לעצטנס ווען צוליבן שאַפן דאָס געטאָ האָט דאָס אויפגעהערט, האָט ער זיך אַרומגעדרייט איינער אַליין אין דער דירה און פאַר בענקשאַפט געשטאָרבן.

לעצטנס (מיט מערץ) האָט די קהלה (געזונטהייטס־אָפּטיילונג) איינגעאָרדנט א פאָרלעזונג פון דר. הירשפעלד פאַר דאָקטוירים. א גרויסער טייל פארזאמלטע האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, ווייל פּראָפ. הירשפעלד איז געווען באַקאַנט דערפון, אַז ער האָט דעם אינסטיטוט פון היגיענע געמאַכט יידן־ריין. ער האָט געפירט אַן אויסגעשפּראָכן אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. דאָס מינדערוועָרטיקייטס־געפיל פון א ד״ר מילייקאָווסקי [120] איז, ווייזט אויס, זייער א שטאַרקס. די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ פון דער קהלה מיט די באַזונדערע אַמטן קומט פאַר דורך דער פאַרמיטלונג פון דער טראַנספערשטעלע, דורך וועלכער די יידן קענען אַנטהאַלטן איינציק און אַליין די פאַרבינדונג מיט דער אומוועלט. זונטיק איז פאָרגעקומען א באַזוך פון א 40 מאַן פון דער טראַנספערשטעלע אין דער קהלה. ווען מען האָט זיי געוויזן די האַנטווערקער־שול, האָבן זיי געפרעגט, צי די יידן אַרבעטן בלויז היינט אָדער שטענדיק. צום סוף האָבן זיי דערקלערט, אַז דאָס אַרבעטן פון די יידן איז זייער פאַרדינסט. — גראָכוו [121] איז ווי אַן אינדזל אַרום וואַרשע, ווו 19

118) פּויליש: האַנדלס־אַמט.

119) עס קאָן זיין, אַז דאָס איז א טעותדיקע פאַרדרייונג פונעם נאָמען גוטנייער, אַ ברייט באַקאַנטער רייכער יידישער אַנטיקוואַר און בוקיניסט, וועלכער איז געווען אין געטאָ. פון אַנדערע באַזיצער פון רייכע יודאיקא־ביבליאָטעקן און יידישע אַנטיקן אין וואַרשע, איז כדאי אויסצורעכענען סטאַניסלאַוו זאַגאַיסקי און בנימין מינץ.

120) ד״ר ישראל מיליקאָווסקי, מיטגליד פון וואַרשעווער יודענראַט און לייטער פון געזונט־אָפּטייל.

121) אין גראָכוו, ביי וואַרשע, איז פון פאַר דער מלחמה געווען אַ חלוציש פערמע.

חלוצים האלטן זיך אויף. עס איז געווען לכתחילה א פראיעקט ארומצובייען גראכאוו מיט א מויער, אבער צוליב די אוממעגלעכע קאסטן האט מען פון דעם פראיעקט געמוזט רעזיגנירן. אין דעם דארף טשערניאקאוו [122] וועלן אויך זיין באשעפטיקט א 50 חלוצים. פאראיארן האבן זיי אויך געארבעט ביי אים. די פוילישע אומלע[גאלע] אויסגאבע „זא נאשאן אי וואשאן וואלנאשטש" [123] טרעט שארף ארויס קעגן דעם פראיעקט צו באשעפטיקן 5.000 ייד[ישע] יוגנטלעכע אויף לאנדווירטשאפט פויווערק, זיי האלטן, אז דאס איז א מיטארבעט מיטן שונא. אין לאדזש האט זיך די יידישע באפעלקערונג אין משך פון די לעצטע 10 חדשים פארקלענערט מיט 23 טויזנט, וועלכע זענען אויסגעשטארבן פאר דער צייט. — אין די קוישן באווייזן זיך לעצטנס ערנסטע ליטעראטור אין יידיש, עס ווייזט אויס, אז דאס איז א געשעפט, ווייל ארום די קוישן איז א גרויסע באוועגונג אין די פרייזן פון ביכער האבן זיך געהויבן.

א גאנצע ריי ארנטלעכע מענטשן פון יענע, וואס האבן פארנומען וויכטיקע שטעלעס, האבן פארלאזן ווארשע, זיי קענען נישט פארטראגן דאס אלץ וואס געשעט מיט די יידן דערהרגעט געווארן ביי א ייד[ישער] פאמיליע דורך א קלאפ מיט אן אייזן אין קאפ דער 17־יעריקער זון פון האכמאן. די מוטער באזוכט יעדן טאג דעם קבר דער פאטער האט זיין גאנץ לעבן אריינגעלייגט אין הילף פאר ארעמע. ער איז געווארן דער מאנער פון רייכע. ער האט ארגאניזירט אן ערנאמטלעכע באיוווקע, וואס בלאקירן די דירה ביז וואנען די סומע ווערט נישט איינגעצאלט. ער זעצט אריין פליטים אין דירות וכדומה. די שענסטע פארקערפערונג פון דעם גערעכטן צארן קעגן די רייכע, וואס דערפילן נישט זייערע פליכטן לגבי די ארעמע. איינע פון די גרעסטע קולטור־פארלוסטן פון פוי[לישן] יידנטום איז די פארניכטונג פון דער שול אין פינטשעוו — א שול געבויט אין רענעסאנס־סטיל, אפשר די איינציקע אין פוילן. דאס דייטשע יידנטום האט אין יאר 1938 פארלוירן די עלטסטע שול — די ווארמסער, געבויט אויף ראמאנישע יסודות מיט א גאטישן איבערבוי [124].

איינער פון די גרעסטע לאפאוניקעס פון דער ייד[ישער] קהלה קופטשיקער [125], הייסט אין פאלקס־מויל קופצוקער [126], דער נאמען נעמט זיך

---

[122]) אין טשערניאקאוו, ביי ווארשע, איז געווען א חלוצישע פערמע.

[123]) „זא נאשאן אי וואשאן וואלנאשטש" (פויליש: פאר אונדזער און אייער פרייהייט) — אומלעגאלע צייטשריפט פון „בונד" אין ווארשעווער געטא.

[124]) די דאזיקע שול איז צוזאמען מיט נאך א סך אנדערע שולן פארברענט געווארן דורך די נאציס אין דער „קריסטאל־נאכט" (8—9 נאוועמבער 1938)

[125]) לעאפאלד קופטשיקער, פאבריקאנט פון שאקאלאד און צוקערלעך, טוער פון יידישן האנטווערקער־פאריין, מיטגלידער פון יודענראט.

[126]) ווערטער־שפיל: קופצוקער באטייט אין פויליש — קויף צוקער, און געגעבענעם פאר — גנבן צוקער

דערפון, וואָס ער באַקומט פון יעדער צוקערצוטיילונג — א גרויסן טייל פאר זיין פאַבריק פון צוקערלעך. סאַסקעניהויז [127] איז פאַרהאַפטעט געוואָרן און זאָל זיך געפינען אין אַשוויענטשים.

דאָס זעלבע מיט איינעם פון די גרעסטע אויסוואורפן אין דער פאָליציי־ ערליך [128], דעם אָבוואָדאָווי [129] אין דער געגנט פון בית־עולם. ער פלעגט יעדן טאָג צונעמען פאַר זיך אַלץ וואָס איז דאָרט צוגענומען געוואָרן ביי די שמוגלערס. עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז א סיסטעם פטור צו ווערן פון איי־ גענע מענטשן, וואָס ווערן מיט דער צייט אומנויטיק. דער סיסטעם פון שאַנטאַזש און פון „באַשטעלטע ארעשטן" נעמט אָן א מאסנהאפטן כאראק־ טער. די פּראָצעדור איז פאלגנדע: אַזייגער 8 ווערט א ייד איינגעשבנט אויף דאַנילאָוויטשאָווסקא [130], אין 2—3 שעה ארום קומט צו גיין א ייד, וואָס האָט רחמנות, געהערט זועגן דעם אומגליק און גרייט צו העלפן און ווירק־ לעך, נאָכן איינצאָלן א געוויסע סומע ווערט דער ייד נאָך 2 טעג באַפּרייט. דער ייד האָט א באַשטעטיקונג, אז ער שטייט אינעם דינסט פון גאַלעגן. אין טאָג פון יוגאָסלאַוויע (29 מערץ) [131] געקומען צו א הויכן באאמטן פון דער טראנספערשטעלע, מכבד געוועזן מיט א פּאַטש איבערן פּנים. „איך וועל קומען מאָרגן, איר זייט היינט דענערווירט" האָט געזאָגט דער ייד[די־ שער] באַאַמטער. מען זאָגט, אַז א ריי אַרבעטסאַמטן פון די שטעטלעך, פון וואַנען יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן, האָבן זיך געוועגדעט זוועגן ייד[ישע] אַרבעטס־כוחות. מען זאָגט, אַז צוליב דעם וועלן דערווייַלע אָפּ־ געשטעלט ווערן די ווייטערדיקע אויסזידלונגען. די געמיינהייט פון די ייד[י־ שע] פּאָליציאַנטן דערגייט דערצו, אַז מען נעמט פון די יינגלעך — שמוגלער צו 20 גראָשן פון יעדן געשמוגלטן ברויט. יעדן טאָג קומט א וואכמייסטער אויפן בית־עולם זיך דערוויסן וועגן דער צאָל מתים. זיי קענען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס דאָ שטאַרבן אַזוי וויניק יידן בשעת אויף יענער זייט איז די שטערבלעכקייט אַזוי גרויס. ער פרעגט, צי פאַרהיימ־

---

127) קיין גענויערע ידיעות וועגן זאקסענהויזן איז נישט געלונגען צו באַקומען.

128) יוסף ערליך, גערופן „יאָסל קאפּאָטע", אן אגענט פון געסטאַפּאָ.

129) א לייטער פון א ראיאָן אין דער אָרדענונגסדינסט.

130) אויף דאנילאָוויטשאָווסקא־גאס איז נאָך פון פאר דער מלחמה געווען א פּאָליציייִשער אַרעסט.

131) דעם 27 מערץ 1941 איז אין בעלגראַד פאָרגעקומען א מיליטערישע איבערקערעניש, עס איז געוואָרן אַראָפּגעזעצט דער דייטשלאַנד־פרייַנדלעכער רע־ גענט פּרינץ פּאַוועל און די מאַכט האָט איבערגענומען דער קיניג פּיאָטר II, וועלכער האָט געהאַט א פּראָבריטישע אָריענטאַציע. די נייע רעגירונג האָט שפּע־ טער געשלאָסן א נישט־אָנגריף־פּאַקט מיטן ראטנפאַרבאַנד. היות יוגאָסלאַוויע איז אַזוי אַרום אַרויסגעפאַלן פן די השפּעות פון דער „אַקס", האָט די באַפעל־ קערונג פון אָקופּירטן פוילן אין דער שטיל געפייערט דעם דאָזיקן טאָג אַלס „טאָג פון יוגאָסלאַוויע".

לעכט מען נישט די ל. נ— —[132] מתים אָדער צי ווערן זיי נישט באַגראָבן אויף אַן אַנדערן אופן.

מערץ 1941

מיין ליבער![133]

אַ טייל פּאָלאַקן, זאָגט מען, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין געטאָ. די פּאַרוויילונג־ערטער זיינען פאַרמאַכט געוואָרן ביזן ווידעררופן. די פּאָליציי שעה איז באַשטימט געוואָרן אויף 8 אָוונט. דאָס העלבע איז געשען אין יידישן קוואַרטאַל. פאָרגעקומען אַן אינטערעסאַנטע דיסקוסיע[134] וועגן געטאָ: ר' אהרון[135] איז אַרויס מיט אַ טענה, אַז דאָס געטאָ האָט פאַרטעמפּט די רחמנות־געפילן. נישט געשאַפן קיין שום אויטאָריטעט, קיין שום פאַר־טיפונג פון יידישקייט בכלל נישט געשאַפן קיין נייעס אויפן געביט פון יידישער קולטור. אין משך פון 3 חדשים האָט דאָס אַלץ, וואָס האָט [זיך] בהדרגה אַנטוויקלט אין די אַמאָליקע צייטן, געדאַרפט געשאַפן ווערן. די אַנאַלאָגיע מיטן אַמאָליקן געטאָ איז נישט ריכטיקע, ווייל יענץ איז געווען אַ פועל־יוצא פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג און איז געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג, בשעת דאָס היינטיקע געטאָ איז אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, וו די איינוווינער מוזן זיך אַליין אויסהאַלטן. פאַר דעם היינטיקן געטאָ זיינען שוין געווען ענלעכע מוסטערן (קאָנצענטראַציע־לאַגערן) פאַר געוויסע גרופּן פון דער באַפעלקערונג.

אויף נאָוואָליפּקי 18 פאָרגעקומען אַ מעשה: ליט אַ מסירה געקומען צו אַ לאָדזשער משפּחה וועגן וואַלוטע און גאָלד. דאָרט דערוויסט זיך, אַז דער מאַן איז אויף אַ פאַרזאַמלונג פון הויז־קאָמיטעט. דאָרט געטראָפן 100 מאַן, צוגענומען ביי אַלעמען דאָס געלט. געווען אַ פּאָר טויזנט צוויי הונדערט זל. אומגעקערט 1300 פאַר דער הויף־קיך (דערוווסט זיך, אַז דאָס ציל פון דער פאַרזאַמלונג צו שאַפן אַ הויז־קיך), פאַרלאַנגט פון דעם לאָדזשער צו פאָרן מיט זיי צום שווער. די פרוי געבעטן, אַז זי וועט פאָרן, דער־קלערט, אַז זיי באַוווּנדערן די העלדישקייט פון דער ייד. פרוי, וואָס שטעלט זיך איין פאָרן מיט פרעמדע דייטשן. אַ דייטשקע וואָלט דאָס נישט געטאָן. צוגעפאָרן צום שווער, געפאָדערט געלט און דעם אַלטן געהייסן אַריינגיין

---

132) וואַרשעווער: לויפנדיקער נומער פון די מתים.

133) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

134) עס זענען פאָרגעקומען אין געטאָ דיסקוסיעס וועגן די ענדערונגען, וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט אין יידישן לעבן דאָס געטאָ. אויף דער טעמע איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַן אַנקעטע צווישן פאָרשטייער פון דער שעפערישער אינטעליגענץ.

185) דער פּובליציסט אהרן איינהאָרן פון „היינט“.

אין אַ וואַננע, בכלל געפייניקט. דערנאָך אָפּגעפירט די פרוי מיטן אויטאָ, ווייל געגעבן דאָס וואָרט, אַז זיי וועלן צוריק ברענגען די פרוי. דערנאָך געגאַנגען אין דעם נאַכטלאָקאַל, נאַוואָליפּיע 18, געהייסן אַלעמען זיך אויסטון ביזן העמד און צוגענומען געלט און ביזשוטעריע. די קהלה האָט באַשטימט צו געבן 10% פון די אַריינגעפירטע פּראָדוקטן פאַר די נויט־ליידנדע (פאַלקס און קינדער קיכן). די ייד. אובעזפּיעטשאַלניע[136] נעמט 5%. זי גיט אָבער גאָרנישט. אין אַ פּראָווינץ־שטעטל איז דאָס געטאָ אויף און אַרום בית־עולם. אייניקע משפחות וווינען אין טהרה־שטיבל. יידן וווינען אויפן „גוטן־אָרט". דאָס אויסזען פון דער סטריזשוווקע[137] האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. שטאָט די הייליקע בילדער אַ בשמים־ביקסל, אַ מזוזה און לייכטער. עס טרעפט, אַז אַ סטרוזש בראַקט אַריין עטלעכע פּסוקים פון דער גמרא[138]. עס איז אַרויס א געדרוקטע בראָשור וועגן זשאַבאָטינסקין[139], די איינציקע געדרוקטע אויסגאַבע (500 עקזעמפּלאַרן). עס ווערן איינגעאָרדנט מענדעלע־פייערונגען. יהודה־הלוי אָוונטן. אין דער געז[עלשאפט] טאָפּאָראָל[140] איז דאָ מצד פּריצים אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף ייד. הענט. די שוועריקייטן מצד דער טראַנספּערשטעלע, 10% פון דער ריינער הכנסה דאַרף גיין לטובת זיי. דערווייל לאָזן זיי נישט אַרויס קיין יידישע אַרבעטער. נישט לאַנג געזעגנט אַ גרופּע חלוצים קיין גריצע אין אַ מאַיאַנטעק ס. ס. דער זעלבער מאורער[141] וואָס אונטערגעשריבן דעם באַפעל פון גירוש פון גריצער פּאָוויאַט און געמאָלדן, אַז יעדער ייד, וואָס וועט באַגעגנט ווערן דאָרט, וועט דערשאָסן ווערן, איינגעלאַדן צוויי צענד־ליק יידישע אַרבעטער אין אַ גוט, די אַרבעט האָט די ערשטע געעפנט די טויערן פון געטאָ. געלייענט דעם פּשעגלאָנד מאַרקסיסטאָווסקי[142]. דאָרט ווערט דיסקוטירט די באַציונג פון אַרבעטער קלאַס צו דער מלחמה. דאָרט ווערט קריטיקירט די אַרויסטרעטונג פון ל־קי[143], וועלכער פאַרופט

---

136) פויליש: אַנשטאַלט פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג
137) פויליש: די דירה (דאָס שטיבל) פונעם הויז־וועכטער.
138) היות אַלע פּאָליאַקן האָבן געמוזט זיך אַרויסציען פונעם געטאָ־שטח, האָבן יידן פאַרנומען די שטעלעס פון הויז־וועכטער (סטרוזשעס)
139) די געדרוקטע רעוויזיאָניסטישע צייטשריפט „המדינה", געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם רעוויזיאָניסטישן פירער וולאַדימיר (זאב) זשאַבאָטינסקי, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1940.
140) „טאָפּאָראָל": ראשי תיבות פון „טאָוואַזשיסטוואָ פּאָפּיעראַניאַ ראָלני־ניצטוואַ" (פויליש: געזעלשאַפט צו פאַרשפרייטן לאַנדווירטשאַפט צווישן יידן).
141) מאורער — וואַרשעווער דער פאַרטרעטער פון קרייזהויפּטמאַן — האָט אונטערגעשריבן די פאַראָרדענונג דעם 21 יאַנואַר 1941.
142) „פּשעגלאָנד מאַרקסיסטאָווסקי" (פויליש: מאַרקסיסטישער איבערבליק). אומלעגאַלע צייטשריפט פון די טראָצקיסטן אין וואַרשעווער געטאָ.
143) העראָלד־דזשאָזעף לאַסקי (1893—1950) — מיטגליד פון עקזעקוטיוו פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, וואַרטזאָגער פון איר לינקן פליגל, געשטאַמט פון אַן אָנ־געזעענער יידיש־ענגלישער פאַמיליע

זיך אויף לענינען און זיין באַציונג צו קאָרנילאָוו און כלומרשטן אונטערשאַצן קערענסקין[144]. די חברה לעשנאָ 13 האָבן לעצטנס געשיקט מענטשן אין בעקערייען, ווו מען האָט מיט געוואַלט צוגענומען ברויט פאַר זייערע מיטגלידער. לעצטנס שטייען זיי ביי די אויסגאַנגס־פונקטן פון געטאָ און נעמען כאַבאַר ווי דער אָרדנונגס־דינסט, ווייל „אויך זיי מוזן לעבן". לעצטנס זיינען זיי אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן מיט זייער „קולטור"־טעטיקייט. זיי פרוון אויך נישט צו דערנענטערן זיך צו דער יידישער געזעלשאַפט. פון צייט צו צייט וואַרפן זיי אַריין קאָנפיסקירט ברויט אין אַ יתומים הויז, פאָדערנדיק אַ באַשטעטיקונג אויף אַ גרעסערע צאָל ברויט, ווי זיי האָבן געגעבן. אַזוי ווי דער שמוגל קומט פאַר איבער די מויערן האָט מען איצט אויפגעשטעלט אויף די מויערן אייזערנע סלופּעס מיט שטעכיקע דראָט.

מערץ 1941.

6 אפריל 1941.

מיין ליבער![145]

דער סיסטעם פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַ ייד האָט באַגנבט די עלעקטראָווניע מיט אַ פאַלשן ליטשניק[146]. ער האָט נישט געקאָנט באַצאָלן די שטראָף פון 100 זל. האָבן געמוזט באַצאָלן די שכנים פון הויז. די אומלעגאַלע „וואָלנאָשטש"[147] פאַראורטיילט די האַנדלונג פון פוילישן המון, וואָס האָט פאַרן פאַרלאָזן זייערע דירות אויף דזשיקאַ זיי פולשטענדיק חרוב געמאַכט: אַרויסגעריסן פּוטערינעס, טירן, פענסטער, אויוונס, דעכער. דער סם[148] ברענגט פּירות. אין וואַרשעווער געטאָ זיינען דאָ 61 פאַרווײלונגס־לאָקאַלן. אַן אויסערגעוויינלעכע דעמאָראַליזאַציע צווישן די נאָענטסטע. עס קומען אָפט פאָר פאַלן, ווען מען קומט צונעמען דווקא דאָס בילד, ווייל מען ווייסט, אַז דאָרט איז באַהאַלטן וואַלוטע אָדער גאָלד. דער ראַבינאַט האַלט ביים כשרן קטניות: פאַסאָלעס, אַרבעס און ענ־

144) דער „פּשעגלאָנד מאַרקשיסטאָווסקי" נ׳ 6 פון פעברואַר — מערץ 1941 האָט אין אַרטיקל א. נ. „לענין און... בעווין" פאָלעמיזירט מיט ה. לאַסקי, וועלכער האָט ערב דער קאַפּיטולאַציע פון פראַנקרייך גערופן די סאָציאַליסטן פון גרויס־בריטאַניע און פראַנקרייך צו האַנדלען אַזוי ווי לענין בעת קאָרנילאָווס פּוטש, ד. ה. אָנטיילנעמען אין דער פאַרטיידיקונג פון זייערע לענדער קעגן דעם היטלערישן אַגרעסאָר. דער „פּשעגלאָנד מאַרקשיסטאָווסקי" טרעט אַרויס אין דעם פאָלעמישן אַרטיקל קעגן אַן איינהייטס־פראָנט מיט דער בורזשואַזיע.

145) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

146) פויליש: עלעקטריע־ציילער.

147) פויליש: פרייהייט. אומלעגאַלע צייטשריפט פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „גוואַרדיאַ".

148) דעם סם — די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע.

לעכע צוליב דער מורא, אז עס וועט נישט זיין גענוג מצות. אויף דער טענה, הלמאי טשערניאַקאָוו טאָלערירט משומדים און רוקט זיי אויף אַנגע־זעענע ערטער, ווי למשל ענין פּראָפ. הירשפעלד, האָט ער געענטפערט, אַז ער קען נישט צוגיין צו דעם פּראָבלעם פון ייד[ישן] שטאַנדפּונקט נאָר פון אַלגעמיין־מלוכהשן. דאָס געטאָ איז נישט קיין ייד[ישע] מלוכה, נאָר אַ טעריטאָריע, אויף וועלכער עס וווינען משומדים אויך. דעריבער דאַרף מען זיי גלייך באַהאַנדלען. אַ טייל ווייזן [אָן], אַז אנשטאָט די משומדים זאָלן זיך אַסימילירן צו יידן, קומט פאַר באַזונדערס אויף סיענא, וווּ זיי בילדן אַ באַדייטנדן טייל פון די איינוווינער, אַ פאַרקערטער פּראָצעס. זיי זענען משפיע אויף די יידן אין דעם אַסימילירנדיקן גייסט. אויף סיענא 38 איז ביי דער משמודישער יוגנט פאָרגעקומען אַ פייערונג פון אָנטון דעם מגן־דוד. דערביי זענען געהאַלטן געוואָרן אַנטשפּרעכנדע רעדעס. די שטימונג אין גאַס אין די לעצטע טעג (אָנהויב אַפּריל) אַ נערוועזע. פון יענער זייט קומען אָן גרוסן, אַז אַלץ איז גרייט ווי צו אַ מלחמה. עס זענען געשטעלט געוואָרן קעגנלופט־האַרמאַטן, אַ טייל הייזער זענען אָפּגערייניקט געוואָרן פאַר שפּיטעלער. די פּאַפּיר־פאַבריק מירקאָוו אַרבעט אויס בלויז שוואַרץ פּאַפּיר. די דייטשע פרויען (פון רייכסדייטשן) דאַרפן ביזן 5־טן, אַנדערע זאָגן ביזן 10־טן, פאַרלאָזן וואַרשע. די שפּיטעלער זענען אָפּגע־רייניקט געוואָרן. דאָס אַלץ דערוועקט די מורא פאַר אַ נאָענטער מלחמה מיט רוסלאַנד. — דער יקרות וואַקסט כסדר. אַ קילאָ קאַרטאָפל קאָסט היינט (6 אַפּריל) 1,50, שוואַרץ ברויט 6 זל., וויס 7,50. — עס איז פּשוט נישט אויסצוהאַלטן. די שטימונג האָט שטאַרק פאַרערגערט טשערניאַקאָווס אַרעסט צוזאַמען מיט אים אינזש. ליכטענבוים און אַ געוויסער הערמאַן, דער קאָנ־צעסיאָנער פון מיסט־אַרויספיר פון געטאָ[149]. אויף לעשנאָ 13 געפינט זיך אַ פאַלקסדייטש, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויספירן מיסט. אין דער קהלה זענען איינגעפלאָסן 3 אָפּערטעס אויפן אַרויספירן מיסט: איינע פון זאָם[150], די צווייטע אויף 27 גר. און די דריטע אויף 25 גר. דער זאָם איז אָפּגעפאַלן צוליב אַרישקייט. דאַקעגן האָט מען אָנגענומען די אָפּערטע אויף 30 גר., האָפנדיק אַראָפּצודריקן אויף 25 גר. אַ קאָפּ. דאָס האָט דורכ־געפירט די טראַנספערשטעלע. מען זאָגט, אַז די קהלה ווערט באַשולדיקט אין נעמען כאַבאַר, ווייל זי האָט אָנגענומען קויציע בלויז פופציק טויזנט זל. אַנדערע זאָגן, אַז די סיבה פון אַרעסט, איז דער ענין קאַרטאָפל. די קהלה האָט פאַרקויפט צו מאַרק־פּרייזן אַ טראַנספּאָרט קאַרטאָפל, שטאָט

149) עס האַנדלט זיך וועגן דעם אַרעסט פון טשערניאַקאָוו, ליכטענבוימען און דעם יידישן סוחר הײמאַן. דער לעצטער האָט פּרעטענדירט אויף דער קאָנצעסיע פון אַרויספירן דאָס מיסט פון געטאָ (אין 1942 האָט ער ווירקלעך אַזאַ קאָנ־צעסיע באַקומען). עס קאָן זיין, אַז דעם אַרעסט האָט גורם געווען אַ מסירה פון גאַנצוויכן.

150) דאָס זענען ראשי תיבות פון „זאַקלאַד אָטשישטשאַניאַ מיאַסטאַ" (פּויליש: אָנשטאַלט פון ריניקן די שטאָט).

אָפּצוגעבן דער באַפעלקערונג. דאָס פאָלק דורכן מויל פון משוגענעם רוּ־בינשטיין פאַרבינדעט דעם ענין מיט די קאַרטאָפל. אַנדערע זוכן אַ צו־זאַמענהאַנג מיט די אַרעסטן אין ראַדאָם, דעם ראש הקהל אין שעדלעץ און לובלין (ד״ר אַלטען)[151]. — רוזוועלט האָט דעפּעשירט צו פּעטענען: ייִנגל, האַלט זיך. אין געטאָ פילט זיך אַ מאַנגל אין דעזינפעקציע־מיטלען און בכלל אין מעדיצינען. שוין אַ לענגערע צייט זענען געמאַכט געוואָרן באַשטעלונגען ביים טראַנספער, אָבער קיין ענטפער איז נישטאָ. דער טראַנספער מאָטיווירט דאָס נעמען דורך אים 15% דערמיט, אַז דאָס געטאָ איז אַן עקסטעריטאָריאַלע צאָל־טעריטאָריע. אין געטאָ איז פאַראַן אַ ליגן־צענטראַלע, וועלכע פאַרשפרייט כלומרשטע ראַדיאָ ידיעות, פאַקטיש ציי־טונגס ידיעות מיט אַ ביסל פעפער, אַזוי למשל האָב איך מיט עטלעכע טעג צוריק געהערט וועגן דעם, אַז די אויפשטענדלער האָבן איינגענומען אדיס־אבעבא, באַזייטיקט די איטאַליענער, צוגענומען פרויען און קינדער און זיי פאַרברענט אויפן פלאַץ באלבא. געהערט אַז די באַציונג פון מאַ־גיסטראַט צו יידן אַ גוטע, מיט וואָס מען קען העלפט מען יידן. מען גיט גלייך צו וויסן וועגן אָנקומען פון פּראָדוקטן וכדומה. — געהערט וועגן דער אויסערגעוויינלעך האַרציקער אויפנאַמע פון די פלאָצקער יידן דורך די קאָנסקער. ווען אָפּגענומען דעם צוג, זענען אין די וואַגאָנען [געווען] אַ פּאָר צענדליק מיט צעבראָכענע הענט און פיס, אין טייכן בלוט. איין פרוי אַ קראַנקע, איז געלעגן איינגאַנצן אַ נאַקעטע. אַ דאָרטיקער עסקן האָט זיך ביי דער סצענע צעוויינט. דער דאָרט אַנוועזנדער קרייז־הויפּט־מאַן, נישט קיין אוהב ישראל, האָט זיך אַוועקגערוקט אָן אַ זייט און גע־ווישט די טרערן. ער האָט דערלויבט איבערפירן די פאַרוואונדעטע און קראַנקע מיט זיינע לאַסט־אויטאָס. די ייד[ישע] באַפעלקערונג האָט זיי זייער האַרציק צוגענומען. עס איז געווען גרייט ברויט מיט קאַווע. די גאַנ־צע באַפעלקערונג איז ביינאַכט נישט געשלאָפן, איבערלאָזנדיק די בעטן די צוגעקומענע. מען האָט זיי אַ גאַנצן טאָג געטראָגן פון כל־טוב. נאָך 3 טעג איז געקומען אַ באַפעל די יידן צו צעשפּרייטן אין די אַרומיקע שטעטלעך. די קאָנסקע קהלה האָט אומעטום געשיקט מענטשן, וואָס האָבן געבראַכט געלט, אין פאַראדיזש[152] געשאַפן אַ יודענראַט, מיט איין וואָרט: זיי האָבן אויסערגעוויינלעך געזאָרגט פאַר „זייערע" פלאָצקער יידן. — אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג, ווען יענע זענען צוזאַמען, טאָר מען נישט אַרויסווייזן קיין מענטשלעכקייט, פאַרקערט, וואָס מער אכזריות. צום ביי־שפּיל: מען האָט זיך געווענדעט צו ד״ר האַגענען[153] וועגן מילך פאַר זויג־

---

151) ד״ר מאַרעק אַלטען — לכתחילה וויצע־פּרעזעס און זינט אַפּריל 1942 פּרעזעס פון יודענראַט אין לובלין.

152) נאָמען פון אַ דאָרף, וואָס געהערט צו דער געמינע וויעלקאַ־וואָליאַ אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצקער פּאָוויאַט.

153) ד״ר נ. האַגען, מעדיצינראַט, לייטער פון געזונט־אָפּטייל ביים דיס־טריקט־אַמט אין וואַרשע.

קינדער. די תשובה: מען זאָל זיך צו אים נישט דערוועגן ווענדן מיט אַזעלכע פֿאָרשלאַגן; די יידן האָבן אַ דאַנק דעם שלייך־האַנדל אַלץ. דערביי איז זיין באַציונג ביז איצט אַ מענטשלעכע. מען זאָגט, אַז ביי טשערניאַקאָוון זאָל מען האָבן געפֿונען אַ נאָטיץ־בוך אויף אַ סומע פֿון 60 טויזנט זל, וואָס פֿיגורירן נישט אין די גמינע־ביכער. ער קען נישט אויפֿקלערן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע סומע. אַנדערע באַהויפּטן, אַז די סיבה פֿון אַרעסט ליגט אויף לעש 13, די קאָנקורענץ צווישן ביידע. אַנדערע ווידער זאָגן, אַז טש[ערניאַקאָוו] זאָל זיך האָבן געקלאָגט, אַז ער האָט נישט קיין מאַכט אין געטאָ, ווייל איינצלנע פֿון יענע שטיצן איינצלנע יידן און דאָס שוואַכט אָפּ זיין מאַכט.

אַפּריל 1941

10 אפּריל 1941

מיין ליבער פריינט![154]

לעצטנס געהערט וועגן אַ גוטן איינפֿאַל פֿון אַ בעטלער: אַוועקגעזעצט זיך לעבן געריכט און גענומען זאָגן בקול־רם קאַפּיטלעך תהילים. עס זיינען אים איינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען די דורכגייער. ער האָט געהאַט דערפֿאָלג. אַסך דורכגייער האָבן אים אַריינגעוואָרפֿן אַ פּאָר גראָשן אין האַנט. דער שפּיטאָל־שטייער ווענדעט אָן פֿאָלגנדע סאַנקציעס: פֿון 1 ביי־נאַכט בעמט מען יידן צו טראָגן נאַקעטע מתים פֿון שפּיטאָל, וועלכע ווערן געפֿירט אויפֿן בית־עולם אין וועגעלעך. ווען די קהלה האָט זיך פֿאַרן גרינדן דאָס געטאָ געווענדעט וועגן עפֿענען שולן, האָט דער שול־ראַט געענטפֿערט: מיר מוזן האָבן אַ טיפֿוס, ווייל מיר מוזן שפּערן דאָס געטאָ. העלדישקייט פֿון דער חלוצישער חברה. אַ חלוצה פֿאָרט מיט דער באַן אויף [אַ] קריסטלעכן נאָמען. ביי אַ פּערזענלעכער רעוויזיע געפֿינט מען ביי איר אומלעגאַלע ליטעראַטור. 100 זל. און זי איז גראַטעוועט. די ליטעראַטור ווערט פֿאַרברענט. די בונדישע „זאַ נאַשאָן אי וואַשאָן וואָל־נאָשטש" האָט געשריבן אַ גאַנצן אַרטיקל וועגן דער ווערבירונג פֿון אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער אויף לאַנדווירטשאַפֿט דורכן „טאָפּאָראָל" פּאַקטיש איז די מעשה נישט ריכטיק. עס איז בסך־הכל אַרויסגעפֿאָרן עטלעכע הונ־דערט יידישע יוגנט אויף אַרבעט אין דאָרף. דער טראַצקיסטישער „טשערוואָני שטאַנדאַר" איז אָנגעפֿאַלן אויף די רעפֿאָרמיסטישע פּאַרטייען פֿאַר זייער אָנטייל אין דער קהלה[155]. דער אָרגאַן האַלט, אַז זיי וועלן דאָרט גאָרנישט אויפֿטאָן פֿאַר די אָרעמע מאַסן. לויט אַ זיכערע ידיעה פֿון בעל־

154) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

155) אין וואַרשעווער יודענראַט האָבן זיך נישט באַטייליקט די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַזוי אַז דער פֿאָרוואָרף איז געווען נישט קיין ריכטיקער. די גאַנצע יידישע אונטערערדישע פּרעסע, אָן אונטערשייד, פֿון סאַמע רעכטע ביז עקסטרעם לינקס האָט באַקעמפֿט דעם יודענראַט.

הבית פון קאָסאַנאָוואַ האָט העגדעל מיט איינציקע „בעסערע" פרויען אויס־
געגעבן אַ נאַכט פיר טויזנט זל. אויסער כּאַבאַר, וואָס בליט אין אַלע
אָפּטיילונגען פון דער קהלה, איז פאַראַן אַ צווייטע פאָרם פון מאַכן געלט.
געהערט, אַז קאָברינער[156] האָט 7 — 8 באַצאָלטע שטעלעס, לעצטנס
צו פונקט פון ירקות, פאַרמאַצעווטישע פאַרייניקונג וכדומה. אַ גרופּע
זאַכקענער האָט באַרעכנט, אַז אין חודש האָט ער פאַרדינט 60 טויזנט זל.
אַפילו מיט איין נול ווייניקער, וואָלט אויך געווען גענוג. און דאָס איינער
פון די א. ג. אָרנטלעכע לייט אין קהלה. קופּשטיקער הייסט היינט „פּשע־
קופּטשיקער"[157] אָדער „קופּצוקער" צוליב דער צוטיילונג פון צוקער פאַר
זיין צוקערלעך־פאַבריק. די צוגעבונדנקייט פון אָסך פאַטראָנאַטן צו זייערע
פּליטים־פּונקטן איז אַזוי גרויס, אַז ווען מען האָט איבערגעפירט אַ פּונקט
פון פלאַץ־גזשיבאָווסקי אויף פראַנטשישקאַנער, טראָגן די אַפּיטרופּסים די
מיטאָגן אַהין. די מויער אויף פשעיאַזד איז געהעכערט געוואָרן אויף 4
מעטער, דאָס וועט אוממעגלעך מאַכן דעם אַריבערכאַפּן זיך. געהערט, אַז
אין סאָסנאָוויץ האָבן יידן אַ דאַנק מערינען[158] גענוג שפּייז, ווייל זיי חוץ
קאָנטיגענט־אַרטיקלען מעג די קהלה קויפן מאַרגאַרין צו קאָנטיגענט־
פּרייזן. אין שייכות מיטן אָנקומען פון פסח ווערט אָנגעוויזן אויף דער אָפּ־
שוואַכונג פון רעליגיע ביי יידן. כשרות ווערט ווייניק אָפּגעהיטן, ווייל עס
איז שווער צו האַלטן ביים מאַנגל אין פעטס. דאָס זעלבע אין פאַרשידענע
אַנדערע געביטן פון לעבן. מען זאָגט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק, בשעתן
זיין פון פראַנקן אין װאַרשע איז אויך געווען גענעראַל קייטעל און עס
איז באהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון יידן־גירוש פון וואַרשע אין שייכות
מיט דער נאָנטער מלחמה. עס איז אַרויס אַ פּלאַקאַט פון לעש 13, דאָס
איז אַ מאַטטאָ גענומען פון חושן־משפט וועגן דעם, אַז מען דאַרף באַשיצ־
מען וועכטער ביי די טויערן, וואָס זאָלן היטן, אַז מען זאָל נישט אַריבער־
שרייטן די פּרייזן. ערליך פון לעש 13 איז איינגעשיבנט געוואָרן פאַרן
אַרויסגעבן פאַלשע פּשעפּוסטקעס. משעריאַקאָוו איז באַפרייט געוואָרן. ער
איז אין תפיסה שטאַרק געפייניקט געוואָרן. דאָס פּנים איז פאַרלאָפן מיט
בלוט פון די קלעפּ איבער זיין קין. ער האָט געמוזט טאָן די מיאוסטע
אַרבעטן, ווי רייניקן קלאָזעטן וכדומה. אינטערעסאַנט איז די פראַגע פון
26 מערץ. דאָס איז געווען דער טאָג פון יוגאָסלאַוויע, דעם טאָג האָט
געהערשט אַ שמחה אויף דער אַרישער זייט. מען האָט געוואָלט איינרעדן,
אַז עס איז פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע געלט־זאַמלונג. פאַרן אַרויסגיין
האָבן זיי געמוזט געבן אַ פייערלעך וואָרט, אַז זיי וועלן גאָרנישט דער־

---

156) עדוואַרד קאָברינער (1880—1943) — מיטגליד פון וואַרשעווער יודענ־
ראַט, פאַר דער מלחמה אַ האַנדלס־ריכטער.

157) ווערטער־שפּיל: פּשעקופּטשיקער אויף פּויליש שטאַמט פון וואָרט פּשע־
קופּיטש — אונטערקויפן, נעמען שוחד.

158) משה (מאָניעק), מערין — זע הערה 94 (1940).

ציילן[159]. דער היינטיקער 10 אַפּריל איז געווען איינער פון די שווערסטע טעג, וואָס די ייד[ישע] באַפעלקערונג האָט איבערגעלעבט בשעת דער מלחמה. די ידיעה וועגן פאַרנעמען סאַלאַניקי און טאָברוק האָט געווירקט דעפּרימירנד. אַחוץ דעם איז אין די לעצטע טעג געוואָרן אַ שרעקלעך יקרות, אַרויסגערופן דורך טראַנספּאָרט־שוועריקייטן. ברויט איז געשטיגן די לעצטע טעג: שוואַרץ — 8 זל. אַ קילאָ, ווייס — 11 — 12, קאַרטאָפל — 4 זל. אַ קילאָ, מצות 18 — 20 זל. אַ קילאָ. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רויבערייען אויף די גאַסן, מען האָט אויף נאַלעווקעס צוגענומען אַ פורגאָן מיט קאָנטיגענט־ברויט. אויף סמאָטשע האָט מען ראַבירט ברויט, די געוועלבער זיינען ליידיק, מען האָט באַהאַלטן די סחורה, וואַרטנדיק אויף ספּעקולאַציע.

דער דאָלאַר האָט געהאַלטן ווידער ביי 150 זל., בשעת מיט אַ קורצער צייט עטלעכע פופציק זל. די לייט פון לעש 13 זיינען געגאַנגען איבער די געוועלבער און גענומען לאַפּוועקעס. אויף יענער זייט האָט מען ראַבירט אין די האַלעס, דער יקרות איז דאָרט אויך גרויס. די סיבה פון יקרות זעט מען [אין דעם], אַז יידן האָבן אַלץ אויסגעקויפט. פּאַקטיש איז דער מאַסנהאַפטער אויספאַרקויף פאָרגעקומען אויף יענער זייט. אַפילו זאַכן נישט נויטיקע. היינט נאָכמיטאָג האָט [זיך] אין שייכות מיט דער אַנטשפּאַנונג צווישן ד[ייטשלאַנד] און רוסלאַנד די לאַגע אַביסל געבעסערט. עס ווערט געשאַפן אַ קאָנקורענץ־אינסטיטוציע צו לעש 13. ערליך און קאָן[160] האָבן זיך אָפּגעריסן און אַרויסבאַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דיסטריקט. רובינשטיין לויפט אַרום אין די גאַסן מיט אַ ניי ווערטל: עס האָט זיך אָנגעהויבן ביים קאָרידאָר און עס וועט זיך ענדיקן ביים באַלקאָן (באַלקאַן). מען זאָגט, אַז לעש 13 האָט זיך לויטן אָפּמאַך פאַרפליכטעט צוצושטעלן צוויי נייע קרבנות. אין דעם „ביולעטין אינפאָרמאַציני"[161] איז געווען אַ נאָטיץ, ווו עס ווערט געבראַכט אַ פאַראָרדנונג פון אַ קרייז הויפּטמאַן, אַז יידן דאַרפן נישט גריסן קיין אשכנזים, בשעת אַנדערע שלאָגן פאַר נישט גריסן. די חלוקה פון די לאַפּוועקעס ביי די אַרויסגאַנגען זעט אויס ווי פאָלגנד: קודם נעמט מען אַראָפּ פאַר מתנות פאַר אשכנזים, אַ העלפט פון פאַרבליבענעם — פאַר פּאָליאַקן, די צווייטע העלפט פאַר יידן. פון די יידן באַקומען מער די, וואָס פירן די אונטערהאַנדלונגען וועגן דורכלאָזן. דעם רעשט די איבעריקע. לעש 13 האָט

159) אפשר געמיינט טשערניאַקאָוו און די אַנדערע, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון געסטאַפּאָ.

160) געמיינט: זעליג העלער און מאָריץ קאָן, צוויי שותפים, טונקעלע פּאַרשוינען, געשטאַמט פון לאָדזש, וואָס זענען געווען מאַכערס ביי געסטאַפּאָ און אייגנטימער פון גרויסע אונטערנעמונגען אין וואַרשעווער געטאָ.

161) צענטראַלער אומלעגאַלער אָרגאַן פון א. ק., שעף-רעדאַקטאָר איז געווען פּראָפ. הענריק קאַמינסקי, דער פירער פון פּוילישן סקויטן-פאַרבאַנד, ער האָט פאַרדינסטן ביים העלפן דער יידישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע.

אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף וועגן ווכער־פּרייזן און אַלס מאָטטאָ ווערט אָנ־
געגעבן אַ ציטאַט פון חושן־משפּט וועגן שומרים ביי די טויערן, וואָס זאָלן
היטן די פּרייזן. די משפּחות פון די יאַנואַר קרבנות[162] טרייסטן זיך נאָך
אַלץ, אַז זייערע משפּחה־מיטגלידער לעבן. יעדעס מאָל הערט מען, אַז אָט
זיינען זיי אין שלעזיע, אָט אין וועסטפאַליען וכדומה. דאָ הערט מען, אַז
אַ פּאָלאַק, וועלכן קיינער האָט נישט געזען, איז צוריקגעקומען און פאַר־
ציילט, אַז ער האָט געהערט וועגן זיי א.א.וו. דאָ הערט מען ווידער, אַז
זייערע דאָקומענטן זיינען שוין נישט אין וואַרשע, נאָר ביי הימלערן. עס
ווערן לעצטנס איינגאַנצן פאַרמויערט אַרויסגענג פון געטאָ. לעצטנס טלאָ־
מאַצקע. פּרצן פייערט מען הייאָר פּסח אַלס גרינדער פון פאָלקס־קיכן
און קינדער־היימען. צווישן די אַרכיוון, וואָס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן,
איז איינער פון די וויכטיקסטע דער פינאַנס־אַרכיוו. קאַליש און פּלאָצק
די עלטסטע יידישע קהלות זיינען יידן־ריין. עס איז נאָך נישט געווען קיין
תּקופה און זייער געשיכטע זייט 800 יאָר, אַז דאָרט זאָלן נישט האָבן
געווען קיין יידן, לעצטנס זיינען באַסטריפיצירט געוואָרן עטלעכע צענדליק
ייד[ישע]דאָקטוירים וואָס באמיען זיך זייט יאָרן וועגן דעם. אויך דאָס־
מאָל זיינען קעגן זיי געווען די פּוילישע דאָקטוירים, אָבער געזיגט האָבן
יענע. אין וואַרשעווער געטאָ איז יעצט, אין קעגנזאַץ צום לאָדזשער, די
לאַגע זייער אַ שלעכטע. בשעת אין לאָדזש האָט מען די לאַגע ווי נישט
איז באַהערשט, איז דאָ פון טאָג צו טאָג ערגער. נביאות פון אַ פרומען ייד:
דעם 1־טן יוני 41 וועט שטאַרבן דער גרעסטער מענטש פון דער וועלט.
שוידערלעכער יום־טוב: מאַנגל אין מצות, קאַרטאָפל, יקרות — פּשוט
עס דראָט אַ הונגער־טויט דער יידישער באַפעלקערונג.

אָנהויב אַפּריל 41.

17 אַפּריל 1941:

מיין ליבער![163]

ערב יום־טוב האָבן זיך אָפּגעשפּילט שרעקלעכע סצענעס אין לאָקאַל
פון דער פּליטים־אָרג[אַניזאַציע]. עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַן עולם פון
7 — 8 טויזנט פּליטים, וועלכע האָבן געוואַרט אויף מצות און בכלל אויף
פּעקלעך. דער ערב־פּסח האָט באַוויזן דעם גאַנצן שוידער פון דער לאַגע.
ס'האָבן זיך געמאָלדן נאָך פּעקלעך מענטשן, וועלכע דער אָרום האָט גע־
האַלטן פאַר פאַרמעגלעך און וועלכע האָבן אַליין מיט אַ קורצער צייט צו־
ריק געגעבן שטיצע. די פאַרצווייפלונג פון די, וואָס האָבן נישט באַקומען
איז אין לשער. דער יקרות (אַ קילאָ ברויט — 11 זל., קאַרטאָפל — אַרום

162) געמיינט די קרבנות, וואָס זענען געפאַלן אין שייכות מיט דער געס־
טאַפּאָ־אַקציע קעגן אַנדזשעי קאַט און זיין אונטערערדישע גרופּע.
163) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

3 זל., מצות 16 — 18 זל.). די פּאָל[יטישע] געשעענישן (מפּלה פון יוגאָ־סלאַוויע) און די אַרבעטסלאַגערן, דאָס זענען געווען דער טריאָ, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די לאַגע אין געטאָ. דער הונגער האָט זיך גוט געלאָזט פילן, ווייל מען האָט נישט באַקומען אויף באָנעס נישט קיין ברויט און נישט קיין קאַרטאָפל. — אַ באַקאַנטער, וועלכן איך האָב געווונטשן אַ רו־איקן פּסח (דאָס איז געווען דער פאַראָל פון היינטיקן פּסח), האָט מיר געענטפערט: „ווינטשט מיר בעסער אַ לייכטן תענית". — דאָס כאַפּן צו די אַרבעטסלאַגערן האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די קהלה האָט נישט צוגעשטעלט די געהעריקע צאָל אין די לאַגערן. די ייד[ישע] מיט דער פּויל[שער] פּאָליציי האָבן דעריבער געדאַרפט גיין כאַפּן, [די] וואָס זע־נען אָנערקענט געוואָרן אַלס טויגלעך און האָבן באַקומען איינבאַרופונגען, האָבן זיך אָבער נישט צוגעשטעלט. פאַרשטענדלעך, אַז די האָבן נישט געענטפערט אין דער היים. האָט מען געכאַפּט אַפילו איבער 50 יאָר. די ייד[ישע] און פּויל[ישע] פּאָליציי האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געמאַכט גוטע געשעפטן. מען האָט גענומען הונדערטער זל. פון אומשול־דיקע מענטשן, מען האָט גענומען אויסקויף־געלט פון גאַנצע הייף. עס איז געווען אַן אמתע וואַקכאַנאַליע. די ייִנגערע מענטשן האָבן זיך אויסבאַ־האַלטן אויף דעכער, קעלערס, אין פּאָלקס־קיכן און אין אַנדערע עפנטלעכע לאָקאַלן. — די גרויסן פון די לאַגערן זענען נישקשהדיקע. דאָס ווערט אָן ספק ווירקן, אַז יידן וועלן גערן גיין אין די לאַגערן. די פּליטים־פּונקטן, למשל, זענען באַדייטנד אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן. בכלל איז די ייד[ישע] פּאָליציי שוידערלעך קאָרומפּירט. אויף 1.700 פּאָליציאַנטן האָבן 750 דיסציפּלינאַר־פּראָצעסן. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער הויפּט־מאַכער ביים אָננעמען פּאָליציאַנטן איז געווען קופּטשיקער און ביי אים איז געווען אַ טאַקסע ביים אָננעמען אין דער פּאָליציי. עס איז דע־ריבער אָנגענומען געוואָרן זייער אַ שלעכטער עלעמענט. — איינער פון די שומרים רופט דעם ייד[ישן] פּאָליציאַנט. רעדט צו אים 10 מעטער פאַר אים און שטייט 50 מעטער ווייט. יידן זענען אַ גאַנגרענע, דאָס ערט, וווּ דער ייד טרעט, דאַרף מען אויסברענען.

מיט אַ וואָך צוריק געטראָפן אַ שוידערלעכער פאַקט מיט אַ ייד[ישן] פּאָליציאַנט (אַן ערך דעם 10 אַפּריל). עס זענען אָנגעקומען נייע וואַכן אין וואַרשע. דאָס זאָל זיין דער פּלוטאָן, וואָס איז געווען ביים איינפירן דאָס געטאָ, באַרימט פון גימנאַסטיק[164]. אויף סאָלנאַ האָט אַ שומר צוגע־נומען ביי אַ יידישער פרוי אַ זעקל קאַרטאָפל. דער ייד[ישער] פּאָליציאַנט גינסבורג פון לאָדזש האָט געבעטן דעם שומר אומצוקערן דער אָרעמער

---

164) די דייטשישע וואַכן ביי די געטאָ־טויערן האָבן דעמאָלט נאָך געצווּנ־גען די יידן ביי אַרויסגיין פון געטאָ צו מאַכן גימנאַסטישע איבונגען און בעת מעשה זיי געפייניקט. אין אָט די פייניקונגען האָבן זיך „אויסגעצייכנט" דער שו־פּאָ־רעגימענט 61 און דער זשאַנדאַרמעריע־באַטאַליאָן 308.

פרוי. אַלס שטראָף פֿאַר דער חוצפּה האָט ער אים געוואָרפֿן אויף דער ערד, געשטאָכן מיטן באַגנעט און צום ליגנדן אויף דער ערד געשאָסן. גינסבורג, אָפּגעשוואַכט פֿון הונגער, איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל. אַ צווייטער פּאַליציאַנט איז אויף דעם זעלבן פּונקט פֿאַרווונדעט געוואָרן פֿון אַ קויל פֿון אַ שומר. דעם זעלבן אָוונט נאָך 9 אַזייגער האָט מען געשאָסן אין פֿאַרשפּעטיקטן עולם. צוויי מענטשן פֿאַרווונדעט.

אין אַ גרויסן טייל פּליטים־פּונקטן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן סדרים מיט פֿלייש, קניידלעך און ווײַן. די פּליטים האָבן אויף אַ קורצער ווײַלע פֿאַרגעסן דעם טרויעריקן מצב און זייער עלנט. די סדרים זענען געווען אַ מאָראַלישע שטאַרקונג פֿאַר די אויסגעשעפּטע הײמלאָזע.

דעם 13 אַפּריל האָט מען אין די גאַסן געכאַפּט אויף אַרבעט. אַ סך זענען נישט אַנטלאָפֿן, נאָר גערן געגאַנגען אַרבעטן צו 3.20 זל. אַ טאָג. געווען די טעג מערין. מען האָט אים אויפֿגענומען ווי אַ מלך. אין טעאַטער האָבן אים די אַרטיסטן באַגריסט. אויך ר׳ מנחם מענדל[165] האָט אים פֿאַרגעשטעלט פֿאַרן עולם. אַ נײַער אויסלייזער פֿון ייִדישן פֿאָלק! אין בענדין — סאָסנאָוויעץ געלונגען אויסצומײַדן דאָס געטאָ אַדאַנק זײַנע באַמיונגען. די שטערבלעכקייט דאָרט קלענער ווי פֿאַר דער מלחמה. נישטאָ קיין בעטלער אין די גאַסן. מערין האָט אין אַ קורצער צײַט אָרגאַניזירט דאָס איבערזידלען 6 טויזנט ייִדן פֿון אָשוויענטשים און סביבה[166]. די ייִדן האָבן אַלץ מיטגעבראַכט מיט זיך, אַפֿילו מעבל. די דירות־פֿראַגע איז געלייזט אויף אַזאַ אופֿן, אַז אין יעדער שטוב זענען אַרײַנגעזעצט געוואָרן פּליטים. אויב אַ משפּחה האָט גוטווילִיק נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן די פּליטים, האָט מען די משפּחה באַזייטיקט. — מען זאָגט, אַז בשעת די נאַכט וויזיטן פֿון דער ייִד[ישער] און פּויל[ישער] פּאָליציי האָבן דעם גרעסטן דערפֿאָלג די לעגיטימאַציעס מיט מלינאַרסקיס פּאָטאָגראַפֿיעס[167]. — לעצטנס איז געלונגען אַ קליינער גרופּע פֿון 7 חלוצים דורכצושמוגלען זיך קיין בראַטיסלאַוואַ דורך נייסאַנץ, בכדי פֿון דאָרט עולה צו זײַן קיין א״י. דער וועג געקאָסט 1200 זל. אַ פּערזאָן. דאָס בילד פֿון טהרה־שטיבל שוידערלעך. יעדן טאָג געפֿינט מען אויף דער גאַס עטלעכע מתים, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע. דאָס בילד פֿון האַלב נאַקעטע מתים, באַדעקטע מיט שמאַטעס, אַנגעוואָרפֿענע איינע אויף דער צווייטער, איז אַ מאַקאַברישעס. — בײַ דער וואַנט שטייט אָנגעשפּאַרט אַ גלעזער, האַלב פֿאַרחלשט, די הענט צעשפּרייט אַזוי ווי ער וואָלט פּאָזירט צו אַ בילד. — די הכנסות

---

165) עס קאָן זײַן, אַז געמיינט דעם מיטגליד פֿונעם דירעקטאָריאַט פֿון „דזשוינט" און אַליינהילף מנחם־מענדל קירשענבוים.

166) אין מערץ־אַפּריל 1941 זענען קרוב 6000 ייִדן אויסגעזידלט געוואָרן פֿון אוישוויץ קיין כשאַנוּוו, סאָסנאָוויעץ און בענדין, אין שייכות מיטן אויפֿשטעלן אין אוישוויץ אַ קאָנצלאַגער.

167) באַנקנאָטן פֿון מלוכהשן עמיסיע־באַנק, וואָס זײַן דירעקטאָר איז געווען מלינאַרסקי; זײַן אונטערשריפֿט האָט פֿיגורירט אויף די באַנקנאָטן.

פון דירה־געלט, וואָס האָבן באַטראָפן לפי־ערך 60%, זענען לעצטנס געפאַלן ווידער מיט 10 פּראָצענט. בשעת מען האָט זיך געווענדעט צו אַ וואַרשעווער גביר צו באַשטייערן זיך פאַר די פליטים, האָט ער געענטפערט: דאָס וועט נישט העלפן, די פּענטאַקעס וועלן סיי ווי מוזן אויסשטאַרבן. דאָס איז די דענקאַרט פון די וואַרש[עווער] גבירים, וועלכע ווילן נישט געבן קיין גראָשן פאַר די פליטים. — מען זאָגט, אַז דאָס באַפרייען טשערניאַקאָוון האָט געקאָסט דער קהלה 20 טויזנט זל. דאָס געלט ווערט יעדע נאַכט פאַרשיכורט אין „קאַסאַנאָוואַ". שטערנפעלד דערקלערט, אַז צו דעם געלט רירט ער זיך נישט צו. ער מוז עס פאַרשיכורן, וויפל אמת אין דעם, נישט באַוווּסט.

17 אפריל 41

26 אפריל 1941

מיין ליבער![168]

געהערט פאָלגנדיקע אינטערעסאַנטע טעאָריע, וואָס דאַרף באַרעכטיקן דאָס מאַרטירערטום פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג. יידן זענען אַ קריגספירנדער צד, דעריבער מוזן זיי ברענגען קרבנות (די מיינונג פון ה. איגנאַצי)[169]. — אין דער צייט פון קריגסצוג 1939 איז אויפן מזרח פראָנט געקומען אַ מיטינג פון פוילישע זעלנער, אויף וועלכן מען האָט זיך פאַרטראַכט איבער דער פראַגע, צי גיין קיין וואַרשע אָדער קיין מזרח. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פונאַנדערפאַל פון דער פוילישער אַרמיי. אין איינעם פון די קריגסגעפאַנגענע־לאַגערן (ר. יצחק)[170] געהייסן די יידן איבערחזרן: אַזוי לאַנג וועט נישט זיין קיין רו, ביז וואַנען עס וועט פאַרשווינדן דער לעצטער ייד און דער לעצטער פאַפּאַס (מסתמא אַ ציטאַטע פון באַקאַנטן ווערק)[171]. — די יידן טרייסטן זיך מיט חלשות־טראָפן: די מפּלה יוגאָסלאַוויע דערקלערט מען, אַז די ענגלענדער זוכן פונאַנדערציען דעם פראָנט, זיי זוכן רוים. די מפּלות האָבן געמאַכט אַ דערדריקנדן איינדרוק אויף יידן. עס וואַקסט דער יאוש און האָפנונגסלאָזיקייט. עס איז דאָ אַ שטימונג, מען וויל אונדז אינגאַנצן אויסהונגערן און קיין אויסוועג איז נישטאָ אַחוץ אַ נס. מיט עטלעכע טעג צוריק פאַסירט פאָלגנדער פאַל. גנבים געפונען אין אַ קעלער אויף מוראַנאָוו 31 צוויי ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, פאַרלאַנגט צוואַנציק טויזנט זל. לא יחרץ־געלט. דער הויף זיך געווענדעט אויף לעשנאָ 13, זיי געמאָלדן דער מאַכט, אַז זיי פירן אַן אויספאָרשונג. —

168) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.
169) וואַרשעווער — ד"ר איגנאַצי (יצחק) שיפּער.
170) וואַרשעווער — יצחק גיטערמאַן (1899 — 1943), דירעקטאָר פון „דזשוינט" און אונטערשטיצער פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.
171) געמיינט היטלערס „מיין קאַמף".

געהערט אַ מיינונג: די מלחמה אַנטפּלעקט דאָס בעסטע און דאָס ערגסטע, ווי אין אַ גרויסער היץ ווערט אַלץ געלייטערט. הילף פאַר יידן און חיהשער אַנטיסעמיטיזם, שטיינהאַרציקייט און גרעסטע אָפּפערווויליקייט פאַר די הונגער־ליידנדע. געזען אין גאַס אַ בעטלער מיט אַ וויגעלע — אויך אַ גוטער איינפאַל ווי אַרויסצובאַקומען געלט. קינדער 3־יאָריקע בעטלען אין די גאַסן. אין אַ יידן[ישער] דירה קען מען היינט נישט רוען. מען קלאַפּט פון ביידע זייטן טיר אומאויפהערלעך. אין די ערשטע פרילינגטעג הערט זיך מוזיק אויף די גאַסן. אַרבעטסלאָזע ייד[ישע] מוזיקער שפּילן און מאַכן אַ לעבן. דאָס אַרויסכאַפּן ברויט, וואָס איז פון אָנהויב געווען אַן אויסדרוק פון הונגער, איז לעצטנס געוואָרן אַ פרנסה. פאַראַן אַזעלכע, וואָס כאַפּן אַרויס דאָס ברויט, צעברעכן גלייך אָדער עסן זיך גלייך איין אין ברויט, כדי מען זאָל נישט קענען צוריקנעמען. עס קומען פאָר פאַלן פון פאַרקויפן טיילן פון הייזער, הגם די הייזער זענען אונטער קאָמיסאַרישער לייטונג. בשעת דער פּסח־אַקציע דער מיליאָנער פון לוויוויטש ראַוויצקי צוויי מאָל געחלשט אויפן וועג פון הונגער. קאָן און העלער זענען אַרויס פון לעש 13 און מאַכן אַ באַזונדער קרעמל. איינקויף־געלט צו ווערן ביי זיי אַ מעקלער קאָסט 500 זל. לעצטנס פּאַסירט אַזאַ פאַל: געקומען יענע און געהייסן קומען דעם צווייטן טאָג אין די אַלייען. געקלונגען צו קאָנען. ער האָט טאַקע געהערט וועגן דעם ענין. פאַר טויזנט זל. האָט מען שוין נישט געדאַרפט קומען דאָרט.

אין לאָדזש באַקומען די אָרעמעלייט 9 מאַרק פון דער קהלה, נישטאָ אין די גאַסן קיין בעטלער. — דער פירער פון דער טראַנספערשטעלע האָט אַ טבע נישט צו רעדן מיט יידן. פאַראַן אַזעלכע דיגניטאַרן, וואָס פּרינציפּיעל נעמען זיי נישט אויף קיין יידן. אין דער טראַנספערשטעלע הייסט מען עפענען די פענסטער צוליב דעם געשטאַנק, וואָס די יידן האָבן אָבגעמאַכט. — די ייד[ישע] משוגעים פון גאַנצן לאַנד ווערן קאָנצענטרירט אין זאַפּיווקע, אַהין זענען געבראַכט געוואָרן איבער 100 משוגעים פון טוואָרקי און 30 פון קאָביעזשין. צוזאַמען איז דאָרט פאַראַן אַ 400 קראַנקע, וועלכע גייען אויס פון הונגער. לעש 13 האָט לעצטנס באַקומען אַ דערלויבעניש איינצופירן אַ גרעסערן סכום קאַרטאָפל און דערביי גוט פאַרדינט (איבער הונדערט טויזנט זל.). לעש 13 וועט האָבן אַן אייגענע תפיסה און אַ קרימינאַל געריכט. — דער 19, 20 און 21 אַפּריל וועלן פאַרבלייבן אויף אייביק אין זכרון פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג אין וואַרשע. דאָס האָט די ייד[ישע] גמינע מיט דער הילף פון ייד[ישער] פּאָליציי באַנייט די טרויעריקע טראַדיציע פון מענטשן־כאַפּעריי. די קאָפּיע איז געווען אַ געטרייע, ווי מע וואָלט אין אַ ליכט־בילד פאַרגעשטעלט אַ בילד פון דער טרויעריקער פאַרגאַנגענהייט. די סיבה פון דער כאַפּעריי איז געווען פאָלגנדע: די קהלה האָט געדאַרפט דעם טאָג צושטעלן 1500 מענטשן אין אַרבעטסלאַגערן. געשטעלט האָבן זיך בלויז 50. ווען די פּאָליציי (ייד[ישע] און פּוילישע) האָבן געזוכט די שולדיקע, האָט מען געטראָפן אין די דירות

נאָר 130, דער רעשט האָט נישט גענעכטיקט אין די דירות. דערצו האָבן גורם געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך די רעמיניסצענצן פון די פאַראַיאָריקע אַרבעטס־לאַגערן, בעת וועלכע כמעט 100% איז צוריקגעקומען מיט פעלערן, פיזיש און גייסטיק צעבראָכן. די צווייטע סיבה איז די פאַרברעכערישע באַציונג פון דער קהלה, וועלכע האָט סיי פאַראַיאָרן, סיי היי־יאָר גאָרנישט געטון, כדי צו לינדערן די לאַגע פון די משפחות פון די לאַגעריסטן, מען האָט אויך גאָרנישט געטון, כדי צו לינדערן די לאַגע פון די לאַגעריסטן גופא. די פאַרשטייער פון דער קהלה, וואָס זענען פאַראַיאָרן געפאָרן אין די לאַגערן, האָבן אַפילו נישט באַזוכט די לאַגערן און צוריקגעקומען מיט גרויסן, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג. די דריטע סיבה איז די הימל־שרייענדע עוולה, אַז אין די לאַגערן ווערט גענומען בלויז די אָרעמקייט. די רייכע ייִנגלעך אַרבעטן אין דער פּאָליציי, אין געזעלש[שאַפלעכע] אינ־סטיטוציעס, זיי זענען פאַרזיכערט אין קראַנקן־קאַסע אַלס כלומרשט באַ־שעפטיקטע אין פאַרשידענע פירמעס און ועל כולם קאָנען זיי זיך אויסקויפן פון די אַרבעטסלאַגערן. מען קויפט זיך אויס פאַר גאָר קליינע סומעס. איך קען אַ גביר אדיר, וואָס צאָלט פאַר זיין זון הונדערט זל. אַ חודש. אַ סך רייכע זינדלעך קויפן זיך אויס ביי ייִד[ישע] דאָקטוירים בשעת אונטערזוכונגען. דאָ איז פאַראַן אַ שותפות פון ייִד[ישע] מיט יענע דאָק־טוירים, וואָס שרייבן אונטער די צייגענישן. עס זענען פאַראַן מעקלערס, וואָס פאַרמיטלען ביי דעם עסק. ביי אַזאַ קאָרופּציע איז נישט קיין חידוש, וואָס די אָרעמקייט האָט זיך צעבונטעוועט און נישט געוואָלט גיין אין די לאַגערן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אויף 45 טויזנט מענער, וואָס האָבן זיך געדאַרפט רעגיסטרירן צו די לאַגערן, האָבן זיך 11 טויזנט נישט געמאָלדן. עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אַזאַ צאָל האָט זיך באַ־וווסטזיניק נישט געשטעלט. די אַרבעטס־פאַרטיילונג איז נישט בלויז קאָ־רומפּירט, נאָר אויך פולשטענדיק אינדאָלענט. יעדע קלייניקייט (צוגאָב־רעגיסטראַציע) פאָדערט פון יעדן איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג. כדי זיך צו אונטערזוכן דורכן דאָקטאָר, דאַרף מען אָפּשטיין אַ 2 — 3 טעג פון 5 אין דער פרי. אין דער זעלבער צייט קען מען זיך אַריינבאַקומען דורך אַ זייטן־אַריינגאַנג פאַר אַ 5 — 10 זל. קיין שום זאַך איז נישט געווען פאַרויסגעזען. אַ פולשטענדיקער באַלאַגאַן און צעפוילטקייט. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז די פירער פון דעם אַרבעטס־אָפּטייל האָבן פאַרלוירן די קעפּ און נישט קענענדיק באַהערשן די לאַגע האָבן זיי זיך גענומען צו מענטשן כאַפּעריי. די ערשטע נאַכט איז געווען אַ שוידערלעכע. זי האָט עס געבראַכט דער ייִד[ישער] פּאָליציי דעם ערן־נאָמען „גענגס־טערס", וואָס איז איבערגעחזרט געוואָרן הונדערטער מאָל אויף פאַרזאַמ־לונגען פון די הויז־קאָ[מיטעטן] וועגן דעם ענין. די ייִד[ישע] צוזאַמען מיט דער פּוילישער פּאָליציי האָט שטאָט צו זוכן די, וואָס האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין דער נאַכט פון 19 אויפן 20, באַזעצט גאַנצע הייזער און פאַר־לאַנגט אויסקויף־געלט. מען פאַרציילט וועגן איין פּאָליציאַנט, וואָס האָט

יענע נאַכט פאַרדינט 5 טויזנט זל. מען איז אַריין צו יידן איבער 40, צו קראַנקע און פאַרלאַנגט פון זיי אויסקויף־געלט. פאַרשטענדלעך, אַז געווי־מען האָט מען בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט אויסקויפן, אָדער אַזעלכע, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן אַלס קראַנקע. אַלס איינציקע שפּיי־זער. צווישן די געכאַפּטע האָט זיך געפונען א טאַטע פון זיבן קינדער דאָס ייִנגסטע 2 וואָכן. מען האָט באַזונדערס געמאַכט אָבלאַוועס אין די פּליטים־פּונקטן, צונעמענדיק פון דאָרט די מענער, אויסגעהונגערטע, פאַר־פּייניקטע. עס האָט מיר דערציילט אַ פּאָליציי־אָפיציר, אַז אין איין פּונקט האָט אים אַ פּליט געקושט די שטיוול און אויף די קני געבעטן, מען זאָל אים לאָזן ביי דער פאַמיליע, וועלכע ער באַשפּייזט. דער פּאָליציי־אָפיציר האָט מיר דערקלערט: איך בין גרייט אָנצוקומען 5 יאָר פון מיין לעבן, כדי נישט דאַרפן איבערצולעבן אַזעלכע שרעקלעכע טראַגעדיעס. דעם צווייטן און דריטן טאָג זענען ווייטער פאָרגעקומען אָבלאַוועס, וועלכע האָבן פולשטענדיק פאַראַליזירט דאָס לעבן.

די באַזאַרן זענען כמעט נישט געווען טעטיק, ווייל מען האָט נישט האָנאָרירט קיין שום לעגיטימאַציעס פון כאַריטאַטיווע אינסטיטוציעס. מען האָט אָפּגעשלאָסן גאַנצע בלאָקן הייזער און דערנאָך גאַנצע גאַסן זוכנדיק סתם יונגעלייט און ווידער האָט געבליט כאַבאַר. די רעוויזיעס האָבן קיין גרויסע רעזולטאַטן נישט געגעבן, ווייל דער עולם האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלערן, בוידעמס און געוועלבער, סקלאַדעס, באַהאַלטענע צימערן און יחידים אויף יענער זייט. גאַנצע נעכט איז די יוגנט נישט געשלאָפן, וואַרטנדיק אויפן סיגנאַל פון סטרוזש, אַז די שומרים גייען. עס זענען גע־ווען עקלהאַפטע טעג, וואָס וועלן בלייבן אַ שאַנד־פלעק פון דער ייד[ישער] קהלה. די אויפרעגונג פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג קעגן דער קהלה איז דעריבער טאַקע געווען אַן אומבאַשרייבלעכע, אמבולטסטן איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אויף דער פאַרזאַמלונג פון ה. ק. [הויז־קאָמיטעטן] גערופן אין דער קהלה, אויף וועלכער מען האָט געוואָלט ווירקן אויף [דער] באַפעלקערונג, מען זאָל זיך צושטעלן צו די לאַגערן. אויף דער פאַרזאַמ־לונג האָט מען כסדר איבערגעריסן די אָפיציעלע רעדנער. מיט פאַרשיי־דענע פּראָטעסט־אויסרופן געגעבן צו וויסן די שטימונג פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג. אויף דער דאָזיקער זיצונג האָט דאָס דער לייטער פון דער [אַ]רבעטס־אָפּטיילונג ראַטמאַן ראָזען אַרויסגעזאָגט די „גאָלדענע" ווערטער וועגן דער פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די פאָרזיצערס פון ה. ק. פאַר דעם נישט צושטעלן זיך פון די לאַגעריסטן. ווי דער מנהג איז ביי דער קהלה, האָט מען נישט צוגעלאָזן צו קיין שום דיסקוסיע. די פאַר־זאַמלונג איז דעריבער אויפגעלעזט געוואָרן ביי הילכיקע פּראָטעסטן פון די פאַרזאַמלטע. אויף דער דאָזיקער פאַרז[אַמלונג] האָט דער פאָרזיצער פון ה. ק. לעש 2, שפּירא, אויסגערופן: ווו איז דער פירער פון די גענגס־טערס, [בא] וועלכע מיר האָבן זיך געמוזט אויסקויפן די לעצטע נאַכט. ער מיט נאָך 2 אָנטיילנעמער זענען דעריבער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך

דער ייד[ישער] פּאָליצײ, אָבער אין איניקע מינוטן שפּעטער האָט מען זיי געמוזט באַפרייען צוליב די שטורמישע פּראָטעסטן פון די פאַרזאַמלטע. — פאַראיאָרן זענען אין די לאַגערן געווען קאַליקעס, אַ ייד מיט איין פוס. מען האָט אין לובלין, זאַמאָשטש געכאַפּט אין די גאַסן, אַבי אויסצופילן דעם קאָנטינגענט. דער לייטער פון דער אָפּטיילונג אינערע פאַרוואַלטונג אין דיסטריקט, מאָנס האָט צוגעשיקט אַ בריוו צו דער קהלה, אַז אין פאַל יידן וועלן נישט געבן די געהעריקע קאָנטינגענטן, וועט מען אָפּשטעלן די באַשפּייזונג פון געטאָ און די אַרבעטסלאַגערן וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין שטראָפלאַגערן. דאָס האָט געווירקט, אַז דער בירגער־קאָמיטעט האָט גערופן פאַרזאַמלונגען פון ה. ק. און אַגיטירט צו גיין אין די אַרבעטס־לאַגערן. דער פאַרשטאָרבענער אַדוואָקאַט בערענסאָן[172] האָט אויף דער זיצונג דערקלערט, אַז עס איז דער חוב פון 50 עסקנים זיך מעלדן פרייוויליק אין די לאַגערן, כדי צו ווירקן אויף דעם עולם, אַז ער זאָל דערפילן זיינע פליכטן. עס האָבן זיך געפונען רעדנער, ווי ד״ר וויעליקאָווסקי[173], וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ נאַציאָנאַלע פליכט. אַנדערע, מער ניכטערע, האָבן אָנגעוויזן, אַז מען קען נישט אויסבאַהאַלטן קיין צענדליקער טויזנטער מענטשן און מען מוז געדענקען די שרעקלעכע פאָלגן, וואָס דאָס קען האָבן פאַרן כלל. איינער פון אַרבעטס־אַמט האָט דערקלערט: מיר האָבן זיך אַן עצה געגעבן מיט אַנדערע, וועלן מיר זיך נישט געבן קיין עצה מיטן געטאָ? ער האָט געדראָט מיט אַ שטראָף־עקספּעדיציע פון ס.ס., וועלכע וועלן כאַפּן צו דער אַרבעט. פאַראיאָרן האָבן די עטלעכע טויזנט לאַגעריסטן פון וואַרשע געאַרבעט אין 56 לאַגערן. הייאָר האָט מען באַשלאָסן צו באַשעפטיקן די לאַגעריסטן לויט לאַנדסמאַנשאַפטן. אין אַ טייל לאַגערן, ווי למשל, קאַמפינאָסער פּושטשע האָט מען אויסגעבויט לוקסוס־באַראַקן. אין די ערשטע טעג האָבן זיך געמאָלדן ביז 2.000 פרייוויל[יקע]. די ערשטע גרופּן פון די לאַגערן, באַזונדערס פון לוויוויטש, זענען געווען שלעכטע: 200 גראַם ברויט, דערצו אַרבעט אין וואַסער ביים רעגולירן די בזורע. האָנטוערקער און בכלל ווירטשאַפטלעך־אַקטיווע ווערן באַפרייט פון די לאַגערן. די אויפרעגונג פון יידן צו די כאַפּערס געווען אַזאַ גרויסע, אַז אַ דעלעגאַציע פון אָפיצירן פון פּאָליצײ האָט זיך געמאָלדן אין דער קהלה דערקלערנדיק, אַז זיי ווילן נישט, מען זאָל זיי באַנוצן צו דער דאָזיקער מיאוסער אַרבעט. אַ טייל האָבן דערקלערט גרייט אַליין צו גיין אין לאַגער, אַבי נישט צו דאַרפן כאַפּן צו דער אַרבעט. איניקע פון די

---

172) לעאָן בערענסאָן (1882 — 1941). באַוווסטער אַדוואָקאַט, אַ פּאַרטייִדיקער אין פּאָליטישע פּראָצעסן, אַ פאָרשפּרעכער פון אַסימילאַציע פון די פוילישע יידן, געשטאַנען נאָענט צו פּ.פּ.ס.

173) ד״ר גוסטאַוו גאַמזיא וויעליקאָווסקי, באַקאַנטער אַדוואָקאַט, קרימינאָלאָג, פּרעזידיום=מיטגליד פון ייד. געזעלשאַפטלעכער אַלייניהילף, ראַטגעבער פונעם דיסטריקט=שעף אין פראַגן פון סאָציאַלער שוץ, שפּעטער אויך פּרעזידיום=מיטגליד פון יודענראַט.

פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט ביים נעמען כאַבאַר, האָט מען געשיקט אין די לאַגערן. (אַ גאַנץ קליינעם טייל). איינער, וואָס האָט פאַרדינט 5 טויזנט זל. איין נאַכט, איז נאָך עטלעכע טעג פאַרשיקן אין לאַגער געקומען צו פאָרן מיט אַ שומר אויף איינקויפן פּראָדוקטן. ער האָט דערקלערט, אַז פאַר 200 זל. קען ער באַפרייען פון לאַגער. דער לאַגער־שוץ, וואָס רעקרוטירט זיך פון דעם רוב אוקראַינער, באַשטייט פון אויסוואורפן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פילן דער ייד[ישער] באַפעלקערונג. נעכטן דעם 25 אַפּריל האָבן זיי געפּרוווט דויבן אין ייד[ישע] געשעפטן. יענע האָבן זיי געכאַפּט, פאַרקאָוועט אין קייטן און אַוועקגעפירט. היינט דעם 26 איז פאַרגעקומען דאָס זעלבע. אין לוויוויטש, פאַרציילט מען, אַז איינער פון ל. ש. (לאַגער־שוץ) האָט באַגאָסן אַ יידישן יונגערמאַן מיט בענזין און אונטערגעצונדן. זיי טראָגן ביקסן און זענען באַקליידעט אין גרינע מונדירן. אין קאָלעגיום — זשעלאַזנע 84 האָט די פויל[ישע] פּאָליציי פון 700 געכאַפּטע אַרויסגעלאָזט 400, אַזוי אַז סוף כל סוף זענען געבליבן בלויז די אַרעמעלייט. ווי ווייט מען האָט פיינט די קהלה און באַשולדיקט זי אין אַלדאָס בייז, קען דינען דער קלאַנג, אַז ס'האָבן זיך געמאָלדן אַ סך פרייוויליקע פון וועלכע מען האָט אָבער פאַרלאַנגט צו 50 זל. עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז בלויז אַ קלאַנג. מען האָט באַשולדיקט, אַז די קהלה האָט נישט געוואָלט נעמען קיין פרייוויליקע, כדי צו נעמען געלט ביים עולם. די הילף פון ה. ק. פאַר לאַגעריסטן איז זייער אַ גרויסע. מען באַזאָרגט די אַוועקגייענדיקע מיט וועש, מלבושים, שיך, געלט, מען שטיצט די פאַמיליעס וכדומה. אויף 1700 ייד[ישע] פּאָליציאַנטן זענען פאַרפירט געוואָרן פּראָצעסן קעגן 700. בשעתן אַננעמען אין פּאָליציי האָט געאַרבעט אַ געז[עלשאַפטלעכע] קאָמיסיע, פון אַלע מיטגלידער איז טעטיק געווען בלויז קופּטשיקער. ער האָט געמאַכט דערביי אַ סך געלט. אַ קאָפּ האָט געקאָסט אַ 500 זל. ביי דער פּאָליציי איז אַ וויכטיק פּראָבלעם: גומענע צי הילצערנע שטעקעלעך. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז הילצערנע זענען געפערלעכער, ווייל זיי צעברעכן די ביינער. גומענע זענען דערווייל אין געטאָ נישט צו באַקומען. דאָס בילד פון די גאַסן אין די טעג פון 19, 20 און 21 — בלויז פרויען אין די גאַסן. וויינענדע פרויען רינגלען אַרום די געכאַפּטע, וועלכע מען האָט דעם ערשטן טאָג אַוועקגעשיקט אָן קיין שום זאַכן אַזוי, ווי זיי זענען געשטאַנען. אַ דריייאָריק קינד האָט מיט געוויין געבעטן אַ פּאָליציאַנט נישט צוצונעמען דעם טאַטן. ווער וועט געבן ברויט? דער פּאָליציאַנט האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס בילד וועט אים פייניקן דאָס גאַנצע לעבן. די אומגעלומפּערטקייט פון דער קהלה: די באַפרייטע פון אַרבעטסלאַגערן האָט מען אַ לאַנגע צייט נישט אַרויסגעגעבן קיין באַפרייאונגס־קאַרטעס, ווייל די דאָקטוירים האָבן אין דער ערשטער ריי אַרויסגעגעבן די, וואָס האָבן זיך ביי זיי אויסגעקויפט, דעריבער האָבן זיי נישט געהאַט קיין צייט אַרויסצוגעבן די באמת באַפרייטע. ביי דער כאַפּעריי האָט מען, פאַרשטייט זיך, צוגענומען אויך אַזעלכע, וואָס זענען באַפרייט

געוואָרן, וועלכע האָבן אָבער נישט געהאַט דערויף קיין באַווייזן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט געכאַפּט צו די לאַגערן מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין דער ריי זיך צו רעגיסטרירן אין די אַרבעטסלאַגערן. פֿולשטענדיקע קאַפּלאָזיקייט און הפֿקרות.

עס זענען באַפֿרייט געוואָרן 1300 רבנים. אין גאַנץ פּוילן איז קיינמאָל נישט געווען אַזאַ צאָל! געהערט פֿון אַ לאָדזשער פּליט, אַז דער רעדאַקטאָר פֿון דער לאָדזשער צייטונג, אַ געוועזענער דעמאָקראַט קאַרגעל, האָט ביים ייד[ישן] מאָלער האַנעמאַן[174] באַשטעלט אַ בילד פֿון אים אויף די חורבות פֿון וואַרשע, אָבער אַלס דעראָבערער פֿון וואַרשע. נאַטירלעך זהאָט דאָס בילד געזאָלט אונטערגעשריבן ווערן דורך אַן אַרישן מאָלער. קאַרמעליצקאַ האָבן די קינדער אָנגערופֿן „וואָנווז שמיערצי"[175]. איינער פֿון ל[אַגער]־שוץ האָט דעם 20־טן פֿאַרוווּנדעט (אָדער דערשאָסן) אַ פֿרוי מיט אַ קינד בשעת זי האָט אַרויפֿגעקוקט צו איר מאַן אין קאָלעגיום. — ה.[יטלער] קעמפֿט פֿאַר ראַסע, סטאַלין פֿאַר קלאַסע און ענגלאַנד פֿאַר קאַסע. דער סטיל פֿון דער קהלה: מאַלטשאַט, ניע ראַססוזשדאַט[176], אויף קיין שום פֿאַרזאַמלונג דערלאָזט מען נישט קיין דיסקוסיע, העכסטנס אַנפֿראַגן. אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דאָקטוירים וועגן שטשעפּיאָנקע, נישט דערלאָזט צו דיסקוטירן. די באַציונג צו טשערניאַקאָוון ווי צו אַן אָפּגאָט. זיינע פֿאַראָרדענונגען זענען נישט דיסקוטאַבל. יעדעס וואָרט זיינס איז אַ באַפֿעל. בכלל איבערגענומען, נאָכגעמאַלפּעוועט דעם פּרינציפּ פֿון פֿירערטום. די באַציונג צו דער קהלה כאַראַקטעריזירט פֿאָלגנדער פֿאַל: אויף אַז אַנטימאַציע־פֿאַרז[אַמלונג] פֿון טאַפּאַראַל געשטעלט די ערשטע פֿראַגע דורך איינעם פֿון עולם: האָט איר אַ שייכות צו דער קהלה־ווירטשאַפֿט, פּריוואַטע פּערזאָנען באַקומען גאַנצע טאָנען קוילן, בשעת די קיכן, אינטערנאַטן מוזן נוצן צו 1500 זל. אַ טאָן קוילן. דער אָפּנעמער קען נישט זיין ביים וועגן די קוילן. מען גיט אים אַ פּאַרטיקן וואָגן. אויב מען גיט דעם טרעגער אַ 20 זל. באַקומט מען נישט קליינע קוילן, נאָר גאַנצע שטיקער. אויפֿן וועג אָפּערירט אַ גאַנצע באַנדע, וואָס צענעמט דעם וואָגן קוילן, אויב מען גיט נישט קיין אויסקויף־געלט. די שטאַרביקייט פֿון דער ייד[ישער] באַפֿעלקערונג אַ קאָלאָסאַלע: געוואַקסן פֿון 150 אויף 500 — 600 אַ וואָך. מענטשן שטאַרבן אין גאַס. ווען מען האָט זיך געווענדעט צו אַ מוטער, פֿאַרוואָס זי איז אַרויס מיט די קינדער אין גאַס, האָט זי געענטפֿערט, אַז זי וויל נישט שטאַרבן אין שטוב נאָר אין גאַס. אין גאַס ליגן מאַסן פֿאַרחלשטע. אויסער אמת פֿאַרחלשטע זענען דאָ סימולאַנטן, וואָס

174) מאַקסימיליאַן האַנעמאַן, אַ יידישער קונסט־מאָלער, געמאָלט פּוילישע פּייזאַזשן און ארץ־ישראל־מאָטיוון. אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

175) פּויליש: באַרגשפּאָלט פֿון טויט.

176) רוסיש: שווייגן, נישט טראַכטן — לאָזונג פֿון די צאַרן (אויספֿירן די באַפֿעלן אָן טראַכטעניש).

חלשן יעדע פאָר מינוט. אויב מען קען נאָך דורכגיין, ווען יענער שרייט נאָך ברויט, שטעלט מען זיך אָבער אָפּ, ווען יענער ליגט אַ פאַרחלשטער. געוויינלעך גיט מען אַזעלכע ברויט, אַ גלאָז טיי וכדומה. דער יקרות און דער דאָלאַר שפּרינגען לויט די קלאַנגען וועגן מלחמה מיט רוסלאַנד. דעם 21־טן אַפּריל האָט מען גערעדט וועגן פּאַרטונקלען, איז ברויט געשטיגן פון 7 אויף 11 זל. און די „האַרטע“ (גאָלד־דאָלאַר) אויף 240, ווייכע 60 זל. דאָס בילד האָט זיך לעצטנס כסדר איבערגעחזרט. ווי נאָר עס דערהערט זיך אַ קלאַנג וועגן מלחמה פאַרשווינדן די פּראָדוקטן, און דאָס ברויט מיטן דאָלאַר שטייגן, דאָס זעלבע קאַרטאָפל, וואָס האָבן שוין געקאָסט 4 זל., היינט דעם 26 אַפּריל 2.40.

רב נוס[177] איז געוואָרן אַן אורוגווייער בירגער און זיך איבערגעצויגן אויף יענער זייט. מען האַלט, אַז דאָס איז נישט דווקא אין הסכם מיטן פּראָלעטאַרישן כלל: אַרויסצוראַטעווען זיך אַליין און אַרויסנעמען זיך פון כלל. — לעצטנס אַנטלויפט מען פון וואַרשע צוליב דער ביליקייט אין דער פּראָווינץ. מען פאָרט אַרויס מיט פאַרשידענע אויטאָס. עס ווערן לעצטנס אַלץ נייע אַרויסגענג פאַרמויערט. דאָס פאַרקלענערט די מעגלעכקייט פון שמוגל און שטעלט פאַרן געטאָ די סכנה פון הונגערטויט, ווייל מיט דער קנאַפּער צאָל קאָנטינגענט־אַרטיקל מוז מען אויסגיין פון הונגער. אַ בילד: אויף שעננאַ אָדער שליסקאַ לאָזט זיך אויף דער מויער אַ קריסטלעכער שמוגלער. די שומרים, באַהאַלטן אין טויער, דערשיסן אים. ער פאַלט אַראָפּ אַ טויטער אין געטאָ. אויף דער מויער באַווייזט זיך זייער אַ באַן־ אָדער פּאָסט־ באַאַמטער, ער באַזוכט אים די קעשענעס, נעמט ביי אים אַלץ צו און קריכט צוריק אַריבער. דאָס אַלץ געשעט 12 ביים טאָג אין די אויגן פון שומרים פון ביידע זייטן. — בשעת אַ שטורעם פליט אין די לופטן דאָס מיסט. וועגן דער קאָרופּציע אין געטאָ. די פינאַנס־קאָמיסיע פון די אַר־בעטסלאַגערן פון דער קהלה בראש מיט רעגירער, דעם פּאָרזיצער, האַלט פון דער טעאָריע פון דעמאָקראַטישע שטייערן, ווייל קיין רייכע לייט זענען נישטאָ. 40% פון פּרייז פון מעדיצין נעמט צו די קהלה — אויך אַ דעמאָ־קראַטישער שטייער. פון 500 געשיקטע קיין לוויוויטש זענען 150 צוריקגע־קומען, אַלס קראַנקע; 3 זענען געשטאָרבן. די סיבה אַ פּשוטע: אויסגעמאַ־טערטע פּליטים זענען צוויי טעג געלעגן אין קאַלעגיום אָן שפּייז. אין לוויוויטש האָבן זיי ביי אַ שווערער אַרבעט באַקומען 200 גראַם ברויט אַ טאָג. אַפילו די מתים האָבן נישט קיין רו אין געטאָ. אויפן בית־עולם הערט מען כסדר שיסערייען אין צוזאַמענהאַנג מיט שמוגלען. קאָן און הע־לער, וואָס זענען אַרויס פון לעש 13 האָבן געעפנט אויף לעש 14 אַן

177) מוריצי אָזשעך (1889—1943), פּאָרזיצער פון אונטערערדישן צ ק. פון „בונד“, אַרעסטירט אין אויגוסט 1943 ביים פּרוּוו פון אַריבערגיין די גרענעץ אין קאָלאָמיי (מזרח־גאַליציע) און דערמאָרדעט דורך געסטאַפּאָ אין דער וואַר־שעווער פּאַוויאַק־תפיסה. אָזשעך באַטייט אויף פּויליש — אַ נוס. אַ טעות: אין ערשטער העלפט 1942 איז אָזשעך געווען אין געטאָ.

אייגן האַנדלס־הויז — אַזוי הייסט די פירמע. לעצטנס קאָנוולסיעס פון פרייזן: ווען דער הילכער זאָגט אָן איינס אַזייגער נישט גינסטיקע ידיעות, שפרינגען די פרייזן. ווען דער הילכער לייקנט אָפּ די קלאַנגען וועגן פאַרשאַרפטע באַציונגען — — אַזוי דרייט זיך כסדר. — ווי ווייט איז פון באַרדיעו[178] קיין סאָכאַטשאָוו? — פרעגט אַ ייד בשעת מען האָט אים פאַרציילט די בשורה, אַז ענגלענדער האָבן אָפּגענומען די שטאָט. די לאַגע פון דער אינטעליגענץ לעצטנס פאַרצווייפלטע. עס האָט זיך שוין אַלץ אויסגעלאָזט, מען האָט שוין אַלץ פאַרקויפט, מען ווערט געשוואָלן פון הונגער. פון אויסלאַנד קומען אָן פּעקלעך, עטלעכע טויזנט אַ טאָג, אָבער נישט אין דער פּראָפּאָרץ צו אונדזער לאַגע. עס ווייזט אויס, אַז מען גיט זיך נישט אָפּ קיין דין־וחשבון וועגן אונדזער לאַגע. אָנגעקומען גרוסן פון לאָדזש, אַז דאָרט איז די פסח־אַקציע אַדורך גוט. יעדער ייד באַקומען 2½ קילאָ מצות און 9 אייער. די קהלה באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען שולן פאַר פינף טויזנט קינדער און פיר בתי־תפילות. די שולן אין יידיש און העברעיש. — די טאָוולען מיט די אויפשריפטן לכבוד די גרינדער פון די באַזונדערע פאַוויליאָנען זענען אויף טשיסטע פאַרמויערט געוואָרן. — איינער פון די יידישע געלערנטע פאַרגליכן דאָס געטאָ מיט דעם ספּאָלאַריום, ווו עס האָבן געוווינט די גלאַדיאַטאָרן. מען פלעגט זיי אַראָפּרייסן די מלבושים און לאָזן נאַקעט.

26 אַפּריל 41.

7 מאַי 1941

מיין ליבער!

דער מאַנגל פון ברויט לאָזט זיך שטאַרק פילן. די פאַרטייל־פּונקטן גיבן אַרויס באָנע־ברויט אָן שום סדר. מ'באַקומט זעלטן ברויט און בכלל ווייסט מען נישט אויף וועלכן נומער מע באַקומט ברויט. פאַרן געטאָ איז יעדע וואָך פלאַקאַטירט געוואָרן, וואָס און אויף וועלכע נומערן ס'וועט אַרויסגעגעבן ווערן די נעקסטע וואָך. נאָכן שאַפן פונעם יידישן וויך־קוואַרטל האָט דאָס לגמרי אויפגעהערט, די געוועלבער דערקלערן, אַז דאָס איז ווייל די קהלה נעמט איבער די אַפּראָוויזאַציע.

פון לאָדזש קומען ווייטער אָן שרעקלעכע ידיעות. עס איז לגמרי נישטאָ קיין שום הייץ־מאַטעריאַל. דער עולם צעהאַקט די שרענק און בעטן. דאָס איז שוין דאָס לעצטע, וואָס די יידן האָבן אַרויסגעראַטעוועט. לויט די ידיעות איז אויך אין שטאָט, מחוץ דעם געטאָ, אַ שרעקלעכער מאַנגל אין הייץ־מאַטעריאַל.

---

178) באַרדיע, אַן אָרטשאַפט ביי דער גרענעץ פון עגיפטן, וואָס איז דעמאָלט פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן.

מען דערציילט, אַז לעשנא 13 באַקומט ווייטערע הייזער אין אַדמי־ניסטראַציע אויף שוו.יערסקי און בן־הזעוקי און מען אַנגאַזשירט ווייטער פרישע מענטשן.

די קלאַנגען וועגן פאַניען[179] מיט געגנייע דאַטן פאַרשטאַרקן זיך כסדר. דאָס איז די טעמע פון אַלע געשפּרעכן. עס קומען אָן כסדר בריוו פון יענער זייט וווּ עס ווערט איבערגעגעבן די זעלבע ידיעה. אויך פון בערלין קומען אָן די זעלבע ידיעות און אַפילו פון אויסלאַנד. דער עולם גלויבט שוין אָבער נישט דעריין — ער איז שוין גענוג גענאַרט געוואָרן. ס׳קומען שוין ווייטער אָן ידיעות פון געשטאָרבענע אין אָשוויענטשימער קאָנצענ־טראַציע־לאַגער. ס׳באַקומט זיך דער איינדרוק, דאָס אַלע דאָרט זיינען פאַרמשפּט צום אויסשטאַרבן.

ביי די גרעניצן צווינגט מען שוין ווידער אַראָפּצונעמען די היטלען. פאַר נישט גריסן שלאָגט מען. עס איז צוריק ווי געוועזן.

עס דערציילט אַ לאָדזשער ייד 2 עפּיזאָדן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט: אין דעצעמבער 39 האָט מען מיך גענומען אויף אַרבעט אין דער ייד. גימנאַזיע. אונדזער גאַנצע גרופּע האָט געדאַרפט רוימען די לאָקאַלן. אין קלענערע גרופּן האָט מען אונדז גענומען צום רייניקן די קלאָזעטן. עס איז געוואָרן אַ פראָסט און אַלעס איז געוואָרן פאַרפרוירן. מיר האָבן גע־בעטן כאָטש שטעקעלעך צום רוימען. דערויף זענען אַרויס 4 יונגים[180] מיט שטעקנס און אַלעמען שרעקלעך געשלאָגן. זיי האָבן ספּעציעל געשלאָגן אי־בערן קאָפּ און פּנים. זיי האָבן דערביי געזאָגט: „איר האָט געוואָלט שטעקנס, האָט איר". מיט 2 וואָכן שפּעטער, אין יאַנואַר, האָט מען מיך ווידער גע־נומען אויף אַרבעט אויף עק טאַרגאָווא־פּלאַץ דאָמבראָווסקיעגאָ צו רוימען שניי. דעם שניי האָט מען געדאַרפט אַריבערוואַרפן איבער אַ דראָטענעם פּאַרקאַן. אויף דער צווייטער זייט פון פּאַרקאַן האָט זיך שוין אָנגעזאַמלט זייער הויך שניי האַרט ביי דער וואַנט. די יונגים האָבן אַרויסגענומען פון אַנדערע גרופּעס 2 ייִנגלעך, געצוווּנגען זיי אויסטון די שיך און באָרוויס אַריבערקריכן איבער דעם דראָטענעם פּאַרקאַן אַפּצושאַרן דעם שניי. נישט ווייט האָט זיך געפונען אַן אַריינגאַנג אויפן פּלאַץ, אָבער די יונגים האָבן נישט דערלויבט דורך דעם אַריינגאַנג צו גיין. ווען די ייִנגלעך זיינען שוין געווען אויף דער צווייטער זייט האָבן די יונגים אָוועקגעשליידערט די שיך זייער ווייט פון זיך, אַז מ׳זאָל מוזן אַהינגיין באָרוויס.

---

179) גענוינט: רוסלאַנד, ראַטנפאַרבאַנד.
130) אין דעם פאַל: דייטשן.

6 — 11 מאַי 1941.

מיין ליבער![181]

די ייד[ישע] באַפעלקערונג שטייט יעצט, אין אָנהויב מאַי, אונטערן איינדרוק פון די שרעקלעכע ידיעות, וואָס קומען פון די אַרבעטסלאַגערן, פון וואַנען עס קומען אויך קיין וואַרשע אַ סך אַנטלאָפענע אָדער באַפרייטע צוליב קראַנקהייט פון לאַגער. די עיקר־סיבה פון די טויט־פאַלן (ביזן 6 מאַי 91 טויט־פאַלן) איז די שרעקלעכע באַהאַנדלונג פון די לאַגעריסטן מצד דעם רוב אוקראַאינער שוץ־לאַגעריסטן, ווי אויך די זייער שלעכטע, ממש הונגער־באַשפּייזונג, וואָס איז גורם טויט־פאַלן פון די לאַגעריסטן. די אוקראַאינער האָבן זיך געלאָזט פילן נישט בלויז די לאַגעריסטן נאָר דעם כלל יידן. — עס זענען אין די לעצטע טעג פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי פאַלן פון רויבעריַען אין ייד[ישע] געשעפטן, פון וועלן גענומען למשל ביי אַ זייגערמאַכער לעש 18 אַ זייגערל פאַר 50 זל. פאַר 10 זל. וכדומה. אין די אַלע פאַלן האָט אינטערווענירט דער אָרדנונגסדינסט אָדער דאָס 13־טל מיט דערפאָלג. די זשאַנדאַרמעריע האָט די חברה־לייט פאַרהאַפטעט און אַנטוואָפנט. זייערע חברים פלעגן זיך דערפאַר נוקם זיין אין די לאַגעריסטן. אמערגסטן איז געווען אין פּושטשאַ קאַמפּינאָווסקאַ[182], ווו עס זענען דאָ 37 קרבנות, ד. ה. 10 פּראָצענט פון דער אַל[געמיינער] צאָל. דאָרט האָט דער לאַגער שוץ פשוט צוגערויבט די באַשפּייזונג פון די לאַגעריסטן (18 דעקאָ ברויט, אַ שיטערע זופּ און אַ גלאָז שוואַרצע קאַווע). — די צוריקגעקומענע לאַגעריסטן זענען אויסגעשטאָרבן אין דער קהלה נאָכן צוריקקומען פון די לאַגערן. אַ טייל זענען דערשאָסן געוואָרן בשעתן אַנטלויפן פון לאַגער. דער רעזשים אין די לאַגערן איז שוידערלעכער. די צוריקגעקומענע זענען שרעקלעך אויסגעשעפּט. אַ טייל זענען נאָך אונטערן פּסיכאָז פון די שווערע לאַגער איבערלעבונגען און ציטערן פאַר יעדן מענטשן אין מונדיר. די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט פון די קהלה־קרייזן גייט איצט אין דער ריכטונג פון אָפּשאַפן דעם ל.[אַגער]ש.[וץ], וועגן דעם זאָל דער קאָמיסאַר פאַר דער ייד[ישער] שטאָט מאָגס מאַכן אַן אינטערווענץ ביים גוווערנער. עס פאַרשטייט זיך אַליין, וואָס פאַראַ שטימונג עס מוז הערשן ביי די, וואָס מוזן גיין אין די לאַגערן. דער נעכטיקער טראַנספּאָרט (5 מאַי) האָט ממש געמאַכט אַ רעוואָלט נישט וועלנדיק גיין. איצט זעט מען וויפל צוטרוי מען קען האָבן צו זייערע הבטחות, אַז אין די לאַגערן וועט זיין בעסער, ווי פאַראַיאָרן. ביי דער מינדסטער געלעגנהייט, פאַרציילן די לאַגעריסטן, שלאָגט דער לאַגער שוץ. עס ווערן נישט באַנוצט קיין ווערטער נאָר קלעפּ. ביי אַ מיטאַרבעטער פון די אַלעען געאַרבעט אַ יידישער גלעזער. די דינסט

181) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

182) גרויסע וואַלד־מאַסיוון אין דער צפון־ריכטונג פון וואַרשע, אויפן וועג צו לאָמזשער געגנט.

האָט געהאַט דעם אומגליקלעכן איינפאַל אים מכבד צו זיין מיט אַ טעלער זופּ. ווען דער בעל־הבית האָט אַהיימקומענדיק, זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט ער אין זיין אָנוועזנהייט באַפוילן דעם דינסט־מיידל צעברעכן דעם טעלער. אויף שעננאַ, שליסקאַ מאַכן זיך די שומרים[183] אַ פאַרדינסט פון איבעררוקן דעם זייגער. 15 — 20 מינוט פאַר 9 פאַרהאַלטן זיי די דורכ־גייער מיט דער טענה, אַז עס איז שוין 9. פאַר 10 — 20 זל., אַ זייגערל, אַ רינגל א. אַ. קאָן מען זיך אויסלייזן. מען זאָגט, אַז טעלעפאָנירן וועט מען קענען נאָר דורך דער טראַנספּערשטעלע, וועלכע וועט צענזורירן אַלע פאַרבינדונגען. איצט איז דער טעלעפאָן דער וויכטיקסטער הילפס־מיטל פון שמוגל. דורך זיין פאַרמיטלונג זאָגט מען אויף יענער זייט, ווען מען קען אַריבערפירן אַ וואגן מיט סחורה וכדומה. אויף שעננא פאָלגנדער אופן פון שמוגל: דער גאַסן־קערער שטייט אויף יענער זייט מויער און קערט כסדר מיטן בעזעם. דורך דעם לאָך, וואָס דינט פאַר דעם רעגן־וואַסער, שאַרט מען דורך מיטן בעזעם פאַרשיידענע פּראָדוקטן, דורך דאַנען באַ־קומט ער געלט. דורך אַזעלכע לעכער קריכן דורך אויסגעדאַרטע 3—4־יעי־ריקע קינדער, וואָס נעמען אָפּ די סחורה פון יענער זייט. וואָס עס לעבט איבער אַ מאַמע, ווען יעדע מינוט דראָט אַ טויט־סכנה איר קינד, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. — לעצטנס נעמט אָן די שטערבלעכקייט אַ קאַטאַ־סטראָפאַלן כאַראַקטער. לויט דער סטאַטיסטיק איז אין אַפּריל געווען 7 מאָל אַזוי פיל ווי אין נאָוועמבער. דערביי איז כדאי צו באַמערקן, אַז אויך פאַר דער מלחמה [איז] די שטערבלעכקייט אין וואַרשע געווען אַ גרויסע, צו־ליבן אָנקומען פון פּראָווינצער קראַנקע אין יידישן שפּיטאָל. אין פאַרגליך מיט דער פאַרמלחמהדיקער צייט איז די שטערבלעכקייט נאָך אַ גרעסערע. „די יידישע צייטונג" (גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ) האָט באַקומען אַ מודעה פון דער מאַכט, אַז אין געטאָ וועלן נישט אַריינגעלאָזן ווערן קיין דייטשע און פּוילישע צייטונגען, אָנהויבנדיק פון 1 מאַי. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די פאַראָרדנונג איז באַשטעלט געוואָרן דורך דער ייד[ישער] צייטונג, וועלכע האָט נישט צופיל לעזער. אין רעזולטאַט: מען שמוגלט די צייטונגען און זיי קאָסטן טייערער. דער נאָווי קוריער וואַרש[אַווסקי] קאָסט 35 גר. שטאָט 20 גר. און די קראָקעווער[184] 50 גר. לעצטנס זענען זייער פאַרשפּרייט די ריקשעס. הונדערטער יונגעלייט פאַרדינען דערביי אויף פּרנסה. איינער האָט פאָטאָגראַפירט, ווי אַ האַרער יונגערמאַן פירט אַ דיקע פרוי מיט אַ קינד אין אַ ריקשע. יענע וואָך פאַסירט אַ טראַגישער פאַל. אויף וואַלי־צווו, ווו די באַוועגונג [איז] אַן אוממעגלעכע האָט אַ מיליטער־אויטאָ גע־מוזט בלייבן שטיין צוליב אַ ריקשע. דער איש חיל איז אַרויס פון וואָגן און דערשאָסן איין ייד און עטלעכע פאַרוווּנדעט. איינע פון די שווינדעלעכסטע גאַסן איז די גזשיבאָווסקאַ. דאָרט ווערט פאַרקויפט קאַווע מיט סאַכאַרין

183) די וואַכלייט.

184) „די קראַקאַוער צייטונג" — דייטש־היטלעריסטיש טאָגבלאַט.

פאַר 10 גר. אַ גלאָז. עס שטייען דאָרט פרויען מיט אַלטפרענקישע סאַמאָ־וואַרן ווי אין אַ קליין שטעטל. — דער עולם פאַרלאָזט וואַרשע מאַסנהאַפט. מיטן אשכנזישן אויטאָ פאָרן רייכע (אַן אָרט עטלעכע הונדערט זל.). דער רוב פאָרט אַרויס מיטן טראַמוויי נר. 3 אָדער דורך דער וואך צופוס, צאָלנ־דיק פראָ קאָפּ 5 — 10 זל. דערנאָך גייט מען צופוס. אין רעמבערטאָוו איז במשך 2 וואָכן (צווייטע העלפט אַפּריל) פּאַסירט אַ 1500 יידן, זייער אָפט פרויען מיט קינדער די מענטשן קומען אין אַ שרעקלעכן מצב: אויסגע־שעפּט קוים לעבעדיק.

יענער דאָנערשטיק 8 מאי איינער פון די שרעקלעכסטע טעג. עס זענען אין יעם טאָג געשטאָרבן 210 יידן — אַ רעקאָרד ציפער. — דער פסח, בשעת וועלכן אַ סך פראָווינצער יידן האָבן געפאַסט, האָט צוגעשפּילט און גורם געווען אַ באַ.ייטנדיקן וווקס פון שטערבלעכקייט. רובינשטיין זאָגט: „דער איינער טויג, דער צווייטער טויג נישט, דער דרייער און דער פירער, ברענען זאָלן". 40: „גזשיבאָווסקאַ[185] 26, לעש 13 און דער פערציקסטער איז דער, וואָס איר ווייסט שוין אַליין"[186]. אין איין טאָג איז געשטאָרבן 63 מענטשן, דערפון 20 וואַרשעווער, 43 פראָווינצער. אין דער לעצטער צייט איז איינגעפירט אָפיציעל שבת־רו. זונטיק זענען טעטיק די געוועלבער. די רייכע דרייען זיך אַרויס פון די אַרבעטס־לאַגערן אויף פאַרשידענע אופנים: איינער זענען די שאָפּעס, פון וועלכע אַ גרויסער טייל איז דערווייל נישט טעטיק. די, וואָס גיבן געלט, ווערן אַריינגעשטעלט אין די ליסטעס פון די באַשעפטיקטע און אַזוי אַרום באַפרייען זיי זיך פון אַרבעטסצוואַנג און דערביי קאָסט זיי גאָרנישט די קהלה. אַ סך רייכע יידן ווערן אויך אויס־רעקלאַמירט דורך קאָמיסאַרישע פירמעס, פאַרשטייט זיך, אַז פאַר כאַבאַר. די שטימונג פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג איז לעצטנס זייער אַ גע־דריקטע. די מפּלה אויפן באַלקאַן, די נצחונות אין צפון־אַפריקע און דאָס דערנעענטערן זיך צו א"י, דער יקרות, די אַרבעטסלאַגערן, די שטערב־לעכקייט — דאָס אַלץ האָט צוגענומען דעם מוט די גרעסטע אָפּטימיסטן. אַ סך האַלטן, אַז מיר זיינען פאַרלוירן און אַז די נעגל פון הונגער וועלן זיך אין אונדז אַלע איינבייסן. עס קומען לעצטנס פאָר פאַלן פון זעלבסט־מאָרדן — דאָס אַראָפּוואַרפן זיך פון 4־טן שטאָק. מאירס[187] ביבל[יאָטעק] אין וחערט פון 10 טויזנט פונט איז געבליבן אויף יענער זייט. וואָס וועט מיט איר ווערן? איינער פון דער טראַנספערשטעלע האָט געזאָגט אַ ווערטל: אויב די דייטשן וועלן זיגן, וועט אויסשטאַרבן 25 פראָצענט יידן, אויב די ענגלענדער — 75 פראָצענט (אַזוי לאַנג וועט דויערן ביז זייער נצחון). די רבנים, האָט מען אָנגעוויזן אין אַ דיסקוסיע, האָבן נישט אַרויסגעוויזן

---

185) אויף גזשיבאָווסקע גאַס 26, אין לאָקאַל פון דער פריערדיקער קהלה, האָט זיך געפונען דער יודענראַט ביז דער ערשטער ליקווידאַציע, יולי 1942.

186) היטלער.

187) פּראָפ' מאיר באַלאַבאַן.

קיין קידוש־השם. זיי האָבן געצוווּנגענערהייט געטרעטן מיט די פיס ספרי־תורות. מען האָט עס פאַרטיידיקט, אַז יענע ווענדן אָן דעם פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס נישט פאָלגן זייערע באַפעלן וואָלט געהאַט טרויעריקע פאָלגן פאַרן כלל. אַנדערע האָבן דאָס אָפּגעפרעגט זאָגנדיק, אַז דאָס וואָלט דערפירט נאָר צום דערשיסן די רבנים. אָבער נישט געהאַט קיין פאָלגן פאַרן כלל. בעת די הייסע טעג פון כאַפּן האָט לויט 13 גענומען 30 זל. פאַר איבערנעכטיקן אין זייער ביוראָ. אין די ערשטע טעג מאַי געהויפן דורך זיי 3 קאָנפערענצן מיטן אָנטייל פון 60 מענטשן סוחרים, זשורנאַליסטן, דאָקטוירים, אינזשיניערן, צווישן אַנדערע באַקאַנטע פּערזאָנען, ווי ליפּמאַן(רעוויזיאָניסטישער אַפּעריסט), ד״ר פעלדשוה, ליזעראָוויטש[188], ד״ר. קאַרטושאַק א. א. אַ טייל איז געגאַנגען אויס מורא, אַנדערע אויס נייגעריקייט. גאַנצוויייך איז אַ פאַסצינירנדער רעדנער, דעריבער געווינט ער אָנהענגער, וואָס ווייסן נישט וועגן זיינע מעשים תעתועים. זיי גלויבן, אַז ער קען עפּעס אויפטון, באַזונדערס ווען ער דערקלערט, אַז ער קען העלפן אין דער אָרגאַניזאַציע, מער נישט ער דאַרף האָבן אַ בירגער־קאָמיטעט, כדי צו באַווייזן, אַז ער שפּאַרט זיך אָן אין די מאַסן. ער האָט געשאַפֿן אַן אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע, אַ קינדער־שוץ־קאָמיסיע (מיט ד״ר קאַרטושאַק בראש), אַ קולטור־קאָמיסיע א. א. לעצטנס האָט ער געהאַט איניקע ביליקע עפּעקטן מיט פאַרהאַלטן פּאָליאַקן, אָדער פּאָלקס ד.[ייטשן], וואָס האָבן געטריבט אין געטאָ. אין די לעצטע טעג (פאַרן 10 מאַי) זענען אין יידישן געגנט, פונקט ווי אויף יענער זייט פאַרגעקומען רויבערייען, אָבער נישט אין אַזאַ שרעקלעכן פאַרנעם ווי דאָרט. מען האָט אויף סמאָטשע, גענשע, זאַמענהאָף געהאַקט שויבן און צוגענומען די פּראָדוקטן. ביז 6/5 [6 מאַי] זענען געווען 91 טויטע אין די אַרבעטסלאַגערן, און טויזנט אויף זיבן טויזנט זענען צוריקגעקומען אַלס שוואַכע און קראַנקע. די שטערבלעכקייט איז געוואָרן [אַזוי גרויס], אַז דער טויט ליגט אויף אַלע גאַסן. קינדער האָבן שוין נישט קיין מורא פאַרן טויט. אין אַ הויף האָבן זיך קינדער געשפּילט מיט קיצלען אַ מת. אין ראַוואַ־מאַזאָוו.[יעצקאַ], זאָגט מען, זענען דאָ 4.500 פון וואַרשע. אין מאָרדי[189], לובלין, האָט דאָס מאַסנהאַפטע אויסוואַנדערן גורם געווען אַ יקרות. אַ טייל יידן זענען געבליבן אַרבעטן ביי קריסטן. אין זשאַרנאָוו און אין אָפּאָטשנע האָבן די פויערים געבראַכט פּראָדוקטן. אָן זייער הילף וואָלט נישט געבליבן קיין שריד ופליט פון די יידן. דאָס זעלבע אין קאַליש. היימלאָזע פון מלאַווע האָבן געזאָגט, אַז זיי וואָלטן אויסגעשטאָרבן, ווען נישט די הילף פון די פויערים. די וואַרשעווער גבירים פאַרשליסן זיך ביים עסן, אַנדערע ווידער

---

188) צום צ. ק. פון דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטיש־ווידערשטאַנדלערישער פּאַרטיי אין פּוילן האָבן געהערט: ד״ר ראובן פעלדשוה („בן־שם") — פאָרזיצער, ד״ר ליפּמאַן — וויצע־פאָרזיצער, דער זשורנאַליסט פון „היינט" משה לייזעראָוויטש, אַדוו. לאַבענצקי, מרדכי אונגער און לוי ווינגסטער (קאַסיר).

189) דאָס שטעטל מאָרדי ליגט אין שעדלעצער פּאָוויאַט.

באַהאַלטן אין שופלאַד פון טיש דאָס ווייסע געבעקס און שליסן עס אַרויס ביים עסן, כדי אַנדערע זאָלן עס נישט זען.

„דער שראַנק־שפּילער", איז דער וואָס נעמט אַ סך כּאַבאַר, „מוזיקאַ־ליש" הייסן מענטשן וואָס נעמען כּאַבאַר. — לייפּ[190], און ווינדערן[191] שרייבן מעמואַרן. ביי שורן[192] איז געבליבן אַ טייל וויכטיקע [כתב] ידן: II באַנד פון קאַפּיטאַל, קאַנטס פּראָלעגאָמענאַ און צו דער קריטיק פון דער ריינער פערנונפט[193]. — דעם גדולס סעקרעטאַר געווען אין פּאַלענטי, געווען אַנטציקט מיט דער אַרבעט פון די יידן. זיך איבערצייגט, אַז אויב מען באַגייט זיך גוט מיט ייד[ישע] אַרבעטער, קענען זיי אַ סך באַווייזן. די דעמאָראַליזאַציע אויף דער ייד[ישער] גאַס אָנגענומען שרעקלעכע פּאַר־מען. עס דערגייט דערצו, אַז ווען 2 יידן טרעפן זיך, זאָגט איינער צום צווייטן: איינער פון אונדז דינט דאָך זיכער אין די גאַלעען. לעצטנס פאַר־געקומען אַזאַ פאַל: איין פרוי געגעבן דער צווייטער צו האַלטן איר זשאַקעט, יענער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עפּעס געווען איינגענייט, דעם צווייטן טאָג געווען אַ וויזיט[194]. אין אַ צווייטן פאַל האָט מען זיך געפרעגט אויף אַ טישל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ צימער, אין וועלכן עס זאָל עפּעס האָבן געווען באַהאַלטן. וועגן אַזאַ זאַך האָבן, פאַרשטייט זיך, געקאָנט וויסן נאָר שטוב־מענטשן. דאָס זענען פאַקטן. ביי יעדער געלעגנהייט זאָגן יענע, אַז אַלץ ווייסן זיי אַדאַנק יידן. די פּרייזן שטייגן ווי היינט. דאָס אַלץ איז פאַר־בונדן מיט דער פּאָליטישער לאַגע. — די פּלאַקאַטן וועגן פאַרדונקעלונג און אפשר די מיליטער־טראַנספּאָרטן האָבן גורם געווען, אַז דעם 11 מאַי איז דער פּרייז פון קאַרטאָפל געשטיגן ביז 5 זל. דער דעמענטי פון „טאַסס" וועגן די דייטש־רוסישע באַציונגען האָט געווירקט אויף דעם אַראָפּנידעריקן אויף 3.50. דעם זעלבן טאָג זענען די פּרייזן אַנדערע אין דער פרי און אַנ־דערע נאָכמיטאָג. אין אָטוואָצק האָט מען 100 קהלה־אָנגעשטעלטע גענומען אין די אַרבעטסלאַגערן, ווייל די קהלה האָט נישט צוגעשטעלט די אַנט־שפּרעכנדע צאָל. יעדעס פאָלק האָט אַזאַ פּאָליציי ווי זי פאַרדינט האָט גע־זאָלט זאָגן שערינסקי. די וועגן, זאָגט מען, זענען פול מיט יידן, וואָס וואַנ־דערן צופוס פון אָרט צו אָרט. פּסח־צייט האָט מען געזוכט פּראָפּאַגאַנדע

---

190) ד"ר י. לייפּונער, פּאָפּולערער דאָקטער און מעדיציניש ער זשורנאַליסט. אומגעקומען בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע.

191) מאיר ווינדער, אַקטיאָר און אימפּרעסאַריאָ. אומגעקומען בעת דער גע־טאָ־ליקווידאַציע.

192) לייב שור, זעצער און פאַרלעגער (פאַרלאַג „תמר"), אין געטאָ געראַטע־וועט יידישע ביכער, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון װאַרשעווער געטאָ.

193) די איבערזעצער זענען געווען שלמה לעווין (געשטאָרבן אין ראַטנפאַר־באַנד) און מיכאל טאַבאַטשניק (מ׳רסקי).

194) געמיינט: געקומען געסטאַפּאָ.

אין די מצות. — 100 יידן געדראָט מיט דערשיסן. ר' מענדל[195] אַנטדעקט אין געטאָ 3 פאַבריקן פון פּזשעפּוסטקעס. די ייד[ישע] פּאָליציי ווענדעט אָן דעם פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מען פאַרמאַכט טויערן פאַר נישט איינצאָלן דורך אַלע לאָקאַטאָרן דעם פּאָליציי־שטייער[196]. מען נעמט ערובניקעס צווישן די מיטגלידער פון ה. ק. [הויז־קאָמיטעטן], אויב דער לאַגעריסט שטעלט זיך נישט צו. מענטשן זאָלן שוין האָבן געזען אַ באָמינאַציע אויף אַ דירעקטאָר פון אַ צוקראָווניע אין אוקראַינע, אַנדערע זאָגן, אַז מען דרוקט אוקראַיניש געלט (10 אַפּריל). געזען די לאָדזשער געטאָ־צייטונג אין יידיש מיט אַ באַריכט פון ייד[ישן] זאָנדערגעריכט, וואָס פאַראורטיילט [אויף] 5 חדשים שווערע תפיסה פאַר נעמען כאַבאַר און אַרעשט פאַר אַרויסרייסן האָלץ פון די דילן. בערנסאָנס מיינונג: „אַ טיפער מענטש"[197] זכרונות פון זון וועגן פאָטער (ברענגט אַ סצענע: אַ פרוי רייסט אַרויס אַ בייגל פון אַ בייגל־הענדלערין. יענע שלאָגט, רייסט איר ביי די האָר — עס האַרט איר נישט, זי פילט נישט די קלעפּ, זי שטילט דעם הונגער). די 17 מתים, וואָס מען האָט דעם 7 מאַי געבראַכט פון לאַגער, מאַכן אַ שוידערלעכן איינדרוק: אָן אויערן, אויסגעדרייטע הענט און אַנדערע אברים, קאָנטיק די פּייניקונגען פון די אוקראַינער. געווען אַ מעדיצינישע קאָמיסיע פון זיי, פעסטגעשטעלט אויסשעפּונג אַלס סיבה פון טויט. רעמבערטאָוו — אַ בילד פון אַ קהלה, וואָס זאָרגט פאַר אירע אָרעמעלייט. די שטערבלעכקייט אַ קלענערע ווי פאַר דער מלחמה. פון 1500 ייד[ישע] איינוווינער זענען דאָ 300 פּליטים פון לאָדזש, קאַלושין. [בא] די, וואָס ווילן נישט צאָלן דעם קהלה־שטייער, נעמט מען צו די קאַפּאָטעס, די פּראָדוקטן וכדומה. פאַראַן דאָרט אַ קיך, וואָס גיט אַרויס 600 מיטאָגן. איין טיפוס־פאַל געווען, דעריבער אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן וואָס ווילן אַרויס פון געטאָ און קומען אין אַרישן טייל דראָט טויט־שטראָף. דעם 9 מאַי האָבן די פּרייזן ווידער אָנגעהויבן צו שטייגן צוליב פּאָליטישע ידיעות: סטאַלין פּרעמיער. ברויט 12 זל., קאַרטאָפל 3,40 — 4 זל. רובינשטיינס פּאָפּולאַריטעט וואַקסט. לעצטנס גיט מען אַ רעוויע אין מעלאָדי־פּאַלאַס: „אַלע גלייך". — די שטערבלעכקייט איז אַזאַ גרויסע, אַז די הויז־קאָמיטעטן מוזן איצט זאָרגן מער וועגן די טויטע ווי וועגן די לעבעדיקע. זיי מוזן שאַפן 15 זל. וואָס עס קאָסטן די פאָרמאַליטעטן. דאָס שטאַרבן אין גאַסן ווערט אַ מאַסן־דערשיינונג. עס ליגן אין געריכט אויף לעשנאַ אַ גאַ־

195) וואַרשעווער מ. מ. קאָן, רינגעלבלומס נאָענטער מיטאַרבעטער אין דער אָנפירונג פון דעם אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ.

196) דער פּאָליציי־שטייער אויף אויסצוהאַלטן די אָרדענונגס־דינסט האָט באַטראָפן 30 גראָשן פון אַ קאָפּ. די באַפעלקערונג האָט זייער נישט גערן געצאָלט דעם שטייער, צוליב דעם זענען געווען רעפּרעסיעס.

197) עס איז נישט קלאָר, וועמען אַדוו. בערענסאָן איז אויסן. עס קאָן זיין, אַז דאָס האָט אַ שייכות צום פריערדיקן זאַץ וועגן לאָדזשער געטאָ און איז אַ חוזק־אויסדרוק אויף רומקאָווסקים אַדרעס.

לעריי פון קראַנקע, שוואַכע, וואָס האָבן נישט קיין כוח צו בעטלען. אויף פּאַוויאַ 65 זענען געווען 25 טיפוס־פאַלן, הערפון 15 טויט־פאַלן. די „וווי־לע"[198] ווייזן אַרויס אַ גרויסן אינטערעס, וואָס יידן טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט. זיי גיבן יענע באַריכטן וועגן דעם. זיי פאַרשיטן מיט מסירות אויף פּערזאָנען און אינסטיטוציעס, צווישן אַנדערע אויך אויפן בירגער־קאָמיטעט[199]. זיי שרייבן דאָרט, אַז אַלע גנבענען און באַגייען מיסברויכן. דערווײַלע זענען זיי די אמתדיקע נעסט פון אַלדאָס בייז. געהערט פאָלגנדע מעשה: גענומען ביי אַ פאַמיליע פון אַן אַרעשטירטן אַ גרעבערע סומע און דערנאָך אַ לענגערע צייט גענאַרט כסדר, אַז ער האָט ידיעות, ער האָט גרוסן וכדומה. און דאָס אַלץ געטאָן געוואָרן נאָכדעם, ווי יענער איז שוין געווען טויט. ער נאַרט נאָך ביז יעצט אַ פרוי. געהערט פאָלגענדע מעשה וועגן דער פירמע העלער — קאָן. זיי האָבן באַקומען אַ מאָ־נאָפּאָל אויפן פיש־האַנדל אין געטאָ. שטאָט צו רעכענען אַ קילאָ פיש 1.50 זל. (1 זל. קאָסט ביי די הורטאָווניקעס) מאַכן זיי פאָלגענדע קאָמבינאַציע: זיי צאָלן דעם מאָנאָפּאָל 2 — 3 זל. פאַר אַ קילאָ בתנאי, אַז יענע זאָלן זיי דערלויבן צו פאַרקויפן צום פּרייז פון 6 — 7 זל. דעם הויכן פּרייז מאָטיווירן זיי דערמיט, אַז דריי פערטל פון די פיש איז פאַרפוילט. דער קאַמף מיט פּאַסקאַרסטווע באַשטייט אין נעמען פון יעדן געוועלב אַ געוויסע סומע אויסקויף־געלט. אויסער דעם נעמען אייניצלנע פון זיי כאַבאַר אויף שריט און טריט. דערצו ברויט און פּראָדוקטן.

11. 5. 1941

18 מאַי 1941

מיין ליבער![200]

דעם 16־טן מאַי האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז האַלב 12 אַזייגער האָט דער הילכער אָנגעגעבן, אַז גערינג איז געשטאָרבן פון די הערהאַלטענע וווּנדן, אַ האַלבע שטאָט האָט דאָס כלומרשט געהערט. מען האָט אָבער נישט געקאָנט אָנטרעפן אויף די פּערזאָן, וואָס האָט דאָס גע־הערט מיט די אייגענע אויערן. אויב אַזאַ פּערזאָן איז שוין יאָ געוואָרן אָנגעגעבן, האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט ריכטיק. אַ טייל האָבן די ידיעה געהערט אַ טאָג פריער, בעמלעך: אַז גערינג האָט נאָך דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, בשעת וועלכן עס איז געקומען צו אַ שאַרפן מיינונגס־אויסטויש און טיפע חלוקי־דעות, געפּרווט אַנטלויפן. ער איז אָבער דערביי פאַרוווּנדעט געוואָרן. אויף דעם יסוד האָט דאָס געטאָ געטרונ־קען לחיים און אויף אַ קורצער ווײַלע פרייער אָפּגעעטעמט. געווען אַזעלכע,

---

198) געמיינט די יידישע קאָנפידענטן פון די דייטשישע זיכערהייטס־אָר־גאַנען.

199) וואַרשעווער געמיינט, דעם זשיטאָס (זשידאָווסקע טאָוואַזשיסטוואָ אָפּיע־קי ספּאָלעטשנעי) — יידישער הילפס־קאָמיטעט.

200) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

וואָס האָבן שוין געוואָלט גיין אויף יענער זייט, ווייל ווער וועט זיי שטערן
מען האָט שוין געזען אין דמיון די אויפגעריסענע מויערן. יענע האָט מען
שוין געזען גיין מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. דער קלאַנג זאָל זיך נעמען פון
אַ ידיעה פון טויט פון דעם פּאַסטאָר געריליגג אָדער געריליטש. נאָכמיטאָג
און אויף דעם צווייטן טאָג איז געקומען די ביטערע אויסניכטערונג. די
פּרעסע האָט די ידיעה נישט באַשטעטיקט. דער דאָזיקער מאַסן־פּסיכאָז,
בשעת וועלכן איניקע האָבן, למשל, אין פּאָסטאַמט געהערט [ווי] יענע
חיילים רעדן וועגן טויט פון גערינג, דערמאָנט אונדז דעם פּסיכאָז בימי
שבתי־צבי, ווען יידן האָבן פאַרקויפט זייער האָב און גוטס און זיך געגרייט
צו פאָרן קיין א״י. אויף יענער זייט האָט מען גאָרנישט געוווּסט וועגן דער
גאַנצער מעשה. ערשט דעם צווייטן טאָג האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן דעם
פון יידן. — דאָס 13־טל האָט געגרינדעט אַ רעטונגס־געזעלשאַפט מיט ד״ר
סיראָטאַ (דער זון פון חזן סיראָטאַ), וואָס טיילט יעדן טאָג ברויט מיט
קאַווע. אויף לעש שטייט אַ לאַנגע ריי, פון וועלכער אַ טייל באַקומט צו
שטיקלעך ברויט. היינט דעם 18־טן האָבן זיי פאַרטיילט 110 ברויט רעקר־
ווירירטע ביי בעקערס. ווייניק הוצאות און אַ סך רעקלאַמע! מען זאָגט, אַז
דאָס 13־טל באַקומט די קאָנצעסיע אויף אַריינברענגען קאַרטאָפל און גרינס
אין געטאָ. קאָן באַקומט אַ קאָנצעסיע אויף אַ פערד־טראַמוויי. בשעת דער
גערינגיאַדע געשטיגן האַרטע ביז 200. מען זאָגט, אַז די מעשה האָט אָנ־
געמאַכט די בערזשע מיט אַ געוועזענעם זשורנאַליסט פּ.,[201] וואָס שאַפט זיך
אַזוי אַרום פּרנסה. דער דאָלאַר אויפן צווייטן טאָג געפאַלן אויף 150. דער
יקרות האַלט כסדר אָן. ברויט קאָסט ווייטער 14 פופציק. אין מעמאָראַנדום
פון מייסנער[202] (גאַלועזן) אָנגעוויזן, אַז דער ל.[אַגער]־שוץ איז געבילדעט
געוואָרן לויט אינסטרוקציעס פון ראָזענבערג. נאָך בשעת דעם קורס[203]
האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַ פּאָר צענדליק געפינען זיך אין קאַרטאָטעק פון
פאַרברעכער פון דער דייטשער און פוילישער פּאָליציי. עס ווערט דער־
מאָנט, אַז אין אַ טייל לאַגערן איז פון 4 ביזן 9 מאַי בכלל נישט געווען
קיין באַשפּייזונג פאַר די לאַגעריסטן. בכלל באַקומען די פירמעס די פּראָ־
דוקטן אויף באַצוגשיינען. עס פעלן פשוט פּראָדוקטן. די געשטאָרבענע
לאַגעריסטן ווערן דורך פּינקערטן[204] געבראַכט קיין וואַרשע. עס קומען
כסדר צו קרבנות פון די לאַגערן, הגם אין אַ טייל לאַגערן האָט זיך דער
מצב פאַרבעסערט. אין לאָדזש זענען דאָ 20.000 רעגיסטרירטע לונגען־
קראַנקע. אמת איז, אין לאָדזש ווי אין אַ פאַבריקס־שטאָט איז אויך פאַר
דער מלחמה געווען אַ סך, אָבער די צאָל 15 פּראָצענט פון דער באַפעלקע־

[201]) וואַרשעווער דער קרימינאַליסטיק־רעפּאָרטער פון דער יידישער פּרעסע פינקינה.

[202]) וואַרשעווער — אַ געסטאַפּאָ־באַאַמטער.

[203]) קורס פון לאַגער־וואַכמענער.

[204]) דורך דעם לוויה־אַנשטאַלט „חסד של אמת“ פון מאָטל פּינקערט זע הערה 117.

רונג. איז הערשיטערנד. די שטערבלעכקייט איז נאָך אַלץ גרעסער ווי אין וואַרשע.[205] אין שייכות מיטן באַזוך פון רומקאָווסקי,[206] איז כדאי צו באַמערקן, אַז 3/4 יאָר צוריק, ווען אַ דייטשע קאָמיסיע האָט באַזוכט לאָדזש, האָט ער פאַרגעשטעלט דאָס געטאָ ווי אַ גן־עדן. דאָס דאָזיקע זאָל האָבן געווירקט אויפן גרינדן פון געטאָס אין אַנדערע שטעט פון גובערניע. ער האָט, הייסט עס, באַוויזן, אַז דער עקספּערימענט איז געלונגען. — פון מלאַווע זענען יידן אַרויסגעשיקט געוואָרן שוין צוויי מאָל. נישט קוקנדיק דערויף גייט מען ווידער צוריק, ווייל די באַדינגונגען זענען אַ סך בעסערע ווי אין וואַרשע. — אייניקע אַרבעטער, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן ביי די גרעניצן פון רייך, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז די געכאַפּטע זוכן אַרבעט, האָט מען זיי דורכגעלאָזן. די פּרייגיביקייט פון די רייכע, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען צו גרויס, האָט זיך לעצטנס פאַרקלענערט. די סיבה: מורא, אַז דער יקרות וועט וואַקסן און די געלט־זאַפּאַסן וועלן נישט קלעקן אויף לאַנגע יאָרן, נאָר אויף אַ קורצער צייט. מען האָט אויסגערעכנט, אַז אַ ייד באַקומט פּראָדוקטן פאַר 13 גראָשן טעגלעך צו נאָמינעלע פּרייזן, בשעת אַן אַריער — 37 גראָשן. — די אַקציע פון גרעסערע נתינות מיט דער הילף פון סאַנקציעס, הייסט ביי די גבירים די לאָבוזעס־אַקציע. דער שענסטער אַטעסטאַט פאַר דער ריכטיקייט פון דער אַקציע.

20 מאַי 1941

מיין ליבער![207]

אין דער צווייטער דעקאַדע פון מאַי איז דער הונגער און שטערבלעכקייט געווען איינע פון די וויכטיקסטע. עס שטאַרבן אין די לעצטע טעג אַן ערך 150 מענטשן אַ טאָג (ביזן 15־טן מאַי געווען 1700 מתים) און די שטערבלעכקייט האַלט אין איין וואַקסן. מען באַגראָבט די מתים ביינאַכט צווישן 1 — 5 פאַרטאָג אָן תכריכים — אין ווייס פּאַפּיר, וואָס ווערט אויך צוגענומען, אין מאַסן־קבֿרים. לכתחילה פלעגט מען לייגן איינעם לעבן צווייטן אין אַ קבֿר, איצט אין איין קבֿר. איצט פעלט שוין אויס ערד צו באַגראָבן די מתים, ווייל אין דער טיף באַגראָבן קען מען נישט — דאָרט איז וואַסער און צום אויפשיטן פעלט ווידער ערד. עס איז דעריבער ביי די דייטשע און פּוילישע סאַניטאַר־אַמטן אויפגעשוווּמען די פראַגע פון אַ קרעמאַטאָריע ספּעציעל פאַר יידן. — אויפן בית־עולם קומען כסדר פאַרשידענע גרופּן אויספלוגן: מיליטערלייט, פּריוואַטע באַזוכער. דער רוב ווייזט נישט אַרויס קיין שום מיטלייד צו יידן. אַ טייל האַלטן גאָר, אַז די שטערב־

---

205) די שטערביקייט אין לאָדזשער געטאָ האָט באַטראָפן אין מאַי 1941 — 984 נפשות, אין יוני — 939, אין יולי — 897.

206) אין מאַי 1941 איז רומקאָווסקי געקומען אין וואַרשעווער געטאָ, כדי צו אנגאַזשירן דאָקטוירים פארן לאָדזשער געטאָ.

207) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

לעכקייט איז צו קליין. אַ טייל מאַכט פאַרשידענע אויפנאַמעס. אַ באַזונדערן אינטערעס רופט אַרויס די שאַפע, ווו עס ליגן במשך פון טאָג צענדליקער מתים. איך האָב היינט באַזוכט די דאָזיקע שאַפע. דאָס איז פשוט אַ מאַקאַבריש בילד: אונטער אַ צודעק פון שוואַרץ פּאַפּיר זענען געלעגן מחנות מתים, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע — פשוט ווי אַ יאַטקע: די מתים זענען פשוט שקעלעטן, אויסער די ביינער האָט מען געזען בלויז אַ דין הייטל. לעצטנס מערן זיך אויך פאַלן פון באַגיין זעלבסטמאָרד, אַזוי למשל, האָבן אויף פּאַנסקאַ 28 צוויי פּליטים באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך סמען זיך מיט סטריכנין. לעצטנס פּאַסירט אויך, אַז פון איין שטוב ווערן געבראַכט צו קבורה צו 2 — 3 מענטשן פון איין שטוב גלייכצייטיק. ביי 15 זל. א קילאָ ברויט, מוז האַלב אָדער דריי פערטל וואַרשע אויסשטאַרבן פון הונגער. דער יקרות האָט זיך לעצטנס סטאַביליזירט, ברויט צו 15 זל. אַ קילאָ, קאַרטאָפל 4 זל., קאַשע 18 זל. וכדומה. צווישן די שטאַרבנדיקע פאַרנעמען די פּליטים דאָס ערשטע אָרט. אין דער ערשטער דעקאַדע פון מאַי זענען אויף 15.000 פּליטים אין די פּונקטן געשטאָרבן 147 מענטשן, ד. ה. אַזוי פיל וויפל ס'וואָלטן געדאַרפט נאָרמאַל שטאַרבן. — אין אַרבעטס־לאַגער דאָמבראָוויצאַ, לעבן סקערניעוויץ, האָט מען אָפּגעשאַפן דעם לאַגערשוץ און איינגעפירט דעם ייד[ישן] אָרדנונגסדינסט. אין רעזולטאַט איז די אויסגיביקייט געוואַקסן מיט 50%. די דייטשע פירמע האָט דעריבער געהעכערט די באַשפּייזונגס־ראַציעס. פון די לאַגעריסטן איז 25% צוריקגעקומען און אַ טייל פון זיי קראַנקע (גאַנגרענע פון פיס און הענט פון שלאָגן, פון שטיין אין וואַסער). שוין איבער צוויי וואָכן ליגן אויפן אומשלאַגפלאַץ (אויפן בייטראַלן פּאַס צווישן אַרישן און יידישן טייל שטאָט אויף סטאַווקי) די פּעקלעך פאַר די לאַגעריסטן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן צו דער אַרבעט און ביז איצט קענען זיי נישט אַרויסגעשיקט ווערן צוליב דעם, ווייל די טראַנספּערשטעלע איז דערמיט נישט מסכים. דערווייל האָט זיך דעם 12 — 15 מאַי אָנגעהויבן די נייע כאַפּעריי. אויסער דעם נאָרמאַלן קאָנטיגענט איז געקומען אַ פאָדערונג אויף צוויי טויזנט יידן קיין קראָסנאָ. אויף דער גאַנצער לענג פון גענשע איז אַנטשטאַנען אַ נייער, ריזיקער באַזאַר. — דאָרט ווערט אויפן גאַס אויספאַרקויפט די יידישע וואַרשע. איר געפינט דאָרט וועש, העמדער, האַנטוכער, גאַטקעס, אָנצוגער, לייליעכער, שיך. דער עיקר אָבער וועש. עס שטייען דאָרט זיכער אַ טויזנט מענטשן, וואָס האַנדלען דערמיט. דאָרט קומען אויך קריסטן, וואָס שמוגלען זיך אַריבער איבער דער מויער. אַזאַ מאַרק איז קיינמאָל נישט געווען אין וואַרשע אַפילו נישט אויפן קערצעלאַק. די יידישע גאַלעען געשריבן וועגן יידיש טעאַטער, רעוויע, וועגן די שטימונגען פון יידן און שייכות מיט מעשה איראַק.[208] אין די טויערן הענגען מעלדונגען וועגן זוכן אַרב[עטער] דורך

---

[208]) דאָס איז אַ געשריבענער ראַפּאָרט פון די יידישע געסטאַפּאָ־אַגענטן פאַר דער געסטאַפּאָ.

דער מיליטערישע באַהערדע אין לובליבער און קראָקעווער געגנט פאַרן
פרייז 4.20 אַ טאָג. — מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך די וואָך אויף ראָג
לעש — זשעלאַזנע פאַרגלוסט צו הייסן די יידן לויפן ביים ראָג גאַס. דער
מאָטיוו: זיי קענען נישט פאַרטראָגן קיין יידן. וועגן דער פאַרדאַרבנקייט פון
דער ייד[ישער] גמינע קען עדות זאָגן פאָלגנדער פאַל: די אַרבעטס־אָפּטיי־
לונג האָט אַסיגנירט געלט אויף 17 ברויט פאַר די צוריקגעקומענע פון די
אַרבעטס־לאַגערן, האָבן די באַאַמטע צוגענומען פון די קוים־לעבעדיקע
לאַגעריסטן 10 ברויט און געגעבן זיי בלויז 7. — די מעשה העס[209] האָט ארויס־
גערופן אַ דערשיטערונג אין געטאָ, פונקט ווי אַמאָל מעשה יוגאָסלאַוויע,
בשעת וועלכער מען האָט געטרונקען לחיים. ווען מען נעמט אין אַכט די
אויבן געשילדערטע לאַגע: הונגער און אַרבעטס־לאַגערן, ווערט מען פאַר־
שטייך, אַז מעשה העס האָט ווידער אויפגעלעבט דעם יידישן אָפּטימיזם,
דעם גלויבן אין אַ גיכן שלום, וואָס קען אַלעמען ראַטעווען פון הונגער־
טויט. דער עולם האָט אָנגעהויבן צו ביסלעך פאַבריצירן פאַרשידענע באַ־
פוצונגען, ווי, למשל, וועגן די 3 גענעראַלן: מילך, מאַלטקע און האָפמאַן,
וואָס זענען צוזאַמען מיט אים אַנטלאָפן. מען האָט פאַרציילט, אַז דאָס איז
פאַרבונדן מיט חלוקי־דעות, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אויפן לעצטן פאַר־
טיי־צוזאַמענפאָר. מען רעדט וועגן דעם, אַז געריגנג איז דערהרגעט געוואָרן,
אַז די אַקציע העס איז געווענדעט קעגן רוסלאַנד, ענגלאַנד מיט דייטשלאַנד
זאָלן גיין קעגן רוסלאַנד. דער עולם האָט געקרויינט די מעשה מיט דער
באַצייכענונג „נס". אין דער האָפנונגסלאָזער לאַגע האָט מען דערזען אַן
אויסוועג. דער עולם שאַפט וויצן. פון אַ העס הויבט זיך אָן אַ נס. אינדער־
פרי איז העס געווען אַ מת (דער ערשטער קאָמוניקאַט, אַז ער האָט גע־
סטאַרטעט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג און עס זענען וועגן אים נישטאָ
קיין ידיעות), באַכמיטאָג איז געווען העס אַ נס און אינאָוונט איז דער נס־
העס; אַז העס האָט געמאַכט אַ נס, ווערט פון העס אַ מת. עס איז געשען
אַ העסלעכע מעשה וכדומה. דער הויפּט־וואַלוציאַזש אין וואַרשע איז שלמה
דער געלער (פון פּאַוויע גאַס), ער זיצט אַ גאַנצן טאָג ביי אַ בלאַט גמרא.
אינצווישן קומט אַריין אַ יידענע מיט גריגנס. ער רייסט איבער דאָס לערנען
און מאַכט ביי איר אַ באַשטעלונג אויף „האַרטע" און „ווייכע". אַגב איז
דער דאָלאַר באַדייטנד געשטיגן צוליב דער מעשה העס. האַרטע פון 128
אויף 170, ווייכע פון 50 אויף 70. פלאַץ פון דריי מויערן הייסט דער פלאַץ
לעבן דער סינאַגאָגע. — מיט עטלעכע טעג [צוריק], אָן ערך דעם 10 מאַי,
אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן דער עוואַקואירונג פון יידן פון שעדליעץ דורך
דער מיליטערישער מאַכט. דערווייל 6.000 מענטשן. — העס איז צוגעזאָג־

209) רודאָלף העס, געב. 1894, זינט 1933 היטלערס שטעלפאַרטרעטער אין
דער פּאַרטיי, אַוועקגעפלויגן דעם 10 מאַי 1941 קיין ענגלאַנד מיטן ציל צו פירן
פּאָליטישע געשפּרעכן און געוואָרן דאָרט אינטערנירט; פאַרמשפּט געוואָרן אינעם
נירענבערגער פּראָצעס צו אייביקער תפיסה.

גען צום מיקראָפאָן און געזאָגט איין וואָרט: „טו העס".[210] — דער רוב מתים זענען אַנאָנימע, באַזונדערס די פון גאַס האָבן נישט ביי זיך קיין שום דאָקומענטן. זעלטן ווען מעלדעט זיך עמעצער פון דער פאַמיליע און דאָס נאָך דעם העמד, וואָס איז איבערגעבליבן נאָכן פאַרשטאָרבענעם. די וועגעלעך פון די לויה־פירמעס דרייען זיך אַ גאַנצן טאָג אַרום אין גאַס, אַ טייל געשפּאַנטע מיט פערד, אַנדערע מיט ראָווערן.

20. 5. 41

אָנהייב יוני 1941[211]

זאָנדערבעאַופטראַגטער פאַר לעשנאָ[212]. — דאָס געשפּרעך בינד אונדז נישט — מיר קומען אים צו פרעגן, נישט צו געבן — מיר רעפּרעזענטירן קיינעם נישט. — ווער ביסטו — קאָנצעסיאָנירטע פירמע צו פאַרוואַלטן מיט הייזער. ער קען באַשעפטיקן אין אונדזערע אָפּטיילונג פון דיסטריקט (יידישע אָפּטיילונג „איז באַשעפטיקט"). האָט גאָרנישט צום זש. ט. ס. די קהלה טאָר ער נישט קריטיקירן, ווייל זי אױטאָריזירט דער ג. [עסטאַפּאָ] אַ סך אינטערווענצן — דאָס אויפהערן שלאָגן, באַזייטיקן שומרים — פאַר וואָס אַרבעט נישט מיט זשיטאָס? ער וויל, מען זאָל אים פאַרבינדן — די גמינע וויל מיט אים נישט רעדן. ער איז געקומען אין גמינע אַלס קאָר־נער[213] זעלנער. ער קען ברענגען רוישטאָפן, וואָס די גמינע האָט מורא צו טון. ער האָט געקענט אָפּליגן דאָס געטאָ. געווען אַ קאָנפערענץ מיט ל.[214] אַ האַלבער מיליאָן — געקענט זיין. ער דאַרף באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף אַרויספירן מיסט. געוואָלט זיין אַ טייל פון קהלה, אָבער אויטאָנאָם, ווען די מאַכט וועט ווירקן, אַז ער זאָל זיין אַ טייל. ער וויל ווירקן בלויז אויף לעשנאָ — ער אָנערקענט די סופּערמאַציע פון דער קהלה, ער וויל נישט פאַרטיילן די פּראָדוקטן, נאָר די געזעלשאַפט [אַליין, לעשנאָ] אַליין זאָל טיילן. ער האָט מענטשן נישט געוווּנטשענע. פון וואַנען מיטלען? — ער וויל נישט פאַרן געלט פון נאָוואָליפּקי אָנעסן לעשנאָ. — פון וואַנען הכנ־סות? אדמיניסטראַציע פון הייזער, אינטערווענצן, דעלעגאַציעס פון פּראָווינץ וועגן אָפּליגן די טערמינען פון אויסזידלונגען מעמאָריאַלן וועגן אַר־בעטס־לאַגערן — איינפירן אַרבעטס־צוואַנג אין געטאָ, דאָ באַשעפטיקן

---

210) פּויליש: דאָ איז פאַראַן העס.

211) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

212) געמיינט: גאַנצווייכן, וועלכער האָט באַקומען די אַדמיניסטראַציע פון אַ סך הייזער אויף לעשנאָ־גאַס. דער גאַנצער פראַגמענט האָט אַ שייכות צו אַ קאָנפערענץ, וועלכע גאַנצווייך האָט צונויפגערופן און אויף וועלכער ער האָט גע־געבן זיין „עקספּאָזע".

213) פּויליש: דיסציפּלינירטער.

214) וואַרשעווער דער היטלערישער שטאָט־קאָמיסאַר פון וואַרשע לודוויג לייסט.

אין פאַבריקן. ער וויזט אָן ווו רווישטאָפּן. גאַרבערייַ סמעט פאַרענדיקט. אַ יידישע צייטונג, אַ טאָג־צייטונג. וואָס וויל ער טון אויף לעשנאַ? ער וויל נישט קיין אייגענע מלוכה. נאָר צוגעבן צו דעם, וואָס אַנדערע געבן. שאַפן אַ קאָמיטעט פאַר לעשנאַ. ער וועט דעם קאָמיטעט שטיצן. וואָס איז מיטן ביורא צום באַקעמפן דעם וווכער? רעוויזיעס אין בעקערייען, 82 העקאָ וועגט אַ ברויט. רעקווירירן צוקער און מעל. נישט איבערוויזן אויף יענער זייט, נאָר איבערלאָזן אין געטאָ. רעוויזיעס אין דירות. 30 טויזנט זל. אַ חודש. (18 טויזנט פון אַדמיניסטראַציע). ער וויל פאַרקלענערן די אינטערווענצן. קרייז פון פריינט פון לעשנאַ — וועלן איבערנעמען די פאַבריקן אין געטאָ.

אַנהויב יוני 1941

מיין ליבער![215]

די פּאַגאָטאָוויע פון 13־טל[216] טראָגט אַ רויטן מגן־דוד און ספּעציעלע היטלען מיט העלבלויע פּאַסן. די פּאַרלייזונג ביי דער אָרעמער באַפעלקע־רונג איז אַ שרעקלעכע. מען האָט נישט קיין שטיקל זייף, מען וווינט אין שרעקלעכע באַדינגונגען, ענגשאַפט, שמוץ. די קראַנקן־שוועסטער פון „טאָז" געפונען אונטער די באַנדאַזשן גאַנצע נעסטן פון לייז. — העלער און קאָן זענען באַפרייט פון טראָגן אַפּאַסקעס. דאָס דאַזיקע רעכט האָבן 3 פּער־זאָן אין דער קהלה. די בעטלער האָבן די אמתע אַרבעט נאָך 9 אין אָונט. זיי האָבן פאַר קיינעם נישט קיין מורא און גייען אינמיטן גאַס שרייענדיק נאָך אַ שטיקל ברויט. די קוילן־אָפּטיילונג[217] מאַכט פאָלגנדע קאָמבינאַציע. מאַכערס ווענדן זיך צו אינסטיטוציעס, אַז זיי וועלן צושטעלן קוילן אונ־טערן באַדינג, אַז דריי פּערטל וועלן זיי באַקומען. שבועות האָט מען צום ערשטן מאָל געדאַוונט אין טלאָמאַצקער שול.[218] משורר־יאַקאָוו מיט זיינע אַדיוטאַנטן: זאַבלודאָווסקי[219] און ליכטענבוים זענען געקומען אין שול. פאַרן בנין איז געשטאַנען אַן ערן־וואַך פון ייד[ישער] פּאָליציי, וועלכע

---

215) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

216) דעם 15 מאַי 1941 האָט דאָס „דרייצנטל" געעפנט א "יידישע גיכע הילף", וואָס איז פּאַקטיש געווען א דעקמאַנטל פאַר דער טעטיקייט און אַפּערעס פון גאַנצווייך עט קאַמפּ.

217) אָפּטיילונג ביים פאַרזאָרגאַמט פון יודענראַט.

218) לויט אַ צירקולאַר פון וואַרשעווער דיסטריקט־שעף פון 17 מערץ 1941 (אויפן סמך פון א דעקרעט פון דער „רעגירונג" פון דער גענעראַל־גובער־ניע פון 4 מערץ 1941) איז די יידן דערלויבט געוואָרן צונויפצוזאַמלען זיך אויף תפילות בציבור אין פּריוואַטע וווינונגען און בתי תפילות בלויז אין פּסח (4 טעג), ראש השנה (2 טעג), יום כיפור (1 טאָג) און סוכות (4 טעג).

219) זע הערה 155.

האָט פֿאַר אים דעפּילירט. שבֿועות[220] איז פֿאָרגעקומען אין אַזאַזעל[221] די בר־מצווה פֿון גאַנצוויכס זון, דערביי איז ער נאָמינירט געוואָרן אַלס סעקציני.[222] — אויף פּזשעביעג איז אויפֿגעבויט אַ האָלצערנע בריק צוליב אַ קריסטלעכן אינטערנאַט, וואָס געפֿינט זיך צווישן די לעצטע נומערן פֿון פּזשעביעג. פֿון דאָרט האָט מען אַן אויסבליק אויף דער ווייסל און זשאָליבאָזש.[223] מאַסן יידן שטייען אַ גאַנצן טאָג און קוקן אויף יענער, פֿרייער וועלט. די פּרוור־פֿאַרדונקעלונג האָט אָוועקגעשטעלט פֿאַר דער אָרעמער באַפֿעלקערונג אַ שווער פּראָבלעם פֿון קריפֿן שוואַרץ פּאַפּיר, וואָס איז געוואַלדיק געשטיגן. ווען וועט זיך ענדיקן די מלחמה, האָט מען גע־פֿרעגט אַ דייטש אין אַ שאָפּ. ווען מיר וועלן עסן איינמאָל אין טאָג, און איר, יידן, איינמאָל אין וואָך. ביזן ערשטן יאַנואַר האָבן געגלויבט אין נצחון פֿון אשכנז: יינגער פֿון 35 יאָר, פֿאַרן 1־טן מאַי (העס) אונטער 30 יאָר, נאָך מעשה העס אונטער 20 יאָר.—אשכנזיס[224] פֿרוי איז מיט אַ צייט צו־ריק געשטאָרבן אַלס משומדת אין אַרישן טייל שטאָט. זי איז באַגראָבן גע־וואָרן אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען, ווייל אַלס משומדת וואָלט זי געמוזט אַרי־בער אין געטאָ. יידישע קינדער לערנען איצט וועגן וואַרשע פֿון בילדער, ווייל מחוץ די מויערן קען מען נישט אַרויס. — אין די קינאָס ווערט ווײ־טער געפֿירט אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן יידן אונטער דער לאָזונג: יידן, לייז, טיפֿוס. עס ווערן געבראַכט גאַנצע רעפּאָרטאַזשן פֿון געטאָ און געוויזן, ווי אַזוי יידן זענען פֿאַרלייזיקט. עס ווערן געבראַכט רעפּאָרטאַזשן פֿון אַר־בעטס־לאַגערן, און עס ווערט געוויזן, אַז יידן זענען פֿויל. זייער אויסגי־ביקייט איז צען פּראָצענט לגבי פּאָלאַקן, אָבער נאָך אַ 6 וואָכן וואַקסט זייער אויסגיביקייט צו 60 פּראָצענט, מען זעט אויף דעם בילד יידן אויס־געמאַטערטע, באָרוועסע, בשעת פּאָלאַקן טראָגן שטיוול. עס איז פֿאַרבאָטן צו שרייבן בריוו קיין אויסלאַנד, נאָר קאַרטלעך. דאָס פֿאַרפּליכטעט נישט אַריער. — די אויסוואַנדערונג פֿון וואַרשע דויערט. מען פֿאָרט מיט אויטאָס און מיט דער באַן. מען פֿאָרט אויך אין רייך, למשל קיין ציעכאַנאָוו,[225] וווּ מען פֿאַרדינט דריי מאַרק אַ טאָג, דערפֿון קאָן מען גוט לעבן און נאָך אָפּשפּאָרן. מען באַקומט פּזשעפּוסטקעס, אַז מען איז באַפֿרייט געוואָרן פֿון אַרבעטס־לאַגער און מען פֿאָרט צוריק אַהיים אין דעם נייעם וווינאָרט. דער טיפֿוס פֿאַרשפּרייט זיך זייער שטאַרק. 280 הייזער זענען צוליב דעם פֿאַרמאַכט. דאָס רופֿט אַרויס זייער גרויסע שוועריקייטן. אין דער ערשטער

---

220) שבֿועות איז דעם יאָר אויסגעפֿאַלן אויפֿן 1 און 2 יוני.

221) דער דאָזיקער טעאַטער האָט זיך געפֿונען אויף נאָוואָליפּיע־גאַס 66.

222) אָנפֿירער פֿון אַ סעקציע פֿון דער יידישער אָרדענונגס־דינסט.

223) זשאָליבאָזש — אַ פּוילישער וווין־ראַיאָן צום צפֿון פֿון געטאָ.

224) פּראָפֿ׳ שמעון אשכנזי (1866 — 1935), באַוווּסטער פּוילישער היסטאָ־ריקער און דיפּלאָמאַט, פֿון אָפּשטאַם אַ ייד.

225) אַ פּוילישע שטאָט, וואָס איז אײַנגעם מיטן גאַנצן ראַיאָן אײַנגעגלי־דערט געוואָרן אין דײַטשישן (דריטן) רײַך אונטער נאָמען „בעצירק ציכענאַו".

ריי זענען פאַרמאַכט אַ סך ביוראָען און ווען זיי טראָגן זיך איבער אין אַ נייער דירה, ברענגט אויך דאָרט אויס דער טיפוס. דער בעקער געפען האָט גוט געשפּייזט דעם טיפוס־קראַנקן אין זיין הויז, בכדי ער זאָל וואָס שנעלער געזונט ווערן. אַן אילוסטראַציע צו דער קהלה־קאָרופּציע: אַפילו בעטלער מוזן זיך אויסקויפן, זיי מוזן געבן כאַבאַר, בכדי צו באַקומען שטי־צע אין דער קהלה. פאַרן פאַרריכטן אַ זאַל אויף עלעקטאָראַלנע 12 פאַרן „טאפּאָראָל" האָט דער ווירטשאַפטס־אָפּטייל פון דער קהלה אויסקאַלקו־לירט 6.000 זל. געקאָסט האָט עס 200 זל. די האָבער־מיטאָגן (וועגן וואָס די קהלה האָט געמאָלדן דורך פּלאַקאַטן) האָבן אַ ביסל פאַרבעסערט די שטימונג. אַלע פּליטים פון די פּונקטן וועלן באַקומען מיטאָגן טאָג־טעגלעך, קינדער 3 מאָל אין טאָג באַשפּייזונג. עס באַקומען אויך מיטאָגן די אַרבע־טער פון די שאָפּן, אַנגעשטעלטע פון קהלה און ייד[ישע] געזעלש[אַפט־לעכע] אינסטיטוציעס. די סיבה פון דער פּלוצימדיקער גוטסקייט איז די קאָלאָסאַלע שטערבלעכקייט און דער עיקר דאָס אויסזען פון דער יידישער גאַס. די בעטלער און די מתים האָבן אויסגעקעמפט דאָס ביסל הנחות. אויך דער טיפוס האָט געטון דאָס זייניקע, עס קומען זעער אָפט עקסקורסיעס אויפן בית־עולם. מען פאָטאָגראַפירט כסדר די מתים און מען לאַכט דערביי הערצלעך. קיין מיטלייד־געפיל זעט מען נישט. בשעת איין — — — — —

[אָנהויב יוני 1941]

קולטור־אַרבעט אין געטאָ.[226] — ווי אַזוי דער אָנהויב. — די מורא און שרעק פאַר פאַרזאַמלונגען. — מיינע לעגאַליזאַציעס. — די סכנות דערמיט פאַרבונדענע. — ביז דער מסירה גערעדט וועגן געטאָ. — ווען פאַרציילט וועגן דעם פּינאַל. — דער פאַלשער באַגריף געשלאָסענער געטאָ, נאָר צוויי געטאָס פאַרמאַכטע. — לובלין, טשענסטאָכאָוו געעפנט. — דער ענטפער אויף דער ווענדונג פון יתומים־הויז. — ביכער־מאַרק שוויענטאָקשיסקא איבערגעטראָגן אויף אָרלאָ. פרייז פון ביכער 5 זל. — 100 זל. — לעשנא פּוילישע, אויף נאָוואָליפּקי יידישע. פּויכטוואַנגער אַפילו דער פאַלשער נעראָן, ערפּאָלג[227], צוויג[228]. — בורות־געריסט אין 13־טל. — קויטסקי, אָנהויב פון קריסטנטום. — פּיקטיווע איינמעלדונגען. כאַראַקטעריסטיק פון גאַז [עטאַ] זשיד[אָווסקאַ] דינט אַלע געטער: טשערניאַקאָוו, גאַצוויכן (אַן אַ שיעור אַנאָנסן), נישט געווינען קיין איין זשורנאַליסט אויסער שטיינען,[229]

---

226) די דאָזיקע גאַנצע נאָטיץ באַשטייט פון טעזן צו די קולטור־פּראָבלע־מען אין וואַרשעווער געטאָ.

227) טיטול פון א באַקאַנטן ראָמאַן פון ליאָן פּויכטוואַנגער.

223) וואַרשווינגלער אַרנאָלד צווייגס ראָמאַן „סיכסוך וועגן סערזשאַנט גרישא"

229) עדמונד (מנחם) שטיין, זע הערה 95 (1940).

באַלאַבאַן, ראָגאָווי[230] פון אגודה. — נודנע לעקציעס פון העברעיש, קאַלענדאַר: קאָמוניקאַטן פון פראָנט, יידישע ליטעראַטור, העברעישע ליטעראַטור.

צוואַנגס־יידישיזאַציע. — שמחה פון אַ טייל צוליב דער אויטאָנאָמיע.[231] — ראָזענפעלדס[232] זון מיטאַרבעטער, אַ רעוויזיאָניסטל. — ד״ר פעלדשוה ביי יוגנט־אָפּטיילונג פון פּאָגאָטאָוויע. ליידאַקעס פון אַלע פּאַרטייען פּאַראייניקט איך. — פרעזעס[233] אָפּגעזאָגט 15.000 זל. אויף דיזענטעריע־אימפונגען. — יקרות אַ ביסל סטאַביליזירט. — גוטע מיטאָגן אין די שאָפּן, 3,80 די ווערט. — אַ מיליטער־אויטאָ געטיילט ברויט. — די פּראָסטיטוטקע[234] דינט אלעמען. — גאַנצוויכס פּאָטער געשטאָרבן [מקבר געווען] אים מיט נעקראָלאָגן.[235] — געזען זיינע אונטערשטיצער און פריינט. — אינטעליגענץ, אַסימילאַציע אויף יידישע קאָנצערטן. — גאַלהפּאַדען־אָוונט. — איציק־שפּיציק.[236] — שאַנטאַזש פון רובינשטיין, ער וועט שרייען „נידער מיט"[237] ער איז אַ מלוכה־באַאַמטער. ער צעחושט. עס וועט די מלחמה איבערלעבן: די גמינע, דאָס דרייצנטל און ער. יעדעס הויז, יעדע דירה פאַרלאַנגט 100 טויזנט מיטאָגן.

בעסער פאַרקויפן דאָס לעצטע וועסטל אידער צו ליגן אין קעסטל[238] — געלעגן געלט אין הילצערנע טרעפּעס, געקענט קויפן צו 9 זל. יעצט — 17 זל. — די מורא, אַז די הילף פאַר די לאַגעריסטן וועט באַפרייען די פירמעס. — נאָך דער דרשה פון גלח אין קאַמפּינאָס[239] אַלץ זיך געביטן: די לאַגערשויץ, די פאַרמע, די פירער. 50 זל. פאַר קראַנקע. די ערגסטע לאַגערן ווילגע.[240]

דער זון באַקומט פון טאַטן דעם לאָטניק — די פרוי, די אַריערין אויף שוויענטאָיערסקא 32 אין הויז־קאָמיטעט נישט געוואָלט זיך גטן. דאָס

[230]) מ. א. ראָגאָווי, רעדאַקטאָר פון דעם אגודהשן אָרגאַן „יידישער טאָגבלאַט".

[231]) געמיינט: געטאָ.

[231]) אלעקסאנדער ראָזענפעלד, א יונגער זשורנאליסט און רעוויזיאָניסט, זון פון באַקאַנטן פעליעטאָניסט באַנטשע פון „מאָמענט".

[233]) טשערניאַקאָוו.

[234]) אין דעם פאַל וואַרשיינלעך: די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ".

[235]) א גרופּע טעלערלעקער האָט געגעבן אין „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ" נעקראָלאָגן צום טויט פון גאַנצוויכס פּאָטער.

[236]) וואַרשיינלעך געמיינט די מאַריאָנעטן־פאָרשטעלונג פאַר קינדער אין יידיש א. נ. „איציק שפּיציק". אָרגאַניזירט דורך דער אימפּרעזן־קאָמיסיע ביים צענטאָס אויף טלאָמאַצקע 5.

[237]) „נידער מיט היטלערן!" — מורא האָבנדיק פאַר אַזאַ הילכיקן אויסרוף, פלעגט מען נאָכגעבן רובינשטיינען זיינע פאַרלאַנגען.

[238]) דאָס זענען אַלץ ווערטלעך פון רובינשטיינען.

[239]) דער גלח פון קאַמפּינאָס, נעבן לוויטש, איז געווען באַקאַנט מיט זיינע דרשות לטובת די יידישע לאַגערניקעס.

[240]) ווילגע ליגט אין גאַרוואָלינער פּאָוויאַט.

ערשטע ווייב אַ יענע, די צווייטע אין אַ פּאַריק, — ער פּאַרלירט פּעקלעך אין געטאָ — ער האָט מורא צו טיילן. — „אַלע גלייך"[241] דאָס אומגליק פון געטאָ. סאָציאַליסטן קעגן צונעמען די ברויט־קאַרטן ביי די רייכע. — שולן אין יידיש אָדער העברעיש, נישט אין פּויליש.

אָנהויב יוני 1941

מיין ליבער![242]

דער רוב לאַגעריסטן פון וואַרשעווער דיסטריקט זענען זיך צעקראָכן. פון 7 טויזנט זענען געבליבן 2 טויזנט. אַ טייל לאַגערן איז אויפגעלעזט געוואָרן, ווייל עס איז נישט געווען קיין באַשפּייזונג פאַר זיי. אַ טייל לאַגעריסטן איז אַנטלאָפן און געפונען אַרבעט ביי פּויערים, וועלכע פלעגן אָפט קומען אין די לאַגערן וועגן פערזאָנען, וואָס טויגן נישט פאַרן לאַגער. זיי פלעגן די מענטשן אַ פּאָר טעג באַשפּייזן און שפּעטער זיי באַשעפטיקן ביי פעלד־אַרבעט. אין אַ גאַנצער ריי דערפער האָבן די פּויערים אַרויסגעוויזן אַ סך מענטשלעכקייט און אַרויסגעוואָרפן ברויט און אַנדערע לעבנסמיטל. — די געז. „טאָפּאָראָל" האָט היי־יאָר אַ סך אויפגעטאָן. אין 200 הייף זענען פאַרזעצט געוואָרן בלומען און ירקות. אומעטום זעט מען די טאָוולען פון „טאָפּאָראָל". נישט אומעטום איז עס אָבער געלונגען. אויף טייל פּלעצער איז די באַוועגונג אַזאַ גרויסע, אַז די פאַרזייטע פּלעצער זענען צעטרעטן געוואָרן, אַזוי צ. ב. אויפן פּלאַץ פון 3 מויערן. 700 יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעבילדערט אויף די קורסן פון „טאָפּאָראָל" אויף עלעקטאָראַלנע 12. — אויפן שטח פון פאַרברענטן שפּיטאָל פון „הייליקן גייסט"[243] איז איצט אַ ברייט פעלד פאַרזייט מיט פאַרשיידענע ירקות. עס איז געווען אַ שווערע אַרבעט דאָס באַזייטיקן די קופּעס גרוז. יעצט בליט דאָרט, וווּ עס זענען געווען מלחמה־חורבות. עס וועלן דאָרטן געהאָדעוועט אַפילו קינסטלעכע הינער. אויף גענשע איז פאַרזייט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פּלעצער פון דער אַמאָליקער תפיסה. ביי דער דאָזיקער אַרבעט זענען באַשעפטיקט 20 אַגראָנאָמען. הויז־גערטנער, באַלקאָנען זענען פאַרזייט געוואָרן. עס איז אָבער נאָך ווייט דערצו, אַז דאָס געטאָ זאָל זיין באַדעקט מיט גרינס. — אַ סך הייף זענען אויסגענוצט געוואָרן אויף רעסטאָראַציעס. אַ טייל הייף איז פאַרדונגען געוואָרן אויף גערטנער פאַר קינדער. נאַטירלעך קענען דערפון געניסן נאָר רייכע קינדער, וועלכע צאָלן צו 30 — 40 ביז 70 זל. אַ חודש. אָרעמע קינדער האָבן אַזוי אַרום אַפילו נישט קיין גרעזל פאַר די אויגן. האַנדל מיט פרישער לופט!

241) אַלע גלייך ד. ה. — גלייכע שטייערן פאַר אַלעמען, פאַר רייך און אָרעם.
242) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.
243) שפּיטאָל א. נ. „שוויענטעגאָ דוכאַ" (פּויליש: פון הייליקן גייסט) אויף עלעקטאָראַלנאַ־גאַס.

קאַנאַליעס פון אַלע גרופּן און שיכטן פאַראייניקט אייך אונטער די פליגל פון 13־טל. זיי שאַפן אַ רעליגיעזן סעקטאָר מיט די באַקאַנטע גנבים: הרב בלומענפעלד, הרב גליצענשטיין[245] בראש (אגב קיינמאָל נישט געווען קיין רב). אַרבעט מיט אין דער צענזור־אָפּטיילונג ביי דער פּאָסט. — אַ מאָדנע זאַך קומט פאָר מיט די לעבנסמיטל־קאַרטן. מען באַקומט אויף 10 נומערן, בשעת עס זענען דאָ 15. די סיבה: 10 פּראָצענט גייט פאַר סאָציאַלער הילף. ביזן 1־טן מאַי האָט דער מאַגיסטראַט אָנערקענט 400 טויזנט ברויט־קאַרטן. ער האָט נישט אָנערקענט צענדליקער טויזנטער פאַררעגיסטרירטע (דוכט זיך 446 טויזנט). נאָך לאַנגע באַמיונגען האָט מען אָנערקענט נאָך 16 טויזנט איבערגעזידלטע, הגם די מאַכט האָט אויסגעזידלט 50 טויזנט. צוליב דעם מוז מען 420 טויזנט ברויטקאַרטן פאַרטיילן צווישן 460 טויזנט. דעריבער פעלן נומערלעך. — ירקות ברענגט אַריין אין געטאָ די פירמע קאָן — העלער. זיי מאַכן דערביי גאָלדענע געשעפטן. ראַבאַרבאַרום קאָסט כמעט צוויי מאָל ווי אויף דער אַרישער זייט. — אַ טייל רופט דאָס 13־טל זובאַטאָוושטשיזנע,[246] זיי טוען אַ מיאוסע אַרבעט און ווילן דאָס איינהילן מיט אַ וועלאָן פון אָרדענטלעכקייט. דאָס דערמאָנט יאַנקל שאַפּשאָוויטש פון „גאָט פון נקמה", וואָס האָט געשאַפן אַ שולעכל, בכדי צו דעקן זיין מיאוסע פּראָפעסיע. דערמיט דערקלערט זיך די שטרעבונג צו פירן קולטור־אַרבעט און ווען דאָס איז נישט געלונגען (דער עולם איז נישט געגאַנגען צו זיי), נעמט מען זיך צו פירן אַ שרייערישע כאַריטאַטיווע אַרבעט (פּאָגאָטאָוויע). אַ טייל אָרנטלעכע לייט האָבן זיך אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט געדריקט ביי זיי (קאַצענעלסאָן, סטופּניצקי, לייפונער א. א. אָדער אַזעלכע עובר־בטלניקעס, ווי קאָרטשאַק). — די שרעק פאַרן 13־טל איז אַזוי גרויס, אַז אַ טייל אָרנטלעכע מענטשן האָבן נישט דעם מוט נישט צו קומען אויף זיינע איינלאַדונגען. ווי ווייט עס גרייכט די מורא, קאָן דינען פאָלגנדער כאַראַקטעריסטישער פאַל. גאַנצוויך האָט איינגעלאַדן דעם הער ס. פּ.[247] צו דער מיטאַרבעט אין דער פּאָגאָטאָוויע. בלית־ברירה האָט דער לעצטער אַבסאָלוט געזונטערהייט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, אַרויסגערופן צו זיך אַ דאָקטאָר פון הויף און אַרויסבאַקומען פון אים אַ באַשטעטיקונג, אַז ער איז האַרצליידנד און טאָר נישט נעמען קיין שום אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

עס געפינט זיך לײדער אַ גרויסע צאָל מענטשן, וואָס לאָזט זיך פאַנגען

244) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

245) געקומען קיין וואַרשע פון גראָדזשאַנדז.

246) די דיווערסאַנטישע „אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע", אָרגאַניזירט אין די יאָרן 1901—1903 דורך דעם צאַרישן זשאַנדאַרמעריע־פירער זובאַטאָוו.

247) נישט געלונגען פעסטצושטעלן דעם פאַמיליע־נאָמען פון דער פּערזאָן.

פון זיינע זיסע ריידעלעך, אין וועלכע ער באַמיט זיך צו באַווייזן, וואָס פאַראַ טובות ער טוט פאַר יידן, וויפל גזירות ער האָט אָפּגעשאַפן און וואָס פאַראַ זאַכן ער וואָלט געקענט אויפטון, ווען ער וואָלט געהאַט די אונטער־שטיצונג פון דער געזעלשאַפט. דער דאָזיקער רויש אָדער כישוף, וואָס זיינע רעדעס פאַרמאָגן (ער איז אַ גלענצנדער יידיש און העברעיש רעד־נער) פאַרשווינד אָבער זייער שנעל. די מענטשן ניכטערן זיך אויס און פילן אַ פריקרען בייגעשמאַק. לעצטנס האָט זיך ביי דעם 13־טל, ביי דער פּאַגאָטאָוויע געשאַפן אַ יוגנט־אָפּטיילונג מיטן אויסוואורף פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע קאַץ בראַש[248]. די גרופּע האָט פאָרמולירט איר פּאַנ־סעמיטיש פּראָגראַם אין 7 פּונקטן (אויסגאַבע: מצודה): ראַסע און רעליגיע, אין געטאָ זיינען דאָ 3 וואַלוטעס: האַרטע, ווייכע און גאַנץ־ווייכע[249]. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין קוטנער געטאָ האָט דער אָבמאַן אויסגע־טון אַלע יידן באַקעט און צונויפגענומען ביי אַלעמען אַנדערטהאַלבן מיליאָן מאַרק, צווישן זיי ביי איין ייד אַ פערטל מיליאָן מאַרק.

העלפט אויגוסט 1941.

העלפט אויגוסט. געסטאַפּאָ וואָס מאַכט אַן אָבלאַווע אויף די זעל־נער. דעמלט דערהערט זיך אַ פּאַראָל: „די שווייגע קאָממען" און דער עולם זעלנער אַנטלויפט אין די הייזער, ווו מען באַהאַלט זיך אויס אין פּריוואַטע דירות. איינער אַזאַ זעלנער איז אַנטלאָפן אין אַ פּריוואַט־וווינונג אויף כמיעלנאַ, ווו עס איז געווען אַ יידישע פרוי, וואָס איר שוועסטער אַ משו־מדת האָט געוווינט מיט איר מאַן אַ קריסט. דער זעלנער האָט פאַרציילט, אַז יעדן טאָג קומט ער אין די קאַסערן אויף עפּעס צוצוגגבענען און פאַר־קויפן, דערפון לעבט ער. ער האָט שוין 3 מאָל באַקומען אויפפאָדערונגען צו שטעלן זיך צו אַ קאָמיסיע, וואָס קוואַליפיצירט די וואָס דאַרפן גיין אויפן פראָנט. ער שטעלט זיך אָבער נישט צו צו דער קאָמיסיע, ווייל צו וואָס קעמפן, אַז די „שוואַרצע" זאָלן האָבן וואָס צו פרעסן און זויפן. בכלל איז ער קעגן דעם קריג מיט רוסלאַנד. די וואָס שטייען אין קאָנטאַקט מיט יענע גיבן איבער, אַז אַזעלכע שטימונגען זענען פאַרשפּרייט צווישן די דייטשן, ביי וועלכע די מלחמה מיט רוסלאַנד איז זייער נישט פּאָפּולער. יעדער ווייס, אַז אַ צוריקקער פון רוסישן פראָנט איז נישטאָ, דעריבער זענען פאַראַן אַזעלכע מיני שטימונגען.

אין דער קיך לעשנאָ 40 האָט מיר איבערגעגעבן די לייטערין[250] פון דער קיך וועגן אַ טעפּל, מיט וועלכן עס ווערן געבראַכט די מיטאָגן — פאַר

---

248) דער טוער פון „הנוער הציוני" קאַץ איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פאַר מיטאַרבעטן מיט גאַנצוווייכן.

249) אַן אלוזיע צו גאַנצווייכן.

250) וואַרשעווינלעך די שרייבערין רחל אויערבאַך.

אַ דריטער גענעראַציע — די ערשטע צוויי זענען שוין אויסגעשטאָרבן. דאָס איז אַן אַפּטע דערשיינונג ביי מענטשן, וואָס זייער איינציקע שפּייז איז די זופּקע פון די פּאָלקסקיכן. די מיטאָגן פון די פּאָלקסקיכן האָבן זיך לעצטנס זייער שטאַרק פאַרערגערט. דער האָבער, וואָס פלעגט געמאָלן ווערן אויף יענער זייט, ווערט איצט געמאָלן אין געטאָ. דאָס קאָסט טייערער ווי אויף יענער זייט און די קוואַליטעט איז אַן ערגערע. פאַרוואָס האָט מען איבער־געטראָגן דאָס מאָלן אין געטאָ? דערויף זענען פאַראַן צוויי תשובות — די אָפיציעלע: יענע מילן מוזן מאָלן פאַרן מיליטער, זיי ווילן נישט אַרבעטן פאַרן געטאָ. יש שאומרים, אַז דאָס איז אַ קאָמבינאַציע פון פאַרזאָרגונגס־אַמט. אַ פאַקט, אַז טייערער און ערגער.

אין הילכער ווערט געפירט אַ כסדרדיקע אַנטי־יידישע קאַמפּאַניע. אין גאַס ווערן פאַרשפּרייט בילדער מיט דער אויפשריפט באָלשעוויק — אַנטיכריסט.

אויגוסט 1941 [251]

די בעטלער — פראַגע גייט נישט אַראָפּ פון אונדזער טאָג־אָרדענונג, נישט געקוקט אויף די 120 טויזנט מיטאָגן. מחוץ דער קהלה און „צענטאָס"־אַקציע וואַקסט די צאָל בעטלער פון טאָג צו טאָג. עס איז איצט דאָ מער בעטלער אין די גאַסן, הגם די פּאָליציי האָט מיט עטלעכע חדשים צוריק געפירט לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט אַן ענערגישן קאַמף מיט די בעטלער. אַ גרויסן טייל בילדן קינדער. געזען אַ גרופּע פון 4 — 5 קינדער, וואָס מאַכן אַ לעבן פון שפּילן אין גאַס אַ קינ־דער־שפּיל, אויסגעלערנט מסתמא אין שול. איין בעטלער, אַ געוועזענער לאַגעריסט, טראָגט אַרום זיין פאָטאָגראַפיע, ווו ער זעט אויס שיין, פריש און געזונט און איצט שטעלט ער פאָר אַ בילד פון אַ חורבה אין שמאַטעס איינגעוויקלט. דאָס ווייזן פאָטאָגראַפיעס איז בכלל לעצטנס געוואָרן אַ מאָ־דערנע זאַך. דאָס ווירקט, ווייזט אויס, אויפן מענטש.

אַ טייל יידישע בעטלער האָבן זיך איבערגעטראָגן אין דער אַרישער זייט. מיט אַ חודש צוריק איז דאָס געווען זייער פאַרשפּרייט. הונדערטער בעטלער: פרויען און קינדער פלעגן זיך אַריבערשמוגלען אויף יענער זייט. דאָרט פלעגט מען זיי גוט אויפנעמען, גוט באַשפּייזן און אָפט מיטגעבן עסנ־וואַרג. הגם מען האָט דעם רוב דערקענט, האָט מען דאָך געגעבן זיי דווקא אַלס יידן. דאָס איז זייער אַ סימפּטאָמאַטישע און כאַראַקטעריסטישע דער־שיינונג, וואָס באַווייזט, אַז אין דער פּוילישער געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אַ טיפער ענדערונג. לעצטנס אָבער האָט די מאַכט אָנגעהויבן אַ שאַרפן קאַמף קעגן די יידישע בעטלער. פּאָליציי זאַמלט זיי צונויף, שלאָגט און הרגעט און וואַרפט אַריבער אויף דער יידישער זייט. די פּוילישע פּאָליציי

---

[251]) מאַשין־קאָפּיע.

האָט נישט קיין רחמנות אויף קיין פרויען און קינדער. בכלל איז די פּוילי־שע פּאָליציי איז טרויעריק בלעטל אין דער געשיכטע. לעצטנס נאָכן פאַרש־ווינדן פונעם „דרייצנטל" פאַרטרעטן זיי דאָס אָרט פון זיי. זיי פאַרהאַלטן ווענן אין גאַס און פרעסן אויס געלט. זיי גייען אין בעקעריען, וווּ עס איז דאָ מעל נישט קאָנטינגענטירט, זיי גייען אַרום אין די געוועלבער און פרעסן אויס גראָבע הונדערטער. דער לופט־שוץ איז אויך אַ פּיין מיטל אויסצופרע־סן ביי די יידן געלט. די אומלעגאַלע פּוילישע פרעסע האָט אַפילו אָנגעגעבן די נעמען פון פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געשלאָגן מכות רצח סיי פרויען און קינדער ביים שמוגלען אָדער בעטלען. זייער אויפפירונג צו די יידן איז אַ חוצפּהדיקע און זייער אָפט אַ סך אַן ערגערע ווי פון דייטשן. למשל, ביי דער וואַך זענען זיי אָפט אַ סך ערגער און שטרענגער, ווי די דייטשן. צווישן די פּוילישע פּאָליציאַנטן איז אויך דאָ אַ טייל פּאָלקס־דייטשן און די זענען די ערגסטע.

אַ צווייטע פּלאָג זענען די קאָנטראָלערן אין די טראַמווייען. די נייע פאַראָרדנונג וועגן האַרבע שטראָפן פאַר די, וואָס צאָלן נישט פאַר די בילעטן, האָט געבראַכט טרויעריקע פאָלגן. די קאָנטראָלערן האָבן דערפון געמאַכט אַ גוט געשעפט. מען גייט אַריין אין טראַמוויי פון ביידע זייטן און מען פאַרלאַנגט שטראָפן צו 5 זל. פון די, וואָס האָבן נישט קיין בילעטן, הגם אָפט טרעפט, אַז מען אָקאָרשט אַרייַנגעשטיגן און מען האָט נאָך נישט באַ־וויזן אויסצוקויפן קיין בילעט. אויב מען האָט נישט קיין געלט אויף צו באַ־צאָלן שטראָף אָדער מען רעדט אַקעגן דעם קאָנטראָלער, ווערט מען אָפּ־געפירט אין דער וואַך. געוויינטלעך [?] פאַלן, ווען מענטשן זענען צוליב דעם אַוועק קיין אָשוויענטשים פון וואַנען זייער געביין איז שוין נישט צוריקגעקומען. אַנדערע ווערן איינגעזעצט אין דער יידישער תפיסה אויף געניטע. דאָרט איז פאַראַן אַ דייטשער קאָמיסאַר שאַממע. דער לייטער פון תפיסה בלוי־פּאַפּיר מאַכט מיט אים שותפות. די, וואָס „נתנען" אין יד אַריין, ווערן מיטן הסכם פון קאָמיסאַר גיך באַפרייט, אַנדערע מוזן זיצן לאַנגע וואָכן. די תפיסה געפינט זיך אויפן אָרט פון דער פריערדיקער מיליטערישער תפיסה.

פאַראַן דייטשן, וואָס פאָרן אַדורך דורכן געטאָ און לאָזן איבער ברויט פאַר די בעטלער. איינער „פאַרלירט" ברויט ביים אַדורכפאָרן מיט אַן אויטאָ, אַן אַנדערער האָט אָפּגעשטעלט דאָס אויטאָ, צוגערופן אַ ייִנגל און אים געגעבן אַ ברויט. דאָס זענען אָבער זעלטענע פאַלן פון מענטשלעכער האַנדלונג. קינדער־בעטלער שטייען אָפּ נעבן שפּיטאָל אויף אַגראַדאָווע, נעבן דעם טעלעפאָן־בנין אויף לעשנאָ און וואַרטן אויף אַ מאָמענט, ווען מען וועט זיך אויף זיי דערבאַרעמען און אַראָפּוואַרפן אַ שטיקל ברויט.

אַ ספּעציעלע קאַטעגאָריע בעטלער זענען די, וואָס בעטלען נאָך 9 אין אָוונט. ווען די שטייסט פאַרן טויער דערזעסטו פלוצים, נייע בעטלער, וועל־כע דו האָסט פריער נישט געזען. זיי גייען אין דער מיט גאַס און בעטן ברויט. דער רוב זענען דאָס קינדער. אין דער אַרומיקער שטילקייט ווירקט דאָס געשריי פון די הונגעריקע בעטלער־קינדער אומהיימלעך און ווי

האַרט דו זאָלסט נישט זיין וועסטו סוף כל סוף מוזן אַראָפּוואַרפן אַ שטיקל ברויט, אויב נישט, קענסטו אין שטוב נישט איינזיצן. די בעטלער רעכע־נען זיך וויניק מיט דער פּאָליציי־שעה און זייער געשריי הערסטו אויך שפּעטער אין אָוונט אַרום 11 און אַפילו 12. זיי האָבן פאַר קיינעם און גאָר־נישט קיין מורא נישט. עס איז אויך נישט געווען קיין פאַל, אַז די פּאַטראָלן זאָלן שיסן צו די בעטלער, הגם זיי באַוועגן זיך נאָך דער פּאָליציי־שעה אָן אַ פּזשעפּוסטקע. זייער אָפט טרעפט, אַז אַזעלכע בעטלער־קינדער שטאַרבן ביינאַכט אויפן טראָטואַר. מען האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אַזאַ שוידער־לעכער סצענע אויף מוראַנאָוו 24, ווו אַ 6־יעריק בעטלער־קינד האָט אַ גאַנצע נאַכט געגוסט און נישט געקענט צוקייקלען זיך צום שטיקל ברויט, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן פון באַלקאָן.

לעצטנס בעטלען גאַנצע פאַמיליעס און דאָס טייל מאָל גוט געקליי־דעטע. מוזיקער און זינגער אַרבעטן צוזאַמען מיט זייערע קינדער. דער מוזיקאַנט — דער פּאָטער שפּילט, דאָס קינד אָדער די קינדער שטרעקן אויס די הענט מיט היטן נאָך געלט. עס איז דאָ אַ זינגער, וואָס שטייט מיט זיין ייִנגער, ממש עלעגאַנט געקליידעטער פרוי אין גאַס. ער זינגט, די פרוי זאַמלט נדבות. ביי דער זייט שטייט אַ וויגל מיטן קליינעם קינד, וועלכעס די עלטערן האָבן נישט ביי וועמען איבערצולאָזן. דאָס קינד וועט אַלזאָ פון דער וויג אויפגעצויגן ווערן אַלס בעטלער. בכלל איז זייער כאַראַקטעריס־טיש דאָס בעטלען פון גאַנצע פאַמיליעס. טייל טוען דאָס, כדי מיט דער הילף פון קינדער צוציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, אַנדערע דערפאַר, ווייל מען קען נישט איבערלאָזן אַליין אין דער היים די קינדער. אגב איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דאָס ליגן אויף דער ערד האָט אויפגעהערט. די אמתע „ערדליגער" זענען אויסגעשטאָרבן און די סימולאַנטן האָבן, ווייזט אויס איינגעזען, אַז דאָס העלפט וויניק צו פרנסה. אַ טייל זינגען לעצטנס אין די הייף פאַרשיידענע לידער, באַזונדערס פּאָפּולער איז אַ לידל וועגן ביאַליסטאָק.

צווייטע העלפט אויגוסט 1941

11 יולי — די אות V [252] פאַרפּלייצט דאָס גאַנצע לעבן. איר זעט זי אור־מעטום אין די טראַמווייען, קינאָס, ווענט, אויף די בריוו־מאַרקן וכדומה.

דער עולם פּראָדוצירט כסדר וויצן, למשל די V ביי דער מאַרינאַרקע־קלאַפּע, V־טע קלאַס פון מלוכה־לאָטעריע — 1 מיליאָן איז שוין געפאַלן א.א.וו. אויף דער אַרישער זייט איז אומעטום צוגעשריבן געוואָרן דייטשלאַנד „פערלאָרען, פאַרשפּילט, פערראַט" וכדומה. מען זאָגט, אַז אַ סך טראַם־וויי־קאָנדוקטאָרן זענען פאַרהאַפטעט געוואָרן פאַר לאָזן אַראָפּרייסן, אַראָפּ־קראַצן דעם V. לעצטנס זענען געווען אַ ריי נצחונותדיקע דייטשע קאָמוני־

---

252) V — וויקטאָריאַ (נצחון).

קאַטן וועגן רוסלאַנד. דער עולם האָט אָבער נאָך דעם קאָמוניקאַט פון 12 יולי וועגן דעם, אַז זיי זענען ביי די טויערן פון קיעוו, פאַרלוירן דעם צוטרוי צו די דאָזיקע קאָמוניקאַטן. מען האַלט, אַז אַזוי ווי מען קען נישט אָנווייזן קיין נצחונות טעריטאָריעלע, זוכט מען ציפערן, וואָס זאָלן מאַכן אַן איינדרוק. דער עולם איז פול מיט בטחון און גלויבט אין ניצחון פון די סאָוויעטן ווי בכלל פון דער אַליאַנס. די האַלטונג פון סאָוויעטישן מיליטער רופט אַרויס די גרעסטע באַוווּנדערונג ביים ייד[ישן] עולם, וועלכער האָט לויט די דערציי־לונגען פון די צוריקגעקומענע פון יענער זייט זיך געמאַכט אַ בילד וועגן דער דאָזיקער אַרמיי, וועלכע באַנוצט זיך מיט שטרייקלעך שטאָט לעדער צו די ביקסן — אויך צו די טשאָלגן[253] א.א. מעכאַנישע כלי־זין, האָט מען נישט געהאַט קיין גלויבן. איצט, אַז זיי האַלטן זיך שוין די 8־טע וואָך, וואַקסט פון טאָג צו טאָג דער גלויבן, אַז זיי וועלן סוף כל סוף באַפרייען אונדז פון די אָקופּאַנטן. דער עולם האָט זיך מאַסנהאַפט געוועט וועגן דעם פאַרלויף פון מלחמה. אַ סך האָבן געשטעלט, אַז קיעוו וועט פאַלן ביזן 15 יולי, ווען דאָס איז דעמאָלט נישט געשען, האָט מען דעם טערמין פּראָלאָנגירט. מען גיט איבער אַ סך פּרטים וועגן דער מלחמה־מידקייט און אָנהויב פון צעפאַלונג ביי יענע. אַזוי למשל זיינען לעצטנס פאַרשפּרייט געוואָרן דער 13־טער נומער פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אָרגאַן „דער האַמער", וועלכער איז אויך געווען אין געטאָ. — מען גיט איבער געשפּרעכן פון פאָלקס־ד[ייטשן] וועלכע זיינען פאַרצווייפלט, רעזיגנירט און זיכער, אַז זיי וועלן פאַרשפּיל'ן די מלחמה. געהערט וועגן אַ פאַל, וואָס אַ פאָלקס ד. האָט געקויפט אַ פּלאַץ אויפן נאָמען פון זיין מומען — אַ פּאָלקע.

ווי געוויינלעך אין אַזעלכע צייטן גלויבט מען אין פאַרשיידענע העלזעער, אַסאָוויעצקי, זאָגט מען, האָט פאָרויסגעזען, אַז דעם 17 אויגוסט וועט פאָר־קומען אַ זייער וויכטיקע געשעעניש. אַ יידישע פרוי, אַ פאָרויסזאָגערין, וועל־כע האָט לויט דער דערקלערונג פון איינעם אַ באַקאַנטן פאָרויסגעזאָגט די אָקופּאַציע פון די נייטראַלע לענדער, פון דער מלחמה מיט רוסלאַנד, זאָגט פאָרויס, אַז אין 3 חדשים וועט זיין שלום. אגב דאָס זעלבע זאָגט דער עולם — אָבער לעצטנס, ווען מען זעט, אַז די מלחמה מיט רוסלאַנד הייבט זיך אָן צו פאַרלענגערן, הייבט מען ווידער [אָן] צו גלויבן, אַז מיר וועלן מיט זיי ווינטערן און דאָס נעמט אַרום מיט אַ גרויסן פחד דעם עולם, ווייל פון וואַ־נען נעמט מען קוילן אויפן ווינטער און וויאַזוי וועט מען זיך באַזאָרגן מיט אַ ביסל שפּייז. אַ גרויל נעמט אַרום צוליבן קורל פון די פּליטים, וועלכע שטאַרבן שרעקלעך אויס. אין דעם פּליטים־צענטער סטאַווקי זענען אין משך, פון 4 חדשים אויסגעשטאָרבן 34 פּראָצענט — געהערט אַ שיינעם פאַקט, וואָס באַווייזט די באַציונג פון די אַרבעטער צו די יידן. אין דער שאָקאָלאַד פאַבריק „אַלפאַ" האָט געאַרבעט אַ יידישער אַרבעטער. נאָכן שליסן דאָס געטאָ איז ער מיט דער פרוי און 3 קינדער געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. ער האָט

---

253) פּויליש: טאַנקן.

אַלץ גענומען אויספּאַרקויפן. די פּויל[ישע] אַרבעטער האָבן צו אים איינציקע מאָל געשריבן, אָבער אָן אַ תשובה. אין אַ געוויסן אָוונט איז צו אים געקומען אַ פּוילישער חבר. זעענדיק, וואָס עס טוט זיך ביי אים אין שטוב, האָט ער צוזאַמען מיט די אַנדערע חברים צוגעשיקט נאָך עטלעכע טעג אַ ריקשע מיט 350 זל. אויף צופּאַסן זי צום פּאָרן. אַדאַנק די פּויל[ישע] חברים פאַרדינט היינט דער ריקשאַזש אויף פּרנסה. פון די 4 טעאַטערס.[254] וואָס זיינען טעטיק, איז כדאי צו דערמאָנען מאַרק ארנשטיינס אויפפירונג פון מירעלע אפרת — אין פּויליש. דאָס שטיק ווערט געשפּילט אין אַ טעאַטער, וואָס איז איבערגעאַרבעט פון אַ קריסטל[עכער] קאַפּליצע אין דעם קלויסטערהויז אויף נאָוואָליפּקי. דאָס שפּילן אין פּויליש נעמט זיך דערפון, וואָס אין געטאָ איז דאָ אַ היפּש ביסל משומדים און אַסימילירטע עלעמענטן, צווייטנס זיינען אויך דאָ אַרטיסטן־משומדים פון די פּוילישע סצענעס. דאָס 13־טל איז ענדגילטיק אויפגעלעזט געוואָרן, זיי ווערן טיילווייז איינגעגלידערט אין דער ייד[ישער] פּאָליציי, ווו די וועריפיקאַציעס פון 200 חברה־לייט וועט אַדורכפירן דער באַקאַנטער פּאַרשוין, דער קאָמענדאַנט שטערנפעלד. עס איז דאָ אַ באַגרינדעטע מורא, אַז אויב עס איז נאָך דאָ עפּעס אָרנטלעכע מענטשן אין דער ייד[ישער] פּאָליציי, וועלן זיי פולשטענדיק דעמאָראַליזירט [ווערן]. וואָס וועלן טון די אַרבעטסלאָזע 13־טלעך. מען זאָגט, אַז אַ טייל האָט שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן צוזאַמען מיט יענע — גאַנץ אָפן. עס וועט וואַקסן די צאָל מוסרים און שאַנטאַזשיסטן און דערצו וועט מען זיך נישט וויסן צו היטן פאַר זיי צוליב דעם, וואָס זיי טראָגן מער נישט די גרינע היטלעך. מען זאָגט אַז גאַנצווייך איז אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג, כדי דאָרט צו מאַכן אַ „ביזנעס". מען זאָגט, אַז אַנדערע חברה־לייט זייטען אַוועק קיין ביאַליסטאָק, כדי דאָרט מיטצוהעלפן אין דער אַרבעט פון מסרן וכדומה. אין לאָקאַל פון 13־טל[255] איז געבליבן דאָס „פּאַגאָטאָוויע", וואָס איז בלויז בלאָף און שווינדל. זיי האָבן גענומען געלט פאַר די היטלעך, אָבער קיין שום פּאָזיטיווע אַרבעט טוען זיי נישט. וועגן די געפאַנגענע באָלשעוויקעס ווערן דערציילט פאַרשיידענע שיינע מעשיות. זייער האַלטונג רופט אַרויס ביי אַלעמען גרויס דרך־ארץ און אַכטונג. כדי צו באַווייזן, אַז די באָלשעוויסטישע אַרמיי גייט אַרום נאַקעט און באָרוועס, האָט מען ביי זיי צוגענומען די שיך. די געפאַנגענע שרייען אָבער ווי עס איז נאָר מעגלעך, אַז „די גערמאַנצעס" האָבן ביי זיי צוגענומען די שיך. איך האָב געזען ווי דער פּוילישער עולם האָט זיי באַוואָרפן מיט פּאַפּיראָסן. מען גייט איבער פאַלן פון

---

[254]) אין וואַרשעווער געטאָ זענען געווען די פאָלגנדיקע טעאַטערס: „עלדאָראַדאָ" (דזשעלנע 1, ווו עס איז אַמאָל געווען טעאַטער „סקאַלאַ"), „נאָפּיענטערקו" (פּויליש: „אויפן קליינעם שטאָק", נאָוואָליפּקי 29), „נייאַזאַזעל" (נאָוואָליפּיע 72), „פעמינאַ" (לעשנאָ 53), „נאָווי טעאַטר קאַמעראַלני" (פּויליש: נייער קאַמעראַל טעאַטער, נאָוואָליפּקי 52).

[255]) דאָס „דרייצנטל" איז אויפגעלייזט געוואָרן דעם 17 יולי 1941 לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער דייטשישער מאַכט.

זייער מוטיקן האַלטן [זיך] לגבי די דייטשע באַגלייטער. דער עולם פֿאַרציילט, אַז די זעלבע פּאַרטיע פֿירט מען עטלעכע מאָל אַרום איבערן שטאָט, כּדי עס זאָל מאַכן אַ גרעסערן איינדרוק און מען זאָל מיינען, אַז ווער ווייסט וויפֿל געפֿאַנגענע מען האָט דאָ. מען גיט איבער, אַז אין דעם מיליטער־שפּיטאָל אויף לעשנאָ־אָגראָדאָוואַ האָבן די פֿאַרוווּנדעטע זעלנער אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן אויפֿגעהערט זיך צו גריסן מיטן היטלער־גרוס, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגערעדט. מען פֿאַרציילט אויך, אַז יעדן טאָג בונטעווען זיך די פֿאַרוווּנדעטע, וואָס ווערן אויסגעשריבן פֿון שפּיטאָל צו גיין אויפֿן פֿראָנט. זיי ווערן דערפֿאַר דערשאָסן אין דער ציטאַדעל. מען פֿאַרציילט, אַז די קראַנקע האָבן דורכן פֿענסטער באַוווּנדערט און אַפּלאָדירט 2 ייד[ישע] יינגלעך, וואָס האָבן זיך אַריבערגעדראַפּעט איבער דער מויער. ווען דער פּוילישער פּאָליציאַנט און דערנאָך 2 דייטשע זשאַנדאַרמען האָבן גענומען שלאָגן די קינדער, האָבן זיי געשריגן: „דו אויסגעפּרעסענער שוויינען הונד, דו דרעקעבירגער". וועגן אַן ענלעכער מעשה פֿאַרציילט מען אין קראַשינסקיס גאָרטן, וווּ זעלנער האָבן אַריבערגעוואָרפֿן ברויט פֿאַר ייד[ישע] קינדער. ווען אַ זשאַנדאַר האָט זיי גענומען שלאָגן, האָבן זיי אים געזידלט: „דו אויסגעפּרעסענער חזיר".

די יידן רוען נישט, זיי האָבן אַן אייגענע פּאָליטיק, אַן אייגענע סטראַטעגיע. לויט זיי קומט אויס, אַז טערקיי האָט שוין לאַנג באַדאַרפֿט צוטרעטן צו מלחמה. פֿאַרשפּרייט מען יעדע פּאָר טעג קלאַנגען, אַז טערקיי האָט דערקלערט קריג דייטשלאַנד. אַזאַ קלאַנג למשל האָט זיך שוין עטלעכע מאָל פֿאַרשפּרייט. דאָס לעצטע מאָל אין דער מיט אויגוסט.

געהערט וועגן אַ שטאַרקער דעמאָראַליזאַציע צווישן זעלנער. לעבן הויפּט־באַנהאָף איז דאָ אַ גאַנצע בערזע, וווּ עס ווערן פֿאַרקויפֿט דורך זעלנער פֿאַרשיידענע זאַכן, ווי שטיוול, ליילעכער, קאָנסערוון וכדומה. אַלץ וואָס מען קען נאָר צונעמען אין די קאַסערן ווערט דאָרט געבראַכט און פֿאַרקויפֿט. פֿון צייט צו צייט באַווייזט זיך אַן אויטאָ מיט — —

25 אויגוסט 1941

25/8 געהערט וועגן אַ יידישן שניידער פֿון באָלימאָוו (וואַרשעווער פּאָוויאַט) וואָס איז 10 מאָל אין טאָג געשטאָרבן: האָט ער זיך אַריבערגעשמוגלט צוריק אין זיין דאָרף. ווען ער איז אָנגעקומען אין דאָרף, האָבן אים די פּויערים געהויבן אין די לופֿטן. „נאַש קראַוויעץ ווראָטשיל"[256] ער שרייבט פֿון דאָרט גלענצנדיקע בריוו. ער אַרבעט דאָרט אַ וואָך, צוויי ביי עדן פּויער באַזונדער. יעדער פֿון זיי האָט ליגן אַסך סחורה, פֿון וועלכער אונדזער שניידער מאַכט פֿאַרשיידענע מלבושים. דעם שניידער גייט זייער גוט. ער האָט פֿון אַלדאָס גוטס. אין דאָרף ווערט בכלל נישט אָנגענומען

256) פּויליש: אונדזער שניידער האָט זיך צוריקגעקערט.

קיין פּאַפּיר־געלט נאָר זילבער־געלט אָדער סחורה. דער פּויער מאַכט אַ לעבן. נאָכן דעקן דעם באַדאַרף פאַר די דייטשן בלייבט אים נאָך אַ היפּ־שער טייל וועלכן ער פאַרצוקערט ממש. אַ טייל סוחרים מאַכן מיט זיי גוטע געשעפטן. מען טוישט סחורה אויף פּראָדוקטן צו פאַרמלחמהדיקע פּרייזן, אַזוי ווי די שער צווישן אינדוסטריעלע אַרטיקלען און שפּייז־אַרטיקלען איז אַ גרויסע, מאַכן די שמוגלער גאַנץ גוטע געשעפטן מיט די פּויערים.

דער פאַרשטאָרבענער אַדוואָקאַט בערענסאָן האָט געהאַלטן, אַז דאָס באַפרייטע געטאָ וועט דאַרפן אויפשטעלן אַ מאָנומענט פאַר דעם אומבאַ־קאַנטן שמוגלער. די טעג האָט הענריקע לאַזאָווערט[257] דעקלאַמירט אַ שיין ליד אין פּויליש וועגן שמוגלער. זיי ווייזן באמת אַרויס אַן אויסערגעוויינ־לעכן העלדנטום אין קאַמף מיט לאַבוזעס, יידישער, פּוילישער און דייטשער פּאָליציי. באַזונדערס פאַרדינען אויף מיטגעפיל די יונגיטשקע שמוגלער וואָס קריכן אדורך ווי שטשורעס דורך די רינעלעכער ביי די טויערן. זייער העלדנטום ביים אַריבערגיין אויף יענער זייט, ווי זיי ווערן פאַרפּיי־ניקט דורך דער פּוילישער פּאָליציי און די לאַבוזעס, איז נישט אויסצו־מאָלן. און ווי אָפט טרעפט, אַז זיין גאַנץ האָב און גוטס ווערט צוגענומען דורך דער וואַך. איך האָב געזען מיט אייניקע וואָכן צוריק אַזאַ בילד: אויף ראָג כלאָדנאַ־זשעלאַזנאַ האָט אַ יונגער בחור געוויינט, געריסן זיך די האָר און געוואָרפן זיך אין קדחות אויף אַלע זייטן. זיין בליק איז געווען געווענדעט צו דער וואַך, וועלכע האָט אים באַרויבט זיין זאַק, דאָס קינ־דערישע געוויין האָט נישט געהאַט קיין שום פּעולה אויף דעם אַכזריות־דיקן זשאַנדאַרם; לעצטנס האָט מען צוגענומען אַ ייד[ישן] פּאָליציאַנט פאַרן אַנטיילנעמען אין שמוגל. עס איז שוין אָנגעקומען אַ טעלעגראַם פון אָש־וויענצים וועגן זיין טויט. געהערט וועגן 9 יאָריקע שמוגלער וואָס שפּילן אין קאָרטן שטעלנדיק צו 50 זל. דער „הילכער"[258] ווערט גערופן „בילער", „גרעגער", „פּאַנאַגראַף" א. א. וו.

26 אויגוסט 1941

26/8. עס מערקט זיך אַ מערקווירדיקע גלייכגילטיקייט צום טויט, וועלכער מאַכט שוין נישט קיין איינדרוק. מען גייט אַדורך גלייכגילטיק לעבן מתים. אין די שפּיטעלער קומט זעלטן ווער זיך פרעגן וועגן די קרו־בים. אויך אויפן בית־עולם אינטערעסירט מען זיך זעלטן מיט די פאַר־שטאָרבענע.

לעבן דעם הונגער איז דער טיפוס געוואָרן די וויכטיקסטע פראַגע.

---

257) הענריקא לאַזאַווערט, א יידישע דיכטערין, וואָס האָט געשריבן אין פּויליש, מחבר פון פּאָפּולערן ליד וועגן קליינעם שמוגלער, אומגעקומען בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע.

258) דער הילכער — דער דייטשישער גאַסן־ראַדיאָ.

וואָס אַבסאָרבירט די גאַנצע ייד[ישע] עפנטלעכקייט. די פראַגע איז גע־וואָרן די ברענענדסטע אין דער לעצטער צייט. די קרומע פון טיפוס האַלט אין איין וואַקסן. אַזוי למשל זיינען איצט אין מיט אויגוסט פאַראַן אַ 6.000 — 7.000 קראַנקע אין שטובן און אַ 900 אין שפּיטעלער. די דיספּראָפּאָרץ צווישן דער צאָל קראַנקע אין די שפּיטעלער און פּריוואַט דערקלערט זיך דערמיט, אַז די שפּיטעלער האָבן צוליב טויזנט טעמים פאַרלוירן זייער הייל־כאַראַקטער. זיי זענען געוואָרן „מאָרדאָווניעס”, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט ד״ר מילייקאָווסקי. די קראַנקע שטאַרבן דאָרט פאַר הונגער, ווייל אויסער דער זופּ און אַ בידנער דערנערונג באַקומט מען דאָרט גאָר־נישט. קראַנקע שטאַרבן אויס נישט צוליב טיפוס נאָר צוליב אָפּגעשוואַכט־קייט. דער טיפוס באַדראָט באַזונדערס די א. ג. בעסערע מענטשן, וועלכע האָלטן נישט אויס די קראַנקהייט און שטאַרבן אויס, בשעת „עמך”, הגם עס איז שוואַכער דערנערט, האַלט איבער. עס שטאַרבט אַן 8 פּראָצענט קראַנקע. די דערשיינונג וועגן דער גרויסער שטערבלעכקייט פון אינטע־ליגענץ איז אויך געווען אין דער פריערדיקער מלחמה, באַזונדערס אין רוסלאַנד, סערביע א. א. די אינטעליגענץ טוט טאַקע אַלץ כדי אויסצומיידן די פאַרלייזונג. אַ טייל שמירן זיך מיט אייל און נאַפט, אַנדערע טראָגן מיט זיך סאַבאַדיללע, כדי צו פאַרטרייבן די לייז. זיי זיינען אָבער פאַראַן אומעטום. זיי פליען ממש אין די לופטן און עס איז כמעט נישט מעגלעך אויסצומיידן. די א. ג. דעזינפעקציע־קאָלומנעס פון געזונטהייטס־אַמט ביי דער קהלה טוען אַלץ די פאַרלייזונג צו פאַרגרעסערן. דאָס זעלבע די סאַ־ניטאַרע דאָקטוירים, וועלכע זיינען שווידערלעך קאָרומפּירט. די סאַניטאַר־קאָלומנעס פּרעסן אויס געלט פון די רייכע דירות, וועלכע זענען בשעת אַ דעזינפעקציע באַפרייט הערפון. זיי טוען דאָס מיט דער מיטהילף פון די דאָקטוירים. די באַד־אַנשטאַלטן פאַרקויפן פאַר כאַבאַר באַד־צעטלעך, דעריבער באָדן זיך נישט אויס די וואָס דאַרפן זיך אויסבאָדן. די סיארקע וואָס ווערט באַנוצט ביי דער דיזינפעקציע איז אַ שוואַכע, דעריבער בלייבן די לייז לעבעדיקע. אַזוי אַז די גאַנצע אַנטיעפּידעמישע אַקציע איז פּאַק־טיש אַיין גרויסע אָפּערע, וואָס די הויפּט־מחותּנים זיינען די דאָקטוירים און די סאַניטאַרע קאָלומנעס. אַ שטשעפּיאַנקע קעגן טיפוס קאָסט זייער אַ סך און איז צוגענגלעך נאָר פאַר יחידים. זי קאָסט 400 — 500 זל. פאַר צוויי מענטשן. עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז פּראָפ. הירשפעלד זאָל געשטעלט ווערן בראש פון קאַמף מיט די עפּידעמיעס. אין יעדן הויז זאָל מען מוזן איינריכטן א פרישניץ און א דיזענסעקטאָר, דאָס זאָלן מוזן טאָן די הויז־קאָמיטעטן. נישט בעסער איז די לאַגע אין דער קוואַראַנטאַננע, פון וואַנען מען קומט צוריק ערגער פאַרלייזיקט ווי פריער. די דיזענסעקטאָרן האָבן בלויז אַ ווירקונג פון 60%, 40 פּראָצענט בלייבט פאַרלייזיקט. בסך הכל האָבן 300 הייזער פון די 1.400 הייזער אין געטאָ אַדורכגעמאַכט דעם טי־פוס. ד. ה. אַז אַ 150.000 מענטשן האָבן זיך געדאַרפט באָדן. לעצטנס האָט מען אָבער אויפגעהערט צו פאַרמאַכן די טויערן, ווייל מען וואָלט געדאַרפט

אַלע הייזער האָלטן פאַרמאַכט און צווייטנס זיינען די באָד־אַנשטאַלטן נישט אין שטאַנד אַזוי פיל מענטשן צו באָדן. מען דאַרף באָדן אַ טאָג 8.000 מענטשן און מען קען בלויז 2.000. די 8.000 זיינען בא 40 פאַלן אַ טאָג. אַזוי ווי לעצטנס זיינען ביי אַ 70 — 80 קומט אויס. אַז באָדן דאַרפן זיך אַ 16.000 טעגלעך. דער טיפוס פאַרשפרייט זיך לעצטנס זייער שטאַרק צווישן דעם פערסאָנאַל פון די געזעלש[אַפטלעכע] אינסטיטוציעס, באַזונדערס צווישן די לייטערס פון די פונקטן, שוויעטליטשאַנקעס,[259] דינערשאַפט פון די קיכן א. א. — לעצטנס אין פאַל פון אַ טיפוס־פאַל, ווערט דאָס הויז פאַרמאַכט אויף איין טאָג, כדי אַלע וואָס האָבן שמוציקע דירות זאָלן זיך אויסבאָדן. די וואָס וווינען אין דער דירה פון דעם טיפוס־קראַנקן דאַרפן גיין אין קאַוואַראַנטאַננע. דאָס געשעט אָבער זייער זעלטן, ווייל דער עולם אַנטלויפט צוזאַמען מיט די זאַכן און די אָנגעשטעקטע לייז. אין מיין הויז איז געווען אַ טיפוס־פאַל,[260] האָט מען ביים קראַנקן צוגענומען אַלע פאַפירן, אים אַריינגעזעצט אין אַ ריקשע, אונטערגעקויפט אַ פוילישן פאָליציאַנט, דער קראַנקער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ באַוווּסטלאָזן. דער קראַנקער איז געשטאָרבן אין שפיטאָל און דאָס הויז האָט אויסגעמיטן אַ פאַרוווּקע.[261] די פראַגע פון מתים איז אין די אָרעמע הייזער זייער אַ דרינגענדע. נישט האָבנדיק געלט צו באַגראָבן די מתים, וואַרפט מען זיי אָפּ אונטער אין גאַס. אַ טייל הייזער פאַרמאַכן די טויערן, נישט אַרויסלאָזנדיק די לאָקאַטאָרן ביז וואַנען זיי וועלן נישט געבן אויף דער קבורה. די דזשעלניצאַוועס[262] ווידער, נישט ווילנדיק האָבן צו טאָן מיט די פאַרמאַליטעטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער פראַגע פון מתים, וואַרפן זיי איבער פון איין טראָטואַר אויפן צווייטן. אויפן בית־עולם ווערן זיי באַגראָבן אין מאַסן־גראָבן, אין סאַמע פראָנט פון בית־עולם ווו עס געפינט זיך דער עלטסטער טייל פון בית־עולם, געפינען זיך אַזעלכע הויכע זאַמד־בערג. אין די הייסע זומער־טעג איז דער געשטאַנק פון די דאָזיקע מאַסן־קברים אַזאַ שטאַרקער, אַז איר קענט נישט אַדורכגיין לעבן זיי, נישט פאַרשטעקנדיק זיך די נאָז. עס ווייזט אויס, אַז מען האָט די מאַסן־קברים געגראָבן צו פלאַך, פון דאַנען נעמט זיך דער גערוך. די קבורה־חברות, באַזונדערס פון די ברידער פינקערט, מאַכן אַן אויסערגעוויינלעך גוט געשעפט. אַ טייל האָבן ספּעציעלע קעטשלעך פאַר באַזונדערע הייזער, וואָס ליפערן סחורה יעדן טאָג. מען פירט מתים. נעמענדיק אין אַכט דאָס אַלץ זיינען די פערספּעקטיוון אויפן ווינטער, ווען די עפּידעמיע וועט זיך אויף אַן אמת פאַרשפּרייטן זייער געפערלעכע. די דאָקטוירים באַרעכענען, אַז יעדער 5־טער

---

259) דערציערינס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט די קינדער אין שול נאָך די לעקציעס.

260) רינגעלבלום האָט געוווינט אויף לעשנאָ 18.

261) די איינוווינער פונעם הויז, ווו עס איז געווען א טיפוס־פאַל, האָבן געמוזט דורכמאַכן א דעזינפעקציע אין באָד.

262) פּאָליציייִשער אָנפירער פון א ראיאָן.

ייד וועט אין ווינטער קראַנק זיין אויף טיפוס. דעריבער האָבן זיך לעצטנס פאַרשפּרייט שטאַרקע קלאַנגען וועגן דער אויסזידלונג פון די יידן פון וואַרשע. דאָס זאָל זיין אַ מיטל אײַנגאַנצן צו באַפרייען זיך פון דער סכנה פון טיפוס. דאָקטוירים וואָס היילן אומלעגאַל די טויזנטער קראַנקע אין די שטובן מאַכן גאָלדענע געשעפטן. זיי נעמען זיך אויס אַ באַשטימטע צאָל באַזוכן טעגלעך ביי אַ קראַנקן.

סוף אויגוסט 1941[263]

מיט וועגעלעך, מיט פערד, האַנט־וועגעלעך, ראָווער־וועגעלעך, אויף טראַג־בעטלעך אדגל. די וועגן מיט פערד זענען אָנגעלאָדן נישט בלויז אינעווייניק מיט מתים, נאָר אויך אויפן וואָגן. שטאַרצן הויך 2 — 3 קעסט־לעך מיט מתים. אין אַ טייל הייזער פון דער יידישער אָרעמקייט, ווי למשל, אויף וואָלינסקע גאַס, שטאַרבן אויס גאַנצע פאַמיליעס. עס טרעפט טייל־מאָל, אַז אין דער שטוב שטאַרבט דער לעצטער פאַמיליע־מיטגליד און ליגט דאָרט אייניקע טעג, ביז וואַנען די שכנים דערשפּירן נישט דעם געריך פון דעם מת. געווען אַ פאַל, אַז אַ מוטער האָט אויסבאַהאַלטן דעם מת פון איר קינד, כדי וואָס לענגער צו קענען געניסן פון די באָנעס. אין אַ טייל הייזער פון וואָלינסקע איז געווען פאַלן, אַז שטשורעס האָבן געביסן די מתים, וואָס זענען עטלעכע טעג געלעגן אין שטוב. אויף וואָלינסקע 7 זענען 10 דירות געבליבן ליידיקע, אַלע איינוווינער זענען אויסגעשטאָרבן. בכלל איז דאָס אויסשטאַרבן פון גאַנצע פאַמיליעס אין איין טאָג אָדער אין עטלעכע טעג אַ זייער אָפטע דערשיינונג. עס וואַקסט ריזיק די צאָל יתומים צוליב דעם, וואָס עס שטאַרבן אין דער ערשטער ריי דערוואַקסענע, באַ־זונדערס מענער. קינדער ביז 2 יאָר שטאַרבן בכלל אינגאַנצן אויס, פּשוט דערפאַר, ווייל עס פעלט אינגאַנצן מילך פאַר די זויג־קינדער און פאַר די מוטערס. אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין, וועט די יידישע פראַגע אין וואַר[שע] גאָר איינגיכן ווערן געלייזט.

געהערט וועגן אַן עסקן פון ייג״א,[264] וואָס פאַסט איין מאָל אין וואָך, כדי צו קענען זיך באַשטייערן לטובת די אָרעמעלייט.

איינע פון די פראַגן, וואָס רופן אַרויס אַ גרויסן אינטערעס איז די פּאַסיוקייט פון די יידישע מאַסן, וועלכע שטאַרבן אויס מיט אַ שטילן קרעכץ. פאַרוואָס שווייגן די אַלע? פאַרוואָס שטאַרבט אויס דער טאַטע, די מאַמע, אַלע קינדער אָן שום פּראָטעסט? פאַרוואָס איז נישט געשען דאָס, מיט וואָס מיר האָבן געסטראַשעט פאַראַיאָרן דעם עולם (נעמלעך: רויבע־רייען און גזילות דאָס האָט, אגב, באַוויזן די הויז־קאָמיטעטן איינצוקויפן פּראָדוקטן פאַר די אָרעמע לאָקאַטאָרן פון די הייזער)? אויף דער פראַגע

263) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.
264) יידישע געזעלשאַפטלעכע אַלייןהילף.

זענען פֿאַראַן זייער אַ סך תשובות: די אָקופּאַציע־מאַכט האָט געשאַפֿן אַ טעראָר, אַז מען האָט מורא אויפֿצוהייבן די קעפּ. מען האָט מורא פֿאַר מאַסן־טעראָר אַלס ענטפֿער אויף אַזאַ מין אויפֿברויז פֿון די הונגעריקע מאַסן און דאָס איז גורם, אַז דער באַוווסטזיניקער טייל שווייגט, בלייבט פּאַסיוו, בישט [?] קיין מהומות אין דעם געטאָ. עס איז נאָך דאָ אַן אַנדערע סיבה: אַ געוויסער טייל פֿון דער אָרעמקייט, דער רירעוודיקער, האָט זיך ווי נישט איז איינגעאָרדנט. דער שמוגל גיט לעבנסמעגלעכקייטן פֿאַר טויזנטער און טויזנטער טרעגער, וואָס נעמען פֿון יעדן איבערגעטראָגענעם זעקל צו 10 זל. שוויג־געלט אויסער דעם טרעגער־געלט. די שאַפֿן און די באַשטעלונגען פֿון די דייטשע קעמערלעך האָבן געגעבן מעגלעכקייטן פֿון אַרבעט פֿאַר אַ גרויסן טייל אַרבעטער און האַנטווערקער. אַ טייל פֿון דעם אַקטיוון אַרבעט־עלעמענט האָט זיך איבערגעוואָרפֿן אויף גאַסן־האַנדל (פֿאַרקויף פֿון ברויט, ביי וועלכע מען פֿאַרדינט צו 25 גר. פֿון אַ קילאָ). אַזוי אַרום איז געבליבן דער פּאַסיווער, הילפֿלאָזער טייל, וועלכער שטאַרבט אויס שטילשווייגנד. די יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט זיך אויסגעלערנט צו שלאָגן, צו האַלטן אָרדנונג און צו שיקן אין אַרבעטס־לאַגערן, איז אויך איינער פֿון די גורמים, וואָס האַלטן דעם עולם אין צוים. די שטאַרבנדיקע פֿון הונגער זענען אין אַ באַדייטנדן טייל פּליטים פֿון דער פּראָווינץ, וואָס פֿילן זיך פֿאַרלוירן, מוטלאָז, אין אַ פֿרעמדער סביבה. זייער פּראָטעסט סובלימירט זיך אין אַ בעטלערישן ווײ־געשריי און אַן ענערגישן פֿאָדערן פֿון דעם דורכגייער אַ נדבה, אין מאַכן אַ שטיקל אַוואַנטורע אין דער אייגענער לאַנדסמאַנשאַפֿט, אין פֿאָדערן אַ שטיקל ברויט אין דער אינסטיטוציע אָדער אין הויז־קאָמיטעט. די הילף איז אָבער נישט גענוגנד, באַזונדערס ה״ין אין הויף ווױנען לויטער אָרעמעלייט. נאָך אַ ביסל געשרייען בלייבט מען שטיל, רעזיגנירט און מען וואַרט אויפֿן טויט — אייגנטלעך בעט מען דעמלט עס זאָל שוין קומען דער אויסלייזער פֿון דעם אַלעם בייזן — דער טויט. איך האָב גערעדט מיט אַ פּליט, וואָס האָט אַ לענגערע צייט געהונגערט. זיין גאַנץ דענקען האָט פֿאַרנומען די פֿראַגע פֿון עסן, פֿון ברויט. ווו ער איז געשטאַנען, ווו ער איז געגאַנגען, האָט ער געחלומט וועגן ברויט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן שויפֿענסטער מיט עסנוואַרג. גלייכצייטיק אָבער איז ער געוואָרן רעזיגנירט, אַפּאַטיש. עס איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען. עס איז אים אויסגעקומען שווער צו וואַשן זיך און נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ער איז דערצו צוגעווױנט פֿון קינדווייז, האָט ער זיך געוואַשן. עס קאָן זיין, אַז די דאָזיקע פּאַסיוויקייט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פֿון הונגער, האָט גורם געווען, אַז דער יידישער עולם גייט אויס שטילערהייט פֿון הונגער אָן קיין שום פּראָטעסט.

מיט עטלעכע טעג צוריק, (אָן ערך דעם 25 — 26 אויגוסט) איז דערשאָסן געוואָרן אינזש. לופּט. דער דאָזיקער טויט איז זייער כאַראַקטעריסטיש. לופּט איז געווען אַן עסטרייכישער אָפֿיציר, אויסגעצייכנט מיט אַן אייזערנעם קרייץ. ער האָט זיך געפֿילט ווי אַ שטאָלצער ייד. צווישן אים

און אַ מונדירטן אוקראַינער איז געקומען וועגן אַ ריקשע צו אַ ווערטער־אויסטויש. יענער האָט אים געוואָלט אויסלעגיטימירן. דער שטאָלצער לופט האָט אָבער באין אופן נישט געוואָלט ווייזן זיין פּאַס. דער אוקראַינער האָט אים געשטאָכן מיט אַ באַגנעט, אָבער יענער האָט ווייטער נישט געוואָלט ווייזן דעם פּאַס. דער סוף איז געווען, אַז דער מונדירטער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן צום טויט.

31 אויגוסט 1941

31/8. פון אַ באַפרייטן פון דער ייד[ישער] תפיסה געהערט פאָלגנדע פּרטים. דער לייטער איז איינער בלויפאַפיר,[265] דער קאָמיסאַר איז אַ דייטש שמידט, א יונגער, עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַלט. ער זאָל זיין אַן אָרנטלעכער מענטש. יעדנפאַלס מאַכט ער שותפות מיט בלויפאַפיר און באַפרייט פאַר דער צייט פאַר געלט. זיין באַציונג צו די אַרעשטירטע אַ גוטע. עס זיצן דאָרט 130, פון זיי אַ טייל משומדים, וועלכע מען האָט אויפגעכאַפּט אויף יענער זייט, יידן וואָס זיינען אַריבער זוכן פּרנסה אויף יענער זייט, מענטשן וועלכע האָבן זיך פאַרזינדיקט אויף די טראַמווייען מיטן נישט אויסקויפן קיין בילעטן וכדומה. צווישן אַנדערע געפינט זיך דאָרט אַ פרוי — אַ סאַדיסטקע, וואָס פלעגט אויפזאַמלען אין גאַס גוססדיקע מענטשן, זיי ברענגען אין שטוב אַריין און דאָרט ביי זיי צונעמען די מלבושים, אַרויסנעמען די גילדענע ציין וכדומה. עס ווערט איצט געגרייט אַ נייע תפיסה פאַר 600 מענטשן. עס ווייזט אויס, אַז אַלע פאַרמשפּטע יידן וועלן דאָ ווינען.

קראָכמאַלנע־גאַס איז ווידער געשלאָסן געוואָרן. דאָרט איז שרעקלעך פאַרשפּרייט דער טיפוס. די פּוילישע און יידישע פּאָליציי האָבן דאָרט געמאַכט אַ חורבן צוזאַמען מיט לאָבוזעס. מען האָט אַלעמען געהייסן אין 2 מינוטן אַרויס און שפּעטער צוגענומען אַלץ: געלט, שפּייז, וועש וכדומה. איבערגעלאָזט לײדיקע ווענט. אין איין הויז זיינען געלעגן 11 טיפוס קראַנקע.

עס פאַרשפּרייטן זיך ווידער פאַרשיידענע ידיעות וועגן סוף פון מלחמה. מען פאַררופט זיך אויף דעם העלזעער אָסאָוויעצקי, וועלכער איז נישט לאַנג געשטאָרבן און איבערגעלאָזן אַ ידיעה, אַז דעם 23 אָקטאָבער וועט זיין סוף מלחמה. פון אַ העלזעערין פרוי מערלינסקאַ געהערט, אַז אינגיכן וועט אויסברעכן אין דייטשלאַנד אַ רעוואָלוציע, די יידן וועלן נאָך האָבן איבערצולעבן שווערע מאָמענטן, אָבער אין יאַנואַר וועט זיין סוף מלחמה. בכלל גלייבן אַ סך מענטשן, אַז אין 2 — 3 חדשים וועט זיין סוף מלחמה. דעם

---

265) איגנאצי בלויפאפיר, אפיציר פון ארדנונגס=דינסט — אינטענדענט פון דער געטא=תפיסה (עק זאמענהאף=גענשא). לייטער פון דער תפיסה איז געווען דער געוו. אויספארשונגס=ריכטער ד"ר לודוויק לינדענפעלד, א משומד (דערשאסן אין פעברואר 1943), בלויפאפיר זיין געהילף — ראזע, לייטער פונעם אפטייל פאר תפיסה=עניניס ביים יודענראט — קאטשקא, א ייד פון לאדזש, א געוו. קאנפידענט פון דער פאלישער פאליציי.

דאזיקן גלויבן שפארט מען אן אויף די ידיעות וועגן די פעסימיסטישע אומרואיקע שטימונגען אין דייטשלאנד, ווו עס זאלן האבן פארגעקומען פרויען־דעמאנסטראציעס, וועלכע זיינען צעטריבן געווארן דורך געסטאפא אומברחמנותדיק. מען פארציילט אויך וועגן מאסן־טערור אין דייטש־[לאנד]. וועגן מאסן־ארעשטן, וועגן מאסן־פארשפרייטונג פון אומלעגאלע אנטי־היטלעריסטישער ליטעראטור, צווישן אנדערן גיט מען איבער וועגן דעם, אז אין די ערטער ווו עס זיינען פארגעקומען באמבארדירונגען אין בערלין ווערן אויף די פארקאנעס אויפגעקלעפט פלאקאטלעך מיט דער אויפשריפט: דאס פארדאנקען מיר היטלערן. א טייל דייטשן דא האבן באקומען בריוו פון בערלין, אין וועלכע עס איז געלעגן אומלעגאלע לי־טעראטור.

געהערט וועגן זייער פיינער באציאונג פון פויל[ישע] אדוואקאטן צו יידן. איינער אן א. ג. ר. אדוואקאט גערו[עזנער] ראטמאן פון ווארש[עווער] שטאטראט, וואס פלעגט האלטן פלאמיקע אנטיייִדישע רעדעס אין דער אדוואקאטן־קאמער, ווייזט ארויס די גרעסטע פריינדשאפט צו יידן[266] פאר פארטיידיקן יידישע קליענטן נעמט ער נישט קיין איין גראשן. ער נעמט נישט אן קיין פראצעסן וועגן עקסמיסיע פון יידן א.א. וו. ווייל העלפן מיט וואס נאר מעגלעך די יידן. עס איז כדאי דאס אונטערצושטרייכן, ווייל אפילו אין די בעסטע צייטן איז קיינמאל אין פוילן נישט געווען קיין אק־טיווע ארויסטרעטונג קעגן אנטיסעמיטיזם. מען האט מורא געהאט זיך אנגאזשירן קעגן יידן[267], ווייל דאס וואלט באדייט אנטקעגנשטעלן זיך דעם שטראם.

די באקאנטע פוילישע ארטיסטקע סאלסקא האט אנגעשריבן א בריוו צו א יידישער פריינדין וועגן דעם, אז פויליש ווערט נישט טאלערירט אין די יידישע טעאטערס, בכלל, אז אויף פויליש קוקט מען קרום אין געטא.

געהערט אינטערעסאנטע מעשיות וועגן שמוגל. אויב דער ייד[ישער] פאליציאנט האט געמאכט בלאט מיטן דייטשן, זיינען דא פארשידענע סי־מנים, אז ער איז מסכים, ער לאזט אראפ א פודעלע זאפאלקעס. מען בויגט זיך איין זוכן די זאפאלקעס און אינצווישן פארט אדורך די פור. מען גיט דעם זשאנדאר צו לייענען א פאפיר. ער פארטיפט זיך אין לייענען און פילט ארויס צווישן די פאפירן א גרעבערע מטבע. אדער דאס פשוטסטע — ער פארשווינדט אויף א פאר מינוט אין דער בודקע און אינצווישן גייט אדורך דער וואגן. די באציאונג פון די שומרים צו די שמוגלער־קינדער [איז] א פארשיידענע. איינער נעמט צונויף די קינדער פוןביידע זייטן, נעמט ארויס דעם זייגער און גיט א באפעל, אז אין 2 סעקונדן זאלן אלע זיין אויף

---

266) דער דעקאן פון אדוואקאטן־קאמער נאוואדווארסקי, א באקאנטער אנטי־סעמיט, האט זיך בעת דער אקופאציע שטארק געביטן און זיך אפגעזאגט אויס־צושטרייכן די יידישע אדוואקאטן פון דער אדוואקאטן־ליסטע.

267) ווארשיינלעך א טעות: עס דארף זיין נישט „קעגן“, נאר „לטובת“ (יידן).

דער אַנדערער זייט. איינער אַ סאַדיסט האָט צונויפגענומען די קינדער אין דער בודקע און ביי זיי אַלץ צוגענומען.

די חברה א. נ. פון בערענסאָן זאַמלט אַרכיוו־מאַטעריאַלן אויך אין געטאָ[268]. די באַציאונג פוז דער ייד[ישער] קהלה צו די פּליטים איז אַ נישט דערלאָזבאַרע. לעצטנס ליקווידירט מען פונקטן. מאַכערס נעמען געלט ביי די הויז־קאָמיטעטן און טראָגן איבער די פונקטן אויף אַן אַנדער אָרט, גע־ווינלעך אַן ערגערן פונקט. ערגער [איז, וואָס] די פּליטים פאַרלירן אויך דעם שוץ פון דעם פאַטראָנאַט.

יולי — סעפּטעמבער 1941[269]

די פאַרדינסטן פון די בעקער זענען זייער גרויסע. אויך די אַרבעטער פאַרדינען נישקשה. אַ טייל אַפילו גאַנץ שיין, נעמלעך צו 500 זל. אַ וואָך, ביי אַ 5־טאָגיקער אַרעבטס־וואָך. די איבעריקע צוויי טעג אַרבעטן אַרבעטס־לאָזע, באַשטימטע דורכן פאַריין, וועלכער איז טעטיק, פאַרשטייט זיך, אומ־לעגאַל. די דעלעגאַטן פון פאַריין אַרבעטן נישט שטענדיק, נאָר פאַרנאַכט און טיילן זיך אויף דער העלפט מיט דעם אַרבעטער, וואָס אַרבעט פאַר זיי. אַזוי [..]דום, האָט מען מיך אינפאָרמירט, פאַרדינען די דעלעגאַטן פון פאַריין היפּשע געלטער. דאָס לעצטע האָב איך נישט קאָנטראָלירט.

אויסער דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאָ״ אין וועלכער עס באַטייליקט זיך נישט קיין שום אָרנטלעכער זשורנאַליסט, ווערן שטילערהייט פאַרשפּרייט פאַרשיידענע דייטשע צייטונגען, הגם עס איז פאַרבאָטן זיי צו פאַרשפּרייטן אין געטאָ. עס העלפט אָבער נישט, ווייל פאַר פופציק גראָשן באַקומט מען אַ „קראַקאַוער״ פאַר דעם זעלבן פרייז פון דעם פוילישן „קוריער וואַר־שאַווסקי״.

סעפּטעמבער 1941[207]

אָנהייבנדיק פון דער צווייטער העלפט יולי חזרן זיך כסדר איבער קלאַנגען וועגן אַרויסשיקן יידן פון וואַרשע אין פאַרשיידענע ווערסיעס. אַ טייל זאָגן, אַז מען וועט אַרויסשיקן אַ טייל יידן, נעמלעך, די פּליטים. מען גיט אַפילו אָן אַ ציפער פון 150 טויזנט, אַנדערע פון 200 טויזנט. אַנדערע ווידער פאַרציילן וועגן דעם אַרויסשיקן פון אַלע, אָן אויסנאַם,

---

268) געמיינט ווארשייכלעך די אַדוואָקאַטן־גרופּע ביי דער אומלעגאַלער אָר־גאַניזאַציע פון די פוילישע סאָציאַליסטן (לינקער פליגל פון פ.פ.ס.) אין געטאָ. די דאָזיקע גרופּע האָט זיך געווידמעט צוו. א. צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן פאַ־רעטער, שפּיאָנען און געסטאַפּאָ־אַגענטן און פאַרלייגט אַן אונטערערדישן אַרכיוו.

269) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

270) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

יידן פון וואַרשע. די סיבה איז די שוידערלעכע פאַרשפרייטונג פון טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטן. די קלאַנגען זענען אַזוי שטאַרק, אַז טשערניאַקאָוו האָט געפונען פאַר מעגלעך צו פרעגן די געשטאַפּאָ. זיי האָבן קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט. פאַראַן אַזעלכע, וואָס באַהויפּטן, אַז דאָס וויל טון די קהלה, כדי צו מאַכן אַ גוט געשעפט דערביי. מען וועט נעמלעך נעמען פון די, וועלכע מען וועט דערלויבן צו בלייבן, גרויס אויסלייזגעלט. כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער עולם טראַכט וועגן דער קהלה, אַז מען האַלט זי גרייט צו טון אַזאַ נבלה. דאָס איז דער בעסטער אַטעסטאַט וועגן דער יידישער קהלה.

געהערט אין די לעצטע טעג פון אויגוסט פון גאַנצוויכן, אַז די דייטשן גרייטן צו אַ פּראָיעקט פון איבערזידלען אַלע יידן פון ג.ג., פּראָטעקטאָראַט א. א. אין מזרח ערגעץ, קיין פּאַלעסיע, די טעג, האָט ער געזאָגט, וועט שוין דער פּראָיעקט זיין אינגאַנצן פּאַרטיק.

קאָן און העלער פאַרנעמען זיך מיט ברענגען גנבים[271] פון די אָקופּירטע געביטן. זיי נעמען דערפאַר גראָבע טויזנטער. די פערד־טראַמווייען, וואָס זענען שטענדיק איבערפולט און באַוועגן זיך פּאַמעלעך (פּרייז 60 גר.) און זענען דערמיט אַ נעסט פון טיפוס, געהערן צו דער פירמע קאָן און העלער. זיי מאַכן, זאָגט מען, אַ גלענצנד געשעפט. מיט אַ צייט צוריק האָבן זיי באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצוברענגען 20 וואַגאָן קאַרטאָפל, וועלכע זיי האָבן געקויפט צו 40 גר. און פאַרקויפט צו 2 זל. אין געטאָ.

גאַנצווייך עפנט אַ מאַרק־האַלע אויף לעשנא 44. דאָס וועט אויך זיין אַ גוט געשעפט. מען זאָגט אויך, אַז ער מאַכט באַמיונגען צו פאָרן קיין לעמבערג, ווו ער וויל אָנהויבן אַ נייע קאַריערע.

## 1941 סעפּטעמבער

כאַראַקטעריסטיש, ווי גרויס עס איז דער שמוגל אין געטאָ, איז דאָס, אַז מיט עטלעכע וואָכן צוריק (אָנהויב אויגוסט 1941) איז ברויט טייערער געוואָרן אויף יענער זייט איידער אין געטאָ. ד״ה, אַז מען האָט אַזעלכע אַזוי פיל אַריינגעשמוגלט, אַז דאָרט האָט אַזש אויסגעפעלט. דער שמוגל גייט דאָס רוב פאַרנאַכט און נאָך 5 אַזייגער, הגם אויך ביינאַכט, באַזונדערס אין געוויסע הייף, ווו אינדערמיט גייט אַ מויער, וועלכער צעטיילט איין הויז אויף צוויי טיילן, אַזוי איז אויף שוויענטאָיערסקע 5/7. דאָס זעלבע איז אויף קאָזשלע. דאָרט גייט טאַקי דער גרעסטער שמוגל. לעצטנס איז אין דעם טויער אויף נאַלעווקי צוגעפאָרן אַ וואָגן פון דער דייטשער פּאָסט. די סחורה איז גלייך איבערגעלאָדן געוואָרן אויף ריקשעס און פונאַנדערגעפירט געוואָרן. אַ צווייטן טאָג איז צוגעפאָרן אַ וואָגן פון פרידעריק פולס

---

271) וואַרשיינלעך אַ טעות: נישט „גנבים“, נאָר „קרובים“.

אויך מיט געשמוגלטע סחורה. אויף קאָזשלע זענען פֿאַראַן קריסטלעכע הייזער מיט פֿאַרקראַטעוועטע פֿענסטער. די קריסטן האָבן געמאַכט לעכער אונטער די פֿענסטער און מען ליפֿערט אָן מאָס סחורה צו די יידן. ווען עס קומען אָן דייטשן ווערט אַ געשריי „יחזשקעס" גייען און דאַן ווערט די גאַס ריין. דאָס לאָך אין דער געוועזענער פּאָסט אויף לעשנאָ און דער בנין פֿון פֿינאַנץ־מיניסטעריום זענען אויך אַ וועג פֿאַר שמוגל. דאָס לאָך ווערט פֿאַרמויערט. עס דויערט אָבער אפֿילו נישט קיין טאָג, אַז דאָס לאָך, דאָס אומשטערבלעכע לאָך זאָל נישט אויפֿגעריסן ווערן. אויף רימאַרסקע 12, אין בנין פֿון „מעלאָדי פּאַלאַס" גייט דער שמוגל איבערן דאַך פֿון דעם שכנותדיקן הויז. דער, וואָס גייט צו צום ערשטן צום — — און ליגט פֿאַר אים אַרבעט ביים שמוגל הייסט „גראַיעק". זיי נעמען נישט קיין געלט, דער רוב מתנות, בפֿרט העבּטשקעס, זאָקן, וועש אא"וו. אָבער זיי שעמען זיך נישט צו נעמען געלט. דאָס ווערט אָבער גענומען אַלס ריטשאַלט, נישט פֿון יעדן וואָגן באַזונדער.

סעפּטעמבער 1941

געהערט וועגן אַ פּרוי, וואָס האָט אַ סך מענטשן פֿאָרויסגעזאָגט וואָס עס וועט מיט זיי פּאַסירן אין דער נאָענטסטער צייט און לויט ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן ר' מנחם,[272] האָט די פּרוי פֿאָרויסגעזאָגט אַלע מלחמה־געשעענישן. די פּרוי באַהויפּטעט, אַז אין נאָוועמבער היי־יאָר (41) וועט זיין סוף מלחמה. — די יידן טענהען, ווי דאָס נייע יאָר תש"ב — איז דער טייטש שבת — אַלזאָ מוז קומען סוף מלחמה. דער עולם איז שרעקלעך מיד און קען לענגער נישט איבערהאַלטן די מלחמה.

אויף שענאַ־גאַס, וווּ עס וווינט די יידישע אַריסטאָקראַטיע, דער עיקר די משומדים, בליט ווייטער די מאָדע. דאָרט שפּאַצירן די סאַמע עלעגאַנטסטע פֿרויען. אַלזאָ — לעצטנס האָבן זיי זיך באַוויזן אין לאַנגע, גאַנצע שטיוול — אַזוי ווי מענער. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ פּאָר שטיוול קאָסט נישט ווייניקער ווי אַ 450 זל.

לעצטנס האָבן די ברידער קאָן און העלער, וועלכע זענען זייער רירעוודיק און מאַכן ריזיקע געשעפֿטן, געעפֿנט אייגענע שיין איינגעאָרדנטע האַלן אויף לעשנאָ 44. ביי דער טיר שטייען שומרים, וואָס לאָזן אַהין נישט אַריין קיין בעטלער. די פֿערד־אָמניבוסן, וואָס פֿאַראייניקן די גאַסן, וועלכע האָבן נישט קיין טראַמוויי־פֿאַרבינדונגען, האָבן גרויס דערפֿאָלג, זיי זיינען פֿול ביז איבער די ברעגעס. דער עולם רופֿט זיי: כאַטאַ ווויאַ קאָנאַ", „כאַטאַ זע וושאָן".[273] אַ פּשוטער ייד רופֿט זיך אָן: איך פֿאָר מיט אַ קאָן — העלער.

---

272) וואַרשעווער מ. מ. קאָן.

273) פּויליש: דאָס הויז פֿון פֿעטער קאָן (פּאַראַפֿראַזירט פֿון דער באַקאַנטער אַמעריקאַנישער דערציילונג פֿון ביטשער סטאָו „די הייזקע פֿון פֿעטער טאָם") —

לעצטנס האָבן זיי אַ נײַ געשעפט. זיי ברענגען אַראָפּ קרובים פון די אָקופּירטע געביטן. פאַר אַ סך, וואָס האָבן פאַרנומען פאַרשיידענע אַמטלעכע שטעלן און זײַנען באַדראָט מיט אַרעשט, איז דאָס אַן אומגעהויער וויכטיקע זאַך, ממש אַ לעבנס־פראַגע. פאַר ברענגען פון ביאַליסטאָק קאָסט אַ 1.500 — 2.000 זל. איינער האָט באַצאָלט פאַר ברענגען זײַן פרוי 50.000 זל. דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג נאָך דעם פאַרנעמען דעם מזרח.

עס גייט אַרום אַ וויץ: דײַטשלאַנד האָט געפירט אין פּוילן אַ טאָטאַלע מלחמה, אין פראַנקרײַך אַ מאָמענטאַלע, אין ענגלאַנד אַ ראַטאַלע און אין רוסלאַנד אַ קאַטאַסטראָפאַלע (פאַטאַלע). ה.[יטלער] וויל נאָכמאַכן נאַפּאָלעאָנען. ער האָט אָנגעהויבן די מלחמה דעם 22 יולי, דעם טאָג ווען נאַפּאַלעאָן איז אַרויס קיין רוסלאַנד.[274] ער האָט אָבער שוין פאַרשפּעטיקט, ווײַל נאַפּאָלעאָן אין שוין דעם 14 אָדער 15 סעפּטעמבער געווען אין מאָסקווע. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט פאַרציילט מען, אַז נאַפּאָלעאָן האָט זיך בײַם אָנהייב פון דער קאַמפּאַניע אָנגעטון אַ רויט העמד אין פאַל פון פאַרוונדעט ווערן. ה.[יטלער] האָט אָנגעטון אַ פּאָר ברוינע קאַלעסאָנען.

מיט סעפּטעמבער 1941

ווען באַראַכאָוו וואָלט היינט געשריבן זײַן „פּלאַטפאָרם”, וואָלט ער געקענט ברענגען אַ שיינעם בײַשפּיל, װאַ ביסל אַ קאָמישן. די ענגלישע קאָמוניקאַטן זײַנען לעצטנס פול מיט באַשרײַבונגען פון סאַבאָטאַזש־אַקטן אין פאַרשיידענע לענדער. אַזוי ווי קיין גרויס־אינדוסטריע איז אין געטאָ נישטאָ, האָבן די ייד[ישע] שניידער פון די שאַפּן, כדי צו דערפילן די מצוה פון סאַב.[אָטאַזש], געליפערט אַ טראַנספּאָרט מיליטער־מונדירן מיט צוגעניטע הויזן, פון־דרקערט צוגעניטע קנעפּלעך, פאַטשעוקעס פאַרקערט געמאַכט, פאַרקערט געניייט די אַרבל (לינקס אויף רעכטס). דער טראַנספּאָרט איז צוריקגעקומען פון בערלין און איצט האָט די פּראָדוצירפּטיילונג צו זינגען און צו זאָגן. מען דראָט מיט האַרבע שטראָפן.

איצט איז ווידער אַקטועל די פראַגע פון שולן. זיי וועלן זײַן אין דרײַ שפּראַכן: יידיש, פּויליש, העברעיש. עס זײַנען אָבער דאָ גרויסע שוועריקייטן צוליב מאַנגל אין לאָקאַלן, וועלכע זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לאָקאַלן פון קיכן וכדומה. די משומדים וועלן האָבן אַ באַזונדערע שול. עס האָט זיך געפירט אַ גאַנצע פּלוגתא וועגן דער דאָזיקער שול. געפּנער האָט צוליב פּאָליטישע טעמים געהאַלטן, אַז זיי דאַרפן באַזוכן די געמיינ־

דאָס הויז מיט לייז (פאַראַפראַזירט פון דער באַקאַנטער פּוילישער דערציילונג פון איגנאַצי קראַשעווסקי „כאַטאַ זאַ ווסאָן” — די הייזקע הינטערן דאָרף; ווייש אויף פּויליש — אַ לויז, וויעש אויף פּויליש — אַ דאָרף.

274) נאַפּאָלעאָן האָט אַרײַנמאַרשירט קיין רוסלאַנד דעם 24 יוני 1812. די דײַטשישע אַגרעסיע אויפן ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22 יוני 1941.

זאַמע שולן, מער נישט לעקציעס פון רעליגיע דאַרפן זיי האָבן באַזונדערע. די משומדים ווילן אָבער נישט אַזעלכע שולן — זיי ווילן אַן אייגענע און זיי וועלן זי האָבן, ווייל משומדים באַקומען אַלץ וואָס זיי פאַרלאַנגען.

מיטאָגן באַקומען זיי וויפל זיי ווילן, אַפילו פאַרמעגלעכע באַקומען, אגב די משומדים האָבן אונדז לעצטנס געטון אַ „טובה". זייערע קאַריטאַס קיכן נעמען אָן אויך יידישע קאָנסומענטן. פּראָדוקטן באַקומען זיי אויך מער ווי אַנדערע. לעצטנס צו 4 אָדער 6 קילאָ צוקער. פּאָסטנס פאַרנעמען זיי די וויכטיקסטע אין קהלה, פּאָליציי א. דגל. זיי שטיצן איינע די צווייטע. זיי רייסן זיך אומעטום און דערגרייכן אַ סך. אַ טייל רבנים און נאַציאָנאַלע עלעמענטן האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף. געפירט אַסיפות, אָבער דערווייל אָן רעזולטאַטן. אגב געהערט וועגן אַ משומד, וואָס האָט אויף דער פּראַגע, פאַרוואָס האָט ער זיך געשמדט שוין בעת דער מלחמה, האָט ער געענט־פערט: כדי צו באַקומען אַ גרעסערע ברויט־ראַציע. אגב גייען אַרום קלאַנגען, אַז נאָך איצט קומען פאָר פאַלן פון שמד אין געטאָ. וויפל אמת אין דעם נישט באַוויזן פעסטצושטעלן.

אין חודש סעפּטעמבער און סוף אויגוסט זיינען פאָרגעקומען כסדר פאַלן פון כאַפּן צו דער אַרבעט אויף דער באַן צו לאָדעווען פעסלעך מיט בענזין וכדומה. דאָס כאַפּן קומט פאָר אינדערפרי, דער עיקר אויף קאַר־מעליצקאַ. מען גייט אויך אין פּריוואַטע דירות. די לייט, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין אַרבעט מיט יידן, אין איינאָרדנען געטאָס, זיינען לעצטנס צוזיסגעפאָרן אין די ניי באַזעצטע שטעט: כאַביש[275] אין לאָמזשע, ביאַ־ליסטאָק —

עס איז אָנהויב סעפּטעמבער 41 אַרעשטירט געוואָרן ד"ר מאָרגענ־שטערן, דער לייטער פון געוו. „יעאס"[276]. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז ליקווידירט געוואָרן, אירע פונקציעס האָט איבערגענומען דער י.ה.ק.[277] ד"ר מאָרג[ענשטערן] האָט אָבער קאָרעספּאָנדירט מיט אויסלאַנד וועגן עמיגראַציע־ענינים און באַנוצט די קאָנווערטן פון „יעאס". מענדע פון געשטאַפּאָ, וועלכער האָט בשעתו געהייסן ליקווידירן דעם „יעאַס", חראַט איצט פאַר דער פרעכקייט צו שיקן ד"ר מאָרג[ענשטערן] אין אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער אָדער ווי עס ווערט גערופן בקיצור ק.צ. מיט עטלעכע חדשים צוריק זיינען 100 יידן (אָדער אפשר 50) געכאַפּט געוואָרן ביי די וואכן מיט פאַלשע פּזשעפּוסטקעס. זיי זיינען געווען עכטע, מער נישט, נישט פאַררעגיסטרירטע. די מענטשן זיינען אַרעשטירט געוואָרן, פאַרשיקט גע־וואָרן קיין אָשוויענטשים און פון דאָרט זיינען שוין אָנגעקומען באַקאַנטע טעלעגראַמעס (צווישן אַנדערע — פון איינעם לאַמפּערט).

---

275) דעם 1 יאַנואַר 1942 איז כאַביש געווען שטאָט־קאָמיסאַר אין שעדלעץ.

276) יעאס — יידישע עמיגראַציע־געזעלשאַפט.

277) יידישער הילפס־קאָמיטעט.

וואָס ערגער עס ווערט — און עס ווערט טאַקע כסדר אַלץ ערגער — אַלץ גרעסערע האָפענונגען לייגט מען אויף סוף מלחמה. וועגן דעם טער־מין זיינען אָבער פאַרשיידענע מענטשן מחולק. אַ טייל האַלטן, אַז עס וועט נאָך דויערן ביז צום פרילינג, אַנדערע האַלטן שוין אין אָקטאָבער, נאָוועמ־בער היי־יאָר.

מיט סעפטעמבער 1941.

די שטימונג אין שטאָט איז אַ געפערלעכע. ווידער די סכנה פון פאַר־קלענערן דאָס געטאָ מיט 40%. עס האַלט ביים ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ. ד. ה. דער שטח ביז כלאָדנא. די סיבה זאָל זיין די דאָזיקע, וואָס דאָס מיליטער אין דער צאָל פון 1½ מיל. דאַרף קומען קיין וואַרשע און עס איז נישטאָ פאַר זיי קיין פלאַץ. אַנדערע זאָגן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל כלאָדנע איז דער וועג דורך וועלכן עס גייט דאָס מיליטער קיין מזרח, ווייל מען נישט האָבן קיין יידן אינמיטן. מען וויל אויך נישט אָננעמען דעם פאָרשלאָג פון דער קהלה אויפצובויען אַ בריק, וואָס זאָל פאַראייניקן ביידע טיילן פון געטאָ. — אין די לעצטע טעג איז געוואָרן אַקטועל די פראַגע פון שיעננא און שליסקא (דער טייל וואָס גרענעצט מיט שיעננא). דאָס זאָל זיין דער ערשטער עטאַפּ פון ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ. אין קאָן שטייט דער גורל פון איבער טויזנט ייד[ישע] נפשות, וועלכע וואָלטן ביים אָנקומענדיקן ווינטער געדאַרפט נעמען די פעקלעך און זיך אַריבער־טראָגן אין דעם שוין סיוּוי איבערפולטן געטאָ. בכלל דערמאָנט דער עולם, אַז יעדעס יאָר באַקומען די יידן צו די ימים נוראים אַ געשאַנק: מיט צוויי יאָר [צוריק] די באַרימטע באָמבאַרדירונג בלויז פון געטאָ, פאַראַיאָרן דאָס געטאָ און היי־יאָר דאָס קליינע געטאָ. עס ווייזט אויס, אַז ווען עס קומט דער ווינטער, קאָן נישט דאָס רשעות רוען. דער גאַנצער דייטשער סאַני־טאַריאַט איז קעגן דעם פלאַן פון ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ, וואָס זאָל עווענטועל רעקאָמפענסירט ווערן דורך צוטיילן דאָס שטעטל פּאָוואָנזקי, דער עיקר צוליב דעם, וואָס די שווידערלעכע געדיכטקייט וועט גורם זיין אַ שרעקלעכן וווקס פון עפּידעמיעס. דער איניציאַטאָר פון דער זאַך איז וואַרשעווער דער גובערנאַטאָר[278] אַליין. די באַוואָרעניקונג ביי דער באַ־פעלקערונג איז אַ געפערלעכע. דער עולם גייט אַרום ווי אָן אַ קאָפּ.

די צווייטע פראַגע, וואָס גייט נישט אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדנונג זייט אַ לענגערער צייט, זיינען די עפּידעמיעס, באַזונדערס דער טיפוס. די דאָקטוירים האָבן מורא, אַז אין ווינטער וועט יעדער 5־טער און אַ טייל באַהויפּטעט אַפילו יעדער 2־טער ייד ווערן קראַנק אויף טיפוס. די אַלע ביזאיצטיקע מיטלען העלפן נישט. די סאַניטאַרע קאָלומנעס שטאָט צו באַ־

[278] לודוויג פישער, היטלעריסטישער גובערנאַטאָר פון וואַרשעווער דיס־טריקט.

קעמפן דעם טיפוס, פאַשפּרייטן אים, ווייל זיי שאַנטאַזשירן די רייכע דירות, ווו מען דאַרף נישט אַדורכפירן קיין דיזענפעקציע מיט דראָונג פון פאַרניכטן די וועש, קליידער א. ד. גל. און די שמוציקע דירות, ווו מען קויפט זיך אויס, ווערן נישט דיזענפיצירט. אַזוי אַרום צעטראָגן זיך די לייז איבער גאַנץ וואַרשע. די איבערוויגנדיקע מערהייט טיפוס־פאַלן (אַ טייל באַהויפּטן, אַז עס זיינען דאָ אַ 4.000 — 5.000 געהיימע טיפוס־פאַלן — דער דייטשער סאַניטאַריאַט רעדט וועגן 14.000) זיינען באַהאַלטן. די דירות פון די קראַנקע ווערן נישט דיזענפיצירט, די קראַנקע לייז צעקריכן זיך איבער גאַנץ וואַרשע און דער טיפוס קריכט אומעטום אַריין. די דאָקטוירים מאַכן דערביי גלענצנדע געשעפטן, מען היילט געהיים און מען נעמט צו 50 און 100 זל. פאַר אַ וויזיט, דערביי רעדט מען זיך אָפּ לכתחילה וויפל צוואַנג־וויזיטן עס וועלן זיין טעגלעך. עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די סאַניטאַר־קאָלומנעס, זייענדיק פאַרנומען מיט קלויבן דאָס אויספּרעס־געלט פון די רייכע דירות, האָבן נישט קיין צייט געהעריק צו פאַרקלעפּן די פענסטער פון דעם צימער, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַז־קאַמער, אַזוי אַז די לייז בלייבן לעבן, פאַרקערט, זיי באַקומען מער לעבנס־קראַפט און פאַרמערן זיך נאָך מער. דער עולם טוט פאַרשיידענע זאַכן, כדי אויסצוהיטן זיך פאַר לייז, אָבער אויב מען מוז אַדורכגיין דורך קאַרמעליצקאַ, וואָס איז פאַפּלייצט פון אַלע זייטן מיט אַ מחנה פון מענטשן, אָדער אין באַזאַר לעשנאָ 40 אָדער דורך וואָליצוו, אָדער אין טראַמוויי, אָדער אין דער פאָלקס־קיך — מוז מען פריער אָדער שפּעטער זיך אָנשטעקן. שרעקלעכע קרבנות גיבן די אָנגעשטעלטע פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי זשיטאָס, צענטאָס,[279] באַזונדערס „טאָז"[280] קיין געלט אויף אימפּן זיך האָבן נישט די אָנגעשטעלטע און אויך נישט דער ברייטער עולם. אגב זענען די שטשעפּיאָנקעס זייער טייער — איינע פאַר 400 — 500 און אַפילו 600 זל. כאַראַקטעריסטיש, אַז די שטשעפּיאָנקעס זיינען אַלע געגנבֿעטע פון יענע שפּיטעלער אָדער געבראַכט פון ווייגעלס אינסטיטוט אין לעמבערג. דער פּרייז אין דערפאַר אַ הויכער, ווייל ערשטנס איז די אַרבעט פון מאַכן די שטשעפּיאָנקעס אַ שווערע, (מיט דער האַנט אַרויסנעמען דאָס אינעווייניקסטע פון 150 לייז) און צווייטנס גייט עס אַדורך אַלס געשמוגלטע זאַך דורך אַסך הענט, דעריבער האַלט דער פּרייז אין איין וואַקסן. דער עולם טראָגט זיך אַרום מיט פאַרשיידענע א קאַמפאָר[281] און אַנדערע כעמישע מיטלען, וואָס דאַרפן פאַרטרייבן דורך דעם שלעכטן ריח די לייז: אַ טייל שמירן זיך אויס דעם קערפּער מיט ליזאָל און ענלעכע דיזענפעקציע־מיטלען. אין — די הייזער לאָזט מען נישט אַריין די אָרעמעלייט צוליב דעם,

---

279) זע הערה 115 (1940).

280) ראשי תיבות פון פויליש: טאָוואַזשיסטוואָ אָכראָני זדראָוויאַ TOZ — יידישע געזעלשאַפט פאַר געזונט־שוץ, באַקאַנט מחוץ פוילישן אונטערן נאָמען אָ ז ע.

231) עס קאָן זיין, אַז דער מחבר זויז דאָ אויסן קאַמפאָר־איינשפּריצונגען.

וואָס זיי טראָגן פונאַנדער לייז. דער פאַרלויף פון דער קראַנקהייט איז אַ מילדער. עס שטאַרבן אַ 8% פון די קראַנקע און דער רוב אין דער צייט פון רעקאָנוואַלעסצענץ, ווען מען דאַרף האָבן אַסך צו עסן און עס פעלט אויס שפּייז. ביי דעם פּשוטן עולם איז דער פאַרלויף אַ לייכטער. דאַקעגן ביי די בעסער־סיטואירטע מאַכן זיך אָפט קאָמפּליקאַציעס, באַזונדערס פון מוח און דאָס איז גורם צו אַסך טויטפאַלן.

סעפּטעמבער 1941

נישט לאַנג איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון דער קאַלישער לאַנדס־מאַנשאַפט. דער באַריכט אַ שרעקלעכער — 30% פון די פּליטים זיינען אויסגעשטאָרבן. דאָס איז, איבעריקנס, אן אַלגעמיינע דערשיינונג. די פּליטים שטאַרבן אויס אין די פּונקטן.

די מעשה אָסאָווא ביי כעלם האָט ווי מיט א בליץ באַלויכטן די סיטו־אַציע און געוויזן צו וואָס פאַר א פאַלן עס קען ברענגען דער טיפוס. דאָרט איז געווען א פרייוויליקער אַרבעטס־לאַגער. עס זיינען קראַנק גע־וואָרן 2 לאַגעריסטן אויף טיפוס, איז געקומען די ס. ס.[,] געהייסן אַלעמען זיך אויסטון נאַקעט, געהייסן 5 גראָבן א גרוב און די אַנדערע 5 זיך אויסשטעלן אין א ריי. דערשאָסן די ערשטע 5, דערנאָך די קברנים א. א. וו. אַזוי אויסגעשאָסן 53 מענטשן. עס זיינען געראַטעוועט געוואָרן דער קוכער, דער פאַרוואַלטער און דער אָרדנונג דינסט. די צוויי קראַנקע זיינען געזונט געוואָרן. — די מעשה פאָמיעכוועק, וו מען האָט פאַרניכ־טעט 800 מענטשן אויך צוליב קראַנקהייט, האָט אויפגעציטערט די ייד[י־שע] באַפעלקערונג, ווייל דאָס באַווייזט, וואָס מען קען דערוואַרטן, אויב עס וועט נישט געלינגען איינצושטילן די קראַנקהייט אין געטאָ. מען רעדט אויך וועגן דער שטאַרקער איזאָלירונג פון געטאָ צוליב די עפּידעמיעס. בכלל ווערט די ייד[ישע]באַפעלקערונג באַשולדיקט אין פאַרשפּרייטן דעם טיפוס אין דער פּראָווינץ. די יידן, וואָס אַנטלויפן פון וואַרשע אין דער פּראָווינץ, טראָגן דאָס פאַנאַנדער דעם טיפוס.

סעפּטעמבער 1941[282]

20/9. די ביייע קלאַנגען וועגן פולן איזאָלירן — וועגן אויסבויען אַ הויכן מויער.

ווער שטיצט די אָרמעלייט — נאָר די אָרעמע לייט.

יודטאַוהאַ[283] די טעאַטערס.

---

282) די גאַנצע ווייטערדיקע נאָטיץ [illegible] פון טעזן, וועלכע דער מחבר האָט, ווייזט אויס, געהאַט בדעה שפּעטער פאַנאַנדערצואַרבעטן.

283) זע הערה 36.

2 פויל[ישע] טעאַטערס — פּעמינאַ[284]

פירשטין טשאַרדאַש.

די מעשה אין געריכט — אַרומגערינגלט.

חודש פון קינד.

3.000 קינדער בעטלען — 700 אין טאָג אינטערנאַטן.

פלעבאַניע — אינטריגעס, ווער איז קעגן פּראַלאַט[285] באַקומט אַ שלעכ־טע דירה.

טראַווניקע, 3 פון מזרח דערהרגט.

6.000 אין ביאַליסטאָקער געגנט.

פאַרוואָס ביאַל[יסטאָק] אַזוי געליטן.

געשפּיגן אויף יענע אַרויספאָרנדיקע.

25.000 געשיקט קיין פּרוזשאַנע.[286]

26/9. זייט עטלעכע טעג די מעשה מיטן קליינעם געטאָ. יעדן טאָג גוט אויפגערופן. שענגע מעלדונג אויף יענער זייט. סיבה שוואַרצבאַרדס[287] רעדע. סאַניטאַרע טעמים. דורכגאַנג דורך כלאָדנאַ — ערב יום־טוב דער סורפּריז אויף יום כיפּור.

ערב יום כיפּור. פול קנעפּלעך[288] אין דער שול.

מען מוז פריער אָנהויבן — די גרויסע צאָל מנינים אַ נייע אַריסטאָ־קראַטיע.

דער בעטלער וואָס האָט אַדורכגעמאַכט דעם טיפוס אין גאַס — די מוטער, זין און קליין קינד אין וויגעלע.

די קלאַנגען וועגן קליינעם געטאָ.

די נייע מוח קרענקהייט — סיבות שמוגעל. שמוגעל פון מענטשן — ידיעות פון לאָמזשע.

---

284) זע הערה 254.

285) דאָס איז דער שטח פון דער קיך אויפן גזשיבאָווער פּלאַץ, וואָס איז געוואָרן אָנגעפירט דורכן פּראַלאַט מאַרצעלי גאָדלעווסקי, אַ פאַרמלחמהדיקן אַנטי־סעמיט, וועלכער זיך געענדערט אין דער אָקופּאַציע־צייט אין זין פון העלפן יידן, דער עיקר געטויפטע.

286) דעם 18 סעפּטעמבער 1941 האָט זיך אין ביאַליסטאָקער געטאָ אָנגעהויבן אַ גירוש פון קרוב 4000 יידן קיין פּרוזשאַני (אַ שטעטל אין ביאַליסטאָקער באַ־צירק). דער גירוש, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אויפן באַפעל פון דער דייטשי־שער מאַכט דורך דער געטאָ־פּאָליציי, האָט אַרומגעכאַפּט נישט־אַרבעטנדיקע עלטע־מענטשן (זקנים, קראַנקע, אָרעמע, היימלאָזע) און אויך ווידערשפּעניקע. די גולים האָבן גענומען צוריקלויפן קיין ביאַליסטאָק, ווו זיי האָבן געמוזט לעבן אומלע־גאַל. דער יודענראַט האָט אין פעברואַר 1942 געפירט קעגן זיי אַן אַקציע מיטן ציל צוריקצופירן קיין פּרוזשאַני.

287) ראַדיאָ־רעדע פון ד"ר איגנאַצי שוואַרצבאַרד אין לאָנדאָן צו די יידן אין אָקופּירטן פּוילן ערב ראש השנה.

288) אין דעם פאַל: פּאָליציאַנטן.

קאמפּעלמאַכער[289]. וואָס דער עולם שרייבט דעם אמת. לאָמזשע אין וואַלד[290]. פּאַרוואָס די אָרעמעלייט האַלטן בעסער איבער דעם טיפוס. זי גייט אַרויס פון שטוב ווען דער דאָקטאָר קומט. דאָס אַריבערפירן פון קראַנקע פון שעננאַ. די וועגעלעך אויף דער גאַס. די וואָך נעמט צו דער מעבל.

דער פּרייז פון לעמבערג 2.000 זל. מיט אויטאָס[291]. אַ 57 יעריקער געשלאָגן מיט 3 מלקות. איצט האָסטו שוין 60 יאָר. די מוטער דערקענט נישט איר אייגענע טאָכטער און גיט איר אַ נדבה.

פּאַרקויפט איבערבעטן פאַר 75 זל. פאַר אַ שלאָפצימער געוואָלט געבן 3.000, איצט 1.000 זל. יידן פאַרקויפן אַלץ אויס צו קריסטן — אַלץ גייט אויף יענער זייט.

קברנים גראָבן אויף קברים, נעמען אַרויס תכריכים און גילדענע ציין. דער טויט געוואָרן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. מאַכט אויף קיינעם קיין איינדרוק נישט.

אייגענע זעלבסטמאָרדן אויף שעננא. געפאַלן דער פּרייז פון מעבל פון 3.000 אויף 1.000.

סעפּטעמבער 1941

איינער אַ בעטלער, אַ דייטשער פּליט, האָט אַדורכגעמאַכט דעם טיפוס אין גאַס. פּלוצים האָט מען אים געזען אַרומגיין אין גאַס איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע. אַ דאָקטאָר האָט אים געמאָסטן די טעמפּעראַטור און פעסטגעשטעלט 39 גראַד. ווייזט אויס, אַז דער פאַרלויף פון דער קראַנקהייט איז געווען אַ לייכטער. איצט גייט ער אַרום אָן אַ מאַנטל.

איין בעטלער־ייִנגל זינגט מיט אַ באַחנט קול: „איך וויל נישט אָפּגעבן די באָנע, איך וויל נאָך גוטס דערלעבן". — דאָס זעלבע אויף פּויליש. דער עולם גיט אים געלט פאַר זיין שיין קול. רובינשטיינס ווערטל וועגן אָפּגעבן די באָנע־טויט האָט זיך אָנגענומען. מיין זון האָט געזאָגט, אַז ער האָט מורא, אַז פּעטערסבורג וועט אָפּגעבן די באָנע.[292]

די דעמאָראַליזאַציע פאַרשפּרייט זיך שטאַרק צווישן די קינדער. אלס אילוסטראַציע זאָל דינען דער פאַקט פון אַנטשטיין פון קינדער־באַנדעס, וואָס שלאָגן זיך איינע מיט די אַנדערע, נעמען געפאַנגענע: איין באַנדע — קוציקס באַנדע — איז באַקאַנט דערפון, אַז זי שלאָגט אין אָוונט מייד־

---

289) בערנאַרד קאַמפּעלמאַכער — לייטער פון דער יידישער שול אין גראַד־זשיסק מאַזאָוויעצקי.

290) אין סעפּטעמבער 1941 זענען א סך יידן פון לאָמזשער געטאָ אַוועק אין די אַרומיקע וועלדער מיטן געדאַנק צו אָרגאַניזירן א פּאַרטיזאַנישע מחנה.

291) דער פּרייז פון אַריבערפירן יידן אומלעגאַל פון לוואָוו קיין וואַרשע איז געווען 2000 זל.

292) ד. ה.: לענינגראַד וועט מוזן קאַפּיטולירן.

לעד אויף טלאָמאַצקע־פּלאַץ. אין אָונט דערוואַגט זיך דאָרט נישט צו באַוויזן קיין שום מיידל. די ווייסע חברה־ניקעס לאַכן זיך אויס פון דער יידישער פּאָליציי. געזען אַזאַ בילד: עס איז געשטאַנען אויף טלאָמאַצקע דער פּלוטאָן פון „ווידזשאַל זדראָוויאַ"[293] און געמאַכט איבונגען. די חברה האָט פון זיי חוזק געמאַכט און זיי נאָכגעשריען טראַ־טאַ שאַפּאַ גראַ.

אויף דער אַקאַדעמיע לכבוד שלום־עליכם געזען אַ בכבודיקן בעטלער, וואָס שטרעקט אויס די האַנט נאָך אַ נדבה.

געהערט וועגן פאָלגנדער דראַמאַטישער סצענע פון די פּאַראַיאָריקע אַרבעטס־לאַגערן: מען האָט געבראַכט פון שכנות פון וואַרשע מיט פינ־קערטס אַ וואָגן איניקע פּאַרפייניקטע לאַגעריסטן — צעשלאָגענע, צעבלו־טיקטע. אין פויערישע וועגעלעך זיינען געפאָרן פּאַרוווּנדעטע, פּאַרמאַטער־טע לאַגעריסטן. פון די פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט (קאָלעגיום)[294] די קאַנדידאַטן אויף צו פאָרן אין דעם זעלבן לאַגער. דערזעענדיק דעם מצב פון די צוריקגעקומענע, האָבן זיי זיך צעבונטעוועט און געשריגן: הרגעט אונדז, מיר וועלן נישט גיין, און גענומען שפּרינגען דורך די פענצטער. דער לייטער פון אַרבעטס־אַמט, ציעגלער, איז אַרויס פון די כלים און געוואָרפן זיך מיט אַ ביקס אויף די מונדירטע, וואָס האָבן געבראַכט די מתים.

אין חודש סעפּטעמבער צוריקגעקומען מלבושים מיליטערישע אין די שאַפּן, ווייל צוגעגייט שלעכט די קנעפּ — נישט אָפּגעהיטן דעם מהלך, וואָס דאַרף זיין פון איין קנאָפּ צום צווייטן וכדומה.

אין קיעלץ פאַראַן פאָלגנדע נעמען פון גאַסן:

Jojnego, Abrahama, Czosnkowa, Figowego Liścia, Zaśniedziała, Trefna, Treifegasse, Jerozolimska, Rabina.[295]

ביים טויער פון געטאָ אַן אויפשריפט אין 4 שפּראַכן.

ציגלער אַן עסטרייכער, אויבערלייטענאַנט, געאַרבעט אין אַרבעטס־אָפּטיילונג פון קהלה, געהרגעט געוואָרן פאַראַיאָרן אין אָשוויענטשים. די סיבה: ער האָט אויפגעדעקט דאָס פאַרגוואַלדיקן 5 יידישע מיידלעך דורך אָפיצירן. מען האָט כלומרשט געדאַנקט דערפאַר, שפּעטער אויסגענוצט אַ געלעגנהייט, אַרעסטירט, פאַרשיקט קיין אָשוויענטשים.

ד"ר מאָרגענשטערן פון „יעאס" אַרעסטירט געוואָרן אין סעפּטעמבער דערפאַר, ווייל געשריבן קאַרטלעך אין נאָמען פון „יעאס", וועלכער איז

---

[293] פּויליש: געזונט־אָפּטייל.

[294] דער לאָקאַל פון דער גימנאַזיע א. נ. „קאָלעגיום": אויף לעשנאָ 84 איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם זאַמל־פּונקט פון די באַאַמטע אויף אַרבעט אין די לאַגערן.

[295] פּויליש: (די גאַסן האָבן געהייסן) יונהס, אברהמס, קנאָבל־גאַס, פייגן־בלאַט־גאַס, פאַרשטונקענע, טריפה, טריפה־גאַס (אויף דייטש), יערושאַלי־מער, דעם רבס גאַס.

געוואָרן ליקווידירט. אַ טייל פונקציעס זיינע האָט איבערגענומען דער י. ה. ק. (קרובים־הילף) — אויסגעשטראָכן אין איניקע קאַרטלעך פון י. ה. ק. און אָנגעשריבן „יעאס". עס דראָט אים דערפאַר אָשוויענטשים.

ד"ר האגען האָט געהאַלטן אַ פאָרלעזונג פאַר יידישע דאָקטוירים אין קהלה־זאַל. אַפעלירט צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף מיט טיפוס. עס גרייטן זיך נייע פאַראָרדנונגען וועגן דעם: פאַר נישט מעלדן האַרבע שטראָפן ביז טויט־שטראָף. פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ האַרבע שטראָפן. באַקאַנט אַ פאַל, ווען איין ייד פון וואַרשע האָט אין פראָווינץ אָנגעשטעקט 7 מענטשן מיט טיפוס. ער ווייסט, אַז דער טיפוס האָט סוף 1940 געהאַלטן אין פאַלן און כמעט אויפגעהערט און דאָס אַריינדרינגען פון נייע פליטים האָט גורם געווען צום אויפקומען פון דער נייער עפידעמיע־כוואַליע. יידן דאַרפן געדענקען, אַז זיי[296] האָבן יידן געראַטעוועט פון דעם גרעסטן שונא, פון באַלשעוויזם.

די אַקטן פון 13־טל זענען עטלעכע טעג פאַר דער ליקווידאַציע פאַרברענט געוואָרן דורך די מענטשן פון 13־טל און דורך אַגענטן פון געשטאַפאָ. מען האָט זיך אַלזאָ נישט דערוווסט וועגן זייערע סודות סיידן עמעץ פון זיי וועט עפעס אויסזאָגן נאָך דער מלחמה.

די פערד־אָמניבוסן פון דער פירמע „קאָן און העלער" רופט מען אין גאַס „סאַמ[...] זע וושאָן", „כאַטאַ וויאַ קאָנאַ". די דאָזיקע אָמניבוסן פאַרבינדן דאָס קליינע געטאָ מיטן גרויסן (פון לעשנאָ ביז סאָלנאַ). פרייז 60 גר. פאַר אַ קורס. — די דאָזיקע אָמניבוסן זיינען שטענדיק איבערפולט מיט מענטשן און ממילא אַ גוטער מיטל פון פאַרשפרייטן פאַרשיידענע עפידעמיעס.

אויפן בית־עולם געשען שוידערלעכע נבלות. די מאַסן־קברים — דער געמיינער אופן פון באַגראָבן אָרעמעלייט — דאָס אַריינוואַרפן זיי ווי די הינט אין די קברים — דאָס איז נאָך נישט אַלץ. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מען גראָבט אויף קברים ביינאַכט. מען נעמט אַרויס ציין פון גאָלד און מען רויבט צו די תכריכים. לעצטנס האָט זיך געפירט אַ דיסציפּלינאַר־פאַרהאַנדלונג קעגן יידישע פאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך דערמיט באַשעפטיקט. מיט איין וואָרט — דער טיפסטער תהום פון געפאַלנקייט.

30 אויגוסט [געשען] טראַגעדיע אָסאָווע גענבן כעלם. אין אַ דאָרטיקן פרייוויליקן אַרבעטס־לאַגער זיינען פאָרגעקומען עטלעכע טיפוס־פאַלן. געקומען ס.ס.־לייט, געהייסן די עטלעכע פופציק יידישע אַרבעטער זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. 5 האָבן געגראָבן אַ קבר, די צווייטע 5 דערשאָסן פון אַ מאַשינען־געווער, דערנאָך די ווייטערדיקע אַזוי, אַז פון דעם גאַנצן לאַגער געבליבן לעבן 5—6 מענטשן: די יידישע פאָליציי, דער קוכער, פאַרשטייער פון דער קהלה. אַ געפערלעכער מאָמענטאָ, אויב די עפידעמיע

[296] די דייטשן.

וועט זיך נישט פאַרקלענערן. אינטערעסאַנט, אַז די טיפוס־קראַנקע זייַנען געזונט געוואָרן און געקומען וואָהער פון שפּיטאָל.

אין חודש סעפּטעמבער פאָרגעקומען אייניקע מאָל קאָנפיסקאַטע פון פּעקלעך פאַרן געטאָ. דער תירוץ: שמוגל, יידן באַקומען מאַסנווייז פּעקלעך פון פּראָווינץ. אין איין פאַל צוגענומען 4.000 פּעקלעך אָנגעקומענע פון אויסלאַנד (פּאָרטוגאַל)[297] — דאָס איז דאָך זיכער נישט קיין שמוגל.

כאַראַקטעריסטיש: אין געטאָ איז פאָרגעקומען בלויז איין פאַל פון מאָרד.

אָקטאָבער 1941, ערשטע דעקאדע.

דער נייער נצחון פון די דייטשן — דאָס אַרומרינגלען פון מאָסקווע, דאָס צעקלאַפּן פון טימאָשענקאָס אַרמיי האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע כוואַליע פון פּעסימיזם ביי די יידן. מען פרעגט זיך מאין יבוא עזרי? דער עולם איז שטאַרק אויפגעבראַכט אויף ענגלאַנד, וואָס האָט גראָד אין די לעצטע צוויי וואָכן אויפגעהערט אינגאַנצן צו באָמבאַרדירן דייטשלאַנד. הגם עס איז איר פליכט געווען צו שאַפן אַן אַנטלאסטונגס־אָפענסיווע קעגן דייטשלאַנד. דער דורכשניטלעכער מענטש האַלט, אַז ענגלאַנד וויל, אַז ביידע דיקטאַטאָרן זאָלן האָבן די מפּלה און אַלס זיגער זאָלן אַרויס ענגלאַנד און אַמעריקע. איי — נאָך דער פאַרניכטונג וועט זיך דאָך דאָס געשטאַרקטע דייטשלאַנד וואַרפן מיט נאָך אַ גרעסערן כוח אויף ענגלאַנד — בלייבט דאָס טאַקע אַ קשיה. איך ווייס וועגן אַ פאַל ווען אַ פרוי דערגייט יעדן אינדערפרי [די יאָרן] איר מאַן הלמאי ענגלאַנד שווייגט. דער מאַן באַווייזט מיט אותות ומופתים, אַז ער איז דערין נישט שולדיק. דאָס העלפט אָבער גאָרנישט — די פרוי דערגייט דעם מאַן די יאָרן. הגם אַלע, סיי די אָפּטימיסטן, סיי די פּעסימיסטן זיינען איבערציינט, אַז דייטשלאַנד וועט פאַרשפּילן, האָט זיך אָבער ביי אַ טייל דערוועקט דער ספק אפשר דאָך, דעראָבערנדיק די אינדוסטרי־צענטערן וועט דייטשלאַנד דאָך באַהערשן די וועלט. אַזעלכע, וואָס גלויבן אין דעם איז אָבער דאָ ווייניק, ווייל דערפון וואָלט מען דאָך געדאַרפט ציען די געהעריקע קאָנסעקווענצן: קאָלעקטיווע זעלבסטמאָרד.

אין די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער און די ערשטע טעג אָקטאָבער האָט די יידישע עפנטלעכקייט אין וואַרשע אויפגעציטערט די פראַגע פון קליינעם געטאָ, ד. ה. גאַסן פון כלאָדנע אויף דרום צו. אין דעם קליינעם געטאָ וווינען 110 טויזנט יידן, דערפון אַ טייל זייער אָרעמע אויף שליסקע, קראָכמאַלנע, פּאַנסקע א. א., פאַר וועלכע דאָס איבערציען וואָלט געווען

297) דער וועד ההצלה (רעטונגס־קאָמיטעט), דער וועלט־קאָנגרעס, יידישע אַגענץ, דזשוינט, אַרבעטער־קאָמיטעט און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס פון אויסלאַנד האָבן געשיקט די פּעקלעך צ. ו. א. אויך דורך דעם נייטראַלן פּאָרטוגאַל.

אַ פולשטענדיקער עקאָנאָמישער חורבן. דערצו האָט מען געזאָלט געבן קריסטלעכע גאַסן, (פארלענגערונג פון כלאָדנא, לעשנאָ, וואָלנאָשטש, זשיטניא א. א.), אין וועלכע עס וווינען בסך הכל 35 טויזנט מענטשן. מיט אַנדערע ווערטער, דאָס איבערגעפולטע געטאָ וואָלט נאָך מער פאַרגעדיכטערט געוואָרן און ממילא וואָלטן די עפּידעמיעס זיך נאָך מער פאַרשפּרייט ווי ביז איצט. מיט איין וואָרט: דאָס ליקווידירן די קליינע געטאָ — וועלט וואָלט געווען אַ ווירטשאַפטלעכער און סאַניטאַרער חורבן.

וואָס האָט באַוויגן צום געדאַנק פון ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ? ערשטנס, די פראגע פון שמוגל. מען וויל, אַז די יידישע הייזער זאָלן גרענעצן זיך מיט די קריסטלעכע נאָר אין מיטן גאַס און נישט דורך שכנותדיקע הייזער, וואָס דערמעגלעכט דעם שמוגל, ווי למשל אויף דער שווין באַרימטער קאזשלע־גאַס. דער זין איז אַלזאָ נאָך מער צו איזאָלירן די יידן פון די אַריער. פון דער גרויסער סכנה איז דערווייל געבליבן ביי דער עוואקואירונג פון דער שעננא גאַס. די דאָזיקע גאַס איז פאַראַיאָרן אויך געווען באַדראָט. דעמאָלט איז געלונגען אויסצוקויפן מיט א סומע פון 4 קילאָ גאָלד (ווערט פון 200 טויזנט זלאָטעס) לטובת ווינטער־הילף. די סומע האָבן איינגעצאָלט אַלע לאָקאַטאָרן און סובלאָקאַטאָרן. דאָסמאָל איז אָבער נישט געלונגען. די נעאָפיטן־אליי [298] איז אַרויסגעפאלן פון געטאָ. אויף דער שעננאַ גאַס געפינט זיך א ריי מאדערנע, שיינע הייזער מיט צענטראַל־באַהייצונג. בכלל איז שעננאַ גאס געווען די גאַס פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע. [אַ] ברייטע גאַס, גוטע לופט, ווייניק אָרעמקייט, ווייניק בעטלער, ריין געהאַלטן — ממש אן אינדזל אין געטאָ. אין אָונט האָט איר געקענט זען אויסגעמאָלענע עלעגאַנטע דאַמעס מיט הינטלעך זיך רואיק שפּאַצירן — אַזוי ווי קיין מלחמה וואָלט נישט געווען. מען האָט דאָ נישט געזען די ענגשאַפט, דעם הו־האַ, די נערוועזקייט פון דעם געטאָ. מיט איין וואָרט — אַן אינדזל פון רואיקייט, רחבות און פארמלחמהדיקייט אין געטאָ. מען האָט געלאָזן א גאַנץ קורצן טערמין (ביזן 5־טן אָקטאָבער) אויף איבערציען זיך אין געטאָ. קיין נייע הייזער האָט מען נישט צוגעגעבן פאַר די 6.000 איינוווינער פון דער אום־זייט פון דער שעננע גאַס. מען האָט אַלץ געמעגט מיט זיך מיטנעמען. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן א הילפס־ארבעט פאַר די איבערזידלער. די קהלה און די שעננע גאַס (רעשט פון דעם פאַראַיאָריקן געלט) האָבן ערטיילט 27 טויזנט זלאָטעס שטיצע — פאַר די אָרעמסטע. אַלע וואָס האָבן זיך געווענדעט האָבן באַקומען שטיצע. אַ שווער פראָבלעם איז געווען מיט די טיפוס־קראַנקע. עס איז געווען אַ שווערע זאַך זיי איבערצופירן. עס זיינען געווען אייניקע פאלן פון זעלבסטמאָרדן, ווייל א טייל האָט צוליבן איבערציען זיך פארלוירן פרנסה.

די סכנה איז אָבער נאָך נישט פאַרשוואונדן, מען רעדט איצט וועגן נייע ענדערונגען אין די גאַסן. עס זאָלן אין הסכם מיטן אויבן־געזאָגטן אָפּפאַלן:

---

298) שעננא=גאס.

עלעקטאָראַלנע אום־זייט, אַלע גאַסן אויף מערב פון זשעלאַזנע מיט אום־זייט פון כלאָדנע, אַלע גאַסן פון באָניפראַטערסקא אַראָפּ, טלאָמאַצקע — דאָס אַלץ צוזאַמען מאַכט אויס 55 טויזנט איינוווינער און דערויף לייגט מען פאַר הייזער מיט 8 טויזנט איינוווינער. דער דאַמאָקלעס־שווערד פון איבערזידלונג הענגט ווייטער איבער דער יידישער באַפעלקערונג ווי פאַר־אַיאָרן. שטענדיק, ווען עס האַלט פאַר ווינטער שווימט אויף די פראַגע פון איבערזידלונג. דאָס דריטע מאָל באַקומט די וואַרשעווער יידישע באַפעלקערונג אַ מתנה אויף די ימים־נוראים — פאַר 2 יאָר די באַמבאַרדירונג ספּעציעל פון יידישן ווין־פירטל[299], פאַראַיאָרן דאָס געטאָ און היי־יאָר דאָס קליינע געטאָ.

די סאַניטעט־מאַכט (ד״ר האַגען) איז געווען קעגן דער ליקווידירונג פון קליינעם געטאָ. אין אַ מעמאָריאַל אָנגעוויזן, אַז דאָס דאָזיקע קען האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף דעם סאַניטאַרן מצב.

די וואַרשעווער יידן האָבן אויף אַ געמיינעם אופן אויסגענוצט די מעשה שעננע. מען האָט פאַרלאַנגט פאַר אַ צימער 150 און 200 זל. און דאָס פאַר אַ גאַנצע ריי חדשים פאָרויס. דער קוואַרטיר־אַמט האָט אַ סך איבערזידלער אַריינגעזעצט אין געוויסע דירות.

### אָקטאָבער 1941 [300].

צוויי בעטלער־קינדער זענען געזעסן אין גאַס און געטראָגן אַן אויפשריפט „ס. אָ. ס.״. מען מוז מודה זיין, אַז דאָס איז דאָס פשוטסטע און ריכטיקסטע, וואָס האָט געקענט געטאָן ווערן אין דער פראַגע — די ריכטיקסטע לעזונג.

האַנדל מיט באַנעס איז איינס פון די טרויעריקסטע דערשיינונגען אין געטאָ. די אַדמיניסטראַטאָרן און די געוועלבער זענען די פּיאַווקעס, וואָס נוצן אויס די סיטואַציע פון די אָרעמעלייט, וועלכע האָבן נישט קיין געלט אויף צו קויפן ברויט און קויפן ביי זיי אָפּ אַ טייל ברויט־באַנעס און די גאַנצע צוקער־באַנעס. בכלל איז דער האַנדל מיט באַנעס פון פאַרשטאָרבענע, אַרויסגעפּאַרענע אַ גאַנץ גוט געשעפט פאַר געוויסע עלעמענטן, באַזונדערס די אַדמיניסטראַטאָרן. דאָס זענען היענעס פון ערגסטן סאָרט. אַזוי ווי נישט אַלע אָרעמעלייט באַקומען אומזיסטע טאַלאָנען, פאַרקויפן אַ טייל זייערע באַנעס פאַרן באַקומען אומזיסטע טאַלאָנען. אַזוי ווי דער אָרעמער פויער פאַרקויפט די תבואה נאָך אויפן פעלד.

---

299) די גרעסטע באַמבאַרדירונג פון יידישן ווין־ראיאָן בעת דער באַלאַגערונג פון וואַרשע אין סעפּטעמבער 1939 איז פאָרגעקומען ערב ראש השנה.

300) קאָפּיע איבערגעשריבן דורך בלומע וואַסער.

דעם 23 אָקטאָבער איז געשטאָרבן שמואל לעהמאַן[301]. געאַרבעט ביי־צום לעצטן מאָמענט. געזאַמלט אַ סך מלחמה־פאָלקלאָר. אויף דער לויה האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן די פאָרשטייער פון יידישן וואַרשע. כאַראַקטע־ריסטיש, אַז זיין לויה האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דער לויה פון איי־נעם פון זיינע העלדן: בערל חזיר, וואָס האָט אים דערציילט אַ סך מעשיות. בערלס לויה איז אָבער געווען אַ סך אַ גרעסערע ווי לעהמאַנס. דער פרע־זעס טשערניאַקאָוו, צו וועמען מען האָט זיך געווענדעט וועגן אַן אומזיסטער קרקע, האָט נעבעך נישט געוווסט ווער לעהמאַן איז. ער ליגט אין דער לי־טעראַרישער אַלעע, נעבן י. מ. ווייסענבערגן.

די לובלינער קהלה האָט זיך געווענדעט וועגן אַ דערלויבעניש אויף אַן אימפּרעזע, האָט די מאַכט אָפּגעזאָגט — האָט זיך די קהלה פאַררופן, אַז אין וואַרשע זענען אימפּרעזן דערלויבט. דערויף האָט די מאַכט געענט־פערט: — מיר קענען אייך דע־לויבן דערויף, אָבער בתנאי, אַז אין לובלין זאָל זיין אַזאַ פאַרמאַכט געטאָ ווי אין וואַרשע. מען האָט, נאַטירלעך, גע־דאַנקט פאַר דער טובה. בעסער אַן אָפענער געטאָ אָן אימפּרעזעס, איידער אַ פאַרמאַכטער מיט אימפּרעזעס.

הייאָר ראש־השנה האָט מען געכאַפּט צו אַרבעט. יידישע מוסרים האָבן אַראָפּגעבראַכט זעלנער אין מנינים און דאָרט האָט מען זיך פאַר געלט געקאָנט אויסקויפן.

געפייערט געוואָרן מיט וויין און טאָרט די 25־יעריקע חתונה פון ר׳ יצחקל[302]. ער האָט דערציילט זכרונות פון זיין יוגנט. ער פאַרדאַנקט זיין אַנטוויקלונג די צייט פון אויפברויז — דאָס איז געווען זיין וויכטיק־טער שאַנס אין לעבן. פון פאָטער האָט ער געירשנט די געזונטע קערנדי־קייט, וואָס קלינגען ווי פאַנטאַסטישע מעשיות, צווישן אַנדערן, ווי אַזוי ער האָט אין טאָרנע צוזאַמען מיט זיינע חברים איבערגעטראָגן אַ פויערטע, וואָס האָט געהאַט אַ סטראַגאַן און גענעכטיקט אין מאַרק — אין מיט פון אַ וואַסער און ווי אַזוי ער האָט צוזאַמען מיט זיינע חברים אויסגעקוקט צווישן די קזשאַקעס ווען די פויערטע וועט זיך אויפכאַפּן פון בייזן חלום.

געהערט פון אַ גאַנץ זיכערער קוועלע, אַז דאָס 13־טל האָט פאַר דער מלחמה מיט רוסלאַנד געטאָן אַ שפּיאָנאַזש־דינסט לטובת דייטשלאַנד. דער־מיט דערקלערט זיך אפשר די גנאָד, וואָס זיי האָבן געפונען אין די. אויגן פון געסטאַפּאָ.

עס מערקט זיך אַ געפערלעך אָפּשוואַכן פון רחמנות־געפיל. מען גייט אַדורך די גאַסן און מען זעט קינדער דאַרע ווי שקעלעטן, באָרוועסע און

---

301) שמואל לעהמאַן (1886—1941), יידישער פאָלקלאָריסט, מחבר פון פאָלקלאָר־זאַמלונגען „אַרבעט און פרייהייט", „ליבע־לידער פון גנבים" א. א. זיינע רייכע פאָלקלאָר־זאַמלונגען, וואָס ער האָט געהאַט אין וואַרשעווער געטאָ, זענען פאַרלאָרן געגאַנגען.

302) ד״ר יצחק שיפּער.

נאַקעטע, וואָס שטעקן אַרויס זייערע בלויע, פאַרפרוירענע פיס און קיינעם אַרט דאָס נישט. מענטשן זענען געוואָרן ווי שטיינער. אַ ייִד, וואָס איז געווען אויף יענער זייט, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז גאַנץ פרעמדע פאַ־לאַקן האָבן אים פאַרהאַלטן אין גאַס, און געמאַטערט הלמאי דערלאָזן דערצו יידן, אַז דאָרע, באַרוועסע קינדער זאָלן אַריבערגייען אויף דער צווייטער זייט און דאָרט אַרויסגיין בעטלען. ווי שעמען זיך נישט יידן, ווי דער־לאָזן זיי דערצו?

קאָנפיסקאַטע פון פעקלעך אין אָקטאָבער

אין די לעצטע צוויי חדשים פּאַסירט פון צייט צו צייט, אַז מען נעמט צו צו עטלעכע טויזנט פּעקלעך פון פּראָווינץ, אָבער אויך פון אויסלאַנד. די סיבה זאָל כלומרשט זיין דער שמוגל, וואָס ווערט געפירט אויף דעם אופן. עס בלייבט אָבער אַ קשיה הלמאי נעמט מען צו די פעקלעך אויך פון אויסלאַנד, וואָס קומען אָן אין קליינע קוואַנטומס?

אין געטאָ זענען טעטיק מעדיצינישע קורסן, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך די אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָרן הירשפעלד און צווייבוים[303]. די קורסן פאַרטרעטן דעם אוניווערסיטעט. די סטודענטן אַרבעטן אין פּראָ־סעקטאָריום.

עס ווערט דערציילט אַ וויץ. אַ קימפעטאָרן גייט שווער צום קינד. עס העלפן נישט קיין שום מיטלען. ווי נאָר די מענטשן גייען אַרויס פון שטוב קריכט אַרויס אַ ייִנגעלע און פרעגט די מאַמע: מאַמעשי, מען קען שוין אַרויס, מען כאַפּט נישט?

שמד־פאַלן קומען פאָר און דאָס גאַנץ אָפט. אין הושענא רבא האָבן זיך איבער 50 מאַן געשמדט (ידיעות פון קהלה). די סיבה: „קאַריטאַס" זאָרגט קאָר די משומדים. די האָפנונג אויף דעם, אַז די משומדים וועלן קענען אַרויס פון געטאָ. — מען האָט אַפילו גערעדט וועגן אַ משומדים־געטאָ אין זשאָליבאָזש. טראָץ דעם אַלעם איז עפּעס אַ פּסיכאָפּאַטאַלאָגישע דערשיינונג, סיידן ווי מען זאָגט אין וויץ: ווילסט באַקומען אַ פּאָסטן אין קהלה — טאָ שמד זיך אָפּ.

אומלעגאַלע פּוילישע ליטעראַטור ווערט צו ביסלעך פאַרשפּרייט אין געטאָ. די אַריינברענגער זענען אַ טייל פּוילישע פּאַטריאָטישע פּאָליציאַנטן, גאַסן־קערער, מען זאָגט אויך, אַז די פּ. אָ. וו. האָט אירע אָנהענגער אין געטאָ, וועלכע אַנטוויקלען אַ טעטיקייט, אָבער צווישן אַ באַגרענעצטן טייל באַפעלקערונג. פאַראַן פאַרשיידענע פּוילישע שטייגער[ ]מטן. אַ טייל זע־נען לאָבוזעס, טוען אָפּ אין יידישע דירות, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. זיי האָבן

[303]) דאָצענט יוליאַן צווייבוים (1887—1960), היסטאָלאָג, נאָך דער באַ־פרייונג פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט און מיטגליד פון פּוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

רעכט צו מאַכן פּערזענלעכע רעוויזיעס און צונעמען דאָס געלט. זיי מאַכן נישט קיין אונטערשייד צווישן דעם לאָקאַטאָר און סובלאָקאַטאָר. אַלע, וואָס געפינען זיך אין דער דירה זענען סאָלידאַריש פאַראַנטוואָרטלעך. מען נעמט צו זאַכן, מען שלאָגט און מען הרגעט. פאַראַן הייזער, וווּ זיי מאַכן פשוט פּאָגראָמען. פאַראַן אָבער אידעלע פּאַטריאָטן, וואָס גיבן עצות ווי אַזוי נישט צו צאָלן, כדי נישט צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון דייטשלאַנד.

אויך פּאַוויע איז פאַראַן אַ גרופּע אַפּעריסטן, וואָס באַקומען פון די דאָרטיקע וואַלוטע־הענדלער וואָכן־געלט, וואָס מאַכט אויס 50, 100 און אַפילו 200 זל. אַ וואָך. די אַפּעריסטן זענען שותּפים מיט דייטשן, וועלכע קומען מאָנען דאָס געלט פון די, וואָס האַלטן זיך אָפּ פון צאָלן עס.

וואַרשע, אָקטאָבער 1941. געהערט פון אַ געקומענעם פון אָסטראָוויעץ, אַז די יידן זענען דאָרט באַשעפטיקט דורך דייטשן אין גרויסע פאַבריקן. אין דער אַמוניציע־פאַבריק פון סטאַראַכאָוויצע אַרבעטן 600 יידן, וועלכע באַקומען אויסער לוין — שפּייז־דעפּוטאַטן. דאָס זעלבע איז אין אָסטראָוויעץ, וווּ יידן זענען טעטיק אין די פאַבריקן.

דער חודש אָקטאָבער איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון וויטערדיקער איבערזידלונג. דאָס מאָל איז געקומען די ריי אויף די גאַסן פון דער יידישער אָרעמקייט קראָכמאַלנע (כמעט די גאַנצע גאַס, אויסער אַ קליינעם טייל), צווישן אַנדערע די גרויסע פּאָלקס־שול קראָכמאַלנע 36 און אויך די לעצטע נומערן פון אָגראָדאָווע, גאַנץ כלאָדנע. דער צוועק איז אַ קלאָרער: אָפּשאַפן דעם שמוגל. אַזוי מאַכן דאָס יידישע געטאָ, אַז די גרענעצן זאָלן זיך ציען דורך די גאַסן און נישט איין הויז זאָל זיך גרענעצן מיט אַ קריסטלעך. די איבערזידלונג האָט אַרומגענומען אַן 18 טויזנט מענטשן. זי איז אַדורך רייבונגסלאָז. זי האָט נישט אָנגעטראָפן אויף קיין ספּעציעלע מניעות. דער עולם האָט אויסגעקויפט, וואָס ער האָט נאָר געהאַט און זיך איבערגעצויגן אין דער צייט. די אָרעמקייט פון אַנדערע גאַסן האָט גאַסטפריינטלעך אויפגענומען זייערע ברידער פון קראָכמאַלנע, אַזוי, אַז די קהלה און דער זש. טאָ. ס., וואָס האָבן זיך פאַרנומען דערמיט האָבן געהאַט ווייניק צו טאָן. בס״ה אַ 200 — 300 מענטשן זענען געגאַנגען אין די פּונקטן. די פּרייזן פון טראַנספּאָרט מיטלען זענען געווען הויכע. אַ וועגעלע האָט געקאָסט 80 — 100 זל. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין געטאָ האָבן זיך לעצטנס באַוויזן וועגנס, איינגעשפּאַנט מיט מענטשן. דער חשבון איז אַ פּשוטער: אַ פערד אויסהאַלטן קאָסט 80 זל. אַ טאָג, בשעת אַ מענטש נאָר 20 זל. אויך בשעת דער איבערזידלונג האָט מען געזען אַ סך וועגן אָנגעלאָדן מיט מעבל, איינגעשפּאַנטע מיט מענטשן. די גנבים האָבן בשעת דער אַקציע אָפּגעטון מעשים, זיי האָבן געריסן פּעקלעך פון די הענט, אונטערגעשטעלט די פיס די וועגעלעך, איבערגעקערט זיי און צוגענומען די זאַכן. ביי אַ טייל מענטשן האָבן זיי צוגענומען דאָס לעצטע. די איבערזידלונג פון זשעלאַזנע

און די גאַסן אויף רעכטס איז נאָר אַן אָנהויב פון דער ווייטערדיקער איבערזידלונג, וועלכע וועט אַרומנעמען טלאָמאַצקע, רימאַרסקע, עלעקטאָ־ראַלנע און איניקע גאַסן פון דער אָרעמקייט, ווי: נאָוויניאַרסקע, פּראַנטשיש־קאַנער, סאַפּיעזשינסקע. ביידע איבערזידלונגען — — [304]

אָנהויב נאָוועמבער 1941 [305].

קיין באַראַנאָוויטש זענען די דייטשן אַריין אויפן 5־טן טאָג מלחמה, ד. ה. ד.[עם] 27־טן יוני 1941. קיין קאַמפּן צוליב דער שטאָט זענען נישט פאָרגעקומען. די ערשטע עטלעכע טעג, ווען ס׳איז נאָך געווען די בלויזע מיליטערישע פאַרוואַלטונג, איז נאָך געווען פאַרהעלטניסמעסיק צו דער־טראָגן. אָבער שוין אין די ערשטע טעג יולי איז די לאַגע געוואָרן זייער שווער — ווי אומעטום.

אָנהויב אויגוסט האָט זיך דער מיליטערישער וועטערינאַר־דאָקטאָר גע־וואָנדן (צו דער קהלה, מסתמה) וועגן צושטעלן אים 32 יידן אויף צו קאָנ־וואָירן פערד קיין ראַדאָם — ווייזט אויס, אַז דאָרט איז אַ פערד־לאַזאַ־רעט. מ׳האָט די 32 יידן צעטיילט צווישן אַ געוויסער צאָל פערד, פאַרלאָדן אין בהמות־וואַגאָנען און אַריבערגעשיקט קיין ראַדעם. אויפן וועג האָט מען זיי, ד. ה. די יידן, געגעבן פאַרהעלטניסמעסיק נישט שלעכט צו עסן און קיין ספּעציעלע נגישות נישט אָנגעטון.

אָנגעקומען קיין ראַדעם האָבן זיי די פערד צוגעשטעלט אין אָרדנונג, וואָס דער מיטפאָרנדיקער לייטענאַנט־וועטערינאַר האָט בפירוש אונטערגע־שטראָכן. ער איז מיט די 32 מאַן אַוועק אין דער יידישער גמינע אין ראַ־דעם און, אַלס אָנערקענונג פאַר זייער גוטער אַרבעט, געהייסן אויסשטעלן פאַר יעדן פּאַסירשיינען, וווהין יעדער וויל.

פאַר אויסשטעלן אַ פּאַסירשיין נעמט די ראַדעמער קהלה, בדרך כלל, צו — — — זלאָטעס. דאָ איז קיין געלט, פאַרשטייט זיך, נישט געווען. די 32 האָבן אָבער פאַרלאַנגט דורכויס מען זאָל האָנאָרירן דעם אָפיציריס אָ[נזאָג]. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז ס׳איז געקומען צוליב דעם צו אַ שאַרפערן ווערטער־אויסטויש צווישן די באַראַנאָוויטשער יידן און דער גמינע. למען האמת דאַרף מען באַמערקן, אַז דער פרעזעס (גלאָזער? וואַ־סער?) [305א] איז גראָד געווען אין אַטוואַצק אויף דאַטשע. דאָס, וואָס ווערט דאָ ווייטער באַשריבן איז געשען אויסשליסלעך מיטן וויסן און אפשר איניצ־יאַטיוו פונעם אַמטירנדיקן וויצע־פּרעזעס (נאָמען אומבאַקאַנט).

---

304) דאָ רייסט זיך דער טעקסט איבער א נישט־פאַרענדיקטער.

305) מאַשין־קאָפּיע.

305א) די צוויי נעמען זענען נישט באַקאַנט. פאָרזיצער פון ראַדאָמער יודענ־ראַט איז געווען דיאַמענט, זיין פאַרטרעטער — אברהם מערין.

מ׳האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די געלע [306] און געמאָלדן, אַז ס׳זענען דאָ פאַראַן 32 נישט אָרטיקע יידן, פאַר וועלכע מען איז נישט פאַראַנטוואָרטליך. יענע זענען געקומען, פאַרהאַלטן אַלע, אַרויסגעפירט אין אַ דאָרף הינטער ראָדעם, געהייסן אויסגראָבן אַ גרויסן גרוב און — דער־שאָסן.

פון דער גאַנצער גרופע איז 2 פאַרשוין געלונגען אַנטקומען צו ווערן.

געשר. אָנהייב נאָוועמבער 1941.

דעם 28־טן אָקטאָבער 1941 איז איבער אַלע דירות פון ביידע הייף אויף דזשעלנע 93 (אַן ערך 2.000 לאָקאַטאָרן) אַרומגעגאַנגען אַ יידישער פּאָליציאַנט און געמאַכט פּראָטאָקאָלן פאַר כלומרשט ברענען ליכט בשעת דעם לאָפּ־דיזשור. ווען, ווו — האָט ער נישט געזאָגט, אַלע טענות, אַז: 1) ס׳איז שוין זיגט העכער אַ וואָך נישטאָ קיין עלעקטריע, און 2) אין דעם רוב שטובן צינדט מע בכלל נישט אָן קיין ליכט, און 3) די פענצטער זענען פאַרהאַנגען מיט גראָבע געוואַנטער אָדער פאַרקלעפּט מיט שווארץ פּאַפּיר א. א. וו. — די אַלע טענות האָבן נישט געהאָלפן, ווער ס׳האָט אים נישט געגעבן אין דער האַנט אַריין עטלעכע גילדן (5־ער האָט ער אויך גענו־מען) — דאָרט זענען פאַראַן פּראָטאָקאָלן פאַר האַלטן ליכט. די מערהייט לאָקאַטאָרן האָבן אים נישט געגעבן קיין געלט.

די שטראָף באַטרעפט 55 זלאָטעס.

דעם נומער פונעם פּאָליציאַנט האָט מען נ י ש ט פאַרנאָטירט.

געשר. אָנהייב נאָוועמבער 1941

צו די פּאָפּולערע מיטאַרבעטער מיט די געלע געהערן: אַנדערס (אַ פאַ־מיליע־נאָמען, אַדרעס אומבאַקאַנט) און מיליעק (פאָרנאָמען, פאַמיליע־נאָ־מען אומבאַקאַנט).

אַנדערס איז עס דער פאַר דער מלחמה פּאָפּולערער באָקסער (פון מכבי, צי „גוויאזדא") [307], א זון פון באַקאַנטן טרעגער אַנדערס — לעצטנס געווען פון די הויפּט־פירער פון פּראַקישע [308] טרעגער. מיליעק וווינט אויף פּאַנס־קע 52, איז מיטגליד פונעם הויז־קאָמיטעט.

ביידע גייען אַרום אָן לענטעס.

---

306) געסטאַפּאָ, אָדער זשאַנדאַרמעריע

307) אַנדערס איז געווען א באָקסער פון „מכבי". און נישט פונעם אַרבע־טער־ספּאָרט־קלוב (פון לינק־פּועלי־ציוניסטישער ריכטונג) „גוויאזדאַ". פון „גוויאַזדאַ" האָט געשטאַמט דער באָקסער שעפּסל ראָטהאָלץ, וועלכער איז געווען אַן אָרדענונגסדינסט־מאַן.

308) די יידישע טרעגער, וואָס האָבן געהערט צום פּראָפּאַריין פון די פּראַ־קעס, ד. ה. פון א. ג. פּ.פּ.ס. רעוואָלוציאָנערע פראַקציע — א רעכטע, פּילסודסקי־אָריענטירטע אָפּשפּאַלטונג פון פּ.פּ.ס. (פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי).

סוף 1940 זענען ביידע געווען פאַרשיקט אין אָשוויענטשים, האָבן זיך אָבער „רעהאַביליטירט" און צוגעזאָגט גרויסע זאַכן. זיי אָפּעריִרן אויס־שליסלעך אויפן פּאָליטישן געביט, פאַרשיטן בלויז פּאָליטישע טוער.

אַנדערס האָט אַ שוואָגער, פּעפּערמאַן, אַ יידישן פּאָליציאַנט פון 2־טן רעוויר (קראָכמאַלנע 32). איז שוין דאָרטן אָפּגעשמועסט, אַז פּעפּערמאַן זאָל גיין אויף די בעסטע „מעטעס", ווו מען פאַרדינט בעסער. פּעפּערמאַן טראָגט אַ היטל מיט אַ בענדל, ד. ה. ער האָט אַ בילדונגס־צענז און 2 „טשוועקעס". ער זאָל זיין אַ גרויסער לא יוצלח און אַ טעמפּער קאָפּ. ער פאַרדינט זייער שיין, ווייל ער קריגט צוגעטיילט די מער פרנסהדיקע וואכן א. א. וו. אומעטום האַלט ער די אַלגעמיינע קאַסע.

געשר. אָנהייב נאָוועמבער 1941.

קאָמיסאַר פון 2־טן קאָמיסאַריאַט אויף קראָכמאַלנע 32 איז [א] געווי־סער — — יישמאַן [309] פון גאַליציע, א משומד. ער הייסט זיך רופן נישט אַנדערש ווי אָדער „נאַטשעלניק" אָדער „קאַפּיטאַן". ווי זיינע אונטערגע־אָרדנטע גיבן איבער איז ער אַ גרויסער ריגאָריסט, האַלט זיי אַלע זייער קורץ. 4 פּאָליציאַנטן האָט ער געלאָזט פאַרשיקן קיין אָשוויענטשים.

געשר. אָנהייב נאָוועמבער 1941.

דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער תפיסה אויף זאַמענהאָף 19 איז יאָסעלע ערליך. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ קאָמבינאַטאָר און כוח־גייער. געאַרבעט אומגעבער אין 1936 ביי פאַלש געלט. (מעגלעך, אַז ער איז געווען אין בערעזע — מען דאַרף עס נאָך אויספאָרשן). נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן איינגענומען וואַרשע און די קרימינעלע פּאָליציי האָט זיך גענומען צו ליקווידירן די קרימינעלע, דער עיקר יידישע עלעמענטן, איז אויך יאָסעלע ערליך אַרעסטירט געוואָרן און ארויסגעשיקט קיין אָשוויענטשים. ווייזט אויס, אַז ער האָט גענומען אויף זיך געוויסע פאַרפליכטונגען, ווייל מ'האָט אים פאַרהעלטנישמעסיק גיך אַרויסגעלאָזט. ער איז דאַן געפאָרן אויף פּראָווינץ און אָרגאַניזירט 3 אָדער 4 פאַבריקן פון פאַלש געלט (איינס הינטער וואַרשע), וועלכע ער האָט דערנאָך אַרויסגעגעבן.

זינט יוני (אָדער יולי) היי־יאָר איז ער קאָמענדאַנט פון דער יידישער תפיסה. ווי ס'דערציילן יודעי־חן, איז ער — להיפוך צו אַנדערע מענטשן פון דעם טיפּ — דווקא א מענטש מיט אַ בפירוש שלעכטן כאַראַקטער, מיט דעספּאָטישע נייגונגען. זיינע אונטערגעוואָרפענע ציטערן פאַר אים אימת־מות.

געשר. אָנהייב נאָוועמבער 1941.

---

309) אלבין פליישמאַן, געוו. קאַפּיטאַן פון פּוילישן מיליטער, קאָמענדאַנט פון דער רעזערוו פון אָרדענונגס־דינסט פון וואַרשעווער געטאָ; געפאַלן פון א קויל פון די יידישע אויפשטענדלער אין אַפּריל 1943.

מען דערציילט, אַז אין דער צווייטער העלפט אָקטאָבער זאָל האָבן געשען אַט־וואָס: צום דירעקטאָר פונעם טעאַטער אין דער פוילישער שפּראַך אויף נאָוואָליפּקי 52 (זאָל זיין אַ משומד, דער נאָמען אומבאַקאַנט. דער הויפּט־אַקטיאָר איז דער פּאָפּולערער מיכאַל זניטש, אויך אַ משומד) זענען געקומען 6 יידן זיך אויסלעגיטימירט ווי אָפיציעלע מיטאַרבעטער פון די געלע און פאַרלאַנגט 1.000 זלאָטעס. אַנישט וועלן זיי אים פאַרשיקן.

נאָך אַ לאַנגע שקלא־וטריא איז אָפּגעשמועסט געוואָרן, אַז מען גייט אַריין אין אַ קנייפּע און דערווייל וועט מען מאַכן אַ כוסה.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, און פאַר דער קנייפּע איז פאַרפאָרן אַן אויטאָ מיט אוניפאָרמירטע געלע. איידער וואָס ווען, האָבן זיי געשמידט אין קייטן און דווקא די 6 פאַרשוינען. דערנאָך האָט מען מיטן דירעקטאָר געמאַכט אַ שפּאָר ביסל כוסות און אַוועקגעפירט די 6 אַרעסטאַנטן.

ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ע ר גאָר געווען דער אמתדיקער „חברה־מאַן". אומבאַמערקט האָט ער אָנגעקלונגען נאָך די געלע, וועלכע זענען טאַקע צו דער מינוט אָנגעקומען.

לויט ווי מען גיט איבער, זאָל מען וועגן דעם ווייטערדיקן גורל פון די 6 האָבן אַזוי געמאָלדן: מען וועט זיי האַלטן אַ 2 חדשים אין פּאַוויאַק און דערנאָך אַוועקשיקן קיין אָשוויענטשים — „נאַ זאַגלאַדען"[310] (אַזוי זאָל מען האָבן בוכשטעבלעך געזאָגט דער פרוי פון איינעם פון זיי).

געשר. אָנהייב נאָוועמבער 1941.

1 — 10 נאָוועמבער 1941.

אין דער ערשטער דעקאַדע פון נאָוועמבער 41 איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג וואָס דראָט מיט טויט־שטראָף פאַר יידן, וואָס וועלן אַרויס פון געטאָ אָן פּאַשעפּוסטקעס[311]. דאָס האָט אונדז איבערגעלאָזט פראַנק[312] בשעת זיין לעצטן באַזוך אין וואַרשע. די פאַראָרדנונג האָט געהאַט אַ שטיקל ווירקונג אויף די געשטאַלטונג פון די פּרייזן, אָבער נישט קיין צו גרויסע. — דעם 8 נאָוועמבער זיינען אין גאַס (אַזוי זאָגט מען) אָן אַ ספּעציעלן געריכט דערשאָסן געוואָרן 2 יידן: איינער פון זיי דער באַקאַנטער קינאָ־אייגנטימער לעהמאַן (אויפן טעאַטער־פּלאַץ), אַ צווייטער ייד אויפן הויפּטבאַנהויף. איצט זיינען 8 יידן, דערונטער 6 פרויען איבערגעגעבן געוואָרן צום דערשיסן דער יידישער פּאָליציי. דער קאָמיסאַר פון געטאָ אויערסוואַלד פאַרלאַנגט

310) פּויליש: אויף פאַרניכטונג.

311) לויט דער פאַראָרדנונג פונעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק פון 15 אָקטאָבער 1941 האָט אַ ייד פאַר אַרויסגיין פון געטאָ אָן אַ דערלויבעניש געדראָט טויט־שטראָף.

312) אין אָקטאָבער 1941 האָט פראַנק באַזוכט וואַרשע און אָפּגעהאַלטן מיט די אָפּטיילונגס־לייטער פונעם דיסטריקט־אַמט אַ קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס האָט וועגן געטאָ רעפערירט דער דיסטריקט־באַאַמטער מאַקס בישאָף.

דורכאויס, אַז די ייד[ישע] פּאָליציי זאָל בילדן אַן אייגענעם עקזעקוציע־פּלוטאָן, וואָס זאָל אין דער ייד[ישער] תּפיסה אויף זאַמענהאָף אויספירן דעם אורטייל. שערינסקי, דער משומד, וואָס האָט געוואוינט יעדן זונטיק אין קירך און איז באַקאַנט אַלס גרויסער כאַבאַרניק, האָט שוין מסכּים געווען דערויף, ווען מען האָט אים געדראָט פאַרן אָפּזאָגן מיט שיסן. דאָס וואָלט געווען אַ שוידערלעכע זאַך ווען יידן וואָלטן אַליין געדאַרפט זיין די תּלינים! אגב זיצן פאַר דעם זעלבן חטא א 100 יידן, איבער וועלכע עס הענגט די מורא פון טויט־שטראָף.

די עפּידעמיע פון טיפוס איז אַ ביסל קלענער געוואָרן, גראַד אין ווינטער, ווען די עפּידעמיע שטאַרקט זיך געוויינלעך, איז זי באַדייטנד פאַרקלענערט געוואָרן. די עפּידעמיע איז געפאַלן מיט אַ 40 פּראָצענט. דאָס האָב איך געהערט פון די אַפּטייק, דאָס זעלבע פון דאָקטוירים און שפּיטעלער. אייגנטלעך איז דאָס אַן איראַציאָנעלע דערשיינונג, ווייל קיין שום שכלדיקע דערקלערונג דערפון איז נישטאָ. די איינציקע איז די, אַז אין די פּונקטן, וואָס זענען דער הויפּט־מקור פון עפּידעמיעס איז שוין דער רוב אַדורכגעגאַנגען די קראַנקהייט. אַנדערע, זאָגן, אַז אין ווינטער גייען די אָרעמעלייט אָנגעטאָן אין דיקע מלבושים, דעריבער האָבן נישט די לייז קיין לייכטן צוטריט. אַזוי, צי אַזוי — די עפּידעמיע האָט זיך פאַרקלענערט.

די אויסנוצונג פון וואַרשעווער יידן לגבי איבערזידלער קען מען זען פון פאָלגנדן פאַקט: איינער האָט געדונגען אַ דירה, צאָלט ער עלעקטריע פאַר זיך, פאַרן בעל־הבית און פאַרן שכן, וואָס האָט איינעם און דעם זעלבן ליטשניק. דער פאָרשטייער פון דער פויל[ישער] זעלבסטהילף יאַלאָוויעצקי האָט באַוואונדערט די טעטיקייט פון די הויז־קאָמיטעטן. בשעת ביי פּאָליאַקן דויערט עטלעכע חדשים ביז מען קען אָנקומען צום פּעטענט, גייט עס ביי אונדז זייער שנעל.

אויף וואָלינסקא 7 האָט אַ מאַמע אויסבאַהאַלטן אַ וואָך צייט איר טויט קינד, כדי אינצווישן צו געניסן פון דעם קינדס ברויט־באָנעס. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין אַ פּליטים־פּונקט.

אַ קינד האָט אין 2 קיכן גענומען 2 מיטאָגן. ווען די קאָנטראָל האָט דאָס אַנטדעקט, האָט דאָס קינד מיט טרערן געבעטן מען זאָל אים דערלויבן געניסן פון 2 מיטאָגן, ווייל עס וויל נישט שטאַרבן ווי איר שוועסטערל. געהערט וועגן אַן עסקן פון אַ רעוויר, וואָס פאַסט איין מאָל, כדי צו קענען דאָס געלט פאַרטיילן אַלס שטיצע.

דער באַקעטער ייד[ישער] בית־עולם לעבן דעם עוואַנגעלישן און קאַטוילישן, וואָס האָבן נישט פאַרלוירן זייערע ביימער, איז אַ סימן פון יידישע צרות. ביים לעבן און נאָכן טויט ווערן באַגאַנגען עוולות לגבי דער ייד[ישער] באַפעלקערונג.

אָנהויב נאָוועמבער 41 אָנגעקומען ידיעות פון לאָדזש וועגן פאַרבאָט

פאַר יידן פון לאָדזש חתונה צו האָבן און האָבן קינדער[313]. די וואָס זענען שוואַנגער ביז 3 חדשים מוזן אַדורכפירן אַן אָפּעראַציע. מיט איין וואָרט — פּרהעס געזעצן באַגייט שפּעטער דורך די פּרייסן.

אין איינעם פון די הייזער אויף מילא־גאַס האָט דער הויז־קאָמיטעט פאַראָרדנט, אַז קיין נייער לאָקאַטאָר טאָר זיך נישט אַריינציען, כל־זמן ער האָט נישט איינגעצאָלט 20 זל. זאַלאָג. דאָס געלט איז אַ מין אַסעקוראַציע אין פאַל פון טויט זאָל דער ה. ק. נישט האָבן קיין שוועריקייטן מיט פּטור ווערן מיטן מת.

14 נאָוועמבער 1941

מיט נאָוועמבער 41. עס האָבן זיך שוין באַוויזן די ערשטע פּרעסט און דער עולם ציטערט פאַר קעלט. די שרעקלעכסטע זאַך דאָס זיינען פרירנדיקע קינדער. קינדערלעך מיט נאַקעטע פיס, נאַקעטע קני און צעריסענע מלבושים, וואָס שטייען שטום און וויינען. היינט דעם 14 אין אָוונט האָב איך אין אָוונט געהערט יאָמע[ר]ן אַ קליין ווערעמל פון אַ 4—3 יאָר. דאָס קינד וועט מסתמא נאָך עטלעכע שעה געפונען ווערן אין דער פרי אַ געפרוירענעס. נאָך אין אָקטאָבער, ווען עס איז געפאַלן דער ערשטער שניי, זיינען אין פאַרשיידענע היילן פון אַ ריי חרובע הייזער אויף טרעפּ געפונען געוואָרן אַ 17 געפרוירענע קינדער. בכלל ווערן געפרוירענע קינדער אַ מאַסן־דערשיינונג. די פּאָליציי זאָל עפענען אויף נאָוואָליפּיע 20 אַ ספּעציעלע אַנשטאַלט, ווו קינדער פון דער גאַס זאָלן געזאַמלט ווערן. דערווייל אָבער זיינען קינדערשע מתים און קינדערשער געיאָמער די שטענדיקע באַגלייט־דערשיינונג פון דער געטאָ. דער עולם דעקט צו די געפרוירענע קינדער מיט די פּראַכטפולע פּלאַקאַטן פון „חודש פון קינד" — מיט דער אויפשריפט: — אונדזערע קינדער מוזן לעבן — דאָס קינד איז די הייליקסטע זאַך. דער עולם וויל דערמיט אויסדריקן זיין פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס דער „צענטאָס" טוט גאָרנישט אויפצוזאַמלען די דאָזיקע קינדער און ראַטעווען זיי פון טויט. באַזונדערס ווען עס איז באַוווסט, אַז דער „צענטאָס" האָט שוין צונויפגענומען פון באַשטייערונגען (פון פּאָסטאָפּצאָלן פון ברויטקאַרטן א. א.) כמעט אַ מיליאָן זל. דער חודש פון קינד איז געפירט געוואָרן מיט אַ ריזיקער רעקלאַמע — אויף פּלאַקאַטן (יעדע 2 — 3 טעג אַ נייער) האָט מען אויסגעגעבן אַ מטמון מיט געלט, זייער איינגעגעבענע קאָנצערטן און אונטערנעמונגען. ער האָט אָבער נישט דערגרייכט צו דער ייד[ישער] געזעלשאַפט. עס זיינען נישט אויפגערודערט געוואָרן די הויז־קאָמיטעטן, וועלכע האָבן טאַקע געגעבן אַ לעכערלעכע סומע פון

[313]) די ידיעה איז נישט קיין ריכטיקע. זינט סעפּטעמבער 1942 האָט רומקאָווסקי אַליין געגעבן חופה וקידושין.

אַ 50 טויזנט זל. דערביי האָבן כמעט אַזויפיל באַטראָפן די הוצאות. נאָך אַ זאַך האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן ביי דער האָזיקער אַקציע: די עקל־האַפטע הכנעה פאַר דעם געלטגעבער, פאַר דעם קהלה־פּרעזעס, וועלכער איז דורך ד״ר וויעליקאָווסקי אויף דער דערעפענונגס־אַקאַדעמיע געקרוינט געוואָרן אַלס ערשטער בירגער פון דעם יידישן פערטל. אויף צו קרוינען עפּנטלעך אַזאַ לא יוצלח ווי טשערניאַקאָוון אַלס ערשטן בירגער דאַרף מען אַ סך מוט און הכנעה. דאָס זעלבע האָט מען געטון ביי אַנדערע גע־לעגנהייטן און אַזוי אַרום האָט מען געפונען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון דעם פּרעזעס.

אַנדערש איז מיט דער ייג״א. די האָזיקע געזעלשאַפט, וואָס האָט אויס־געבויט די הויז־קאָמיטעטן און בכלל געוועקט די גאַנצע ייד[ישע] געזעל־שאַפט צו דער הילפסאַרבעט, איז אַ דאָרן אין אויג פון די קהלה־מאַכטהאָבער, וועלכע ווילן זי דערשטיקן. די ייג״א, דערקלערן די קהלה־לייט איז די קוזשניע פון אָפּאָזיציע קעגן דער קהלה, דאָ ווערט געשמידט די שנאה קעגן דער קהלה. אמת איז טאַקע, אַז אויף פאַרזאַמלונגען פון הויז־קאָמי־טעטן ווערט שאַרף קריטיקירט די טעטיקייט פון דער קהלה אָבער דאָס איז די שולד פון דער קהלה־פּאָליטיק, פון איר בולטן קלאַסן־כאַראַקטער, פון אירע טענדענצן אריבערצוּוואַרפן אַלע שטייער־לאַסטן אויף דער אָרעמער באַפעלקערונג און באַפרייען אינגאַנצן די רייכע. די ייג״א איז די איינציקע אינסטיטוציע פון פרייען געדאַנק, ווו עס הערשט אַן אויפריכטיקע קריטיק פון דער קהלה און אירע מעשים תעתועים. דער אָנקומענדיקער ווינטער טרעפט זייער די ייד[ישע] באַפעלקערונג. עס פעלן 3 זאַכן: קוילן, גאַז, עלעקטריע. קוילן ווערן פאַרטיילט דורך דער טרויעריק באַרימטער באַ־הייצונגס־קאָמיסיע פון דער קהלה, פאַרשטיי זיך, נאָר פאַר קהלה־לייט און פאַר אייגענע. דאָרט הערשן לויטער משומדים, ווי קראַמשטיק א. א. וועגן באַזאָרגן די הייזער מיט קוילן אויף צו דערוואַרעמען לכל הפחות איין דיי־רה אין אַ הויז, האָט מען אינגאַנצן נישט געטראַכט. איבעריקנס האָט מען מורא פאַר עפּידעמיע, זאָל דער אָרעמאַן בעסער שטאַרבן פאַר קעלט. אין די דירות פעלט גאַז און אויך עלעקטריע איז זייט עטלעכע וואָכן פאַראַן נאָר אין באַשטימטע שעהן פון 10 אָוונט ביז 7 פרי. עס קומט דעריבער אויס, אַז דער רוב באַפעלקערונג און דאָס נישט דווקא די אָרעמסטע האָט נישט קיין גלאָז הייס וואַסער. עס ווערט דעריבער זייער ברענענד די פראַגע פון פאַרטיילן צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג פון הייס וואַסער.

דער מאַנגל אין עלעקטריע אַ גאַנצן טאָג האָט געצוווּנגען העם רוב ייד[ישע] אונטערנעמונגען איבערצוגיין צו נאַכטאַרבעט. אַ טייל אַנשטאַלטן, ווי למשל, פריזיר־אַנשטאַלטן, האָבן זיך געמוזט שליסן. די מעשה מיט עלעקטריע האָבן אויסגענוצט אַ טייל אַפעריסטן אויף צוצוזאָגן, אַז נאָך אַ געלט־זאַמלונג פאַר דער עלעקטראָווניע וועט זיין ליכט. אַזוי האָט געטון למשל לעשנא 24, אָבער נאָך אַ טאָג צוויי איז דאָס ליכט ווידער פאַר־שוווּנדן, אָבער דאָס איינגעצאָלטע געלט האָט מען פאַרשטייט זיך נישט

אומגעקערט. דאָס פאַרקלענערן דעם עלעקטרישן שטראָם האָט אין ערשטן מאָמענט אַרויסגערופן פאַרשיידענע בויך־סברות, וועלכע האָבן זיך נישט אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק. לכתחילה האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז געצילט קעגן געטאָ. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז אויך אַ טייל אַרישע ראַיאָנען זענען דערמיט געטראָפן. אַנדערע האָבן עס דערקלערט מיט סאַבאָטאַזש — דאָס איז אָבער נישט ריכטיק, אַנדערע ווידער האָבן אויסגעטראַכט[314] מיט נאָכנאַנדיקע גנבות פון שטראָם, פון אַ מיליאָן קילאָוואַט. אָבער סוף כל סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סיבה איז אַ פשוטע [—] אָפּשפּאָרונגען.

אין טאָג פון 11 נאָוועמבער[315] זיינען אייניקע שעה אויף די פרייהייט־דענקמעלער געווען פוילישע פענדלעך. אויך אויף פּאָניאַטאָווסקי־דענקמאָל, וואָס ווערט דאָך געהיטן דורך אַ שומר, איז עטלעכע שעה געווען אַ פענדל, דאָס זעלבע אויפן דענקמאָל פון די פליער א. א.

22 נאָוועמבער 1941

דער טויט־אורטייל, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן איבער 8 יידן, דערונטער 6 פרויען, האָט אויפגעציטערט גאַנץ ווארשע. מיר האָבן פאַרשיידענע זאַכן איבערגעלעבט אין ווארשע און אין אַנדערע שטעט, באַזונדערס אין ליטע, ווו עס קומען פאָר מאַסן־עקזעקוציעס. אָבער דאָס אַלץ פאַרבלאַסט לגבי דעם פאַקט, וואָס מען האָט 8 מענטשן דערשאָסן דערפאַר, וואָס זיי האָבן איבערגעטרעטן די שוועל פון געטאָ. די ידיעה וועגן דעם, אַז מען גרייט זיך אַרויסצוגעבן אַ געזעץ צו שיסן פאַר אַרויסגיין פון געטאָ, האָט זיך פאַרשפּרייט בשעת דעם לעצטן אויפהאַלט פון פראַנק אין ווארשע. דאָס זאָל זיין דער פּראָיעקט פון אוערסוואַלדן, ווען די יידן האָבן פון אָנהויב געהאַלטן פאַר אַ פריינט און פאַר אַ אָרנטלעכן מענטש. דער אורטייל איבער די 8 פּערזאָן איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער יידישער תפיסה אויף גענשע 24. לכתחילה האָט מען פאַרלאַנגט די יידישע פּאָליציי זאָל אויספירן דעם אורטייל און די ראַדצעס[316] זאָלן זיין אָנוועזנד דערביי. מען דערציילט, אַז שערינסקי האָט דערקלערט דעם קאָמענדאַנט פון דער פוילישער פּאָליציי פּשעוואָרסקי, אַז ער וועט אויספירן דעם אורטייל, אָבער 15 מינוט נאָכדעם וועט ער באַגיין זעלבסטמאָרד. אַנדערע זאָגן, אַז שערינסקי האָט דערקלערט, אַז אויב עס דראָט אים דערשאָסן צו ווערן אין פאַל פון נישט אויספירן דעם אורטייל, וועט ער נאָטירלעך דעם אורטייל נישט אויספירן. דער פאַקט איז, אַז דעם אורטייל האָבן אויסגעפירט פוילישע פּאָליציאַנטן. א טייל זאָגן,

---

314) ווארשיינלעך דאַרף אָנשטאָט אויסגעטראַכט זיין — אויסגעטייטשט.

315) דעם 11 נאָוועמבער איז געווען דער נאַציאָנאַלער טאָג פון פוילן (דעם 11 נאָוועמבער 1918 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקע פוילישע מלוכה נאָך קנאַפּע הונדערט פופציק יאָר שקלאַפעריי).

316) ראַטמענער פון יודענראַט.

אַז די קאַנדידאַטן האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן [317]. אַלע הכנות האָבן אָבער געמוזט מאַכן דער יידישער אָרדנונגס־דינסט. די אָרדנונגס־מענער האָבן אַרויסגעפירט יעדן באַזונדער פון דער צעלע, צוגעבונדן צו אַ סלופּעק און דערנאָך פאַרבונדן די אויגן. אוערסוואַלד האָט זיך צו דער עקזעקוציע פאַרשפּעטיקט — ער האָט געזאָגט „שאַדע, צו שפּעט". עס האָבן בייגעוווינט די עקזעקוציע אייניקע אָפיצירן פון ס. ס., וועלכע האָבן געררייכערט פּאַפּיראָסן און ציניש זיך אויפגעפירט בשעת דער עקזעקוציע. מען זאָגט אויך, אַז לייסט איז געווען בשעת דער עקזעקוציע. פון יידן: שערינסקי, לעדערמאַן און לייקין, וועלכער זאָל זיך האָבן אויסגעצייכנט מיט שטאַרקן אמפּער ביים שלעפּן די פאַראורטיילטע פון די צעלן. דער פּראָקוראָר האָט אַדורכגעלייענט דעם אורטייל און דערנאָך איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע. די גאַס איז געווען שוואַרץ פאַר דער תּפיסה. עס האָבן זיך געהערט געוואַלדן פון די קרובים. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן האַלב אַכט אין דער פרי דינסטיק. פון די 6 פרויען איז איינע געווען אַ בעטלערין, איינע אַ מוטער פון 3 קינדער, איינע אַ 16־יעריקע, וועלכע האָט שרעקלעך היסטעריזירט פאַר דער עקזעקוציע. עס איז אויך אָנוועזנד געווען דער רב ווייַנבערג, וועלכער האָט מיטגעבראַכט אַ צוואה פון איינעם פון די פאַרמישפּטע מאַנסבילן. מען זאָגט, אַז די פאַראורטיילטע האָבן זיך רואיק געהאַלטן. אין דער גאַס האָבן זיך באַוויזן רויטע פּלאַקאַטן פון אוערסוואַלדן וועגן דעם טויט־אורטייל [318]. כאַראַקטעריסטיש, אַז אַלע 8 זענען געכאַפּט געוואָרן דורך פּוילישע פּאָליציאַנטן. איינע אַ פרוי האָט פאַרלוירן איר לעבן צוליב 100 זל. זי האָט געוואָלט געבן דעם פּאָליציאַנט נאָר 50 זל. און יענער האָט פאַרלאַנגט 100 זל. איינער פון די צוויי יידן איז געווען אַ גלעזער, וואָס האָט מפרנס געווען זיין פאַמיליע פון אַרבעט אויף יענער זייט. איצט זענען אַרעסטירט 400 יידן, דערפון זענען שוין 20 דורכן געריכט פאַרמשפּט צום טויט. מען זאָגט, אַז אויך צווישן די דייטשן האָט דער אורטייל אַרויסגערופן אַ גרויסע באַוועגונג. יעדנפאַלס זענען אַזעלכע פאַלן פון שיסן פאַרן פאַרלאָזן דאָס געטאָ אינגאַנצן אומבאַקאַנט. דאָס איז דער ערשטער פאַל פון דעם מין אין דער געשיכטע.

די גאַנצע מעשה, ווי בכלל די דראָונג מיט טויט־־אורטייל האָט אָבער [אַ] קנאַפּע ווירקונג אויפן שמוגל, וועלכער דויערט ווייטער מיט אַ נישט פאַרמינערטער קראַפט. יידישע שמוגלערס קריכן אויך ווייטער איבער די ווענט, ווייל אָן שמוגל, דערקלערן זיי, זענען זיי פאַרמשפּט צום טויט. דעריבער מערקט זיך אויך נישט קיין יקרות אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם טויט־

---

317) דער אויספירער פונעם אורטייל איז געווען דער פּוילישער פּאָליציאַנט וויקטאָר זאַלעק, וועלכער האָט זיך געמאָלדן פרייוויליק. ער איז געשטעלט געוואָרן צום שאַנד־סלופּ אין דער מערהייט פון דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע.

318) דער היטלערישער געטאָ־קאָמיסאַר הייגץ אוערסוואַלד האָט וועגן אויספירן דעם טויט־אורטייל געמאָלדן אין דער באַקאַנטמאַכונג פון 17 נאָוועמבער 1941.

אורטייל. דער שמוגל בליט און וועט בליען כל־זמן עס זענען אין דעם פאַר־אינטערעסירט די דייטשן.

די ערשטע קעלטן האָבן געמאַכט זייער א שווערן איינדרוק. אויף די גאַסן טרעפט מען כסדר פאַרפרוירענע קינדער. מען זעט גיין אין גאַס קינ־דער אָן שיך מיט נאַקעטע פאַרפרוירענע פיס. היינט, דעם 22 נאָוועמבער געזען אויף נאָוואָליפּקי א יינגעלע טאַנצן מיט נאַקעטע פיס פאַר קעלט. דאָס בילד פון נאַקעטע מענטשן און קינדער מאַכט א דערשיטערנדן איינדרוק און דאַך האָט מען אויסער דעם פאַרהאַלטונגס־פונקט פאַר קינדער גאָר־נישט פון דעם מין געשאַפן.

פאַרוואָס די „ווינטער־הילף" האָט פאַרשפּעטיקט? איינע פון די סיבות איז טאַקע די איבעריזידלונג. אָבער די וויכטיקסטע, וואָס די קהלה וויל פאַר יעדן פּרייז ליקווידירן העם זש. ט. אָ. ס. און דעריבער וויל זי נישט, אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע זאָל האָבן וועלכן נישט איז שייכות צו דער אַקציע. דעריבער ווערט דערוויל גאָרנישט געטאָן, הגם עס איז שוין יעצט סוף נאָוועמבער.

23 נאָוועמבער 1941.

23.11, היינט געקומען א יונגערמאַן פון ארבעטסלאַגער. נישט האָבנדיק פון וואָס צו לעבן האָט ער באַשלאָסן זוכן גליק אין דער ארישער זייט. ער האָט נישט מורא פאַרן טויט־אורטייל, ווייל אין געטאָ איז ער פאַרמשפּט צום טויט. עס הערשט איך אַלגעמיין די מיינונג, אַז די טויט־אורטיילן זאָלן האָבן א קנאַפּע ווירקונג אויף דעם אַריבערגיין אויף יענער זייט; אַזוי פאַר־צווייפלט זיינען די מענטשן.

געווען היינט אויף א פייערונג פון השומר הצעיר, אין זאל זיינען געווען פאַרזאַמלט כמעט 500 יוגנטלעכע פוןביידע מינים. דער פּראָגראַם איז גע־ווען א רייכער. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דאָס אַריינמישן פון אסך לידער, יידישע פאַרשטייט זיך, העברעיִשע, רוסישע, פּוילישע. עס איז פאָר־געקומען דער פייערלעכער אַקט פון אָננעמען אַ נייע גרופּע אין „השומר". ווען מען האָט צום סוף קאָלעקטיוו אַ געשריי געטון חזק ואמץ האָט זיך נישט בלויז דער זאַל, נאָר דער גאַנצער בנין אַ טרייסל געטון. אויף דער פייערונג איז אָנוועזנד געווען אַ פאָרשטייער פון פוילישן סקויטן־פאַרבאַנד, וועלכע האָט זיך ספּעציעל אויף דעם טאָג אַריינגעשמוגלט אין געטאָ[319]. אגב ביי [א] געלעגנהייט זיך דערוווסט, אַז א רייכסדייטש, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיטן השומר אַלס אָנ־פירער פון פויל[ישן] סקויטן־פאַרבאַנד, האָט איצט פון פראָנט אונטער

[319]) די פאָרשטייערין פון פוילישן סקויטן־פאַרבאַנד, וואָס איז געקומען אין געטאָ צום השומר הצעיר און דרור, איז געווען אירענא אדאמאָוויטש, זי לעבט אין וואַרשע.

לעניִנגראַד צוגעשיקט אַ באַגריסונג צו דער קאָנפערענץ, וואָס איז מיט אַ צייט [צוריק] פאָרגעקומען. בכלל דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די אויסערגעוויינלעכע דרייסטקייט פון די השומר־לייט. זיי מאַכן קאָנפערענצן צו וועלכע עס קומען צו גיין צופוס פאָרשטייער פון רייך, זיי פירן אַ גרויסע צוגיקע אַויפקלערונגס־אַרבעט, גיבן אַרויס אַן אָרגאַן, וואָס שטייט אויף אַ זייער — — הויך.

דער שמוגל פון פלייש אין געטאָ קומט פאָר אויף צווייערליי אופנים: לעבעדיקערהייט און שוין געשאָכטענע בהמות. לעבעדיקערהייט ברענגט מען אַריין פערד אויף אַזאַ אופן, אַז עס פאָרט אַריין אַ וואָגן מיט 2 פערד און ער פאָרט אַרויס בלויז מיט איינעם. געהערט, אַז אויף פראַנציסקאַנער גאַס קויפט מען אויף מיליטערישע זאָטלען און מען מאַכט דערפון זוילן. בכלל מערקט זיך אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג, אַז זעלנער פאַרקויפן אויס אַלעס.

24, 25 דעצעמבער 1941

מיינע ליבע!

איינע פון די כאַראַקטעריסטישע זאַכן אין געטאָ, דאָס איז דאָס אַנטשטיין פון אַ 50 וועבוואַרשטאַטן אין וואַרשע. דאָס רוב זיינען עס לאָדזשער. זיי אַרבעטן אויס פאַרשטייט זיך אומלעגאַל פאַרשיידענע צייגן, קאָלדרעס א. א. דאָס איז אַ באַווייז פון וווּנדערבאַרער צופאַסונג צו די פאַרהעלטנישן. דאָס אַרויסבאַקומען פשענדזע געהערט נישט צו די לייכטע זאַכן. דאָס יאָר וועלן נישט זיין יאַסעלקעס ווייל ישו איז אין געטאָ, די מוטער־שאַריטקע, דער היי[ליקער] יוזעף אין אָשוויענטשים, דער טייוול אין מענדעלסאָנס שטאָט [320] און דער אייזל אין רוים [321]. מען [מאַכט] אַ חשבון פון וועלכן עס ווערט פינסטער אין די אויגן: אויב מען זאָל רעכענען, אַז דורכשניטלעך גיט מען דאָ אויס אויף אויסהאַלטן אַ נפש אַ סומע פון 2 זל. אויף אויסהאַלטונג, קומט אויס, אַז אַ חודש ווערט אַרויסגעגעבן פון געטאָ 30 מיל. ווי אַזוי ווערט מען אַזוי קענען לעבן? וויפיל מאַכן אויס די געלט־רעסורסן פון [דער] ייד[ישער] באַפעלקערונג? נעכטן האָט מען ניט אַריינגעלאָזט קיין האָלץ אין געטאָ, הגם עס זיינען נישט פאַראַן קיין קוילן אין געטאָ. מען האָט היינט דעם 2 דעצ. געצאָלט צו איין זל. און מער פאַר אַ וואַרשעווער ציַיטונג, ווו עס איז געווען פאַרעפנטלעכט דער טרויעריקער באַריכט פון גראַציאַני [322],

---

320) די שטאָט פון משה מענדעלסאָן — בערלין.

321) מוסאָליני.

322) רודאָלפאָ גראַציאַני (1882—1955), איטאַליענישער מאַרשאַל, אָנגעפירט מיטן איטאַליענישן מיליטער אין ליביע, באַזיגט געוואָרן דורך די ענגלענדער אין 1940.

וועגן דער טרויעריקער לאַגע אין אפריקע. אין „פּאָלסקאַ זשיע"[323] געווען אַן אויסרעכענונג, אַז וואַרשע גיט אויס הונדערט טויזנט זל. אויף ציאַסט־קעס (קריסטן) — — — אין געטאָ מאַכן די אויסשטעלונגען פול מיט כל טוב אַ שווערן איינדרוק, בפרט, אַז הינטער זיי ליגן בעטלערס, וואָס שרייען אַרויס זייער עלנד. אין אַסך הייזער ליגן מאַסן מענטשן געשוואָלענע פון הונגער. אין די פּליטים־פּונקטן שטאַרבן יעדן טאָג אויס מאַסן מענטשן. אַ שומר האָט געפונען אונטער אַ מצבה אַ ברויט, האָט ער זיך אָנגערופן „די לייכן שיעבן זיך"[324].

—· אויפן וועג איז געשטאַנען אַן אייזל און נישט געוואָלט זיך רירן פון אָרט. עס זיינען אָנגעקומען צוויי גרויסע, רופט זיך איינער: איך האָב שוין אַ מיטל, ער איז צוגעגאַנגען צום אייזל און אים אַריינגעשושקעט אין אויער. דער אייזל איז גלייך אַנטלאָפן. וואָס האָסטו אים אַזוינס געזאָגט [—] פרעגט איינער: איך האָב פאַרגעלייגט צוצוטרעטן צו דער אקס. פינף באַ־[illegible]ע פון יודן־ראַט וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן סאקסענבערגן[325] זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים. געהערט פאָלגענדע מעשה: פאַראיאָרן האָט מען זיך געווענדעט צום ייד. ראַט וועגן גרינדן באָרדעלן פאַר יענע. נישט מסכים געווען. ווען געדראָט אים[326] מיט מיתה, געענט־פערט, אַז אַלס אינזש[יעניער] ווייס ער גוט דעם צוזאַמענשטעל פון סם. די זעלבע תשובה בשעת מען האָט אים פאָרגעלייגט, אַז יידן זאָלן גרינדן אַ חברה שומרים פאַר דער פוי[לישער] אומהאָפּהענגיקייט־באַוועגונג. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ייד[ישע] צוקערניקעס קויפן ציאַסטקעס — פון יענער זייט ביי גאַגאָלעווסקין[327] א. א. א פאָלקס־ד[ייטש] האָט אַ פּשעפּוסטקע דערויף. אַזוי אַרום גייט אַ מאַסע געלט אין דרויסן, ייד[ישע] שומרים מינ־דלעך געהייסן אַרויסנעמען די ציאַסטעס פון די שויפענסטער. עס גייען אַרום פאַלשע קלאַנגען, אַז יענע וואָך זאָלן אויף דער נייער־וועלט האָבן געווען דעמאָנסטראַציעס מיט אַנטי־יידישע אויפשריפטן מיט דער פאָדערונג צו באַזייטיקן די יידן פון וואַרשע. אַ געוויסער בונדיסט[328], האָט זיך פאַ־ראַיאָרן געשמוגלט אויף יענער זייט, האָט אים אַן אשכנזישער איש־חייל ביי דער גרענעץ געטרייסלט און געשריגן: איר זייט 17 מיליאָן, פאַרוואָס האָט איר נישט קיין פאָטערלאַנד. פאַרוואָס זייט איר דערגאַנגען צו אַזאַ

---

323) זע הערה 279 (1940).

324) דייטש: די מתים באַוועגן זיך.

325) א טעות. עס דאַרף זיין זאַקסענהויז.

326) טשערניאַקאָוו.

327) א פּאָפּולערער פּוילישער צוקערוואַרג־געשעפט און קאַפע־הויז אין וואַרשע.

328) וואַרשעווינער [?] געמיינט די בונדישע טוערין פון לובלין בעלא שאַפּיראָ, וועלכע איז אַוועק אין די סאָוויעטישע געביטן סוף 1939 און געקומען צוריק. זי האָט דערנאָך באַזוכט וואַרשע אין דזשווינט־ענינים. זי איז אומגעקומען אין מאַידאַנעק.

מדרגה. ווען יענער האָט פאַרגעוואָרפן אַ ייד פון אַ קליין שטעטל הלמאי צוליב אים איז די מלחמה, האָט ער געענטפערט, אַז מען האָט אים נישט געפרעגט. אין די לעצטע טעג ווערן יידן צווישן 2—3 געשלאָגן דורך יענע. אויפן וועג צום פּאַוויאַק שטייגן זיי אויס פון אויטאָ און שלאָגן מיט ראַפּניקעס אַדורכגייענדע יידן. לעשנאָ 13 רימט זיך, אַז ביי זיי אַרבעט אַ באַקאַנטער פּראָפעסאָר פון כעמיע. זיי פאַרנעמען זיך מיט ליקווידירן יידן[ישע] פאַרמעגנס אויף יענער זייט: איין דריטל נעמט דאָס ביוראָ, איין דריטל יענע און אַ דריטל דער בעל־הבית. מען זאָגט, אַז בשעת דער תפילה היינט ביינאַכט 25 דעצ. זאָל דער גלח האָבן געזאָגט, אַז די משומדים זאָלן זיך אָפּזאָגן פון די יידן. די יידן[ישע] פּאָליציי האָט געהאַלטן די אָרדנונג. איינע פון די פראַגן, וועלכע מען פרעגט יידן אויף יענער זייט איז וויאַזוי זעט אויס די יידן[ישע] פּאָליציי, וויאַזוי האַלט זי אָרדנונג וכדומה. אַ קריסטל[עכער] פּאַציענט אַרויסבאַקומען אַ פּשעפּוסטקע און געקומען צו זיינע יידן[ישע] דאָקטוירים. געזאָגט אים אַז 99 פּראָצענט קריסטן זיינען צופרידן פון איצטיקן צושטאַנד. זיי האָבן פאַרריכט די יידן[ישע] געוועלבער פון יענער זייט, געמאַכט זיי פיין און פול מיט סחורה. דער שומר האָט אַ יהודי פון קראָקע, וואָס איז לויט פּאַפּירן אַ גוי און יענער פירט פאַנאַנדער זייער סחורה. אַ. גאַנצוויך פון לאָדזש, וואָס דיריגירט מיט לעש.13 האָט אין מעלאָדי־פאַלאַס געהאַלטן אַ רעדע וועגן חנוכה, ווו ער האָט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אויסדויער און צופּאַסונג. ער איז מערינס אַ קרוב און דערקלערט, אַז ער וויל גיין אין זיינע דרכים און גוטס טון די יידן. דעם הייניטיקן חנוכה האָט מען אומעטום געפייערט מיט גרויסע התמדה. הונדערטער קינדער־פאַרשטעלונגען און אָוונטן זיינען פאָרגעקומען אין וואַרשע. עס ווערט אָפּט דיסקוטירט די פראַגע פון אַרויספאָרן פון די אָנפירער פון אינסטיטוציעס און אַנטשטאַלטן, וואָס זיינען אין דער ערנסטער צייט אַוועקגעפאָרן, איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר. דאָס ביכל פון חמשה עשר אַלפים פון איין אינסטיטוציע. באַזונדערס ווערט קריטיקירט די האַנדלונג פון אַרב[עטער] ריכטונגען. דערוווסט זיך אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן שמאַטעס האַנדל. די זאַמלער דער רוב פון די מיסטקאַסטנס אָדער פון די ערטער, ווו שמאַטעס ווערן אַרויסגעוואָרפן (אויסער דער שטאָט) זיינען קריסטן, די אויפקויפער זיינען יידן. זיי זיינען מחויב אָפּצוגעבן די געזאַמלטע שמאַטעס אַ ווינער פירמע, וועלכע האָט דעם מאָנאָפּאָל אין גאַנצן לאַנד[329]. עס ווערט באַשטימט אַ געוויסער קאָנטינגענט, וועלכן יעדער מוז צושטעלן. דער סוד פון האַנדל באַשטייט אין דעם, אַז מען פאַרקויפט הינטערוויילעכץ גרעסערע סכומען פאַר וועלכע מען נעמט אַ סך העכערע פרייזן ביז 10 מאָל העכערע, למשל פאַר אַ קילאָ שמאַטעס 40 גר. אין האַנדל 4 זל. געהערט אַז די לאָדזשער שמאַטעס־הענדלער האָבן געמאַכט גרויסע פאַרמעגנס. איינער קומט

329) די דייטשן האָבן געגעבן די יידן ציגייַנישן צו זאַמלען שמאַטעס און אָפּפאַלעכנס פאַר דער פירמע ראָשטאָפּערפאַסונג.

זיי קלייבן אויס אַלטע מאַשינען, שרויפן וכדומה און פאַרקויפן עס נישט צו דער פרוי צו פאָרן מיט אַן אייגענעם אויטאָ קיין וואַרשע. ער לאָזט איבער אין קהלה גרעסערע סומעס. דער מעטאַל זאַמלער פאַרדינט דערמיט, וואָס אויף דער וואָג נאָר אויפן שטיק.

היינט דעם 26 דעצ. האָט מען ווידער געשלאָגן צווישן 2 — 3. אין דער קירך אויף לעשנא איז דער גלח אַ משומד פודער, באַקאַנט דערפון וואָס מען האָט אים (אָ.נ.ר.) געשלאָגן פאַר דער מלחמה. אָבסערוואַטאָרן פאַרציילן, אַז עס גייט אין דער קירך אַ פשוטער המון טרעגערס וכדומה. אַ גאַנצע ריי פון ייד[ישע] פּאָליציאַנטן היט אָפּ, מען זאָל זיי ביט טשעפּען. אין גריצע האָט יעדער ייד דרייערליי בלעכלעך, וואָס באַדייט זיין באַציונג צום אַרבעטס־דינסט. דעם 17 איז פאָרגעקומען אַ באַראַכאָוו אַקאַדעמיע. מען האָט געלייענט די שבועה, נישט געזונגען, מען זאָל נישט הערן אין גאַס. גאַנצווייך [זאָגט] צו שאַפן אַ מעדיציניש־היגיענישע קאָמיסיע. ער וויל מאַכן קאָנקורענץ דער קהלה. ער ווערט געשטיצט פון די גאַ[לעען]. איינער אַ [דייטש] דורכפאָרנדיק געזעען יידן אַרבעטן אין גראָכאָוו[330], געקומען אין דער קהלה מלא חמה: ס'טייטש [יידן] דערוועגן זיך עפּעס צו באַזיצן. מען זאָגט אַז די לעצטע טעג געווען דעמאָנסטראַציעס קעגן יידן אין וואַרשע. [לעצטנס] דיסקוסיע [וועגן] חילוק פון דער באַציאונג פון יידן צו דער אָקו[פּאַציע] פון 1916 און היינט. דערמלט די וואָס געגאַנגען מיט זיי רעפּרעזענטירט אַ שיטה, די דאָזיקע אָנהענגער פאַרגעסן זייער — — (א. א.), געשטאָרבן אַ סוחרים־טוער גראַף[331]. ר' מאיר[332] געהאַלטן אַ דרייסטע רעדע. קריסט־[לעכע] — — זיך אַדורכגעשמוגלט געקומען צו דער לויה, געטראָגן דעם ארון, געזאָגט: גייט אַריבער און — — דערציילט דאָרט וועגן די צרות וואָס מיר שטייען אויס.

אָנגעקומען צו אייטעם אַ קאַרטל פון אויסלאַנד, אַז זיין טאָכטער געבוירן אַ קינד, נישט געוווסט וואָס דאָס קען באַ[טייטן], [געפרעגט] אין גאַנץ וואַרשע, ביז עס איז אָנגעקומען אַ צווייט קאַרטל אַז די טאָכטער האָט [חתונה גע]האַט און געבוירן אַ קינד.

די געשלעגן אַרום 2 זיינען שולצס[333] מעשים. די פאַראָרדנונגען גייען לעצטנס אַרויס אין יידיש און דייטש. פאַר די אַסימילירטע איז עס אַ שווערע הלכה באַזונדערס ווען זיי קענען נישט יידיש און נישט דייטש. יזכור —

---

330) די חלוצישע הכשרה־פערמעס אין גראָכאָוו און טשערניאַקאָוו זענען ליקווידירט געוואָרן אין דעצעמבער 1942. די חלוצים, אין צאָל פון 150, זענען געקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

331) דאָס איז געווען יעזשי גראַף, א מיטגליד פון יודענראַט.

332) פּראָפ' מאיר באַלאַבאַן.

333) עס זענען געווען אין וואַרשעווער געטאָ צוויי דייטשישע פאַבריקאַנטן מיטן נאָמען שולץ — קאַרל געאָרג און פריץ. די געשלעגן פלעגן פאָרקומען אַרום 2 אַזייגער ביי טאָג.

די נייע פּאָעמע „עיר השחיטה" [334]. עס וואַקסן די צוקערניעס יעדן טאָג. דער געוועזענער בעל־הבית פון דער לאָדזשער „אַסטאָריע", וואָס איז געווען באַרימט דערמיט, וואָס ער האָט זיך געפּרעגט, צי רמ״בם עסט בײַ אים קאָלאַציע, האָט אויך געעפנט אַן אַנשטאַלט. אין אָטוואָצק זאָגט מען, וועט מען פאַרדריטעווען דאָס געטאָ. פראַנק זאָל האָבן דערקלערט אין זיין לעצטער רעדע, אַז ער האָט אַנטשולדיקט זיך הלמאי ער האָט נאָך נישט פאַרטיליקט די מיז און די יידן, ער וועט עס אָבער אין גיכן טון. דער פּאַסוס איז אָבער נישט געווען אין דער וואַר[שעווער] צײַטונג. ניינציק פּראָצענט פון די לעזער פון דײַטשע צײַטונגען אין וואַרשע זײַנען יידן, פּאָליאַקן בויקאָטירן זיי [335]. ייד[ישע] בריווטרעגער טראָגן פונאַנדער בריוו, זיי באַקומען שכר־הליכה 20 גראָשן פון יעדן בריוו. קיין פּענסיע באַקומען זיי נישט. דערווײַלע זײַנען אויף דער ייד[ישער] פּאָסט געלעגן בריוו 8 טעג. אין דער טראַנספּערשטעלע האָט מען געמוזט קויפן טײַערע פּערסישע טעפּיכער. די קהלה האָט געמוזט אײַנאָרדענען אַ גרעסערע צאָל קאַנטינעס און וואַרשע. טראַנספּערשטעלע האָט געקאָסט הונדערט טויזנט זל. אין טאָמאַשאָוו מ[אַזאָוויעצקי] האָבן 6.000 אשכנזים אַרײַן אין געטאָ און צוגענומען אַלע פּראָדוקטן, סחורות, געלד, גאָלד, וואַליוטע. איבערגעלאָזן אין אַ דירה נאָר אַזויפיל מאַנטלען וויפל געווען דאָרט מענטשן. אויף גענשע 27 האָט אַ 15 יאָריקער בחור, וועלכן מען האָט געצאָלט וואָכנגעלט און פאַרלאַנגט יעדן טאָג מער (לעצטנס 15 זל. פאַרלאַנגט 25 זל.), געבראַכט יענע. מען האָט אייניקע שעה בודק געווען, צוגענומען געלט, וואַליוטע און פּראָדוקטן. די שפּיל מיט די לאַנגע ראַפּניקעס דויערט ווײַטער. יעדן טאָג אַזייגער 2 — 3. דער הויפּט־מאַכער איז שולץ מיט זײַנע חברים. חנוכּה האָט מען אומעטום געפּײַערט מיט גרויס התמדה. אין די הייף האָט מען מכבד געווען מיט אָנצינדן דאָס ערשטע ליכטל די אָנגעזעענע לײַט פון הויף. אומעטום האָבן אין די פענסטער געברענט חנוכּה לעכטלעך אַפילו אויף שיעננא. געהערט אַ שיינע דרשה פון ר׳ יצחק, אַז חנוכּה איז דער יום־טוב ווען דער טאָג הויבט אָן בײַצוקומען די נאַכט, דער טאָג אָבער איז געקאָוועט דורכן פראָסט. פּורים איז דער מאָמענט ווען דער טאָג באַפרייט דורכן פראָסט קומט בײַ די נאַכט. פּסח איז דער פרילינג ווען עס זיגט דאָס גוטע איבערן שלעכטן. סלאָנינאַ איז לעצטנס אַזוי פּאָפּולער בײַ יידן, אַז דער רב קאַנאַל האָט בײַם געבן אים פּסק־געלט 7 זל. אַ זאָג געטון: גיט מיר 7 זל. און סלאָנינאַ קאָסט הײַנט 18 זל. אַ קילאָ. יידענעס מיט שייטלעך פאַרקויפן אויף דער קראָכמאַלנע סלאָנינאַ.

---

334) זע הערה 3.

335) די יידן האָבן געלייענט די דײַטשישע פּרעסע, ווײַל זייענדיק אָפּגעריסן פון דער וועלט האָבן זיי געזוכט צווישן די שורות נײַעס וועגן דער אמתער לאַגע אויף די פראָנטן.

סוף 1941

אין די שאָפּן קומען צוגעשניטענע מיליטער־אָנצוגן, ווי אויך די אַנט־שפּרעכנדע צאָל פּאָדעם. מען קען פאַרדינען נאָר ביי דער אַרבעט.

לויט די אויסרעכענונגען פון פּראָפעסאָר הערש[336] זענען בשעת יענער מלחמה אויסגעשטאָרבן 45 מיליאָן נייטראַלע. ווער ווייסט וויפל עס וועלן אויסשטאַרבן איצט, ווען דער הונגער האָט אַרומגעכאַפּט אַלע אָקופּירטע לענדער.

איקאָר[337] האָט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע ריי מוסטער־הייף, ווי אַלץ ווערט געפירט אין יידיש. אַ פיינער איינס פון די וואַרשעווער גבירים־חזירים איז ה׳ בערגמאַן, וועלכער האַלט אויס זייט חדשים 42 מענטשן מיט טאָג־טעגלעכע מיטאָגן.

פון דעם פאַרדינסט 6 זל. אַ טאָג פאַר די אַרבעטער אין די שאָפּן נעמט די קהלה אַראָפּ 5%. די טראַספּערשטעלע 10 פּראָצענט.

די פּליטים פון די פּונקטן קאָכן די קאַרטאָפל־שאָלעכץ. מען ווערט דער־פון געשוואָלן.

געהערט, אַז די, וואָס אַנטלויפן פון וואַרשע אין אַנדערע שטעט, וואַנ־דערן פון אָרט צו אָרט, ווייל אומעטום איז דער יקרות געוואָרן זייער גרויס. אין לובלין קאָסט שוין אַ קילאָ קאַשע ביז 20 זל.

סוף 1941

מיט וואָס צילט גאַנצוויך? איינס ווייסט מען, אַז ער שרייבט וועכנטלעכע באַריכטן וועגן דעם געטאָ[338]. איינעם אַזאַ באַריכט האָט מען אַפילו געזען. דאָרט האָט זיך גערעדט וועגן די פּאָליטישע שטימונגען אין געטאָ. עס איז אויך פאַראַן אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען אין געטאָ, ווו עס איז, למשל, וועגן אגודה דערמאָנט געוואָרן, אַז זיי פירן אומלעגאַלע חדרים וכדומה. וואָס איז דאָרט געשריבן וועגן די לינקע פּאַר־טייען, איז נישט באַוווסט, עס איז אויך באַוווסט, אַז גאַנצוויך האָט אָנגע־שריבן אַ בוך: אַ יאָר געטאָ[339]. דער טעקסט איז אָבער נישט באַקאַנט.

זאַיב גאַנצוויך זוכט ריינינונג ביי דער ליטעראַטור און קונסט, זוכן קאָן און העלער ביי דער פרומער וועלט. זיי גיבן אויף חדרים און ישיבות, שטיצן רבנים און אַנדערע כלי־קודש. מענטשן האָבן געזען לויב־געזאַנגען

---

336) הערש פּסח־ליבמאַן (1882—1955), פירער און טעאָרעטיקער פון „בונד“, דעמאגראַף און סטאַטיסטיקער. פּראָפעסאָר פון זשענעווער אוניווערסיטעט.

337) יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע.

333) געוויסע וועכנטלעכע באַריכטן פון גאַנצוויכן געפינען זיך אין אַרכיוו פון וואַרשע און וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט.

339) גאַנצוויכס יערלעכער באַריכט איז פאַראַן אין אַרכיוו פון ייד. היס־טאָרישן אינסטיטוט.

פון געריער רבינס ברודער מאיר אלטער פון פאביאניץ לכבוד קאן און הע־לעני. זיי זוכן אויך רייניקונג אין פאטראנאטן, קינדער־אינטערנאטן וכדומה, וועלכע זיי וואַרפן צו פון צייט צו צייט עטלעכע הונדערט זל. אמאל א טויזנ־טער. קיין צופיל געלט אויף אזעלכע צוועקן וואַרפט מען נישט אַרויס, אָבער אפשר דאך וועלן די ברכות פון די פרומע יידן העלפן, אויב נישט אויף דער זינדיקער וועלט, איז דאך אויף יענער וועלט. זיי האבן אייגענע האָ־לעס אויף לעשנא, פערד־אמניבוסן, קאנצעסיעס פארשיידענע וכדומה. אחוץ דעם האבן זיי געמאכט מיליאנען דורך דעם אראפברענגען קיין ווארשע הונ־דערטער פליטים פון לאדזש נעמענדיק פון א קאפ 5.000—3.000 זל. מען זאגט, אז קאן און העלער זיינען זייער סאליד אין געשעפטן. אויב זיי זאגן צו עמעצן צו באפרייען פון תפיסה פאר געלט, נעמען זיי דאס געלט נאר אין פאל פון באפרייונג, מיט איין ווארט — גנבישע עטיק.

דעצעמבער 1941

די מעשה עלעקטרי האט שטארק געטראפן די יידישע באפעלקערונג פון געטא אין נאוועמבער און דעצעמבער. אין א שיינעם פרימארגן האט מען, און שום ווארנונגען, פארפעלט שטראם אין געטא. קודם האט פאר־פעלט פון 7 פרי ביז 10 אין אוונט, דערנאך האט אינגאנצן אויפגעהערט. אן אויסנאם זענען די רייכע ה[ייזער, וואס האבן] איינגעצאלט פארשיי־דענע כמיבערס געלט און באקומען תיכף שטראם. דער אפצאל איז א פאר־שיידענער, פון 1.100 זל. און העכער. טיילמאל טרעפט, אז נאכן באצאלן איינמאל, דארף מען באצאלן א צווייט מאל און א דריט מאל. עס איז פשוט נישט צו פארשטייך, ווי אזוי דאס אלץ געשעט. אבער אין געטא זענען דא א סך אומפארשטענדלעכע זאכן. דער מאנגל אין עלעקטרי האט רואינירט גאנצע ווירטשאפטס־צווייגן, ווי מילעכלעך, פאבריקלעך, וכדומה. קארביד איז שרעקלעך געשטיגן — ביז 9 זל. א קילא, טאפט ביז 24 זל. א קילא דאס זעלבע ליכט — 27 זל. א קילא. דעם גרעסטן דערפאלג האט קארביד. דער מאנגל אין ליכט האט אוועקגעלייגט די גאנצע געזעלשאפטלעכע אר־בעט. פארזאמלונגען פון הויז־קאמיטעטן איז זייער שווער צונויפצורופן — דאס זעלבע פארזאמלונגען אין רעווירן.

סוף 1941[340]

די פע[סימיסטן]

און דערציילן א וויץ:
האסט געהערט בערל — —

340) מאשין־קאפיע. דער ערשטער פראגמענט פון דער וויטערדיקער נאטיץ איז צעשטערט און נישט לייענבאר.

ענטפערט אים שמערל: וואש — —
טונג, נישט מער ווי אַ מאָראַל — —
לעצטנס האָבן אויך קורסירט קל[אַנגען]
לובלין, ביאַלע, קראָקע און א. א. שטעט — די קל[אַנגען]
אַרויסגעוויזן פאַר נישט באַגרינדעטע. געהע[רט]
אַרויסשיקן פון יידן פון בערלין איז אָפּגעשט[עלט] [אַ דאַנק]
דער ענערגישער אינטערווענץ פון געריגגן, וועלכער איז אַרויס־]

געטרעטן קעגן דעם אין נאָמען די דייטשע מיליטע — —
איבעריקנס, וועגן דעם איינדרוק פון דער אַרויסשיקונג (פון די — —)
יידן קיין מזרח קען עדות זאָגן דער פאַרענטפערונגס־אַר[טיקל פון]
געבעלסן אין „רייך".

אין דעצעמבער באַקומען די יידן אַ טייל אַרישע הייזער אויף כלאָדנע, זשעלאַזנע, נאָוואָליפּיע א. א. די קריסטן לאָזן איבער די דירות אין אַ שרעק־לעכן מצב, מען נעמט אַרויס די שויבן, שלעסער, פּוטרינעס, אַפילו פּאַד־לאָגעס, גאַזאָמעטערס, פּשוט פּולשטענדיק דעמאָלירטע. אויף אַ טייל די־רות הענגען קוויטלעך פון [פאַרשיידענע] אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן פאַר־נומען די דירות פאַר זייערע יידן. בכלל קומען כסדר פאַר אינטערווענצן פון דייטשן לטובה זייערע יידן, פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אינטערווענצן האָבן אַ פּעולה.

דעם 22 דעצעמבער האָט מען פּלוצים פאַרבאָטן די יידן אַרויסצוגיין פון שעננע, נאָר פון שליסקע, וואָס גרענעצט זיך מיט שעננע. נישט אומע־טום איז דאָס אָבער מעגלעך געווען, ווייל מען האָט אפשר געדאַרפט אָנהויבן האַקן ווענט און מאַכן דורכגענג אויף שליסקע. אַ טייל מענטשן האָבן דע־ריבער געמוזט קריכן דורך לעכער, קעלערס וכדומה.

אין געטאָ ווילט מען זיך נישט בלויז אין די עפנטלעכע לאָקאַלן, וואָס זייער צאָל האַלט אין איין וואַקסן, נאָר אויך אין קאָרטן־קלובן, וואָס מערן זיך און פרוכטבערן זיך כמעט אין יעדן הויז און — —
בילדן אָפּט דעם — —
נישט לאַנג האָט מען — —
געוויזן איבער 60 קלו[בן] — —
אַ ברוכטייל פון דער אַל[געמיינער] — —
דער בזיון — —
געווען אויפן בית־עולם און גע — —
קברים נאַקעטע מתים, פשוט ווי שטיינער, 3 — —
אא"וו. די אַריסמעליטע, וואָס שטאַרבן אין די ג[אַסן] — —
פון אַלעמען און בלייבן אדם־נאַקעטע, יעדנפ[אַלס] — —
אַראָפּגעצויגן און אויך די מלבושים. געהע[רט] — —
פלאַטקע, וואָס האָט אין פונקט פאַר הונגער פאַר[קויפט] — —
ווען פון איר טויטער טאָכטער און זי געלאָז — —

אויך פאַסירט, אַז ביי איינעם, וואָס האָט געחלשט, — —
געצויגן די שיך.

דער העלזעווער אַסאָוויעצקי איז געווען אין געטאָ און דערקלערט זיינע יידישע פריינט, אַז די — — לאַגע וועט אויפגעקלערט ווערן אין חודש דעצעמבער. — — ונג פון די יידן וועט פאָרקומען פריער איידער די גאולה פ — —
אקן — —

וועגן דעם חודש פון קינד, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער, נאַוועמבער האָט די גאַס געזאָגט:

די אַקציע איז געווען דורכאויס פון צוואַנגס־כאַראַקטער. מען האָט גענומען פון בריוו, פון ברויט, פון מעדיצינען וכדומה. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט ביי דער באַפעלקערונג.

נאָך דעם זיג פון די רוסן ביי ראָסטאָוו, האָבן די יידן אָנגעהויבן רופן די שטאָט ראש־טוב.

דער פלאַן פון איינאָרדנען געטאָס אין פוילן איז געווען נאָך פאַר דער מלחמה. יצחקן[341] האָט אַ העכערער דייטשער באַאַמטער געוויזן אַ העקטאָגראַפישע אַרבעט, דאַטירט פון יוני 1939, ווו עס זענען געווען אָנגעצייכנט 4 געטאָס אין פוילן.

זיך איינצ — —
מיט וואָס זיי ק. — —
אַדורן דורך די גא — —
וואַרשע מאַכט אין — — אַ שויד — —
דער פאַרטונקלונג איז ממש אוממעגלעך אַ — —
נישט אָנפאַלן אויף יענעם צוליב דער פי — —
ברוק איז שוין זייט יאָרן נישט פאַרריכט — —
ווילע אַריין אין אַ קאַלוזשע בלאָטע אָדער — —
אָנצופאַלן איינער אויפן צווייטן טראָגט — — פאַר — —
בראָשקעס, וואָס דאַרפן יענעם וואָרענען, אַז דאָ גייט — —

אַ שרעקלעכן, פשוט אומהיימלעכן איינדרוק מאַכן — —
אייגענטלעך געיאָמער פון קינדער, וואָס שטייען אין די — —
נישט און בעטן אַ נדבה אָדער קלאָגן זיך, אַז זיי האָבן — —
צו נעכטיקן. אויף עק לעשנא און קאַרמעליצקע ווינען קינדער יעדן אָוונט מיט ביטערע טרערן. הגם איך הער יעדן אָוונט דאָס דאָזיקע געוויין, קען איך עס ביז שפעט ביינאַכט נישט פאַרגעסן. די פאַר גראָשן וואָס איך גיב יעדן אָוונט קענען נישט באַרואיקן מיין געוויסן.

דעצעמבער 1941

פון דער כאַפטע מלחמה־גבירים, וואָס ווייסן פון איין זאַך: וואָס מערער און וואָס בעסער זיך דערנערן, אייגנטלעך פרעסן און זויפן (זיי צאָלן טייל־

---

341) וואַרשעווער: יצחק גיטערמאַן.

מאַל חשבונות צו טויזנטער זלאָטעס), צייכענען זיך אויס די ה׳ה׳ עמיל ווייץ און זילבערשטיין יעקב. ביידע פון טאַרנע, ווו זיי ווינען ביז היינט. זי׳ קומען נאָר קיין וואַרשע פון צייט צו צייט אויף צו דערליידיקן זייערע ענינים און פאָרן צוריק קיין טאַרנע. זיי מאַכן די ריזיקע געשעפטן. זיי אַרבעטן אויס בערשטן פאַר דער דייטשער אַרמיי און פאַרדינען דערביי מיליאָנען אין דעם בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. זייער חודש־אומזאַץ האָט נישט לאַנג באַטראָפן 2 מיליאָן זלאָטעס. זיי באַווייזן גאַנצע נסים. זיי מאַכן בערשטן פון שטעקנס, טשעפּאַטשקעס און ענלעכע זאַכן. די דערמאָנטע הערן טוען אַ גרויסע — — [342]

[342]) דער טעקסט איז ווייטער נישט לייענבאַר.

# 1942

8 — 26 יאַנואַר 1942.

יאַנואַר 1942. די לאַגע פון די פליטים אין די פונקטן איז פשוט אַן אומדערטרעגלעכע, צוליבן מאַנגל אין קוילן פרירן זיי צום טויט. אין פונקט סטאַווקי 9 איז אין משך פון דעם חודש פון איבער 1.000 פליטים געשטאָרבן 22 פּראָצענט. קוילן פאַר פליטים־פונקטן איז נישטאָ, אָבער פאַר די קאַפּע־הייזער פעלט נישט אויס קיין קוילן. די צאָל צום טויט געפרוירענע וואַקסט יעדן טאָג. דאָס איז ממש אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. ביים אָנהייב ניי־יאָר האָט דער עולם געשיט פאַרשיידענע וויצן דערמיט פאַרבונדענע. צווישן אַנדערע האָט מען פאַרציילט, אַז דאָס יאָר 1942 וועט הייסן A 1941 דערפאַר, ווייל ה.[יטלער] האָט צוגעזאָגט זיין פאָלק צו פאַרענדיקן די מלחמה נאָך אין י. 1941.

דער חודש יאַנואַר איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון דער פוטערס־גזירה. — אַ גזירה וועלכע האָט איבריקנס אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע גענע־ראַל־גוווערנעמאַן. די דאָזיקע גזירה האָט שווער געטראָפן די אָרעמע שיכטן, וועלכע האָבן טיילמאָל גאָרנישט געהאַט וואָס אָנצוטון אויסער דעם צעריסענעם פוטער. די גזירה האָט דאָס גאַנצע געטאָ אָרעמער געמאַכט מיט צענדליקער מיליאָנען זל. (מען רעכנט אויף 30 — 50 מיליאָן זל.), דערביי האָט מען דאָ גאָרנישט באַקומען דערפאַר, בשעת אין לאָדזש האָט מען פאַראַיאָרן פאַרקויפט די פוטערס פאַר אַ סך געלט און באַקומען דערפאַר לעבנסמיטל. דער ערשטער טערמין 3 טעג איז געווען אַ קורצער, כדי דער עולם זאָל זיך נישט קענען געבן אַן עצה. אָבער דאָך האָט מען זיך ווי נישט איז געהאָלפן. טויזנטער פוטערס זיינען אַריבערגעשמוגלט געוואָרן אויף יענער זייט צו באַקאַנטע קריסטן. אַ סך פוטערס זיינען פאַרשטעקט געוואָרן אין געטאָ גופא, מאַנכע האָבן פאַרניכטעט די פוטערס, אַבי זיי נישט איבערצוגעבן אין

שונאס הענט. די מערהייט אָפּגעגעבן מורא האָבנדיק פֿאַר מסירות פֿון שכנים אָדער דערפֿאַר, אַז מען וועט קומען פֿרעגן נאָך אַ באַשטעטיקונג, וועגן אָפּגעגעבן די פֿוטערס. די שאַפֿע האָט בשעת דעם אָפּגעבן די פֿוטערס וווּנדערבאַר געשפּילט [1]. יידן האָבן געמאַכט גלענצנדע געשעפֿטן. די קהלה־באַאַמטע האָבן פֿאַרקויפֿט באַשטעטיקונגען אויף די אָפּגעגעבענע וויפֿל מען האָט נאָר געוואָלט, און אויף וואָס מען האָט נאָר געוואָלט. נאַטירלעך האָבן יידן פֿאַרקויפֿט ממש פֿאַר גראָשנס די פֿוטערס. ווען עס איז אָבער פֿאַרלענגערט געוואָרן דאָס אָפּגעבן די פֿוטערס איז דער פּרייז געשטיגן. בשעת אָפּגעבן די פֿוטערס האָט וואַרשע געהאַט אַ מאָדנעם אויסזען. אין דער גאַס איז פֿול געווען מיט מיזנמער קריסטן, באַזונדערס פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן פֿאַרהאַלטן יידן וואָס זיינען געגאַנגען אין קהלה מיט די פֿוטערס און פֿאָרגעלייגט זיי צו קויפֿן. אין גאַס אָדער אין טויער פֿלעגט ערליידיקט ווערן די טראַנזאַקציע. געווען פֿאַלן, ווען בעטלער־קינדער האָבן באַקומען שטיקלעך פֿוטערס וועלכע זיי פֿלעגן פֿאַרנוצן אויף אָנוואַרעמען די פֿיס, די הענט א. א. עס איז אויך אנשטאַנען אַ רייכער פֿאָלקלאָר אַרום די פֿוטערס. די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע איז אַ רייכע און רעאַגירט שנעל אויף אַלעם וואָס געשעט אין גאַס.

אין חודש יאַנואַר האָט מען אין צוזאַמענהאַנג מיט די נצחונות ביי מאָזשייסק און דעם דורכברוך ביי כאָלם געזאָגט אין גאַס :

**Żydzi nie bójcie się,**
**Polacy radujcie się,**
**Niemcy pakujcie się** [2]

אין דעם פֿאַריאָריקן פּוילישן קאַלענדאַר זיינען אין די טעג פֿון נאַציאָנאַלן יום־טוב געווען ווייסע קאַרטלעך.

אויף אַלע פּלאַקאַטן האָבן זיך אָנהייב יאַנואַר אין געטאָ באַוויזן אויפֿשריפֿטן: 1812 [3]. אויף אַלע סלופּעס פֿון דער וואַרשעווער זייט האָבן זיך באַוויזן אויפֿשריפֿטן: „נור פֿיר דויטשן" דעם 8 יאַנואַר [4].

אַסטראָווסקא 14 איז אַ הויז פֿון לויטער פּרויען און קינדער. אַלע מאַנסבילן זיינען אויסגעשטאָרבן. בכלל מערקט זיך אַ גרעסערע שטאַרביקייט פֿון מענער — די סיבה: מענער זיינען ווייניקער אויסהאַלטעוודיק, אַרבעטן שווערער א. א. געטריבן דיעט אַ נייע געזעלשאַפֿט: „קראַפֿט דורך שאַדענפֿרוידע" [5].

---

[1] ד. ה. ס'איז אָנגעגאַנגען כאַבאַר.

[2] פּויליש: יידן, האָט נישט קיין מורא; פּאָליאַקן, פֿרייט זיך; דייטשן, פּאַקט זיך.

[3] אין יאָר 1812 האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש פֿון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע אויף רוסלאַנד און אינעם זעלביקן יאָר איז געקומען זיין מפּלה.

[4] אַן אָנצוהערעניש, אַז מען וועט אויף די סלופּעס הענגען דייטשן.

[5] פּאַראַפֿראַזירט דעם היטלערישן לאָזונג „קראַפֿט דורך פֿרוידע".

די משעה פוטערס האָט געהאַט איר המשך. אין דער העלפט יאַנואַר איז אַרויפגעשווומען די פּראַגע פון באַפרייען פון טויט־אורטייל די ייִדן, וואָס זיינען צוליב איבערשרייטן די גרענעץ פון געטאָ פאַרמשפּט געוואָרן דורך דעם זאָנדער־געריכט צום טויט. פאַרן פרייז פון 1500 פוטערס געקויפטע דורך דער ייד[ישער]קהלה האָט מען געזאָלט באַפרייען פון טויט־אורטייל די דאָזיקע יידן. דאָס דאָזיקע האָט אויך געזאָלט זיין חל אויף די עטלעכע הונדערט יידן, וואָס זיצן אין תפיסה צוליב דעם דאָזיקן. די קהלה לויט איר שטייגער האָט דאָס אַלץ געוואָלט אַרויפלייגן אויף די פּלייצעס פון די אָרעמ־סטע דורך דער הילף פון די הויז־קאָמיטעטן. עס איז אָבער געבליבן, אַז די אַקציע זאָל אַרומנעמען אויך די רייכע. מען האָט געהאַנדלט לגבי זיי ריק־זיכטלאָז. די, וואָס זיינען נישט געקומען אין דער קהלה צו ערליידיקן זייער ענין האָט מען ביינאַכט אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן און געהאַלטן אַזוי לאַנג ביז וואַנען זיי האָבן איינגעצאָלט. אין די געזעלשאַפטלעכע קרייזן איז אָנגע־גאַנגען אַ דיסקוסיע צי דאַרפן די הויז־קאָמיטעטן מיטהעלפן אין דער אַק־ציע. אַ טייל האָבן געהאַלטן, אַז מיר טאָרן נישט טון דאָס. ווייל דערמיט העלפן מיר דעם שונא צו געווינען די מלחמה. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז מיר יידן האָבן געגעבן אַזוי פיל קרבנות, אַז ווען מיר האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצוקויפן אַ פּאָר הונדערט יידן און ראַטעווען זיי פון טויט — דאַרפן מיר עס טון. באַזונדערס ווען די 1500 קאָזשוכעס זיינען אייגנטלעך נישט אַ פריי־וויליקע זאַך, נאָר אַ קאָנטריבוציע. די פאַרזאַמלונג פון די הויז־קאָמיטעטן, וואָס איז גערופן געוואָרן אין דער פּראַגע, האָט געהאַט אַ ריזן דערפאָלג. דער זאַל און די קאָרידאָרן זיינען געווען איבערגעפולט. אויף די 1500 פוטערס איז געווען בויטיק אַ סומע פון איבער 1 מיליאָן זל.

—. דייטשע אַלגעמיינע צרות [6] — שרייען אַ טייל ציַיטונגס־פאַרקויפער — „קראָקעווער צייטונג", וויעלקיע בידי [7], עס געפינט זיך [...]פילו אַ דרייס־יקער צייטונגס־פאַרשפּרייטער, וואָס שרייט אין גאַס — „אַ גרויסע שרפה אויף פּראַגע — (אַ שרפה פון מיליטערישע מאַגאַזינען) — טויזנטער מענטשן [...]" וכדומה.

דעם 26 יאַנואַר האָט די ייִדישע פּאָליציי געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף אַלע קאָרטן־קלובן. דאָס געפונענע געלט האָט מען קאָנפיסקירט. פאַראַן אין וואַר־שע עטלעכע הונדערט קאָרטן־קלובן. אַ טייל פון זיי זיינען דער איינציקער אויסהאַלט פון די הויז־קאָמיטעטן.

אַ ייד האָט באַקומען פון זיין באַקאַנטן אין דער שווייץ פאָלגנדן אויטענ־טישן בריוו: „דער הער יאקל [8] האָט שווערע אנפעלע בעקאָמען. עס ווערע דאס בעסטע ווען ער שטערבן ווירדע דאמיט ער נישט מער ליידן מוס. הער שלים וועט באלד קאָמען. וויר ערוואַרטן איהן אויך". ווי [די] דעראָבערונג:

(6) אָנשטאָט „דויטשע אַלגעמיינע צייטונג".
(7) פּויליש: גרויסע ליגנס.
(8) דאָ געמיינט: דייטשלאַנד.

פון מאָזשייסק האָט געדויערט זייער לאַנג האָבן אים די דייטשן גערופן „ניע מאָזשייסק"[9].

„קאָם הערונטער גראָססער רייטער — דער געפרייטער קאָן ניכט ווייטער" — האָט מען געזאָגט צום דענקמאָל פון פרידעריק דעם גרויסן אין בערלין.

אויסער ריכטיקע ראַדיאָ־ידיעות פאַרשפרייטן געוועזענע זשורנאַליסטן פאַרשיידענע קאָמוניקאַטן מיט איבערגעטריבענע ידיעות. זיי לויפן שטענדיק פאָרויס דער רוסישער אַרמיי מיט היפשע הונדערטער קילאָמעטער. נאָכן דורכברוך ביי כאָלם זיינען זיי געלאָפן אַזש קיין ווילנע, — נאָכן זיג ביי מאָזשייסק ביז נאָך סמאָלענסק, וויטעבסק, מינסק וכדומה. סטאַלין האָט אין צוזאַמענהאַנג דערמיט דעפּעשירט צו זיי: געוואַלט, נישט אַזוי שנעל — ער קען נישט נאָכלויפן. דעם 2 יאַנואַר האָבן יידן פאַרציילט וועגן פאַרנעמען פון ווילנע, עוואַקואַציע פון קיעוו[10].

דער קוואַרטיראַמט איז אַ נעסט פון דער ערגסטער קאָרופּציע. אויב עמעצער איז שוין אַדורכגעגאַנגען די אַלע שבעה מדורי גיהנום און באַקומען אַ דירה ווייזט זיך אַרויס — אויב ער האָט נישט געגעבן כאַבאַר — איז די דירה אָן וואַסער, גאַז, אויפן 5־טן שטאָק. דערצו קומען נאָך צו שיקאַנעס מצד די הויז אַדמיניסטראַטאָרן, וועלכע — אין פאַל כלאָדנע 18 — מישן די נומערן פון די צוגעטיילטע דירות. פאַר אַ ריכטיקן נומער נישט ערגעץ אויף אַ בוידעם־צימער מוז מען עקסטראַ באַצאָלן.

אין דער סילוועסטער־נאַכט האָט „די בורג" (דאָס ווייסע הויז אָדער דער זאַמעק) אַזוי רופט מען דאָס הויז כלאָדנע 20, וווּ עס וווינען טשערניאַקאָוו מיט די הויפּט־מאַכערס פון דער קהלה, געמאַכט אַ שמחה. זאַבלודאָווסקי האָט געטאַנצט אַ קאָזאַק, געטרונקען און געפרעסן. דעם צווייטן טאָג איז ער געשטאָרבן. די שטאָט האָט אויפגענומען מיט שמחה די ידיעה פון טשערניאַקאָווס רעכטע האַנט. זאַבלו[דאָווסקי] איז געווען באַקאַנט אַלס אַ שלעכטער מענטש און דערצו האָט מען לעצטנס געספּקט אין זיין ערלעכקייט.

אין „ציטאַטאַס" ווערן אָנגענומען נאָך באַאַמטע, נאָר ווען זיי זיינען נאָך אַ טיפוס. אַזוי גרויס איז די סכנה פון אָנשטעקן זיך מיט אַ טיפוס אין די אַנשטאַלטן, באַזונדערס פון גאַסן־קינדער.

יידן קויפן איין ספרים אויף צו האַנדלען מיט זיי נאָך דער מלחמה. די מעשה מיט די צוגאָב־קאַרטן פון ברויט פאַר דער פאָליציי (12 קילאָ) פאַר קהלה און אַנדערע באַאַמטע צו 4 קילאָ. פאַר אַרבעטער 6 קילאָ (30.000), האָט אַרויסגערופן אַ קאָלאָסאַלע פאַרביטערונג ביי דער באַפעלקערונג. דאָס אַלץ געטון אויפן חשבון פון די אָרעמסטע, ביי וועלכע עס ווערט צוגענומען

---

9) ווערטער־שפּיל: מאָזשייסק, די רוסישע שטאָט, וווּ עס זענען פאָרגעקומען לענגערע שלאַכטן, שטאַמט פון רוסישן וואָרט — קענען. ניע מאָזשייסק — נישט קענען. ד. ה.: מיר (די דייטשן) קענען עס נישט דעראָבערן.

10) דאָס זענען געווען נישט קיין ריכטיקע קלאַנגען.

צו האַלבע קילאָ ברויט פון אַ פּעריזאַן. מען ווייסט נישט וועמענס קאָפּ עס שטעקט אין דעם, צי טאַקע פון קאָמיסאַר אורערסוואַלד אַדער גאַר פון יידן. יעדנפאַלס זעט מען אין דעם אַ געפאַר פאַר דער צוקונפט. מען האָט מורא צי הייסט דאָס נישט אַן אָנהייב פון צונעמען ביי יענע דאָס רעכט צו לעבן, צי וועט דאָס נישט פירן צו ווייטערע באַגרענעצונגען פאַר די דאָזיקע. ביי אַ טייל באַאַמטע איז אויפגעשווומען דער געדאַנק אָפּצוזאָגן זיך פון דער „מתּנה". מען האָט אָבער מורא געהאַט צי קען דאָס נישט האָבן קיין פאָלגן. עס איז דעריבער געבליבן, אַז די באַאַמטע זאָגן זיך אָפּ פון 1 — 2 קילאָ ברויט לטובת די פּליטים פון די פּונקטן. נישט אַלע באַאַמטן־פאַריינען זיינען דערמיט מסכּים, ווי למשל קהלה־באַאַמטע.

יאַנואַר 1942

ביכער־האַנדל [11]

די יידישע בוכהאַנדלונגען זיינען נישטאָ. זיי זיינען געוואָרן פאַרמאַכט און די ביכער צוגענומען. דאָס רעשט ביכער, וואָס איז זיי געלונגען צו ראַטעווען פון דער שוו. קזשיסקע־גאַס, וווּ עס זיינען געווען טעטיק גאַנצע דורות יידישע בוכהענדלער — ווערט איצט אַרויסגעפירט פרײַ אין פריי אויף די גאַסן. דער הויפּט־צענטער איז לעשנאָ, וווּ עס ווערן פאַרקויפט אין קוישן די בעסטע ווערק פון די לעצטנס מאָדערנע שרייבער. עס פעלט דאָרט אויך נישט קיין טרייפענע סחורה, ווי די ווערק פון פויכטוואַנגער, צווייג, קויטסקי, לענין, מאַרקס, ווערפעל א. א. אָדער בולט אַנטיהיטלעריסטישע ליטעראַטור פריי פאַרקויפט (דער פאַלשער נעראָן) [12]. ד"ר קרוקס פאַרטרעטער ערליך פאַרקויפט אויס די גאַנצע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פון ד"ר קרוק [13], זיינע סאָציאַליסטישע בראָשורן, באַריכטן פון אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן וכדומה. זייער אַ גרויסן דערפאָלג האָבן פראַנצויזישע ביכער, באַזונדערס אין ענגליש, ווייל דער עולם לערנט געשמאַק, גרייטנדיק זיך אויף עמיגראַציע נאָך דער מלחמה (פינגווין־פאַרלאַג). די ביכער־פאַרקויפער זענען דער רוב געוועזענע אייגנטימער פון גרויסע ביכער־געשעפטן אויף שוו. קזשיסקאַ, וואָס איז געווען באַרימט פון יאָר יערלעכע אָנפאַלן פון דער נאַראַ־יוגנט [14].

11) מאַשין־קאָפּיע.

12) טיטול פון אַ ראָמאַן פון ליאָן פויכטוואַנגער, וואָס דערמאָנט מיט זיין הויפּט־געשטאַלט היטלערן.

13) ד"ר יוסף קרוק, געוו. פירער פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין פוילן, לעבט אין ישראל. ערליך — געוו. טוער פון דער דאָזיקער פאַרטיי.

14) פויליש: אָבוז נאַראָדאָווא־ראַדיקאַלני — נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער לאַגער, פוילישע פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע פאַרטיי, אַנטשטאַנען אין יאָר 1934 פון עקסטרעם־ענדעקישע און סאַנאַטאָרישע עלעמענטן מיטן הויפּט־לאָזונג פון פאַגראָמירן יידן.

אויף לעשנאָ ווערן פאַרקויפט פוילישע ביכער, אויף באָוואָליפקי, זאמענהאָף און אַנדערע יידישע גאַסן ווערן פאַרקויפט יידישע און העברעישע ספרים. לעצטנס מערקט זיך אויך, אַז עס ווערן אויספאַרקויפט תלמודישע ספרים — אַ זאַך וואָס פלעגט קיינמאָל נישט פאָרקומען. ספרים זענען געווען אַ הייליקטום און פלעגן איבערגיין בירושה פון דור צו דור. פאַרקויפן ספרים אין קויש איז אַן אמתער חילול השם און באַווייזט צו וואָס פאַר אַ מדרגה פון ירידה איז איצט דערגאַנגען.

צווישן די ביכער־פאַרקויפער געפינט זיך אויך דער באַקאַנטער העברעישער שרייבער טשודנער[15]. ער האָט אָבער אַ שלעכטע טבע צו פאַרהאַלטן פאַר זיך די בעסטע ביכער. ליטעראַט בלייבט פאָרט ליטעראַט.

דאָס קלאַסן־פנים פון דער יידישער קהלה

ציַיטן פון איבערברוך האָבן די מעלה, וואָס זיי באַלויכטן ווי מיט אַ ריזיקן רעפלעקטאָר דאָס, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרדעקט. דאָס חיהשע פנים פון דער יידישער בורזשואַזיע, איר מענטשן־פרעסערישער כאַראַקטער איז געקומען בולט צום אויסדרוק אין די לעצטע צייטן פון הונגער. די גאַנצע אַרבעט פון דער קהלה איז איין גרויסע הימלשרייענדיקע עוולה לגבי דער אָרעמקייט און וואָלט געווען אַ גאָט אויף דער וועלט וואָלט ער מיט דונערן חרוב געמאַכט די נעסט פון רשעות, צביעות און הויט־שינדעריי. די גאַנצע פינאַנץ־פּאָליטיק פון דער קהלה איז איין גרויסער סקאַנדאַל: „אַלע גלייך" — דאָס איז דער אומגליקלעכער דעוויז פון דעם פינאַנץ־מיניסטער. מען נעמט אומדירעקטע שטייערן, וואָס פאַלן מיט זייער לאַסט אויף דעם אָרעמאַן. האָט זיך געפונען אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט אין דער איבערזידלונגס־קאָמיסיע געפאָדערט געלד ביי רייכע און אָנגעווענדט סאַנקציעס קעגן די, וואָס האָבן נישט געוואָלט צאָלן, האָט מען אַלץ געטון אין דער וועלט, כדי די אַקציע זאָל באַגראָבן ווערן. אַפילו די הילף, וואָס ווערט געגעבן דער אָרעמקייט, ווערט געדעקט דורך דער אָרעמקייט גופא. די דערוואַקסענע, למשל, צאָלן 70 גר. פאַר אַ מיטאָג, בשעת הער ווערט פון אַ מיטאָג איז נאָר 50 גר., כדי מיט איבריקע 20 גר. צו דעקן דעם דעפיציט, וואָס ווערט געשאַפן צוליב דעם, וואָס די קינדער צאָלן 25 גר. פאַר אַ מיטאָג. דאָס זעלבע איז אויך מיט די 10% פּראָדוקטן, וואָס די קהלה נעמט אַראָפּ. דאָס ווערט אויך אַראָפּגענומען פון די רייכע און פון די אָרעמסטע בעטלער. דאָס זעלבע איז אויך ביים אַרבעטס־באַטאַליאָן. אויך דאָ צאָלן די רייכע גראָשנס, בשעת דער פאַראָרעמטער מיטלשטאַנד און די אָרעמקייט מוזן צאָלן פּראָפּאָרציאָנעל גרעסערע סומעס. אַלע מעדיצינען ווערן באַשטיי־

[15]) יצחק טשודנער, העברעישער דיכטער, מיטגעאַרבעט מיט דער אומלעגאַלער חלוצישער פרעסע, אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

ערט מיט 40% לטובת דער קהלה. דאָס טרעפט אין דער ערשטער ריי די אָרעמקייט, וואָס ליידט אממיינסטן צוליב קראַנקהייטן און מוז אַלץ פאַר־קויפן, כדי צו קענען אויסקויפן אַ מעדיצין. אין „חודש פון קינד" (אָקטאָבער) האָט מען ווידער אַלע קאָנסומענטן גלייך באַשטייערט. דאָס זעלבע אויף דער פּאָסט אא"וו. דאַרף מען האָבן געלט אויף באַקעמפן עפּידעמיעס, באַשטייערט מען אַלע גלייך צו 2 זל. פון אַ ברויט־טאַלאָן אא"וו. אַזעלכע ביישפילן קען מען אויסרעכענען צענדליקער. דעם בודזשעט פון דער קהלה דעקט די יידי־שע אָרעמקייט. די רייכע מאַכן ריזיקע געשעפטן און זיינען אינגאַנצן באַפרייט פון שטייערן. דאָס איז די אייגנציקע קהלה, וואָס פירט אַזאַ פאַרברעכערי־שע פּאָליטיק.

* *
*

מען האָט אַ ייד געשלאָגן אין געשטאַפּאָ. צום סוף האָט מען אים צו־געזאָגט צו באַפרייען בתנאי, אַז ער זאָל דערציילן, ווער עס וועט זיגן. זיין תשובה איז געווען: „די אכסניא". ווער וועט פאַרשפּילן: „דער איד". מען האָט פאַרשטייט זיך, נאָך אַזאַ תשובה באַפרייט. איינער פון די געשטאַפּאָ־אָפיצירן האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז עפּעס שטעקן. איז ער נאָכגעלאָפן נאָכן ייד, אים געפרעגט, וואָס האָט ער אין זינען געהאַט מיט זיין תשובה. האָט דער ייד געענטפערט: „די אכסניא" איז דער טייטש — אַמעריקע, כינע, סאָוויעט־רוסלאַנד, ענגלאַנד. „איד" — איז דער טייטש — איטאַליע, יאַפּאַן, דייטשלאַנד".

יאנואר 1942

—. — מויער. „א" למשל אַ זייגער 5 הייסט, אַז מען קען אַריבערפירן די זאַכן, „ב" הייסט, אַז מען טאָר נישט. אויף איין אָרט איז איינגעאָרדנט אַ זשוראַוו, וואָס וואַרפט אַריבער זעק מיט מעל, צוקער וכדומה. דאָרט איז פאַראַן אַ נידעריקע מויער, וועלכע טיילט אָפּ דאָס געטאָ פון דער דרויסנדיקער וועלט. אין לאָדזש, דערציילט מען, קאָסט א ברויט 8 מאַרק[16]. קוילן איז נישט צו באַקומען. אַ טאָפּ הייס וואַסער קאָסט אַ גוזמא מיט געלט. עס זיינען 5.000 יידן געגאַנגען פרייוויליק צו דער אַרבעט אין אשכנז. 10.000 האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו דער אַרבעט אין וואַר־שע זיינען אין דער לעצטער וואָך (אָנהייב יאַנואַר) אין איין טאָג דער־הרגעט געוואָרן 3 יידן ביים שמוגלען אויף סטאַווקי. איינער אַ פּליט, אַ פאָטער פון 8 קינדער. דער שמוגל דויערט ווייטער. אַדאַנק [אים] איז

16) היות אין דעצעמבער 1941 האָבן די דייטשישע יידן אין לאָדזשער געטאָ אָנגעהויבן באַקומען געלט־איבערהאַרפונגען פון דייטשלאַנד, זענען געוואַקסן די פּרייזן אויף ברויט ביז 8—9 מאַרק אַ קילאָ.

פֿאַראַן גענוג לעבנסמיטל, און דער פּרייז־אונטערשייד איז נישט קיין צו גרויסער. לעצטנס רעדט מען אַ סך וועגן גאַנצווייכן. ער האָט רעדאַגירט אַ וואָכנבלאַט אין סאָסנאָוויעץ. געווען אַמאָל אַ קאָמוניסט, אַ ציוניסט, רעדט גוט העברעיש (מיט וואַרשאַוויאַקן[17] רעדט ער העברעיש), פּויליש און יידיש. זייער אַ פֿעיקער, אָבער צו אַלעם גרייט. ער פֿאַררופֿט זיך אויף זיין קוזין מערינגען, עס איז אָבער אַ ספֿק צי יענער שטיצט אים טאַקע, ער זאָגט, אַז ער [וועט] גיין אין מערינגס וועגן.[18] ער ווערט געשטיצט דורך דער פּאָליט[ישער] אָפּטיילונג פֿון יענע. מען רופֿט זיין ביורא: לאָדזשער געסטאַפּאָ], אָדער יידישער ג. ער פֿאַרציילט, אַז ער האָט ברייטע פּלייצעס אין דאָרט און וועט איבערנעמען די קהלה. ער זוכט איצט צו געווינען אָנהענגער און סימפּאַטיעס פֿון דער געזעלשאַפֿט. דערביי איז אים ביהילפֿיק י. וואַרשאַוויאַק, באַקאַנט פֿון זיין קריכערישער טעטיקייט (פֿאַרשאַוויאַק). יענער שרייבט יעדן טאָג בריוו צו זשורנאַליסטן, שרייבער און אַנדערע פּערזאָנען מיט אַ נאָמען. ער באַנוצט זיך יעדן טאָג מיט אַ נייעם נאָמען פֿון מענטשן, וועלכע האָבן דערויף נישט אויסגעדרוקט זייער הסכמה. ער זאָגט, אַז זיי זיינען גרייט מיט אים מיטצואַרבעטן און האַלטן רעפֿעראַטן. מען זאָגט, אַז זיי זאָלן עס שאַפֿן דעם קולטורבונד. ד״ר שובערט פֿון דיסטריקט, וואָס שטיצט זיי, זאָל האָבן אויסגעדריקט זיין פֿאַרוווּנדערונג הלמאי טשערניאַקאָוו האָט זיך צו אים קיינמאָל נישט געווענדעט וועגן קולטור־פֿראַגן. קולטור זיינען זיי גרייט וויפֿל מען וויל — ברויט — לאו דווקא. אין גאַס זאָגט מען, אַז אין גאַנצוויכס לאָקאַל קומען פֿאָר אָרגיעס ביינאַכט. וויפֿל אמת, נישט געקענט פֿעסטשטעלן. גאַנצווייך זאָגט צו צו שאַפֿן קיכן פֿאַר די יידן פֿון לעשנאָ, ווו ער איז אַדמיניסטראַטאָר פֿון הייזער. זיין פֿאַרדינסט, האָט ער דערקלערט אויף אַ קאָנפֿערענץ פֿון די ה. ק. [הויז־קאָמיטעטן] פֿון לעשנאָ־גאַס, איז דאָס באַפֿרייען פֿון קאַרטשאַקן, פֿון ברודער פֿון גערער רבין, פֿון אָפּשאַפֿן דאָס געטאָ אין מינסק־מאַזאָוו., דאָס אָפּראַטעווען די שעננא גאַס, דעם גזשיבאָוו (זיין ערפֿינדונג איז עס, אַז דער קאָשטשאָל אויף גזשיבאָוו איז בויטיק פֿאַר די משומדים). געהערט אַזאַ מיינונג וועגן אים: דריי פֿערטל פֿאַסקודניק, איין פֿערטל ראָמאַנטיקער. די גאַס ווייסט גוט וואָס ער איז, אָבער מען שטראָמט אין זיין לאָקאַל. זיינע געהילפֿן אַ געוויסער קאָן, קאָנערשטיק, שטערנפֿעלד, אאז״וו. גלייכוועקסלער, בראַמערסאָן, אאז״וו. זיידלער, בכלל די מערהייט לאָדזשער. מען שמועסט, אָבער ווייסט אויס אָן אַ גרונד, אַז אין קינאָ קאָלאָסעום זאָל האָבן פֿאָרגעקומען אַ מיטינג אונטערן לאָזונג: וואַרשע אָן יידן און אָן מויערן, אויף יענער זייט זיך געשאַפֿן באַנדעס, וואָס נעמען צו ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן געקויפֿטע דורך יידן. מען זאָגט, אַז אין לאָדזש שטאַרבן הונדערטער מענטשן אַ טאָג פֿון קעלט און הונגער. — אין אָשוויענטשים

17) יהודה וואַרשאַוויאַק, העברעיִשער שריפֿטשטעלער, אומגעקומען.
18) ד. ה. ער וועט הערשן אין געטאָ מיט דער הילף פֿון די דייטשישע מאַכטאָרגאַנען.

טראָגן די אינזאסן הילצערנע כאָדאַקעס אויף די באָרוועסע פיס. דערפון מאַכן זיך ווונדן, וועלכע ווערן נישט געהיילט, בלוט־פאַרגיפטונג און טויט. אַנדערע ווערן אַריינגעלאָזן פון אַ הייסער שטוב אין אַ צימער מיט אַ קאַלטן פרישניץ, לונגען־אָנצינדונג, טויט. לעצטנס ד"ר רובינשטיין און — — געהרג אויפן פּאַוויאַק פאַרן טראָגן [?] רויטן סוועטער מיט אַ ווייס העמד — נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציע. אָנגעקומען אַ בריוו פון סיביר, אינעווייניק אַ צעטעליע, אַז אין יידיש מיט העברעיש אותיות פאַרבאָטן. פון אַ טייל פּראָווינץ שטעט קומען אָן דורך פּאָסט פּעקלעך. מען זאָגט, אַז בלויז פון קעלצער געגנט, פון ראַדאָמער און לובלינער פאַרבאָטן. נישט איין מאָל ווערט דיסקוטירט די פראַגע וועמען איז איצט ערגער: יידן צי פּאָלאַקן. אַ קללה — קורווא מאַטץ — גמינא. אין די לעצטע טעג האָט מען צוגע־נומען די ייד[ישע] סחורות אין שענקערס אָפּטיילונג אין געטאָ, דאָס טאָר־מאָזירט דעם האַנדל. יידן האָבן אַ סך סחורה פאַרקויפט אויף יענער זייט בײַקומענדיק רוישטאָפן. אָנהייב יאַנואַר האָבן 80 מענטשן צוזאַמען גע־מאַכט גימנאַסטיק אויף כלאָדנא. כאַראַקטעריסטיש, אויף דעם זעלבן אָרט, זוו 3 געהרגעט, נאָך אַ שעה ביי דער נייער וואַך ווידער געשמוגלט. אויפן בית־עולם קומען אנשי־חייל, געמוזט אַראָפּנעמען די היט. אַ קלאַנג, אַ נישט קאָנטראָלירטער, אַז אין לאָדזש טאָר מען נישט מקבר זיין די געשטאָרבענע יידן, מען מוז זיי אַרויסגעבן. סיבה — אומבאַקאַנט. קוילן קאָסטן הי 700 — 800 זל. דאָרט 400 זל. עס פּאַסירט לעצטנס, אַז הונגעריקע רייסן אַרויס ברויט פון די הענט. גלות דערמאָראַליזירט: דערפאַר אַזוי פיל לאָדזשער אויף לעש. 13. אויף די טירן מוזן זיין אויפשריפטן פון די איינוווינער. די שפּיל אויפן פּאַוויאַק פון כלומרשט באַפרייען עטלעכע מאָל מענטשן, וועלכע מאַכן זיך גרייט, זייערע מלבושים ווערן דעזינפיצירט און דערנאָך בלייבן זיי צוריק. באַציונג צו שקלאַפן אין אַלטערטום געווען אַ בעסערע ווי אין די אַרבעטס־לאַגערן: 15 וואָכן נישט אויסגעטון מלבושים, ביים צוריקקערן געמוזט אויפשניידן די שיך. יענער דאָקטער [19] דערקלערט, וואָס מאַכט איר נישט אָרדנונג מיטן מיסט — דער געשטאַנק הערט זיך שוין איבער די מויערן. געהערט אַז יידן האָבן אַ סך ספרים פאַרברענט, מורא האָבנדיק מען זאָל זיי נישט באַשולדיקן אין האַלטן דעם תלמוד. אין די היכע פענסטער איינער געזאָגט, אַז אין וואַר[שעווער] יידנראַט זענען דאָ גוטע קענער פון געטאָ ענינים. ער וועט זיי איבערפירן קיין לאָנדאָן, וועט מען וועט דאָרט דאַרפן מאַכן אַ געטאָ. אין האָטעל בריטאַניאַ אויף נאָוואָ־ליפּיע 18 אין די קעלערן געעפנט אַ לאָקאַל, אָפן ביז 7 פרי (אייגנטלעך אַ בית הזונות). די בעלי־בתים, די לייט פון לעש. 13. עס ווערט דאָרט געהוליעט מיט אַ ברייטער האַנט. דעם ערשטן טאָג געלייזט 10.000 זל. דעם צווייטן צוויי טויזנט. אַ קילאָ ווייַנטרויבן קאָסט דאָרט 25 זל. חשבו־נות ווערן באַצאָלט צו 500 און מער זל. איינער אָנגעציילט — — אין גאַס

[19] ד"ר חאגען.

4 פֿאַלן פֿון אַרויסרייסן ברויט פֿון די הענט. דער הונגער וואַקסט. כמעט לעבן יעדן הויז און יעדן דורכגאַנגס־טויער ליגן אויף דער ערד מענער, פֿרויען מיט קינדער וואָס בעטן הילף. אויף יענער זייט זאָגט מען: ווילסט זיך ווילן — גיי אין געטאָ. וואַרשע ווילט זיך. יעדן שבת ווערן איינגעאָרדנט הונדערטער אימפּרעזן לטובת די ה[ויז] ק[אָמיטעטן]. געהערט וועגן אייניקע פֿאַלן פֿון אויספּרעסונג. דאָס קומט פֿאָר אויף אַזאַ אופֿן: יענע פֿאַרהאַלטן אַ ייד, דערנאָך מעלדעט מען זיך פֿון לעש. 13, אַז מען [קען] אַרויסלאָזן פֿאַר אַ גרעסערער געלט־סומע. דאָס געלט ליגט ביי זיי איינגעלייגט. צו דעם וויץ וועגן דער סיבה פֿאַרוואָס היי יאָר זיינען נישטאָ קיין יאַסעלקעס, איז כדאַי צוצוגעבן: די דריי קיניגן זיינען אין לאָנדאָן[20]. לויט זיינע איבערצייגונגען איז גאַנצווייך פֿאַר דער מלחמה געווען אַ רעכטער פּ. צ. ער זאָל האָבן געוועזן מיט אַ 6 יאָר [צוריק] אין דייטשלאַנד, ווו ער זאָל האָבן געגרינדעט אַ נאַציִשע ייד[ישע] יוגנט־אָרגאַניזאַציע. יענע וואָך האָט מען פֿאַרמאַכט אַלע ייד[ישע] בוכהאַנדלונגען, ווי קאָזאַק א. א. אויך ביבליאָטעקן פּריוואַטע זיינען געשלאָסן געוואָרן. די פֿאַלאַקן זאָלן האָבן דערהרגעט זיאַמבען און דעם רעדאַקטאָר פֿון וואַרש[עווער] קוריער פֿאַר זייערע רעוועלאַציעס וועגן די אַמאָליקע פּויל[ישע] מאַכטהאָבער. לעבן אים זאָל האָבן געלעגן אַ צעטל מיט דער אויפֿשריפֿט, אַז דאָס האָט געטון די אומלעג[אַלע] פּויל[ישע] אָרגאַניזאַציע. אַלס רעזולטאַט זאָלן האָבן דערשאָסן געוואָרן עטלעכע צענדליקער פֿאָלאַקן, אַנדערע זאָגן עטלעכע הונדערט און טויזנטער זאָל מען האָבן איינגעשפּאַרט. ר׳ מאיר זאָגט, מען וועט האַלטן רעפֿעראַטן אין דעם פֿאָלקס־אוניווערסיטעט, וועלכן עס האָט אָרגאַניזירט וואַרשאַוויאַק. אויך ד״ר לייפּונער האָט צוגעזאָגט צו האַלטן רעפֿעראַטן. מען זאָגט, אַז גאַנצווייך רופֿט צונויף פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער אינטעליגענץ, אויף וועלכע עס ווערט קריטיקירט די קהלה. געזען אויף פֿאַנסקע אַ מיידעלע בעטלען, זינגנדיק דאָס באַקאַנטע פֿאָלקס־לידל: דער ווינטער איז געקומען, דער ווינטער איז שוין דאָ. יענעם פֿרייטיק זיינען געווען 90 מתים, דערפֿון 16 פֿון די פּליטים־פּונקטן. אין דעם פֿינדלינג־הויז (פֿריער וואָלסקאַ) איז פֿאַרפֿרוירן געוואָרן צום טויט אַ קינד. דעם 17 יאַ[נואַר] געהערט, אַז דעם 7 פֿעברואַר זאָל דאָס געטאָ זיין אינגאַנצן געשלאָסן. געהערט, אַז אַ פֿאַרמיטלער פֿון בריליאַנטן האָט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן בריליאַנטן פֿאַר קריסטן אויף אַ סומע פֿון עטלעכע הונדערט טויזנט זל. אַן אַשכנז איינגעקויפֿט באַצייטנס פֿאַר צוואַנציק טויזנט זל. פֿאַרקויפֿט זיי אין לאָדזש און דאָרט פֿאַר צוואַנציק טויזנט מאַרק. פֿאַר דעם געפֿונענעם געלט געקויפֿט לאָקשן. לעצטנס געווען רעוויזיעס ביי וואָלאָטשאַזשעס און בריליאַנטשאַזשעס. אין „מעלאָדי פּאַלאַס" צוגענומען די מו־

20) קאַטוילישער יום־טוב פֿון די דריי קעניגן. געמיינט די דריי קעניגן — דעם גריכישן, סערבישן און נאָרוועגישן — וואָס זענען געווען אין גלות אין לאָנדאָן.

זיק־אינסטרומענטן פאַרן סכום פון פערציק טויזנט זל. אויך ביי דיקשטיי־נעווא. אַ חברה־מאַן פון לעש. 13 געקומען אין אַ געוועלב, געקויפט עכטע קאַווע, אין אַ שעה אַרום געקומען יענע צוגענומען 10 קילאָ קאַווע, איינ־געשיבנט דעם בעל־הבית. פאַר אַ סומע פון טויזנט זל. גרייט אים אָפּ־צולאָזן.

26 פעברואר 1942[21]

די לעצטע רייניקונג פון ווייסע שיינען 500 [22] — נישטאָ קיין פאַמיליע אָן אַ קרבן. — שטימונג און שפּאַנונג שלעכטע. 700 יידן צו דער אַרבעט — געענטפערט דער קאָמיסאַר. נישטאָ קיין פרייע יידן — וואַרשיינלעך 300 אויף גראָבן אָקאָפּעס אין ריגע. מען רעדט נישט וועגן אַ טשיסטקע, אָרעמ־קייט פאַרגרעסערט זיך — דער דראַנג אין דער קיך (אַ שיטערע זופּ, טייל־מאָל 6 דעקאָ ברויט) — מיטאָגן 3.500 — — געשאַפן אַ הילפס־קאָמי־טעט — פאַרלאַנגען אַ העלפט פאַרטרעטערשאַפט — זיי באַהערשן ווילנע, וו[אַרשע] און אויך אַמעריקע [23] — סטראַשון געהאָנגען ביים שאַפן דאָס געטאָ [24] — יענע פאַרשער האָבן אַריבערגענומען אין אוניווערסיטעט [די ביכער] — אין באַהאַלטענע לעכער ליגן באַהאַלטענע [ביכער].

„ייווא" לאַגער כלי־זין קאַסטנס מיט מאַטעריאַלן אַוועקגענומען [25]. וווהין ווייסט מען נישט — 4 מאַרק אַ קילאָ ברויט — 35 מאַרק אַ קילאָ פּוטער.

שאַליט, יעווזאַראָוו, לאַנגבאַרד, גראַדע, וואָגלער, יעדוואַבניק[26].

---

21) די גאַנצע וויכטיקע נאָטיץ איז נוגע דאָס לעבן אין ווילנער געטאָ.

22) ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס ווילנער געטאָ, דעם 6 סעפּטעמבער 1941, האָבן די דייטשן איינגעפירט דריי קאַטעגאָריעס ווייסע שיינען: מיט אַן אַנשריפט „פאַך־אַרבעטער", אָן אַזאַ אַנשריפט און ספּעציעלע פאַר די אָנגעשטעלטע פון יודענראַט. די ווייסע שיינען אָן אַ צושריפט „פאַך־אַרבעטער" האָבן באַטייט אַ געפאַר פאַר זייערע באַזיצער.

23) וואַרשיינלעך געמיינט דעם „בונד", וועלכער האָט זיך פאַררופן אויף זיינע איינפלוסן אין די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין וואַרשע און אין אַמעריקע (אַרבעטער־קאָמיטעט, אַרבעטער־רינג א. ד. גל.).

24) נישט קלאָר. די ידיעה באַשטעטיקט זיך נישט.

25) וואַרשיינלעך געמיינט, אַז די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט ייוואָ־מאַטעריאַלן אין מיליטערישע קאַסטנס.

26) משה שאַליט — געזעלשאַפטלעכער טוער און שריפטשטעלער אין ווילנע, אומגעבראַכט געוואָרן אין אויגוסט 1941 אין פּאָנאַר. מרדכי יעווזאַראָוו — בונדישער טוער און שריפטשטעלער, דירעקטאָר פון ייד. קאָאָפּעראַטיוון באַנק אין ווילנע אומגעקומען אין אויגוסט 1941. אין פּאָנאַר. א. לאַנגבאַרד — מיט־גליד פון ערשטן יודענראַט אין ווילנע, אומגעקומען. חיים גראַדע — באַקאַנטער ווילנער דיכטער, נישט געווען אין געטאָ, נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, לעבט אין אַמע־ריקע. אלחנן וואָגלער — באַקאַנטער ווילנער דיכטער, נישט געווען אין געטאָ, נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, לעבט אין פּאַריז. יעדוואַבניק, ייד. געזעלשאַפטלעכער טוער אין ווילנע — געפינט זיך אין אַמעריקע.

די רעכטלעכע — — מורער [27] באַשטעטיקט דאָס געטאָ. לעבנס־שיי־ נען, געבליבן יונגע מענטשן אַרבעטנדע — פאַראַן קאַטעגאָריע מיט ווייסע שיינען אַ 2.000 — פאַרגרעסערט זיך די צאָל יידן (אויסבאַהאַלטענע) מיט 3 — 4 טויזנט — אַ סך געביטן די פאַמיליע, אַ סך באַקומען ראָזע שיינען.

געלע — אַרבעטנדע,

בלויע — צוגעשריבן צו אַ געלן שיין — אַליין האָבן נישט קיין רעכט צו עקזיסטירן [28].

ראָזע שיף־שיינען — פאַמיליע מיטגלידער.

— — דערווייל ווען דער פריינט נישט אוממיטלבאַ — — —

ריגע עוואַקואירט יידן — —

געטאָ אָפענער רודניצקא, שאטקאָווא [29], שפּיטאַלנא

פאַסירשיינען רעכט אַרויסצוגיין פון געטאָ אינדיווידועל:

אָן דעם בריגאַדיר קען מען נישט אַרויסגיין — רודניצקי, זאוואלנא (אַ הילצערנער פאַרקאַן זייער אַסך).

ביים אַריינגאַנג אַ ליטווישער און יידישער [פּאָליציאַנט].

אַריינגאַנג פאַרשאַרפט — רייניקונג פון דער אָרדענונג־דינסט „טאָר־וואַכע"[30] בלויע צאַפּאַסקעס מיט אַ ווייסן מגן־דוד אָן פאַלקעס, אין היטלעך — 150 פּאָליציאַנטן — געווען 250 שפּעטער רעדוצירט.

קאַרטן 18 דעקאָ ברויט פון צייט צו צייט שמאַלץ.

50% פון דער אַרישער — מען טראָגט אַריין אַ פאָלאַנע האָלץ פון דרויסן 500 רובל אַ מעטער.

נישטאָ: קיין זאַפּאַסן, נישטאָ קיין געלט —

יידן לעבן פון פאַרקויפן זאַכן אָבער ווייניק מיטגענומען. דער קוואַר־טאַל געווען אַן אָרעמער דעריבער נישטאָ קיין שום זאַפּאַסן — טאָג־לוין איין מאַרק אַ טאָג.

---

27) האַנס מורער — פערזענלעכער אַדיוטאַנט פונעם געביטס־קאָמיסאַר הינגסט אין ווילנע, איינער פון די תליינים פון ווילנער געטאָ, פאַרמשפּט גע־וואָרן אין ווילנע אין 1948 צו 25 יאָר שווערע תפיסה.

28) געלע שיינען זענען אין ווילנער געטאָ אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די דייטשן פאַר 3000 אויסדערוויילטע פאַכלייט, וועלכע האָבן געהאַט אַ רעכט צוצושרייבן אויפן שיין די פרוי און קינדער אין עלטער ביז 16 יאָר. פון 24 אָקטאָבער 1941 האָבן די משפחה־מיטגלידער פון די געלע שיינען באַקומען בלויע שיינען. אין משך פון 5 סעפּטעמבער ביז 24 אָקטאָבער 1941 זענען 8000 יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלע שיינען, דעפּאָרטירט געוואָרן. אַלע איבעריקע, וואָס האָבן געהאַט ווייסע שיינען, האָבן באַקומען ראָזע שיינען און די פאַב־ריק פון צווישן זיי — א. ג. ראָזע שוץ־שיינען. אַ געלע שיין האָט באַרעכטיקט אַרויסגיין אַרבעטן מחוץ דעם געטאָ, אַ ראָזע שיין — בלויז צו לעבן אין געטאָ אויף אַרויסגיין האָבן זיי געמוזט האָבן בלויע צוגאָב־שיינען.

29) אַ טעות: עס דאַרף זיין י אַ ט ק אָ וו אַ.

30) די יידישע „מיליציאַנערן", וואָס האָבן געהאַלטן וואַך ביים געטאָ־טויער.

אין יודנראט 750 רובל — 70 מאַרק.

סכנה פון א הונגער פאַר אַלע — נישטאָ קיין קאָנטראָסטן.

4.000 יידן אַרבעטן — א טייל פון אָפּצאָל גייט פאַרן יודנראַט.

געשאַפן א הילפס־קאָמיטעט — הילף אין זאכן (פון די צוגעפירטע) פּראָדוקטן — א פּאָליציייאישע קיך, א שומרישע [31].

טאָן (?)־וויכע 180 רובל מען פירט וואלוטע קיין ביאַליסטאָק. פאַר־באָט פון געבורט פון קינדער [32] — פאַרבאָט — — צעשאָסן עטלעכע צענ־דליקער טויזנטער יידן פון פראַנקרייך [און] דייטשלאַנד — צעשאָסן לעבן קאָוונע, ווילנע [33].

24 מערץ 1942

לעמבערג (באַריכט 24. 3.)

זייט א צוויי חדשים געוועןן אקטועל די איבערזידלונג. פאַרלאַנגען 33.000 ד. ה. א 1/3 יידן שבת 7.[טן] [34]. ייד[ישע] מיליץ געוועזן מאָנטיק גרייט אָנצוהייבן די אַקציע. נעמען די, וואָס געניסן פון סאָצ[יאַלע] הילף, פאַרברעכער, אַרבעטסלאָזע. די אַלע האָבן געוווינט אין זאַמאַרסטינאָוו. פאַר דער בריק נאָר די וואָס אַרבעטן. 20.000 יידן וווינען אין אַרישן טייל. יידן טאָרן נישט פאַרלאָזן זייערע דירות אונטער א טויט שטראָף. קריסטן וואָס באַהאַלטן אויס יידן ווערן באַשטראָפט מיט טויט. — שבת אָנגעהויבן די לאַפּאַנקע מיט א ליסטע. א ייד[ישע] קאָמיסיע האָט סעגרעגירט די געכאַפּטע, פון 1500 באַפרייט 700. די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַ־שטעטיקונג פון אַרבעט האָט מען גענומען. דעם צווייטן טאָג אָנגעהויבן אַ „בלינדע" אַקציע ד. ה. נישט לויט ליסטעס, נאָר די וואָס אַן באַשטעטיקונג ווערן געכאַפּט. בעלי מלאכות רעגיסטרירט זיך ווייניק, ווייל 200 געקאָסט א קאַרטע.

---

31) אין ווילנער געטאָ זענען געווען די פּאָלגנדיקע פּאָלקס־קיכן: די קי־בוצישע (פון השומר הצעיר און החלוץ) אויף סטראַשון־גאַס 2, די קינדער־קיך אויף סטראַשון־גאַס 12, די בונדישע קיך אויף רודניצקע־גאַס 17, די כשרע קיך אויף שפּוועלסקע־גאַס 5, די קיך פון אָנגעשטעלטע פון יודענראַט אויף רודניצקע־גאַס 6.

32) ווי עס גיט איבער ד"ר מאַרק דוואָרזשעצקי אין זיין בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" (פּאַריז 1948), ז' 189 — איז די יידן אין ווילנער געטאָ געווען פאַרווערט, אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף, צו געבוירן קינדער.

33) אין יאַנואַר 1942 זענען נעבן קאָוונע דורכגעפירט געוואָרן גרופּן יידן פון בערלין און אַנדערע אויסלענדישע שטעט און זענען דאָ אומגעבראַכט געוואָרן.

34) שבת, דעם 7־טן מערץ. די אַקציע אין לוואָוו האָט זיך אָנגעהויבן דעם 10 מערץ און געדויערט ביזן 1 אַפּריל 1942.

1.100 א טאָג געדאַרפט צושטעלן, אָבער נישט געקענט צושטעלן אַזאַ צאָל, דעריבער האָט מען אויפגעהערט צו רעספּעקטירן באַשטעטיקונגען פון פּריוואַטע אינסטיטוציעס. שפּעטער האָבן די באַשטעטיקונגען נישט געדעקט. מען האָט דעריבער אויפגעהערט צו רעספּעקטירן באַשטעטיקונגען. מיט דער צייט האָט דער שופּאָ[35] איבערגענומען די גאַנצע אָנפירונג, לכתחילה בלויז אָבסערווירט, אַרויסגעפירט. — 5.000 אויפן קלעפּעראַווסקער באַנהאָף. — א טייל אויף פּאַלעסיע אויף מזרח[36]. נישט ערלויבט אין וואַגאָנען אַריינברענגען עסן און באַגאַזש. שופּאָ געגאַנגען מיט הינט זוכן די באַהאַלטענע.

10 אַפּריל 1942

די נאַכט האָט פּאַסירט פאָלגענדער פאַל: אין דעם באַרימטן לאָך אויף לעשנאָ 5 (געוועזענע פּאָסט), ווו עס פלעגט פאָרקומען דער גרעסטער שמוגל, האָט ביינאַכט אַ זשאַנדאַרם דערשאָסן אַ שמוגלער. ער איז געקומען אין שפּיטאָל, מיטגענומען א דאָקטאָר מיט א קראַנקן־שוועסטער און געקומען ראַטעווען דעם דערשאָסענעם. אינצווישן איז דער פאַרווונדעטער געשטאָרבן. אגב דאָס באַרימטע לאָך — דאָס אומשטערבלעכע לאָך, ווייל מען פלעגט עס כסדר פאַרמוירן און די שמוגלער פלעגן עס יעדן טאָג אויפרייסן, און סוף־כל־סוף נאָך דער מעשה מיטן יונגאַק, וועלכער איז אויף רימאַרסקאַ־גאַס אין צוזאַמענהאַנג מיטן שמוגל דערשאָסן געוואָרן דורך א זשאַנדאַר, דאָך פאַרמויערט געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז עס איז זייער שווער עס אויפצורייסן. דאָס לאָך האָט אויפגעהערט צו ווערן א מעטע.

12 אַפּריל. האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז קיין וואַרשע איז געקומען א פאַרניכטונגס־בריגאַדע, וועלכע האָט געבעטן א דערלויבעניש צו הוליען אין געטאָ צוויי שעה. זי האָט אָבער אַזאַ דערלויבעניש נישט באַקומען. אויערסוואַלד האָט הערויף נישט מסכים געווען. אַ טייל האָבן פאַרציילט, אַז ווען די פאַרניכטונגס־בריגאַדע איז פון דער פּראָווינץ געקומען קיין וואַרשע האָט זי שוין דאָ געטראָפן א באַפעל צו גיין אויפן פראָנט. דער דאָזיקער קלאַנג שטייט אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אַז אין וואַרשע זיינען פאַראַן פאַרשיידענע פרעמדע פאָרמאַציעס, ווי ליטווינער, אוקראַינער א. א. וועלכע וואַרטן נאָר אויף א פּאַסיקן מאָמענט צו פאַרניכטן די יידן. איבעריקנס הערט מען זיך אָן כסדר פאַרשיידענע ידיעות וועגן פאַרניכטונגס־בריגאַדעס, וואָס מעקן אָפּ פון דער אויבערפלאַך גאַנצע ישובים.

פון די דייטשע יידן וועלכע זיינען געקומען מיט עטלעכע טעג צוריק קיין וואַרשע, האָט מען 164 די בעסטע און שענסטע יוגנט, דערפון א גרויסן טייל חלוצים, אַרויסגעשיקט אין דעם שטראָף־לאַגער טרעבלינקע לעבן

35) שופּאָ, שוץ־פּאָליציי.

36) פּאַקטיש דעפּאָרטירט נישט קיין פּאַלעסיע, נאָר קיין בעלזשעץ.

סאַקאַלאָוו[37], ווו דער רוב אַרויסגעשיקטע ווערט אין א קורצער צייט פאַר־ניכטעט. דאָרט איז אין משך פון 3 וואָכן פון 160 אַטוואַצקער יידישע יונגעלייט געבליבן בלויז 38.

7 מאַי 1942[38]

קאָמענדאַנט פון ווילנע הערינג[39] — איך פיר יידן וואָס זיינען מער ווערט ווי איך — לויט א באַפעל פון בערלין איז אַלץ געטאָן געוואָרן. אין גאַסן געברענט יידן: אין אַלע ליטווישע שטעטלעך. אין מיטן שטאָט נאָך דאָ א קבר.

קאָוונע־געטאָ לעצטן חודש געווען א נייע אַקציע[40] — עקאָנאָמיש — אין געטאָ דייטשע פאָליציי. שלעכט, עקאָנאָמיש — דראָט זיי א טויט הונגער.

שאַוול — 4.000 יידן אין פאַבריקן זייער גוט.

ריגע — 4.000 יידן — אין מינסק 900 יידן — זייער א שלעכטע לאַגע. יידן אין די טאָרף־ערטער, ווילנער געגנט.

אין ווילנע 20.000 יידן, צוגעקומען 50.000 יידן, וואָס זיינען צוגעקומען פון די אַרומיקע געגנטן.

שווידערלעך טייער — 43 רובל א קילאָ ברויט — 10 מאַרק א וואָך פאַרדינט אַן אַרבעטער. אין ביאַליסטאָק 13 רובל א קילאָ ברויט, לעבנסמי־טל טייער אין — — געזעלש[אפטלעכע]אַרבעט בליט אין ווילנע — אָוונט־קאָנצערטן — לערער־פאַריין געשאַפן.

אין ווילנע געשאַפן גימנאַזיעס, ליצעומס. — ברית־עברית יעדן פריי־טיק אָוונטן. ליטעראַטן־פאַריין 2 מאָל אין וואָך רעפעראַטן — אין געטאָ זייער פריי. אַ ייד דעסלער[41] אַ פראָוואָקאַטאָר גייט אַן א לאַטע — א לאַטע פון ביידע זייטן. יידישע מלוכה. ס.ס.ס.ר. — סטראַשונא, שאַוועלסקא, שפי־טאַלנע, רודניצקע. יוו״א־ק[42] מיט 20 מענטשן — סעגרעגירט אַרכיוו פון

---

37) די דאָזיקע גרופע צוזאַמען מיט אַ צאָל יידן פון וואַ־שעווער דיס־טריקט איז וואַרשיינלעך באַנוצט געוואָרן צו בויען דעם טויט־לאַגער אין טרעב־לינקע, די א. ג. טרעבלינקע 2.

38) די דאָזיקע נאָטיץ איז נוגע די געטאָס אין ווילנע און ביאַליסטאָק.

39) הערינג איז געווען אַן אַדיוטאַנט פון געביטס־קאָמיסאַר אין ווילנע שווייגענבערג און זיך באַטייליקט אין די בלוטיקע אקציעס אין יולי און אוי־גוסט 1941.

40) אין יאַנואַר 1942 האָט זיך אין קאָוונער געטאָ אָנגעהויבן די א. ג. ריגער אַקציע, 700 יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין לאַגערן אַרום ריגע און דאָ אומגעקומען.

41) סאַלעק דעסלער, שעף פון דער ייד. פאָליציי אין ווילנער געטאָ, דייטשישער אַגענט.

24) יוואָ — זעליג קאַלמאַנאָוויטש.

ייוואָ — סטראַשון — ביבל — [יאָטעק] ליגט אין דער אוניווערסיטעט ביבליאָטעק — דעם.

לערער — הערצל כתב יד געפונען — אַ סך ווערטפולע זאַכן פאַרהאַלטן אין געטאָ — געפונען דעם אַרכיוו פון אַרב[עטער] באַוועגונג.

אין געטאָ [43] איז נישט קיין הימל נאָר אַ שמאָלער פּאַס, געשאַפן אַ ספּאָרט־סעקציע, געמאַכט פריי אַ הויף — נישטאָ קיין איין ביימל — אַ הויף וועלכן מען האָט אָפּגערייניקט וויל מען פאַרוואַנדלען אין אַ באַסיין — בראש פון יודנראַט יאַשונסקי [44] — צווישן יודנראַט און פּאָליציי דאָ אַ ריוואַליזאַציע.

אַ 2.000 יידן אַרבעטן אויס פוטערס און געפינען זיך אויף סלאָוואַצקי־גאַס — אויסערן געטאָ.

ביאַליסטאָק — ג. [עסטאַפּאָ] געפאָדערט די רשימות פון די צוגעקומענע מענטשן פון פּרוזשאַני [45] (אַריבער 2.000 יידן) — מען ריכט זיך אויף אָבלאַוועס — די געקומענע פון ווילנע זיינען באַדראָט — די קהלה געווענדעט זיך וועגן לעגאַליזירן אָפיציעל 35.000 יידן, נישט אָפיציעל 40.000. פון ווילנע אַ 200—300 מענטשן, אַרבעטן אַ סך פאַר באַוואָפענונג: טעקסטיל, לעדער, מעבל, פעסער. די קהלה לייגט אריין די גאַנצע ענערגיע די טעקסטיל־פאַבריקן ווערן באַזעצט מיט יידן, עס ווערן אַרויסגעזעצט פּאָלאַקן. געקומען אַ סך דייטשן, וואָס פאַרלייגן פאַבריקן. די יידן זיינען די אָרגאַניזאַטאָרן און אויספירער פון דער גאַנצער פאַבריק. אַ 2.000 יידן אָדער מער גייען אַרויס פון געטאָ [46]. מען גרייט שוין ווינטער־קליידונג, מען נייט אָן אויפהער. אויסשטעלונג מחוץ פון געטאָ פון זאַכן, וואָס יידן מאַכן. פּאָליטיק פון נישט לאָזן גיין אין די גאַסן, מען זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן. אַפּראָוויזאַציע אַ גוטע. 25 דעקאָ ברויט, פערד־פלייש, בוימ־אייל, קאַרטאָפל. די אַרבעטנדע אַ צוגאָב ½ קילאָ ברויט, יעדער אַרבעטנדער 50 קילאָ קאַרטאָפל. קיין הונגער נישט פאַראַן. אַלץ איז ביליקער. 13 רובל אַ קילאָ ברויט, פוטער 200 רובל. זיכערקייט, אַז אונדז וועט גאָרנישט געשען. יענע געזאָגט, אַז — — די שולן געמישטע: יידישע און העברעישע.

8 מאַי 1942

די שטימונג אין גאַס האָט זיך נאָך דער שחיטה פון 18־טן אַפּריל (דאָס דערשיסן 52 מענטשן אויף די גאַסן [47]) אַ ביסל פאַרבעסערט. דער עולם

---

43) אין ווילנער געטאָ.

44) גזשעגאָזש יאַשונסקי איז נישט געשטאַנען בראש פונעם יודענראַט, נאָר איז געווען אַ מיטגליד און דער לייטער פון די אָפּטיילונגען פאַר אַפּראָוויזאַציע און קולטור. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער אונטערערד.

45) זע הערה 286, (1941).

46) זיין גייען אַרויס אויף אַרבעט אין דער „אַרישער זייט“.

47) בעת דער שחיטה־נאַכט פון פרייטיק דעם 18 אויפן 19 אַפּריל זענען

האָט זיך באַרואיקט און געוואָרן א ביסל אָפּטימיסטיש. מען הויבט ווידער אָן צו גלויבן, אז אין א פּאָר חדשים אַרום וועט זיך די מלחמה ענדיקן און מען וועט ווידער קענען צוטרעטן צו א נאָרמאַלן לעבן. די גוטע שטימונג האָבן צוגעהאָלפן צו שאַפן די פאַלשע קאָמוניקאַטן, וואָס ווערן פאַרשפּרייט נאָך דעם ווי די אמתדיקע האָבן נאָך דער פריטיקדיקער שחיטה אויפגעהערט צו דערשיינען. עס האָבן זיך געפונען פּיפּיקע חברה־לייט (מסתמא אַרבעטסלאָזע זשורנאַליסטן), וואָס רעדאַגירן און פאַרשפּרייטן פאַר געלט די דאָזיקע ליגנערישע קאָמוניקאַטן. וואָס שטייט אין די דאָזיקע קאָמוניקאַטן? ערשטנס, סמאָלענסק איז גענומען געוואָרן דורך א דעסאנט פון 60.000 סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער רוסישער אַרמיי, וואָס געפינט זיך אויף מערב פון סמאָלענסק. דער דאָזיקער קאָמוניקאט האָט אויך גענומען כאַרקאָוו. ביי מורמאַנסק האָט דער קאָמוניקאַט אַרייַנגעלאָזט אויף שיפן א גאַנצע אַרמיי, וואָס איז געקומען אויף 160 שיפן, פון וועלכע קיין איינע איז נישט דערטרונקען געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז נאָכדעם ווי היטלער האָט זיך וועגן דעם דערוווסט (געווען איז שוין נאָך זיין רעדע פון 1 מאַי), האָט ער געחלשט. צו דעם קומט צו א זיג ביי דער אילמען־זעע. דאָרט האָט דער קאָמוניקאט אַוועקגעלייגט 43 טויזנט זעלנער און גענומען אין געפאנגען איבער 80 טויזנט. געשען איז עס מיט דער 10־טער אַרמיי. דערביי זיינען גענומען געוואָרן געפאַנגען צוויי דייטשישע גענעראַלן. אויב דאָס איז אויך ווייניק האָט מען אַוועקגעלייגט מוסאָלינין און געמאַכט א רעוואָלוציע אין איטאַליע. צו דעם אַלעם קומט נאָך צו אן אולטימאַטום פון רוזוועלטן צום דייטשן פאָלק, וועמענס טערמין עס ענדיקט זיך דעם 15־טן מאַי. מיט איין וואָרט: דער יידישער עולם באַגניגט זיך (נישט בלויז) מיט א קאַפיטל תהילים, נאָר מען אַרבעט מעשים צו מאַכן א תל פון שונא און מאַכן וואָס גיכער שלום.

ווען וועט זיך טאַקע ענדיקן די מלחמה? די יידן קענען לענגער נישט אויסהאַלטן, דעריבער ווילן זיי זי פאַר יעדן פרייז וואָס גיכער פאַרענדיקן. פאַראַן ערנסטע מיינונגען, אַז די לאַגע אין דייטשלאַנד דערמאָנט דאָס יאָר 1918. מען פאַררופט זיך אויף שטימען פון באַקאַנטע דייטשן און אויף ידיעות געבראַכטע פון דייטשע יידן, פאַרטריבענע קיין וואַרשע. די דאָזיקע יידן פאַרציילן, אז אין דער לעצטער צייט ווערט דייטשלאַנד פאַרפלייצט פון אומלעגאַלע בלעטלעך א. ג. צירקולאַרן, וואָס רופן די סאָלדאַטן, אַרבעטער, אינטעליגענץ און פאָלקס־מאַסן צו מרידה קעגן דעם רעזשים. א צווייטער באַווייז זאָלן זיין די אומלעגאלע 4—5 ראַדיאָ־סטאַציעס, און די שווערע אַפּראָוויזאַציע־לאַגע. בריוו, פאַרשטייט זיך, שיפרירטע, וואָס קומען אָן פון דייטשלאַנד פאַרציילן אויך וועגן א קאָלאָסאַלער אומצופרידנקייט. דער לעצטער אַרגומענט פאַר דער גיכער פאַרענדיקונג פון דער מלחמה איז דער

אומגעקומען אונטערערדישע טויער, זעצער, מענטשן, וואָס האָבן געשטיצט די אונטערערדישע באַוועגונג און אינציאַטיק — מענטשן פאַרבונדענע מיט גאַנצ־ וויכס „דרייצנטל“.

ייד מיטן צונעמען טשערוויעץ און די טרעפערקע מאַדאַם מ. דער ייד טשער־וויעץ [48] איז א ייד פון נאַלעווקעס, וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט די מלחמה מיט רוסלאַנד אין חודש יוני. ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס וועט ווייטער פאָרקומען האָט ער פאָרויסגעזאָגט, אַז אין נאָוועמבער וועלן די דייטשן בלייבן שטיין און נישט קענען גיין קיין שריט פאָרויס. האָט מען [אים] געגעבן א צונאָמען ליסטאָפאַד [49], שפּעטער האָט מען אים גערופן לוטי [50], ווייל ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז אין לוטי וועט האַלטן שמאָל מיט די דייטשן. איצט רופט מען אים ווידער טשערוויעץ, ווייל ער זאָגט פאָראויס דעם סוף פון דער מלחמה מיט די דייטשן אויף יוני.

די מאַדאַם מ. א טרעפערקע איז אַן אַדוואָקאַטן־אַפּליקאַנטקע, וואָס האָט בשעת דער מלחמה פאַרלוירן איר מאַן א וואַרשעווער אַדוואָקאַט. זי האָט געוווסט וועגן דעם 11 חדשים פריער, אָבער דעם גורל קען מען נישט אויסמיידן — זאָגט זי. אייניקע חדשים פאַר דער מלחמה האָט זי אירע אַן אדהערענטין — א פרוי פון אַן אַדוואָקאַט דיקטירט פרטים וועגן אויסברוך פון מלחמה (גענויע דאַטע) און די באַשרייבונג פון דער באָמבאַרדירונג, פאַרניכטונג פון דער עלעקטראָווניע, מאַנגל אין גאַז, עלעקטריע און וואַ־סער. שפּעטער זאָל זי האָבן פאָראויסגעזאָגט די ווייטערדיקע געשעענישן. מיר איז באַוווסט, אַז א 2—3 חדשים פאַר נאָוועמבער 1941 האָט זי פאָר־אויסגעזאָגט, אַז אין דער צווייטער העלפט נאָוועמבער וועט די דייטשע אַרמיי ליידן א מפּלה אין רוסלאַנד און וועט נישט ווייטער פאָראויסגיין. שפּעטער האָט זי פאָראויסגעזאָגט זייער שווערע מאָמענטן פאַר די יידן. איצט זאָגט זי פאַר, אַז אין יוני וועלן נישט זיין קיין מויערן אין וואַרשע. יידן וועלן אָבער זיין. יידן אין וואַרשע וועלן נישט אויסגעזידלט ווערן. זיי דערוואַרטן אָבער זייער שווערע מאָמענטן. די דייטשן וועלן אַקעגן זיי אונ־טערהעצן די פוילישע באַפעלקערונג. עס וועט פאָרקומען א דרייטאָגיקער פאַגראָם. די וואָס וועלן בלייבן לעבן וועלן אָבער זיך דערוואַרטן די גאולה.

אַן ענלעכע שחיטה ווי פרייטיק דעם 18־טן אַפּריל איז פאָרגעקומען אין א גאַנצער ריי שטעט פון גובערניע [51]. עס זיינען פאַראַן ידיעות וועגן אַזאַ שחיטה אין קראָקע, טאַרנע, טשענסטאָכאָוו, ראַדעם, קעלץ, אָסטראָוויעץ א. א. אומעטום געווען מער ווייניקער צו 50 הרוגים. די הריגות זיינען אויך פאָרגעקומען ביינאַכט אויף די גאַסן. דער עלעמענט א פאַרשיידענער, אין א טייל שטעט האָט מען גענומען די געקומענע פון רוסלאַנד, וועלכע מען באַטראַכט פאַר קאָמוניסטן. אומעטום האָט די אַרטיקע מאַכט דערקלערט, אַז זי האָט נישט געוווסט וועגן דעם, נישט צוגעשטעלט קיין ליסטע וכדומה. אין א טייל שטעט זיינען גלייכצייטיק פאָרגעקומען אַרעשטן, דערביי זיינען

---

48) פויליש: יוני.

49) פויליש: נאָוועמבער.

50) פויליש: פעברואַר.

51) אָנשטאָט גובערניע (איין דיסטריקט) דאַרף זיין גענעראַל־גובערניע.

די אַרעשטירטע אַרויסגעפירט געוואָרן און מען וויסט נישט ביזן היינטיקן
טאָג ווו אַהין. צווישן אַנדערע איז אַרעשטירט געוואָרן דער פרעזעס פון
דער ראַדאָמער קהלה דיאַמענט [52] מיט זיין פאַרטרעטער מערין. פון דעם
אַלעם קען מען דרינגען, אַז עס איז אַ ליגן די באַהויפּטונג פון די קהלה־
לייט, אַז די וואַרשעווער שחיטה איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אומלעגאַ־
לער ליטעראַטור. די סיבה איז געווען אַן אַלגעמיינע: הימלער האָט בשעת
זיין לעצטן באַזוך געמוזט אַרויסלאָזן אַ באַפעל מען זאָל אומעטום אויספירן
די שחיטות, כדי צו וואַרפן אַ שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג.
מסתמא שטייט עס אין צוזאַמענהאַנג מיט די פרילינגס־קאַמפּן בשעת וועלכע
מען וויל האָבן אַ זיכערן „טיל"[53]. דעריבער האָט מען געמוזט אַריינגעבן
אַ פאַרציע טעראָר, כדי מען זאָל נישט האַלטן דעם קאָפּ צו הויך.

די ערשטע טעג מאַי און די לעצטע טעג פון חודש אַפּריל זיינען גע־
שטאַנען אונטערן צייכן פון מורא פאַר אויסזידלונג. פון וואַנען עס האָט זיך
גענומען דער דאָזיקער קלאַנג ווייסט מען נישט. יש שאומרים, אַז פאַר־
שפּרייט האָבן עס די פוילישע סוחרים, כדי צו באַווירקן די יידישע באַפעל־
קערונג זי זאָל אָנהייבן אויספאַרקויפן אירע זאַכן. מען האָט אפילו גערעדט
וועגן אַ ציפער פון 150 ביז 200 טויזנט אויסגעזידלטע, דערביי האָט מען
אַפילו באַשטימט די ריכטונג: רומעניע. די קלאַנגען וועגן אויסזידלונג פון
די נישט פּראָדוקטיווע עלעמענטן האָבן זיך גענומען פון דער קיך־אָפּטיילונג
ביים ק.אָ.מ. [54] וועגן דעם, אַז פון די קיכן וועלן קענען געניסן נאָר אַרבעטנ־
דיקע עלעמענטן. דער עולם האָט אין דעם געזען אַ סימן, אַז די נישט
פּראָדוקטיווע עלעמענטן וועלן באַזייטיקט ווערן פון וואַרשע. פון קהלה־
ספערן האָט מען פאַרזיכערט, אַז די סכנה וועגן אויסזידלונג, וועלכע האָט
געשוועבט איבער אונדזערע קעפּ, איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ דאַנק דעם,
וואָס אין געטאָ זענען פאַראַן אַרבעטס־וואַרשטאַטן וועלכע אַרבעטן פאַר די
באַדערפעניש פון דער דייטשער אַרמיי. עס איז אַ טראַגישער קנויל יידן
האָבן רעכט צו לעבן נאָר דעמלט, ווען זיי אַרבעטן פאַר די באַדערפענישן
פון דער דייטשער אַרמיי. אַזוי איז געווען אין ווילנע, ראָוונע און אין צענ־
דליקער אַנדערע שטעט, ווו עס זיינען פאָרגעקומען מאַסן־שחיטות פון דער
יידישער באַפעלקערונג. געבליבן לעבן זיינען נאָר די, וואָס האָבן דירעקט
אָדער אומדירעקט געאַרבעט פאַרן דייטש. אַזאַ טראַגעדיע פון אַ פאָלק איז
נאָך נישט געווען אין דער געשיכטע. אַ פאָלק, וואָס האָט מיט אַלע רמ"ח
אברים דעם דייטש קען אויסקויפן זיך פון טויט נאָר פאַרן פרייז פון צו־
העלפן דעם שונא צום זיג, צו דעם זיג וואָס באַטייט די פולשטענדיקע

52) יוסף דיאַמאַנט, דער פרעזעס פונעם יודענראַט פון ראַדאָמער געטאָ, איז אומגעקומען אין מאַי 1942. אברהם מערין איז געווען זיין פאַרטרעטער.

53) פויליש: הינטערלאַנד.

54) פוילישע ראשי תיבות: קאָמיטעט אָפּיעקונטשי מיעיסקי (שטאָטישער הילפס־קאָמיטעט).

פאַרטיליקונג פון די יידן פון דער אויבערפלאַך פון אייראָפּע און אפשר פון דער גאַנצער וועלט.

דאָס וואַרשעווער געטאָ אַרבעט טאַקע אינטענסיוו פאַר די דייטשן. מען אַרבעט איבער מלבושים פון די געהרגעטע זעלנער, מען גרייט צו שוין צום ווינטער וואַטעגע הויזן, וועסטלעך און מאַרינאַרקעס. מען אַרבעט אויס שטרויענע שיך, מעבל וכדומה. דער צענטער פון דעם אַלעם איז די פירמע טעבענס אויף פראָסטע 12, וווּ עס אַרבעטן איבער 1.000 אַרבעטער. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דעם אויפנאַם־צימער פון דעם ווערקלייטער בויך[55] הענגען אויף דער וואַנט עטלעכע שפּיצרוטן פון פאַרשיידענע גרויסן און גראָב. דאָס זיינען, ווייזט אויס געצייגן, אַן וועלכע עס קען זיך נישט באַגיין קיין דייטש. דאָס זיינען סימבאָלן פון דעם בלוט־דורשטיקן היטלעריזם, וועלכע מען טרעפט אומעטום אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין אַרבעטס-לאַגער, אין תפיסה און אַפילו ביי דער אַרבעט.

מען פאַרציילט פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע מעשה, וואָס גיט אַ באַגריף וועגן דער באַציונג פון די פּוילישע יידן צו צדקה. דער ראַדזינער רבי האָט מיט אַ 2 יאָר צוריק געשריבן צו זיינע חסידים אין לובלין זיי זאָלן פאַרקויפן די מעבל און דאָס געלט אַוועקגעבן אויף צדקה. ער פאַרשטייט, אַז זיי מאַכן נישט איצט קיין געשעפטן, דעריבער האָבן זיי נישט קיין געלט, על־כן זאָלן זיי פאַרקויפן די מעבל. די חסידים האָבן אים נישט געפאָלגט און די מעבל נישט פאַרקויפט. די דייטשן האָבן אין לובלין צוגענומען אין כמעט אַלע דירות די מעבל. שפּעטער האָט דער רבי געשריבן צו די חסידים זיי זאָלן פאַרקויפן די פוטערס און דאָס געלייזטע געלט אַוועקגעבן אויף צדקה. די חסידים האָבן אים ווידער נישט געפאָלגט, זיינען געקומען די דייטשן און צוגענומען ביי אַלע די פוטערס. שפּעטער האָט דער רבי געשריבן צו די חסידים זיי זאָלן פאַרקויפן די בגדי שבת און דאָס געלט פאַרווענדן אויף צדקה. אויך דאָס האָבן נישט געטאָן די חסידים און די יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון לובלין.

מיט צוויי דריי טעג צוריק (5 — 6 מאַי 42) איז פאָרגעקומען אַ כאַראַקטעריסטישע שמוגל־געשיכטע. דאָס ראָג־הויז פראַנצישקאַנער 21, וואָס ליגט ביי דער מויער איז אַ צענטער פון שמוגל. ביי דער וואַנט ווערט אַראָפּגעלאָזט אַ לייטער און עס גייט אַ גאַנצע נאַכט אַ גרויסער שמוגל. האָבן זיך אָבער די שמוגלער צוקריגט און מען האָט געמסרט דאָרט ווו מען דאַרף. ביינאַכט זיינען געקומען זשאַנדאַרמען און געטראָפן דעם עולם ביי דער סאַמע ברען פון דער אַרבעט. האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן פון אַ מאַשין־געווער און אויפן אָרט דערשאָסן אַ שמוגלער, איינעם אָדער צוויי פאַרוונדעט. דאַן האָבן זיי געמאַכט רעוויזיעס אין אַלע דירות, צוגענומען אַ סך סחורה און 40 שמוגלער פאַרהאַלטן. דעם צווייטן טאָג האָבן אָבער די מאַכערס געמאַכט שלום. פאַרן פרייז פון 40.000 זל. האָט מען

55) באַוך איז געווען דער דייטשישער דירעקטאָר פון טעבענסעס פאַבריקן.

אומגעקערט די צוגענומענע סחורה און אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי די שמוגלער. די זשאַנדאַרמען האָבן פאַרלאַנגט די סומע אַלס אַנטשעדיקונג פאַר דעם שאָדן וואָס מען האָט זיי פאַרשאַפן פירנדיק דעם שמוגל דורך דער וואַנט און נישט דורך דער וואַך, ביי וואָס די זשאַנדאַרמען וואָלטן געקאָנט פאַרדינען. דער הויפּט־שמוגל גייט איצט דורך די וואָכן. דער פּרייז איז 100 זל. פון אַ וואָגן. דער בעל־עגלה מוז קענען דעם פּאַראָל. אַנדערש ווערט ער נישט אַדורכגעלאָזן. פאַראַן זשאַנדאַרמען, וואָס מאַכן ביי איינע 2 שעה ביז 2.000 זל. דער שמוגל דורך די וואַנט קומט אָבער ווייטער פאָר. ער קאָסט כמעט יעדן טאָג קרבנות, פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. דערביי טרעפט אָפט, אַז געהרגעט ווערן אַפילו מינדעריעריקע און קינדער. פאַראַן צווישן די זשאַנדאַרמען איינער, וואָס איז געוואָרן אַ שם דבר פון אַן אָרנטלעכן דייטש. מען רופט אים דזשענטעלמען. ער נעמט נישט קיין כאַבאַר און לאָזט אַדורך וועגן מיט סחורה. ער לאָזט אויך אַדורך צענדליקער יידישע קינדער, וואָס קויפן איין אויף יענער זייט דער רוב קאַרטאָפל און אַנדערע ירקות. יעדן טאָג פאַרציילט מען זיך וועגן אים וווּנדערלעכע מעשיות פון זיין גוטקייט און אָרנטלעכקייט. ער מאַכט מיט די שמוגלער — קינדער פאַרשיידענע קונצן. ער שטעלט זיי אויס אין רייען, הייסט זיי זינגען און פירט זיי אַריבער מיט גרויס פאַראַד. אויך די קאָנט־ראָלערן לאָזן זיך איבערקויפן. נישט לאַנג האָט פּאַסירט, אַז עס איז „פאַר־ברענט" געוואָרן (ד. ה. צוגענומען געוואָרן) אַ גאַנצער וואָגן מיט שמוגל. עס איז אָבער גענוג געווען 200 זל., דער קאָנטראָלער זאָל זיך לאָזן איבער־רעדן און אַריינלאָזן דעם וואָגן אין געטאָ. נישט אומזיסט זאָגט אַ שפּריכ־וואָרט, אַז דריי זאַכן זיינען אומבאַזיגבאַר: די דייטשע אַרמיי, די ענגלישע אינזל און דער יידישער שמוגל.

טשערטשיל, פֿאַרציילט מען, האָט איינגעלאַדן צו זיך דעם גערער רבין און געראַטן זיך מיט אים ווי אַזוי איינצונעמען דייטשלאַנד. דער רבי האָט אים געגעבן פאָלגנדע תשובה: עס זיינען דאָ צוויי אויסוועגן. אָדער על פי דרך הטבע אָדער על פי נס. דער דרך הטבע איז, אַז אַ מיליאָן מלאכים מיט פלאַמענדיקע שווערדן זאָלן אָנפאַלן אויף דייטשלאַנד און עס פאַר־ניכטן. דער נס איז, אַז אַ מיליאָן ענגלענדער זאָלן מאַכן אַ דעסאַנט אין דייטשלאַנד און פאַרניכטן עס.

מען פילמירט איצט דאָס געטאָ. מען האָט אַ צוויי טעג פילמירט דאָס יידישע אַרעשט, די קהלה. אויף סמאַטשע האָט מען צונויפגעטריבן דעם יידישן עולם און געהייסן די ייד[ישע] פאָליציאַנטן פונאַנדערטרייבן. אויף אַן אַנדער אָרט האָט מען פילמירט ווי אַזוי אַ יידישער פאָליציאַנט וויל שלאָגן אַ ייד און אַ דייטש קומט צו הילף דעם אָנגעפאַלענעם ייד און לאָזט אים נישט שלאָגן.

אויף דעם בית־עולם איז דאָ אַ גרויסע דייטשע אויפשריפט, אַז דייטשן טאָרן נישט באַזוכן דעם יידישן בית־עולם. די סיבה איז כלומרשט אַ סאַ־ניטאַרע, פאַקטיש איז די סיבה אַן אַנדערע. עס פלעגן מאַסן דייטשן קומען

אויפן בית־עולם און באַקוקן די באַרימטע שאָפּע, ווו עס ליגן יעדן טאָג היפּנס מתים־שקעלעטן געפונענע אין גאַס, אָדער די אַרעמסטע, געשטאָר־בענע פֿאַר הונגער, קאַנדידאַטן פֿאַר די מאַסן־קברים. בשעת די באַזוכן פֿלעגן קומען צווישן די דייטשן גופא צו דיסקוסיעס וועגן דער יידן־פּראַגע. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט הנאה פֿון די קרבנות פֿון דער היטלעריסטישער אויסראָטונגס־פּאָליטיק, געווען אָבער אַנדערע, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער עמפּערונג קעגן דעם און אָנגערופֿן עס „דייטשע קולטור". עס ווייזט אויס, אַז די עקסקורסיעס האָבן געהאַט אַ פּאַטאַלע ווירקונג אויף די באַזוכער, און דעריבער האָט מען זיי אָפּגעשאַפֿן.

12 מאַי 1942

היינט דעם 12 מאַי 42 האָט ווידער פּאַסירט אַן ענלעכע מעשה ווי פֿרייטיק דעם 18 אַפּריל. מען האָט די נאַכט אויף דעם זעלבן שטייגער דערשאָסן 4 יידן: שקלאַר, פּאסס, זאקס (אַ ספּאָרטסמען) און טענענבוים [56]. די מענטשן האָבן ווייזט אויס אַ שייכות געהאַט צו דער פֿרייהייט־באַוועגונג. מען האָט זיי ביינאַכט אַרויסגעפֿירט פֿון פּאַוויאַק און דערשאָסן אויף פֿאַרשיידענע גאַסן. דאָס איז געווען זייט אַפּריל אַ מעטאָד: שיסן מענטשן אין די גאַסן. דער צוועק: וואַרפֿן אַ מורא אויף דער באַפֿעלקערונג, אָנשרעקן, טעראָריזירן. קיין וואַרשע אין געטאָ האָט מען געבראַכט צוויי הונדערט טויזנט מונדירן פֿון געהרגעטע זעלנער. די מונדירן זענען שרעקלעך פֿאַרלייזיקטע און איינגעטונקען אין בלוט. פֿון דער צאָל צוויי הונדערט טויזנט בלויז אין וואַרשע קען מען האָבן אַ באַגריף וויפֿל הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען עס זיינען געפֿאַלן אין דעם ווינטער אויפֿן מזרח. אין די קעשענעס פֿון אַ סך געפֿאַלענע זיינען דאָ אויפֿרופֿן אַראָפּגעוואָרפֿענע פֿון די סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען, וואָס זיינען אַ מין פּאַספּאָרט באַטראַכט צו ווערן ביי די סאָוויעטן פֿאַר אַ פֿריינט. הגם עס זיינען באַשטימט געוואָרן האַרבע שטראָפֿן פֿאַר די וואָס באַהאַלטן אַזעלכע אויפֿרופֿן, זיינען אַפֿילו אין די טאַשן פֿון אַ סך אָפֿיצירן באַהאַלטן געווען די דאָזיקע אויפֿרופֿן. אויסער דעם זיינען אין די קעשענעס פֿאַראַן בריוו פֿון פֿריינט און פֿאַמיליעס אין דער היים, וואָס גיבן אַן איבערבליק איבער די שטימונגען פֿון די זעלנער און פֿון הינטערלאַנד. דער אַלגעמיינער איינדרוק איז, אַז די שטימונג פֿון די זעלנער [איז] אַ געהרגעטע. דער פּראַגער בית־עוֹלם, וואָס איז אַלט איבער 150 יאָר, ווערט ניוועלירט. די טיטולאָנים לאָזן נישט רוען אַפֿילו די טויטע. איבעריקנס ענלעכע זאַכן זיינען דורך זיי אָפּגעטאָן געוואָרן אין אַנדערע שטעט פֿון פּוילן און פֿון דייטשלאַנד. אַזאַ קליינינקייט, ווי די אַלט־

---

[56]) משה סקלאַר — אַ זעצער, טוער פֿון „בונד" און פּוֹעַלֵי ציון. דרוקעראַריין, אָרגאַניזאַטאָר פֿון אונטערערדישע פּרעסע. פּאסס — זעצער, מיטגליד פֿון „בונד". טענענבוים — זעצער.

קייט פון אַ בית־עולם, זיין קולטור־היסטאָרישע באַדייטונג שפּילט פאַר זיי קיין שום ראָלע נישט.

די דרום־אַמעריקאַנישע בירגער, וואָס וווינען אין געטאָ, זיינען גערופן געוואָרן אין פּאַוויאַק. דאָרט האָט מען זיי דערקלערט, אַז ביזן 18־טן ד. ח. דאַרפן זיי פאַרלאָזן וואַרשע, זיי פאָרן קיין שווייץ ווו מען וועט זיי איינטוישן אויף דייטשן פון דאָרט. עס איז אָבער אַ פראַגע צי די געמלאָכהטע בירגער ד. ה. די וואָס האָבן זיך געקויפט די בירגערשאַפט שוין בשעת דער מלחמה וועלן דערפון קענען געניסן.

אַ רעטעניש: סוריק, אַ סאָוויעטישער בירגער, געזעסן אין פּאַוויאַק צוזאַמען מיט אַלע רוסישע בירגער, דרייט זיך איצט אַרום פראַנק און פריי, אָן אַן אָפּאַסקע וווינט אויף יענער זייט, מאַכט געשעפטן. ווי אַזוי מאַכט ער דאָס? וואָס פאַר אַ פּרייז האָט ער באַצאָלט פאַר דער געוווּנענער פרייהייט?

דאָס געטאָ איז אָפּטמאָל דער פאַרמיטלער צווישן די קריסטלעכע סוחרים גופא. דאָס קלינגט אויבנאויפיק ווי אַ פּאַראַדאָקס. אָבער אַזוי איז עס. קריסטלעכע סוחרים האָבן מורא איינער צו האַנדלען מיטן צווייטן, ווייל צוליב דער פרייז־איבערוואַכונגסשטעלע האָט מען מורא דאָס געוועלב זאָל נישט פאַרמאַכט ווערן צוליב די הויכע פרייזן. אויב מען קויפט אָבער און פאַרקויפט אין געטאָ, זיינען נישט גילטיק קיין שום פרייזן. מעג מען נעמען וויפיל מען וויל. נישט לאַנג האָב איך געהערט וועגן אַזאַ מעשה: איין פירמע האָט געקויפט 1.000 קאַרביד־לאָמפּן, האָט מען די לאָמפּן געבראַכט אין געטאָ און דאַן צוריקגעשמוגלט צו אַ צווייטער קריסטלעכער פירמע. דאָס זעלבע געהערט וועגן אַנדערע פירמעס. לעצטנס זיינען די האַרטע געשטיגן פון 150 אויף 186 זל. די סיבה זאָל זיין פאָלגנדע: אַזוי ווי סחורה ווערט רעקווירירט האָבן פוילישע סוחרים באַשלאָסן צו לאָקירן זייער געלט אין וואַלוטע. די וואַלוטע ווערט אַלזאָ אַרויסגעשיקט אויף יענער זייט.

די דעמאָראַליזאַציע פון דער פוילישער פּאָליציי און פון פּוי[לישע] געהיים־[אַ]גענטן איז אין לשער. זיי טוען גאָרנישט אין געטאָ, נאָר דרייען זיך אַרום אין גאַס, פאַרהאַלטן וועגנס מיט סחורה און פרעסן אויס פּרעטענזיע־געלט. דער עולם ציטערט פאַר זיי און גיט זיי וואָס זיי ווילן נאָר. זיי באַקומען ביי אַלע סוחרים חודש־פּענסיע. די געהיים־אַגענטן פון דעם צירקל אַרום פראַנצישקאַנער־גאַס באַקומען צו 200 זל. פון יעדן לעדער־סוחר. דאָס געלט נעמט צונויף איין סוחר און טראָגט עס צו די 8 אַגענטן פון דעם ראַיאָן. אויב עמעצער וויל עפענען אַ געהיים מילעכל, מוז ער פריער מעלדן די אַגענטן און באַצאָלן אויסקויף־געלט. אַ נישט דראָט אים ער זאָל מוזן [צאָלן] ביים כאַפּן אים ביי דער אַרבעט אַ שטראָף פון 2.000 זל. די צאָל מילעכלעך איז זייער אַ גרויסע. אין כמעט יעדן הויז ווו עס איז דאָ עלעקטריע, איז דאָ אַמילעכל.

מען פילמט אַלץ נאָך דאָס געטאָ. יעדע סצענע ווערט איינרעזשיסירט. נעכטן האָט מען אַ קינד געהייסן אַריבערלויפן אויף יענער זייט געטאָ־

טויער (ראַג לעשנאָ־זשעלאַזנע) און דאָרט קויפֿן קאַרטאָפל. אַ פּוילישער פּאָליציאַנט האָט דעם יינגל געכאַפּט און אויפֿגעהויבן אַ האַנט כדי עס צו שלאָגן, אין דעם מאָמענט איז אונטערגעלאָפֿן אַ דייטש און אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאָלאַק פֿאַר דער האַנט: אַ קינד טאָר מען נישט שלאָגן. היינט האָט מען באַשטעלט אַ שוחט און דאָרט געהייסן אים שעכטן אַן עוף. זייערע געוואַלדעס אין דעם קהלה־בנין האָבן געגרייכט ביז צום הימל. פֿון וואַנען האָבן זיי אַזויפֿיל כוח צו שרייען. צוליב יעדער קלייניקייט האָבן זיי אויפֿגעהויבן געוואַלדעם עד לב השמים.

לעגאַלע קאָנספּיראַציע קען מען אָנרופֿן די תקופה ביז צום באַרימטן פֿרייטיק 18 אַפּריל. אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן געפֿירט אַ כמעט האַלב־לעגאַלע טעטיקייט, אויסגאַבן האָבן זיך געמערט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. גיסטו אַרויס אַ צייטונג איין מאָל אין חודש — גיב איך אַרויס צוויי מאָל אין חודש, גיסטו אַרויס צוויי מאָל אין חודש — דערשיינט מיינע יעדע וואָך, ביז וואַנען עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער ביולעטין פֿון אַ געוויסער ריכטונג איז אַרויס צוויי מאָל אין וואָך [57]. דער קאָלפּאָרטאַזש איז געווען בפֿני כל עם ועדה. מען פֿלעגט בלעטלעך און קאָמוניקאַטן לייענען אין ביוראָען, וואַרשטאַטן וכדומה.

פֿאַרזאַמלונגען פֿון פֿאַרשיידענע פּאַרטייען פֿלעגן פֿאָרקומען כמעט אָפֿן אין געזעלשאַפֿטלעכע לאָקאַלן. מען פֿלעגט אַפֿילו מאַכן גרויסע פֿייערונגען עפֿנטלעך. אויף איינער אַזאַ פֿאַרזאַמלונג האָט אַ רעדנער פֿאַר אַן עולם פֿון אַ 150 מענטשן גערעדט וועגן אַקטיוון ווידערשטאַנד. איך האָב בייגעווינט אַ פֿייערונג מיט 500 יוגנטלעכע פֿון איין גרופּירונג. מען האָט געוווּסט ווער עס זיינען די מחברים פֿון די אַרטיקלען אין די צייטונגען. מען האָט אַפֿילו שוין צווישן זיך פּאָלעמיזירט און דאָרט כמעט זיך געזידלט ווי אין די גוטע פֿאַרמלחמהדיקע יאָרן. עס האָט זיך אַלעמען געדוכט, אַז מען מעג אַלץ. אַפֿילו פּוילישע אומלעגאַלע אויסגאַבן, ווי „באַריקאַדאַ וואָלנאָשטשי" (אַזאַ ווערסיע געהערט — נישט קאָנטראָלירט) פֿלעגן געדרוקט ווערן און פֿאַרשפּרייט אין געטאָ [58]. דער עולם האָט געמיינט, אַז די דייטשן אַרט ווייניק, וואָס די יידן טראַכטן און טוען. געמיינט האָט מען, אַז זיי גייט נאָר וועגן אויסשפּיאָנירן יידישע סחורות, געלט, וואַלוטע — גייסטיקע זאַכן האָבן זיי נישט אָנגעגאַנגען. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ טעות. דער בלוטיקער פֿרייטיק, בשעת וועלכן מ'האָט דערשאָסן די אַרויסגעבער, קאָלפּאָרטערן פֿון אומלעגאַלע אויסגאַבן, האָבן באַוויזן, אַז דאָס פּאָליטישע

---

57) „ביולעטין" — אומלעגאַלע בונדישע צייטשריפֿט אין וואַרשעווער געטאָ.

58) „באַריקאַדאַ וואָלנאָשטשי" (די באַריקאַדע פֿון פֿרייהייט) — אומלעגאַלע צייטשריפֿט פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטן (לינקע אָפּשפּאַלטונג פֿון פּ.פּ.ס.), וועלכע האָט געהאַט אַן אָפּטיילונג אין געטאָ, וו עס איז דערשינען אַ צוגאָב־צייטשריפֿט צו „באַריקאַדאַ וואָלנאָשטשי" א. נ. „געטאָ פּאָדזשעמנע" (אונטערערדישע געטאָ).

פּרצוף פֿון די ייִדן איז נישט גלייכגילטיק פֿאַר זיי, באַזונדערס ווען עס האָט אַ שייכות צו דער פּוילישער זייט.

די קהלה־לייט האָבן געפּרוּווט אויסצונוצן דעם בלוטיקן פּרייטיק, כּדי פֿולשטענדיק צו דערדריקן דאָס געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע לעבן אין געטאָ. זיי האָבן פֿאַרשפּרייט קודם־כּל דעם קלאַנג, אַז דער „פּרייטיק" איז פֿאָרגעקומען צוליב די אומלעגאַלע אויסגאַבן, און אַז מען האָט זיי געוואָרנט, אַז אויב דאָס וועט זיך איבערחזרן, וועט מען אָפּטאָן מיט וואַרשע דאָס זעלבע וואָס מיט לובלין, ד. ה. אויסזידלען די ייִדישע באַפֿעלקערונג. עס שטעלט זיך נאָך אַ פֿראַגע: פֿאַרוואָס זיינען ענלעכע שחיטות לויט דעם זעלבן שטייגער (דערשיסן אין די הייף) פֿאָרגעקומען אין ראָדעם און אין אַנדערע שטעט — דאָרט זיינען דאָך קיין אומלעגאַלע אויסגאַבן נישט געווען. געהערט אַ מיינונג, אַז די פּרייטיקדיקע שחיטה האָט רעהאַביליטירט דאָס געטאָ. צום ערשטן מאָל איז פֿאַרגאָסן געוואָרן ייִדיש בלוט פֿאַר אַ פּאָליטישן טאַט.

די פֿאָלגן פֿון דעם בלוטיקן פּרייטיק זיינען גאַנץ שווערע. די אומלעגאַלע פּרעסע האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פּאָליטישע טעטיקייט איז באַדייטנד אָפּגעשוואַכט. עס איז פֿאַרקלענערט געוואָרן דער אינטערעס צו אימפּרעזן. אַ שווערער קלאַפּ האָט זיך געלייגט אויף די געמיטער פֿון דער באַפֿעלקערונג.

אַ האַלבע שטאָט נעכטיקט נישט היינט אין דער היים. יעדער וואָס האָט נאָר געהאַט די קלענסטע שייכות צו וועלכער נישט געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט האָט מורא. אַזוי ווי די שחיטה איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון ייִדישע מוסרים (וואָרשיינלעך פֿון דער פֿירמע קאָן און העלער) ציטערט מען אַרויסצורעדן איינער צום אַנדערן אַ וואָרט. די ענגלישע קאָמוניקאַטן, וואָס פֿלעגן פֿריער אַזוי שטאַרק פֿאַרשפּרייט ווערן (אַ טייל מענטשן האָבן דערפֿון געהאַט פּרנסה) האָבן אויפֿגעהערט צו דערשיינען. אַזוי ווי אָבער מענטשן זיינען דורשטיק נאָך אַ ידיעהלע, באַקט מען ליגנס אויף וואָס די וועלט שטייט. דערביי קומט יעדן טאָג צו אַ נייע פֿאַרציע ליגנס. נאָך דער פּרייטיקדיקער שחיטה האָבן זיך געפֿונען קאָמבינאַטאָרן, וואָס האָבן אויסגענאַרט געלט ביי מענטשן מיט אַ תּירוץ, אַז מען נעמט זיי אַראָפּ פֿון נייע שחיטה־ליסטעס. דער ביישפּיל בליימאַן, וועלכן מען האָט אין דער לעצטער וואָך פֿאַר דער שחיטה שאַנטאַזשירט און געפֿאָדערט 5.000 זל. אויסלייז־געלט, האָט אָנגעוואָרפֿן אויף די מענטשן אַ מורא פֿאַר די שאַנטאַזשיסטן. פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך הייבט מען אָבער אָן ווידער אויסצוגלייכן די פּלייצעס. מער נישט די לעגאַלע קאָנספּיראַציע ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַן אמתדיקער קאָנספּיראַציע, וואָס דרינגט אַריין טיפֿער אונטער דער ערד.

די ייִדישע געסטאַפּאָווצעס זוכן שוין איצט אַן אַליבי. זיי באַמיִען זיך מיט אַלע מיטלען אויסצופּיינערן זיך און צו באַווייזן, אַז זיי זיינען אָרנטלעכע, גוטע ייִדן, וואָס האָבן אין זינען די ענינים פֿון כּלל. גאַנצוויילך איז אַ גאַנצער מעצענאַט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער. ער

מאַכט כסדר אויפנאַמעס פאַר יידישע שרייבער, אַרטיסטן און גיט גוט צו עסן, וואָס איז אין די היינטיקע צייטן די וויכטיקסטע זאַך. נישט לאַנג האָט ער געמאַכט אַ גאַנצע נאַכט אַ פייערונג פאַר דעם „עלדאָראַדאָ". יידישע שרייבער, ווי הלל צייטלין[59] באַקומען ביי אים חודש־שכירות (500 זל. צייטלין). יצחק קאַצענעלסאָן איז ביי אים אַן אַריינגייער פון צייט צו צייט, לאַזאַראָוויטש, דער רעוויזיאָניסט פון „מאָמענט" צי פון „היינט"[60] איז זיין נושא כלים. ער האָט געעפנט די פייערונג בשעת מען האָט געלאָזט אין באַוועגונג דאָס קעטשל „מרים" פון דער „פּאָגאָטאָוויע" (לויטן פאָרנאָמען פון מאַדאַם גאַנצוויך). סאַמבערג[61] איז אַ גאַנצער גוטער פריינט מיט גאַנצוויכן. אַפילו ד"ר שיפּער האָט זיך געלאָזט פאַרבעטן צו אים, אויף פּיש אויף פּרייטיק. נאַטירלעך, אַז גאַנצווייך האָט עס גלייך צעטרומייטערט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי ד"ר שיפּער קומט צו אים אַריין. אַ גאַנצע ריי אַרטיסטן באַקומען ביי אים חודש־פּענסיע. איצט האַלט ער ביים שאַפן אַ פאַטראָנאַט איבער יידישע שרייבער און אַרטיסטן. גאַנצווייך מאַכט גלענצנדע געשעפטן. ער האָט די אַדמיניסטראַציע פון 100 הייזער, וואָס ברענגט אים אַריין אַ סך פּרנסה. אויסער דעם האָט ער אַ חודש 30 פּשעפּוסטקעס, פאַרוואָס ער באַקומט צו עטלעכע טויזנט. זל. אַ פּשעפּוסטקע[62]. אויסער דעם איז ער א שותף צו פאַרשיידענע געשעפטן. מיט איין וואָרט: ער מאַכט אַ ריזן־פאַרמעגן. גאַנצוויכס פונקציע אין געטאָ איז נישט אינגאַנצן אַ קלאָרע. איינס איז אָבער זיכער, אַז אומזיסט באַקומט מען גאָרנישט. פאַר אַלץ מוז מען צאָלן. גאַנצווייך האָט אויף פסח געשיקט פאַר די יידישע שרייבער 6.000 זל.

18 מאַי 1942.

די געטאָ־חיה עסט אויף אירע אייגענע קינדער. פאַראַן אַזעלכע חיות, וואָס עסן אויף זייערע אייגענע קינדער. פאַרוואָס זי טוט עס וועלן [מיר] זיך דאָ נישט גראָבלען. אַ פאַקט, אַז אַזאַ נאַטור דערשיינונג איז פאַראַן. דאָס זעלבע טוט די געטאָ מיט אירע יידישע אַגענטן, וועלכע ווערן איינער נאָך דעם אַנדערן אָפּגערוימט אַזוי אַז די פירער אַליין, גאַנצ־

---

59) הלל צייטלין (1872—1942), באַוווסטער יידישער שריפטשטעלער פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלן לאַגער, מיטאַרבעטער פון „מאָמענט", פאָטער פון באַוווסטן דיכטער און דראַמאַטורג אהרן צייטלין און פונעם זשורנאַליסט אלחנן צייטלין. אומגעקומען בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ אין יולי 1942, איז אַוועק צום טויט איינגעהילט אין אַ טלית.

60) נישט לאַזאַראָוויטש, נאָר לייזעראָוויטש; געווען אַ מיטאַרבעטער פון „היינט".

61) אייזיק סאַמבערג, באַוווסטער יידישער שוישפּילער. אומגעקומען אין טראַווניק אין נאָוועמבער 1943.

62) עס זענען געווען נישט בלויז פּערזענלעכע פּשעפּוסטקעס (ציגעניישן, דערלויבענישן), נאָר אויך אויף אַריין־ און אַרויספירן סחורות.

ווייך, קאָן און העלער, ערליך, ציטערן שוין אַליין פֿאַר זייער פּעל. די סיבות
זיינען מסתמא פֿאָלגנדע: ערשטנס, ווייסן די יידישע אַגענטן צופֿיל, נישט
איין געשעפֿט האָט מען געמאַכט בשותפות, האָט מען מורא טאָמער וועט
דער ייד עס פֿאַרציילן אַ צווייטן דייטש און מען וועט דערביי אַדורכפֿאַלן.
צווייטנס זיינען פֿאַראַן קאָנקורירנדע געסטאַפּאָ־גרופּן. יעדער גדול, יעדע
אָפּטיילונג פֿון געסטאַפּאָ האָט זיך אירע אַגענטן קריגט זיך איין געסטאַפּאָ־
גדול מיטן צווייטן, הרגעט ער איינצווישן די אַגענטן פֿון דעם־צד שכנגד.
די דריי פֿריער דערמאָנטע גדולים רעפּרעזענטירן דריי קאָנקורירנדע גרופּן.
אגב הייסט גאַנצווייך ביי קאָן און העלערן — אזעף[63]. איצט האָט דוכט זיך
די שטאַרקסטע השפּעה: קאָן און העלער. דעריבער זיינען דעם באַרימטן
פּרייטיק געפֿאַלן די אַגענטן פֿון די קאָנקורענטן: גאַנצווייך און ערליך. ער־
ליכס שותּף גורמאַן גערופֿן כלאָפּאַק איז דערשאָסן געוואָרן, דאָס זעלבע
איז געשען מיט גאַנצווייכס גוטע פֿריינט, וואָס זיינען די נאַכט דערשאָסן
געוואָרן אין דעם באַקאַנטן נאַכט קאַבאַרעט (מילנאַ 18, אַריזאָנאַ). נאָך פּרי־
ער זיינען דערשאָסן געוואָרן די באַקאַנטע געסטאַפּאָווצעס מילעק טינע
(געווען אויף די ווענט אַזאַ אויפשריפט: Psu — psia śmierć, zdechł
Milek Tine[64] דאָס זעלבע איז געשען מיט אַנדערסן. איצט זיצן אין
תּפֿיסה די געסטאַפּאָווצעס: שוויעצאַ און עסטעראָוויטש, וועלכע האָבן די
ערשטע געמאַכט אין געסטאַפּאָ אַ מסירה וועגן די אומלעגאַלע יידישע אָר־
גאַניזאַציעס און וועגן די אומלעגאַלע אויסגאַבן. מען גיט איבער, אַז זיי
זיינען שוין דערשאָסן געוואָרן אין פּאַוויאַק מיט אַ 10 טעג צוריק, ד. ה.
אַן ערך דעם 8 מאַי.

דאָ איז כדאי זיך צו פֿאַרטראַכטן, צי האָבן מיר מער מוסרים און
געסטאַפּאָווצעס ווי אַנדערע. עס גייט אַרום אַ וויץ: 2 יידן טרעפֿן זיך. פֿרעגט
זיך איינער דעם צווייטן: וואָס הערט זיך? ענטפֿערט דער צווייטער: איינער
פֿון אונדז דינט דאָך זיכער אין געסטאַפּאָ, וויל איך דיר נישט זאָגן. מען
גיט איבער, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַ 400 מוסרים. איך מיין אָבער, אַז אויב
עס קענען זיין טעטיק אין געטאָ הונדערטער אומלעגאַלע מילעכלעך, מיט
מאַגאַזינען פֿון מעל, מיט אומלעגאַלע בעקערייען, פֿאַבריקלעך, מסחרים
מיט לעדער און מיט אַלץ וואָס איז טריף איז דאָך נישטאָ אַזויפֿיל מוסרים
מען זאָל קענען באַהויפּטן, אַז ביי אונדז איז דאָ מער ווי ביי אַנדערע. דאָך
האָט די אומלעגאַלע באַוועגונג, די געקומענע פֿון מזרח נישט אַזוי מורא
פֿאַר יעדן סטרוזש, פֿאַר יעדן פֿרעמדן ווי דאָס איז אויף יענער זייט. איך

---

63) יעווּנאַ (יונה) אַזעף (1869—1918), אַן אַגענט און פּראָוואָקאַטאָר פֿון דער אָכראַנקע (רוסישער געהיים־פּאָליציי) אין צ. ק. פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָניסטן. דעמאַסקירט אין 1908, אַנטלאָפֿן און נעלם געוואָרן. געשטאָרבן וואַרשיינלעך אין אַמעריקע אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען.

64) פּויליש: אַ הונט — אַ הינטישער טויט, געפּגרט מילעק טינע.

מיין דעריבער אַז די באַהויפּטונג, אַז מיר זיינען מער דעמאָראַליזירט ווי אַנדערע איז אַ איבערגעטריבענע באַזונדערס ווען מען וועט נעמען אין אַכט, אַז ביי אונדז איז אַזאַ שווערע לאַגע, אַז ביי אונדז שטייט פאַר אַ גרויסן טייל די אַלטערנאַטיוו פון גיין אויף קרומע וועגן איידער שטאַרבן פון הונגער. לאָמיר דעריבער נישט מאַכן דאָס בילד מער שוואַרץ ווי עס איז. בפרט אַז עס איז געווען גענוג שוואַרץ. שטאַרק פאַרשפּרייט זיינען די מסירות צווישן די דייטשע יידן. די ערשטע פאַרטיע געקומענע פון זבאָנשין האָבן געליפערט אַ סך מוסרים, אַפעריסטן און שאַנטאַזשיסטן. די דייטשע יידן האָבן דעריבער ביי אונדז באַקומען זייער אַ שלעכטן שם. זיי זיינען עס די, וואָס פירן אָן מיט אַרבעטער־גרופּן אויף דייטשע פּלאַצוווקעס (אגב דער השומר הצעיר האָט פאַרבאָטן זיינע מיטגלידער נאָך יוני 1941 צו אַרבעטן אויף דייטשע פּלאַצוווקעס, כדי נישט צו העלפן דעם שונא). איצט ווען עס זיינען געקומען די נייע דייטשע יידן האָט ווידער אַרומגענומען אַ שרעק צי גייט נישט אויף אונדז אַ כוואַליע פון נייע מוסרים און אַפעריסטן. מען האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז טאַקע דער צוועק וועגן שיקן זיי אין געטאָ אַריין. בכלל האָט מען דאָ מיט דייטשע יידן געהאַט אַ טרויעריקע דערפאַרונג. ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט דראָען זיי: „איך מאַכע איינע אָנצייגע”, איך גיי אין געסטאַפּאָ. נישט איין זאַך האָבן זיי באַקומען אַ דאַנק דער מורא פאַר דער רעאַליזירונג פון זייערע דראָונגען.

דאָס פּראָבלעם מוסרים, וואָס האָט אַזוי אָפט אַבסאָרבירט די יידישע געשיכטע איז ווידער אַרויף אויף דער טאָג־אָרדנונג. ליידער האָט מען מורא אָנצווענדן קעגן זיי טעראָר־מיטלען, ווייל דער אָקופּאַנט קען דערפאַר נעמען בלוטיקע נקמה. דאָס איז אפשר דאָס טראַגישסטע, וואָס אַזאַ יאָסעק ערליך (קאַפּאָטאַ — צונאָמען) גייט זיך אַרום פראַנק און פריי, באַקומט פון פאַרזאָרגונגס אַנשטאַלט קאָנצעסיעס, אינטערווענירט אין פאַרשיידענע קהלה־אמטן פאַר זיינע לייט און אַלע טוען וואָס ער וויל נאָר — אַלץ אויס מורא פאַר מסירות, פאַר זיין נקמה. אָדער אַזאַ יוטאָווואַ, איר יחוס נעמט זיך דערפון, וואָס בשעת יענער וועלט־מלחמה האָט זי געלעבט מיט אַ דייטשן אָפיציר, וועלכער איז איצט קאָמענדאַנט פון וואַרשע. די דאָזיקע קורווע נוצט אויס איר אַמאָליקע באַקאַנטשאַפט אויף באַקומען כלערליי קאָנצעסיעס און ריווחים. זי האָט באַקומען די קאָנצעסיעס אויף די יידישע טעאַטערן און איז אַ מיטאינהאָבערין פון אַ פּאָר טעאַטערס. זי האָט באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף אַ בעקעריי און צו דעם אַלעם האָט זי נאָך אַרויסבאַקומען — עטלעכע הונדערט זל. פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלן שוץ ביי דעם יידן־ראַט. אויסערדעם איז [זי] געווען אַ מאַכערקע צו פאַרשיידענע אַמטן פון קהלה, ווו אַלע האָבן פאַר איר, אייגנטלעך פאַר איר אָבערסט מורא געהאַט. עס ווייזט אויס אָבער, אַז זי האָט איבערגעצויגן דאָס שטריקל און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט טשערניאַקאָוו פונאַנדערגעשיקט אַ צירקוליאַר צו אַלע קהלה־אָפּטיילונגען, אַז מען טאָר מער נישט אָננעמען די אינטערווענצן פון יוטאָווואַ. איצט זוכט זי פרנסה דורך פאַרשיידענע שווי־

טאַזשן, ווי למשל, אַז מענטשן זיינען דאָ אויף ליסטעס געהרגעט צו ווערן וכדומה.

19 מאַי 1942

דער פּאַוויאַק[65] איז געוואָרן אַ מקום לפורעניות נישט בלויז פון אינעווייניק נאָר פון אויסנווייניק. אינעווייניק פּייניקט מען דאָרט אָן אויפהער די אַרעשטאַנטן. לעצטנס איז דאָרט געקומען אַ נייע וואַך: אוקראַינער — זאָגן אַ טייל, די אַמאָליקע סאָוויעטישע[66] וואַך — זאָגן אַנדערע (ר׳ נוס). אַזוי צי אַזוי, די אַרעשטאַנטן ווערן געפּייניקט. לעצטנס איז דער פּאַוויאַק געוואָרן אַן אָרט, פון וואַנען מען פאָרט כסדר ארויס קיין אָשוויענטשים, פון דאָרט זיינען אַרויסגענומען געוואָרן אַ ריי מענטשן און אויף די גאַסן דערשאָסן געוואָרן( שקלאַר, פּאַסס א א.). לעצטנס איז אָבער דער פּאַוויאַק געוואָרן אַ צרה פאַר די דרויסנדיקע, פאַר די שכנים און פאַר די דורכגייער. פון ביידע זייטן פּאַוויאַק האָט מען געמוזט די פענסטער פאַרדעקן מיט דיקן שוואַרצן פּאַפּיר אָדער מיט שוואַרצע דיקטע. בייטאָג און ביינאַכט מוזן די פענסטער זיין פאַרמאַכט. ביי יעדער שפּאַרע, ביי יעדן לעכעלע דראָט טויט־שטראָף. געווען פאַלן ווען מען האָט די איינוווינער פון אַ דירה, ווו איינער האָט געעפנט דעם לופטשיק שרעקלעך געפּייניקט. איינער פון די פּייניקונגס־מיטלען באַשטייט אין הייסן אויסטאָן זיך נאַקעט און זיך אַראָפּקאָלערן פון אַ באַרג מיט קאָקס, וואָס טוט שרעקלעך וויי און פאַרבלוטיקט דעם גאַנצן גוף. אויסער דעם כאַפּט מען פון צייט צו צייט יידן, דורכגייער און מען פּייניקט זיי, שלאָגט זיי. די [וואַכן פון די] לאַסט־אויטאָס וואָס ברענגען די אַרעשטירטע אין פּאַוויאַק שלאָגן מכות־רצח די אַדורכגייער. דער געסטאַפּאָוויעץ, וואָס זיצט פון הינטן פון אויטאָ, בייגט זיך אַרויס אויף דער שמאָלער קאַרמעליצקע גאַס און שלאָגט די אַדורכגייער מיט אַ לאַנגן קאַנטשיק מיט אַ בלייענעם שפּיץ. ער פאַרטשעפּעט ריקשעס און שלאָגט די ריקשע־פירער ווען דער עולם דערזעט דאָס אויטאָ באַהאַלט מען זיך פּאַניש אין די טויערן, זייער אָפט שיסן די געסטאַפּאָווצעס. נישט איין געהרגעטער אין פאַרוווּנדעטער איז אַ קרבן פון דער גאַסן־הריגה, וואָס איז געוואָרן אַ סיסטעם זינט 18־טן אַפּריל, דעם בלוטיקן פרייטיק.

ווי ווייט עס דערגייט דער עלנט אין אַ טייל שטובן און אין די פּונקטן קען מען זען דערפון, אַז צוליב אָרעמקייט און הונגער פאַרקויפן זיי אויס אַלץ, אַפילו דעם איינשיט פון קישן און איבערבעט און מען ליגט בלויז

65) תפיסה אין וואַרשע, דער נאָמען שטאַמט פון דער דערנעבנדיקער פּאַוויע־גאַס, אויפגעבויט דורך דער צאַרישער מאַכט אין יאָר 1835. דער פּאַוויאַק איז געלעגן אויפן שטח פון געטאָ.

66) געמיינט די אוקראַינישע וואַכמענער, וועלכע האָבן זיך ס׳רוב רעקרוטירט פון פאַרעטער פון צווישן די געוו. סאָוויעטישע זעלנער קריגס־געפאַנגענע (וולאַסאָווצעס).

אין די פעדערן. איר טרעפט דעריבער בעטלער פול מיט פעדערן. דאָס זיינען די, וואָס געפינען זיך שוין נידעריקער ווי דער ראַנד פון אונטערגאַנג.

די היי־יעריקע ל״ג־פייערונגען זיינען פאַרוואַנדלט — —

*           *
*

די העלדישע מיידלעך חיקה, פרומקע [67] א א. דאָס איז אַ טעמע, וואָס פאָדערט אַ פּען פון אַ גרויסן שרייבער, דרייסטע, העלדישע מיידלעך, וואָס פאָרן אַהין און צוריק אין שטעט און שטעטלעך פון פוילן זיי האָבן אַרישע פּאַפּירן אַלס אַריערינס — פּאָלקעס אָדער אוקראַינקעס. איינע טראָגט אַפילו אַ צלם, מיט וועלכן זי צעשיידט זיך נישט און וועלכער פעלט איר אין געטאָ. יעדן טאָג זיינען זיי אויסגעשטעלט אויף דער גרעסטער סכנה אַלץ שטעלן זיי אויף זייערע אַרישע פּנימער, אויף די טיכלעך, וועלכע זיי טראָגן אויף די קעפּ. די געפּערלעכסטע מיסיעס נעמען זיי אויף זיך און דערפילן זיי אָן אַ פּיפּס, אָן אַ מינוט וואַקלען זיך. דאַרף מען פאָרן קיין ווילנע, ביאַ־ליסטאָק, לעמבערג, קאָוועל, לובלין, טשענסטאָכאָוו, ראָדעם א. א. און שמוגלען אַהין טריפהנע סחורה, ווי למשל, אומלעגאַלע אויסגאַבן, מאַטער־יאַלן, געלט, וואָס דאָס אַלץ טוען זיי ווי עפּעס אַ נאַטירלעכע זאַך. דאַרף מען ראַטעווען חברים פון ווילנע, לובלין אָדער אַנדערע שטעט, נעמען זיי אויף זיך די שליחות. נישטאָ פאַר זיי קיין שום מניעות, קיין שטערונגען. דאַרף מען זיך באַקענען מיט צוגספּירער — דעם דייטש, כדי צו קענען פאָרן אויף די באַנען אויסער דער גובערניע, וווּ עס קענען זיך באַוועגן מענטשן מיט ספּעציעלע פּזשעפּוסטקעס — טוט מען עס פשוט, ווי דאָס וואָלט געווען זייער פאַך. זיי פאָרן אַרום איבער שטעט, וווּ קיין שום דע־לעגאַט פון קיין שום יידישער אינסטיטוציע האָט נישט דערגרייכט, ווי למשל וואָלין, ליטע. זיי האָבן עס די ערשטע געבראַכט דעם גרוס פון דער טראַגעדיע ווילנע. זיי האָבן עס די ערשטע געבראַכט ווערטער פון דער־מוטיקונג און שטיצע פאַר דעם שארית־הפליטה פון ווילנע. וויפל מאָל האָבן זיי געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין? וויפל מאָל זיינען זיי געווען אַרעש־טירט, רעווידירט — דאָס גליק האָט זיי אָבער צוגעשפּילט. שליחי־ציבור שאינן נזוקין[68]. מיט וואָס פאַר אַ פשטות און באַשיידנקייט גיבן זיי אָפּ

67) חיקה — חיהקע גראָסמאַן, טוער|ין פון „השומר הצעיר“, פאַרבינדע־לערין צווישן די אונטערערדן אין ביאַליסטאָקער, וואַרשעווער און אַנדערע גע־טאָס, לעבט אין ישראל. פרומקע — פרומקע פּלאָטניצקאַ, טוערין פון „דרור“, פאַרבינדלערין צווישן דער אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ מיט דער באַווע־גונג אין פיל אַנדערע געטאָס; אומגעקומען בעתן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין בענדינער געטאָ.

68) העברעיש: געזעלשאַפטלעכע פאַרשטייער, וואָס גייען ארוים גאַנץ.

באַריכטן וועגן דעם, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אויף די נסיעות, אויף די באַנען, ווו קריסטן: מענער און פרויען, ווערן געכאַפּט צו דער אַרבעט אין דייטשלאַנד. די יידישע פרוי האָט צו פאַרצייכענען אַ שייך בלאַט אין דער געשיכטע בשעת דער איצטיקער וועלט־מלחמה. די חיהקעס און די פרומקעס וועלן אין דער דאָזיקער געשיכטע פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט. די דאָזיקע מיידלעך ווייסן נישט פון קיין אָפּרו. אָקאָרשט געקומען פון טשענסטאָכאָווע, ווו אַהין געפירט טריפהנע סחורה, און אָט דאַרף מען אין אַ פּאָר שעה פאָרן ווייטער: זיי טוען עס אָן אַ מינוט צו וואַקלען זיך, אָן אַ מינוט פון רו.

22 מאי 1942

פרייטיק איז די גאַנצע פּאָליציי אַליאַרמירט געוואָרן. אין גאַס האָט געהערשט אַ גרויסע באַאומרואיקונג. מען האָט גערעדט וועגן דער איבערזידלונג פון אַלטע, שוואַכע און אַרבעטסלאָזע. אַנדערע האָבן גערעדט וועגן אַ כאַפּעניש צו די לאַגערן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מען האָט געכאַפּט פאַכלייט צו די אַרבעטסלאַגערן. גענומען האָט [מען] לויט אַדרעסן פאַכלייט: שלאָסערס, כאַפּעציירער א. אַ. אויב מען האָט נישט געטראָפן די באַטרעפנדע פערזאָן, האָט מען גענומען דעם פאָטער, אָדער די נאָענטסטע קרובים. די געכאַפּטע וועלן געשיקט ווערן קיין זאַמבראָוו. דאָס אומגליק איז אָבער דאָס, אַז אַ סך פון די, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן בעת דער רעגיסטראַציע אַלס פאַכלייט, זיינען עס נישט אין דער אמתן, נאָר צוליב מורא צו פיגורירן אַלס אַרבעטסלאָזע האָבן זיי זיך אָנגעגעבן 'אַלס אַזעלכע. מען זאָגט, אַז די כאַפּעניש פון פרייטיק איז אַן אָנהייב פון אַ גרויסער אַקציע, וואָס באַצוועקט אַריינצוציען די ייד[ישע] באַפעלקערונג אין די פאַבריקן, אין וועלכע עס האָבן ביז איצט געאַרבעט פּאָלאַקן. אויב דאָס זאָל באמת רעאַליזירט ווערן, קען דאָס צייטוויליק ראַטעווען דאָס וואַרשעווער געטאָ.

יידן ווילן נישט אַרבעטן — שרייען די דייטשע צייטונגען. אַלס אילוסטראַציע ברענג איך פאָלגנדעס בילד: אויף דעם פּלאַץ זשעלאַזנע 103 פאַרזאַמלען זיך די אַרבעטער, וואָס גייען צו דער אַרבעט אויף דייטשע פּלאַצוווקעס. עס פאַרפאָרט אַ לאַסט־אויטאָ און פון אַלע זייטן רייסן זיך יידן צום אויטאָ. מען קריכט אַרויף פון אַלע זייטן. די זעלנער קענען זיך נישט געבן קיין עצה מיט דעם דראַנג פון די מענטשן. זיי שלאָגן — אָבער דאָס העלפט גאָרנישט. דער עולם רירט זיך נישט. דער עולם וויל פאַר יעדן פּרייז אַרויף אויפן אויטאָ אין אַ סך אַ גרעסערער צאָל, ווי די פּלאַצוווקע קען אויפנעמען. די זעלנער שיסן אין דער לופטן — עס העלפט נישט. דער עולם טרעט נישט אָפּ. סוף־כל־סוף פאַרקערעוועט דער שאָפער דאָס אויטאָ אויף צוריק. דער עולם קוערט זיך איבער און איינער ווערט שווער פאַרוווּנדעט. ערשט דעמלט קען מען שאַפן אָרדנונג. פאַרוואָס האָט מען זיך אַזוי געשטופּט צו דעם אויטאָ? די תשובה איז אַ פּשוטע: אויף דער

פלאַצוווקע האָט מען געגעבן גוטע צווי זופּן און אַ האַלב קילאָ ברויט. דע־ריבער האָט זיך דער עולם אַזוי געריסן.

23 מאַי 1942

די געסטאַפּאָוצעס פון פּאַוויאַק מוזן יעדן טאָג האָבן קרבנות. פּונקט ווי אַ פרומער ייד פילט זיך שלעכט ווען ער דאַוונט נישט אַ טאָג, פּונקט אַזוי מוזן זיי יעדן טאָג צעברעכן די ביינער עטלעכע געכאַפּטע יידן פון גאַס. אַזוי ווי די גאַס ווערט ליידיק, ווען דאָס אויטאָ מיט די געסטאַפּאָוו־צעס פאָרט דורך און אַזוי ווי דער עולם מיידט אויס די גאַסן אַרום דעם פּאַוויאַק, דעריבער האָבן זיי נעכטן פאַרהאַלטן דעם טראַמוויי, וואָס איז אַדורכגעפאָרן סמאָטשע לעבן פּאַוויע און אַרויסגעשלעפּט עטלעכע יידן.

די אָנהענגער פון מרדכי[69] האָבן נעכטן אָנהויב פון רוסיש־דייטשן [קריג] — באַשלאָסן צוריקצוציען זייערע מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשע פּלאַצוווקעס, כדי נישט צו העלפן דעם שונא פון ראַטנפאַר־באַנד. אַנדערש טוען די „איינציקע פאַרשטייער"[70]. זייער קאָאָפּעראַטיוו אַגראַדאָווע 40 האָט געליפערט די בעסטע סחורה פאַר די שאָפּן. שטאַרקע פרייזן — שוואַכע מעשים, אָדער אייגנטלעך קיינע מעשים. מער נישט אין אויסלאַנד בלאָפט מען, אַז מען טוט אויף ווער ווייס וואָס.

דער ע"ש[71] גייט איבער פון „שלעכטער" אַרבעט (אָקטאָבער 1939 ביז מאַי 1940) צו „גוטער" און נאָך פרייטיק 18 אַפּריל צוריק צו שלעכטער. מען דאַרף ראַטעווען דאָס פאַראַנענע — דער מעטאָד: מאַכן אַ גלאָז טיי און פאַרשרייבן לאחר המעשה. דאָס „גרויסע גליק" פון ע"ש געבליבן איז שאָטן [72].

מאַי 42. די תפיסה אויף גענשע ציילט איבער 1.300 אַרעשטאַנטן, דער־פון איבער 500 קינדער. אַ טייל איז צום דינסט פון זאָנדער־געריכט, אַן אַנדערער טייל פון אייערסוואַלדן. דאָס זאָנדערגעריכט האָט שוין אַרויסגע־טראָגן איבער 200 טויט־אורטיילן, וועלכע זיינען דערווייל נישט אויסגע־

69) מרדכי אַניעלעוויטש (1919 — 1943), פירער פון „השומר הצעיר", מיטגליד פון דער אָנפירונג פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. געפאַלן דעם 8 מאַי 1943. דאָ געמיינט דעם „השומר הצעיר".

70) דער „בונד" (וועלכער האָט אין דער אַמאָליקער סאָציאַל־דעמאָקראַטי־שער אַרבעטער־פּאַרטיי פון רוסלאַנד אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג אים צו אָנער־קענען אַלס דעם איינציקן פאַרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט).

71) ראשי תיבות פון „עונג שבת", דעם קריפּטאָנים פון דער געזעלשאַפט פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו, וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען רינגעלבלום.

72) געמיינט דעם אומשטאַנד, וואָס בעת די אַרעסטן פון אַפּריל—מאַי 1942 איז נישט אַריינגעפאַלן דער אַרכיוו און זיינע מיטאַרבעטער.

פירט געוואָרן, הגם די סלופּקעס צו וועלכע מען בינדט צו די פאַראורטיילטע שטייען נאָך היינט אויף דעם עקזעקוציע־פּלאַץ, ווו עס קומען פאָר יעדן טאָג די שפּאַצירן, פון די אַרעשטירטע. די ענגשאַפט איז דאָרט אומבאַשרייבלעך. די תּפיסה קען אַרייננעמען 300 — 500 מענטשן און איצט איז דאָרט ביי 4 מאָל אַזויפיל. די דושנעקייט אין די צעלן איז נישט צו באַשרייבן. די אינטעליגענץ ווערט געהאַלטן אין בעסערע באַדינגונגען. די שטערבלעכקייט אין דער תּפיסה איז זייער אַ גרויסע. וווּנדער האָט מען באַוויזן אויפצוטאָן מיט די קינדער, וועלכע גייען אַרום האַלב נאַקעט אויף דער זון אָפּגעברענט, אַ גאַנצן טאָג כמעט אויף דער פרישער לופט. זיי מאַכן גימנאַסטיק, זינגען יידישע און פּוילישע לידער. מאַמעס קומען בעטן מען זאָל צוריקנעמען אין תּפיסה זייערע באַפרייטע קינדער. אגב צווישן די אַרעשטאַנטן געזען אַ 9־יאָריק קינד. צווישן די אַרעשטירטע פאַראַן אויך ציגיינער, וועלכע אוערסוואַלד רופט: ציגוינער־יודען. אַ טייל פון זיי — רומענישע בירגער — זיינען באַפרייט געוואָרן. די ציגיינערקעס זיינען אין אַ באַזונדערע צעלע. די ציגיינער זיצן צוזאַמען מיט יידן. אין דער צעלע פאַר פאַרמישפּטטע צום טויט האָט אונדז באַגעגנט אַ היסטעריש געוויין. זיי בעטן בעסער עסן, כדי זייערע נערוון זאָלן קענען אויסהאַלטן. עס ווערן צוגעגרייט וואַרשטאַטן, שניידעריי, בערשטעריי א. א. אין וועלכע עס וועלן זיין באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט פּערזאָן. דאָס וועט אפשר ראַטעווען די צום טויט פאַרמשפּטטע. אַן אויסלענדישע דעלעגאַציע — וואָס האָט באַזוכט די תּפיסה האָט נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי מען קען דערשיסן מענטשן פאַר אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט. דאָס איז אויסגעשלאָסן, האָבן זיי דערקלערט. די מענטשן האָבן געמוזט באַגיין פאַרברעכן אויף יענער זייט. די ריינקייט אין דער תּפיסה איז אַן אידעאַלע. פאַראַן דאָרט אַ ספּעציעלע באַדאַנשטאַלט, אין וועלכע יעדער אַרעשטאַנט ווערט 2 מאָל אַ וואָך געבאָדן און די זאַכן דיזענפעציררט. דער רוב אַרעשטאַנטן איז בעטלער — קינדער, וואָס [זיינען] אַריבער אויף יענער זייט, אויסער דעם, שמוגלער. דאָס זיינען די הויפּט פאַרברעכער פון די תּושבים. דער מיט ציגל באַדעקטער פּלאַץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בליענדן גאָרטן, וואָס די פּירות וועלן אַריינברענגען איבער 200.000 זל. דער גאָרטן ווערט באַאַרבעט דורך גערטנער־אַרעשטאַנטן.

25 מאַי 1942

די היינטיקע נאַכט וועט בלייבן אין געדעכעניש פון די וואַרש[עווער] יידן, די נאַכט איז אויסגערייניקט געוואָרן דאָס ווילדגראָז פון דער געטאָ. די הויפּטרעדלפירער פון דעם 13־טל: לעווין, מאַנדעל, שימאָוויטש (גאַנצווייכס זאַ קרוב) און הורוויטש. דעם ראש האַבאַנדע גאַנצווייכן האָט מען אין דער היים נישט געטראָפן. אויך שטערנפעלד[ן] האָט זיך איינגעגעבן אַנטרונען צו ווערן. דאָס זעלבע, זאָגט מען, איז געשען מיט אַנדערע מצורעים.

די סיבות פון ליקווידירן דאָס 13־טל זיינען פאַרשיידענע. עס גייט אַוועק דער טייל פון געסטאַפּאָ, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט גאַנצוויכן, ווייל זי נישט איבערלאָזן זייערע יידישע שותפים מיט וועלכע מען האָט צוזאַמען קאָמבינירט. אַנדערע מיינען, אַז די „טשיסטקע" האָט אָנגעפירט די דייטשע שותפים, האָט מען זיך גענומען אויך צו יידן. אַנדערע ווידער דערציילן, אַז מען האָט איינגעזעצט עמעצן פון 13־טל, שיט ער אַלץ נייע מענטשן. ער דעקט אויף אַלע זייערע מעשים תעתועים, צווישן אַנדערע — די שאַנ־טאַזשן מיט געפונענע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן וכדומה. עס זיינען אויך דאָ שטי־מען, אַז מען האָט זיי פאַרגעלייגט פּאָליטישן שאַנטאַזש און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט. נאַטירלעך, אַז דאָס איז אַן אומזין. בדרך כלל איז דאָס אַ המשך פון דער אַלגעמיינער אַקציע אָפּצורוימען די אומגעוווּנטשענע געסטאַפּאָוו־צעס — אַן אַקציע, וועלכע דויערט שוין עטלעכע חדשים און האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַנדערסן, מילעקן א. א. צווישן אַנדערן פאַרציילט, אַז מיט עטלעכע וואָכן האָט שימאָוויטש געמאַכט אַ סעודה מיט דער באַטייליקונג פון געסטאַפּאָ־אָפיצירן, וועלכע האָט געקאָסט איבער 25.000 זל. און דאָס זאָל האָבן איבערגעפּולט דעם בעכער.

די ייד[ישע] גענגסטער־פּאָליציי נוצט אויס יעדע סיטואַציע צו מאַכן געלט. לעצטנס זיינען זיי געפאַלן אויף אַ נייעם שווינדל. אַזוי ווי מען דרייט איצט דעם פילם, גייט מען צו רעסטאָראַטאָרן און פאַרלאַנגט, למשל, עסן אויף דעם באַל, וועלכער ווערט פילמירט. אין אַ סך גרעסערער צאָל ווי עס איז אין דער אמת[ן] נויטיק. לעצטנס זיינען זיי געקומען אין אַ דירה לעש 27 און דערקלערט, אַז אַזוי ווי מען גייט פילמירן דאַרפן זיי גלייך פאַרלאָזן די דירה, מער נישט פאַרן פרייז פון 50 גילדן זיינען זיי גרייט צו באַפרייען דערפון די דירה. בינו לבינו האָבן זיי צוגענומען אַ גאָלדן זייגערל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

אויפן בית־עולם קומען אַלץ דייטשע עקסקורסיעס, הגם עס איז דאָרט דאָ אַ ריזיקער אויפשריפט, אַז דייטשן טאָרן נישט באַזוכן דעם בית־עולם. די סיבע איז אַ פאַרשטענדלעכע: די באַרימטע שאַפע מיט מתים פון הונגער איז אַ שוידערלעכער אַנקלאַג־אַקט קעגן די דייטשן און זייער אויסהונגע־רונג פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג. נישט איין מאָל האָט מען געהערט פון דייטשן ווערטער פון עמפּערונג קעגן דעם: „דאָס איז דייטשע קולטור". לעצטנס האָט איינער זיך אָנגערופן צום צווייטן, וויינענדיק אים די שאַפע: „מיט די פירן מיר מלחמה".

מאַי 42.

אין געטאָ גנבעט מען אַלץ, אַפילו טעלעפאָנען. די מאָנטערן מאַכן פאָלגנדע קאָמבינאַציע: פאַר געלט שטעלט מען אַריין אין געוועלבער אַ טעלעפאָן, וועמענס נומער מען האָט צוגעגנבעט ביי אַן אַנדערן. דאָס איז למשל געשען אין הויף לעשנאָ 18 בא ד"ר מעש האָט דער טעלעפאָן

אויפגעהערט צו קלינגען. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם נימער טעלעפֿאָן האָט באַזיצט אַ געוועלבער אויף דער זעלבער גאַס.

26 מאַי 1942

היינט האָבן זיך די געסטאַפּאָ־לייט אויסגעפּרואווט אַ נײַע פֿאַרווײַלונג. מען שלעפּט צונויף די יידישע מוזיקער פֿון אַלע קאַפֿעען הײַנער, גערטנדלעך א. א. אין פּאַוויאַק און דאָרט מוזן זיי אַ גאַנצע נאַכט ווײַלן די חברה מיט מוזיק. דאָס האָבן זיי געטון נעכטן אין אָוונט. דאָס האָבן זיי געטון אויך דעם הײַנטיקן אָוונט. עס איז דאָ אַ סברה, אַז דאָס דערשיסן די לײַט פֿון 13־טל איז געווען אַ רעזולטאַט הערפֿון, וואָס זיי ברענגען אַרײַן גרעסערע סכומים פּראָדוקטן אין געטאָ.

בײַ די וואַכן האָט מען באַשטימט אויסער די זשאַנדאַרמען ציוויל געקליידעטע קאָנטראָליערן פֿון דער טראַנספּאָרטשטעלע, וועלכע דאַרפֿן היטן די זשאַנדאַרמען. עס העלפֿט אָבער גאָרנישט. אויך מיט זיי גיט מען זיך אַן עצה. מען קויפֿט זיי אונטער. אַזוי אַרום הײַנט אַ שמוגלער אײַנטערקויפֿן דעם פּירלינג: פּוילישע, ייד[ישע] און דײַטשע פּאָליצײַ און אויסערדעם די ציווילע אַגענטן. שוין נאַפּאָלעאָן האָט זיך נישט געקענט געבן קיין עצה מיטן שמוגל. אויך דער מאָדערנער דיקטאַטאָר וועט עס נישט באַוויזן. די הוצאות בײַם שמוגלען זײַנען גאַנץ גרויסע. געהערט וועגן אַ שותּפֿות פֿון 4 שמוגלער, וועלכע האָבן אין משך פֿון אַ וואָך פֿאַרדינט 35.000 זל. אָבער אויסגעגעבן 19 טויזנט זל. דער רעשט איז זייער פֿאַרדינסט. זיי האָבן אָבער כּלערליי נישט פֿאָראויסגעזעענע הוצאות. למשל, ווען אַ וואָגן ווערט „פֿאַרברענט" און דער שאָפֿער גייט אין תּפֿיסה האַלטן די שמוגלער אויס די פֿאַמיליע, שיקן אים פּעקלעך, זאָרגן אים אַרויסצוקויפֿן, צאָלן דעם אַדוואָקאַט וכדומה. אויסער דעם ווערט הורג די שמוגלער אויסגעהאַלטן די פֿאַמיליע פֿון די געהרגעטע. בכלל האָבן די שמוגלער אַ לײַכטע האַנט. דאָס געלט קומט לײַכט אָן און גייט לײַכט אַוועק. די שמחות פֿון די שמוגלער זײַנען באַרימט אין געטאָ. אויף זיי ווערט אַסך מאכלים דערלאַנגט. די שמוגלער האָבן שטענדיק ליב געהאַט אַ לעבן צו טאָן. סיידווי איז מען נישט זיכער מיטן מאָרגן, (אַ קויל, אַ מסירה, אַרעסט) טאָ זאָל מען כאָטש אַ גוטן לעב טאָן. דאָס איז איבעריקנס אַן אַלגעמיינער שטריך פֿון די אַלע מלחמה געווינערס: אַז מען גיט לײַכט אויס גרויסע געלט־סומען פֿאַרשטייט זיך פֿאַרן פֿרעס אַמאָל אויך פֿאַר אָרעמע פֿאַמיליע־מיטגלידער. די שמוגלער זײַנען לויט זייער אָפּשטאַמונג מענטשן פֿון נידעריקסטן סאָרט: פּאַסערס, גנבֿים, טרעגערס, אַלפֿאָנסן בכלל אונטערוועלט־מענטשן.

אויף די שמחות קומען אָפֿט פּוילישע און דײַטשע געסט, מענטשן מיט וועלכע מען אַרבעט צוזאַמען.

אינטערעסאַנט, אַז די וועגן, וואָס קומען אָן אין געטאָ זייַנען אַסי־קורירט אין א ספּעציעלער יידישער געזעלשאַפט קעגן „פאַרברענען". ביז נאַלעווקי 10 ד. ה. האַרט ביי דער וואך איז איין פּרייז, ווייטער קאָסט שוין די פאַרזיכערונג מער. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז אין געטאָ גופא קאָמאַנדעווען די א. ג. „יונאַקעס" ד. ה. פאָלקס־דויטשן מונדירטע, וואָס שטייען אין דינסט פון קאָמיסאַר [72א]. זיי יאָגן זיך נאָך וועגן מיט שמוגל, און נעמען זיי צו, אויב עס פאַלט זיי אַריין אין די הענט א וואָגן. די געשמוגלטע סחורה האָט פּירסט [72ב]. פון דער קהלה (א טיפּ פון א גרויסן קאָמבינאַטאָר דער לייטער פון דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג אין דער קהלה) אַרויסבאַקומען פאַר דעם קאָאָפּעראַטיוו פון קהלה־אָנגעשטעלטע.

אַרום די הילכער, וואָס אין געטאָ (ראָג מילע און זאַמענהאָף, ראָג גענשע און זאַמענהאָף, ראָג נאַלעווקעס און באָרהאָליפּקי) זאַמלט זיך יעדן טאָג א גרויסער עולם. אין פאָלקס־לשון האָט דער הילכער פאַרשיידענע נעמען דער בילדער, דער גרעגער, דער קאַפּעלוש.

די סאָציאַלע הילף לייזט נישט די פּראַגע, זי האַלט אויף מענטשן א קורצע צייט, די מענטשן מוזן סיתוי שטאַרבן. זי פאַרלענגערט די ליידן ברענגט נישט קיין גאולה, ווייל אויב זי וואָלט געדאַרפט אויפטאָן עפּעס וואָלט זי געדאַרפט דיספּאָנירן מיט מיליאָנען זל. א חודש און זי האָט עס נישט. עס בלייבט אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז די קאָנסומענטן פון די קיכן שטאַרבן אַלע אויס, אויב זיי עסן בלויז די קיך־זופּע און דאָס טרוקענע באָנע־ברויט. עס שטעלט זיך דעריבער אַ פּראַגע צי וואָלט נישט צוועקמעסיקער געווען צו באַשטימען דעם סכום פאַר אויסדערוויילטע, פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן אקטיוו, פאַר דער גייסטיקער עליטע וכדומה, איז אָבער די לאַגע אַזעלכע, אַז ערשטנס זייַנען די אויסדערוויילטע אַ גאַנץ באַדייטנדע גרופּע און אַפילו פאַר זיי וואָלט נישט געקלעקט, צווייטנס, שטעלט זיך די פּראַגע פאַרוואָס זאָל מען פאַרמשפּטן בעלי־מלאכעס, אַרבעטער און ווערטפולע מענטשן, וועלכע זייַנען ביי זיך אין די שטעטלעך פּראָדוקטיווע מענטשן און בלויז דאָס געטאָ און די מלחמה האָט זיי געמאַכט פאַר נישט מענטשן, פאַר שמעלץ, פאַר אָפּפאַל, פאַר קאַנדידאַטן פון מאַסן־קברים. בלייבט טאַקע א טראַגישע פּראַגע: וואָס כּאָן: [געבן] אַלעמען צו לעפעלעך וועט קיינער נישט איבערלעבן אָדער מיט פולע הענט קלעקט קוים פאַר א הייפל.

---

[72א] „יונאַקעס האָט מען גערופן די יונגטלעכע — נישט־יידן — וועלכע ס'האָט צוגעגריט צו דער א. ג. „באַודינסט", וואָס איז אַנטשטאַנען לויט דער פאַראָרדענונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר פון 1־טן דעצעמבער 1940. „יונאַקעס" האָט מען אויך גערופן דייטשע פאָרמאַציע — זאָנדער־דינסט מענער. ס'רוב באַשטאַנען פון פאָלקס־דייטשן.

[72ב] ישראל פירסט, איז דערנאָך דערשאָסן געוואָרן דורך דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

דערצו קומט נאָך צו אַ נייער מאָמענט. דער קאָמיסאַר פון יידישן וווינפערטל אַוערסוואלד מישט זיך לעצטנס גאָר שטאַרק אין די אינער־לעכע ענינים פון געטאָ. ער באַטראַכט די פּליטים פאַר פאַרוועלקטע בלעטער, וועלכע מוזן אָפּפאַלן און האַלט, אַז מען דאַרף זיי נישט · באַ־שפּייזן, ער האַלט בכלל, אַז סאָציאַלע הילף קומט נאָר די אַרבעטנדיקע. ער פאַרקלענערט כסדר די צאָל פּראָדוקטן פאַר דער סאָצ[יאַלער] הילף און איז גורם, אַז מען גיט לעצטנס אַרויס זופּן נאָר 3 מאָל אין וואָך, דער ביי האָט מען דעם פּרייז פון אַ מיטאָג געמוזט הייבן פון 70 אויף 90 גראָשן.

עס איז פאַראַן נאָך א צד, וואָס איז קעגן דער סאָצ[יאַלער] הילף פאַר דערוואַקסענע. דאָס איז דער פּרעזעס פון אַמאָליקן סוחרים־פאַראיין אברהם געפּנער. איצט איז ער דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אפּראָ־וויזאַציע און אַלס אַזעלכער האָט ער ריזיקע מעגלעכקייטן פון דיספּאָנירן מיט באַדייטנדע געלט־סומעס. געפּנער איז א פיינער מענטש, אָבער א קאַפּריזנער, אַגעזעלשאַפטלעכער. ער איז א דיקטאַטאָרישע נאַטור, וואָס ליידט נישט קיין שום ווידערשטאַנד לגבי זיין פּערזאָן, לגבי זיין מיינונג. אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די סקאַנדאַליעזע, טרויעריקע באַרימטע פּאָליטיק פון ז. ז. (זאקלאד זאַפּאַטריוויניא) [72ג]. דאָס איז א קאַפּיטל פאַר זיך און דווקא א גאנץ טרויעריגס. געפּנער, וואָס איז געבליבן אָן די קינדער (זיי זענען אָוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד) גיסט אויס זיין פאָטערלעך געפיל אויף קינדער בכלל. ער איז געוואָרן דער גרויסער קינדער־פריינט פון געטאָ אָבער נישט פון אַלע קינדער, נור פון די קינדער, וועלכע האָבן געהאַט די זכיה אָנצוקומען אין די פּאַטראָנאַטן איבער וועלכע ער האָט איבערגע־נומען דעם פּאַטראָנאַט. פאַר די קינדער איז דאָ ממש לוקסוס, אַנדערע מעגן אויסגיין. די קינדער ווערן באַזאָרגט מיט באַקליידונג, שיך, לוקסוס־לאָקאַלן, דאַקעגן די פּליטים־קינדער אין די פּונקטן האָבן נישט די עלע־מענטאַרע זאכן. זיי גייען אויס פון שמוץ און הונגער. אונדזערע קינדער הייסן „לעבן" — דאָס איז א לאָזונג פון געפּנערן, אָבער אונדזערע קינדער ד.ה. די קינדער פון זיינע אינטערנאַטן. געפּנער איז איינזייטיק און די אַלע מיטלען וועלכע עס האָט דער ז. ז., שטעלט ער צו דער דיספּאָזיציע פון קינדער, מעגן די עלטערן אויסשטאַרבן. מעג פעלן געלט אויף זופּן — אַלץ דאַרף גיין פאַר די קינדער. ער פאַרגעסט, אַז אינטערעס פון די קינדער דאַרף מען אין דער ערשטער ריי זאָרגן דערפאַר, אַז די על־טערן זאָלן בלייבן לעבן, ווייל די ערגסטע עלטערן זיינען בעסער ווי דער בעסטער אינטערנאַט. די קינדער דאַרפן אָן ספק האָבן פאָרצוג אין דער סאָצ.[יאַלער] הילף, אָבער מען קאָן נישט און מען טאָר נישט דערפירן צו אַזאַ קאַריקאַטור ווי עס שאַפט זיך איצט אין געטאָ, ווייל די געפּנער־כאַטעליטן, די וואָס מאַכן גרויסע געלטער מיט דער הילף פון די ברייטע

---

[72ג]. פאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלט ביים יודענראַט.

מאַסן, זיי קויפֿן זיך איין לאָסקעס ביי געפֿנערן אַ האַנק טאָקע אַ פֿאָר טויזנטער, וועלכע מען גיט אַוועק און נאָר אויף אינטערנאַטן. עס איז פֿאַרשטענדליך, ווען אַלץ גייט נאָכן קאַפּריז פֿון אַן אַלטן הער, קען נישט זיין קיין נאָרמאַלע סאַץ. [יאַלע] הילף. אַלס אילוסטראַציע פֿון דער איינזייטיקייט און קאַפּריזניקייט פֿון געפֿנערן וועל איך ברענגען אַ צווייטן ביישפּיל. געפֿנער דער אידעאַלער און פֿיינער מענטש, וואָס אימפּאָנירט נישט איינעם מיט זיין בירגערלעכן מוט, מיט זיין שטאָלצער האַלטונג, איז אָבער אין פֿראַגן פֿון שטייער־פּאָליטיק אַ טיפּישער פֿאַרשטייער פֿון דער גרויס־בורזשואַזיע, צו וועלכער ער האָט אַמאָל געהערט. ער האַלט, אַז שטייערן דאַרפֿן צאָלן אַלע גלייך, דעריבער לייגט ער אַרויף שטייערן אויף ברויט־קאַרטן, ברויט, צוקער, האָניג. ער איז אָבער אַ קאַטעגאָרישער קעגנער מען זאָל [נעמען מיט] געוואַלט גרעסערע נתינות פֿון די זעלבע פֿאַבריקאַנטן און סוחרים, וואָס מאַכן איצט גאָלדענע געשעפֿטן, בעסערע נאָך ווי פֿאַר דער מלחמה. אַנווענדן סאַנקציעס קעגן אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן נישט צאָלן אַזעלכע שטייערן, אַרויסנעמען זיי פֿון בעט ביינאַכט און שלעפֿן צו אַרבעט אין די פּונקטן, דאָס איז ביי אים באַגרענעצונג פֿון פּערזענלעכער פֿרייהייט, דאָס זענען ראָבעספּיערן, וואָס ווענדן אָן טעראָר. אַזאַ באַציונג פֿון די קהלה גדולים צו דער פֿראַגע פֿון באַשטייערן די רייכע איז איינע פֿון די טרויעריקסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פֿון וואַרשעווער געטאָ.

די היגע ל"ג־בעומר פֿייערונגען פֿון קינדער זיינען אויסגעפֿאַלן זייער אימפּאַזאַנט. מען האָט איינגעאָרדנט גרויסע קינדער פֿאַרשטעלונגען אין דעם גרעסטן לאָקאַל „פֿעמינאַ". קינדער פֿון אַלע טיפּן שולן האָבן געגעבן פֿאַרשטעלונגען. מען האָט קינדער געטיילט צוקערלעך. אין די גאַסן האָט מען כסדר געזען גרויסע רייען פֿון שול־קינדער גייען אין „פֿעמינא".

דער „טאָפּאָראָל" האָט איינגעפֿירט אַ גוטן מנהג. ער האָט יעדן פֿינאַנדערגעטיילט דעם פֿאַראַנענעם פֿרייען שטח צווישן איינצעלנע פֿערזאָנען, וועלכע האָבן באַקומען דזשאַלקעס.

דעם 12 מאַי איז פֿאָרגעקומען אויפֿן קערצעלאַק און די אַרומיקע מאַרק־פּלעצער אַ גרויסע לאַפּאַנקע אויף פּאָליאַקן. מען האָט צוגענומען אַסך מאַנופֿאַקטור, לעדער און טויזנטער פּאָליאַקן געכאַפּט צו אַרבעט. די יידן האָבן דערביי אָנגעווירן זייער אַסך געלט, ווייל דער רוב סחורה איז באַשטאַנען פֿון זאַכן, וועלכע די יידן האָבן געגעבן קריסטן אין קאָמיס צו פֿאַרקויפֿן אויף יענער זייט.

מאַי 1942

די בעטלער, וואָס פֿאַרפּלייצן איצט די גאַסן, זיינען אַנדערע ווי פֿאַראַיאָרן. די פּראָווינצער בעטלער זיינען דער רוב אייסגעשטאָרבן. די פֿריש

צוגעקומענע זיינען בעסערע מענטשן, וואָס זייער אָפּשטאַמונג ליגט זיי אויפן פּנים און הולך: זיי רעדן אַ גוטן, טיילמאָל פּרעכטיקן פּויליש:

Drodzy państwo — jeszcze dziś nie jadłem.[73]

טיילמאָל זיינען דאָס געוועזענע תּלמידים פון יודאיסטישן אינסטיטוט, וואָס בעטן הילף אין העברעיש. אַ טייל בעטלער זיינען גוט געקליידעט און ווען זיי וואָלטן נישט אויסגעשטרעקט שטיל די האַנט, אָבער אויך שטילערהייט געזאָגט, אַז זיי דאַרפן אַ נדבה, וואָלט איך קיינמאָל אין לעבן נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס זיינען בעטלער. אויף קאַרמעליצקע לעבן דער וואַנט פון עוואַנגעלישן שפּיטאָל שטייט אַ בעטלער ריין געקליידעט מיט אַ שיין קינד, ריין געהאַלטן, גוט געוואַשן, וואָס שטרעקט נישט אויס די האַנט, נאָר מיט די אויגן בעט ער הילף. צווישן די בעטלער בילדן די קינדער, נישט געקוקט אויף די אַלע אינסטיטוציעס פון צענטאָס, די מערהייט. זיי מאַכן אין די גאַסן גאַנצע כאָרן, וואָס ציען דעם עולם מיט זייער געזאַנג. בכלל זעט מען אָפּט גאַנצע גרופּן מוזיקאַנטן, וואָס גיבן אין גאַס אמתדיקע קאָנצערטן, וואָס ציען גאַנצע מחנות מענטשן, וועלכע הערן זיך צו גערן צום שפּילן.

דאָס, פאַר וועלכן מען האָט אַזוי מורא געהאַט אין ווינטער, אַז אין פרילינג זאָל מען נישט קענען אַדורכגיין דורך די גאַסן צוליב דעם שמוץ, האָבן מיר מיט גליק אויסגעמיטן. מען האָט זיך ענערגיש גענומען צו די הויזוועכטערס און עס איז געוואָרן ריין אויף די גאַסן, אין די הייף — אויף די טרעפּ און אַפילו אין די דירות. מערנישט, דער עולם האָט נישט קיין נאָזטיכלעך, אָדער ווייזט אויס, אַז דאָס וואַשן קאָסט אַלץ טייערער, ווייל אַלץ אָפּטער זעט מען מענטשן אַפילו א. ג. קולטורעלע, וואָס שנייצן די נאָז אינמיטן גאַס און דערנאָך פאַרריכטן זיי עס מיט אַ טיכעלע. זעט מען טאַקע אומעטום אויף די טרעפּ, אין די הייף און אין די גאַס די שפּורן פון דעם שנייצן.

30 מאַי 1942

די לעצטע וואָך איז געווען אַ בלוטיקע וואָך אין דער געשיכטע פון געטאָ. עס זיינען כמעט יעדן טאָג געווען אַ סך קרבנות צווישן די שמוגלער, באַזונדערס אין דער געגנט פון קליינעם געטאָ, ווו עס האָט [געהאַלטן וואָך] ביינאַכט אַ זשאַנדאַר, וועלכער איז געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען פראַנקענשטיין. דעם צונאָמען האָט ער באַקומען אַדאַנק זיין ענלעכקייט מיט דעם מאַלפּע־פּנים פון פראַנקענשטיין פון פילם. ער איז דער בלוטי־

73) פּויליש: טייערע הערשאַפטן, איך האָב הייַנט נאָך נישט געגעסן.

קער הונט, וואָס הרגעט יעדן טאָג אַ פּאָר שמוגלער. ער קען נישט עסן דעם פרישטיק אָן בלוט־פאַרגיסונג פון יידן.

די נאַכט פון פרייטיק אויף שבת זענען ווידער דערהרגעט געוואָרן לויט דעם נוסח פון פרייטיק דעם 18־טן אַפּריל 19, אַנדערע זאָגן 8 מענטשן. צווישן די דערהרגעטע געפינט זיך איינער ווילנער (מילנא 11), וועלכער איז געלעגן אַ קראַנקער אין בעט. ער האָט זיך אויפן באַפעל פון די תלינים קוים געקאָנט אויפהייבן פון בעט. און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, נישט קענענדיק זיך ווייטער רירן. האָבן זיי אים צוזאַמען מיט דער שטול אַרויסגעוואָרפן פון צווייטן שטאָק און דערביי אים נאָכגעשאָסן. מען האָט אין דער זעלבער דירה דערשאָסן 3 אַנדערע מאַנסבילן: זיינעם אַ שוואָגער רודניצקי, זיינעם אַ זון און נאָך איינעם. די סיבה אומבאַקאַנט. אויסער דעם האָט מען דערשאָסן 3 פון פּאָגאָטאָוויע לעקאַרסקע פון 13־טל — דאָס זאָל אַלזאָ זיין דער המשך פון דער רייניקונגס־אַקציע פון 13־טל. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען אַלע יידן דורך דער פאַרמיטלונג פון די הויזקאָמיטעטן מודיע געווען, אַז גאַנצוויידך, שטערנפעלד, ביידע ברידער זאַכאַריאַש ווערן געזוכט דורך דער זיכערהייטס־פּאָליציי. ווער עס וועט זיי אויסבאַהאַלטן וועט ער צוזאַמען מיט אַלע איינוווינער פון הויז זיין דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך. צווישן די דערשאָסענע פון נעכטן פרייטיק דעם 29 מאַי געפינט זיך אויך די טרויעריק באַרימטע פרוי יודטאָווא, וואָס פאַרדאַנקט איר קאַריערע אַ נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט אַ דייטשן אָפיציר (זי זאָל פון אים האָבן אַ זון), וועלכער איז היינט אַ גאַנצע שישקע אין וואַרשע. איר אַמאָליקן געליבטן פאַרדאַנקט זי אַ גאַנצע ריי קאָנצעסיעס אויף יידישע טעאַטערס, וווּ זי איז אַ מיטשותּף. זי האָט אויך אַ קאָנצעסיע אויף אַ בעקעריי. אויסער דעם איז זי געווען אַ מאַכערין אין קהלה־אינסטיטוציעס, וווּ זי פלעגט מיטן שם־המפורש פון „איר" דייטש אַלץ פועלן. איר געמיינקייט און חוצפה איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ביי אַלע אירע גרויסע פאַרדינסטן האָט זי זיך נאָך געלאַשטשעט אויף אַ פּאָר הונדערט גילדן אַ חודש פון דער סאָציאַלער הילף. אין דער קהלה, וואָס זענען באַשטימט פאַר די אָרעמסטע. לעצטנס איז אַרויס אַ צירקולאַר פון טשערניאַקאָוון, אַז מען טאָר זי נישט אויפנעמען אין קיין שום קהלה־אינסטיטוציע. איצט איז געקומען אַ סוף צום לעבן פון דער דאָזיקער מנובלדיקער שאַנטאַזשיסטקע, אַפעריסטקע און מאַכערקע.

נעכטן פרייטיק דעם 29 מאַי איז געווען אַ גרויסע לאַפּאַנקע אין גאַס צו אַרבעטס־לאַגערן, אייגנטלעך צו דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט"[74] קיין באָברויסק. די וואַגאָנען באַשטימט פאַר די אַרבעטער שטאַ־

---

74) ד״ר אינזש. פריץ טאָדט (1891—1942) — דער הויפּט־בויער פון דער זיגפריד־ליניע, זינט 1940 באַוואָפענונגס־מיניסטער פון דריטן רייך, אָרגאַניזאַטאָר פון צוואַנגס־אַרבעט (בויונג פון וועגן, בריקן, פאָרטיפיקאַציעס) אין די אָקופּירטע לענדער פון אים נעמט זיך דער נאָמען: טאָדט־אָרגאַניזאַציאָן.

מען פֿון דאָרט. געגאַנגען איז, פֿאַרשטייט זיך, די אָרעמקייט, וועלכע האָט זיך נישט געקענט אויסקויפֿן פֿון די הענט פֿון די ייד[ישע] פּאָליציאַנטן. דער פּרייז פֿון באַפֿרייען אויפֿן [ג]אַס איז געווען 10 — 15 זל. אין ראַיאָן האָט שוין געקאָסט 100 זל. אין צענטראַלן זאַמלפּונקט 500 זל.געגאַנגען איז ווי תמיד די יידישע אָרעמקייט, וועלכע האָט נישט קיין געלט זיך אויסצוקויפֿן. אויפֿן גאַס האָט זיך געטאָן חושך. פֿאַרן זאַמל־פּונקט אויף זאַמענהאָף 19 זיינען געשטאַנען טויזנטער מענטשן — וואָס האָבן געוואָלט דערלאַנגען אַ פּעקל פֿאַר די געכאַפּטע. אין איין אָרט האָט אַמטירט אַ מעדיצינישע קאָמיסיע, וועלכע האָט די געכאַפּטע גלייך איבערזוכט און אויפֿן אָרט גענומען צו דער אַרבעט.

מאַי 1942

די דייטשע יידן וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אַהער פֿון האַנאָווער, בערלין א. א. האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פֿאַרשיידענע וויצן, צווישן אַנדערן טייטשן זיי אויס דאָס וואָרט יודע וואָס זיי טראָגן פֿון פֿראָנט פֿאָלגנד: איטאַליעס און דייטשלאַנדס ענדע. נישט געקוקט אויף דעם אַלעם וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין דייטשלאַנד רעדן זיי אַלץ וועגן „אונדזער פֿירער" און גלויבן אַלץ אין זיג. אָפּגעזען דערפֿון, אַז זיי זיינען זיכער, אַז זיי וועלן זיך אומקערן צוריק קיין דייטשלאַנד. נישט געקוקט דערויף, וואָס עס איז שוין אַוועק אַ לענגערע צייט וואָס זיי זיינען געקומען קיין וואַרשע (שוין איבער אַ חודש) ווערן זיי געהאַלטן אָפּגעזונדערט. זיי וווינען נאָך אַלץ אויסערן געטאָ אין ספּעציעלע קאַראַנטין־הייזער. אַ 300 מענטשן אַרבעטן אויף פֿאַרשיידענע פּלאַצוווקעס זיי מוזן טראָגן די אָפּצייכנונג „יודע" אַפֿילו ווען זיי האָבן אַ דערלויבעניש צו וווינען אין געטאָ. (די וואָס האָבן קרובים, וועלכע האָבן איבערגענומען די אחריות אויסצוהאַלטן זייערע קרובים). די ערשטע זאַך וועלכע זיי האָבן באַרירט איז די פֿראַגע פֿון אַרבעט: זיי אַלע זיינען אין דייטשלאַנד געווען באַשעפֿטיקט ביי פֿאַרשיידענע אַרבעטן. די אַלטע קענען זיך נישט צוגעוווינען צו די נייע באַדינגונגען, זיי שטאַרבן דעריבער שטאַרק אויס. זיי ווערן אַ סך בעסער באַהאַנדלט ווי די אַנדערע פּליטים. עס איז פּשוט נישט קיין פֿאַרגלייך צווישן דעם ווי די קהלה באַהאַנדלט די פּוילישע פּליטים מיט דעם ווי מען באַציט זיך צו די דייטשע יידן. זיי באַקומען אַ פּערטל קילאָ ברויט, זופּן,קאַווע. אמת, אַז דאָס איז אַ סך ערגער ווי אין דייטשלאַנד אָבער אין פֿאַרגלייך מיט די באַדינגונגען אין געטאָ איז דאָס אַ גן־עדן.

די דעמאָראַליזאַציע אין געטאָ פֿאַרשפּרייט זיך זייער שטאַרק. אין דער זעלבער צייט ווען די אָרעמע ווערן אַלץ אָרעמער און גייען אַרום געקליידט אין שמאַטעס מערקט זיך, אַז מיידלעך גייען אָנגעטאָן אַלץ עלעגאַנטער פּונקט ווי אַ מלחמה וואָלט בכלל נישט געווען אויף דער וועלט. עס האָבן

געטראָפן אַ סך פּאַלן, אַז מיידלעך באַגנבֿענען זייערע עלטערן, טראָגן אַרויס זאַכן פון דער היים, פאַרקויפן זיי און גיבן עס אויס אויף פּוץ, אויף אָנדו־לאַציע פון האָר מיט איין וואָרט אויף לוקסוס.

אַרויס אין אַפּריל צו מערץ אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן טאָרן נישט באַ־נוצן מאַרקעס מיט ה.[יטלערס] פּאָרטרעט. אַפנים מען האָט מורא, יידן זאָלן נישט געבן קיין גוט אויג.

יאָנאַס טורקאָוו [75] האָט אין היי־יאָריקן סעזאָן געשפּילט טעאַטער אין פּויליש מאַטורן [76]. די סיבה: קיין גוט טעאַטער אין יידיש איז נישט פאַראַן. צווייטנס איז עס א באַווייז פון שטאַרקער אַסימילאַציע, וועלכע מערקט זיך אין געטאָ. דער עולם רעדט געשמאַק פּויליש. יידיש הערט מען זייער ווייניק אויף די גאַסן. וועגן דער פראַגע זיינען געפירט געוואָרן זייער הייסע דיסקוסיעס. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן עס דערקלערט דער־מיט, אַז דאָס פּויליש רעדן דערקלערט זיך פּסיכאָלאָגיש מיט א פּראָטעסט קעגן דעם געטאָ — מען וואַרפט אונדז אַריין אין א יידיש געטאָ און מיר וועלן אייך ווייזן, אַז [ס'איז] אַ פּוילישע גאַס. דווקא דאָס, פון וואָס איר ווילט אונדז אָפּטיילן, די פּוילישע שפּראַך און קולטור, וועלן מיר אייך אויף צו להכעיס באַנוצן. איך מיין אָבער, אַז דאָס איז א באַווייז פון א שטאַרקער שפּראַך־אַסימילאַציע, וואָס איז געווען קענטיק נאָך פאַר דער מלחמה און איצט איז עס געוואָרן נאָך בולטער אין די פּוילישע גאַסן. כל זמן די גאַסן זיינען געמישטע האָט זיך עס אַזוי נישט געוואָרפן אין די אויגן, היינט אָבער ווען די גאַסן זיינען יידישע, זעט מען ווי גרויס עס איז דער בראָך. עס ווייזט זיך אויס, אַז אין דער טעריטאָריעלער קאָנצענטראַציע זיינען מיר פאַרמישפּט צו פולשטענדיקער אסימאלאציע, סיידן די רעוואָלוציע זאָל פאַר אונדז עפענען נייע פּערספּעקטיוון פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. די מלחמה איז אָבער אַ קנאַפּע, ווייל די באַריכטן, וועלכע מיר האָבן געהערט פון דאָרטן, האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָרט איז די אַסימילאַציע אַ פולשטענ־דיקע, אַז די יידישע שולן אין קיעוו, מינסק א. א. יידישע שטעט זיינען פאַרמאַכט געוואָרן און אַז דער איינציקער לעצטער אָנשפּאַר פון יידישקייט איז דאָרט דער טעאַטער. קיין יידישע וויסנשאַפט איז דאָרט לחלוטין נישט פאַראַן.

10 יוני 1942

קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז דער פּרינציפּ, וואָס ווערט דורכן אָקופּאַנט אָנגעווענדעט אויף שריט און טריט. דעם דאָזיקן פּרינ־

---

75) יאָנאַס טורקאָוו — באַקאַנטער יידישער שוישפּילער און רעזשיסער, מיטאַרבעטער פון דער יידישער אַלייןהילף־געזעלשאַפט. לעבט אין אַמעריקע. מחבר פון זכרונות־ביכער פון דער אָקופּאַציע־צייט.

76) „מאַטורא" — א פּאָפּולער טעאַטער־שטיק פון דעם אונגארישן דראמא־טורג פעדאָר, געשפּילט אין די 30־ער יאָרן אין די פּוילישע טעאַטערס.

ציפּ נעמען איבער אויך אַנשטאַלטן פון עפנטלעכן געברויך, ווי גאַז און עלעקטריע. אויב אַ לאָקאַטאָר צאָלט נישט דעם חשבון פאַרן גאַז, מוז דער רעשט לאָקאַטאָרן דערפאַר באַצאָלן און אויב נישט ווערט דער גאַז פאַרמאַכט נישט אין דער איינצלנער דירה, נאָר אין גאַנצן הויז. ווילנדיק נישט ווילנדיק מוז זיך דעריבער דער הויז־קאָמיטעט פאַרנעמען מיט דעם שאַפן די צענדליקער און טיילמאָל אויך הונדערטער זל. וואָס זענען נייטיק פאַר דעם צוועק.

די באַציונג פון די דייטשן צו די יידן כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן פאָלגנדע פאָלקס־מעשה. געווען אמאָל אַ פריץ, וואָס האָט געלעבט א גוטן טאָג, געבאָרגט כסדר געלט אויף פּראָצענט ביז וואַנען זיין באַנקיר שלמה האָט אים צוגענומען זיין גוט בדרך ליציטאַציע. דער פאַראָרעמטער פריץ האָט מיט שוים אויף די ליפּן דערמאָנט דעם נאָמען פון דעם ייד, וואָס האָט אים בדיל הדל געמאַכט. אַלס נקמה האָט ער זיין הונט אָנגערופן שלמה און אים עטלעכע מאָל אין טאָג געקאַטעוועט. דאָס זעלבע, זאָגט עמך, קומט היינט פאָר מיטן דייטש. ער קריגט קלעפּ, מען פאַרניכטעט זיינע שטעט, נעמט ער 3 מאָל א טאָג נקמה אין ייד.

אין אַ מסיבה פון איניקע פערזאָן איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע, וואָס וואָלט מען געדאַרפט טון ווען מען קען איצט איינעם אַרויסשיקן אין דער גרויסער וועלט. אַלע זענען מסכים געווען, אז פאַר יעדן פּרייז וואָלט מען געדאַרפט מעורר זיין די וועלט וועגן דער פאַרניכטונגס־אַקציע, וואָס ווערט געפירט קעגן אונדז. מען וואָלט זיך נישט געדאַרפט אָפּשטעלן דעריבער צי וואָלט דאָס פאַרערגערט אונדזער לאַגע, מיר האָבן גאַרנישט צו פאַרלירן. דער אויסראָטונגס־פּלאַן ווערט דורכגעפירט פּלאַנמעסיק און סיסטעמאַטיש לויט א לכתחילה אָנגעצייכנטער סכעמע. אונדז קען ראַטעווען נאָר א נס: דאָס פּלוצימדיקע פאַרענדיקן די מלחמה, א נישט זיינען מיר פאַרלוירן. צי וואָלט מען געדאַרפט פאַרלאַנגען פארגעלטונג? א טייל האָט געהאַלטן, אַז יאָ. מען וואָלט געדאַרפט צונויפנעמען די פאַר צענדליק טויזנט דייטשן פון [illegible], פאַרשליסן זיי אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער — הינטער שטעכיקן דראָט, אָן שפּייז און וואסער און זאָלן זיי אויסגיין פון הונגער און נויט, ווי מען טוט עס דאָ אין פּוילן. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז [illegible] פאַרגעלטונג וואָלט נאָך מער אויפגעהעצט די דייטשן און געבראַכט צו דער פולשטענדיקער פארניכטונג פון די יידן. די וואָס האָבן פאַרלאַנגט פאַרגעלטונג האָבן דערמאָנט די מעשה מיט דעם כלומרשטן נישט געבן קיין עסן די דייטשע קריגסגעפאַנגענע ביז צום פאַרהער אין ליביע. א צווייטע פראַגע, וואָס איז דאָרט דיסקוטירט געוואָרן, איז געווען צי וואָלט מען געדאַרפט שיקן א רשימה פון ווערטפולע מענטשן קיין אויסלאַנד, כדי פאַר זיי צו באַקומען אויסלענדישע פּעסער און דערמיט זיי צו ראַטעווען. איניקע האָבן אָנגעוויזן, אז די עליטע דאַרף בלייבן מיטן פאָלק און צוזאַמען מיט אים אונטערגיין. איניקע ווידער האָבן

זיך פאַררופן אויף ביישפּילן פון דער יידישער געשיכטע און טראַדיציע, וואָס פאַרלאַנגען צו ראַטעווען אַפילו נפש אחד בישראל[77]. עס איז געבליבן, אַז יעדע געזעלשאַפטלעכע גרופּע דאַרף מאַכן באַמיונגען פאַר אירע ווערטפולע מענטשן און נישט דעם כלל אַלס גאַנצער. עס איז ווייטער אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז מען דאַרף אויפקלערן דאָס דייטשע פאָלק וועגן דעם פאַרניכטונגס־פּלאַן פון דער ייד[ישער] באַפעלקערונג, ווייל הגם ה. [יטלער] האָט אייניקע מאָל צוגעזאָגט צו פאַרניכטן דאָס ייד[ישע] פאָלק, ווערט אָבער אַלץ אין דער וועלט געטון די דייטשן זאָלן נישט וויסן, וואָס עס ווערט געטון מיט די יידן. אויב לכתחילה האט מען דערשאָסן טויזנטער יידן אין מיט שטאָט אָדער אויסער דער שטאָט, ווערט עס לעצטנס געטון לויט פאָלגנדן פּלאַן: די נישט פּראָדוקטיווע עלעמענטן, קינדער ביז 10 יאָר און זקנים איבער 60, ווערן פאַרלאָדן אין פלאָמבירטע וואַגאָנען, וואָס ווערן געהיטן דורך א דייטשער מאַנשאַפט, און אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. געוויינלעך איז עס אין דער ריכטונג פון בעלזשעץ, ווו עס פארשווינדעט יעדער שפור פון די אויסגעזידלטע יידן. דער פאַקט, אַז ביז היינט איז קיינעם נישט געלונגען צו ראטעווען זיך פון דעם טויט־לאַגער אין בעלזשעץ, אז ביז היינט איז נישטאָ קיין איין יידישער אָדער פּוילישער עדות פון דער פאַרניכטונגס־אַרבעט, וואָס ווערט אָפּגעטון אין בעלזשעץ, איז דער בעסטער סימן ווי שטאַרק עס ווערט געזאָרגט דערפאר, אז די ידיעה זאָל נישט מפורסם ווערן צווישן אייגענע. דאָס באַווייזט, אַז ווען די דייטשע באַפעלקערונג וואָלט וועגן דעם געוווסט, וואָלט מען מסתמא נישט אָפּגעטאָן אַזאַ מאַסן־מאָרד.

די מעשים תעתועים פון די פּוילישע פינאַנס־באַאַמטע איז פּשוט נישט צו באַשרייבן. עס איז א געוויינלעכער רויב. ווען מען קומט אַריין צו אַ געוועלבער, וואָס איז שולדיק פאַר שטייערן — פאַרהאַלט מען גלייכצייטיק אַלע קונים, און מ׳פירט ביי זיי אַדורך אַ רעוויזיע און מען נעמט צו דאָס גאַנצע מזומענע געלט, וואָס געפינט זיך ביי זיי על חשבון פון צוקונפטיקע שטייערן. אַזוי האָט מען געטאָן אין געריכט מיט אייניקע וואָכן צוריק, אזוי טוט מען אויף שריט און טריט. מען נעמט צו געלט ביים לאָקאַטאָר ווען דער סובלאָקאַטאָר קען נישט באַצאָלן פאַר שטייערן און פאַרקערט. ענלעך האַנדלען די פּוילישע פּאָליציאנטן. דאָס זענען גאַנץ איינפאכע רויבער. זעט אַ פּאָליציאַנט אַ וועגעלע מיט סחורה, ווערט ער דערצו אַ שותף. יעדנפאלס שטעלט ער ארויס געוויסע געלט־פאָדערונגען, וועלכע מוזן באַפרידיקט ווערן, אַ נישט נעמט ער צו די סחורה. לעצטנס טרעפט, אַז ביי די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן (למשל אויף ניסקע) ווערן פאַרהאַלטן יידן, אַן א שום פאַרווען און פאַרוואָס פאַרלאַנגט מען פון זיי הונדערטער זל. אויס קויף־געלט.

---

77) העברעיש: נישט אַרויסגעגעבן אפילו קיין ייד (אינעם טעקסט אַ טעות: אַנשטאָט נפש אחת שטייט — נפש אחד).

די נאַכט פון 10 אויפן 11 יוני 42 וועט ווערן פאַרשריבן מיט בלוטיקע אותיות אין דער געשיכטע פון יידישן געטאָ אין ווארשע. מען האָט, ווייזט אויס, באַשלאָסן פאַר יעדן פרייז צו ליקווידירן דעם שמוגל ביי די ווענט, דעריבער האָט מען באַשלאָסן דורך א מאַסן־טעראָר, דורך א מאַסן־שחיטה ליקווידירן פאַר יעדן פרייז דעם שמוגל. צענדליקער שמוגלער זיינען די נאַכט ליקווידירט געוואָרן לויטן באַקאַנטן נוסח. מען האָט די מענטשן אַרויסגעצויגן פון די שטובן און אויפן גאַס דערשאָסן. די שחיטה איז אויך פאָרגעקומען ביי די מויערן אינדערפרי און נעכטן אינאָוונט. פראַנקענשטיין, איבערגעטאָן פאַר א ייד מיט אַן אָפּאַסקע האָט פון אַ מאשין־געווער, באַהאַלטן אין א זאַק דערשאָסן א פאָר יידן. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען ביי אַנדערע מעטעס, באַזונדערס אין קליינעם געטאָ אויף קראָכמאַלנע און ציעפּלאַ. עס ווייזט אויס, אַז דער פאַרניכטונגס־פּלאַן פון די יידן אין פוילן גייט אין גרעסערע שטעט דורכן וועג פון אויסהונגערונג. דאָס ווערט רעאַליזירט אין לאָדזש, דאָס זעלבע הויבט איצט [אָן] פאָרצוקומען אין וואַרשע, ווו מען וויל פאַר יעדן פרייז ליקווידירן דעם שמוגל און דערמיט צווינגען די ייד[ישע] באַפעלקערונג צו באַגנוגענען זיך מיט די 7.½ דעקאָ ברויט טעגלעך. אַגב האָט מען נעכטן און היינט פרי געשאָסן צו די שמוגלער פון די דעכער, פון באַהעלטענישן, דערביי זיינען די דייטשן געווען פאַרקליידעט. דער עולם שמוגלער שרעקט זיך אָבער נישט פאַר קוילן. א שמוגלער האָט געזאָגט צו איינעם א באַקאַנטן, אַז ער וועט ווייטער טאָן זיין אַרבעט, ווייל א נישט וועט ער שטאַרבן פון הונגער. איידער אויסגיין פאַמעלעך פון הונגער איז שוין בעסער פון אַ קויל.

עס קומען כסדר אָן נייע ידיעות וועגן דער פאַרניכטונגס־אַקציע פון יידישע קינדער און זקנים. דאָס זעלבע וואָס איז פאָרגעקומען אין פאַביאַניץ[78] קומט איצט פאַר אין ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ, ווו מען האָט פאַרלאָדן 60 וואַגאָנען מיט קינדער אונטער 10 יאָר און זקנים איבער 60 יאָר[79]. עס איז קלאָר, אַז דאָס מיינט מען נישט קיין שום לאַגער, נאָר פשוטע אויסראָטונג פון דער יוגנט. קיין יידן וואָס אַרבעטן נישט פאַר די צוועקן פון די דייטשן, דאַרף מען נישט האָבן. זיי מוזן אין דער ערשטער ריי פאַרניכטעט ווערן. אין דער יידישער געשיכטע איז נישט פאַראַן קיין ענלעכער פרעצעדענס, אויסער פרעהן, וואָס האָט געהייסן אַריינוואַרפן אין יאָסער אַריין ניי־געבאָרענע קינד, איז אונדז נישט באַקאַנט קיין צווייטער פאַל פון אַזאַ מין. פאַרקערט די קינדער האָט מען שטענדיק געלאָזט לעבן, כדי

---

78) דעם 17 און 18 מאַי 1942 איז פאָרגעקומען אַ גירוש פון די יידן פון פאַביאַניץ אין דעם טויט־לאַגער כעלמנאָ. צווישן די דעפּאָרטירטע זענען געווען אויך קינדער.

79) דעם 10 מערץ 1942 זענען פון ביאַלע־פּאָדלאַסקע אַרויסגעשיקט געוואָרן אַרום 3000 יידן אין דעם טויט־לאַגער סאָביבאָר, בתוכם א סך קינדער.

זיי אַריבערצופירן צום קריסטלעכן גלויבן. אַפילו אין די סאַמע פאַרווילדסטע צייטן האָט דאָך געטליעט א מענטשלעכער פונק אין די הערצער פון די סאַמע פאַרגרעבסטע באַרבאַרן און דאָך פלעגט מען געוויינלעך שוינען די קינדער. דאָס איז אָבער נישט חל אויף דער היטלעריסטישער חיה. זי וויל פארציקן דווקא דאָס טייערסטע, וואָס דערוועקט דאָס גרעסטע — רחמנ״ת —· די אומשולדיקע קינדער.

דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט דאַרפן ווידמען אַ געהעריק בלאַט דער ייד[ישער] פרוי אין דער מלחמה, זי וועט פארנעמען א וויכטיק בלאַט אין דער יידישער געשיכטע אַדאַנק איר מוט און אויסדויער, אַדאַנק וועלכע טויזנטער פאַמיליעס האָבן געקענט איבערהאַלטן די ביטערע צייט. לעצטנס מערקט זיך אָן אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג. אין אַ טייל הויז־קאָמיטעטן רוקן זיך ארויס פרויען אויפן אָרט פון די מענער, וועלכע טרעטן אָפּ דעם פלאַץ אויסגעמאַטערטע און מידע פון דער ביזאיצטיקער אַרבעט. עס איז דאָ הויז־קאָמיטעטן, ווו די גאַנצע אָנפירונג באַשטייט פון לויטער פרויען. פאַר דער סאָציאלער הילף, וואָס נויטיקט זיך איצט אין פרישע, נישט בלאַזירטע כוחות —איז זייער וויכטיק צו האָבן א רעזערוואר פון נייע כוחות.

אויפן בית־עולם קומען כסדור דייטשן אָנצוקוקן די באַרימטע שאָפּע, ווו עס ליגן די קאַנדידאַטן אין די מאַסן־קברים, הגם דאָס איז פאר זיי פארבאָטן. נישט לאַנג איז געווען א גרופּע דייטשע זעלנער. האָט איינער געוויינט און געזאָגט צום חבר: דאָס האָט געזאָלט זען דער פירער...

אין געטאָ מאַכן ייד[ישע] דאָקטוירים און פראָפעסאָרן — אויך אַזעלכע פעלן נישט אין געטאָ — וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען[80]. איינע פון די אינטערעסאנטע טעמעס איז דער הונגער, ווייל דאָס איז די סאמע פארשפרייטסטע קראנקהייט אין געטאָ און צו איר איז דאָ איין עצה: די דייטשן זאָלן אַוועק פון פוילן. אַלזאָ, אין לאָדזש האָט א באַרימטער יידישער פראָפעסאָר פון פראַג געמאַכט אַן אַנטדעקונג, אַז דער בעסטער מיטל קעגן געשווילעכץ פון הונגער זענען קאַרטאָפל — מער נישט עס איז זיי נישט לייכט צו באַקומען

נישט לאַנג האָט בשעתן פּילמירן דאָס געטאָ פּאַסירט אַזאַ פאַל, א פרוי, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן אין פּאַוויאַק צו דער באַרימטער מקוה אויף דזשעלנע 38, האָט געמאַכט געוואלדן און באין אופן נישט געלאָזט זיך אויסטאָן. דער זעלנער האָט איר אַ קאָפּע געטאָן און אַרויסגעוואָרפן. אין צווייטן צימער איז געווען א יידישער פּאָליציאַנט, האָט ער פארלאַנגט פאַרן אַרויסלאָזן איר 50 זל. הגם דער זעלנער האָט די פרוי באַפרייט. די פרוי

[80]) די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט וועגן הונגער אין וואַרשעווער געטאָ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך דער מלחמה אין וואַרשע.

האָט אָבער נישט געהאַט מער ווי 30 זל. עס איז אויסגעבראָכן אַן אמפּעריי צווישן ביידע, האָט עס דערהערט דער זעלנער, געעפנט די טיר און דערזען די פּרוי, האָט ער אויף איר גוט אָנגעשריגן, געגעבן אַ קאָפּ און אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. די דאָזיקע מעשה איז אַן אילוסטראַציע צו דער מוראדיקער הפקרות און קאָרופּציע, וואָס הערשן אין געטאָ. עס חזרט זיך איבער דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבן שוין געלייענט נישט איין מאָל אין דער ייד[ישער] געשיכטע, נעמלעך: אַז די יידישע קהלה מיט איר אַפּאַראַט האָט שטענדיק מער עקספּלאָאַטירט די יידישע מאַסע ווי דער קריסטלעכער מאַגיסטראַט זיינע אונטערטאַנען. די סיבה איז אַ גאַנץ פּשוטע: דער קהל האָט געהערשט אַלמעכטיק איבער דער יידישער עדה ער האָט געצאָלט אויסקויף־געלט די שררות און יענע האָבן אים דערלויבט צו טאָן מיט דעם יידישן עולם, וואָס אים האָט נאָר געגלוסט. דאָס דאָזיקע חזרט זיך איבער היינט אין אַ נאָך בולטער פאָרם. צווישן די פּלאַצוווקעס אויף וועלכע עס אַרבעטן ייד[ישע] אַרבעטער איז כדאַי צו דערמאָנען די פּלאַצוווקע פּאָוואָנזקע. 700 ייד[ישע] אַרבעטער זיינען טעטיק אויפן בית־עולם, צווישן אַנדערע גראָבן זיי קברים פאַר די אין שפּיטעלער געשטאָרבענע דייטשע זעלנער. צו אַזאַ אַרבעט וואָלטן זיך געמאָלדן אַ סך יידן. מיר דוכט, אַז זיי וואָלטן אַפילו צוגעצאָלט.

26 יוני־־1942

פרייטיק 26 יוני 42 איז פאַר ע״ש אַ טאָג פון גרויסע געשעענישן. היינט פאַרמיטאָג איז אויפגעגעבן געוואָרן אַן אוידיציע פון ענגל[ישן] ראַדיאָ פאַר די פּוילישע יידן. עס איז איבערגעגעבן געוואָרן דאָס אַלץ, וואָס איז אונדז גוט באַקאַנט: סלאָנים און ווילנע, לעמבערג און כעלמנאָ[81]. א. א וו. חדשים לאַנג האָבן מיר געוויינט איבער דעם, וואָס די וועלט איז טויב און שטום צו אונדזער טראַגעדיע, וואָס האָט נישט קיין אירס גלייכן אין דער געשיכטע. מיר האָבן געהאַט טענות צו דער פּוילישער עפנטלעכקייט, צו די פאַקטאָרן וואָס שטייען אין קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער רעגירונג, הלמאַי מען גיט נישט איבער וועגן די שחיטות פון די פּוילישע יידן, הלמאַי די וועלט ווייסט נישט וועגן דעם. מיר האָבן באַשולדיקט די פּוילישע פאַקטאָרן, אַז זיי פאַרשוויגן מיט אַ כיוון אונדזער טראַגעדיע, כדי עס זאָל נישט פאַרבלאַסן זייער אייגענע טראַגעדיע. עס ווייזט אויס, אַז די אַלע אינטערווענצן האָבן ענדלעך זייערס דערגרייכט.

---

[81]) די גרויסע שחיטה איבער די יידן אין סלאָנים איז פאָרגעקומען דעם 14 נאָוועמבער 1941. עס זענען דעמלט אויסגעמאָרדעט געוואָרן העכער 10 טויזנט יידן. אין דער שחיטה האָבן זיך באַטייליקט די ווערמאַכט און די ליטווישע פאַשיסטן. דער טויט־לאַגער אין כעלמנאָ איז געווען טעטיק שוין אין דעצעמבער 1941. לוואָו — זע הערה 34 (1942). אין יוני 1942 זענען פאָרגעקומען שחיטות אויף יידן פון ווילנער פּראָווינץ.

אין די לעצטע וואָכן זיינען כסדר געבראכט געוואָרן ידיעות פון ענגלישן ראַדיאָ וועגן די אכזריותדיקייטן איבער די פּוילישע יידן: כעלמנאָ, ווילנע, בעלזשעץ וכדומה. היינט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער קיצור פון באַריכט וועגן דער לאַגע פון די פּוילישע יידן און עס איז דערמאָנט געוואָרן די ציפער פון 700.000 אויסגעהרגעטע יידן אין פּוילן. גלייכצייטיק איז אָנגעזאָגט געוואָרן נקמה און אָפּרעכענונג פאר די באַגאַנגענע געוואַלטאַטן. די ע״ש־גרופּע האָט דערמיט דערפילט אַ גרויסע היסטאָרישע שליחות[82], זי האָט אַליאַרמירט די וועלט וועגן אונדזער גורל און אפשר געראַטעוועט הונדערטער טויזנטער פּוילישע יידן פון פארניכטונג. דאָס לעצטע, נאַטירלעך, וועט אונדז באַווייזן די נאָענטסטע צוקונפט. איך ווייס נישט ווער עס וועט פון דער גרופּע בלייבן לעבן — ווער עס וועט זוכה זיין בגורל צו באַאַרבעטן די געזאמלטע מאַטעריאַלן. איינס איז אָבער פאר אונדז אַלעמען קלאָר: אונדזער מי און מאַטערניש, אונדזער מסירת־נפש און לעבן אין כסדרדיקן פּחד איז נישט געווען אומזיסט. מיר האָבן דעם שונא געגעבן אַ קלאַפּ. נישט וויכטיק צי וועט די אַנטפּלעקונג פון די אומגלויבלעכע יידן־שחיטות געבן דעם געהעריקן עפעקט — צי וועט אָפּגעשטעלט ווערן דאָס ווייטערדיקע אויסשעכטן פון גאַנצע יידישע ישובים. איינס ווייסן מיר — אונדזער פליכט האָבן מיר דערפילט. מיר האָבן בייגעקומען אַלע מניעות און שטרויכלונגען און אונדזערס דערגרייכט. אפילו אונדזער טויט וועט נישט זיין אומזיניק ווי דער טויט פון צענדליקער טויזנטער יידן, מיר האָבן דעם שונא געגעבן א שטאַרקן קלאַפּ. מיר האָבן אַנטפּלעקט זיין טייוולאָנישן פּלאַן צו פאַרניכטן דאָס פּוילישע יידנטום, וועלכן ער האָט געוואָלט אויספירן בשתיקה. מיר האָבן געמאַכט א שטריך איבער זיינע רעכענונגען און אויפגעדעקט זיינע קאָרטן. און אויב ענגלאַנד וועט נאָך האַלטן וואָרט מיט אירע דראָאונגען וועגן אָנווענדן אַנטשפּרעכנדע מאָסמיטלען שוין איצט, דאַן זיינען מיר אפשר געראַטעוועט.

30 יני 1942

די לעצטע טעג לעבט די ייד.[ישע] באַפעלקערונג אונטערן צייכן פון לאָנדאָן. די ידיעה, אַז די וועלט איז אויפגעציטערט געוואָרן פון די גרויסן וועגן די שחיטות אין פּוילן, האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ טיפע דערשיטערונג. לאַנגע, לאַנגע חדשים האָבן מיר זיך געמאַטערט אין די גרעסטע ליידן און געפרעגט: צי ווייסט די וועלט וועגן אונדזערע ליידן? און אויב זי ווייס פאַרוואָס שווייגט [זי]? פאַרוואָס איז די וועלט נישט אויפגעציטערט געוואָרן ווען עס זענען צענדליקער טויזנטער יידן אויסגעשאָסן געוואָרן אין

---

[82]) אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן פון „עונג שבת“ און פון די ס.אָ.ס.־בריוו פון „בונד“ האָט מען אויפן מערב אליארמירט די עפנטלעכע מיינונג וועגן די גרויליקייטן אין פּוילן.

פּאַנאַרי? פאַרוואָס האָט די וועלט געשוויגן, ווען מען האָט צענדליקער טויזנטער יידן אויסגעסמט אין כעלמנאָ? פאַרוואָס האָט די וועלט געשוויגן, ווען הונדערטער טויזנטער יידן זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן אין גאַליציע און אין אַנדערע נייע אָקופּירטע געביטן? מיר האָבן געשטעלט די פראַגע און זיך אַליין געענטפערט: פאַרוואָס [זאָל] מען דערשיטערט ווערן פון דער שחיטה ווילנע, ווען אין אַ ראָסטאָוו האָבן די דייטשן אויסגעשאָכטן 180 טויזנט מענטשן [83], ווען אין קיעוו איז אַן ענלעכע צאָל אוקראַינער און יידן אויסגעמאָרדעט געוואָרן[84]? פאַרוואָס זאָל די וועלט אויפגעציטערט ווערן, ווען טאָג־טעגלעך גיסן זיך טייכן בלוט אויף אַלע שלאַכטפעלדער. מיט וואָס איז דאָס בלוט פון די יידן טייערער פאַר דעם בלוט פון די רוסישע, כינעזישע, ענגלישע א. א. זעלנער. מיר האָבן זיך געגעבן די אייביקע תשובה, אָבער געפילט האָבן מיר, אַז די תשובה איז קיין תשובה נישט. איצט האָבן מיר ערשט פאַרשטאַנען, ווו עס האָט געשטעקט די סיבה פון שטילשווייגן. לאָנדאָן האָט פּשוט נישט געוווּסט וועגן דעם אַלעם, וואָס דאָ קומט פאָר. דעריבער האָט זי געשוויגן.[85] אַן אַנדערע זאַך איז, אַז ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז האָבנדיק אַן אייגענע ראַדיאָסטאַציע זאָל די פּוילישע רעגירונג נישט קענען וויסן וועגן דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. עס שטעלט זיך דאָך די האַרבע קשיה, הלמאי האָט מען אין לאָנדאָן געוווּסט אויפן צווייטן טאָג וועגן 100 דערשאָסענע אין פּאַוויאַק און גאַנצע חדשים האָט געמוזט געדויערן ביז וואַנען מען האָט זיך דערוווּסט אין לאָנדאָן וועגן הונדערטער טויזנטער דערמאָרדעטע יידן. דאָס איז טאַקע אַ קשיה, וועלכע קיין שום תירוצים וועלן נישט קאָנען פאַרענטפערן. די ידיעה, אַז מען האָט די אינטערפּעלאַציע פון דער פּוילישער רעגירונג איבערגעגעבן דורך אַלע בריטישע זענדערס אין אַלע שפּראַכן פון די אַלירטע פעלקער אין דעם שבתדיקן טאָג עטלעכע מאָל אין דייטש (צווישן אַנדערע דער דייטשער פּרויען־זענדער), דאַן די רעדעס פון אַרציבישאָף פון קענטערבערי, די רעדע פון הרב ד״ר הערץ [86], די רעדע פון דעפּוטאַט זיגעלבוים [87] — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויפגעטרייסלט די יידישע עפנטלעכקייט אין וואַרשע. מען האָט זיך געפרייט, אָבער גלייכצייטיק זיך געשרעקט, ווי אַזוי וועט ענטפערן דער אָקופּאַנט. ס׳רוב האָט מען געהאַלטן, אַז גוט וואָס די וועלט ווייסט וועגן אַלץ, אפשר וועט זי דאָך געפינען די געהעריקע מיטלען, כדי צו צווינגען דעם

---

83) די צאָל איז אַ גוזמא.

84) אין קיעוו זענען אין סעפּטעמבער 1941 דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן אין באַבי יאַר איבער 70 טויזנט יידן.

85) אין די רעגירונגס־קרייזן אין לאָנדאָן האָט מען פאַקטיש יאָ געוווּסט.

86) יוסף הערץ (1872—1946) — הויפּט־רב פון בריטישן יידנטום, אַנפירנדיקע פיגור אין דער הילפס־אַקציע לטובת דער סאָוויעטישער אַרמיי בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

87) די רעדע געהאַלטן אין פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן.

אָקופּאַנט אָפּצושטעלן די ווייטערדיקע שחיטות. מען האָט ציטירט די שטע־לעס אין די רעדעס פון זיגעלבוים, ווו ס׳רעדט זיך וועגן רעפּרעסיעס קעגן דייטשן אין אַמעריקע וועלכע זאָלן זיי צווינגען אָפּצושטעלן די שחיטות אין פּוילן. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז די אַלירטע, באַזונדערס די דעמאָקראַ־טישע אַמעריקע, וועט נישט גיין אויפן וועג פון שעכטן דייטשן, ווייל ערשטנס זיינען עס אַמעריקאַנער בירגער און צווייטנס, וועט די עפנטלעכע מיינונג דערצו נישט דערלאָזן. אַלע האַלטן אָבער, אַז ביז גאָר וויכטיק איז די דייטשן גופא זאָלן זיך וועגן דעם דערוויסן. די אַלע, וועלכע האָבן גע־האַט אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך מיט דייטשן, ווייסן גאַנץ גוט, אַז די דייטשן ווייסן נישט וועגן די הריגות און שחיטות [וואָס ווערן] אָפּ־געטאָן דורך ספּעציעלע מערדער־באַנדעס אויסער דער שטאָט, אָדער אין דער מאָרדאָווניע ווי בעלזשעץ. דער אָקופּאַנט האָט מורא, אַז די דייטשע באַפעלקערונג, אַפילו די דייטשע זעלנער זאָלן וויסן וועגן די שחיטות פון יידן, דעריבער באַמיט מען זיך, אַז דאָס הרגענען די יידן זאָל פּאָרקומען אין געהיים. אַפילו צום באַגראָבן די דערמאָרדעטע באַנוצט מען זיך מיט די יידן גופא, וואָס ווערן צום סוף דערמאָרדעט. אויב אויסלאַנד וועט אָפּקומען בלויז מיט רעדעס און סטראַשונקעס, דאַן וועט אונדז אפשר ראַטעווען די מורא פאַר דער עפנטלעכער מיינונג אין דייטשלאַנד גופא. איינצעלנע דייטשן, וואָס האָבן זיך דערוווסט וועגן ענין כעלמנאָ, האָבן מיט אויפּ־רעגונג געזאָגט: מיר וועלן דאָך דערפאַר באַצאָלן מיט די קעפּ פון אונדזערע פרויען און קינדער. מען וועט דאָך דערפאַר נעמען אַ בלוטיקע נקמה. מען רעכנט, אַז די אויפרודערונג אין לאַנדאָן און אין דער גאַנצער וועלט וועט האָבן א געוויסע ווירקונג אויף דער באַציונג פון דער פּוילי[שער] באַפעל־קערונג צו די יידן, וועלכע איז בדרך כלל זייער אַ שלעכטע. די דייטשע פּרעסע און ראַדיאָ האָט דערוויל אָנגענומען אַ פול מויל און שווייגן. וואָס זאָלן זיי טאָן: באַשטעטיקן — ד. ה. דאָך אַליאַרמירן די אייגענע באַפעל־קערונג, — אָפּלייקענען, הייסט דאָך עס, אַז די אַלע חבטחות וועגן מאַכן אַ סוף צו יידן זענען בלויז פראַזן. דער עולם דערוואַרט מיט גרויס אינטע־רעס די רעאַקציע פון דער דייטשער רעגירונג און פאַרבינדט דערמיט גרויסע האָפענונגען. מען גלויבט דאָך, אַז די דייטשן וועלן פון איצט אָן מורא האָבן עפנטלעך צו מאַכן אַזעלכע מאַסן־שחיטות, ווי ביז איצט. מען ברענגט אַפילו אַ פאַקט פון אָסטראָוויעץ, ווו יידן זענען באַפרייט געוואָרן פון פלאַמבירטע וואַגאָנען מיט וועלכע זיי האָבן געזאָלט ווערן אויסגע־זידלט [88]. אויב דאָס זאָל זיך באַשטעטיקן, דאַן איז עס טאַקע אַן אָנהויב פון אַ נייער ערע. די מער ניכטערע וואָרענען אָבער פאַר אילוזיעס. פון די דייטשן קאָן מען זיך נישט ריכטן אויף קיין שום רחמנות. אונדזער לעבן אָדער טויט איז אָפּהענגיק דערפון, וויפל צייט זיי וועלן האָבן. וועלן זיי

---

[88]) מען קאָן נישט פעסטשטעלן.

האָבן אַ סך צייט, דאַן זענען מיר פאַרלוירן, וועט די גאולה קומען בקרוב, דאַן זענען מיר געראַטעוועט.

יוני 1942

וואָס לייענט דער עולם? די דאָזיקע טעמע אינטערעסירט יעדן און וועט נאָך דער מלחמה שטאַרק אינטערעסירן די וועלט. עס וועט זיך די וועלט פרעגן, וואָס האָבן געטראַכט די מענטשן פון מוזא־דאַג [89] פון דעם וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער טויט וועט זיי נישט אויסמיידן פונקט ווי ער האָט נישט אויסגעמיטן די יידישע ישובים אין די קליינע שטעטלעך. עס מעג געזאָגט ווערן, אַז הגם מיר זיינען פאַרמשפּטע צום טויט, האָבן מיר דאָך נישט פאַרלוירן דעם מענטשלעכן פּרצוף און אונדזער מוח אַרבעט ווי פאַר דער מלחמה. דער ערנסטער יידישער לייענער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דער מלחמה־ליטעראַטור. מען לייענט די מעמואַרן פון לאָיד דזשאָרדזש [90]. ראָמאַנען פון דער וועלט־ליטעראַטור, פון דער פריערדיקער וועלט־מלחמה א.ד.גל. מען האָט הנאה פון די בלעטלעך, אין וועלכע עס ווערט באַשריבן דאָס יאָר 1918, די מפּלה פון די דייטשן. מען זוכט פאַרגלייכן מיט די היינטיקע צייטן און מען וויל מיט אותות ומופתים באַווייזן, אַז עס דערנענטערט זיך די מפּלה פון דער אומבאַזיגטער דייטשער אַרמיי. מען לייענט מיט גרויס הנאה די אויפנאַמען פון די דייטשע פּאַרלאַמענטאַריער אין קאַמפּיען [91] און [מען] זעט שוין אין דער פאַנטאַזיע ווי אַזוי עס וועט געשאַפן ווערן אַ נייעס, פיל מער שטאַרקערס קאָמפּיען. עס איז מיר אויסגעקומען צו לייענען דאָס גרויסע בוך פון וואַן דער מערש [92] וועגן דער דייטשער הערשאַפט אין פראַנקרייך און בעלגיע. אויף שריט און טריט האָט זיך פּשוט געבעטן אַ פאַרגלייך מיט דער היינטיקער צייט, וועלכע איז אַ סך, אַ סך מאָל אַכזריותדיקער ווי אין יענער וועלט־מלחמה. איין זאַך איז אָבער געמיינזאַם: דאָס קאַלטע אומברחמנותדיקע באַרויבן און באַראַבעווען די ציווילע באַפעלקערונג פון די אָקופּירטע לענדער פון דעם אַלעם, וואָס זיי פאַרמאָגן. פון די זייער שטאַרקע

89) דער ראָמאַן פון פראַנץ ווערפעל „די פערציק טעג פון מוסאַ דאַג“ וועגן די שחיטות פון די טערקן איבער די ארמענער פאר און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

90) דייוויד ללאָיד דזשאָרדזש (1863—1945), פרעמיער. פון דער ענגלישער רעגירונג אין די יאָרן 1916 — 1922, פירנדיקער מלוכה־מאַן אויף דער שלום־קאָנפערענץ אין פאַריז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

91) אין קאָמפּיען (פראַנקרייך) איז פאָרגעקומען דער קאַפּיטוליר־אַקט פון די דייטשן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָכן באַהערשן פראַנקרייך בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט היטלער אויפגענומען די פראַנצויזישע קאַפּיטולאַציע אין זעלביקן קאָמפּיען.

92) מאַקסאַנס וואַן דער מערש, ליטעראַרישער פּסעוודאָנים פון זשאָזעף קאַרדין (1907 — 1951), פראַנצויזישער שרייבער, מחבר פון פּסיכאָלאָגישע ראָמאַנען, אין וועלכע עס איז פאַראַן אַ קריטיק פון קאַפּיטאַליזם.

בלעטלעך פון וואַן דער מערשס ראָמאַן איז צו זען, אַז נישט בלויז די היינ־טיקע מלחמה איז [אַ] טאָטאַלע, אויך די פריערדיקע וועלט־מלחמה איז געווען אַזעלכע. די אָקופּירטע לענדער זיינען באַרויבט געוואָרן פון אַלץ, די באַפעלקערונג איז געוואָרן פאַרשקלאַפט און געצוווּנגען צו אַרבעטן פאַר די דייטשן. נאָכן דורכלייענען דאָס דאָזיקע בוך פרעגט זיך אַ יעדער: און וואָס האָט מען געטאָן, כדי צו פאַרמיידן אַזאַ נייע הונגער־הערשאַפט אין אייראָפּע?

אַ טייל לייענט זייער גערן נאַפּאָלעאָנען. מען פירט אַדורך אַנאַלאָגיעס צווישן דעם ימח־שמו [93] און נאַפּאָלעאָנען, וועלכע פאַלן שטענדיק אויס לטובת דעם לעצטן. ווייל הגם אויף זיין געוויסן ליגן טייכן בלוט פאַרגאָסן אויף אַלע שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע, האָט ער דאָך אויפגערודערט די פעאָדאַלע וועלט און אַריינגעבראַכט אומעטום דעם נייעם רעוואָלוציאָנערן סדר. נאָך דעם ימח־שמוניק וועט אָבער גאָרנישט בלייבן ווי צענדליקער מיליאָנען קרבנות אין אַלע לענדער פון דער וועלט און אַ פאַרברענטע, רו־אינירטע אייראָפּע, וועלכע איז צוליב דעם קריג צוריקגעוואָרפן געוואָרן גאַנצע יאָרהונדערטער צוריק.

מען לייענט גערן וועגן נאַפּאָלעאָנען דערפאַר, ווייל מען זעט, אַז דער שטערן פון אַ דיקטאַטאָר, פון אַן אומבאַזיגבאַרן געווינער און דעראָבערער פאַרגייט און דאָס אַ סך גיכער, ווי עס קען זיך עמעצן אויסדוכטן. מיט דער גרעסטער הנאה לייענט מען די בלעטלעך וועגן דעם מאַרש אויף מאָסקווע, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַזאַ טראַגישע מפּלה, און וואָס איז געווען דער אָנהויב פון זיין סוף. אין ווינטער האָט מען מיט גרויס הנאָה געלייענט די בלעטלעך וועגן די שווערקייטן פון רוסישן ווינטער און געהאָפט, אַז די געשיכטע וועט זיך דאָס מאָל אויך איבערחזרן און זיך ענדיקן מיט דער מפּלה פון דעם ימח־שמוניק. הגם דער הייאָריקער ווינטער האָט זיך נישט פאַרענדיקט מיט דער זעלבער קאַטאַסטראָפע, ווי אין יאָר 1812, איז אָבער זיכער, אַז פונקט ווי נאַפּאָלעאָן האָט אויך ה. געמאַכט דעם טויט־פעלער, אָנהייבנדיק מיט דעם רוסישן קאָלאָס, וואָס האָט ריזיקע רעזערוואַרן פון מענטשן און מאַטעריאַלן. מיט גרויס פּאָפּולאַריטעט פרייט זיך איצט שטאַרק דאָס בוך פון טאָלסטאָי „וואָינאַ אי מיר”. אַ סך מענטשן, וואָס האָבן עס שוין נישט איין מאָל געלעזן, לייענען עס איצט צוליב דער נאַפּאָלעאָני־שער עפּאָפּיי.

מיט איין וואָרט: נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו נעמען נקמה ביים שונא אין דערווירקלעכקייט, זוכט מען עס אין דער פאַנטאַזיע, אין דער ליטעראַטור. דערמיט דערקלערט זיך דאָס גאַרן נאָך מלחמה־ביכער, וואָס זאָלן אינדז אָנווייזן אַ וועג פון לעזן די טראַגישע פּראָבלעמען פון דער איצטיקער מלחמה. מיר דוכט אָבער, אַז די אַלע זוכענישן אויפן פעלד פון געשיכטע וועלן צו קיין שום זאַך נישט פירן. די געשיכטע חזרט זיך נישט

93) היטלער.

איבער, באַזונדערס ווען מיר שטייען איצט ביים שייד־וועג פון אַ נייער תקופה, וואָס ווערט געבוירן אין שווערע ווייען פון דער אָפּשטאַרבנדיקער וועלט. ווו קען מען געפינען אַ פאַרגלייך מיט אַ פריערדיקער תקופה? קאָן דען זיין אַ פאַרגלייך צווישן דעם ווייסן טעראָר פון דער פעאָדאַלער וועלט מיט אַ שחיטה פון קיעוו אָדער ראָסטאָוו, ווו עס זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן צו הונדערטער טויזנטער קרבנות צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג? דער היטלעריזם וויל פיזיש אויסראָטן מיליאָנען מענטשן נאָר דערפאַר, ווייל זיי ווילן נישט אַנערקענען זיין „ניי־אָרדנונג" פון אייראָפּע. עס פאָדערט אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג: דער פאַרגלייך צווישן די קאַמפן פון דער אָפּשטאַרבנדיקער פעאָדאַלער און קאַפּיטאַליסטישער וועלט. איינס איז אָבער קלאָר, אַז פאַרגלייכן די צוויי תקופות איז אוממעגלעך — דאָס זיינען צוויי פאַרשידענע תקופות מיט אַ גאָר אַנדערע „השגות".

יוני 1942

עס האַלט ביים געשאַפן ווערן אַ נייע פאָרמאַציע פון דער יידישער פּאָליציי, וועלכע האָט שוין אַפילו באַקומען אַ געלונגענעם נאָמען: „ק. אָ. פּ". (קאָרפּוס אָכראָני פּאָגראַניטשאַ — אַמאָליקע פּוילישע גרענעץ־וואַך). די דאָזיקע פאָרמאַציע זאָל האָבן אַן אויפגאַבע צו היטן די מויערן פון געטאָ, כדי עס זאָל זיך נישט אַריינבאַקומען קיין שמוגל. די ווענט פון געטאָ ווערן שוין באַשמירט מיט גרויסע ווייסע נומערן (יעדע 50 מעטער וועלן האָבן אַ נומער). די דאָזיקע מויערן־פּאָליציאַנטן וועלן האָבן באַזונדערע ראַציאָנען און באַקומען א ספּעציעלע שכירות: 10 זל. אַ טאָג און אַ גרעסערן סכום ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן.

דער לייטער פון פּאָליציי לייקין האָט צוזאַמענגערופן די פּאָליציי און אַפּעלירט, מען זאָל זיך מעלדן פרייוויליק. אַזוי ווי אָבער אַ קליינע צאָל פרייוויליקע האָט זיך געמאָלדן, האָט מען באַשטימט די דאָזיקע פּאָליציאַנטן, וואָס ווערן אָפּקאָמאַנדירט צו דער דאָזיקער ביטערער און געפערלעכער אַרבעט (יעדער פּאָליציאַנט וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן שמוגל אין זיין שטח). עס איז אַ טייוולאָנישער פּלאַן, וואָס וויל אויסהונגערן דאָס געטאָ מיט דער הילף פון יידן גופא. דאָס איז איבריקנס נישט צום ערשטן מאָל, אַז דער אָקופּאַנט צווינגט די יידישע באַפעלקערונג אויסצוגראָבן אַ קבר פאַר זיך אַליין. דאָס טוט ער אויף שריט און טריט. צו אונדזער גרויסן ווייטיק מוז געזאָגט ווערן, אַז ער געפינט שטענדיק מענטשן, וואָס זענען גרייט צו טאָן אַזאַ שמוציקע אַרבעט מיט גרויס חשק און טיילמאָל מיט אַ איבער־געטריבענעם אייפער.

יוני 1942. עס זענען פאַראַן אַ סך מונדירן פון געהרגעטע זעלנער אין געטאָ. זיי ווערן דאָ אין שאָפּן געוואַשן, דיזענפיצירט — — אין די קעשענעס פון די זעלנער געפינט מען זייער אָפט בריוו פון דער היים ווי אויך פון פראָנט. די לעצטע זיינען, פאַרשטייט זיך, זייער אינטערעסאַנט, ווייל

זיי גיבן אַ בילד פון די שטימונגען, וועלכע זיינען, לויט ווי מען פאַרציילט זייער פעסימיסטיש. אינטערעסאַנט, אַז די מלבושים זיינען שווידערלעך פאַרלייזיקט! ווייניק אייגענע לייז האָט דאָס געטאָ, דאַרף עס נאָך באַקומען פון דרויסן! כאַראַקטעריסטיש, אַז אין די קעשענעס פון די געהרגעטע זעל־נער געפינט מען אָפט זאַכן, וואָס שטאַמען פון רויב און דווקא פון וואַרשע. ווי למשל פאַרשיידענע גאַלאַנטעריע־זאַכן פון וואַרשעווער פירמעס, אַפילו טליתים. צוגענומען געוואָרן ביי יידן — קומט עס צוריק צו יידן. מונדירן אַזעלכע איז שוין איבער דריי הונדערט טויזנט. איצט קען מען האָבן אַ שטיקל באַגריף וויפל דייטשע זעלנער עס זיינען געהרגעט געוואָרן דעם ווינטער אין דעם קאַלטן רוסלאַנד.

דער ווילקיר פון די דייטשע זעלנער. לגבי די יידן איז אין לשער. אַלס אילוסטראַציע וועל איך ברענגען פאָלגנדע פאַסירונג פון אַ וואָך צוריק. אַן אָפיציר מיט אַ זעלנער קומען אריין צו אַ יידישן בעל־מלאכה פון גומי־אַרטיקלען און פאַרלאַנגען פון אים אַ דענטקע מיט אַ פרישער אָפּאָנע. דער ייד דערקלערט, אַז ער האָט נישט. מען פירט אַדורך אַ רעוויזיע און שטוב און געפינט גאָרנישט. דאָך נעמט מען אים צו און פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל אָנווייזן אַ צווייטן בעל־מלאכה, דערביי דראָט מען אים מיט שיסן גאָך דעם. ביים צווייטן געפינט מען אויך גאָרנישט. דאַן גייט מען צום דריטן מיט די פריערדיקע צוויי, אַזוי גוט ביז אַ גאַנצע קאַוואַלקאַדע פון בעל־מלאכות האָט אין דער באַגלייטונג פון דעם אָפיציר און זעלנער גע־זאַפּט דערשאָסן ווערן. אין לעצטן מאָמענט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אָפּיציר מיט דעם זעלנער האָבן זייער דראָונג נישט דערפילט. די יידן זיי־נען ניצול געוואָרן.

געווען אַ פּראָיעקט פון איינפירן אין גובערניע געלע לאַטעס אויפן אָרט פון די אָפּאַסקעס. אין [אָ] געשפּרעך מיט די מאַכט־פאָרשטייער האָט טשער־ניאַקאָוו זיי דאָס אָפּגעראָטן צו טאָן מיט מאָטיוון פון ווירטשאַפטלעכן כאַ־ראַקטער. עס וועט דערויף נויטיק זיין צו פיל וואָל.

הונגער איז היינט געוואָרן זייער אַ פאַרשפּרייטע קראַנקהייט. אין לאָדזש האָט אַ גרויסער פּראַגער דאָקטאָר אויסגעפונען אַ גוט מיטל קעגן דער הונ־גער־געשווילעכץ. דאָס מיטל איז אַ פשוטעס — קאַרטאָפל. אָבער ווו נעמט מען זיי, אַז אַ קילאָ קאַרטאָפל קאָסט היינט ביליק (!) 4 זל. אַ קילאָ

דער קלאַנג וועגן טויט פון יודטאַוואַ, האָט זיך צום באַדויערן אַרויסגע־וויזן פאַר אַ נישט ריכטיקן.

פריוואַטע איניציאַטיוו[95] אייניקע מענטשן קלייבן זיך צונויף — די קערפּערשאַפטן וואָס באַשעפטיקן זיך דערמיט[96]

מאַנגל פון אַרבעטס-אינספּעקציע. — זאָרג פאַר פאַמיליע-מיטגלידער ביז צו טריף — פאַר וועמען גייט די אַרבעט[97], אין אַ טורמע צווינגט מען מענטשן צו אַרבעטן. דעקן אַ געוויסע צאָל אינטעליגענץ דורך די שאַפּן אויפפאָדערן דורך די ה.ק. [הויז-קאָמיטעטן]. לעגאַליזאַציע פון וואַרשטאַטן וואָס אַרבעטן אומלעגאַל. מען האָט מורא פאַר שטייערן.

געזעל[שאַפטלעכע] שטייער פון די פאַרדינסטן פון אונטערנעמער.

2.000 לעפּ נאָ מוכי[98].

מיר האָרפן נישט אָרגאַניזירן קיין שאַפּן[99].

אויף יענער זייט דאָרף — — —

רעדוצירן אויסגאַבן צו אַרבעטס-שוץ

באַשטייערונגען לטובת די פאַמיליעס.

ביי טעבענס נישטאָ קיין אָפּזאָגונגען.

אַ סך אַרבעט אויף פרווו — גאַנצע חדשים אויף פּראָבע.

איפּן חשבון פון שקלאַפערישער אַרבעט ווערט מען ראַטעווען דאָס געטאָ[100] בעסער שיקן אויף אַרבעט אויף יענער זייט — דאָס וויכטיקסטע שמוגל פון פּראָדוקטן.

---

94) דאָס זענען טעזן צו אַן אַרבעט וועגן די ווירטשאַפטלעכע באַציונגען אין געטאָ.

95) אין אויגוסט 1941 זענען אין וואַרשעווער געטאָ געשאַפן געוואָרן צוויי ווירטשאַפטס-געזעלשאַפטן אַלס שותפותן מיט באַגרענעצטער אחריות: „יידישע פּראָדוקציע-געזעלשאַפט" („ווייטוואָרטשאָשטש זשידאָווסקאַ") און „ליפערונגס-געזעלשאַפט".

96) די שותפים פון די צוויי ווירטשאַפט-געזעלשאַפטן (זע די פריערדיקע הערה 95) זענען געווען: טייער פון דעם צענטראַלן סוחרים-פאַריין און פון צענטראַלן האַנטווערקער-פאַריין און אויך עטלעכע יודענראַט-מיטגלידער. די אָרגאַניזאַטאָרן פון די געזעלשאַפטן זענען געווען דער פּראָדוקציע-אָפּטייל און דער האַנדל-אינדוסטריעלער אָפּטייל פון יודענראַט.

97) וואַרשיינלעך האַנדלט זיך דאָ וועגן שמוגל.

98) זע: הערה 68 (1940). פּויליש: פליגן-פּאַפּיר.

99) עס קאָן זיין, אַז רינגעלבלום מיינט דאָ די שטעלונג פון דער ווידער-שטאַנד-באַוועגונג נישט צו אָרגאַניזירן שאָפּן, אָדער אַז אַזוי האַלט די פּריוואַטע איניציאַטיוו.

100) דאָס איז דער לאָזונג פון די יודענראַטן און פון געוויסע ווירטשאַפט-לעכע קרייזן.

יידישע ארבעטער ארבעטן לויט דעם פאמעלכן טעמפא[101]. — יידן פאסן זיך צו — מוזן פארנעמען שטעלעס פון פויל[ישע] באפעלקערונג[102].
זעט אַז יידן אַרבעטן[103]. — — — נישט פאַרמאַכן הערמעטיש דאָס [געטאָ] פאַרקלענערן די אַרבעט שעהן.
פאַר איבערשעצן — איז נישט — — — צו לעבן — —
אויב מען אַרבעט פאַר 10 שעה באַקומט מען — —
די אַרבעטס באַדינגונגען ערגער
מעט גיט זיך אַן עצה דורך אַקאָרד
ריסטונגס [104] קען אַריינפירן פראָדוקטן פון פרייען מאַרק — האַלמאַן [105]
גענומען פראָדוקטן פאַר 500—600 מענטשן
נישטאָ קיין מעדיצינישע הילף אין אַרבעטס־קאָאָפּעראַטיוון.
500 זל. אין אַ שאָפּ אַריינבאַקומען זיך.
אָנגעהויבן פון זייגערלעך־וואַרשטאַט און געמוזט אַריבערגיין צו מעכאַניז־מען פון גראַנאַטן

די געשיכטע פון סאָציאַלער הילף אין װאַרשע בעת דער מלחמה

די סאָציאַלע הילף אין נאָרמאַלע, שלום־צייט באַטייט הילף פאַר די דאַזיקע, וואָס האָבן זיך צוליב באַזונדערע מאָמענטן ווי צ. ב. עלטער, אָרעמקייט, קראַנקהייט, פאַריתומטקייט א. א. געפונען אין שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי קאָנען זיך מיט אייגענע כוחות נישט העלפן און מוזן אָנקומען צו דער הילף פון דער געזעלשאַפט. אַזוי ווי די צאָל געטראָפענע איז בדרך־כלל א נישט באַדייטנדע איז ממילא דער פאַרנעם פון סאָציאַלע הילפס־אינסטיטוציעס נישט קיין גרויסער און זי נעמט ארום בלויז א קליינעם ברוכטייל פון דער באַפעלקערונג. אַנדערש איז בשעת א מלחמה אָדער בשעת א נאַטור קאַטאַסטראָפע. די צאָל געליטענע באטרעפט דעמאָלט אָן א שיעור און די אַנאָמאַליע ווערט דעמאָלט א נאָרמאַלע דערשיינונג. די סאָציאַלע הילף ווערט דעמאָלט די הילף פאַר דעם רוב פון דער באַפעלקערונג. אויסער ריזיקע מיטלען, וואָס זיינען

101) דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער לאָזונג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

102) אין געטאָ, ווו עס איז נישט געווען קיין פאָליאַקן, האָבן יידן פאַרנומען אַזעלכע פאָסטנס ווי הויז־וועכטער, אין פאָסט וכדומה.

103) אַזוי זאָגן צו די דייטשן די יודענראַטן און פאַבריקאַנטן.

104) ריסטונג־אינספעקציאָן (באַוואָפענונג־אינספעקציע), וועלכע האָט אָנגעפירט מיט די באַשטעלונגען פאַר דער ווערמאַכט.

105) בערנאַרד האַללמאַן, דייטשישער אייגנטימער פונעם שאָפּ פון מעבל־אויסאַרבעטונג אין וואַרשעווער געטאָ.

בויטיק פאר דעם דאָזיקן צוועק און וואָס שאַפן זיי קען נאָר א מלוכה־אפּאַראַט, פאָדערט די סאָציאַלע הילף אין דער צייט פון מלחמה א גרויסן שטאַב געניטע מיטאַרבעטער, וועלכע זאָלן זיין אין שטאַנד צו באַהערשן די קאַטאַסטראָפע. זעלטן ווען געלינגט עס צו באַהערשן פולשטענדיק די גרויזאַמע סטיכיע פון מלחמה־אומגליקן. דעריבער מוז די סאָציאַלע הילף אין דער צייט פון מלחמה אַרויסרופן אומצופרידנקייט מצד די באַדייטנדע טיילן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע די הילפסאינסטיטוציע האָט [איז] אין אַ נישט אַנטשפּרעכנדער מאָס געקומען צו הילף.

די אויביקע באַמערקונגען זיינען וויכטיק כדי אָפּצושאַצן די ראָל און באַדייטונג פון דער יידישער סאָציאַלער הילף אין דער צייט פון מלחמה און פאַרשטיין די אומצופרידנקייט מצד דער ייד.[ישער] באַפעלקערונג מיט דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער סאָצ.[יאַלער] הילפסטעטיקייט.

ווייל מען געהעריק אָפּשאַצן די יידישע סאָצ. הילפסטעטיקייט אין דער צייט פון מלחמה מוז מען זיך דערמאָנען דאָס פּנים פון דער סאָצ. הילף פאַר דער מלחמה. אויסער דער פאַרזאָרגונג פון יתומים און זאָרג פאַר דער געזונטהייט, וועלכע זיינען אַנטוויקלט געוואָרן אויף מאָדערנע, אייראָפּעאישע יסודות האָט קיין סאָציאַלע הילף אויף די איבעריקע געביטן נישט עקזיסטירט. די אַקציע צו באַקעמפן די בעטלעריי וואָס איז אַזוי געווען אויסגעבויט ביי די מערב־אייראָפּעאישע יידישע קהילות האָט ביי אונדז אָנגענומען די ערגסטע פאָרמען, וואָס האָט דעמאָראַליזירט און דערפירט דעם דעקלאַסירטן און פרנסהלאָזן ייד צום נידעריקסטן שטאַפּל פון אונטערגאַנג. דערצו האָבן דערפירט די פילאַנטראָפּישע חברות ווי „בית־לחם“, „תומכי־עניים“ וכדומה ווי אויך די אָפּטיילונגען פאַר סאָצ. הילף ביי די יידישע קהילות. זיי, די דאָזיקע חברות, וואָס האָבן טראַקטירט דעם נויטבאַדערפטיקן ווי אַ שלעפּער, האָבן עס דערצויגן אַ גאַנצן דור פון שנאָרער, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם מענטשלעכן פּרצוף און נישט פעאיק געווען צו קיין שום פּראָדוקטיווער אַרבעט. דערמיט ווילן מיר באַיך אָבער נישט זאָגן, אַז דאָס פּראָבלעם פון בעטלער און שלעפּער האָבן גורם געווען איינציק און אַליין די פילאַנטראָפּישע חברות. דאָ האָבן געשטעקט עיקר־דיקע ווירטשאַפטלעכע סיבות, די אַנאָרמאַלע עקאָנאָמישע סטרוקטור פון יידישן פאָלק, דער כסדרדיקער פּראָצעס פון דעקלאַסירונג א. א. סיבות. ווי לאַנג די דאָזיקע חברות זיינען געווען פאַרוואָרצלט אין יידישן לעבן, ווי שוואַך עס איז געווען זייער געזעלשאַפטלעכע באַזע, ווי אָפּגעלעבט עס זיינען געווען זייערע הילפספאָרמען, האָט באַוויזן די וועלט־מלחמה. דער שטורם פון דער נייער צייט האָט זיי אַוועקגעטראָגן ווי פאַרוועלקטע בלעטער אין אָשיען און נישט איבערגעלאָזט פון זיי קיין שום זכר אויסער דאָס געדעכעניש פון די געציילטע רעקלאַמע־נאָטיצן אין דעם „נאַש פשעגלאָנד“ אָדער „מאָמענט“.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה זיינען זיך די אַלע חברות פאַנאַנדערגעפאַלן, הגם אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט אונטער זיך צענדליי־

קער יאָרן פון פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום פּרוּוון צו גאַלוואַניזירן די דאָזיקע געזעלשאַפטן, אַריינצובלאָזן אין זיי אַ נייע נשמה. זיי האָבן איבערגעלעבט זיך אַליין. און האָבן דעריבער געמוזט גיין אין זייער איביקער רו.

נישט בעסער האָט אויסגעזען די וואַרשעווער קהלה, וועלכע די פאָלקס־מאַסע האָט ריכטיק אָנגערופן דאָס מתים־שטיבל. די דאָזיקע גרעסטע קהלה אין אייראָפּע האָט געהאַט פאַר דער מלחמה אַ שם פון איינער פון די פאַרמייןסטן אָפּגעשטאַנענע. באַהערשט דורך די אַגודיש־אַסימילאַטאָרישער מערהייט האָט די וואַרשעווער קהלה פאַרנאַכלעסיקט אינגאַנצן דעם געביט פון קאָנסטרוקטיווער אויפבוי־אַרבעט. די אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף האָט געפירט אַ פּאַרצייטיקע, אָפּגעלעבטע אַרבעטסמעטאָד, וואָס האָט אין רעזולטאַט פאַרבונדן די מחנות דעקלאַסירטע און פּרנסהלאָזע יידן, וועלכע האָבן געקלאַפּט אין אירע טירן.

איר אַרבעט האָט זיך באַגרענעצט צום פאַרטיילן אויף אַן עכט פילאַנטראָפּישן אופן אַ ביסל געלט אַלס נדבות. מען האָט נישט געזוכט און אַפילו נישט געפּרווט פאַרעקשטעלן דעם מקבל אויף די פיס, ממילא האָבן די דאָזיקע געלט־אונטערשטיצונגען פון דער קהלה געווירקט דעמאָראַליזירנדיק און האָבן דערצויגן אַ מחנה פון פּראָפעסיאָנעלע שנאָרער און בעטלער.

אומזיסט וועט איר זוכן אין דער וואַרשעווער קהלה אַ שפור פון עפּעס אַ נייעם וועג אין קאַמף מיט בעטלעריי. אומזיסט וועט איר דאָרט זוכן די אופנים פון סאָציאַלער הילף אין דער פאָרם פון באַראַטונגסשטעלן, כאַר־פאַרבילדונג וכדומה.

די וואַרשעווער קהלה האָט נישט געהאַט קיין שום אָנשפּאַר אין די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן. פאַרקערט, זי איז געווען דורך זיי פאַרהאַסט צוליב איר בולטן קלאַסן־כאַראַקטער, צוליב איר גרינגשעצונג צו די ברענענדע אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס קליינע הייפל פון אַסימילאַטאָרישע סאַנאַטאָרן, וואָס זיינען געווען דער אָנשפּאַר פון דער קהלה, זיינען זיך ביים אויסברוך פון דער מלחמה צעלאָפן ווי שטשורעס פון אַ טרינקענדיקער שיף, איבערלאָזנדיק אויף גאָטס באַראָט דעם גורל פון אַ פירהונדערטטויזנטדיקן ציבור. עס איז דעריבער נישט קיין חידוש, אַז נישט דער באַאַמטן־אַפּאַראַט פון דער קהלה און נישט דער געזעלשאַפטלעכער עלעמענט אַרום דער קהלה האָבן נישט געקענט ווערן קיין באַזיס פאַר דער גרויסער הילפסאַרבעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גלייך ביים אויסברוך פון דער מלחמה.

אויב בא די פּאָליאַקן האָט עקזיסטירט דער „רויטער קרייץ", וואָס האָט געהאַט געניטע ספּעציאַליסטן אויף די אַלע געביטן פון הילף, האָבן [היי] אונדז, יידן, געפעלט פאַכמענער אויף דעם געביט פון באַשפּייזונג, פון הילף פאַר פּליטים און היימלאָזע, פון באַקליידונג וכדומה. די פּאָליאַקן האָבן אַ דאַנק דער שטאַרק אויסגעבויטער באַשפּייזונגס־הילף פאַר אַרבעטסלאָזע ווערן אַ גאַנצן קאַדר פון ספּעציאַליסטן אויפן געביט פון געזעלשאַפטלע־

כער באַשפּייזונג. בײַ אונדז ייִדן האָט פֿאַר דער מלחמה בסך־הכּל עקזיסטירט איין איינציקע פֿאָלקס־קיך, וועלכע איז דערצו אַזוי שלעכט געווען אויסגעשטעלט, אַז אין דער מלחמה־צייט האָט זי פֿאַרשאַפֿן זייער אַסך צרות דער אָנפֿירונג פֿון אַנדערע קיכן.

מיר זײַנען אַלזאָ אַרײַנגעטרעטן אין דער מלחמה נישט האָבנדיק קיין שום דערפֿאַרונג און קיין שום ספּעציאַליסטן אויף די געביטן פֿון סאָציאַלער הילף, וועלכע עס האָט אַרויסגערופֿן דער מלחמה־קאַטאַקליזם. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ וויכטיקער מאָמענט: דאָס אַוועקפֿאָרן אָדער ווי אַנדערע ווילן זאָגן — די דעזערציע פֿון די טעטיקע אין געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט ביים אויסברוך פֿון מלחמה. גאַנצע ביוראָען פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס זײַנען פֿאַר איין מאָל געוואָרן אויסגעליידיקט און עס האָט זיך געשטעלט די האַרבע פֿראַגע, פֿון וואַנען נעמען מענטשן צו די נײַע אינסטיטוציעס, וואָס דאַרפֿן געבויט ווערן. אין מאָמענט ווען די פֿילאַנטראָפּישע חברות, וואָס האָבן אייגנטלעך געדאַרפֿט איבערנעמען די הילפֿס־אַרבעט פֿאַר די מלחמה־קרבנות, האָבן אָפּגעשטעלט בכלל זייער טעטיקייט, איז דער איינציקער אָנשפּאַרפּונקט פֿאַר דער גאַנצער הילפֿסאַרבעט געבליבן דער דזשוינט מיט דעם שארית־הפּליטה פֿון זײַן אַפּאַראַט, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט מיטרײַסן מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם פֿון „גיין" און געבליבן אויף די פּאָזיציעס. נישט דאָ איז דער אָרט אָפּצושאַצן די אַרבעט פֿון דזשוינט פֿאַר דער מלחמה. עס מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז דער כאַראַקטער פֿון דער דזשוינט־טעטיקייט פֿון פֿאַר דער מלחמה האָט אים לכתחילה פּרעדיספּאָנירט צו פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן פֿון דער הילפֿס־אַרבעט פֿאַר די מלחמה־געליטענע. אין די יאָרן נאָך דער וועלט־מלחמה האָט דער דזשוינט דירעקט געפֿירט אַ גרויסע אויפֿבוי־אַרבעט פֿון די חרובֿ געוואָרענע ייִדישע ישובֿים. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער עס געטאָן דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דער נעץ פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, ווי דער רעוויזיאָנס־פֿאַרבאַנד פֿון קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס, דער „צעקאָבע", „טאָז", „צענטאָס" א. א., וועלכע זײַנען דער רובֿ אַנטשטאַנען אַלס יורשים פֿון אַנטשפּרעכנדע דעפּאַרטאַמענטן פֿון דזשוינט. דער סימן מובֿהק פֿון דזשוינט פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען דאָס איבערווײַזן די טעטיקייט פֿון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, דאָס באַוועגן זיי צו פֿאַרשיידענע נײַע אַרבעטסגעביטן וכדומה. אינספּיראַציע, אַקטיוויזאַציע פֿון ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, די קאָאָרדינירונג פֿון דער טעטיקייט פֿון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס — דאָס פּרוּוון געבן אַן ענטפֿער אויף נײַע ווירטשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען פֿון ייִדישן לעבן — רופֿן צו דעם צוועק צום לעבן די אַנטשפּרעכנדע אָרגאַניזאַציעס — דאָס אונטערשטיצן און סטימולירן זייער טעטיקייט, אָט דאָס איז געווען די הויפּטאַרבעט פֿון דזשוינט. דער דזשוינט האָט געהאַט די רײַכע דערפֿאַרונג פֿון צוויי יאָרצענדליקער הילפֿסאַרבעט. דער דזשוינט האָט געהאַט דעם געהעריקן אויטאָריטעט בײַ דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, דער דזשוינט האָט אויך פֿאַרמאָגט

אַ קליינעם קאַדר געשולטע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פֿון דער הילפֿס־אַרבעט און דער עיקר דער דזשוינט איז געווען די איינצי־קע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט דעם געהעריקן אויטאָריטעט אַוועקצו־זעצן ביי איין טיש די אַלע עקזיסטירנדע אָרגאַניזאַציעס און קאָאָרדינירן זייער הילפֿס־טעטיקייט דורכן שאַפֿן איין אָרגאַניזאַציע: די קאָאָרדיניר־קאָמיסיע פֿון יידישע הילפֿס אינסטיטוציעס. עס וועט בלייבן דער היסטאָ־רישער פֿאַרדינסט פֿון „דזשוינט", אַז אין דער צייט ווען די אָנפֿירונגען פֿון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי די קהלה, „טאָז", „צענטאָס", רעטונגסקאָ־מיטעט, יעאָס א. א. זיינען אַוועקגעפֿאָרן איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפֿקר, איז די אָנפֿירונג פֿון דזשוינט געבליבן אויפֿן אָרט און געשטעלט זיך בראש פֿון דער הילפֿסאַרבעט. די דאָזיקע אָנפֿירנדע ראָל פֿון „דזשוינט" אין דער הילפֿסאַרבעט האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי פּאָזיטיווע פֿאָלגן אויפֿן 1) כאַראַק־טער פֿון דער הילפֿסאַרבעט, אויף איר 2) אינהאַלט און דעם 3) אַפּאַראַט, וואָס האָט די אַרבעט געפֿירט.

ווי עס איז פֿריער דערמאָנט געוואָרן, האָט די אַרבעט פֿון דזשוינט גע־טראָגן פֿאַר דער מלחמה אַ דורכויס קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער. צו דער פֿילאַנטראָפּישער הילף האָט דער דזשוינט נישט געוואָלט האָבן קיין שום שייכות, האַלטנדיק די דאָזיקע אַרבעט פֿאַר גיסן וואַסער דורך אַ זיפּ — אַן אַרבעט, וואָס קען נישט ברענגען קיין שום רעזולטאַטן. אויב דעם דזשוינט איז אויסגעקומען אין געוויסע אויסנאַמספֿאַלן, ווי למשל ביי דער מעשה פּשיטיק אָדער ענלעכע עקסצעסן, צו העלפֿן די געליטענע — איז דאָס דאָזיקע אויך געטאָן געוואָרן אויף אַ קאָנסטרוקטיוון אופֿן, ד. ה. אַז די קהלות פֿון די געליטענע האָבן זיך אַליין געמוזט באַטייליקן אין דער הילפֿס־אַרבעט און אפֿילו די אונטערשטיצונגען אויף אויפֿבוי פֿלעגן ארויסגעגעבן ווערן אין דער פֿאָרם פֿון הלוואות. דער דאָזיקער כאַראַקטער פֿון דער דזשוינט־אַרבעט האָט אויך געווירקט אויף דער הילפֿסאַרבעט בשעת דער מלחמה. עס איז אין דער דאָזיקער אַרבעט אַריינגעבראַכט געוואָרן דער גייסט פֿון קאָנסטרוקטיוויזם, וואָס איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו ראַטעווען די אַרבעטנדע ווירט־שאַפֿטלעך־טעטיקע עלעמענטן דורך שאַפֿן פֿאַר זיי פֿאָלקס־קיכן און דערמיט זיי העלפֿן איבערהאַלטן די שווערע צייט. די דאָזיקע קיכן זיינען געבויט געוואָרן נישט פֿאַר די באַזונדערע גרופּן אין שיכטן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג, נאָר דורך די דאָזיקע גרופּן, דורך די אָרגאַניזאַציעס אין פֿאַריינען, וועלכע זיינען געווען טעטיק פֿאַר דער מלחמה. דער קאָנסטרוק־טיוויזם פֿון דער דאָזיקער הילפֿסאַרעבט איז באַשטאַנען נישט אין דער דירעקטער אויפֿבוי־אַרבעט — ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן פֿאַר דער מל־חמה — נאָר אין אײַנהאַלטן דעם מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס וועט נויטיק זיין נאָך דער מלחמה צו דער דאָזיקער אַרבעט. אָדער דערמעגלעכן זיי איבערצוהאַלטן די שווערע צייט פֿון אַרבעטסלאָזיקייט ביז וואַנען עס וועט זיך נישט מאַכן קיין אַרבעטסמעגלעכקייט אין דער געגעבענער בראַנזשע.

דער דזשוינט האט אויך אריינגעבראכט דעם געזעלשאפטלעכן גייסט אין דער הילפסארבעט, וואס איז אויך געווען די דזשוינט־טראדיציע פון פאר דער מלחמה. אמת איז, אז דער דזשוינט האט פאר דער וועלט־מלחמה נישט מיטגעארבעט אפיציעל מיט די פאליטישע פארטייען. אבער ווער עס דערמאנט זיך די שטארקע צווישנפארטייאישע קאמפן, וואס האבן, למשל געשפאלטן און טיילווייז אפילו פארניכטעט די פראפעסיאנעלע באוועגונג פון די ארבעטער און אנגעשטעלטע, די ווירטשאפטלעכע און קאאפעראטיווע ארגאניזאציעס פון די סוחרים און בעל־מלאכות, וועט מוזן מודה זיין, אז דאס נישט הערלאזן דערצו, אז די פאליטישע קלייזל־און גרופן־קאמפן זאל זיך אפשפיגלען אויפן שטח פון די דורכן דזשוינט געשאפענע ארגאניזאציעס איז געווען איגנטלעך א גרויסער פארדינסט פון דזשוינט. דאס הייסט אבער נישט, אז דער דזשוינט איז פאר דער מלחמה געווען א געזעלשאפטלעך. פארקערט, דורכן אויסבויען א נעץ פון איבער 1000 ג״ח־קאסעס מיט געוועלטע אויף דעמאקראטישע יסודות פארוואל־טונגען, דורך אויפשטעלן א נעץ פון עטלעכע הונדערט פארייניקטע קא־מיטעטן פאר די עניים פון מלאכה ביי יידן, דורך אריינציען צו דער מיט־ארבעט די פארשטייער פון פארשיידענע ווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס -- איז די טעטיקייט פון דזשוינט געווען דורך און דורך אדורכגעדרונגען מיטן גייסט פון געזעלשאפטלעכקייט.

די דאזיקע טראדיציעס פון צוזאמענארבעט מיט דער געזעלשאפט האבן אנגעהאלטן אויך בשעת דער מלחמה. זיי האבן געווירקט אויף דעם צוזאמענשטעלן פון אפאראט פון די הילפסארגאניזאציעס, וואס זיינען אנטשטאנען בשעת דער מלחמה אונטער אויספיציען פון דזשוינט. אויב אין דער קהלה און אירע קאמערלעך האט ביים אנטנעמען צו דער מיטאר־בעט דעצידירט זייטיקע מאמענטן און א גאנץ היפשע ראלע האט אין גע־וויסע טיילן געשפילט די טרויעריק־באריםטע „שאפע“ (קארופציע בלע״ז), א זאך, וואס איז אלגעמיין באקאנט איך ווארשע — האבן ביים אננעמען אין זש. ט. ס. געשפילט די דעצידירנדיקע ראל געזעלשאפטלעכע מא־מענטן. דעריבער טאקע באשטייט דער אפאראט פון זש. ט. ס. פון געווע־זענע מיטארבעטער פון קרן־היסוד, קרן קימת, רעטונגס־קאמיטעט, פאר־אייניקטער קאמיטעט פאר די עניים פון מלאכה, איק״א, פונדיישן, פליטים־קאמיטעט, צעקאבע, קאאפעראטיווער טוער, פון פראפעסיאנעלע פארייי־נען, געוועזענע געזעלשאפטלעכע טוער פון פראווינצער שטעט און שטעט־לעך וכדומה (דער מחבר וויל דערמיט נישט באהויפטן, אז פראטעקציע האט נישט געשפילט קיין געוויסע ראל ביים צוזאמענשטעל פון אפאראט).

אויסער די געזעלשאפטלעכע טוער און מיטארבעטער פון געזעלשאפט־לעכע אינסטיטוציעס האט מען אין אפאראט פון זש.ט.ס. און אין די קאמערלעך, וואס זיינען דורך אים געשאפן געווארן, אריינגעצויגן די ווערטפולע עלעמענטן פון דער יידישער געזעלשאפט ווי ארטיסטן, שריי־בער, זשורנאליסטן א. א.

די באַדײַטונג פֿון דזשוינט איז אַלזאָ געווען נישט בלויז אין קאָאָרדינירן די טעטיקייט פֿון הילפֿסאָרגאַניזאַציעס און אַרײַנברענגען אַ געזעלשאַפֿטלעכן גייסט אין דער דאָזיקער אַרבעט און שאַפֿן אַ געזעלשאַפֿטלעכן אַפּאַראַט פֿון די הילפֿסאָרגאַניזאַציעס. דאָס וויכטיקסטע איז געווען דאָס, וואָס דער דזשוינט איז פֿאַרבליבן אויפֿן פּלאַץ און מיט זײַן עקזיסטענץ אַליין אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח חיים אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט. דער עולם האָט אין דזשוינט פּערסאָניפֿיצירט די הילף פֿון אויסלאַנד, דער עולם האָט אין דזשוינט געזען די ברידערלעכע אויסגעשטרעקטע האַנט מעבר לים און דאָס האָט אין די ביטערע צײַטן, ווען אַלע האָפֿענונגען, וועלכע מען האָט געלייגט אויף פֿראַנקרײַך אָדער ענגלאַנד זײַנען נאָך דער מפּלה פֿון די מערבֿ־מלוכות צעראָנען געוואָרן ווי זייפֿן־בלאָזן, געהאַט אַ גאַנץ גרויסע מאָראַלישע באַדײַטונג.

מען מוז אָבער מודה זײַן, אַז דער „דזשוינט" האָט אויך אויסגעפּרעסט זײַן חותם אויף אַ גאַנצער ריי נעגאַטיווע דערשײַנונגען אין דער הילפֿסטעטיקייט פֿאַר די נשׂרפֿים, גולים און פּליטים. די ערשטע און די וויכטיקסטע איז געווען דער פּראָטעקציאָניזם, וואָס האָט זיך פֿונאַנדערגעבליט אין די אַלע קעמערלעך פֿון דער הילפֿסאינסטיטוציע. מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז כּל זמן עס וועט זײַן מער אַרבעטס־הענט ווי אַרבעטסמעגלעכקייטן, אַז כּל זמן עס וועט זײַן [מער] הילפֿסבאַדערפֿטיקע ווי הילפֿס־מעגלעכקייטן — אַזוי לאַנג וועט הערשן פּראָטעקציאָניזם בײַם אָפּקלײַבן אָנגעשטעלטע און בײַם ערטיילן הילף פֿאַר נאָענטע און באַקאַנטע. מען מוז אָבער מודה זײַן, אַז אַזוי לאַנג ווי די הילף איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון איין אָרט — פֿון דער צענטראַלע, האָט געהערשט אַ זייער ווײַטגייענדער פּראָטעקציאָניזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, אַז אָן אַ רעקאָמענדאַציע פֿון אַ גדול אין דער אינסטיטוציע איז נישט מעגלעך געווען צו באַקומען אַרבעט אָדער וועלכע נישט איז הילף פֿאַר [ז] נויט־באַדערפֿטיקן. אונטערן מאַנטל פֿון הילף פֿאַר ווערטפֿולע פּערזאָנען האָט מען געטיילט שפּייזפּעקלעך סתּם אָרעמעלײַט אָדער וואָס ערגער — פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך נאָך אַ גאַנץ לאַנגע צײַט געקאָנט באַגיין אָן דער הילף פֿון געזעלשאַפֿט. דער פּראָטעקציאָניזם האָט אויך געווירקט, אַז עס זאָלן אויך אַנגאַזשירט ווערן נישט תּמיד די אַנטשפּרעכנדיקע פּערזאָנען.

די פּאָליטיק פֿון דזשוינט צו רעכענען זיך מער מיט די, וואָס מאַכן די עפֿנטלעכע מיינונג — פּרעסע־מענטשן, אָנפֿירער פֿון פּאָליטישע פּאַרטייען — איידער מיט דער עפֿנטלעכער מיינונג גופֿא, און צו טראַכטן בשעת דער מלחמה נישט אײַנצורייסן מיט קיינעם, וואָס קען האָבן וועלכע נישט איז השפּעה נאָך דער מלחמה, האָט גורם געווען, אַז אין דער הילפֿסאַקציע פֿאַר יחידים האָט מען מער אין זינען געהאַט די, וואָס האָבן געקענט מאַכן אַרום זיך אַ טומל, איידער די באמת ווערטפֿולע פּערזענלעכקייטן, וואָס דערהאַלטן זיי האָט געדאַרפֿט זײַן די עיקר אַרבעט פֿון דזשוינט.

די דאָזיקע דזשוינט־פּאָליטיק האָט אויך דערפֿירט דערצו, אַז אין דער הילפֿס־אַרבעט זײַנען אין אַ גאָר גרויסער מאָס בעריקזיכטיקט געוואָרן די רעליגיעזע מנהיגים, די רבנים און פֿאַרשיידענערליי כּלי־קודש. עס האָט אין געוויסע קרײַזן קורסירט אַ וויץ, אַז כּדי צו באַקומען שטיצע בײַם דזשוינט איז דאָס בעסטע זיך צוצוקלעפּן אַ באָרד — דעמאָלט איז מען זיכער מיט דערפֿאָלג.

און נאָך איין נעגאַטיוון שטריך פֿון דער דזשוינט־טעטיקייט דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן. דער דזשוינט, וואָס האָט אין די ערשטע חדשים פֿון דער מלחמה געפֿירט אַ ברייט־פֿאַרצווייגטע הילפֿסטעטיקייט, האָט אָפּגעווינט די וואַרשעווער ייִדן פֿון זעלבסטהילף. דיספּאָנירנדיק מיט באַדײַטנדע געלט־סומען האָט דער דזשוינט נישט אַרויפֿגעלייגט אויף דער געזעלשאַפֿט קיין שום פֿליכטן מיטצוהעלפֿן צו פֿאַרלײַכטערן דעם שווערן גורל פֿון די מלחמה־קרבנות: די נשׂרפֿים פֿון וואַרשע און די פּליטים פֿון דער פּראָווינץ. דער דזשוינט האָט אַליין אויסגעטראָגן די לאַסט, נישט גלויבנדיק, אַז די באָמבאַרדירטע, פֿאַרברענטע און אויסגערויבטע וואַרשע האָט נאָך גענוג רײַכע מענטשן, וואָס זײַנען פֿאַרפּליכטעט צו העלפֿן זייערע ברידער אין נויט. די דאָזיקע שלעכטע מידה האָט געהאַט זייער שלעכטע פֿאָלגן פֿאַר דער צוקונפֿט. ווען די געלט־מיטלען פֿון דזשוינט האָבן זיך אין חודש מאַי 1940 אָנגעהויבן צו פֿאַרקלענערן — ווען עס איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז די אַמעריקאַנער ייִדן וועלן אין דער מלחמה נישט העלפֿן מיט אַזאַ ברייטער האַנט, ווי זיי האָבן עס געטאָן בשעת יענער וועלט־מלחמה, האָט מען נאָך אַלץ געגלויבט אין די אַמעריקאַנער מיליאָנען דאָלאַרס, וואָס וועלן שוין דעקן אַלע הוצאות אויף דער הילפֿסאַרבעט. עס האָט לאַנג גענומען און עס האָט געפֿאָדערט אַ סך מי און מאַטערניש ביז וואַנען די עפֿנטלעכקייט האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער איינציקער אָנשפּאַר פֿון אַלע הילפֿס־אינסטיטוציעס איז איינציק און אויסשליסלעך די ייִדישע געזעלשאַפֿט. עס האָט לאַנג געדויערט ביז וואַנען עס איז געלונגען פֿון אַנדערע קוועלן מאָביליזירן די פֿאָנדן, וואָס זאָלן פֿאַרטרעטן דעם ביז איצטיקן דזשוינט־קוואַל.

רעזומירן מיר דאָס אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דזשוינט ווערט דער בילאַנס נאָך אַלץ אויספֿאַלן לטובֿת דעם דזשוינט. עס וועט בלײַבן דער היסטאָרישער פֿאַרדינסט פֿון דזשוינט — נישט געקוקט אויף געוויסע שאָטן־זײַטן פֿון זײַן טעטיקייט, ווײַל ער איז געווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבליבן דער קערן, אַרום וועלכן עס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די גאַנצע הילפֿסאַרבעט אין וואַרשע. נישט אומזיסט איז בײַם פּשוטן פֿאָלקסמענטש דאָס וואָרט „דזשוינט" געוואָרן דער סימבאָל פֿון סאָציאַלער הילף בכלל, אַז אַ פּשוטער ייִד גייט אין אַ פֿאָלקסקיך — הייסט עס בײַ אים, אַז ער גייט אין „דזשוינט", אַפֿילו דער הויזקאָמיטעט ווערט בײַם פֿאָלק אָנגערופֿן „דזשוינט".

רעדט מען וועגן דזשוינט־אַרבעט אין דער איצטיקער צייט, טאָר נישט פֿאַרגעסן וועגן אין וויכטיקער מאָמענט, וואָס גרענעצט מיט דער העכסטער מאָס פֿון אידעאַליזם. איך מיין דאָ דאָס באָרגן מיליאָניקע סומען אויף אָפּצוגעבן נאָך דער מלחמה, הגם דאָס דאָזיקע איז געווען פֿאַרבאָטן דורך דער מאַכט. די „דזשוינט"־דירעקטאָרן האָבן דאָ פֿון ערשטן מאָמענט אָן ריזיקירט בפּועל ממש מיטן לעבן און הגם זיי האָבן גוט געוווּסט, וואָס עס דראָט זיי אין פֿאַל, ווען דער סוד וועט אויפֿגעדעקט ווערן, האָבן זיי עס נישט אויפֿגעהערט צו טאָן. עס וועט בלייבן איינס פֿון די גרעסטע סודות פֿון געטאָ, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז אין אַ צייט פֿון אַזאַ גרויסער דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע זאָלן זיך נישט געפֿינען אין די צענדליקער מוסרים, וואָס זאָלן עס נישט האָבן איבערגעגעבן וועמען מען דאַרף. גאַנץ וואַרשע האָט געוווּסט וועגן די דאָזיקע טראַנזאַקציעס און דער אָקופּאַנט האָט זיך נאָך אין דער ערשטער צייט שטאַרק אַריינגעמישט אין די אינערלעכע ענינים פֿון יידישן לעבן און דאָך זיינען די דאָזיקע זאַכן וואָס זיינען געווען אַן עפֿנטלעכער סוד פֿאַרבליבן ווייזט אויס — אַ סוד פֿאַר די דייטשן. דער דאָזיקער „סוד", וואָס איז געגאַנגען אין מיליאָנען האָט געבראַכט דערצו, עס זאָל אין כמעט אַלע אינסטיטוציעס געשאַפֿן ווערן אַ פֿאָנד „ב", אַ צווייטער פֿאָנד, טיילמאָל נישט קיין קלענערער און אפֿשר אפֿילו אַ גרעסערער ווי דער אָפֿיציעלער. צענדליקער און הונדערטער באַאַמטע, וואָס האָבן אָפּגענומען די געלטער, פֿאַרשריבן זיי אין די דאָפּלטע ביכער, איינגעקויפֿט פֿאַר זיי סחורות, פֿאַרשריבענע אויפֿן פֿאָנד „ב", האָבן געוווּסט וועגן דעם סוד. עס האָבן וועגן דעם אויך געוווּסט די, וואָס האָבן געגעסן פֿון די דאָזיקע פּראָדוקטן. עס האָבן וועגן דעם געוווּסט די קיכן און פּאַרטיילונגספּונקטן, וועלכע האָבן געמוזט פֿאַרשרייבן די דאָזיקע סומעס אויף ספּעציעלע רובריקן — און דאָך איז דער סוד פֿאַרבליבן אַ סוד פֿאַר דער מאַכט.

מען זאָל זאָגן אַ ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר, ער זאָל אייך אָפּמאָלן אַ „דזשוינט"־דירעקטאָר, וועט ער אייך אים פֿאָרשטעלן ווי אַ הער מיט אַמעריקאַנערברילן, מיט אַ ציגאַר אין מויל, אַ ביכטערער מענטש, וואָס וועגט און מעסט אַלץ באַכאַנאַנד — וואָס איז ווייט, ווייט פֿון אידעאַליזם און קרבנות־גרייטקייט. די איצטיקע וועלט־מלחמה האָט געשאַפֿן אַ נייעם טיפּ, אַ טיפּ פֿון אַ דזשוינט־דירעקטאָר, אַ מאַרטירער, וואָס שטעלט איין דאָס לעבן צען מאָל אין טאָג, וואָס ריזיקירט מיטן לעבן מיט דעם פֿולן באַוווּסטזיין. גוזשיק איז פֿון ערשטן מאָמענט געווען די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער דאָזיקער שיטה, אַז דער דזשוינט מוז טאָן זאַכן, וואָס קאָלידירן מיט די פֿאַרשריפֿטן, פּונקט ווי עס מוז עס טאָן יעדער צען מאָל אַ טאָג. די מלחמה האָט ביזן גרונד געענדערט דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס וואָלט אין פֿרידנצייטן געבליבן נישט מער ווי אַ פֿינאַנס־דירעקטאָר פֿון דזשוינט. ד. ה. דער מענטש, וואָס איז אַריינגעטאָן אין דער טרוקענער וועלט פֿון ציפֿערן און וואָס זעט נישט קיין סך מחוץ די דאָזיקע ציפֿערן. די מלחמה

האָט אַריינגעבראַכט אַ טיפע מעטאַמאָרפאָזע אין לעבן פון דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס איז נתגלה געוואָרן צו אײנעם פון די ל״ו-ניקעס. בשעת אין וואַרשע איז בײ דער באַמבאַרדירונג געבליבן געציילטע מענטשן אין דער אינסטיטוציע, האָט גוזשיק מיט זײַן אָפּטימיסטישן שמייכל, מיט דעם בטחון, וואָס ער פלעגט אַריינגיסן אין די אַלע, וואָס האָבן זיך מיט אים צוזאַמענגעטראָפן בײ דער אַרבעט — פשוט אויפגעהאַלטן די אַר־בעט, זי צעמענטירט און געגעבן פליגל צו איר אויפשטײַג. גוזשיק איז אין יענע צייטן געווען דער רעטער פון די אַלע שרײַבער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן א. א., וואָס זײַנען געבליבן אָן פאַרדינסט־מעגלעכקייטן, אָן שום אָנשפּאַר — דער — — [נישט פאַרענדיקט].

סוף פון ערשטן באַנד

ד



ה



ו

ז



ט



י



כ

## ש

## פּ



## פֿ



## צ



## ק



## ר

**אינהאַלט פון ערשטן באַנד**